# מאַמע־לֿשון

פֿון

## נחום סטוטשקאָוו

רעדאַקטירט פֿון לֿייזער בורקאָ

מיט אַן אַרײַנפֿיר און אַן אַרומנעמיקער ביבלֿיאָגראַפֿיע
פֿון לֿייזער בורקאָ און מרים־חיה סגלֿ

פֿאָרווערטס
אויסגאַבע

ניו־יאָרק, 2014

נחום סטוטשקאָוו

**מאַמע־לשון**

Nahum Stutchkoff

**MAME-LOSHN**



**Yiddish Forward**
125 Maiden Lane
New York, NY 10038

סטוטשקאָווס פּאַפּירן, סקריפּטן און זײַנע רעקלאַמעס פֿאַר ״סיגראַמס״ בראָנפֿן און ״ביטשנאַט״ קײַגומי קעגן איבער דעם שער־בלאַט אַ דאַנק דעם ייִדישן אָפּטייל א״נ ״דורות״ פֿון דער ניו־יאָרקער שטאָט־ביבליאָטעק.

די פֿאָטאָגראַפֿיע אויף דער הילע פֿון סטוטשקאָוו, ווי ער רעדט פֿאַר דער ברוקלינער ייִדישער סאַנאַטאָריע און האָספּיטאַל פֿאַר כראָנישע קראַנקע, אַ דאַנק סטיווען באַראָן.

די פֿאָטאָגראַפֿיע אויף דער הילע פֿון סטוטשקאָווס פּנים אַ דאַנק דעם פֿאָטאָגראַפֿישן אַרכיוו פֿון ״פֿאָרווערטס״.

דער מוזיק־בויגן פֿון סטוטשקאָווס ״ייִדישער קינדער־שעה״, געשטיצט פֿון דער ב. מאַנישעוויץ מצה־קאָ׳, אַ דאַנק דער ״העגרי סאַפּאָזשניק אַמעריקאַנער ייִדישער ראַדיאָ־זאַמלונג״ אינעם ״אַמעריקאַנער פֿאָלקסלעבן־צענטער״ בײַ דער קאָנגרעס־ביבליאָטעק.

**רעדאַקטאָר – לייזער בורקאָ**

**אַרײַנפֿיר און ביבליאָגראַפֿיע – לייזער בורקאָ און מרים־חיה סגל**

**קאָרעקטור – חווה לאַפּין, הערשל גלעזער און יאַנקל־פּרץ בלום**

**ISBN** 9781495406584

״פֿאָרווערטס״־אויסגאַבע
2014

# הקדמה

מיט העכער זעכציק יאָר צוריק, אין אַ שיינעם זומערדיקן נאָכמיטאָג אין ניו־יאָרק, צו גאַסט פֿון מאָנטרעאָל בײַ אייגענע – נישט צום ערשטן מאָל – איז מיר אײַנגעפֿאַלן אויסצוזוכן איינעם אַ שרײַבער, אַ שפּאָגל אומבאַקאַנטן, וואָס איך האָב "געקענט" נאָר ווײַל איך האָב זיך געקוויקט מיטן ערשט־אַרויסגעלאָזטן "אוצר" און מיט אַ זעלטענער ראַדיאָ־אוידיציע, וואָס איז מיר אויסגעקומען צו הערן אין ניו־יאָרק. געהייסן האָט ער נחום סטוטשקאָוו.

כ'האָב זיך דערשלעפּט ביז דער 123סטער גאַס צום אַמאָליקן ייִוואָ, אַרויפֿגעפֿאָרן מיטן ליפֿט אויפֿן געהעריקן שטאָק און אַרײַנגעקוקט דורך אַן אָפֿענער טיר אין אַ צימערל, וווּ ס'איז געזעסן אַ ייִד און געפֿירט מיט דער פֿעדער איבער אַ געשריפֿטס.

"איך זוך איינעם אַ נחום סטוטשקאָוו..." דאָס איז ער טאַקע געווען. וואָס ער האָט בײַ זיך געטראַכט, אָנקוקנדיק אַ קרעפּקע מיידעלע פֿון אַ יאָר 16־17, וואָס זוכט אים אויף ייִדיש, ווייס איך אַוודאי נישט. אָבער ער האָט מיך יאָ אַרײַנגעבעטן אין קאַבינעט, פֿאַרפֿירט מיט מיר אַ שמועס – ווער, וואָס, ווען – און געמאַכט אַ חשבון אויף גיך, אַז איך מוז זײַן חיה־דינה דער בראָקערינס אַן אייניקל – און ער האָט געטראָפֿן! נישט נאָר געטראָפֿן, נאָר נאָך צוגעגעבן בײַם געזעגענען זיך: "און דו פֿאַרמאָגסט דעם זעלבן מענה־לשון". דער טעם פֿון יענעם זאָג ליגט מיר אין מויל ביזן הײַנטיקן טאָג.

איצטער האָבן צוויי יונגע פֿאָרשערס, לייזער בורקאָ און מרים־חיה סגל, זיך אונטערגענומען אַן עובֿדה אײַנצוזאַמלען דעם שלל מיט ייִדישע אוידיציעס, די טעאַטער־פּראָגראַמען, אַפֿילו די רעקלאַמעס פֿאַר ברויט, מצה וכדומה, דער עיקר

ייִדישע ווערטער און ווערטלעך, צונעמענישן און אימאַזשן מכּל המינים פֿון זײַנע פּראָגראַמען אויף סטאַנציע WEVD. דעם דאָזיקן חומר האָבן זיי אײַנגעסדרט אַרויסצוגעבן אין אַ בוך וואָס שפּיגלט אָפּ סטוטשקאָווס ליבע מיט ייִדיש־לשון, מיט פֿאָלקשפּראַך, מיט געשליפֿענער וואָרטקונסט – אַ ליבע, וואָס האָט אויסגעוואַרעמט און אַרויסגעצײַטיקט פֿון זיך צוויי בפֿירושדיקע זײַלן אין דער מאָדערנער וויסנשאַפֿטלעכער ייִדישער ליטעראַטור: "דער אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך" און "אוצר השפה העברית".

די ראַדיאָ־אוידיציעס, וואָס מע האָט געטרײַ טראַנסקריבירט און פֿאַרשריבן (און, אַגבֿ, דערבײַ מהנה געווען מיט שריים דעם איצטיקן "פֿאָרווערטס"־לייענער), האָט מען דאָ אַרײַנגעפּאַסט אין אַ קאָמפּענדיום פֿון כּמו שאלות־ותּשובֿות בלשון ייִדיש: פֿראַגעס, וואָס מע האָט סטוטשקאָוון צוגעשיקט, מיט זײַנע ענטפֿערס אָדער פּתרונים, זײַנע טײַטשן און אַרײַנטײַטשן, און אָפּט אַ פּאָר וואַרעמע ווערטער דערצו.

ווער איז דאָס געווען, דער אויסנעמלעכער ייִד? אויף וויפֿל מע קען אַרויסדרינגען פֿון זײַן ביאָגראַפֿיע, איז ער געווען אַ מוסטער פֿון זײַנע מיטצײַטלער: אַן אויטאָדידאַקט, אַ ליבהאָבער פֿון טעאַטער און אַ בריה אויף דער בינע און דראַמאַטורגיע, מיט אַן אויסטערלישן חוש פֿאַר וואָרט, נוסח, אינטאָנאַציע און בילדערישקייט, צונויפֿגעפֿלאָכטן מיט אַ טיפֿן דרך־ארץ פֿאַרן ייִדישן לשון און רעדשטייגער און פֿאַר זײַנע אָפּנעמערס. אַ ביסל לערנען האָט ער אויך, ווײַזט אויס, געקענט און פֿאַרגעדענקט צום גוטן. עס קען געמאָלט זײַן, אַז ווען די קאַריערע זײַנע, מעשׂה־טעאַטער, האָט אים פֿאַרטראָגן קיין אַמעריקע, האָט ער גיך אָפּגעשאַצט, אַז דאָ וועט אים נישט געלינגען לאַנג אָנצורעגן דעם עולם ווי "אין דער היים", ווו ס׳האָט נאָך געשפּרודלט מיט ייִדישן לעבן־שטייגער, און אַז ער איז נישט קיין בעלן זיך אויסצוגלײַכן מיט דער היגער מדרגה. אין אַמעריקע האָט ער זיך באַלד אַרײַנגעפֿעסטיקט אין די געזעלשאַפֿטלעכע און קולטורעלע דאַמבעס אײַנצוהאַלטן דאָס ביסל, וואָס דער עולם האָט נאָך פֿאַרמאָגט, און זיך באַמיט צו בויען דערויף. און דער געוואַלדיקער שפּראַך־חומר זײַנער מיטן כּשרון אײַנצושפּאַנען דאָס לשון אין אַרויסגעזאָגטן, אַרויסגערעדטן פֿאָרמאַט, האָבן אים גוט געדינט. אויף דעם פֿאַראָרעמטן היגן באָדן האָט ער אויסגעפֿורעמט אַ פֿרישע ראַדיאָ־קאַריערע און זיך אַרויסגעשיילט ווי אַ שפּראַך־מומחה. די ראַדיאָ־צוהערערס זײַנע האָט ער מחיה־נפֿשות געווען מיט אַ ווערטל, אַן אידיאָם, מיט אַ שטיקעלע חוזק, אָבער מיט וואַרעם בקיאות און צאַרטן

הומאָר. צו מאָל האָט ער געטאַדלט, צו מאָל מילד אַרײַנגעזאָגט, אָבער תּמיד געהאַנדלט אײדל, מיט כּבֿוד פֿאַר זיך, פֿאַר דעם צוהערער און פֿאַר דער טעמאַטיק.

בײַ געוויסע שטעלן שיקט סטוטשקאָוו אָפּ דעם לייענער אַ קוק טאָן אין דער סדרה אָדער די לייענערין זוכן אין טײַטש־חומש. וויפֿל "ייִדיש־קענערס" הײַנטיקע האָבן אַ ידיעה אין אַזעלכע זאַכן? דער לעצטער סינאָנים פֿאַר אַ **למך** איז בײַ אים **ויזתא**. מע מעג זיך משער זײַן, אַז דער וואָס דאַרף אַצינדערט מע זאָל פֿאַרטײַטשן **למך**, איז מסתּמא נישט קלאָר אין **ויזתא** אויך. נאָר דאָס איז דאָך די ווײַט ברייטערע פּראָבלעם מיט נישט דערקענען מקורים אין לשון און אין דער ליטעראַטור. אפֿשר וועט דער ספֿר אָנרעגן דווקא יענע לײַט. דערצו איז סטוטשקאָווס דור נישט אײַנגעפֿאַלן, אַז דעם הי־געבוירענעם זענען די סלאַווישע שפּראַכן גאָר נישט קיין אייגענע – טאָ וואָס זשע טוט מען מיט אַ פּויליש אָדער אוקראַיִניש ווערטל, וואָס גליטשט זיך בײַ אים אַראָפּ פֿון דער צונג?

ווען איך בין געווען אַ קליינע, פֿלעגן מיר קינדער שפּילן אין אַ ייִדישן לאָטאָ פֿון שפּריכווערטער, וואָס עס האָט אַרויסגעגעבן (אויב דער זכּרון דינט) דער פֿאַרלאַג "מתּנות". צווישן די זעכציק שפּריכווערטער זענען געווען צוויי, וואָס קיינס פֿון אונדז קינדער האָט נישט געקענט צעקײַען: א) **בײַ אַ גוטער גאָספּאָדינע**[1] **איז תּמיד פֿול אין דער סקרינע**,[2] און ב) **אַלע בעזדיעטניצעס**[3] **האָבן ליב קינדער**. זאָל מען אָננעמען, אַז יענער דור, אַפֿילו די דערציִערס, האָבן געקוקט אין ייִדישן שפּיגל און געזען נאָר זיך, נישט דורכן פֿענצטער אויף זייערע קינדער אויף דער היגער גאַס?

גאָר פֿרי האָט סטוטשקאָוו אָנגעהויבן ווערן אַ מדקדק פֿון דער ייִדישער שפּראַך. אין 1931 איז אַרויס זײַן "ייִדישער גראַמען־לעקסיקאָן" – אַ קאָלעקציע פֿון 35,000 איינסן, וואָס האָט מסתּמא אין זײַן צײַט געזאָלט זײַן אַ האַנטבוך פֿאַר שרײַבערס און פּאָעטן, אָבער איצט איז דאָס אַ וווּנדערשאַץ מיט אײדלשטיינער אַפֿילו פֿאַר די, וואָס קענען גוט ייִדיש.

דער לעקסיקאָגראַפֿישער חוש האָט אים ווײַטער געטריבן צוזאַמענצושטעלן אַ זאַמלונג פֿון דער ייִדישער שפּראַך פֿון אַלע מינים, ריכטונגען און באַניץ־שטייגערס,

---

1. בעל־הביתטע
2. שפּײַזאַרניע, שפּײַזקאַמער
3. אַ פֿרוי אָן קינדער

וואָס האָבן געהיימישט אין ייִדישן מויל און אין דער ליטעראַטור. דער פּלאַן זײַנער איז געווען געמשלט אויף פּיטער ראָזשעס "טעסאָרוס", צו שאַפֿן אַ ייִדישן "טעסאָרוס", וואָס זאָל כּולל זײַן וויפֿל נאָר איינסן ווי ס'איז מעגלעך געווען אָפּצוזוכן און צו פֿאַרשרײַבן און קאַטעגאָריזירן. סטוטשקאָוו, דער שפּראַך־מבֿין, האָט זיך דערמיט נישט צופֿרידנגעשטעלט און פֿאַרלייגט אַ ווײַטערדיקן פּלאַן אויף העברעיִש אויפֿצובויען אויך אַזאַ מין זאַמלונג. שוין נאָך זײַן פּטירה, אין 1968, איז אַרויסגעקומען דער תּוכיקער "אוצר השפה העברית", אַ קרוינווערק פֿון דער העברעיִשער לעקסיקאָגראַפֿיע, וואָס איז פֿאַרבליבן ווי אַ פֿאַרגעסענער סוד אַפֿילו בײַ געניטע קענערס.

אָט דער איצטיקער באַנד "מאַמע־לשון" סטוטשקאָווס איז אַ טײַערער אַרײַנבליק אין דער ליבשאַפֿט און וואַרעמקייט און אין דער טיפֿער קענטעניש, וואָס די צוויי פֿאָרשערס האָבן אַרויסגעדרונגען פֿון סטוטשקאָווס שאַפֿערישן כּוח־הלשון, איבערן תּחום פֿון מסורהדיקן לשון ייִדיש.

**פּראָפֿ' חווה לאַפּין**

קווינס־קאַלעדזש

# אינהאַלט

## אַרײַנפֿיר

**פֿון לייזער בורקאָ און מרים־חיה סגל**

די ראַדיאָ־פּראָגראַם "מאַמע־לשון" האָט פֿאַרקערפּערט און פֿאַראייניקט אין זיך די פֿאַרשיידענע אַספּעקטן פֿון נחום סטוטשקאָווס שאַפֿן ווי קיין שום אַנדערע ראַדיאָ־פּראָגראַם זײַנע; דערפֿאַר שטעלט זי מיט זיך פֿאָר אַ מין קינסטלערישן הויכפּונקט זײַנעם. טאָג־טעגלעך האָט סטוטשקאָוו געלעבט אין צוויי באַזונדערע וועלטן: אין ראַדיאָ, ווי אַן אַנאָנסירער, שרײַבער און אַקטיאָר, און אין זײַן פּריוואַטער לעקסיקאָגראַפֿישער טעטיקייט, וועלכער ער האָט אָפּגעגעבן זײַן יעדע פֿרײַע מינוט. בלויז זונטיק אַרום האַלב איינס זײַנען די צוויי וועלטן זיך צונויפֿגעקומען אויף אַ פֿערטל שעה אין זײַן פּראָגראַם "מאַמע־לשון", בעת סטוטשקאָוו האָט געקנעלט תּורת־ייִדיש מיט זײַנע טויזנטער צוהערערס. דער סינטעז פֿון זײַן גרויסן פֿאַרווײַלערישן טאַלאַנט און זײַן אומאויסשעפּלעך שפּראַכוויסן האָט געשאַפֿן אַ מין ייִדיש־חדר פֿון ראַדיאָ־כוואַליעס, וווּ דער מלמד לערנט מיט אַ וויץ, אַן אַנעקדאָט אַנשטאָט אַ קאַנטשיק. די אָפּגעקליבענע סצענאַרן פֿון דער פּראָגראַם, וואָס געפֿינען זיך אין דעם באַנד, שאַפֿן צוזאַמען דאָס אידעאַלע ייִדישע לערנבוך, וואָס לייענט זיך ווי אַ וויצנבוך, ווי אַ זאַמלונג הומאָרעסקעס, כאָטש פֿאַקטיש נעמט עס אַרײַן אַ גאַנצן קורס אין דער ייִדישער פֿראַזעאָלאָגיע און עטימאָלאָגיע. סטוטשקאָווס לײַכטער טאָן, וואָס מאַכט "מאַמע־לשון" אַזאַ מחיה צו לייענען, טאָר ניט שטעלן אין שאָטן זײַן גרויסן פּעדאַגאָגישן אויפֿטו, ווי אויך זײַנע ערנסטע כּוונות. ווי גרויס עס זאָל נישט זײַן די צאָל זײַנע צוהערערס דעמאָלט, וואָס האָבן זיך געניייטיקט אין אַזאַ ייִדיש־חדר, איז די באַדערפֿעניש בײַ זײַנע הײַנטיקע לייענערס אָן אַ שיעור גרעסער.

אויב "מאַמע־לשון" איז, פֿון דעסט וועגן, ניט אַלע מאָל אַ וויסנשאַפֿטלעך ווערק, אויב אַ מאָל זײַנען די עטימאָלאָגיעס באַזירט אויף בויך־סבֿרות, בלויז ווי אַ

תּירוץ צו דערציילן אַ געשמאַקן אַנעקדאָט, איז דאָס, צום טייל, צוליב זײַן פֿרײַער קינסטלערישער נאַטור, ווי אויך צוליב דעם, וואָס אַליין איז ער ניט געווען קיין וויסנשאַפֿטלעך אויסגעשולטער לעקסיקאָגראַף. ער איז געווען, ווי אַ סך ייִדישיסטן פֿון זײַן דור, אַ ריינער אויטאָדידאַקט, וואָס האָט אַ מאָל געלערנט אין אַזעלכע חשובֿע לערן־אַנשטאַלטן, ווי למשל די לאָמזשער ישיבֿה, אָבער אַחוץ דעם בלויז אין דער "שול פֿון לעבן". געבענטשט מיט אַ חוש פֿאַר שפּראַכן, האָט ער זיך אַליין אויסגעלערנט רוסיש, פֿראַנצייזיש, דײַטש און ענגליש, שוין אָפּגערעדט פֿונעם העברעיִש פֿון זײַן ישיבֿה, דעם פּויליש פֿון זײַן היימשטאָט און דעם ייִדיש פֿון דער היים.[4] די לעקסיקאָגראַפֿיע האָט זיך אָנגעהויבן בײַ אים ווי אַ ליבהאָבערײַ און איז נאָר צו ביסלעך געוואָרן זײַן הויפּט־באַשעפֿטיקונג.

## אויף דער בינע

סטוטשקאָווס ערשטע ליבע איז געווען דער ייִדישער טעאַטער. אַ געבוירענער דעם 7טן יוני 1893 אינעם שטעטל בראָק, לאָמזשער גובערניע, איז ער אין 1900 מיט דער משפּחה אַריבער צום גרעסטן אייראָפּעיִשן ייִדישן קולטור־צענטער פֿון דער צײַט, וואַרשע. בײַ טאַטע־מאַמע, עזריאל־זעליק און שׂרה־ביילע סטוטשקאָ (דעם "וו" בײַם סוף האָט ער אַליין שפּעטער אין אַמעריקע צוגעגעבן), האָט ער אײַנגעזאַפּט די פֿאַרצײַטיקע ייִדישקייט און שטעטלדיקע חסידישע קולטור, וואָס שפּילן אַזאַ גרויסע ראָלע אין "מאַמע־לשון".[5] אין עלטער פֿון 16 יאָר האָט סטוטשקאָוו זיך באַקענט מיטן ייִדישן טעאַטער און איז געוואָרן אַ מיטגליד פֿון דער טעאַטער־גרופּע בײַ דער קולטור־אָרגאַניזאַציע "הזמיר", אָנגעפֿירט פֿון י. ל. פּרץ. דעביוטירט האָט ער אין דער פּיעסע "מענטשן" פֿון שלום־עליכמען,[6] און דערנאָך געשפּילט מיט פֿאַרשיידענע

4. אינעם ראַדיאָ־דאָקומענטאַר וועגן סטוטשקאָוון, דערציילט זײַן זון מישאַ, אַז דער טאַטע האָט זיך אויסגעלערנט ענגליש אין משך פֿון דער ים־רײַזע קיין אַמעריקע (**Yiddish Radio Project**).

5. דער טאַטע זײַנער, עזריאל־זעליק סטוטשקאָ, האָט געאַרבעט ווי אַ באָנדער, ד"ה, ער האָט פֿאַרראָכטן פֿעסער, אַזוי ווי סטוטשקאָוו דערציילט אין שײַכות מיטן וואָרט **באָנדער**. סטוטשקאָווס זיידע, דעם טאַטנס טאַטע, האָט געהייסן יצחק שענקער מבראָק, און די באָבע האָט געהייסן חיה־עלקע.

6. די פּיעסע האָט מען אויפֿגעפֿירט בײַם טעאַטער "ערמיטאַזש" (פֿריִער "מוראַנאָוו") אין וואַרשע (זילבערצווײַג, באַנד 2, ז' 1464). קען זײַן, אַז דאָס איז געווען די זעלבע פֿאָרשטעלונג, באַשריבן פֿון באָריישאַ אין "הײַנט" (1909).

טרופּעס, וואָס האָבן גאַסטראָלירט איבער פּוילן און רוסלאַנד.[7] נאָך אַן איבעררײַס דינען אין דער רוסישער אַרמיי, האָט סטוטשקאָוו געאַרבעט פֿון 1917 ביז 1921 אין כאַרקעוו, מיט אַדאָלף סעגאַל אינעם דראַמטיקן אַקטיאָרן־פֿאַראיין "אונדזער ווינקל".[8] ניט געקוקט אויף די שלאַכטן און מערדערײַען במשך דער רוסישער בירגערקריג, אין וועלכע עס זײַנען אומגעקומען עטלעכע אַקטיאָרן, האָט די טרופּע געשפּילט און אַפֿילו גאַסטראָלירט מיט דערפֿאָלג, איידער די סאָוועטישע מאַכט האָט זי אײַנגעשלאָסן אין אַ מלוכישן טעאַטער און די מיטגלידער זײַנען זיך צעגאַנגען. ווען דער ייִדישער אַקטיאָר זיגמונט טורקאָוו איז געקומען קיין כאַרקעוו מיט דער קאַמינסקי־טרופּע, איז אים "אונדזער ווינקל" ניט שטאַרק געפֿעלן. אין זײַנע זכרונות שרײַבט ער:

> די אָנפֿירערשאַפֿט איז געלעגן אין די הענט פֿון צוויי נישט־געניטע און נישט־פֿעיִקע נײַע אַקטיאָרן, מ. ראַפֿאַלסקי און סטוטשקאָ. מיר האָבן באַלד נאָך אונדזער אָנקומען קיין כאַרקעוו באַזוכט דעם 'אונדזער ווינקל' – האָט אָבער די אַפֿעקטירטע האַלטונג פֿון די צוויי אָנפֿירער אָפּגעשטויסן פֿון דעם טעאַטער.[9]

שפּעטער איז סטוטשקאָוו געוואָרן דער אָנפֿירער פֿונעם וויטעבסקער מלוכישן ייִדישן טעאַטער.[10]

אין 1923 איז סטוטשקאָוו מיט ווײַב און קינדער אַוועקגעפֿאָרן קיין אַמעריקע. ציליע סטוטשקאָוו האָט אויך געשפּילט אין טעאַטער, און שפּעטער אָנטייל גענומען

---

7. די קאָמפּאַנייעץ־, שאַראַוונער און קאַניעווסקאַ־כאַרלאַמפּ־טרופּעס. די קאָמפּאַנייעץ־טרופּע האָט אויפֿגעפֿירט סטוטשקאָווס איבערזעצונג פֿון **Ein kleiner Irrtum** פֿון לויִס אַנזשעלי א"ט "דער קליינער טעות". כאָטש קיין טעקסט פֿאַר דעם איז ניטאָ, האָט מאַרק אַרנשטיין דאָס באַאַרבעט ווי "מײַן ווײַבס משוגעת", וואָס די קאָמפּאַנייעץ־טרופּע האָט אויפֿגעפֿירט. סטוטשקאָוו האָט אויך איבערגעזעצט דעם פֿאַרס "ראָבערט און בערטראַם", וואָס האָט אַ מאָל געשפּילט אין וואַרשע בײַם עליזעום־טעאַטער (זילבערצווײַג, באַנד 2, ז' 1464).

8. "אונדזער ווינקל" האָט אָפֿיציעל עקסיסטירט פֿון 1918 ביז 1921. די גרופּע האָט אויפֿגעפֿירט אויף ייִדיש **Los intereses creados** פֿון האַסינטאָ בענעווענטאָ, **La locanderia** פֿון קאַרלאָ גאָלדאָני, **Les Fourberies de Scapin** פֿון מאָליער, **Doktor Kohn** פֿון מאַקס נאָרדוי, "דאָס כּפּרה־הינדל", אַ פֿרײַע באַאַרבעטונג פֿון וואָלטערס אַ פּיעסע (אפֿשר **Candide**), ווי אויך פּיעסעס פֿון שלום אַש און א. ווײַטער. פֿון די ערשטע דרײַ זײַנען פֿאַראַן טעקסטן פֿון סטוטשקאָווס איבערזעצונגען. אַנדערע איבערזעצונגען זײַנע פֿאַר "אונדזער ווינקל" האָט מען אָבער קיין מאָל ניט אויפֿגעפֿירט (און קיין טעקסטן ניט געפֿונען): "דער 70־יעריקער יובילעום", "פֿאַרקויפֿטער שקלאַף", "חווה" און "יהודית" (זילבערצווײַג, באַנד 2, 1464). מער פּרטים וועגן אַ סך פּיעסעס פֿון דער תּקופֿה קען מען לייענען אין דער ביבליאָגראַפֿיע.

9. טורקאָוו ז' 223.

10. פֿאַרן וויטעבסקער מלוכישן טעאַטער האָט סטוטשקאָוו איבערגעזעצט **L'Avare** פֿון מאָליער, וואָס דער טעקסט דערפֿון געפֿינט זיך אין זײַן זאַמלונג (זילבערצווײַג, באַנד 2, 1464).

אין די ראַדיאָ־פּראָגראַמען, צוזאַמען מיט די קינדער, אסתּר און מישאַ.[11] אין די 1920ער און אָנהייב 1930ער יאָרן האָט נחום סטושטקאָוו געשריבן טעקסטן און לידער פֿאַר דער יידישער בינע און געאַרבעט מיט די גרעסטע טאַלאַנטן פֿון דער צײַט: מאַלי פּיקאָן, לודוויג זאַץ, שלום סעקונדאַ, יוסף רומשיסנקי און נאָך. פֿון זײַן אָנקומען ביז 1931 האָט מען אויפֿגעפֿירט איבער 20 אָריגינעלע פּיעסעס זײַנע: אָפּערעטעס, קאָמעדיעס, דראַמעס – ניט בלויז די איבערזעצונגען, מיט וועלכע ער האָט זיך, דער עיקר, פֿאַרנומען אין אייראָפּע.[12] די פֿאָרשטעלונגען פֿון זײַנע פּיעסעס האָבן אויסגענומען בײַם עולם, בײַ די קריטיקערס – אַ קאַפּעטשקע וויניקער.[13] סטוטשקאָוו האָט אויך אַליין געשפּילט אויף דער בינע, דער עיקר אין די ערשטע יאָרן אין אַמעריקע.[14]

11. ניט בלויז געשפּילט אינעם טאַטנס ראַדיאָ־פּראָגראַמען, ווי זײַן שוועסטער, האָט מישאַ סטוטשקאָוו (אין די סקריפּטן הייסט ער Stutchkoff Junior), נאָר אויך אין טעאַטער ממש, למשל, אין דער בינע־פּיעסע "בײַ טאַטע־מאַמעס טיש" אין "אורווינג־פּלייס"־טעאַטער אין 1938. אין אַ רעצענזיע אין "פֿאָרווערטס" האָט אַב. קאַהאַן אַליין אים שטאַרק געלויבט, געזען אין אים אַ גרויסן טאַלאַנט (קאַהאַן 1938). קאַהאַן איז געווען גערעכט – מישאַ האָט געשפּילט אין עטלעכע יידישע פֿילמען און איז אויסגעוואַקסן אַ שרײַבער פֿאַר אַזעלכע טעלעוויזיע־פּראָגראַמען ווי The Brady Bunch, Sanford, Bewitched, The Flying Nun. ער איז געווען באַקאַנט ווי Michael L. Morris אין האָליוווּד (IMDB 2009).

12. אָפּט האָט סטוטשקאָוו געשריבן אונטערן פּסעוודאָנים "נ. בראָקער" (פּיעסעס) אָדער "איש גמזו" (אַרטיקלען). אויף ענגליש האָט מען געשריבן זײַן נאָמען: Nahum, Naum, Nuchim, Muchim, Nathan אאַז"וו.

13. אין אַ רעצענזיע פֿון "חתונה־קאָנטראַקט" שרײַבט איין לאָנדאָנער קריטיקער, אַז די פּיעסע איז געשריבן צו מעלאָדראַמאַטיש פֿאַר די פֿײַנשמעקערס, וואָס ווילן זען קונסט, און ניט גענוג מעלאָדראַמאַטיש פֿאַר די פּראָסטע מאַסן (מייער). די פֿריילעכע אָפּערעטע "אוי, אַמעריקע", ווידער, האָט אויסגענומען בײַ אַ צווייטן וואַרשעווער קריטיקער (בית־שין).

14. ער האָט, למשל, געשפּילט מיט ציליע אַדלער אין אַן־סקיס "דיבוק" – ער ווי חנן און זי ווי לאה – ווי אויך בײַם יידישן קונסט־טעאַטער אין "גײַסטער" פֿון איבסען און אין "סקאָפּענס שמד־שטיק" פֿון מאָליער. אָפֿטער איז סטוטשקאָוו אויפֿגעטראָטן אין וויניקער ראַפֿינירטע פּיעסעס: "פֿאַרשטייען מענער די פֿרויען?", "דער ערפֿינדער", "מוטער הערץ", "קינדער־ליבע", "זײַן ווײַבערשער פּאַטענט". סטוטשקאָוו איז געווען פֿאַרבונדן מיטן "גאַרדען טעאַטער" אין פֿילאַדעלפֿיע פֿון 1924 ביז 1926 (זילבערצווײַג, באַנד 2, ז' 1464). איין סיבה פֿאַר וואָס ער האָט רעלאַטיוו זעלטן געשפּילט אויף דער בינע איז אפֿשר געווען זײַן קליינע געשטאַלט. דער זשורנאַליסט דייוויד גאָרדאָן האָט אים אַזוי באַשריבן: "אַ קליין געוואַקסענער מיט געקרויזלטע אײַזן־גרויע האָר און פֿאַרחלומטע ברוינע אויגן", אין אַן אַרטיקל צווישן די פּערזענלעכע פּאַפּירן: "150,000 Yiddish Words, Idioms Listed in Book"

די גרייס פֿון סטוטשקאָווס שרײַבטיש, וואָס געפֿינט זיך הײַנט אין ביוראָ פֿון דער אָרגאַניזאַציע Living Traditions, זאָגט אויך עדות, אַז ער איז ניט געווען קיין ריז. זײַן הייך האָט אים אָבער ניט געשטערט ווי אַ שרײַבער, אַ ראַדיאָ־שפּילער, אָדער אין זײַנע אַנדערע טעאַטער־פֿונקציעס, למשל,

שוין אין יענע יאָרן האָט ער אָנגעהויבן זאַמלען ווערטער, כּדי צונויפֿצושטעלן זײַן יידישן "גראַמען־לעקסיקאָן", וואָס איז אַרויס אין 1931 נאָך אַן ערך פֿינף יאָר אַרבעט.[15] דער לעקסיקאָן נעמט אַרײַן 35,000 ווערטער, אַרײַנגערעכנט אַזעלכע, וואָס גראַמען זיך בלויז אין טייל דיאַלעקטן, און אַפֿילו ניט ווייניק ווערטער פֿון ענגליש – אַ סימן פֿון דער לינגוויסטישער טאָלעראַנץ, וואָס האָט זיך נאָך שטאַרקער אָפּגעשפּיגלט אין זײַנע שפּעטערדיקע ווערק.[16] מיטן לעקסיקאָן האָט סטוטשקאָוו געצילט צו העלפֿן די פּאָעטן און קאָמפּאָזיטאָרן צו שרײַבן לידער, אָבער ער איז אים אַליין צו נוץ געקומען, דער עיקר, בײַם שרײַבן געגראַמטע רעקלאַמעס פֿאַרן ראַדיאָ.

## אויפֿן ראַדיאָ

סטוטשקאָווס לאַנגע קאַריערע אויפֿן יידישן ראַדיאָ האָט זיך אָנגעהויבן אין 1931 הינטערן אויסשטעל־פֿענצטער פֿון אַל ענטינס פֿרויען־קליידער־געשעפֿט אויף פּיטקין־עוועניו אין ברוקלין, ווו דער בעל־הבית האָט אײַנגעאָרדנט אַן אייגענעם ראַדיאָ־סטודיאָ.[17] סטוטשקאָוו האָט באַקומען אַרבעט ווי דער אָפֿיציעלער אַנאָנסירער אויף דער ברוקלינער סטאַנציע WLTH, ווו ער האָט אַ ביסל שפּעטער איבערגענומען

---

ווי דער סעקרעטאַר בײַם "יידישן דראַמאַטורגן־פֿאַרבאַנד" אין 1926.

15. פֿאַרן "גראַמען־לעקסיקאָן" האָבן געגעבן צו שטײַער אַ סך פֿרײַנד און באַקאַנטע זײַנע פֿון דער טעאַטער־וועלט. צווישן זײַנע פּערזענלעכע פּאַפּירן געפֿינט זיך די אָריגינעלע רשימה "ערן־אַבאָנענטן", ווו אויבן אָן שטייט די גרויסע, שטאָלצע חתימה פֿון לודוויג זאַץ, וואָס האָט געגעבן גאַנצע 100 דאָלאַר.

16. אַ שאַרפֿע רעצענזיע פֿון A־n [אַהרן צייטלין?] אינעם וואַרשעווער ליטעראַרישן זשורנאַל "גלאָבוס" (נומ׳ 11) האָט טענות, אַז אַ סך פֿון די ווערטער זײַנען בכלל ניט יידיש – "ממש אַן אָרגיע פֿון שפּראַכלעכע ווילדקייטן". דאָס ווערק ווײַזט אַרויס "עסטעטישע באַציִונגסלאָזיקייט". סטוטשקאָוו מאַכט אַן "אָנשטעל פֿון אַקאַדעמישקייט", אָבער עס ליגט אויבן אויף, אַז ער איז "אין פֿראַגעס פֿון פּאָעטיק אַ טיפּישער דילעטאַנט [...] אַפֿילו גראַפֿאָמאַנען וועלן פֿון דעם בוך קיין נוצן נישט האָבן [...] די איינציקע פֿאַרווענדונג, וואָס אַזאַ גראַמען־בוך קאָן האָבן, איז: העלפֿן די שונד־ליפֿעראַנטן פֿון יידישן טעאַטער צו פֿאַרפֿאַסן זייערע 'ליריקס'".

פֿון דער צווייטער זײַט, לויבט אוריאל ווײַנרײַך סטוטשקאָווס "פּיאָנעריש ווערק", וואָס ווײַזט אַרויס אַ זעלטענע לינגוויסטישע פּרעציזקייט; למשל, דער לעקסיקאָן דיפֿערענצירט די גראַמען מיטן אמתן קאָנסאָנאַנט "יוד" פֿון די מיט פּאַלאַטאַליזירטע קאָנסאָנאַנטן, וואָס ווערן גלײַך געשריבן אָבער אַנדערש אַרויסגערעדט: **סימפֿאָניע** – אַן אמתער "יוד", אַנטקעגן **פֿאָניע** – אַ פּאַלאַטאַליזירטער "נון" (ווײַנרײַך 1955, זז׳ 105־106).

17. Burstein (2003, 112).

פֿון זײַן חבֿר שלום סעקונדאַ אַ טאַלאַנט־פּראָגראַם פֿאַר קינדער.[18] דער נאָמען פֿון פּראָגראַם האָט זיך געביטן פֿון "פֿעטער שלומס" אויף "פֿעטער נחומס יִדישע שעה".[19] ער איז געוואָרן אַזוי פּאָפּולער, אַז WEVD, די גרעסטע סטאַנציע מיט יִדישע פּראָגראַמען, וואָס האָט געהערט צום "פֿאָרווערטס", האָט אים אָנגעשטעלט, אין 1932. אַפֿילו אין "מאַמע־לשון" דערמאָנט סטוטשקאָוו די קינדער־פּראָגראַם, אין שײַכות מיטן וואָרט **ממזר**.

אין די 1930ער און אָנהייב 1940ער יאָרן, די בלי־תּקופֿה פֿונעם יִדישן ראַדיאָ,[20] האָט סטוטשקאָוו געשריבן און אויפֿגעפֿירט ביז אַכט פּראָגראַמען אַ וואָך,[21] שוין אָפּגערעדט פֿון זײַן געוויינטלעכער אַרבעט מיט רעקלאַמעס און אַנאָנסן. ער איז געווען באַקאַנט ווי "דער יִדישסטער פֿון אַלע יִדישע ראַדיאָ־אַנאָנסערס".[22] די סאַמע באַליבטסטע סעריע זײַנע פֿון יענע יאָרן, די מעלאָדראַמע "בײַ טאַטע־מאַמעס טיש", האָט מהנה געווען דעם עולם מיט דער שפּאַנונג פֿון אינטימע משפּחה־קאָנפֿליקטן. כּמעט יעדן זונטיק מיטאָגצײַט האָט דער עולם זיך באַקענט מיט אַ נײַער יִדישער משפּחה, וואָס האָט אַדורכגעמאַכט עפּעס אַ קריזיס אָדער פּראָבלעם, וואָס איז געלייזט געוואָרן דורכן "גיכן, שטרענגן יִדישן יושר".[23] דערבײַ האָט סטוטשקאָוו זיך ניט געשראָקן פֿאַר אַזעלכע טעמעס ווי יִדישע פֿאַרברעכערס, געמישטע חתונות, ניאוף,

---

18. סעקונדאַ דערמאָנט זיך, אַז סטוטשקאָוו האָט פֿאַר זיך ניט געפֿונען קיין געהעריקן פּלאַץ אין דער טעאַטער־וועלט, האָט ער געבעטן בײַ סעקונדאַן אַ טובֿה, ער זאָל אים רעקאָמענדירן פֿאַר דער ראַדיאָ־אַרבעט. סטוטשקאָוו האָט אַזוי אויסגענומען, שרײַבט סעקונדאַ, ווײַל דער עולם האָט ליב געהאַט זײַן "קולטיווירט לשון, זײַן קלאָר און וואַרעם קול", אין גאַנצן אַנדערש פֿון דעם "צעבראָכענעם" יִדיש, צו וועלכן זיי זײַנען געווען צוגעוווינט (Secunda 140).

19. די פּראָגראַם האָט מען, ווײַזט אויס, גערופֿן מיט עטלעכע נעמען: "פֿעטער נחומס שעה" (סעקונדאַ 139־140), "פֿעטער נחומס קליינוואַרג" (Kelman 2009, ז' 114), די "יִדישע קינדער־שעה" (לויטן מוזיק־בויגן פֿאַרן "מאַנישעוויץ־מצה"־לידל).

20. וויפֿל טויזנטער יִדן עס האָבן זיך צוגעהערט צו סטוטשקאָווס פּראָגראַמען קען מען ניט באַשטימען אַקוראַט. אין די סוף 1950ער יאָרן האָט דער דירעקטאָר פֿון WEVD געשאַצט די צאָל צוהערערס פֿון אַלע פּראָגראַמען, ענגלישע און יִדישע, ווי 1,750,000 (גוטמאַנס 65). סיכער איז דאָס שטאַרק איבערגעטריבן.

21. **Yiddish Radio Project.**

22. פֿונעם אַרטיקל "קריטיקער און פּרעסע־אַגענט (אַ בלעטל זכרונות)" פֿון ב. י. גאָלדשטיין (סטוטשקאָווס פּערזענלעכע פּאַפּירן).

23. **Kelman (2009, 144).**

אַבאָרטן, מאָרד און נאָך. ער האָט געהאַט אַ ספּעציעלן טאַלאַנט אַרויסצורופֿן די עמאָציעס בײַם צוהערער. "דאָס לעבן פֿאַר זיך אַליין איז ניט זייער אינטערעסאַנט", האָט ער אַ מאָל געזאָגט – "ס'איז ווי מע מאַכט עס, די קאָנצענטרירטע עמאָציע, וואָס שאַפֿט אַ דראַמאַטישן עפּיזאָד".[24] די פּראָגראַם איז געוואָרן אַזוי פּאָפּולער, אַז סטוטשקאָוו האָט זי באַאַרבעט און דערפֿון געמאַכט אַ בינע־פּיעסע מיטן זעלבן נאָמען, וואָס איז אויך געשפּילט געוואָרן מיט גרויס הצלחה.[25] אין די סוף־30ער יאָרן איז סטוטשקאָוו געוואָרן אַזאַ באַקאַנטע און באַגלייבטע פּערזענלעכקייט אויף דער ייִדישער גאַס, אַז זײַן פּנים האָט אַפֿילו באַשיינט רעקלאַמעס אין דער צײַטונג.[26]

אָפּטער ווי דראַמעס האָט סטוטשקאָוו געשריבן און אויפֿגעפֿירט אויפֿן ראַדיאָ קאָמעדיעס, אַזעלכע סעריעס ווי "עני און בעני", "אין אַ ייִדישער גראָסערי", "אין אַ פֿריילעכן ווינקל", "אַן איידעם אויף קעסט" און נאָך אַ סך פֿאַרשיידענע סקיצעס און רעוויִען. אין יענע יאָרן האָבן אַזעלכע ראַדיאָ־סעריעס געשפּילט די זעלבע ראָלע וואָס שפּעטער אויף דער טעלעוויזיע די "סיטואַציע־קאָמעדיעס" (sitcom בלע"ז): יעדע וואָך האָבן זיך ייִדן צוגעהערט צו זייערע באַליבטסטע פּראָגראַמען און פֿאַרבראַכט אַ שטיק

---

24. ציטירט פֿון דייוויד גאָרדאָן אין אַן אַרטיקל (צווישן די פּערזענלעכע פּאַפּירן):
"150,000 Yiddish Words, Idioms Listed in Book"

25. "דער גרויסער דערפֿאָלג פֿון דער פּיעסע איז געווען אַן אמתע סענסאַציע, און האָט אויפֿגעוועקט נײַע האָפֿענונגען וועגן דער צוקונפֿט פֿון ייִדישן טעאַטער אין אַמעריקע". די רעצענזיע, פֿון דער רובריק "טעאַטער און מוּוויס", צוזאַמען מיט אַ סך אַנדערע געפֿינען זיך צווישן סטוטשקאָווס פּערזענלעכע פּאַפּירן.

די פּיעסע "בײַ טאַטע־מאַמעס טיש" האָט געהאַט איר פּרעמיערע אין "אירווינג־פּלייס"־טעאַטער אין 1938, געשפּילט אויך אין פֿילאַדעלפֿיע, באָסטאָן, בוענאָס־אײַרעס, און איז עטלעכע מאָל ווידער אויפֿגעפֿירט געוואָרן – דאָס לעצטע מאָל אין 1989 בײַ דער ניו־יאָרקער "פֿאָלקסבינע", אין אַ מוזיקאַלישן נוסח באַאַרבעט פֿון מרים קרעסין (Shepard).

איבער "בײַ טאַטע־מאַמעס טיש" איז געגאַנגען אַ הייסער וויכּוח צווישן סטוטשקאָוו און דעם ייִדישן דראַמאַטורג שלום פּערלמוטער, וואָס האָט געטענהט, אַז ס'איז אַ פּלאַגיאַט פֿון זײַנער אַ פּיעסע, וואָס האָט געהייסן "נאַרישע טאַטעס". סטוטשקאָוו האָט אין אָקטאָבער 1938 אים גענומען אין געריכט, אָבער די בוררים האָבן, פֿאַרגלײַכנדיק די צוויי פּיעסעס, געמישפּט, אַז עטלעכע סצענעס און עלעמענטן, די "נשמה" פֿון "בײַ טאַטע־מאַמעס טיש", זײַנען טאַקע גענומען פֿון פּערלמוטער, און אַז עס קומט אים אַ העלפֿט פֿון סטוטשקאָווס רווח. דאָקומענטן פֿאַרבונדן מיטן פּראָצעס, ווי אויך עטלעכע רעצענזיעס און אַ טעאַטער־פּראָגראַם מיט שיינע בילדער פֿון דער פֿאָרשטעלונג, ווערן פֿאַרהיט אין ייִוואָ אין דער פּערלמוטער־זאַמלונג (רג 289, טעקע 2232).

26. אין "פֿאָרווערטס", 1938, למשל, איז דערשינען אַן אַנאָנס מיט סטוטשקאָווס בילד פֿאַר "סיגראַמס בראָנפֿן" (Seagram's Seven Crown Whiskey) (זע בילד קעגנאיבער דעם שער־בלאַט אין דעם דאָזיקן באַנד).

צײַט מיט אַ פֿאַנטאַזיע־משפּחה, צוזאַמען מיט איר איבערגעלעבט די זעלבע ליידן און פֿריידן, און דערמיט געגומען אַ קורצע וואַקאַציע פֿונעם שווערן לעבן. די העלדן פֿון די פּראָגראַמען זײַנען אָפֿט געווען ייִדישע סטערעאָטיפּן, וואָס דער עולם האָט געקענט גלײַך דערקענען: די באַרעדעווודיקע אַלטע ייִדענע, די ״יענטע״, דער פֿרומער זיידע, וואָס איז שוין אַ ביסל ניט מיט אַלעמען, די אַמעריקאַניזירטע יונגע־לײַט, וואָס רעדן אַ ייִדיש אויסגעמישט מיט ענגליש. ווי מע הערט פֿון די פֿאַרבליבענע רעקאָרדירונגען, האָבן די אַקטיאָרן געשפּילט אינעם מעלאָדראַמאַטישן סטיל פֿון יענער צײַט, אָבער מיט אַ גרויסן עמאָציאָנעלן כּוח.[27]

צו ביסלעך האָבן זיך געביטן דער תּוכן און דער כאַראַקטער פֿון סטוטשקאָווס פּראָגראַמען, בהסכּם מיט דער צײַט און מיט דער צוהערערשאַפֿט, וואָס האָט זיך געעלטערט. ווען די לעקסיקאָגראַפֿישע טעטיקייט האָט בײַ אים פֿאַרנומען אַלץ מער צײַט, האָט ער זיך צוריקגעצויגן און געשאַפֿן ווייניקער פּראָגראַמען. ספּעציעל די קאָמעדיעס, וואָס מע האָט געשפּילט ביז אין די מלחמה־יאָרן אַרײַן, זײַנען געוואָרן אַלץ זעלטענער. פֿון 1941, ווען עס האָבן זיך פֿאַרמאַכט עטלעכע ברוקלינער סטאַנציעס, האָט דער ייִדישער ראַדיאָ אָנגעהויבן גיין באַרג־אַראָפּ, און סטוטשקאָווס שטיצערס האָבן זיך געביטן. אויב דער באַקאַנטסטער ״ספּאָנסאָר״ זײַנער איז אין די 30ער יאָרן געווען די ״מאַנישעוויץ־מצה־קאָמפּאַני״, איז אין 1944 צוגעקומען דער ״ייִדישער סאַניטאַריום און האָספּיטאַל פֿאַר כראָנישע קראַנקע״ אין ברוקלין,[28] וואָס האָט געשטיצט די נײַע מעלאָדראַמע ״צרות בײַ לײַטן״. יעדן זונטיק אַרום 1:30 מיטאָג האָט סטוטשקאָוו דערציילט אַן אַנדער טראַגישע געשיכטע וועגן אַן אײַנוווינער פֿונעם

27. אַחוץ סטוטשקאָווס אייגענער משפּחה, האָבן אויך געשפּילט די אַקטיאָרן ציליע בודקין, לעאָן כאַראַז, מירעלע גרובער, וואָלף באַרזל און נאָך. צווישן זײַנע סצענאַרן ליגן אַ מאָל צעטלעך, ווי עס ווערן אויסגערעכנט די נעמען און שׂכירות פֿון די באַטייליקטע. אין דער סעריע ״עני און בעני״ האָט העגריעטאַ שניצער געשפּילט עני און סטוטשקאָוו – בעני (זילבערצווײַג, באַנד 2, ז׳ 1465). קינדוויַז, אין דער סעריע ״צרות בײַ לײַטן״, האָט אויך געשפּילט דער באַקאַנטער קולטור־טוער ישעיה שעפֿער, גרינדער פֿון Symphony Space אין ניו־יאָרק. כאָטש קיין רעקאָרדירונג פֿון ״צרות בײַ לײַטן״ איז ניט פֿאַרבליבן, דערציילט שעפֿער גאַנץ געשמאַק, ווי אַזוי סטוטשקאָוו האָט יעדע וואָך אָנגעהויבן די פּראָגראַם: אַרויסגענומען פֿון מויל דעם פּאַפּיראָס, וואָס ער פֿלעגט שטענדיק רייכערן, און אַרויסגעזיפֿצט מיט גרויס פּאַטאָס דעם טיטל: ״צרות בײַ לײַטן״ (Yiddish Radio Project).

28. די דאָזיקע אינסטיטוציע עקסיסטירט עד היום הזה און הייסט הײַנט Kingsbrook Jewish Medical Center. נאָך שטיצערס פֿון סטוטשקאָווס פּראָגראַמען זײַנען געווען: ברענער ברידער, דער פֿאַראיין פֿון ייִדישע פֿאַבריקאַנטן, Breakstone's, Coward Shoe Company, Edelstein Dairy Co., Good Health Seltzer Association, Manhattan Avenue Merchants Association, Planter's High Hat Peanut Oil, Silver Baths, Stuhmer's Bread

סאַניטאַריום, אָדער וועגן איינעם, וואָס וואָלט געוואָלט דאָרט וווינען, נאָר קיין פּלאַץ פֿאַר אים איז ניטאָ. יעדע געשיכטע, כּלומרשט אַן אמתדיקע, וואָס בלויז די נעמען זײַנען פֿיקטיווע, האָט סטוטשקאָוו אויפֿגעפֿירט ווי אַ דראַמאַטישע פּיעסע און פֿאַרענדיקט מיט אַן ״אַפּיל״, אַן אויסרוף צו דער צוהערערשאַפֿט, זיי זאָלן בײַשטײַערן אַ פּאָר דאָלאַר און העלפֿן, אַז דער אומגליקלעכער זאָל האָבן אַ פּלאַץ ווּ צו לייגן דעם קאָפּ.

פֿון אַלע פּראָגראַמען סטוטשקאָווס האָט קיין אַנדערע ניט געשפּילט לענגער ווי ״צרות בײַ לײַטן״ – אַן ערך פֿופֿצן יאָר. טויזנטער ייִדן פֿלעגן יעדע וואָך זיך צוהערן און זיך אויסוויינען פֿון זײַנע געשיכטעס. בעת די ערשטע ראַדיאָ־פּראָגראַמען זײַנע זײַנען געווען פֿאַר קינדער, און דערנאָך פֿאַר גאַנצע משפּחות, האָט ער באַפֿעלקערט זײַנע שפּעטערע פּראָגראַמען אַלץ אָפֿטער מיט אַלטע, קראַנקע נפֿשות, און אויך מיט ייִדן פֿון דער שארית־הפּליטה, וואָס האָבן זיך געראַנגלט מיט זייער פּײַנלעכער פֿאַרגאַנגענהייט. בשעת אין זײַנע פֿריִערדיקע פּראָגראַמען האָבן די קינדער גערעדט אַן אַמעריקאַניזירטן ייִדיש, זײַנען זיי איצט אַריבער אויף ענגליש, וואָס שפּיגלט אָפּ געטרײַ דעם אמתן סאָציאָלינגוויסטישן מצבֿ פֿון יענע יאָרן:

> אין די דאָזיקע סצענעס רעדט דער אַלטער דור ייִדיש, וואָס, אינעם קאָנטעקסט פֿון דער סטאַנציע, גיט די כאַראַקטערן צו אַ טיפֿקייט און ממשותדיקייט, בשעת דער יונגער דור רעדט ענגליש, אַ ספּעציעל פֿלאַכן, פֿאָנפֿעוואַטן און ניט־באַטעמטן מין ענגליש, אַזוי אַז אין פֿאַרגלײַך מיטן קלאָרן לשון פֿון די אַלטע קלינגען זיי ווי אומגעראָטענע, צעפּיעשטשעטע קינדער. און, ווי עס ווײַזט זיך כּמעט שטענדיק אַרויס צום סוף, זײַנען זיי דאָס טאַקע.[29]

דאָס וויינען פֿון די צוהערערס איז געווען אַזאַ פֿאַרשפּרייטער פֿענאָמען, אַז סטוטשקאָוו האָט זיך דערפֿאַר אַפֿילו געדאַרפֿט אַנטשולדיקן:

> און זײַט מיר מוחל פֿאַר די טרערן, וואָס אײַך וועט מסתּמא אויסקומען צו פֿאַרגיסן אין משך פֿון דעם אַכטן סעזאָן צוהערנדיק זיך צו זיי – גלייבט מיר, אַז מיר איז ערגער ווי אײַך. איך וויין בײַם שרײַבן זיי און איך וויין בײַם אויפֿפֿירן זיי מיט מײַנע חבֿרים אַרטיסטן. און צום געזונט, חלילה, האָט עס מיר נאָך נישט געשאַט.[30]

פֿון דעסט וועגן האָט דער טראַגישער רעאַליזם, וואָס האָט אַזוי אויסגענומען בײַם עולם, אויך געדריקט אויף סטוטשקאָוון און אים צוגעגעבן חשק זיך צו פֿאַרנעמען מיט עפּעס אַנדערש. ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט אין איינעם פֿון די לעצטע עפּיזאָדן:

---

29. Glazer (1955, 168).

30. ״צרות בײַ לײַטן״ סקריפּט נומ׳ 151, דער ערשטער עפּיזאָד פֿונעם אַכטן סעזאָן.

דער ריינער און ביטערער אמת איז, אַז וואָס אַ יאָר אַלץ שווערער פֿאַלט אויף מיר די אַרבעט פֿון ברענגען אײַך די פּראָגראַם. ערשטנס, ווערט מען עלטער און נישטאָ די אַמאָליקע כּוחות. צווייטנס, ווי לאַנג קען אַ שרײַבער, ווען ער זאָל אַפֿילו זײַן דער בעסטער, וואָס דאָס בין איך זיכער נישט, שרײַבן אויף איין טעמע? צרות און צרות און ווידער צרות.[31]

איז סטוטשקאָוו באַלד דערנאָך, אין 1959, אַרויס אויף פּענסיע און האָט זײַנע לעצטע יאָרן זיך אָפּגעגעבן בלויז מיט זײַן צווייטער ליבע: די לעקסיקאָגראַפֿיע.

## דער "אוצר"

שוין אין די אָנהייב 1930ער יאָרן האָט סטוטשקאָוו אָנגעהויבן זאַמלען דעם מאַטעריאַל, וואָס פֿון דעם איז אַרויס זײַן גרעסטער אויפֿטו, "דער אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך". ער האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט אויף אַן ערנצטן אופֿן אפֿשר אַרום 1935, ווען ער איז פּלוצעם פֿאַרשלאָפֿט געוואָרן. קודם־כּל, האָט ער אויסגעניצט די לעקסיקאָגראַפֿישע און וויסנשאַפֿטלעכע ליטעראַטור, פֿאַרשריבן דאָס וואָס ייִדישע פֿאָרשערס האָבן שוין פֿריִער געזאַמלט. אָבער ס'רובֿ מאַטעריאַל האָט ער אַליין אויסגעזוכט: "מיט דער פּען אין האַנט איז דער מחבר דורכגעגאַנגען די וויכטיקסטע שאַפֿונגען פֿון דער אַלטער און נײַער ייִדישער ליטעראַטור".[32] סטוטשקאָוו האָט געאַרבעט כּסדר, אַ גאַנצן טאָג, אין משך פֿון די וואַקאַציעס – ער האָט געשריבן נאָך דעם ווי די בני־בית האָבן זיך געלייגט שלאָפֿן און איידער זיי זײַנען אויפֿגעשטאַנען. אין זײַנע קעשענעס האָט ער געהאַלטען שטיקלעך פּאַפּיר מיט נאָטיצן. ער האָט טייל מאָל אויסגעזען ממש ווי ער וואָלט געווען "געמאַכט פֿון ווערטער".[33] ווײַל די אַרבעט האָט פֿאַרשלונגען צענדליקער טויזנטער שעהען.

וועגן דעם סיסטעמאַטישן אַרבעט־פּראָצעס פֿון זאַמלען ווערטער האָט סטוטשקאָוו דערציילט אין אַ רעדע בײַם ייִוואָ, אַ יאָר איידער דער "אוצר" איז אַרויס.

---

31. "צרות בײַ לײַטן" סקריפּט נומ' 212.

32. סטוטשקאָווס אַרײַנפֿיר צום "אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך" (ז' XX).

33. זײַנע בגדים זײַנען געווען פֿול ניט בלויז מיט נאָטיצן, נאָר אויך מיט אַש פֿון די פּאַפּיראָסן, וואָס ער האָט גערייכערט. עס ווערט געבראַכט, אַז סטוטשקאָוו האָט ניט געלייגט קיין אַכט אויף זײַן אויסזען – אַ מאָל איז ער אַרומגעגאַנגען אין שיך, זאָקן אָדער אַנדערע מלבושים, וואָס האָבן זיך ניט געפּאַסט. צום געלט איז ער אויך געווען גלײַכגילטיק – דער עיקר איז פֿאַר אים געווען די ווערטער (Sharlet). גאַבי ווײַנרײַך, וואָס האָט געהאָלפֿן סטוטשקאָוו זאַמלען מאַטעמאַטישע און פֿיזיק־טערמינאָלאָגיע, געדענקט נאָך, אַז "ער האָט ניט געלעבט אין מאָמענט, ער איז געווען ערגעץ ווו אַנדערש" (אינטערוויו דעם 4טן דעצעמבער 2011).

פֿאַר אַ יסוד האָט ער באַאַרבעט פֿאַרטיקע ווערטערביכער (פֿיר יִדישע, צוויי יִדיש־העברעיִשע, איין אינציקלאָפּעדיש דײַטשישער, און איין ענציקלאָפּעדיש ענגלישער):

> וואָס מיינט באַאַרבעטן אַ ווערטערבוך? דאָס מיינט, זיך אַוועקזעצן מיט אַ שטויס קאַרטלעך און אַרויסשרײַבן פֿון ווערטערבוך יעדעס וואָרט אויף אַ באַזונדער קאַרטל – פֿון די יִדישע ווערטערביכער אַלע ווערטער, פֿון די ניט־יִדישע – בלויז די וואָס זײַנען נייטיק. האָט אַ וואָרט צוויי אָדער דרײַ באַטײַטן, ווי לאָמיר זאָגן: **ברויט** – אַ געבעקס, ברויט־טבֿואה, (ווינטערברויט, זומערברויט) און ברויט־פּרנסה (דאָס איז מײַן ברויט, פֿון דעם לעב איך), דאַרפֿט איר פֿון דעם איין וואָרט **ברויט** מאַכן דרײַ קאַרטלעך, ווײַל יעדן באַטײַט פֿון דעם וואָרט **ברויט** וועט איר שפּעטער דאַרפֿן באַשטאַטן אין אַן אַנדער גרופּע. אַזוי, אַז פֿון אַ ווערטערבוך, וואָס האָט, למשל, דרײַסיק טויזנט ווערטער, דאַרפֿט איר אַרויסשרײַבן בערך אַ פֿערציק טויזנט קאַרטלעך. פֿאַרטיק געוואָרן מיט איין ווערטערבוך, נעמט איר זיך צום צווייטן, צום דריטן, און אַזוי ווײַטער. עס איז אמת נישט זייער קיין אינטערעסאַנטע אַרבעט און איר דאַרפֿט דערצו האָבן אַ ים מיט געדולד, אָבער ווען איר האָט אין זינען אַז איר קויפֿט זיך דערמיט עולם־הבא, פֿאַלט אײַך די אַרבעט נישט שווער...[34]

נאָכן עלימינירן אַלע דופּליקאַטן, איז ער פֿאַרבליבן מיט אַ פֿערטל מיליאָן קאַרטלעך.

ווײַטערע פּרטים האָט ער געגעבן בײַ אַ טרעפֿונג פֿונעם י. ל. כּהן פֿאָלקלאָר־קלוב:

> איך האָב אַרײַנגענומען גאַנצע קאָלעקציעס [ווערטער פֿונעם סאָוועטישן זשורנאַל "די יִדישע שפּראַך"]. למשל, איך האָב אַרײַנגענומען אַ קאָלעקציע שנײַדערײַ. איך האָב אַרײַנגענומען פֿאַכן, די אמת יִדישע פֿאַכן. האָט איר אַ פֿולשטענדיקע קאָלעקציע פֿון דער שנײַדערישער טערמינאָלאָגיע, אָנהייבנדיק פֿון דעם בעל־מלאָכה, די אַרבעט־פּראָצעסן, יעדער טייל פֿון דעם בגד, ווי אַזוי עס רופֿט זיך. דאָס זעלבע איז מיט שוסטערײַ. נאַטירלעך, איך האָב זיי ניט אויסגעטראַכט, דאָס איז שוין באַאַרבעטע קאָלעקציעס פֿון דאָרטן. איך האָב זיי פֿאַרגליכן מיט קאָלעקציעס, וועלכע איך האָב געהאַט פֿון יִוואָ אאַז"וו. [...]
>
> פֿון דער ליטעראַטור זענען אַלע קלאַסיקערס אַרײַן. די קלאַסיקערס זענען אַרײַן פֿון בלעטל ביז בלעטל. ווען איך זאָג אײַך פֿון בלעטל ביז בלעטל מיין איך, אַז יעדע שורה איז געלייענט געוואָרן. ווו ס'איז געפֿונען געוואָרן אַ וואָרט, וואָס איז אידיאָמאַטיש, אָדער אַ פֿראַזע וואָס איז קאַנאָניזירט – אַזוי איז זי שוין אַוועקגעשטעלט געוואָרן, אַנדערש זאָגט מען זי נישט – איז זי אַרײַן אין בוך.
>
> איך מוז זיך מודה זײַן, אַז די מאָדערנע שרײַבערס האָבן זייער ווייניק צוגעטראָגן צו מײַן בוך. ווײַל דער אמת איז דאָך, אַז די מאָדערנע האָבן גאָרנישט אויפֿגעטאָן, ד"ה זיי זענען נאָר געווען געוואַגטער אין שאַפֿן לויט די געזעצן וואָס די יִדישע שפּראַך פֿאַרמאָגט – שאַפֿן נײַע בילדונגען. איך וויל נישט פּורש־בשמו זײַן, נאָר איך וויל אײַך געבן אַ כאַראַקטעריסטיק. עס קומט צו מיר צו אַ גאַנץ באַקאַנטער יִדישער פּאָעט[35]

34. סטוטשקאָוו (1949).

35. דער פּאָעט איז מסתּמא געווען ה. לייוויק.

און פֿרעגט מיך (ס'איז זייער אינטערעסאַנט): "איר ווייסט", זאָגט ער, "אַז איך האָב דאָך מחדש געווען. האָט איר מײַנע חידושים אַרײַנגענומען?" זאָג איך: "אפֿשר קענט איר מיר אָנווײַזן די חידושים אײַערע וואָס איר האָט?" זאָגט ער: "איך האָב אַרײַנגעפֿירט דאָס ערשטע אין דער ייִדישער דיכטונג דאָס וואָרט **אומקום**". זאָג איך: "**אומקום** האָט איר מחדש געווען?" ווער האָט אַרײַנגעפֿירט דאָס וואָרט **שטאַרב**? איך מאַך אַ שטאַרב. אָדער: איך גיב אַ לייען. ווער האָט אַרײַנגעפֿירט דאָס וואָרט? דער זעלבער, וואָס האָט אַרײַנגעפֿירט דאָס וואָרט, האָט אַרײַנגעפֿירט **אומקום**. וואָס איז אומקום? אומקום איז אַ סובסטאַנטיוו מיט אַ ווערבאַלער טעמע. איז פֿון יעדן ווערב, איר כאַפּט אַראָפּ דעם "ן", ווערט דערפֿון אַ סובסטאַנטיוו: אַרײַנקום, אַרויפֿקום, אַראָפּקום, און אומקום – אומקומען. [...]

אָדער, למשל, בײַ אונדז איז דאָ נעאָלאָגיזמען, וואָס אפֿשר קיינער האָט נאָך נישט באַניצט. ווײַל מיר געפֿינען, למשל, אַז פּונקט אַזוי ווי איר קענט זאָגן פֿרישטיקן, מיטיקן, קענט איר זאָגן שלוש־סעודתן, און מלווה מלכּהנען. זיי זײַנען געווען געוואַגט, די מאָדערנע, און מיר האָבן דאָס אַרײַנגעפֿירט.[36]

די געזאַמלטע ווערטער האָט סטוטשקאָוו אײַנגעסדרט אויפֿן מוסטער פֿון פּיטער מאַרק ראָזשעס ענגלישן **Thesaurus**, כאָטש ער האָט ניט אַלץ איבערגענומען.[37] די צאָל טעמאַטישע גרופּעס האָט ער רעדוצירט, פֿון **1000** אויף **620**, און די צאָל ווערטער, די אַרומנעמיקייט פֿונעם ווערק, האָט ער פֿאַרגרעסערט.

ראָזשעט, למשל, קען זיך פֿאַרגינען. ווען ער רעדט וועגן זאָאָלאָגיע, גיט ער אָפּ זעקס ווערטער און זאָגט "עטצעטעראַ". פֿאַר וואָס? אים איז נעבעך גוט, איר פֿאַרשטייט? ווײַל טאָמער ווילט איר וויסן זאָאָלאָגיע, איר גייט אַרײַן אין אַ [קראָם], איר קויפֿט זיך אַ זאָאָלאָגיע און איר האָט דאָרטן אַלץ.

וואָס זאָל איך טאָן? איך גאַראַנטיר אײַך, אין גאַנץ ניו־יאָרק איז דאָ אפֿשר צוויי ייִדן וואָס האָבן אַ זאָאָלאָגיע אַ ייִדישע, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען דאָרטן אין ווילנע. דער גאַנצער וויסנשאַפֿטלעכער מאַטעריאַל ליגט דאָ: מאַטעמאַטיק... עס וואָלט געווען אַ שאָד, אַז אַזאַ מין בוך זאָל אַרויס, עס זאָל כאָטש ניט זײַן, אַזוי צו זאָגן, די רודאַמענטאַרע באַגריפֿן, די פּשוטע, וועלכע מע דאַרף האָבן אין טאָג־טעגלעכן לעבן – זאָל ניט זײַן אין אַזאַ בוך, אין דעם "אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך". אויף דעם האָב איך אַוועקגעלייגט כּמעט צוויי און אַ האַלב יאָר אַרבעט, איבערצולייענען אַלץ און אַרויסצופֿישן יעדן איינציקן אויסדרוק, וואָס האָט זיך נאָר געלאָזט.

יאָר־אײַן, יאָר־אויס, האָט סטוטשקאָוו געאַרבעט ביז, אַרום **1944**, ס'איז אים אײַנגעפֿאַלן, אַז ער פֿאַרמאָגט ניט דעם נייטיקן וויסנשאַפֿטלעכן הינטערגרונט, כּדי צו פֿאַרפֿולקומען

---

36. אַ רעקאָרדירונג פֿון דער טרעפֿונג פֿונעם י. ל. כּהן פֿאָלקלאָר־קלוב פֿון **1948** האָט זיך אויפֿגעהיט אינעם קלאַנגאַרכיוו פֿון ייִוואָ.

37. ס'איז כּדאַי צו באַמערקן, אַז סטוטשקאָוו איז ניט געווען דער ערשטער, וואָס איז געקומען אויפֿן געדאַנק צו שאַפֿן אַ סינאָנימען־ווערטערבוך ענלעך אויף ראָזשעס. אין זאַמלבוך "בײַ אונדז ייִדן" (וואַרשע **1923**) האָט שמעון שפּיגעל געדרוקט אַזאַ פּלאַן "דער ייִדישער וואָרט־אוצר (ווערטערבוך לויט באַגריף־פֿאַמיליעס)" – אָבער שפּיגעל האָט זײַן פּלאַן ניט אויסגעפֿירט.

דעם פּראָיעקט. האָט ער זיך געוואָנדן צו ד״ר מאַקס ווײַנרײַך בײַם ייִוואָ און אָפּגעמאַכט מיט אים, אַז ווײַנרײַך זאָל רעדאַקטירן דעם ״אוצר״ און אים מכבד זײַן מיט דער אָפֿיציעלער ייִוואָ־הסכּמה, אַבי סטוטשקאָוו אַליין זאָל צונויפֿברענגען די נייטיקע פֿאָנדן פֿאַרן דרוקן.[38] האָט מען פֿאַרלייגט דעם ״אוצר־פֿאָנד״, מיטן באַקאַנטן קריטיקער שמואל ניגער פֿאַרן פֿאָרזיצער, כּדי צו שאַפֿן בײַשטײַערס און דעקן, כאָטש צום טייל, די דרוק־הוצאָות. מיט דער פּראָגראַם ״מאַמע־לשון״, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין 1948,[39] צוויי יאָר איידער דער ״אוצר״ איז אַרויס, האָט סטוטשקאָוו פֿאַר אַלעמען געצילט צו דערוועקן אַן אינטערעס צו זײַן ווערק; זײַנע צוהערערס זאָלן פֿאַר אים טאַקע געבן צו שטײַער אַ פּאָר דאָלאַר און זיך אויך פּרענומערירן, ער זאָל דאַרפֿן ווייניקער אויסגעבן פֿון דער אייגענער קעשענע. צום סוף האָט ער באַקומען בסך־הכּל איבער 10,000 דאָלאַר בײַשטײַערס, דער עיקר, פֿון זײַנע ראַדיאָ־שטיצערס און טעאַטער־פֿרײַנד, און אַן ענלעכע סומע פֿון די פּרענומעראַנטן.[40]

ווען דער ״אוצר״ איז אַרויס, אין 1950, האָט די ייִדיש־וועלט געפּראַוועט אַ ליטעראַרישן יום־טובֿ, אויף וועלכן עס זײַנען געקומען איבער 2000 מענטשן. דער קולטור־קאָנגרעס האָט געווידמעט זײַן 71סטן ראַדיאָ־סימפּאָזיום דעם ״אוצר״, און דער אינטערוויו מיט סטוטשקאָוון, געמאַכט פֿון פּרעסע־דירעקטאָר ל. שפּיזמאַן אָבער געשריבן פֿון סטוטשקאָוו אַליין, לייענט זיך ווי אַ לאַנגע רעקלאַמע.[41] אָבער אַ סטוטשקאָוו־רעקלאַמע איז תּמיד אַ מחיה צו לייענען, און דערבײַ גיט ער איבער די וויכטיקסטע פּרטים וועגן דעם אויפֿקום און סטרוקטור פֿון זײַן ווערק:

---

38. דער נאָמען ״אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך״ איז פֿאַר דער מלחמה געווען פֿאַרבונדן מיט אַ מין ווערטערבוך, וואָס דער פֿילאָלאָג זעליק קלמנאָוויטש האָט געהאַלטן אין צוגרייטן (ווײַנרײַך 1923, 25). קען מען משער זײַן, אַז ווײַנרײַך האָט פֿאָרגעלייגט דעם זעלבן טיטל פֿאַר סטוטשקאָווס ווערק ווי אַן אָנדענק פֿאַר זײַן חבֿר, וואָס איז אומגעקומען אינעם גרויסן חורבן.

39. פֿאַר ״מאַמע־לשון״, אין 1947, האָט סטוטשקאָוו געמאַכט אַן ענלעכע פּראָגראַם מיטן טיטל ״ווי די מאַמע פֿלעגט זאָגן״. פֿון דעם איז פֿאַרבליבן בלויז איין רעקאָרדירונג, אין דער סאַפּאָזשניק־זאַמלונג פֿון דער קאָנגרעס־ביבליאָטעק.

40. לויט אַ דאָקומענט צווישן זײַנע פּערזענלעכע פּאַפּירן: REPORT ON THESAURUS FUND ס'איז אויך דאָ אַ בריוו סטוטשקאָווס צו מאיר קאַסטאָף פֿונעם 5טן סעפּטעמבער 1950: (אין דער קאַסטאָף־זאַמלונג בײַ ייִוואָ, רג 414, קעסטל 1), ווו ער שרײַבט: ״לייגט צו אַן אויער, וועל איך אײַך אויסזאָגן אַ סוד, אַז צו דעקן די הוצאָות פֿעלט נאָך אַן אַכצן טויזנט דאָלאַר״.

41. ״ביולעטין״ פֿונעם קולטור־קאָנגרעס, נומ׳ 32 (43), דעם 27סטן יוני 1950 (פּערזענלעכע פּאַפּירן). דעם ראַדיאָ־סימפּאָזיום האָט מען טראַנסמיטירט זונטיק, דעם 2טן אַפּריל.

**שפּיזמאַן:** נאָך דעם ווי מיר האָבן געהערט אַ גוט וואָרט פֿון אונדזערע חשובֿע געסט, שמואל ניגער און לייבוש לעהרער, וועלן מיר האָבן אַ שמועס מיטן בעל־שׂימחה אַליין, דעם בעל־האוצר. פֿרײַנד סטוטשקאָוו, איך מוז אײַך זאָגן דעם אמת – ווען מען קוקט אויף דעם טויזנט־זײַטיקן בוך, וואָס ליגט איצט פֿאַר אונדז, גלייבט זיך קוים, אַז דאָס איז די אַרבעט פֿון איין מענטשן.

**סטוטשקאָוו:** זאָגן אײַך דעם אמת, פֿרײַנד שפּיזמאַן, ווען איך זע נישט אויפֿן שער־בלאַט "דער אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך פֿון נחום סטוטשקאָוו", וואָלט איך עס אַליין נישט געגלייבט.

**שפּיזמאַן:** ווי לאַנג האָט אײַך גענומען די אַרבעט?

**סטוטשקאָוו:** די פֿאַקטישע אַרבעט אַ יאָר 15.

**שפּיזמאַן:** וואָס מיינט איר מיט "פֿאַקטישע אַרבעט"?

**סטוטשקאָוו:** זאַמלען ייִדישע ווערטער, אויסדרוקן, ווערטלעך האָב איך אָנגעהויבן מיט אַן ערך 20 יאָר צוריק, ווי אַ ליבלינג־באַשעפֿטיקונג, אָדער ווי מען רופֿט עס דאָ, "האַבי". אָבער מיט 15 יאָר צוריק, ווען מײַן זאַמלונג האָט שוין דערגרייכט אין די שווערע טויזנטער, בין איך איין מאָל געשטאַנען בײַ מײַנע קאַרטאָטעקעס און געטראַכט: ווי גוט און ווי שיין דאָס וואָלט געווען, ווען מען נעמט אײַך, צעשאָטענע פּערל פֿון מאַמע־לשון, און מען ציט אײַך אויף אויף אַ שנירל, אַז ייִדן זאָלן זען וואָס פֿאַר אַ שטיקל צירונג זיי פֿאַרמאָגן. אין דעם טאָג איז בײַ מיר געבוירן געוואָרן די אַמביציע, דער געדאַנק צו שאַפֿן דעם "אוצר". און פֿון דעם טאָג אָן איז דאָס געוואָרן אויס "האַבי" און עס איז געוואָרן אַן אַרבעט, אַ סיסטעמאַטישע אַרבעט, וועלכער איך האָב אָפּגעגעבן יעדע פֿרײַע מינוט, וואָס איז מיר געבליבן פֿון מײַן פּרנסה־באַשעפֿטיקונג.

**שפּיזמאַן:** אין די "ידיעות פֿון ייִוואָ" האָב איך געלייענט, אַז דער "אוצר" נעמט אַרײַן אין זיך 175 טויזנט ווערטער און אויסדרוקן. איז דאָס אַ פֿאַקט?

**סטוטשקאָוו:** אויב עס וועט זיך געפֿינען אַ בעלן, וואָס וועט וועלן איבערציילן, וועט אים אפֿשר פֿעלן אַ פּאָר הונדערט צו די 175 טויזנט, אָבער בערך איז דאָס די צאָל פֿון די לינגוויסטישע איינסן, וואָס דער "אוצר" איז כּולל אין זיך. מיט "לינגוויסטישע איינסן" מיין איך: ווערטער, אויסדרוקן, פֿראַזעס, פֿאַרגלײַכונגען, ווערטלעך און שפּריכווערטער, מיט איין וואָרט, אַלע עלעמענטן, וואָס שטעלן צוזאַמען אַ שפּראַך.

**שפּיזמאַן:** אַחוץ שפּראַכוויסן האָט זיך דאָך געפֿאָדערט אַ ים מיט געדולד דורכצופֿירן אַזאַ קאָלאָסאַלע אויפֿגאַבע. וווּ האָט איר גענומען אַזוי פֿיל געדולד?

**סטוטשקאָוו:** איר זענט דאָך אַ וואַרשעווער, פֿרײַנד שפּיזמאַן, ווייסט איר דאָך, אַז מיר האָבן געהאַט אין וואַרשע אַ גאַס מיטן נאָמען דזשיקע. אין איינעם אַן אָוונט, ווען דער פֿראָסט האָט געברענט, בין איך אָפּגעשטאַנען אויף דזשיקע־גאַס אונטער אַ לאַמטערן דרײַ שעה צײַט און געוואַרט אויף אַ שוואַרץ־חנעוודיק מיידל. און זי איז נישט געקומען. ייִדיש איז מײַנע אַן אַלטע געליבטע און צו אַ געליבטער האָט מען געדולד.

**שפּיזמאַן:** פֿאַר וואָס האָט איר אײַער ספֿר אַ נאָמען געגעבן "דער אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך"? פֿאַר וואָס נישט פּשוט "ווערטערבוך"?

**סטוטשקאָוו:** דערפֿאַר ווײַל דער "אוצר" נעמט אַרײַן אין זיך מער ווי בלויז ווערטער, און דערפֿאַר ווײַל די קאָנסטרוקציע פֿון דעם "אוצר", זײַן געבוי, איז אַנדערש ווי דער פֿון אַ ווערטערבוך.

**שפּיזמאַן:** קענט איר עס דערקלערן פּשוטער?

**סטושקאָוו:** אַזוי פּשוט וואָס פּשוטער קען נישט זײַן. אין אַ ווערטערבוך זוכט איר דעם טײַטש פֿאַר אַ וואָרט – אין דעם "אוצר" זוכט איר אַ וואָרט פֿאַר אַ טײַטש.

**שפּיזמאַן:** נאָך אַלץ נישט פּשוט.

**סטושקאָוו:** וועל איך עס אײַך צעלייגן אויף אַ טעלערל. עס זיצן ייִדן און פֿאַרברענגען, זאָגט איינער: "געווען בײַ אונדז אין שטעטל אַ ייִד אַ פֿאַרבער מיטן נאָמען קלמן – אַ שלעכטער מענטש, די מאַמע פֿלעגט אים רופֿן... ווי פֿלעגט אים די מאַמע רופֿן?... עס ליגט מיר אויף דער צונג – ביילקע, דו געדענקסט ווי די מאַמע פֿלעגט רופֿן קלמן דעם פֿאַרבער?" ביילקע געדענקט אויך נישט, און דעם ייִדן גייט עס ממש אין לעבן זיך צו דערמאָנען, ווי די מאַמע פֿלעגט רופֿן קלמנען. וואָס זאָל ער טאָן? נאָכקוקן אין אַ ווערטערבוך – וואָס זאָל ער זוכן? אַז דעם טײַטש ווייסט ער: אַ שלעכטער מענטש. וואָס אים פֿעלט איז אַ וואָרט פֿאַרן טײַטש, ד"ה, אַן אַנדער וואָרט פֿאַר "שלעכטער מענטש". און דאָס האָט ער נישט ווו צו זוכן. ווען דער ייִד וועט אָבער האָבן בײַ זיך דעם "אוצר", וועט ער עס געפֿינען איינס און צוויי.

**שפּיזמאַן:** ווי אַזוי?

**סטושקאָוו:** זייער פּשוט. צום סוף פֿון דעם "אוצר" וועט ער געפֿינען אַ זוכצעטל, אַן אינדעקס, וווּ עס זײַנען אויסגעשטעלט לויטן אַלף־בית בײַ אַ דרײַסיק טויזנט ייִדישע ווערטער. און אַזוי ווי עס האַנדלט זיך וועגן אַ שלעכטן מענטשן, וועט ער בלויז דאַרפֿן אויסזוכן דאָס וואָרט **שלעכט**, לעבן דעם וואָרט **שלעכט** וועט ער געפֿינען דעם נומער 567. גיט ער אַ בלעטער דעם "אוצר" און געפֿינט דעם נומער 567, דער נומער פֿון דער גרופּע "שלעכטהאַרציקייט, אַכזריות", און זעט וואָס דער ייִד האָט געפֿונען: זעקס אָנגעפּיקעוועטע זײַטן מיט שפּראַך־מאַטעריאַל, וואָס האָט צו טאָן מיט שלעכטקייט. איך וועל בלויז לייענען אַ פּאָר שורות: **שלעכטער, בייזער, ביטערער מענטש, כּפּרהניק, מיץ מיט אויערן, הונט, הונט מיט אויערן, כּלב, כּלבֿ, כּלבֿ שבכּלבֿים, הינטישע לעבער, אַכזר, רשע, גזלן, רוצח, מערדער, היצעל, בלוטצאַפּער, בלוטזויגער, גאָרגלשנײַדער** אאַז"וו. האַנדלט זיך וועגן אַ שלעכטער פֿרוי, אַ קלמנעכע, געפֿינט ער פֿאַר איר אויך נעמען: **אשה רעה, אַכזרטע, רוצחטע, רשעטע, מרשעת, כּלבֿטע, כּל־הכּלבֿימטע, קליפּה, מכשפֿה, שלאַנג, זשמיִע, יאַשטשערקע, שיינדעלע מיט די בלויע ליפּעלעך, קאַנאַליע, קלעמפּע, זאַזיענטע, זאַיאַדלע, טריפֿהנע ייִדענע, זויערע וועטשערע** אאַז"וו. און איך בין זיכער, אַז צווישן די אויסגערעכנטע ווערטער, אָדער צווישן די, וואָס קומען ווײַטער, וועט דער ייִד געפֿינען דאָס וואָרט, מיט וועלכן די מאַמע זײַנע פֿלעגט באַטיטלען קלמן דעם פֿאַרבער. און נישט בלויז איינציקע ווערטער געפֿינט ער דאָ, נאָר הונדערט פֿראַזעס, ווערטלעך און שפּריכווערטער, וואָס האָבן אַ שײַכות צו שלעכטקייט.

צו מאַכן עס נאָך קלערער: דער אונטערשייד פֿון אַ געוויינטלעכן ווערטערבוך און דעם "אוצר" איז, וואָס אין אַ ווערטערבוך שטייען די ווערטער אויסגעשטעלט לויטן אַלף־בית, איין וואָרט מיטן צווייטן האָט קיין שײַכות נישט, **קליאַטשע** שטייט לעבן **קלאָטשע** און **קלויזניק** לעבן **קלויסטער**. אין אַ ווערטערבוך איז אַ וואָרט אַ פֿאַרוואָרלאָזטער יתום. אין דעם "אוצר" איז ער אַ מיטגליד פֿון אַ משפּחה און די משפּחה האָט אַ היים, ווו אַלע וואָס געהערן צו איר טוליען זיך איינס צום אַנדערן. אָט, למשל, שרײַבט מיר אַ ייִד, ער חלשט

ממש איך זאָל אים שיקן אַ קאָפּיע פֿון דעם **דרײַגאָרנדיקן מי־שברך**, וואָס איך האָב געמאַכט פֿאַראַכטאָגן אויף מײַן פּראָגראַם "מאַמע־לשון". ווען דער ייִד וועט האָבן דעם "אוצר", וועט ער צו מיר נישט דאַרפֿן אָנקומען. אין דער דירה נומער 559, ווו עס וווינען די קללות, וועט ער געפֿינען בײַ זיבן הונדערט מי־שברכס.

**שפּיזמאַן:** וויפֿל האָט איר אַזעלכע דירות אָדער גרופּעס?

**סטוטשקאָוו:** 620. די 620 גרופּעס נעמען אַרום אַלע באַגריפֿן פֿון דער מענטשלעכער, אָדער לאָמיר זאָגן ייִדישער שפּראַך. און דער "אוצר" איז מער ווי דאָס. דער "אוצר" איז דער אינווענטאַר פֿון אונדזער שפּראַך־פֿאַרמעגן, וואָס האָט זיך בײַ אונדז אָנגעזאַמלט פֿון דורות. איר געפֿינט דאָ די שפּראַך פֿון דער ליטעראַטור און פּרעסע, די שפּראַך פֿון דעם למדן, די שפּראַך פֿון דער אונטערוועלט, די לאָקאַליזמען, די דיאַלעקטאַליזמען, די אַרכאַיִזמען, און דער עיקר, פֿון וועלכע ייִדן וועלן אָנקוועלן, איז די צענדליקער טויזנטער ייִדישע אידיאָמען און וועטערלעך, וואָס גיבן אונדזער מאַמע־לשון אַזוי פֿיל שיינקייט און חן.

**שפּיזמאַן:** ווי לאַנג האָט גענומען אָפּדרוקן דעם "אוצר"?

**סטוטשקאָוו:** פֿולע צוויי יאָר צײַט.

**שפּיזמאַן:** פֿאַר וואָס אַזוי לאַנג?

**סטוטשקאָוו:** אַזוי לאַנג? ווען איך וווין נישט דאָס לעצטע יאָר אין דער דרוקערײַ און איך טרײַב נישט האַלדז און נאַקן, וואָלט עס גענומען ביז 1960. פֿאַרגעסט נישט, אַז דאָס איז דאָס ערשטע ייִדישע בוך געדרוקט אין מאָנאָטיפּ, מיט נקודות אונטער די העברעיִשע ווערטער. און דער עיקר, נישט פֿאַרגעסט, אַז דאָס בוך איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אונטער דער השגחה פֿון דעם ייִדישן וויסנשאַפֿטלעכן אינסטיטוט, ווו מע האָט פֿײַנט גרײַזן בתּכלית־השׂינאה. וואָס טאָמער, חלילה, שטייט דאָס פּינטעלע נישט אויפֿן ריכטיקן אָרט, איז הימל עפֿן זיך. איר זעט אָט די צוויי פּינטעלעך אונטער דעם וואָרט **פּר:ייקייט?** ווען דער בויגן איז שוין געווען אָפּגעדרוקט, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער גוי, וואָס האָט געמאַכט די פּלאַטן, האָט אויסגעשניטן די צוויי פּינטעלעך און דאָס קעפּל לייענט זיך "פּרייקייט" אַנשטאָט **פּר:ייקייט**. נו, בין איך צוליב דעם נישט געשלאָפֿן צוויי וואָכן, און דער רעדאַקטאָר, ד"ר מאַקס ווײַנרײַך – פֿיר וואָכן. און ווען עס האָט געהאַלטן דערבײַ, אַז מיר זאָלן ביידע, חלילה, אַוועקפֿאַלן פֿון ניט שלאָפֿן, האָב איך אַ מאַך געגעבן מיט דער האַנט – מילא, כּאשר אָבַדתּי אָבָדתּי, וועט מען אַוועקשטעלן נײַע פּינטעלעך און איבערדרוקן די פּאָר זײַטן.



פֿון חיים גינינגערס קאָרעקטור־עקזעמפּלאַר

**87. פּרײַקייט**

**ס: פּר:ייקייט, פּריצײַטיקייט, בײַצײַטנדיקייט**
**אאַז"וו** ← אַדי.

**וו: זײַן ‹קומען› בײַ צײַטנס ‹פּרי, פֿאַר פּרי**
**אאַז"וו›** ← אַדי און אינוו; **פּעדערן זיך; זײַן,**

**שפּיזמאַן:** איצט פֿאַרשטיי איך, פֿאַר וואָס עס האָט געקאָסט אַזאַ מאַיאָנטיק אַרויסצוגעבן דעם "אוצר".

**סטוטשקאָוו:** דרײַסיק טויזנט דאָלאַר. אָבער פֿאַר דעם צער האָבן מיר נחת. אַ שיין בוך, אַיאָ? וואַרט ביז איר וועט זען די לעדער־געבונדענע דעלוקס־אויסגאַבע.

**שפּיזמאַן:** באמת אַ צירונג פֿאַר אַ ייִדישער היים.

**סטוטשקאָוו:** מען דאַרף נאָר בעטן בײַ דעם, וואָס איך האָב די הענט נישט געוואַשן, אַז ייִדן זאָלן זיך וועלן אײַנשאַפֿן דאָס שטיקל צירונג. און אפֿשר יאָ, ווײַל אייגנטלעך איז דאָך עס נישט מײַן צירונג, נאָר זייער צירונג. אַלץ וואָס איך האָב געטאָן איז צוזאַמענגענומען די צעשאָטענע פּערל פֿון מאַמע־לשון און אויף אַ שנירעלע אויפֿגעצויגן – די פּערל גופֿא איז דאָך דאָס אייגנס פֿון פֿאָלק. און וועלכער ייִד וועט עס נישט וועלן וויסן, וואָס ער פֿאַרמאָגט?

**שפּיזמאַן:** איך בין זיכער, אַז די טויזנטער פֿרײַנד און חסידים, וואָס איר האָט זיך אָפּגעשפּאָרט דורכן ראַדיאָ, וועלן וועלן האָבן דעם "אוצר", שוין נישט רעדנדיק פֿאַר זײַן גרויסן ווערט, נאָר בלויז ווי אַ צייכן פֿון אָפּשאַצונג פֿאַר זײַן מחבר, נחום סטוטשקאָוו.

**סטוטשקאָוו:** פֿון אײַער מויל אין גאָטס אויערן.[42]

בסך־הכּל האָט דער "אוצר" אַרײַנגענומען אַרום 90,000 ייִדישע ווערטער און אַן ערך 8,000 אידיאָמען, וואָס אַ סך ווערן איבערגעחזרט אין די פֿאַרשיידענע גרופּעס, כּדי צו שאַפֿן די צאָל 175,000 לינגוויסטישע איינסן.[43] דאָס איז, פֿון דעסט וועגן, אָן אַ שיעור מער ווי עס האָט זיך געפֿונען אין דעם בעסטן פֿריִערדיקן ייִדישן ווערטערבוך, דער פֿון אַלכּסדנר האַרקאַווי, וואָס איז כּולל אין זיך בלויז 35,000 ווערטער.

דער "אוצר" האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם אויף דער ייִדישער גאַס, אַ סך אַ גרעסערער ווי מע וואָלט זיך געריכט פֿאַר אַזאַ מין וויסנשאַפֿטלעך ווערק. די קריטיקערס האָבן אים געלויבט אין הימל אַרײַן: "די דאָזיקע פּראַכטפֿולע אויסגאַבע דאַרף מען אויפֿנעמען ווי דאָס וויכטיקסטע ייִדישע בוך פֿון אונדזער דור און אַ קערפּונקט אין דער ייִדישער ליטעראַטור־געשיכטע".[44] "דער 'אוצר' איז דער וואָלקן־קראַצער פֿון אונדזער לשון. דער ספֿר־הברית פֿון אונדזער שפּראַך".[45] "עס איז

---

42. דער דאָזיקער אינטערוויו מיט סטוטשקאָוון געפֿינט זיך צווישן זײַנע פּערזענלעכע פּאַפּירן, צוזאַמען מיט אַ קורצער הקדמה, אַ דיאַלאָג צווישן סטוטשקאָוו און צבֿי סקולער.

43. די צאָל 90,000 ווערטער האָט סטוטשקאָוו אַליין אָנגעגעבן אין זײַן "מאַמע־לשון"־פּראָגראַם **גראַמאַטיק** (סקריפּט נומ׳ 517). די צאָל 8000 אידיאָמען ווערט געבראַכט אין דבֿ סדנס אַרײַנפֿיר צום "אוצר השפה העברית" (ז׳ יז). יודל מאַרק, ווידער, האָט געשאַצט די צאָל ווערטער, וואָס סטוטשקאָוו האָט געזאַמלט, ווי 67,000 (1973, ז׳ 35), און נתן זיסקינד ווי איבער 50,000 איינצלנע ווערטער (1953, ז׳ 37). דאָס נעמט זיך דערפֿון, וואָס אַ סך ווערטער חזרן זיך איבער אין באַזונדערע גרופּעס אָדער מיט קליינע שינויים.

44. Shatzky (1950).

45. רעצענזיע פֿון שמואל ראָזשאַנסקי אין "די ייִדישע צײַטונג", דאַטירט דעם 17־18־19 מײַ 1950 (פּערזענלעכע פּאַפּירן).

ניט פשוט אַ ווערטערבוך, עס איז אַ סופּער ווערטערבוך".[46] "אַ ווענדפּונקט אין דער געשיכטע פֿון אונדזער שפּראַך".[47] "בלי שום ספֿק די גרעסטע פֿאַרענדיקטע דערגרייכונג פֿון דער ייִדישער לעקסיקאָגראַפֿיע".[48]

כאָטש דאָס וואָרט "מאָנומענטאַל" חזרט זיך איבער כמעט אין יעדער רעצענזיע, האָבן לייענערס זיך אויך אָפּגערופֿן אויף אַ מער ראָמאַנטישן אופֿן: "איך לייען איַער 'אוצר' ווי מען לייענט אַ פּאָעמע", האָט י. י. טרונק געשריבן סטוטשקאָוון אין אַ פּריוואַטן בריוו – "ווי ווונדערלעך איז די ייִדישע שפּראַך און די ניואַנסירונגען פֿון אירע געמיטן!"[49] יעקבֿ גלאַטשטיין האָט אינעם "אוצר" ניט געפֿונען וואָס צו קריטיקירן: "ווען איך נעם אים אין דער האַנט, פֿאַרגעס איך גאָר, אַז מען דאַרף זיַין אַ קריטיקער און זוכן חסרונות. דאָס ייִדישע לשון שפּילט פֿאַר מיר טעאַטער אויפֿן גרויסן שטייגער, די עבֿרי איז מחיהדיק און איך זיץ און בין אויס קריטיקער און בלויז אַ באַוווּנדערער".[50] לכּבֿוד דעם "אוצר" האָט דער הומאָריסט וואָלף מערקור אַפֿילו אָנגעשריבן אַ ליד:

**דער אוצר פֿון ייִדיש**

דורך נחום סטוטשקאָווס ייִדיש־בוך,
זיַין לעקסיקאָן פֿון גראַמען,
מאַכט מיַין מוזע אַ פֿאַרזוך
פּאָעטיש אויפֿצופֿלאַמען.
און דורך זיַין "אוצר" פֿון דער שפּראַך,
מיַין דיכטונג קלינגט עקזאָטיש,
מיט פֿראַזן, ניט פֿאַר איַיך געדאַכט,
און ווערטער – האָטענטאָטיש.

46. רעצענזיע פֿון א. מוקדוני "די עשירות פֿון ייִדיש", מסתּמא געדרוקט אין "מאָרגן־זשורנאַל" (פּערזענלעכע פּאַפּירן).

47. רעצענזיע פֿון נתן זיסקינד (1953, ז' 36).

48. זינט י.מ. ליפֿשיץ האָט אָנגעשריבן זיַינע ייִדישע ווערטערביכער סוף 19טן י"ה – מאַקס וויַינריַיך, "אַ וואָרט פֿריִער פֿונעם רעדאַקטאָר" אינעם "אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך" (ז' IX).

49. טרונקס בריוו פֿונעם 2טן מיַי 1950 (פּערזענלעכע פּאַפּירן).

50. גלאַטשטיין (1950).

אָט "קבצן" האָט קיין גראַמען ניט,
נאָר קבצן איז אויך "דלות".
פֿאַר ווערטער פֿון דעם זעלבן שניט
דער "אוצר" גאָר אַ קוואַל איז:
ווי "דלפֿון", "נצרך", "אָרימאַן",
"אבֿיונים" – אַלץ צוזאַמען,
צו "קבצן" איז קיין גראַם פֿאַראַן,
נאָר "דלות" לאָזט זיך גראַמען.

ווען שעלטן עמעצן איך דענק,
אַ ניכפּה זאָל אים כאַפּן,
קריג איך אַ "קראַם", אַ "בראַנד", אַ "קרענק",
פּיאַווקעס בלוט צום צאַפּן;
"זאָל טראַסקען פּלאַצן דיר די גאַל",
"זאָלסט פֿון קדחת שוויצן",
"מען זאָל דיר וואַרפֿן כּף־הקל
און נאָך דיר שבֿעה זיצן!"

איך האָב געפּטרט צײַט אומזיסט,
כ'פֿלעג מוזן זיך פֿאַרטיפֿן;
נאָר פֿון דעם "אוצר" פֿליסט און שיסט,
מיט כּלערליי באַגריפֿן.
געווען ביז איצט די שפּראַך איז ענג,
גענוג פֿאַר באָבע טאָלצע.
נאָר פֿון דעם שפּראַכן־אוצר "סלענג"
קיין וואָרט פֿאַרשטאַנען וואָלט זי.

אַ שבֿח און דאַנק פֿאַר דעם באַשאַף,
ווײַל לײַכטער זינגען איז מיר,
אַ הימען פֿאַר דעם לעקסיקאָגראַף,
אַן אָדע און אַ מזמור,

פּאַכוואַלע, רום און קאָמפּלימענט,
און לויב אַ פֿולן זעקל,
אַ שם־טובֿ און אַפּלאָדיסמענט,
ווי אויך אַ קניפּ אין בעקל.[51]

די גרויסע שבֿחים קענען אויסזען גוזמאדיק, ביז מען דערמאָנט זיך, אַז די קריטיקערס זײַנען אַליין געווען ייִדישע שרײַבערס און אַז דער "אוצר" איז אַ מכשיר ספּעציעל געמאַכט פֿאַר שרײַבערס, ניט פֿאַר ייִדן פֿון אַ גאַנץ יאָר. אַ מעקסיקאַנער בוכהענדלער האָט זיך געוויצלט אין אַ בריוו צו סטוטשקאָוון: "עס איז דאָך אַ בוך פֿאַר אַ יודע־ספֿר, אָדער ממש פֿאַר אַ פֿאַכמאַן, אַ לערער, אַ שרײַבער, אַ פֿילאָלאָג, אַ פֿאָרשער און אַנדערע ענלעכע קבצנים... גבֿירים האָבן דאָך אַנדערע אוצרות".[52] פֿון דעסט וועגן, האָט דער "אוצר" זיך גוט פֿאַרקויפֿט: כּמעט 2000 עקזעמפּלאַרן ביזן סוף 1950 – אַ נישקשהדיקע הצלחה אין פּראָפּאָרציע מיטן באַגרענעצטן מאַרק פֿאַר אַזאַ מין טויזנט־זײַטיקן ייִדישן אײַנקוקבוך.[53] סטוטשקאָוו האָט פֿאַר זײַן אויפֿטו אַפֿילו געוווּנען פֿון קולטור־קאָנגרעס די "בימקאָ־פּרעמיע", ווערט $300.[54]

צום טייל קען מען צורעכענען דעם זייער פּאָזיטיוון אָפּרוף צו דער געדריקטער שטימונג נאָך דער מלחמה אין דער ייִדיש־ליטעראַרישער וועלט. די קריטיקערס האָבן אין דעם "אוצר" גלײַך געזען "אַ מאָנומענט אויף דעם חורבן ייִדישן לעבן אין דער אַלטער היים",[55] "אַ לעקסיקאָגראַפֿישן היכל",[56] אַפֿילו "אַ ווירדיקע מצבֿה".[57]

---

51. מערקור (1951). אין אַ הערה באַמערקט מערקור, אַז די אַלע סינאָנימען האָט ער גענומען פֿונעם "אוצר" און פֿון דעם "גראַמען־לעקסיקאָן".

52. בריוו פֿון י. וויניעצקי (פּערזענלעכע פּאַפּירן).

53. לויט אַ בריוו סטוטשקאָווס צום בוכהענדלער האַרעליק פֿונעם 7טן דעצעמבער 1950 (פּערזענלעכע פּאַפּירן).

54. לויט אַן אַרטיקל אין "די פּרעסע", געדרוקט דעם 30סטן מײַ 1951 (פּערזענלעכע פּאַפּירן). יעקבֿ שאַצקי האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין צוטיילן די פּרעמיע: ער איז געזעסן אויפֿן זשורי, ער האָט אַנאָנסירט די פּרעמיע, און זײַן רעצענזיע לייענט זיך ווי אַ לויבגעזאַנג פֿאַרן "אוצר".

55. וואַרשאַווסקי [באַשעוויס] (1950).

56. Shatzky (1950).

57. אַ רעצענזיע אין דער פּאַריזער צײַטונג "אונדזער שטימע" (פּערזענלעכע פּאַפּירן). דער גאַנצער ציטאַט: "זאָל טאַקע דאָס פּרעכטיקע בוך זײַן אַ ווירדיקע מצבֿה פֿאַר די אַלע שפּראַך־פֿאָרשער פֿון

סטוטשקאָוו אַליין, דאַרף מען זאָגן, האָט ניט געוואָלט, מע זאָל מאַכן פֿון זײַן אַרבעט עפּעס אַ געדענקשטייט לזכר דער ייִדישער שפּראַך און קולטור:

> יהי רצון אַז דער "אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך" זאָל חלילה ניט זײַן קיין שיינער מאָנומענט פֿאַר מאַמע־לשון, נאָר אַ שטאַפּל פֿאַר איר ווײַטערדיקער אַנטוויקלונג און באַרײַכערונג; יהי רצון אַז די דור־דורותדיקע עשירות וואָס איך האָב צונויפֿגעזאַמלט אין "אוצר" זאָל אונדז פֿירן צו אַ פֿולערן און רײַכערן ייִדישן לעבן און צו ווײַטערדיקער שעפֿערישער אַרבעט אין אונדזער ליבן און טײַערן לשון.[58]

די קריטיקערס האָבן אָבער אויך געהאַט טענות צו סטוטשקאָוון, און, נאָך מער, צו זײַן רעדאַקטאָר. זיי זײַנען, למשל, געקומען מיט רשימות פֿון ווערטער וואָס פֿעלן אין "אוצר", נאָר אין ס'רובֿ פֿאַלן, ווי דער רעצענזענט נתן זיסקינד האָט באַמערקט, פֿעלן די ווערטער גראָד ניט, "נאָר עס האָט זיי [די קריטיקערס] געפֿעלט... געדולד צו זוכן".[59] די ווערטער קען מען געפֿינען אין אַנדערע, נאָענטע גרופּעס, און דערפֿאַר האָט זיסקינד פֿאָרגעלייגט, מע זאָל אינעם זוכצעטל אַרײַננעמען ממש אַלע ווערטער, ניט בלויז די וויכטיקע, כּדי יעדער זאָל קענען גלײַך זען וואָס איז דאָ און וואָס פֿעלט נאָך.[60]

אָבער די הויפּט קריטיק האָט געהאַט צו טאָן מיטן רעדאַקטאָרס נאָרמאַטיוון צוגאַנג. "ד"ר מאַקס ווײַנרײַך מוז אין דאָס בעסטע און שענסטע אַראָפּלאָזן אַ טראָפּעלע דזשעגעכץ, און שטענדיק אין דער פֿאָרעם פֿון אַ נײַ, פֿון אים אויסגעטראַכט, אָדער אויסגעפּשטלט, וואָרט".[61] ער האָט, שרײַבט באַשעוויס, "אַרויפֿגעלייגט אויף דעם ווערק אַ חותם פֿון סוביעקטיוויטעט. עס זײַנען אין דעם

---

ייִדיש, ווי: נח פּרילוצקי, זעליק קלמנאָוויטש, זלמן רייזען און אַלע אַנדערע טויזנטער באַקאַנטע און נאָמענלאָזע זאַמלער און פֿרײַנד פֿון ייִוואָ, וועלכע זענען אומגעקומען אין די חורבן־יאָרן".

58. סטוטשקאָוו (1949, ז' 239).

59. זיסקינד (1953, ז' 37).

60. פֿאַר אַ צווייטער אויפֿלאַגע, פֿאַרשטייט זיך, וואָס איז קיין מאָל ניט אַרויס. מאַקס ווײַנרײַך האָט פֿאַר איר צוגעגרייט אַ לאַנגע רשימה מיט אויסבעסערונגען, וואָס געפֿינט זיך אין טעקע נומער 55 פֿון זײַן זאַמלונג אינעם ייִוואָ־אַרכיוו (רג 584).
הײַנט איז די פּראָבלעם פֿון געפֿינען די ווערטער שוין געלייזט, ווײַל מע האָט דעם "אוצר" דיגיטאַליזירט און געמאַכט "זוכעוודיק", סײַ מיט דער אָריגינעלער ייִדישער שריפֿט:
http://yivolibrarybooks.org/43566

סײַ אין טראַנסליטעראַציע:

http://www.cs.uky.edu/~raphael/yiddish/searchOytser.cgi

61. אַ. מוקדוני אין זײַן רעצענזיע "די עשירות פֿון ייִדיש" (פּערזענלעכע פּאַפּירן).

ווערק פֿאַראַן זייער פֿיל ווערטער, וואָס ייִדן האָבן קיין מאָל ניט באַנוצט, נאָר וואָס די פֿאָרשער פֿון ייִוואָ האָבן געמאַכט. די גאַנצע געשיכטע פֿון אָנווײַזן וועלכע ווערטער עס ווערן ניט רעקאָמענדירט, איז אומזיניק". ווײַנרײַך פֿאַרווערט, למשל, אַזעלכע דײַטשמעריזמען ווי "היילבאַר" און "שײַנבאַר" און רעקאָמענדירט אויף זייער אָרט "היילעוודיק" און "אַפּנימדיק".

קאָן אַ פֿילאָלאָג אַרויסוואַרפֿן אַ וואָרט, וואָס ווערט געניצט, און אַרײַנשטעלן אַנשטאָט דעם זײַן אייגנס אַ וואָרט? האָט ער די מאָראַלישע און וויסנשאַפֿטלעכע רעכט דערצו? – אַבסאָלוט ניט. [...] בכלל רעכנט זיך ד"ר ווײַנרײַך ניט מיט ווי די ווערטער ווערן גענוצט, נאָר מיט זײַנע אייגענע כּללים און מיט זײַן אייגענעם געשמאַק. [...] עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז אָט דער צוגאַנג איז ניט אויסגעהאַלטן אַפֿילו פֿון פֿילאָלאָגישן שטאַנדפּונקט, אָדער קוקווינקל. די שפּראַך ווערט געשאַפֿן פֿון אַ פֿאָלק, ניט פֿון פּראָפֿעסאָרן. ייִדן האָבן געזאָגט **אייגנטלעך** אין וואַרשע, אין ווילנע, אין קאָוונע, און זיי זאָגן דאָס אין ניו־יאָרק אויך. ד"ר ווײַנרײַך האָט ניט קיין שום רעכט אַוועקצושטעלן אַ צייכן, אַז אָט דאָס וואָרט איז פּסול. אויב ער אַליין וויל עס ניט נוצן, איז עס זײַן פּריוואַטע זאַך. [...] נחום סטוטשקאָוו האָט ניט געטאָרט געבן זײַן רעדאַקטאָר אַזוינע רעכט.[62]

אַפֿילו בײַ יעקבֿ שאַצקין האָבן די נעאָלאָגיזמען ניט נושׂא־חן געווען:

דאָס בוך האָט צוויי עיקרדיקע פּגמים: נעאָלאָגיזמען און אַן ערבֿ־רבֿ פֿון אַרכאַיִזמען, ווולגאַריזמען, ניט־סטאַנדאַרדיזירטע ווערטער, ניט־אָנגענומענע ריידענישן און דיאַלעקטן. אויב פֿאַר דער צווייטער גרופּע וואָלט מען געקענט ענטפֿערן, אַז אונטער די הײַנטיקע באַדינגונגען האָט מען געדאַרפֿט אָפּראַטעווען פֿונעם אונטערגאַנג די זעלטענע און שוין פֿאַרגעסענע ווערטער, וואָס מע קען ניט געפֿינען אין די ייִדישע ווערטערביכער – איז אָבער דאָס אַרײַננעמען פּריוואַט געשאַפֿענע טערמינען און באַגריפֿן אַ ניט־צולאָזיקע פֿרײַהייט. די דאָזיקע נעאָלאָגיזמען זײַנען אויסגעטראַכטע ווערטער, קינסטלעכע באַגריפֿן; מיט אַנדערע ווערטער: אַ נײַ־מאָדישע טערמינאָלאָגיע, וואָס וויפֿל זי זאָל ניט זײַן פֿאַרשטענדלעך דעם מחבר און דעם רעדאַקטאָר, בלײַבט זי אָבער אַ רעטעניש פֿאַרן לייענער. קיין היסטאָרישער פּרעצעדענט פֿאַר אַזאַ מין פּריווילעג איז ניט פֿאַראַן. דער פֿאַרפֿאַסער פֿון אַ ווערטערבוך איז ניט קיין וואָרטשאַפֿער, נאָר ער נעמט בלויז דעם אינוווענטאַר.[63]

אַ מער פּרטימדיקע קריטיק און גאַנצע רשימות מיט אויסגעטראַכטע און ניט־געוווּנטשענע ווערטער געפֿינען זיך אין דער רעצענזיע פֿון חיים־שלמה קאַזדאַן:

מילא, דער "אַ וואָרט פֿריִער" פֿון מ. ווײַנרײַך און די הקדמה פֿונעם מחבר זײַנען אָנגעפּאַקט מיט שווערע געקינצלטע ווערטער, ווי למשל, "אומפֿאַרמאַטערלעכע התמדה", "שפּראַכיקע דער", "פּרינציפּיעל קען יעדער העקוואָרט נתעלה ווערן", "די דערגרייונגען פֿון פּינקטלעכע וויסנשאַפֿטן", "זען אָפּצוגעווינען צוריק וויפֿל עס לאָזט

62. וואַרשאַווסקי [באַשעוויס] (1950).

63. Shatzky (1950).

זיך דורך וויסיקע באַמיזונגען", "אַ האַנטיקער מיטל" – איז דאָס אַ געשמאַק־זאַך. אָבער אינעם **טעקסט** פֿונעם "אוצר" גופֿא, אין דער קלאַסיפֿיקאַציע פֿון די גרופּעס און אין דעם רעגיסטער פֿון די ווערטער און אויסדרוקן, האָט מען אָט די געקינצלטע חידושים־ווערטער בשום־אופֿן ניט געטאָרט אַרײַנפֿירן. דאָס מאַכט שווערער צו באַנוצן זיך מיטן בוך. די אָנגעבלאָזענע "וויסנשאַפֿטלעכקייט" און די הויכע שטאָלצן פֿון פּוריסטישן ייִדיש – שרעקן דאָ אָפּ דעם לייענער און מאַכן אים פֿרעמד דאָס בוך.
אָט זײַנען בײַשפּילן פֿון די **קעפּ** אין די "גרופּעס לויט באַגריפֿן": **זעלביקייט, מיטלקייט, פֿאַרדעמ(די)קייט, נוליקייט, קיינמאָל(קייט), בײַזײַיקייט, אַוועקזײַיקייט, הענגיקייט, אונטערלייגונג, דרייונגג, האַפֿטיקייט, געוויסיקייט, אויסגעפֿין, קראַך, אָפּראָטונג, אײַנלאָזונג, פֿרײַליידיקייט, פֿליכטפֿאַרזעונג.** דאָס זײַנען אַלץ "קעפּ" פֿון **גרופּעס.** ווען דער לייענער זוכט אַ וואָרט, האָט ער אַזוי אויך שוועריקייטן מיט די גרופּעס, אָבער ווען די לעצטע ווערן באַטיטלט מיט נעמען וועלכע פֿאָדערן אַ פּירוש־רש"י און מען קען זיך אַפֿילו ניט אָנשטויסן וואָס זיי מיינען און באַטײַטן – טאָ ווי אַזוי וועט דער לייענער אויסגעפֿינען דאָס וואָס אים אינטערעסירט אין געגעבענעם מאָמענט?
און איצט בנוגע דעם טעקסט גופֿא. אויך דאָ זײַנען פֿאַראַן אַזוי פֿיל פֿרעמדע, קאַלטע, אָפּשרעקנדיקע, הילצערנע, קינסטלעך־געמאַכטע ווערטער. נאָר אַ קליין ביסל בײַשפּילן: **האַנטיק, היגלענדיש, אָנפֿלייץ, פּאַרשויניק, פֿירמאָטיוו, אַ וואָרט פֿריִער, אַ וואָרט פֿאָרויס, אומדרוקלעך, ווונדערדיק, גוטסגינונג, געגלידערט, אָפּשפּאָר, פֿאַרערונג, באַטאָגטקייט, דערוואַקסלינגשאַפֿט, איינסיקייט, מעסטאיינס, דריטלינג.** מען קען האָבן די בעסטע מיינונג וועגן אַזעלכע מינים עקספּערימענט־ווערטער – אָבער אַרײַננעמען זיי און קאַנאָניזירן זיי אין אַזאַ אויסגאַבע ווי דער "אוצר" – איז לכל־הפּחות פּריצײַטיק און אומנייטיק.
עס איז אויך איבערגעלאָדן מיט לאָקאַליזמען און ניואַנסירונגען פֿון לאָקאַליזמען, און אויך מיט אַזעלכע לאָקאַליזמען־אוניקומס וואָס ווער ווייסט פֿון וואַנען זיי שטאַמען און וואָס זיי באַטײַטן. אָט גייט, למשל, אַ פּעקל סינאָנימען פֿון "קלאַפּ": **קנאַק, קנאַל, זעץ, האַמער, קראַך, האַק, שאָס, באָמבאַרדע, (גע)שמעטער, דראַזג, טראַסק, טשאַסק, טרעסק, טראָמאַס, טאַראַמאַסק, טראַמאַסק, טאַראַמאַטש; זבענק, בראַזדענק; כמאַל(יע); באָכ(ע), בוכענצע, בוכ(ע), בוכטש(ע); זבאָך, (ז)באָכקע, דזשאָך, דזשוך, דזשוכניע; שטיכע, שטויסל, טראָנטשע, מאַרפֿאַץ, מירעטש, רומאַק, ליגע, פֿאַרנאַ, שרויף, סטיס, סטיסאַק, טעלעפּע; טערעבענץ, טעלעבענץ, בעלעבענטש, טעלעפּעטשע, טויטש, בויקער, לוש(ע), דיל; כליאַפּ, נאָכליאַפּ; פּליוך, ליאַזג, ליאַסק, כליאַסק, כליוסק, כליושטש, כליעשטש; וואַל(יע), וואַלגער, וואַלגאָזשע, וואָרף, שלײַדער, טלימע, טאַלעץ, שאָט; שמיץ, פֿיצקע; זאַרקע, זאַרגע, זענק, סמערגע, פּוץ, צופּ.**[64]

די ווייניק געניצטע לאָקאַליזמען, שרײַבט קאַזדאַן, האָט מען געדאַרפֿט דרוקן אין פּעטיט־שריפֿט אָדער באַזונדער. אומגעברויכלעכע און זעלטענע לאָקאַליזמען פֿאַרנעמען דאָס זעלבע אָרט ווי די לעבעדיק־צאַפּלדיקע ווערטער. מע וואָלט אַ סך פֿון

64. קאַזדאַנס רעצענזיע פֿונעם זשורנאַל "אונדזער צײַט" א"ט "דער אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך" (פּערזענלעכע פּאַפּירן). דערבײַ קען מען נאָך צוגעבן די ווערטער פֿון דער "קלאַפּ"־רשימה, וואָס קאַזדאַן האָט פֿאַרזען: **טשמעל(יע), טלוק, טליק; טיאָך, טיאָכק(ע), און ליש(ע)** ("אוצר" ז' 123, גרופּע 183 "אימפּולס, שטויס, קלאַפּ").

די זעלטענע און טעכנישע ווערטער כאָטש געדאַרפֿט פֿאַרטײַטשן, ווײַל אין קיין ווערטערבוך וועט דער לייענער זיי (נאָך אַלץ) ניט געפֿינען. קאַזדאַן געפֿעלט אויך ניט, וואָס אַזוי פֿיל ווערטער האָט מען אָפּגעשטעמפּלט ווי ניט־רעקאָמענדירט; גוטע ווערטער (ווי **אומגעברויכלעך**) ווערן דיסקוואַליפֿיצירט – פֿון בלויז 2 מענטשן – בשעת די אַלע ווילדע לאָקאַליזמען זײַנען גלײַך באַרעכטיקט!

אַנדערע קריטיקערס, ווידער, ווי שמואל ניגער און נתן זיסקינד, האָבן זיך אָנגענומען פֿאַרן נאָרמאַטיוון צוגאַנג. ״ווײַל – אָרדענונג מוז זײַן! [...] ייִדיש קען זיך דעם לוקסוס פֿון הפֿקרות ניט פֿאַרגינען״.[65] ״בײַ אונדזערע אומשטענדן איז נייטיק צו זאָגן בפֿירוש, נישט בלויז אַז, אַ שטייגער, ׳סוויט פּאָטייטאָ׳ איז אַן אַמעריקאַניזם, נאָר אויך אַז, זאָגן מיר, ׳המשך׳ אָדער ׳קאָנטינויִטעט׳ איז בעסער ווי ׳פֿאָרטזעצונג׳ אָדער גאָר ׳פֿאָרזעצונג׳״.[66] דער לייענער דאַרף ניט מסכּים זײַן אין יעדן פּרט, ער קען באַשליסן פֿאַר זיך אַליין – אָבער דערבײַ שאַט ניט צו וויסן וואָס ווערט רעקאָמענדירט פֿון אַן אויטאָריטעט. דער ״אוצר״ קען שפּילן אַ גרויסע ראָלע אין דער שפּראַך־נאָרמירונג, וואָס די קריטיקערס האָבן געהאַלטן פֿאַר אַ סגולה אָפּצושטעלן די ירידה פֿון ייִדיש.

> און דער ׳אוצר׳ נאָרמאַליזירט טאַקע: שטעלט אײַן דעם אויסלייג לויט די תּקנות פֿון ייִוואָ, שטעלט פֿעסט די פֿאָרמעס פֿון דער כּלל־שפּראַך אַקעגן די דיאַלעקטן; באַצייכנט וועלכע פֿרעמדווערטער זײַנען יאָ אַרײַן אין כּלל־ייִדיש און וועלכע זײַנען נאָך ניט אַרײַן, און מוזן באַטראַכט ווערן ווי פֿרעמדע ווערטער; באַצייכנט דערמיט אַלע לאָקאַליזמען: די אַמעריקאַניזמען, דײַטשמעריזמען, סלאַוויזמען; גרענעצט אָפּ דאָס ליטעראַטור־פֿעיִקע פֿונעם גראָבן און ווויל־יונגעריש. בכּלל קולטיווירט ער און דערציט צום גוטן סטיל און גוטן געשמאַק, שאַפֿט אַ געפֿיל פֿון דרך־ארץ פֿאַר ייִדיש, און ליבע און אָפּפֿערונג צו דער שפּראַך ווי צו דער וויכטיקסטער אַנטפּלעקונג פֿון ייִדישן גײַסט; און דער עיקר: אַחריות בײַם שפּראַך־באַנוץ ווי אַ מיטל צו ייִדישן אַחדות, ייִדישן המשך, ייִדישן אַנאַנד־פֿאַרשטיין און זעלבסט־פֿאַרשטיין, און ייִדישן קיום![67]

אַפֿילו די נעאָלאָגיזמען, די ״ווערטער־פֿאַרזעענישן״, וואָס געוויסע קריטיקערס האָבן ניט געקענט לײַדן, האָבן בײַ אַנדערע דווקא אויסגענומען; אַזעלכע נײַע ווערטער ״ווערן אין אָנהייב תּמיד און בײַ אַלע פֿעלקער באַטראַכט ווי קאַריקאַטורן; אָבער מען

---

65. זיסקינד (1953, ז׳ 37).

66. ניגער (1950).

67. זיסקינד (1953, ז׳ 38).

געווינט זיך צו זיי צו [...] די ווערטער אין סטוטשקאָווס ווערטערבוך זענען אי לויט די קלאַנגען, אי לויט די סופֿיקסן און פּרעפֿיקסן, אי אויך לויט דעם בוי אין גאַנצן ייִדיש".[68]

עס האָט זיך אַפֿילו געפֿונען איין רעצענזענט, וואָס איז געווען נאָך אַ שטרענגערער נאָרמאַטיוויסט ווי ווײַנרײַך אַליין. חיים גינינגער האָט געהאַט פּאַראיבל אויף דער לינגוויסטישער אָפּגעלאָזנקייט, וואָס האָט אַרײַנגעלאָזט אין "אוצר" אַזוי פֿיל דײַטשמעריזמען: "פֿאַר וואָס אַזוי פֿיל מידת־הרחמים לגבי דעם, וואָס שטעקט מיט אַ מעסער אין אונדזער לײַב?"[69] דער זוכצעטל נעמט ניט אַרײַן אַלע טײַטשן פֿון אַ וואָרט, עס פֿעלן גראַמאַטישע קאַטעגאָריעס; בכלל האָט סטוטשקאָוו ניט אויסגעשעפּט אַלע מקורות, איז דער אינווענטאַר פֿון ווערטער דעפֿעקטיוו. אָבער הינטער דער דאָזיקער קריטיק ליגט אַ פּערזענלעך מחלוקת, ווײַל גינינגער האָט געלייענט קאָרעקטור פֿונעם "אוצר" און דערבײַ זיך צעקריגט סײַ מיטן מחבר, סײַ מיטן רעדאַקטאָר:

> איך בין געוואָרן דער בעל־מגיה. אַ סך שפּאַרענישן מיט ביידע מחברים. געצאָלט האָט סטוטשקאָוו, האָט ער געהאַט כּוח צו וועלן האָבן דאָס לעצטע וואָרט. וו[ײַנרײַך] האָט אָן אַ שיעור מאָל זיך אָפּגעזאָגט מיר צו העלפֿן – פּשוט אַוועק געדרייט זיך און שוין. האָב איך נישט געלאָזט שטעלן מײַן נאָמען ווי דער קאָרעקטאָר. האָט ער באַלד געהאַט אַן עצה: איך זאָל שרײַבן אַ רעצענזיע און ער וועט ענטפֿערן. סטוטשק[אָוו] איז געוואָרן אין כּעס און האָט מיר אַפֿילו פֿאַרווערט צו נעמען אַן עקזעמפּלאַר פֿון "אוצר".[70]

אין אַלגעמיין, קען מען קאָנסטאַטירן, אַז בײַ סטוטשקאָוון האָט דער פּרינציפּ פֿון אַלץ־אַרײַננעמונג דאָמינירט איבערן פּריציפּ פֿון נאָרמירונג. דער "אוצר" און די פּראָגראַם "מאַמע־לשון" האָבן אַזוי אויסגענומען אויף דער ייִדישער גאַס דווקא דערפֿאַר, ווײַל סטוטשקאָוו אַליין איז געווען אַזוי פֿעסט אײַנגעוואָרצלט אין דער אַמעריקאַנער ייִדישער קולטור און ער האָט אין זײַנע ווערק אָפּגעשפּיגלט דאָס לעבעדיקע, שפּרודלדיקע אַמעריקאַנער ייִדיש, אַזוי ווי ייִדן האָבן עס דעמאָלט גערעדט. אין זײַנע ראַדיאָ־דראַמעס האָבן די העלדן אויף אַן אויטענטישן אופֿן

68. בערנפֿעלד (ז′ 1696).

69. גינינגער (ז′ 186). אין גינינגערס עקזעמפּלאַר פֿונעם "אוצר", וואָס געהערט הײַנט צו בנימין שעכטער, האָט ער אַרײַנגעשריבן פֿאַרשיידענע קאָמענטאַרן, למשל, וועגן דעם וואָרט **אַנטויִשט**, וואָס האָט ניט קיין קלין (דעם סימן פֿון אַ דײַטשמעריזם): "גאַנצע זעקס מאָל אַזאַ פֿאַרזעעניש!" (ז′ 599).

70. בריוו פֿון גינינגער צו שלמה בירנבוים ט′ תּמוז תּשל"ט, 4 יולי 1979, פֿון דער מרדכי שעכטער־זאַמלונג, ייִוואָ, רג 682, קעסטל 147.

געמישט שפּראַכן, אַרײַנגעפּלאָנטן ענגלישע ווערטער, אָדער זײַנען אַריבער פֿון איין שפּראַך צו אַ צווייטער און צוריק, וואָס דאָס הייסט אין דער לינגוויסטיק "איבעררוק פֿון קאָד" (code־switching בלע"ז).[71] אַפֿילו אינעם "אוצר" וועט זיך דער לייענער אפֿשר חידושן צו געפֿינען אין אַ ייִוואָ־אויסגאַבע אַזעלכע ווערטער ווי:

**שאָרט סוירקיט** (ז' 73), **פּייפּער־הענגער** (84), **נוירסערי רײַמס** (371), **ווילטשער** (87), **היטשהײַקער** (112), **קראָסטאַונבאָס** (118), **קאַדליוועראויל** (156), **טײַראָיד גלענד** (182), **סוירלוין־סטייק** (224), **טשאַפּ סוי** (224), **טשאָו מיין** (224), **פּײַנעפּל־דזשוס** (228), **בייבי־גראַנד־פּיאַנאָ** (256), **לאָנג־דיסטענס** (327), **מאָנקי־ביזנעס** (337), **שאַטאַפּ!** (361), **דרעס־ריהוירסל** (217), **דענדראָף** (373), **האַט־וואָטער־באַטל** (404), **עמפּלוימענט־איידזשענסי** (434), **פּאַוער אָוו אַטוירני** (679), **נײַטקלאָב** (562), **סאַלוויישן אַרמי** (655), **סאַנעוואַגאַן** [son of a gun] (668), **בראָנקס טשיר** (676), **סאַלון־קיפּער** (688), **בוטלעגער** (688), **נאָו טשעקי נאָו וואַשי** (701).

צו די איבער 1500 ענגלישע ווערטער, וואָס זײַנען אַרײַן אינעם "אוצר" און וואָס ווײַנרײַך האָט יעדן איינעם באַצייכנט מיט [אַמ] פֿאַר "אַמעריקאַניזם", קומען צו נאָך כמעט 3000 דײַטשמעריזמען, איבער אַ טויזנט סלאַוויזמען, 500 וווּלגאַריזמען, 700 קאָמישע אויסדרוקן, ווי אויך 500 אַרכאַיִזמען און ווערטער פֿון די פֿאַרשיידענע זשאַרגאָנען – פֿון דער אונטערוועלט, פֿון טעאַטער, פֿון קלעזמאָרים, אַרום 120 "דיאַלעקט"־ווערטער, 90 "סאָוועטישע", און נאָך.[72] בכלל האָט סטוטשקאָוו געבראַכט צו דער אַרבעט אַ לינגוויסטישע טאָלעראַנץ, וואָס איז געווען אַ גרויסע זעלטנקייט בײַ ס'רובֿ ייִדישע פֿילאָלאָגן, וואָס זײַנען געווען מחמירים. ער איז געווען אַ גרויסער מקיל אין פּסקענען שאלות פֿון כשר און טרייף וואָס שייך ווערטער. דאָס האָט זיך גענומען פֿון צוויי פֿאַקטאָרן: ערשטנס, זײַן טעאַטער־ און ראַדיאָ־באַשעפֿטיקונג, בײַ וועלכער ער האָט געדאַרפֿט מאַכן, אַז זײַנע צוהערערס, פּשוטע ייִדן, עמך, וואָס טייל האָבן אַפֿילו ניט געלייענט קיין ייִדיש, זאָלן אים אויך פֿאַרשטיין; און צווייטנס, זײַן אַלגעמיינער סקעפּטיציזם לגבי אײַנפֿירן נײַע ווערטער אין פֿאַלן, ווו דאָס ענגלישע וואָרט איז שוין אָנגענומען געוואָרן. אַזוי האָט ער איין מאָל געענטפֿערט, למשל, וועגן דעם וואָרט "רעפֿרידזשערייטאָר":

> אין מײַן "אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך" געפֿינען זיך אַ צאָל ווערטער וואָס מע וואָלט געקענט ניצן פֿאַר "רעפֿרידזשערייטאָר", ווי למשל: **קיל־אַפּאַראַט, קילקאַסטן,** און איך וואָלט פֿאָרגעלייגט **קילשאַפֿע** אָדער **קילשאַנק.** אָבער צי וועלכע עס איז פֿון די ווערטער וועלן זיך ווען עס איז אײַנבירגערן אין ייִדיש איז בײַ מיר אַ גרויסער

---

71. דער אויסדרוק "איבעררוק פֿון קאָד" איז פֿון ווײַנרײַך 1973, באַנד 4, ז' 4.

72. צו די דאָזיקע ציפֿערן זײַנען מיר געקומען אַ דאַנק דער הילף פֿון פּראָפֿעסאָר שמעון נויבערג.

ספק, ווײַל די טענדענץ בײַ די ייִדן אין אַמעריקע איז, אַז זאַכן, מיט וועלכע מיר האָבן זיך ערשט באַקענט דאָ אין אַמעריקע, און פֿאַר וועלכע מיר האָבן קיין מאָל נישט געהאַט קיין ייִדישע ווערטער, זאָלן מיר רופֿן מיט זייערע אַמעריקאַנער [נעמען]. צי דאָס איז גוט, צי שלעכט, איז אַן אַנדער פֿראַגע, אָבער דאָס [איז] דער פֿאַקט, און איך גלייב קוים, צי "רעפֿרידזשערייטאָר" וועט זײַן אַן אויסנעם.[73]

ס'איז סטוטשקאָוון ניט געגאַנגען אינעם כּשרות פֿון די ווערטער – פֿאַר דעם האָט געזאָרגט ד"ר ווײַנרײַך.[74] אַז דער ענין שפּראַך־נאָרמירונג האָט אים ווייניק אינטערעסירט זעט מען נאָך קלערער אין זײַן שפּעטערדיקן "אוצר השפה העברית". דאָרטן זײַנען ניטאָ קיין נאָרמאַטיווע הכשרים און וואָרענונגען, כאָטש דאָס ווערק נעמט אַרײַן אַ ים מיט אַרכאַיִשע און אַלטפֿרענקישע ווערטער. אינעם אַרײַנפֿיר באַמערקט דבֿ סדן בפֿירוש, אַז סטוטשקאָוו האָט ניט גענומען אויף זיך די ראָלע פֿון שפּראַך־פּוסק. ער האָט בלויז צוגעשטעלט דעם שפּראַך־מאַטעריאַל און זאָל דער לייענער אַליין אויסקלײַבן ווי ער פֿאַרשטייט.[75]

צום טייל האָט סטוטשקאָווס ציל – אַרײַנצונעמען אַלצדינג וואָס עס לאָזט זיך, כּדי דער "אוצר" זאָל אָפּשפּיגלען דאָס גאַנצע ייִדישע לעבן מיט אַלע פֿלעקן און חסרונות – סותר געווען אַן אַנדער ציל, וואָס ער האָט אויך געהאַט אין זינען: צו דערהייבן דעם פּרעסטיזש פֿון דער ייִדישער שפּראַך.

אַזוי גיך ווי מײַן "אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך" וועט אַרויס פֿון דרוק, וועלן ייִדן קענען נעמען ראָזשעס "טהעסאָרוס אָוו דהי אינגליש לענגוויטש" און פֿאַרגלײַכן גרופּע בײַ גרופּע מיטן "אוצר", און פֿאַרגלײַכנדיק וועלן זיי האָבן אַ רעכט שטאָלץ צו זײַן אויף זייער מאַמע־לשון, וואָס האָט זיך נישט צו שעמען אַפֿילו קעגן אַזאַ רײַכער שפּראַך ווי ענגליש.[76]

סטוטשקאָוו האָט אָבער גלײַכצײַטיק אויסגעניצט, און פֿאַרשטאַרקט, דעם פֿאַרשפּרייטן פֿאָראורטייל, אַז ייִדיש איז פֿאַר זיך אַליין אַ קאָמישע שפּראַך, אַ לשון פֿון שפּאָט און געלעכטער. פֿאַרן לייענער פֿונעם "אוצר" און "מאַמע־לשון", אָבער, איז דער הומאָר אַ

---

73. "מאַמע־לשון" סקריפּט נומ' 335.

74. "די גאַנצע אַחריות איז אויף מיר. חוץ וואָס איך בין דורכגעגאַנגען דעם גאַנצן 'אוצר' און צוגעגעבן אַ שפּאָר ביסל מאַטעריאַל, האָב איך דאָס פֿאָרגעלייגט דעם מחבר פֿונעם 'אוצר' אַרײַנצוברענגען עלעמענטן פֿון קוואַליפֿיקאַציע און דאָס האָב איך אין מײַן פֿונקציע פֿון אַ רעדאַקטאָר צוגעשטעלט אַלע סימנים וואָס זײַנען פֿאַראַן בײַ טייל ווערטער אין דעם בוך" (ווײַנרײַך 1951, ז' 194).

75. סדן (ז' כד).

76. "מאַמע־לשון" סקריפּט נומ' 340 ("רעווערענד").

גרויסער קוואַל פֿון פֿאַרגעניגן. דער העברעיִשער ליטעראַטור־פֿאָרשער מנחם פּרי האָט געשריבן: "איך זוך דעם מענטש, וואָס לאַכט כאָטש איין מאָל בײַם לייענען אַ העברעיִשן אוצר, אָדער אַפֿילו דעם מענטש, וואָס איז מסוגל צו לייענען אַזאַ אוצר לשם הנאָה".[77]

וואָס שייך דײַטש, די "שפּראַך פֿון עמלק", האָט סטוטשקאָוו אַרויסגעוויזן ווייניקער ברייטהאַרציקייט ווי פֿאַר ענגליש. אין "מאַמע־לשון" האָט ער אָן רחמנות גערודפֿט די דײַטשמעריזמען, וואָס האָבן זיך געהאַט אײַנגעוואָרצלט אין ייִדיש, און ער האָט אַפֿילו כּלמורשט געשטיצט אַזאַ מאָדנעם פֿאָרלייג פֿון זײַנעם אַ צוהערער:

> מיט אײַער פּראָיעקט, מ"ר כּהן, אַז מען זאָל אַלע ייִדישע ווערטער, וואָס שטאַמען פֿון דײַטש, פֿאַרבײַטן אויף העברעיִש, בין איך מסכּים מיט אײַך. אָבער איך וואָלט פֿריִער געוואָלט זען אַ מוסטער פֿון אײַער פּראָיעקט. למשל, איך וויל זאָגן צו מײַן ווײַב: "צילעטשקע, זײַ אַ גוטע, גיב עסן" – ווי זאָל איך עס זאָגן? איך וואַרט אויף אײַער ענטפֿער, מ"ר כּהן.[78]

פֿון דעסט וועגן רעאַגירט ער קעגן דײַטשמעריש ניט בלויז מיט כּעס, נאָר אויך מיט הומאָר, אַזוי ווי אינעם געשמאַקן מעשׂהלע, וואָס באַגלייט דאָס דײַטשישע וואָרט "סופּירן" אין דעם דאָזיקן באַנד.

פֿון אַזעלכע באַמערקונגען זעט זיך אַרויס דער ניט אין גאַנצן וויסנשאַפֿטלעכער צוגאַנג, וואָס איז געקומען אין קאָנפֿליקט מיט סטוטשקאָווס דרך־ארץ פֿאַר דער לינגוויסטיק. אָט שיט ער מיט פֿײַער קעגן די "משׂכּילישע פּשטלעך", די פֿאָלק־עטימאָלאָגיעס געשאַפֿן אָן קיין וויסנשאַפֿטלעכן יסוד, און אָט טראַכט ער אויס זײַנע אייגענע שיינע עטימאָלאָגיע־מעשׂהלעך.[79] ער זאָגט אַליין, אַז זײַן ציל איז ניט "צו זײַן אַן עטימאָלאָגישער ווערטערבוך פֿון דער לופֿט":[80]

> דער הויפּטציל פֿון פּראָגראַם "מאַמע־לשון" איז צו פֿאַרטײַטשן ייִדישע ווערטער און אויסדרוקן, וואָס נישט יעדן זײַנען זיי קלאָר, דערגרונטעוועןן זיך צו זייער מיין און צו דעם אופֿן פֿון זייער באַנוץ, אַרײַנבלאָזן אין זיי אַ רוח־חיים און זיי צוריק אויפֿלעבן אינעם מויל פֿונעם פֿאָלק, אויב זיי זײַנען פֿאַרגעסן געוואָרן. זייער אָפּשטאַם, זייער מקור איז אַ צווייטראַנגיקער עניין, וואָס קען בלויז אינטערעסירן אַ קליינע צאָל

---

77. פּרי 8.

78. "מאַמע־לשון" סקריפּט נומ' 515.

79. אַ מאָל שאַפֿט ער אַ גאַנצע דערציילונג, ווי פֿאַר **קאַפּעליוש־מאַכער** אין דעם דאָזיקן באַנד.

80. "מאַמע־לשון" סקריפּט נומ' 497.

וויסן־דאַרשטיקע יחידים און האָט נישט קיין פּראַקטישע באַדײַטונג.[81]

"מאַמע־לשון" האָט אַזוי אויסגענומען בײַם ייִדישן עולם פּונקט דערפֿאַר, ווײַל ס'איז ניט געווען צו וויסנשאַפֿטלעך, צו אַקאַדעמיש, נאָר לעבעדיק, מיט אַ ייִדישן טעם. אין דעם ראַדיאָ־סטודיאָ מיט סטוטשקאָוון זײַנען אַפֿילו געזעסן צוהערערס, וואָס האָבן פֿאַרן מיקראָפֿאָן געלאַכט פֿון זײַנע וויצן. די גאַנצע וויכטיקייט פֿון "מאַמע־לשון" ליגט דווקא אין דעם, וואָס זי מאַכט צוטריטלעך דעם רײַכן מאַטעריאַל פֿונעם "אוצר", וואָס ער אַליין איז צו קאָנדענסירט און טרוקן, אַז אַ פּשוטער ייִד זאָל אים קענען נעמען אין דער האַנט אַרײַן און סתּם אַזוי לייענען. וואָלף יונין, דער לאַנגיאָריקער שרײַבער פֿון דער "שפּראַך־ווינקל"־רובריק אין "טאָג־מאָרגן־זשורנאַל", האָט געוווּסט ווי אָפּצושאַצן אַזאַ מין פּאָפּולאַריזאַציע:

> די חכמה פֿון אַזאַ פּראָגראַם, וואָס האַלט אָן אַ פֿערטל שעה, איז ניט צו ווערן איינטאָניק, ניט צו קלינגען מעשׂה רבי און ניט צו באַליידיקן דעם צוהערער, חלילה. אָט דאָס טאַקע איז נחום סטוטשקאָוון געלונגען. אָבער מער ווי דאָס איז וויכטיק דער פֿאַקט, וואָס ס'איז אַ נחת־רוח סײַ פֿאַר קולטור־מענטשן און סײַ פֿאַר פּשוטע ייִדן צו הערן, לאַכן, הנאָה האָבן פֿון זײַנע געשיכטעס און ווערטלעך, און פֿראַגעס און ענטפֿערס און טאַקע דערבײַ עפּעס לערנען, בעת מען פֿאַרווײַלט זיך.
> אַזאַ ראַדיאָ־פּראָגראַם וואָלט געדאַרפֿט טראַנסקריבירט און איבערגעשפּילט ווערן אויף אַלע ייִדישע ראַדיאָ־שעהען איבער גאַנץ אַמעריקע – סײַ צוליבן קולטורעלן אויפֿטו, סײַ צוליב דער הנאָה פֿון דער ייִדישער משפּחה.[82]

אָבער הינטער די קוליסן פֿון דער שפּיל, אַזוי צו זאָגן, האָט זיך באַהאַלטן אַן ערנסטע און טרויעריקע מאָטיווירונג. דער "אוצר" האָט געדאַרפֿט ניט בלויז, ווי יעדער שפּראַך־אוצר, דינען דעם פּראַקטישן צוועק פֿון אַרויסהעלפֿן דעם שרײַבער אויסצוקלײַבן דאָס פּאַסיקע וואָרט, נאָר אויך אַ צווייטן און וויכטיקערן צוועק, פֿון זײַן אַ שפּײַכלער פֿאַר דער גאַנצער ייִדישער שפּראַך, אַן אינווענטאַר פֿון אַלע ווערטער און אויסדרוקן.[83] בדרך־כּלל האָט אַ ווערטערבוך בײַ אַנדערע שפּראַכן אַזאַ פֿונקציע, און דער מחבר פֿון אַן אוצר דאַרף בלויז איבערמאַכן דעם סדר פֿון די ווערטער לויט

---

81. "מאַמע־לשון" סקריפּט נומ' 494.

82. פֿון אַן אַרטיקל וואָלף יונינס "אויף דער ראַדיאָ" (פּערזענלעכע פּאַפּירן). יונינס פֿאָרלייג צו "טראַנסקריבירן" די פּראָגראַם האָט מען, צום טייל, שוין דורכגעפֿירט אין יענע יאָרן, ווײַל אויסצוגן פֿון "מאַמע־לשון" זײַנען טאַקע געדרוקט געוואָרן אין זונטיקדיקן "פֿאָרווערסט" (מײַ־יולי 1949) און אין דעם מעקסיקאַנער "דער וועג".

83. אַז די שפּײַכלער־פֿונקציע איז געווען דער ערשטער ציל פֿונעם "אוצר" שרײַבט סטוטשקאָוו בפֿירוש אין זײַן אַרײַנפֿיר (ז' XIX).

סעמאַנטישע קאַטעגאָריעס. אָבער אין ייִדיש האָט ניט עקסיסטירט אַזאַ ווערטערבוך, האָט סטוטשקאָוו גענומען אויף זיך די אויפֿגאַבע פֿון שאַפֿן אַ שפּײַכלער פֿאַר דער גאַנצער שפּראַך. פֿאַר ייִדיש איז דאָס פּלוצעם געוואָרן אַ דרינגענדיקער ענין, ווײַל נאָך דער מלחמה זײַנען אַ סך ווערטער געשטאַנען פֿאַרן אָפּגרונט פֿון פֿאַרגעסנקייט. סטוטשקאָוו האָט זיך אַפֿילו פֿאָרגעשטעלט, אַז גאָט האָט אים אויסגעקליבן, ער זאָל ראַטעווען ייִדיש אין אָנדענק פֿון די אומגעקומענע אייראָפּעיִשע ייִדן:

און לאָמיך אײַך זאָגן, מײַנע פֿרײַנד, אַז נישט איין מאָל ווען איך גיב אַ קוק אויף [דעם] דיקבײַכיקן בוך מײַנעם דערשרעק איך זיך: דאָס האָסטו געטאָן? ווי האָסטו גענומען אַזוי פֿיל כּוחות? און טייל מאָל איז ווי אַן אינערלעכע שטימע וואָלט מיר געענטפֿערט דערויף: ווער ווייסט? אפֿשר האָט דיך די השגחה אויסגעקליבן פֿאַר דער מיסיע, ווײַל זי האָט געזען וואָס די צוקונפֿט האָט גרייט פֿאַר אונדז. אפֿשר האָט זי דיך אויסגעקליבן פֿאַרן שליח, אַז דאָס לשון פֿון דײַן מאַמען, פֿון דײַן שוועסטער, פֿון דײַן משפּחה, אין וועלכער זיי האָבן געטאָן זייער לעצטן אויסגעשריי איידער דאָס פֿײַער פֿון טרעבלינקע האָט זיי פֿאַרצערט, זאָל נישט אָפּגעווישט ווערן פֿון דער ערד? אפֿשר. ווער ווייסט? ווען איך האָב אָנגעהויבן מײַן אַרבעט אויפֿן "אוצר", האָט קיינער פֿון אונדז אין זײַן ערגסטן קאָשמאַר נישט געקענט חלומען, אַז מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער וועלן מיר איבערלעבן דאָס גרעסטע נאַציאָנאַלע אומגליק אין אונדזער געשיכטע. ווען די אַרבעט איז געווען פֿאַרענדיקט, זײַנען מיר שוין אַלע געווען אבֿלים און געזעסן שבֿעה נאָך אונדזערע טאַטעס און מאַמעס, ברידער און שוועסטער, וואָס זײַנען פֿון עמלקן פֿאַרטיליקט געוואָרן. מיט זייער אומקום איז טרוקן געוואָרן דער קוואַל, פֿון וועלכן מיר האָבן געשעפּט אונדזער גײַסטיקן חיות, איז צו שטויב געוואָרן דער באָדן, וואָס האָט אונדז גענערט מיט זײַנע ייִדישע זאַפֿטן. איך האַלט עס פֿאַר אַ גרויסער זכיה וואָס אויף מײַן גורל איז אויסגעפֿאַלן אָפּצוראַטעווען בכּתבֿ אַ טייל פֿון דער גרויסער ירושה וואָס זיי האָבן אונדז איבערגעלאָזן, אונדזער ייִדיש לשון. און איך האָף, אַז "דער אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך", וואָס איך האָב מיט אַזוי פֿיל מי געשאַפֿן, וועט זײַן אַ סטימול פֿאַר דער ווײַטערדיקער אַנטוויקלונג פֿון ייִדיש און פֿאַרן המשך פֿון אונדזער ייִדישער נאַציאָנאַלער קולטור. איך האָף, אַז אונדזער פֿאַריתומט מאַמע־לשון, וואָס שוועבט איצט אין דער לופֿטן און זוכט אַ היים, וועט זי געפֿינען אין אַלע עקן פֿון דער וועלט ווו נאָר עס לעבן ייִדן, און אַז מיר וועלן אָפּהיטן און ווײַטער אַנטוויקלען מיט דער גרעסטער פּיעטעט די ירושה וואָס אונדזערע קדושים האָבן אונדז איבערגעלאָזט, אונדזער מאַמע־לשון.[84]

דער חורבן האָט אויך געוואָרפֿן אַ שאָטן אויף זײַנע ראַדיאָ־פּראָגראַמען, כאָטש סטוטשקאָוו דערמאָנט אים אויסדריקלעך נאָר זעלטן. אַוודאי ליגט הינטער זײַן איבערגעגעבנקייט אויפֿצולעבן פֿאַרגעסענע ווערטער פֿון דער אַלטער היים אויך דער ווונטש צו געדענקען די קרבנות און כאָטש אויף אַ גײַסטיקן, ווערטערלעכן אופֿן

84. פֿון אַ רעדע סטוטשקאָווס צווישן זײַנע פּערזענלעכע פּאַפּירן – צום טייל גענומען פֿון סטוטשקאָווס "הקדמה פֿונעם מחבר" אינעם "אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך" (ז' **XVIII**).

אויפֿצולעבן זייער חרובֿע וועלט. אויב דאָס אמתע שטעטל איז פֿאַרשוווּנדן געוואָרן, האָט ער אין זײַנע פּראָגראַמען געשאַפֿן אַ מין "ווירטועל שטעטל", וווּ די אַלטע היים און אירע אײַנוווינער זײַנען כּאילו אויפֿגעשטאַנען תּחית־המתים און וווּ זײַנע צוהערערס האָבן יעדן זונטיק געקענט פֿאַרברענגען.

כּמעט אַלע סטוטשקאָוו־פּראָגראַמען, סײַ די מעלאָדראַמעס, סײַ די קאָמעדיעס, זײַנען פֿאָרגעקומען אויפֿן אינטימען הינטערגרונט פֿון דער ייִדישער היים, אַזוי ווי דער נאָמען זאָגט אַליין: "בײַ טאַטע־מאַמעס טיש". די היימישקייט האָט זיך גענומען פֿון דער שפּראַך גופֿא, וואָס האָט געשאַפֿן אַן עמאָציאָנעלע פֿאַרבינדונג מיטן ייִדישן צוהערער, ווי אויך פֿון די טעכנישע מיטלען פֿונעם ייִדישן ראַדיאָ. סטוטשקאָוו, דער "מײַסטער פֿון עססטעטישער אינטימקייט",[85] האָט ניט געהאַט די רעסורסן פֿאַר גרויסע ספּעקטאַקלען; אַלצדינג האָט ער געשפּילט מיט אַ קליינעם אַנסאַמבל, אַרײַנגערעכנט זײַן ווײַב און קינדער. אין "מאַמע־לשון" האָט ער געשאַפֿן נאָך אַ שטאַרקערע פּערזענלעכע נאָענטקייט מיטן עולם, זיי כּמעט אַרײַנגענומען אין זײַן אייגענער משפּחה. יעדן פֿרעגער האָט ער גערופֿן "מײַן פֿרײַנד", "מײַן ליבע פֿרוי", "מײַן טײַערע".[86] די צוהערערס האָבן געפֿילט, אַז זיי קענען אים פּערזענלעך – אַזוי האָט איינער אים געשריבן:

> פֿאַראַנען מענטשן, וואָס אָבוויל איר האָט זיי פּערזענלעך קיין מאָל ניט געזען, בילדן זיי זיך אײַך אײַן אין אײַער דמיון, אין אײַער פֿאַנטאַזיע, ווי איר זאָלט קאָנען ווער ווייסט ווי לאַנג. איינער פֿון זיי זײַט איר, ליבער פֿרײַנד סטוטשקאָוו. הערנדיק אַזוי פֿיל פֿון אײַערע ראַדיאָ־פּראָגראַמען דוכט זיך, אַז יעדער קען אײַך שוין.[87]

ער האָט אַרײַנגעפֿלאָכטן זכרונות וועגן זײַנע טאַטע־מאַמע, עזריאל־זעליק און שׂרה־ביילע, אַ מאָל אויך וועגן זײַן שוועסטער, וואָס האָט געהייסן יענטעלע.

---

85. Kelman (1999, 194).

86. דערבײַ איז כּדאַי צו באַמערקן, אַז סטוטשקאָוו רעדט אָפֿט, ספּעציעל, צו זײַנע צוהערערינס, מיט אַ טאָן פֿון אויבן אַראָפּ, גלײַך ווי קיינע פֿון זיי וואָלט ניט געוווּסט גאָרניט וועגן ייִדישקייט. צום טייל, שטאַמט דער טאָן פֿון זײַן ראָלע ווי אַ מלמד, און זיכער צום טייל אויך פֿונעם אַלגעמיינעם סעקסיזם, וואָס איז געווען אַזוי פֿאַרשפּרייט אין יענע יאָרן.

87. בריוו צו סטוטשקאָוון פֿון מאַקס שטיין, 16 סעפּטעמבער 1950 (פּערזענלעכע פּאַפּירן). אַפֿילו מיטן "אוצר" האָבן לייענערס געפֿילט אַזאַ מין אינטימקייט: " ווען איך בלעטער דאָס גרויסע מאָנומענטאַלע ווערק, דוכט זיך מיר אויס, אַז פֿון דעם רעדט אַרויס סטוטשקאָוו" (שמולעוויטש 1969).

דערבײַ זאָגט ער ניט אויס, ווי אַזוי די מאַמע און שוועסטער זײַנען אומגעקומען, אָבער עס פֿילט זיך דאָס שטילע געדענקען, אַז דאָס דערציילט ער אין זייער אָנדענק.[88]

צווישן סטוטשקאָווס ממש טויזנטער ראַדיאָ־סצענאַרן געפֿינט זיך בלויז איין פּראָגראַם וואָס האָט פֿאַר איר הויפּט־טעמע דעם חורבן, און זי טראָגט דעם פּאַסיקן טיטל: "דער גיהנום". טראַנסמיטירט אין 1943 אין נאָמען פֿון דעם פֿינאַנץ־מיניסטעריום, דעם "טרעזשורי דעפּאַרטמענט" פֿון דער אַמעריקאַנער רעגירונג, מיט דער כּוונה צו פֿאַרקויפֿן מלוכישע ווערטפּאַפּירן ("וואָרבאַנדס" בלע"ז), האָט סטוטשקאָוו דאָ אויסגעדריקט זײַן פּערזענלעכן ווייטיק איבער דעם, וואָס ס'קומט פֿאָר אין אייראָפּע. אין דער ראָלע פֿונעם טאַטן, וואָס רעדט צו זײַן טאָכטער וועגן דער מלחמה, רעדט סטוטשקאָוו אַליין:

> די זאַך איז, מײַן טאָכטער, און דאָס מיין איך נישט נאָר דיך... דאָס מיין איך אַלע ייִדישע אַמעריקאַנער קינדער, וואָס האָבן געהאַט דאָס גליק צו געבוירן ווערן אָט דאָ... וואָס ווען איר רעדט וועגן ייִדן אין "יוראָפּ" רעדט איר וועגן מענטשן פֿרעמדע, וואָס איר האָט קיין מאָל אין די אויגן נישט געזען, און פֿאַר מענטשן, וואָס מען האָט קיין מאָל אין די אויגן נישט געזען, קען אַזוי נישט וויי טאָן דאָס האַרץ... אָבער מיר... איך... דײַן מאַמע... דײַן זיידע און באָבע... ווען מיר רעדן וועגן ייִדן אין "יוראָפּ", רעדן מיר וועגן מענטשן, מיט וועלכע מיר זענען צוזאַמען אויפֿגעוואַקסן, צוזאַמען אונדזערע יאָרן פֿאַרבראַכט... צוזאַמען לייד און פֿרייד דורכגעלעבט... וואָס זענען אַ טייל פֿון אונדז. פֿאַר אײַך איז וואַרשע נישט מער ווי אַ נאָמען אויף דער "מעפּ", אָבער פֿאַר אונדז... פֿאַר מיר און פֿאַר דער מאַמען... פֿאַר אונדז איז עס אַ שטיק פֿון אונדזער לעבן... אַ שטיק פֿון אונדזער נשמה. און ווען איך לייען וואָס דאָרטן טוט זיך, און איך גיב אַ טראַכט, וואָס עס וואָלט געווען, חלילה, ווען איך קום נישט אין אַמעריקע, נאָר איך בלײַב דאָרטן, ווו מיליאָנען ייִדן זענען פֿאַרבליבן, ווען איך ווין נישט אויף "בעי פּאַרקוועי", נאָר אויף דזשעלנע נאָמער דרײַ, אין דער פֿינצטערער געטאָ.[89]

בײַם סוף, האָט סטוטשקאָוו געווידמעט די פּראָגראַם זײַן מאַמען און זײַן שוועסטער, וואָס האָבן זיך דעמאָלט געפֿונען אין וואַרשעווער געטאָ – "אין זייער נאָמען, אויב זיי לעבן נאָך, אין זייער אָנדענק, אויב זיי זײַנען שוין נישטאָ".

88. סטוטשקאָווס טאַטע איז מסתּמא געשטאָרבן פֿאַר דער מלחמה. זײַן ברודער אַהרן, אַ לאָנדאָנער רבֿ, האָט סטוטשקאָוון איבערגעלעבט (Nahum Stutchkoff, Yiddish Dramatist [נעקראָלאָג]).

89. פֿון "דער גיהנום" איז פֿאַרבליבן איין סקריפּט, וואָס ליגט צווישן סטוטשקאָווס "פֿאַרשיידענע סקיצעס" (Miscellaneous Sketches), ווי אויך איין (אָפּגעהאַקטע) רעקאָרדירונג, אין דער סאַפּאָזשניק־זאַמלונג בײַ דער קאָנגרעס־ביבליאָטעק. אַרי קעלמאַן באַהאַנדלט די פּראָגראַם באַריכות (Kelman 2009, זז' 195־194). אַגבֿ, האָט סטוטשקאָוו דעמאָלט טאַקע געוווינט אויף "בעי פּאַרקוועי".

אַחוץ "דער גיהנום" איז די טעמע פֿונעם חורבן געווען צו טרויעריק און אומבאַקוועם פֿאַר סטוטשקאָוון, זײַנע צוהערערס און זײַנע "ספּאָנסאָרס", אַז ער זאָל קענען אָפֿן רעדן וועגן אים. דער נאָסטאַלגישער אופֿן געדענקען אין "מאַמע־לשון", מיט ליבשאַפֿט און הומאָר, איז געווען בעסער צוגעפּאַסט צו דער סענסיטיװקייט פֿון דער ברייטער ראַדיאָ־צוהערערשאַפֿט, וואָס זיי האָבן סײַ ווי ניט געוואָלט הערן וועגן אַזעלכע אמתע צרות, וואָס זיי האָבן שוין געקענט צו גוט. אויפֿן חורבן האָט זיך סטוטשקאָוו אָפּגערופֿן אויף אַ מער פֿאַרשטעלטן אופֿן, דורך דעם, וואָס ער האָט זיך באַניצט מיטן באַקאַנטן שטעטל־מיטאָס, וואָס האָט זיך פֿאַרשטאַרקט צווישן די אַמעריקאַנער ייִדן נאָך דער מלחמה.

לויטן שטעטל־מיטאָס, זײַנען אַלע ייִדן אין מיזרח־אייראָפּע פֿאַר דער מלחמה געווען גוט און פֿרום. אַלע האָבן זיי געוווינט אין שטעטלעך, אין אַן אָפּגעזונדערטער, עכט־ייִדישער סבֿיבֿה. פֿון די מאָדערנע וועלטלעכע ייִדן, וואָס זײַנען געווען די מערהייט אין מיזרח־אייראָפּע פֿאַרן חורבן, איז כּמעט ניטאָ קיין סימן אין "מאַמע־לשון".[90] פֿון סטוטשקאָווס זכרונות אין "מאַמע־לשון" וואָלט מען געקענט מיינען, אַז ער האָט פֿאַרבראַכט די גאַנצע צײַט אין בראָק אַרומגערינגלט מיט כּל־מיני שטעטלדיקע טשודאַקעס, ווי פֿון שלום־עליכמס אַ מעשׂה אַרויס, כאָטש פֿאַקטיש האָט ער געלעבט ס'רובֿ צײַט אין וואַרשע און אַפֿילו געאַרבעט עטלעכע יאָר אין גאָטלאָזן ראַטן־פֿאַרבאַנד. אַ מאָל דערפֿירט דאָס ביז אַבסורד, ווי, למשל, אין שײַכות מיטן וואָרט "פֿלאָמבער", ווו סטוטשקאָוו טענהט, אַז קיין וואָרט פֿאַר דעם האָט ניט עקסיסטירט אין ייִדיש, ווײַל אינעם שטעטל איז ניט געווען קיין מאָדערנע קאַנאַליזאַציע – אַזוי ווי קיין ייִדן וואָלטן ניט געוווינט אין די גרויסע שטעט. אַזעלכע מאָמענטן דערמאָנען דעם לייענער, אַז סטוטשקאָווס "ווירטועל שטעטל" איז, ניט געקוקט אויף זײַן גאַנצן חן, אַ פֿאַנטאַזיע, וואָס אַזוינס האָט בפּועל־ממש קיין מאָל ניט עקסיסטירט.

פֿון דעסט וועגן, האָט סטוטשקאָווס שטעטל געדינט ווי אַ סובסטיטוט פֿאַרן אמתן, פֿאַרלוירענעם צענטער פֿון "ייִדישלאַנד" אין מיזרח־אייראָפּע. דערצו האָט ער געשאַפֿן אַ נײַע ייִדישע געאָגראַפֿיע אויף דער אַמעריקאַנער ערד, וואָס זאָל פֿאַרטרעטן

90. פֿאַקטיש זײַנען ס'רובֿ אַמעריקאַנער ייִדישע אימיגראַנטן געקומען פֿון די קליינע שטעטלעך איידער אַ סך אייראָפּעיִשע ייִדן האָבן זיך פֿאַרוועלטלעכט, איז דער שטעטל־מיטאָס בײַ זיי געווען באַזירט אויף אמתע זכרונות.

די אַלטע געאָגראַפֿיע. אַנשטאָט ווילנע און וואַרשע האָט ער באַזעצט די העלדן פֿון זײַנע פּראָגראַמען אין נײַע ייִדישע שטעט: באָראָ־פּאַרק, וויליאַמסבורג, פֿלעטבוש. אין "מאַמע־לשון", בײַ יעדן בריוו מיט אַ פֿראַגע אַרײַנגעשיקט פֿון אַ צוהערער גיט סטוטשקאָוו אָן די געגנט, וווּ ער וווינט – די בראָנקס, ברוקלין, נוואַרק ניו־דזשורזי אאַז"וו – אַפֿילו ווען קיין נאָמען איז ניטאָ. ער זאָגט סתּם "אַ ייִד", כּדי יעדער צוהערער זאָל קענען זיך דערמיט אידענטיפֿיצירן.

קיין ספֿק ניט, אַז אַ סך, אויב ניט ס'רובֿ אַזעלכע "בריוו", זײַנען געווען פֿיקטיווע, און די נעמען מיט די אַדרעסן זײַנען אויסגעטראַכט. קודם־כּל, האָבן זייער ווייניק אַזעלכע בריוו זיך אויפֿגעהיט – אַ זעלטענער אויסנאַם איז דער בריוו פֿון פּנחס רודאַי וועגן דעם אויסדרוק **מצה־וואַסער**. דערצו זעט מען אין די כּתבֿ־ידן, אַז איין נאָמען איז אַ מאָל אויסגעמעקט און אַ צווייטער אָנגעשריבן אויף זײַן אָרט. עס זײַנען אַפֿילו דאָ צוויי סצענאַרן מיט דער זעלבער פֿראַגע, אָבער מיט פֿאַרשיידענע נעמען פֿון פֿרעגער. וועגן דעם וואָרט "סוועטער", למשל, האָט סטוטשקאָוו אָנגעשריבן איין סצענאַר וועגן צוויי ייִדישיסטן וואָס גייען אויס פֿאַר קעלט, ווײַל זיי ווילן ניט ניצן דאָס ענגלישע וואָרט; און דערנאָך (מחמת אין אַזאַ סיטואַציע וועט קיינער ניט גלייבן) אַ צווייטן סצענאַר וועגן דער "באָבע מילער", וואָס אַן אייניקל האָט זי געפֿרעגט ווי דאָס הייסט אויף ייִדיש.[91] זײַנע ראַדיאָ־דראַמעס, האָט ער אָפֿט געטענהט, זײַנען אויך כּלומרשט געווען באַזירט אויף אמתע פּאַסירונגען. אַזאַ "פֿיקטיווע אמתדיקייט" איז געווען אַן אָנגענומענע טראַדיציע אין דער ייִדישער קולטור, ווי מע ווייסט פֿונעם באַרימטן "בינטל בריוו".

ווי ס'רובֿ אַמעריקאַנער ייִדן, איז סטוטשקאָוו נאָך דער מלחמה געוואָרן מער טראַדיציאָנעל און רעליגיעז.[92] די בינע־פּיעסעס זײַנע און פּראָגראַמען פֿון די 1920ער און 1930ער יאָרן האָבן געוויינטלעך אַ קליין שײַכות צו ייִדישקייט, בעת אין די 1940ער האָט סטוטשקאָוו אָפֿן דערמוטיקט זײַנע צוהערערס צו ווערן מער ייִדישלעך, ספּעציעל אין "מאַמע־לשון". אין נאָמען פֿון די קדושים, די אומגעקומענע אייראָפּעיִשע ייִדן, וואָס ער האָט געהאַלטן פֿאַר בעסערע און עכטערע ייִדן ווי די אַמעריקאַנער

91. "מאַמע־לשון" סקריפּט נומ' 294.

92. עס קען זײַן, אַז נאָר סטוטשקאָווס ראַדיאָ־פּערסאָנאַ איז געוואָרן פֿרימער, ווײַל זײַן אייניקל, סטיווען באַראָן, געדענקט, אַז ער איז ניט געווען רעליגיעז און האָט, למשל, אום פּסח געמאַכט דעם סדר וואָס גיכער (אינטערוויו דעם 8טן דעצעמבער 2011).

״אָלרײַטניקעס״, מוסרט סטוטשקאָוו זײַנע צוהערערס, וואָס זיי קויפֿן ניט געווענג ייִדישע ביכער (**סמבטיון**), און לאַכט פֿון זייער לײַכטער באַציִונג צום ייִדישן דין (**שבת נאָכן קוגל**). ער דערמוטיקט זיי צו שיקן די קינדער לערנען תּורה, ניט בלויז וועלטלעכע זאַכן. אין זײַנעם אַ בריוו געדרוקט נאָך דער מלחמה אין אַ סוּווענירזשורנאַל פֿונעם ״בראָנקער רעליעף־קאָמיטעט״, האָט סטוטשקאָוו געשריבן, אַז דער בעסטער מאָנומענט פֿאַר די חרובֿע קהילות פֿון אייראָפּע איז אַ ייִדישע דערציִונג.[93] אַמעריקאַנער ייִדן, האָט ער געטענהט, דאַרפֿן זיך לערנען העברעיִש, ווײַל קיין ייִדיש קען מען ניט רעדן אָן דעם העברעיִשן קאָמפּאָנענט:

> קענט איר מיר אַוודאי זאָגן, אַז איר זענט נישט מחויבֿ צו קענען קיין העברעיִש, וועל איך אײַך ענטפֿערן, אַז איר זענט יאָ מחויבֿ. איר זענט אפֿשר נישט מחויבֿ צו קענען לייענען ביאַליקן אין אָריגינאַל, אָבער אַ קאַפּיטשקע העברעיִש זענט איר יאָ מחויבֿ צו קענען, כאָטש אַזוי פֿיל, וויפֿל אײַער מאַמע, וואָס האָט שבת געלייענט דעם טײַטש־חומש, האָט געקענט. העברעיִש, מײַן ליבער ייִד, איז אַן אינטעגראַלער טייל פֿון ייִדיש און אַ ייִד, וואָס קען נישט כאָטש אַ ביסל העברעיִש, קען נישט קענען ייִדיש. נאָר מילא, פֿאַר אײַך איז עס שוין אפֿשר צו שפּעט, איז זעט כאָטש, אַז אײַער קינד אָדער אײַער אייניקל זאָל עס קענען. [...] די תּורה וואָס זיי לערנען אין ״פּאָבליק סקול״ קען אַ קאַץ אויפֿן עק פֿאַרטראָגן. אַ ביסל איבעריקע תּורה, ייִדישע תּורה, ייִדישע חכמה, וועט זיי אָסור שאַטן צום געזונט.[94]

סײַ אין ״מאַמע־לשון״, סײַ אין זײַנע ראַדיאָ־דראַמעס האָט סטוטשקאָוו געוואָרנט און אַגיטירט קעגן דער אַסימילאַציע. די מעשׂה פֿון אַ געמישטער חתונה, וואָס ענדיקט זיך אויף אַ טראַגישן אופֿן, איז געווען אַ פֿאַרשפּרייטער מאָטיוו אַפֿילו פֿאַר דער מלחמה – נאָך איר איז דער גוי געוואָרן נאָך ערגער.[95] אין איין עפּיזאָד פֿון ״צרות בײַ לײַטן״, למשל, ווײַזט זיך אַרויס, אַז דער חתן, דער גוי, איז אַ נאַצי.[96] די מורא פֿאַר

---

93. סטוטשקאָוו 1947, ז׳ 2־3.

94. ״מאַמע־לשון״ סקריפּט נומ׳ 615.

95. אויפֿן וועבזײַטל פֿונעם ״ייִדישן ראַדיאָ־פּראָיעקט״, למשל, קען מען הערן אַן עפּיזאָד פֿון ״בײַ טאַטע־מאַמעס טיש״, וואָס ווערט באַצייכנט ״בעלאַס סוד״ (Bella's Secret) – וועגן אַ געמישטער חתונה, וואָס ענדיקט זיך מיט אַן אויטאָ־אַקצידענט.

96. ״צרות בײַ לײַטן״ סקריפּט נומ׳ 77. אין דעם עפּיזאָד קומט פֿאַר אַזאַ סצענע, ווי דער מאַן קומט אַהיים שפּעט בײַ נאַכט פֿון קרעטשמע:

**הענרי:** (שיכּורלעך, זינגט פֿון ווײַטן און דאָס געזאַנג קומט אַלע מאָל נענטער) הײַל היטלער!
**פּוירל:** הענרי!
**הענרי:** I said "Heil Hitler".
[כ׳האָב געזאָגט ״הײַל היטלער״.]
**פּוירל:** Say something new. Where have you been?

דער אַסימילאַציע – ספּעציעל פֿאַרן בולטן פֿאָרויסמאַרש פֿון דער שפּראַך־אַסימילאַציע בײַ אַמעריקאַנער ייִדן – האָבן צוגעגעבן צו סטוטשקאָווס ייִדיש־טעטיקייט נאָך דער מלחמה, בפֿרט צו זײַן לעקסיקאָגראַפֿיע, אַ נײַעם ברען און אימפּעט.

## דער גרויסער ווערטערבוך

מיטן "אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך" האָט סטוטשקאָוו ניט פֿאַרענדיקט זײַן לעקסיקאָגראַפֿישע אַרבעט, נאָר גראָד פֿאַרקערט – ער איז באַלד אַריבער צו אַ פּראָיעקט אַ פֿיל גרעסערן, פֿאַר וועלכן דער "אוצר" איז בלויז געווען אַ מין אַרײַנפֿיר: דער "גרויסער ווערטערבוך פֿון דער ייִדישער שפּראַך".[97] ווי אַזוי דער "גרויסער

---

[זאָג עפּעס נײַס. ווו ביסטו געווען?]

**הענרי:** To the Ratskeller, if you want to know. We had a speaker who just came from the "Vaterland" and he told us something about you

[צום ראַטסקעלער, אויב דו ווילסט וויסן. מיר האָבן געהאַט אַ רעדנער, וואָס איז נאָר וואָס געקומען פֿונעם פֿאָטערלאַנד און ער האָט אונדז דערציילט עפּעס וועגן אײַך.]

**פּוירל:** About me?

[וועגן מיר?]

**הענרי:** About all of your "verfluchtes Judengesindel".

[וועגן דײַן גאַנצן פֿאַרשאָלטענעם ייִדן־געזינדל.]

**פּוירל:** What became of you, Henry. What became of you in such a short time.

[וואָס איז געוואָרן פֿון דיר, הענרי? וואָס איז געוואָרן פֿון דיר אין אַזאַ קורצער צײַט...]

**הענרי:** A German! That's what became of me.

[אַ דײַטש! אָט וואָס איז געוואָרן פֿון מיר.]

שפּעטער פּלאַנירט הענרי זיך איבערצופּעקלען קיין נאַצי־דײַטשלאַנד, און אַהין אויך מיטצונעמען זײַן האַלבייִדישע טאָכטער! אָבער פּוירל, די ייִדישע מאַמע, אַנטלויפֿט צו אירע טאַטע־מאַמע, ראַטעוועט דאָס קינד און פֿאַרענדיקט די פּראָגראַם מיט אַזאַ דעקלאַראַציע:

**O Mama! O dear, dear Jewish mother of mine! How proud I am now that I am Jewish, that I have a Jewish father and mother and I am sure, that you'll save my child for me, and help me raise her as a good Jewish daughter, that you always wanted me to be.**

[אָ, מאַמע! אָ, מײַן טײַערע מאַמע! ווי שטאָלץ בין איך איצטער, וואָס איך בין אַ ייִדישע, וואָס איך האָב אַ ייִדישן טאַטן און אַ ייִדישע מאַמע, און איך בין זיכער, אַז איר וועט מיר ראַטעווען דאָס קינד, און זי אויפֿהאָדעווען ווי אַ גוטע ייִדישע טאָכטער, אַזוי ווי איר האָט תּמיד געוואָלט, אַז איך זאָל זײַן.]

97. סטוטשקאָוו איז, פֿאַרשטייט זיך, ניט געווען דער ערשטער, וועמען עס איז אײַנגעפֿאַלן צו שאַפֿן אַן אַרומנעמיקן אַקאַדעמישן ווערטערבוך אויף ייִדיש, אַזוי ווי ס'איז דאָ אויף ס'רובֿ אייראָפּעיִשע שפּראַכן. דער סאָוועטישער לינגוויסט מרדכי וויינגער האָט אין די 1920ער יאָרן אָנגעהויבן זאַמלען מאַטעריאַל פֿאַר אַזאַ מין ווערטערבוך, וואָס איז קיין מאָל ניט מקוים געוואָרן. דער לינגוויסט לייזער ווילענקין, וואָס איז זומער 1929 אָנגעקומען אין מינסק, כּדי צו העלפֿן מיט דער אַרבעט, האָט דאָרט געפֿונען וויינגערן אַ טויטן. אַזוי באַשרײַבט ווילענקין די סצענע:

וויינגערס גערעמער אַמטלעכער קאַבינעט. לענגויס די ווענט שאַפֿעס געפּראָפּט מיט

ווערטערבוך" איז געבוירן געוואָרן אין 1952 האָט סטוטשקאָוו איין מאָל באַשריבן אין אַ בריוו:

> ווען דער גרויסער טומל אַרום מײַן "אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך" איז פֿאַראיבער און איך בין געבליבן אָן אַ שטאָך אַרבעט, האָב איך פֿאַרטראַכט צו שאַפֿן אַ קאַרטאָטעק פֿון דעם מאַטעריאַל וואָס איז אַרײַן אין "אוצר" אין אַלף־בית־יקער אָרדענונג, די דאָזיקע קאַרטאָטעק זאָל דינען ווי דער בית־קיבול פֿאַר די נײַע ווערטער וואָס וועלן אם־ירצה־השם אָנקומען פֿון זײַנע טויזנטער באַנוצערס פֿאַר די ווײַטערדיקע אויפֿלאַגעס... (אַ פֿאַנטאַזיע פֿון אַ ייִדן?!) ווען איך בין נאָך דרײַ יאָר צײַט פֿאַרטיק געוואָרן מיט דער אַרבעט און די בערך הונדערט און פֿופֿציק טויזנט קאַרטלעך זײַנען שוין געווען באַשטאַט אין דער שופֿלאָדן־שאַפֿע (וואָס האָט אַ מאָל

---

אָפּגעשריבענע קאַרטלעך. רוי־מאַטעריאַל פֿאַרן גרויסן ייִדישן ווערטערבוך. דער סעקרעטאַר זאָגט, אַז עס האַלט שוין העכער פֿון אַ פֿערטל מיליאָן קאַרטלעך. אָפּגעשריבן פֿון דער מאָדערנער ייִדישער ליטעראַטור, טײלווײַז פֿון דער עלטערער, פֿון ספּעציעלער ליטעראַטור. רוי־מאַטעריאַל, נישט באַאַרבעט (ווילענקין 3*).

די סאָוועטישע מאַכט האָט וויינגערן, ווי זײַט אויס, חושד געווען אין מלוכה־פֿאַרראַט, ווײַל ער האָט געמאַכט אַ נסיעה קיין מאַרבורג, דײַטשלאַנד, כּדי צו זען די אַרבעט איבערן דײַטשן שפּראַכאַטלאַס. וויינגער האָט אויסגעמיטן די שטראָף דורך דעם, וואָס ער האָט זיך אַליין גענומען דאָס לעבן. דעם ערשטן באַנד פֿון זײַן ייִדישן שפּראַכאַטלאַס האָט ווילענקין נאָך באַוויזן צו פֿאַרענדיקן און פּובליקירן, אָבער נישט זײַן ווערטערבוך. עס בלײַבט נאָר אַ "פּראָבע־העפֿט" געדרוקט אין מינסק אין 1935, רעדאַקטירט פֿון כ. האָלמשטאָק (אַ קאָפּיע דערפֿון ליגט אין דער מאַקס ווײַנרײַך־זאַמלונג בײַ ייִוואָ, רג 584, טעקע 197).

נאָך אַן אָנהייב פֿאַר אַ גרויסן ווערטערבוך האָט געמאַכט דער באַרימטער לעקסיקאָגראַף אַלכּסנדר האַרקאַווי, וואָס האָט אַפֿילו אָפּגעדרוקט עטלעכע מוסטערזײַטן אין "ייִוואָ בלעטער" (האַרקאַווי 1931). ער האָט פֿאָרויסגעזען אַ ווערק פֿון 2000 זײַטן און אַן ערך 50,000 ייִדישע ווערטער, אָבער דער פּלאַן איז קיין מאָל ניט מקוים געוואָרן. זײַן זאַמלונג פֿון קאַרטלעך האָט דער ייִוואָ געירשנט (רג 761), אָבער קיין מאָל ניט באַאַרבעט אָדער אויסגעניצט.

אַ דריטן פּרווו האָט געמאַכט דער ווינער לינגוויסט אַלפֿרעד לאַנדוי. וועגן זײַן אַרבעט אויף אַן עטימיאָלאָגישן ווערטערבוך, דער עיקר אַן אַנאַליז פֿונעם גערמאַנישן קאָמפּאָנענט פֿונעם ייִדיש פֿון זײַן היימשטאָט, בראָק, האָט מאַקס ווײַנרײַך געשריבן אינעם בוך "די שוואַרצע פּינטעלעך" (1939, ז' 240):

> אַ גאַנץ לעבן האָט ער [אַלפֿרעד לאַנדוי] געגרייט אַ ווערטערבוך פֿון דער ייִדישער שפּראַך. ער האָט ניט באַוויזן צו פֿאַרענדיקן די אַרבעט, נאָר ער האָט איבערגעלאָזט זייער אַ גרויסן און גאָר אַ ווערטיקן מאַטעריאַל, פֿיל טויזנטער צעטעלעך; דער מאַטעריאַל איז אַריבער צום ייִוואָ, דער ייִוואָ האַלט דאָס אין באַאַרבעטן און וועט סוף־כּל־סוף אַרויסגעבן דאָס ווערטערבוך.

דער ייִוואָ־אַספּיראַנט חיים גינינגער האָט געדאַרפֿט ברענגען די מאַטעריאַלן אין אָרדענונג, אָבער אין משך פֿון דער מלחמה זײַנען זיי פֿאַרלוירן געגאַנגען (מאַרק 1973, ז' 28). לאַנדויס קאַרטלעך האָט מען, אַ פּנים, באַגראָבן אין דער ערד, און ביז מען האָט זיי אויסגעגראָבן אין 1945 זײַנען זיי שוין געווען פֿאַרפֿוילט און נישט צום לייענען (לויט אַ רעצענזיע פֿון אַ.־אַ. ראָבאַק אין Books Abroad, אַן אויסגאַבע פֿונעם פֿאַרלאַג פֿון אָקלאַהאָמאַ־אוניווערסיטעט, ווינטער 1951 – פֿערזענלעכע פּאַפּירן).

געהערט צו דער "מעטראָפּאָליטען לײַף אינשורענס קאָמפּאַני"), האָב איך איין מאָל אין אַן אָוונט אַ טראַכט געטאָן – זע, מיר האָבן דאָך אייגנטלעך איצט דעם רוי־מאַטעריאַל פֿאַר אַ גרויסן ייִדישן ווערטערבוך: ווערטער, אידיאָמען, פֿראַזעס און וואָס נישט... אויף וועז וואַרטן מיר? און נישט לאַנג טראַכטנדיק, האָב איך אויפֿגעהויבן דאָס טעלעפֿאָן־טרײַבל און אָפּגערופֿן שמואל ניגערן ע"ה (מיט וועלכן איך בין פֿאַר יאָרן געווען זייער נאָענט) און געהאַט מיט אים אַ שמועס וועגן דעם ענין. דער רעזולטאַט פֿון דעם שמועס איז געווען אַן עצה, אַז איך זאָל אָנשרײַבן אַ בריוו צו דעם וויסנשאַפֿטלעכן ראָט פֿון ייִוואָ און זען, אפֿשר וועט זיך דער ייִוואָ פֿאַראינטערעסירן אין דעם ענין.

איך האָב זיך מיט דעם בריוו צו ייִוואָ נישט געאײַלט, ווײַל איך האָב זיך פֿריִער געוואָלט פֿאַרזיכערן מיט שטיצערס פֿאַר דעם פּראָיעקט פֿון צווישן די ראָט־מיטגלידער. מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער האָט מײַן פֿרײַנד און שכן י. זילבערבערג אַרויפֿגעבראַכט צו מיר יודל מאַרקן און ער האָט פֿאַרבראַכט מיט מיר אַ שיינע פּאָר שטונדן און איך האָב אים אָנגעוואָרעמט פֿאַר דעם פּראָיעקט. איך האָב אויך אָנגעוואַרעמט מײַן פֿרײַנד פּראָפֿ׳ נתן זיסקינד. צוזאַמען זײַנען מיר מיט אַ וואָך שפּעטער געווען בײַ יודאַ יאָפֿען און ער האָט צוגעזאָגט צו אַרבעטן פֿאַרן ווערטערבוך. ווען איך האָב געפֿילט, אַז דער באָדן איז שוין גענוג רײַף, האָב איך אָנגעשריבן דעם בריוו צו ייִוואָ און מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער איז מיר אָנגעקומען אַן ענטפֿער, אַז דער וויסנשאַפֿטלעכער ראָט פֿון ייִוואָ האָט באַשטימט, אַז די חבֿרים יודאַ יאָפֿע, יודל מאַרק, [און] ד"ר שאַצקי זאָלן זיך טרעפֿן מיט מיר און צונויפֿשטעלן אַן אָרגאַניזיר־קאָמיטעט פֿאַר דעם ווערטערבוך־פּראָיעקט.[98]

---

98. סטוטשקאָווס בריוו פֿונעם 25סטן יאַנואַר 1961, צו י. שטיינבוים, דעם סעקרעטאַר פֿונעם "גרויסן ווערטערבוך פֿון דער ייִדישער שפּראַך", וואָס געפֿינט זיך צווישן די פּערזענלעכע פּאַפּירן. ס׳איז כּדאַי צו דערמאָנען דעם בריוו פֿון ליפּע לעהרער צו סטוטשקאָוון פֿון 30סטן יאַנואַר 1962 (אויך צווישן די פּערזענלעכע פּאַפּירן), ווו לעהרער דערמאָנט אים, אַז דעם געדאַנק צו שאַפֿן דעם ווערטערבוך האָט ער אים אונטערגעזאָגט:

> אָבער איך געדענק נאָך אַלץ, יענעם נאָכמיטאָג, ווען מיר זענען געגאַנגען אויף "יוניאָן סקווער", און איך האָב אַזוי אַ זאָג געטון צו אײַך: – "נחום, עס איז צײַט זיך נעמען גרייטן דעם גרויסן ווערטערבוך. 150 טויזנט קאַרטלעך האָט איר דאָך שוין, זיצן קאָנט איר ב"ה און אויסזיצן אויך, איז עס אַ כּשרער טאָפּ און אַ כּשרער לעפֿל. אַ זייער געפּאַסטער שידוך". איז עס אײַך אַרײַן אין דער נאָז, זענט איר אַוועק צו ניגערן און עס איז געבוירן געוואָרן דער קאָמיטעט למען ווערטערבוך.

גרשון ווײַנער, וואָס האָט געאַרבעט אַ סך יאָרן לטובֿת דעם ווערטערבוך, געדענקט אין זײַנע זכרונות, אַז דווקא דער קולטור־טוער י. ח. פּאָמעראַנץ האָט דער ערשטער אויפֿגעלעבט דעם געדאַנק צו שאַפֿן אַ גרויסן ווערטערבוך (Winer 2009, ז׳ 67). פּאָמעראַנץ האָט געאַרבעט 18 יאָר פֿאַר דער ב. מאַנישעוויץ מצה־קאָ׳ און איז געווען אַ גוטער פֿרײַנד סטוטשקאָווס. זײַן טאָכטער, פֿריידל פּאָמעראַנץ־פֿריידנרײַך, געדענקט נאָך ווי סטוטשקאָוו פֿלעגט אַהיים קומען פֿון דער ראַדיאָ־אַרבעט און גיין גלײַך צו פּאָמעראַנץ אין שטוב, ווו די צוויי האָבן צוזאַמען זיך געפּאָרעט מיט ווערטערביכער און געאַרבעט אויף די אוצר־קאַרטלעך, וואָס זיי האָבן אַרויסגענומען פֿון די שיכקעסטלעך. אָבער ניט פּאָמעראַנץ־פֿריידנרײַך און ניט איר עלטערע שוועסטער חײַקע גרינבערג געדענקען, אַז זייער טאַטע האָט איניציִירט דעם ווערטערבוך־פּראָיעקט, כאָטש ער איז אַוודאי געווען איינער פֿון די אַרויסגעבערס. אינטערוויוען מיט זיי דעם ערשטן סעפּטעמבער 2010.

סטוטשקאָוו איז געוואָרן דער סעקרעטאַר פֿונעם אָרגאַניזיר־קאָמיטעט צו שאַפֿן דעם ייִדישן ווערטערבוך און, הגם ער איז קיין מאָל ניט געוואָרן אַ רעדאַקטאָר, האָט ער אין די ערשטע יאָרן געשפּילט די הויפּטראָלע.[99] ניט בלויז האָט זײַן קאַרטאָטעק געדינט ווי דער יסוד פֿאַר דער ווײַטערדיקער אַרבעט, נאָר סטוטשקאָוו האָט געניצט זײַן אָנזען אויף דער ייִדישער גאַס און זײַן פּראָמינענץ אויפֿן ראַדיאָ, כּדי צו שאַפֿן אַ ברייטן אינטערעס צום פּראָיעקט. איין רעדע זײַנע, וואָס ער האָט געהאַלטן אויף אַ ווערטערבוך־בענעפֿיט, ווערט אין דעם באַנד אָפּגעדרוקט (אָן דעם "אַפּיל" בײַם סוף) ווי "מאַמע־לשון – איינע אין דער וועלט".

דער חורבן און די גיכע שפּראַך־אַסימילאַציע בײַ די אַמעריקאַנער ייִדן האָבן באַוויזן, ווי נייטיק ס'איז דעמאָלט געווען די ווערטערבוך־אַרבעט. סטוטשקאָוו האָט זיך גוט געקענט פֿאָרשטעלן, אָדער בעסער געזאָגט – פֿאָרויסזען, אַ וועלט אָן ייִדישער קולטור, און פֿאַר אַזאַ צוקונפֿט האָט ער זיך דערשראָקן:

> חלילה־וחס, די שעה זאָל נישט זײַן און די שוואַרצע נבֿיאות וועגן דעם אונטערגאַנג פֿון ייִדיש זאָל אין איין פֿינצטערן טאָג מקוים ווערן – איר שטייט אויף אין דער פֿרי און נישטאָ קיין ייִדישע צײַטונגען, נישטאָ קיין ייִדישע ביכער, נישטאָ קיין ייִדישע שולן, נישטאָ קיין ייִדישער טעאַטער, קיין ייִדישע קאָנצערטן, קיין ייִדישע ראַדיאָ־פּראָגראַמען, קיין ליד געזונגען אויף ייִדיש, מיט איין וואָרט – אויס מיט ייִדיש! אַ סוף! פֿאַרשוווּנדן דאָס ייִדישע לשון, אָפּגעווישט פֿון דער ערד. ווי וואָלט איר געפֿילט, ייִדן? און דאָס פֿרעג איך אײַך אַלעמען אָן אויסנאַם, אַפֿילו די פֿון אײַך וואָס רעדן זעלטן אַ ייִדיש וואָרט, און לייענען נאָך זעלטענער אַ ייִדיש בוך. ווי וואָלט איר געפֿילט? מיר דאַכט, אַז איר וואָלט זיך געפֿילט זייער קאַלעמוטנע. איר וואָלט געפֿילט ווי עפּעס וואָלט אָפּגעשטאָרבן אין אײַך, עפּעס נאָענטס, עפּעס אייגנס, עפּעס ליבס. עפּעס אַזוינס, וואָס ווען ס'איז דאָ שאַצט מען עס נישט אָפּ, אָבער ווען מען פֿאַרלירט עס, בלײַבט אַ פּוסטקייט אַרום האַרצן. עפּעס אַזוינס וואָס לאָזט זיך נישט פֿאַרבײַטן, פּונקט ווי עס לאָזט זיך נישט פֿאַרבײַטן אַ מאַמע ווען זי שטאַרבט אָפּ. ווייסט איר, מײַנע פֿרײַנד, וואָס אין אײַך וואָלט אָפּגעשטאָרבן? אײַער נשמה־יתירה, אײַער ייִדישע נשמה.[100]

אין דער זעלבער צײַט האָט סטוטשקאָוו באַקומען צו פֿילן די גלײַכגילטיקייט פֿון אַ סך אַמעריקאַנער ייִדן צו דער ייִדישער שפּראַך און קולטור. אין אַ סצענע פֿון

---

99. סטוטשקאָווס קאַרטאָטעק ליגט הײַנט אין דער (ניט־אָרגאַניזירטער) זאַמלונג פֿונעם "גרויסן ווערטערבוך" בײַם ייִוואָ. זײַנע קאַרטלעך אונטערשיידן זיך פֿון די איבעריקע, שפּעטער צוגעקומענע דורך דעם, וואָס אונטן האָט ער טיפּירט די צאָל פֿון דער גרופּע, צו וועלכער דאָס וואָרט געהערט אין זײַן "אוצר". עס דאַרפֿן סך־הכּל זײַן בערך אַ פֿערטל מיליאָן קאַרטלעך.

100. פֿון אַ רעדע סטוטשקאָווס צווישן זײַנע פּערזענלעכע פּאַפּירן.

״צרות בײַ לײַטן״ שטעלט ער פֿאָר, ווי אַן אַמעריקאַנער־געבוירענער ייִד באַגעגנט אַ די־פּיניק פֿון אייראָפּע, וואָס לייענט אַ ייִדיש בוך:

**הערי:** ״וואָט דו יו רידינג?״ [וואָס לייענסטו?]

**דניאל:** און אַז איך וועל דיר זאָגן, וועסטו וויסן? ״דאָס ווינטשפֿינגערל״.

**הערי:** ״וואָט דאָז איט מין?״ [וואָס מיינט עס?]

**דניאל:** איך קען עס דיר נישט איבערזעצן אויף ענגליש. דאָס איז אַ בוך פֿון ייִדישן שרײַבער וואָס האָט געהייסן מענדעלע מוכר־ספֿרים.

**הערי:** נעוועד הוירד אָוו הים. [קיין מאָל ניט געהערט פֿון אים.]

**דניאל:** אַ שאָד. ווען דו קענסט לייענען ייִדיש...

**הערי:** אָ! הו נידס איט... [ווער דאַרף עס האָבן.]

**דניאל:** רעדסט ווי אַ נאַר [...][101]

קעגן דער גלײַכגילטיקייט האָט סטוטשקאָוו געמאַכט אַ געוואַלד, געזאָגט זײַנע צוהערערס מוסר. די ייִדישע קולטור־אַרבעט האָט געברענט, ספּעציעל פֿאַרן ווערטערבוך, ווײַל קיין סך צײַט איז ניט געבליבן אים צו שאַפֿן. דער אָרגאַניזיר־קאָמיטעט פֿאַרן ווערטערבוך האָט אָנגעשריבן אַ ״דעקלאַראַציע״, כּדי צוצוציִען שטיצערס פֿאַרן פּראָיעקט. אין זײַן אָריגינאַל שטייט:

> מיר האַלטן, אַז מיר וועלן באַגיין דעם גרעסטן היסטאָרישן פֿאַרברעכן אויב מיר וועלן איצט נישט אָנשטרענגען אַלע אונדזערע כּוחות און נישט זען, אַז דער מאָנומענט פֿאַר ייִדיש ״דער ווערטערבוך פֿון דער ייִדישער שפּראַך״ זאָל אויפֿגעשטעלט ווערן אין דער סאַמע נאָענטסטער צוקונפֿט. מיר טאָרן נישט פֿאַרמאַכן די אויגן אויף דעם טרויעריקן פֿאַקט, אַז אַ סך פֿון אונדזערע שפּראַכפֿאָרשערס און ייִדיש־קענערס וואָס מיר האָבן פֿאַרמאָגט, זײַנען בעתן לעצטן חורבן אומגעקומען, און די וואָס מיר האָבן דאָס גליק נאָך צו האָבן מיט אונדז – און זייער צאָל איז נישט קיין גאָר גרויסע – זײַנען שוין נישט קיין יונגע־לײַט. דאָס מיינט צו זאָגן, אַז טאָמער לייגן מיר עס אָפּ אין דער לאַנגער באַנק, אויף לכשירחיבֿ, קען חלילה שפּעטער נישט זײַן ווער עס זאָל אָט דעם מאָנומענט פֿאַר ייִדיש אויפֿשטעלן. [...]
>
> עס זײַנען נאָך פֿאַראַן טויזנטער און טויזנטער ווערטער און אויסדרוקן פֿון די פֿאַרשיידענע ייִדישע דיאַלעקטן און ריידענישן וואָס זײַנען נאָך אין ערגעץ נישט פֿאַרצייכנט געוואָרן. איצט, ווען מיר האָבן נאָך מיט אונדז צענדליקער טויזנטער ייִדן פֿון דעם אַלטן דור, וואָס האָבן געלעבט מיט ייִדיש, געאָטעמט מיט ייִדיש, האָבן מיר נאָך דעם קוואַל פֿון וואַנען צו שעפּן אָט דעם מאַטעריאַל וואָס אונדז פֿעלט נאָך. גייט דער אַלטער דור אַוועק פֿון אונדז, נעמען זיי מיט מיט זיך אַ טייל פֿון אונדזער גרויסער ייִדיש־ירושה. דאָס וועט זײַן אַן אַבֿדה שאינה חוזרת. און דערפֿאַר, ווי געזאָגט, האַלטן מיר, אַז דער ענין ייִדיש ווערטערבוך דאַרף אַוועקגעשטעלט ווערן אין דעם אויבנאָן פֿון אונדזער קולטור־אַרבעט, נאָך מער – עס דאַרף זײַן דער באַפֿעל פֿון טאָג![102]

---

101. ״צרות בײַ לײַטן״ סקריפּט נומ׳ **183**.

102. אַ קאָפּיע פֿון דער ״דעקלאַראַציע״ ליגט צווישן סטוטשקאָווס פּערזענלעכע פּאַפּירן, כאָטש

מע רעכנט דאָרט אויס, אַז די אַרבעט צוצוגרייטן דעם כּתבֿ־יד זאָל נעמען אַן ערך פֿינף יאָר צײַט און קאָסטן $100,000. אינעם צעשיקטן מעמאָראַנדום, ווידער, איז זײַן "ווערטערבוך" שוין געוואָרן אַ "גרויסער ווערטערבוך" און די סומע איז געוואָרן $200,000 – אַ סימן פֿון דער קומענדיקער ווערטערבוך־אינפֿלאַציע.

"דער גורל פֿון לעקסיקאָנען און ענציקלאָפּעדיעס אין ייִדיש איז תּמיד געווען אַ שלעכטער", האָט אַ מאָל געשריבן זלמן זילבערצווײַג, דער מחבר פֿונעם ריזיקן "לעקסיקאָן פֿון ייִדישן טעאַטער".[103] צוליב אינעווייניקסטע סיכסוכים איבערן פֿאַרנעם און כאַראַקטער פֿונעם ווערטערבוך איז סטוטשקאָוו אין 1955 אַוועק פֿונעם פּראָיעקט, אָדער בעסער געזאָגט, לויט אַ בריוו פֿון נתן זיסקינד, וואָס האָט לאַנגע יאָרן געפֿירט די בעל־הבתּישקייט פֿאַרן ווערטערבוך, איז סטוטשקאָוו טאַקע "אַוועקגעשטויסן געוואָרן".[104] מער פּרטימדיק דערציילט דער הויפּט־רעדאַקטאָר, יודל מאַרק, אין אַן אינטערוויו געמאַכט מיט 20 יאָר שפּעטער:

> דער ערשטער קאָנפֿליקט איז געווען מיט סטוטשקאָוון. ער האָט געהאַלטן, אַז מען דאַרף אויסטײַטשן נאָר די ווערטער וואָס ער האָט געבראַכט, אַלע אַנדערע דאַרף מען ניט. סטוטשקאָוו האָט אויך ניט פֿאַרשטאַנען צוליב וואָס דאַרף מען האָבן ציטאַטן. וואָס איז וויכטיק צי דאָס וואָרט איז דאָ בײַ רייזענען, צי אַפֿילו בײַ מענדעלען? דאָס וואָרט איז דאָ? שטעלט עס אַוועק און געענדיקט![105]

---

לויטן אינהאַלט דאַכט זיך, אַז יודל מאַרק האָט זי אָנגעשריבן. עקזעמפּלאַרן פֿונעם ענדגילטיקן מעמאָראַנדום, וואָס דער אָרגאַניזיר־קאָמיטעט האָט צעשיקט, זײַנען דאָ אינעם (ניט־אָרגאַניזירטן) אַרכיוו פֿונעם "גרויסן ווערטערבוך" בײַם ייִוואָ.

103. ווײַטער שרײַבט ער: "עס זײַנען געמאַכט געוואָרן אַ סך פּרוּוון, וואָס האָבן אָדער אויסגעהויכט זייער נשמה ווי אַ פֿלאַן, אָדער, אין בעסטן פֿאַל, ווי גאָר יונגע באַשעפֿענישן" (זילבערצווײַג, באַנד 3, ז׳ 5). דער 7טער באַנד פֿון זילבערצווײַגס לעקסיקאָן, כאָטש צום טייל שוין געדרוקט, איז קיין מאָל ניט אַרויס. אויך די "אַלגעמיינע ענציקלאָפּעדיע", אַרויסגעגעבן פֿון ציקאָ, האָט טאַקע געדרוקט 12 בענד, אָבער בלויז די ערשטע לויטן פּלאַן פֿון אַן "אַלגעמיינער" אַלפֿאַבעטישער ענציקלאָפּעדיע. דער "ייִדישער שפּראַך־ און קולטור־אַטלאַס" איז דערווײַל דערשינען אין 3 בענד, כאָטש פּלאַנירט האָט מען 10 אָדער מער. אַפֿילו מאַקס ווײַנרײַכס מאָנומענטאַלע "געשיכטע פֿון דער ייִדישער שפּראַך" שטעלט זיך אָפּ, איידער דער מחבר איז געקומען צו די קאַפּיטלעך וועגן אַלטייִדיש, מיטל־ייִדיש, און מאָדערן ייִדיש, וואָס זײַנען ניטאָ, כאָטש ווײַנרײַך ווײַזט אָן אויף זיי אין די הערות. בקיצור, אַ סך גרויסע פּראָיעקטן פֿון דער ייִדישער וויסנשאַפֿט האָבן געהאַט דאָס זעלבע שלימזל וואָס דער גרויסער ווערטערבוך – אויב ניט נאָך ערגער.

104. דער דאָזיקער בריוו זיסקינדס צו סטוטשקאָוון, דאַטירט עיו״כ תּשכ״א, אָדער ערבֿ יום־כּיפּור, דעם 30סטן סעפּטעמבער 1960, געפֿינט זיך צווישן די פּערזענלעכע פּאַפּירן.

105. מאַרק (1973, זז׳ 34־35). לויטן ייִדישן פּאָעט ירמיה העשעלעס, וואָס האָט געהאָלפֿן סטוטשקאָוון בײַם זאַמלען ווערטער פֿון קלעזמער־לשון און שפּעטער אויך געאַרבעט אויפֿן ווערטערבוך, האָט סטוטשקאָוו מיט מאַרק ניט געקענט אויסקומען. ווי העשעלעס האָט עס

מאַרק האָט געהאַט פֿאַרן ווערטערבוך גרעסערע אַמביציעס, און אָרגאַניזירט אַ זאַמל־אַרבעט מיט הונדערטער פֿרײַוויליקע מיטאַרבעטערס, קודם אין אַמעריקע און שפּעטער אין ישׂראל. נאָך אַ סכסוך איז אויפֿגעקומען מיט דער מעגלעכקייט צו באַקומען די דײַטשע שילומים־געלטער, וואָס סטוטשקאָוו האָט געהאַלטן, אַז מע דאַרף זיי נייטיק האָבן און ס'רובֿ אַנדערע – פֿאַרקערט. פֿון דעסט וועגן, האָבן זיי צום סוף, מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער, יאָ גענומען דאָס געלט.[106] אויך נאָך דעם ווי סטוטשקאָוו איז אַוועק זײַנען געווען גענוג קאָנפֿליקטן, וואָס האָבן געשטערט די אַרבעט: אַן עפֿנטלעכע דעבאַטע צווישן מאַרק און ווײַנרײַך מכּוח דעם ייִדישן אויסלייג, וואָס האָט געפֿירט צו דעם, אַז דער ווערטערבוך זאָל ניט דערשײַנען ווי אַן אָפֿיציעלע ייִוואָ־אויסגאַבע; און ניט לאַנג דערנאָך אַ קריגערײַ מיט די צוויי געהילף־רעדאַקטאָרן, מרדכי קאָסאָווער און יצחק ריבֿקינד, וואָס האָבן זיך געשטעלט קעגן די לאָקאַליזמען און "ווערטער וואָס האָבן ניט קיין דעקונג דורך אַ ציטאַט אין דער ליטעראַטור".[107] צוליב אַזעלכע און נאָך אַ סך מניעות איז דער גרויסער ווערטערבוך, צום באַדויערן, שטעקן געבליבן בײַם ערשטן אות ביזן הײַנטיקן טאָג. מע קען מאַרקן געבן גערעכט, אַז יענע יאָרן זײַנען געווען די לעצטע געלעגנהייט צו זאַמלען ווערטער און אָפּצוראַטעווען דאָס לשון פֿונעם אַלטן דור; מע דאַרף אויך באַוווּנדערן זײַן מסירת־נפֿש און איבערגעגעבנקייט צום ווערטערבוך, ווי אויך די וויסנשאַפֿטלעכע קוואַליטעט און דעם ריזיקן פֿאַרנעם פֿון די בענד, וואָס ער האָט טאַקע פֿאַרענדיקט. עס

---

געדענקט (אין עלטער פֿון הונדערט יאָר), האָט סטוטשקאָוו געמאַכט טעותן צוליב זײַן פֿאַרליטווישטן פּוילישן דיאַלעקט, דאָרט ווו עס דאַרף זײַן געפּינען האָט ער אַ מאָל געשריבן געפֿונען אאַז״וו. מאַרק האָט אים אויסגעבעסערט אויף אַ ניט גענוג דעליקאַטן אופֿן, סטוטשקאָוו האָט זיך באַליידיקט, וואָס עמעצער געפֿינט בײַ אים טעותן, און איבער אַזאַ מין קלייניקייט איז ער אַוועק פֿון פּראָיעקט. העשעלעס האָט אונדז דערציילט די פּרטים אין אַן אינטערוויו דעם 14טן אויגוסט 2010, בלויז צוויי חדשים פֿאַר זײַן פּטירה.

106. אין אַ בריוו צו ש. פּערלבערג פֿונעם 3טן יאַנואַר 1955, וואָס געפֿינט זיך בײַם ייִוואָ אין דער (ניט־אָרגאַניזירטער) זאַמלונג פֿונעם "גרויסן ווערטערבוך", שרײַבט סטוטשקאָוו: "די אַרבעט איבערן ווערטערבוך גייט אָן רעגלמעסיק, אָבער פּאַוואָליע. די סיבה – געלט. צוליב חלוקי־דעות אין אונדזער קאָמיטעט האָבן מיר זיך אָפּגעזאָגט פֿון די דײַטשישע געלטער און מיר לעבן בלויז אויף דעם געלט, וואָס מיר קענען קריגן בײַ אַמעריקאַנער ייִדן". אָבער ביז 1959 האָט דער ווערטערבוך־קאָמיטעט שוין אָפֿיציעל געבעטן אַ גרעסערן צושטײַער פֿון צענדליקער טויזנטער דאָלאַר פֿון דער "קליימס־קאָנפֿערענץ", אַזוי ווי מע זעט פֿון אַן אַפּליקאַציע, וואָס ליגט אין דער זאַמלונג.

107. מאַרק (1973, ז' 35).

וועט אָבער ניט זײַן קיין פּחיתות־הכּבֿוד פֿאַר אים און זײַן אויפֿטו צו קאָנסטאַטירן, אַז סטוטשקאָווס פּלאַן פֿאַר אַ קלענערן ווערטערבוך וואָלט אפֿשר געהאַט בעסערע שאַנסן פֿאַרענדיקט צו ווערן. אויף דעם זאָגט עדות דער זעלבער בריוו זיסקינדס פֿון 1960, ווו ער שרײַבט: "מיט אײַער געניטער מעטאָדיק וואָלטן מיר שוין לאַנג געהאַט דעם ווערטערבוך אַ פֿאַרטיקן".

דאָס צעשיידן זיך מיטן ווערטערבוך האָט אָבער איבערגעלאָזט ביי סטוטשקאָוון אַזאַ ביטערקייט, אַז ער איז אַוועק פֿון דער ייִדישער לעקסיקאָגראַפֿיע אין גאַנצן און האָט זיך גענומען צו זײַן לעצטן פּראָיעקט. וועגן דעם דערציילט ער אין אַ בריוו צו מאַקס ווײַנרײַכן:

> בערך מיט 5 יאָר צוריק האָב איך זיך געשיידט מיטן "ווערטערבוך". און געשיידט זיך מחמת אונס, צוליבן געזונט. איך האָב זיך אָנגעגעסן מיט אַזוי פֿיל עגמת־נפֿש, אַז איך בין געווען אויפֿן שוועל פֿון אַ נערוועזן צוזאַמענברוך. נו, האָב איך זיי איבערגעלאָזט מײַן קאַרטאָטעק, אויף וועלכער איך האָב געאַרבעט 5 יאָר צײַט, מײַנע 40 ביכער־רשימות, אויף וועלכע איך האָב געאַרבעט 2 יאָר צײַט, און זיך געראַטעוועט מיטן לעבן.
>
> מײַן גײַסטיקער צושטאַנד צו יענער צײַט איז געווען אַזעלכער, אַז איך האָב געמוזט געפֿינען עפּעס אַן אַרבעט, וואָס זאָל מיך אין גאַנצן פֿאַרכאַפּן און מיך מאַכן פֿאַרגעסן אין אַלץ, וואָס האָט אַ שײַכות מיטן "ווערטערבוך". און ממש אַ ווילדער געדאַנק איז מיר געקומען אין קאָפּ אַרײַן – פֿאַר וואָס נישט פֿאַרגעסן אַ ווײַלע אין ייִדיש און זיך נעמען צו העברעיִש, פֿאַר וואָס נישט אויסנוצן די דערפֿאַרונג, וואָס איך האָב געהאַט מיטן "אוצר ייִדיש" און שאַפֿן אַן אוצר אין העברעיִש?[108]

## דער לעצטער אַקט

די לעצטע יאָרן האָט סטוטשקאָוו זיך אָפּגעגעבן מיט זײַן "אוצר השפה העברית", אַ ווערק מיטן זעלבן מאָנומענטאַלן פֿאַרנעם און סטרוקטור ווי דער ייִדישער "אוצר". שוין ניט קיין יונגערמאַן, האָט ער זיך איבערגעגעבן בלבֿ־ונפֿש, אַ מאָל זיך אָפּגעזונדערט פֿון דער וועלט אין גאַנצן, ער זאָל קענען פֿאַרענדיקן זײַן אַרבעט:[109]

108. דער בריוו סטוטשקאָווס פֿונעם 5טן אַפּריל 1960 געפֿינט זיך אין דער מאַקס ווײַנרײַך־זאַמלונג בײַם ייִוואָ (רג 584, טעקע 461b).

109. לויט אַ בריוו פֿון ש. ראָזענבערג פֿונעם 25סטן מײַ 1961 (פּערזענלעכע פּאַפּירן): "אין לאָס־אַנדזשעלעס האָט מען מיר איבערגעגעבן, אַז ער זיצט ערגעץ אין דער געגנט, אָבער מען קאָן מיר נישט געבן דעם אַדרעס, ווײַל ער האָט זיך באַוואָרנט, אַז קיינער זאָל אים נישט באַזוכן און נישט שטערן אין זײַן אַרבעט איבער דער העברעיִשער אויסגאַבע".

מיט העכער צען יאָר צוריק, ווען נחום סטוטשקאָוו האָט זיך צוריקגעצויגן פֿון זײַנע פֿאַרשידענע אַקטיוויטעטן, האָט ער זיך ווי אָפּגעשלאָסן פֿאַר זיך. ער האָט זיך אַריבערגעצויגן פֿון ברוקלין קיין לייקוווּד, ניו־דזשוירזי. דאָרטן, אַרומגערינגלט פֿון דער זעלטענער פּרעכטיקער נאַטור־לאַנדשאַפֿט, האָט ער געוועבט זײַן חלום. קיינער האָט ניט געוווּסט, אַז ער אַרבעט אויף אַן אומגעהײַער־מאַסיוון פּראָיעקט, כאָטש זײַן געזונט־צושטאַנד איז שוין ניט געווען פֿון די בעסטע.

"נחום סטוטשקאָוו פֿלעגט קומען אין אונדזער דרוקערײַ", דערציילט איצט מיכל שולזינגער, "און יעדעס מאָל קויפֿן טויזנטער ספּעציעלע אינדעקס־קאַרטלעך. מיר האָבן ניט געוווּסט וואָס ער טוט מיט דעם, ער האָט ניט געוואָלט זאָגן צו וואָס ער דאַרף דאָס. [...]

"ווען איך בין געקומען קיין לייקוווּד באַזוכן נחום סטוטשקאָוו", דערציילט שמואל שולזינגער, "פֿלעגט ער צו מיר זאָגן: 'שמואל, איר וווּנדערט זיך געוויס, וואָס איך קויף בײַ אײַך צענדליקער טויזנטער אינדעקס־קאַרטלעך. קומט אַרונטער מיט מיר אין קעלער פֿון מײַן הויז, וועל איך אײַך עפּעס ווײַזן'

"ווען מיר זײַנען אַרונטער אין קעלער", דערציילט שמואל שולזינגער, "האָט סטוטשקאָוו מיר געוויזן הונדערטער טויזנטער קאַרטלעך מיט העברעיִשע ווערטער. ווען איך האָב גענומען אַ צאָל קאַרטלעך און זיי באַטראַכט, בין איך געבליבן דערשטוינט. איך האָב גלײַך באַגריפֿן, אַז סטוטשקאָוו שאַפֿט אַ נײַעם אוצר פֿון דער העברעיִשער שפּראַך. כ'האָב דעמאָלט געפֿרעגט בײַ סטוטשקאָוון, וואָס ער רעכנט צו טאָן מיט די אומצאָליקע קאַרטלעך. דער ענטפֿער איז געווען, אַז ער וויל גרינדן אַ קאָמיטעט וואָס זאָל אַרויסגעבן דעם אוצר [...] פּלוצלינג האָט סטוטשקאָוו אַ פֿרעג געטאָן: 'אפֿשר וואָלט דאָס די ברידער שולזינגער אַרויסגעגעבן?'"[110]

אַפֿילו במשך די לעצטע טעג זײַנע, אין "ייִדישן סאַניטאַריום און האָספּיטאַל פֿאַר כראָנישע קראַנקע", ווו די פֿאַרוואַלטונג האָט געמאַכט אַ פּלאַץ פֿאַר אַן אַלטן פֿרײַנד, האָט סטוטשקאָוו געלייענט קאָרעקטור פֿון די ערשטע געדרוקטע בויגנס פֿון זײַן גרויס ווערק. סוף־כּל־סוף איז ער ניט געווען בכּוח צו טאָן אַלץ אַליין, האָט ער איבערגעגעבן די אַרבעט אין ייִנגערע הענט – דער העברעיִשער פֿילאָלאָג אלחנן אינדעלמאַן האָט פֿאַרענדיקט און רעדאַקטירט דעם העברעיִשן "אוצר", וואָס איז אַרויס אין 1968, דרײַ יאָר נאָך סטוטשקאָווס פּטירה.[111]

כאָטש סטוטשקאָווס העברעיִשער "אוצר" איז געווען נאָך גרעסער ווי דער ייִדישער, מיט איבער אַ הונדערט מער וואָרט־גרופּעס, כּדי אָפּצושפּיגלען די גרעסערע עשירות פֿון דער העברעיִשער שפּראַך פֿון אַלע תּקופֿות, האָט דאָס ווערק ניט געמאַכט

---

110. שמולעוויטש (1969).

111. סטוטשקאָוו איז געשטאָרבן, נאָך אַ לענגערער קראַנקייט, דעם 6טן נאָוועמבער 1965, אין עלטער פֿון 72 יאָר. ער איז דעמאָלט, דרך־אַגבֿ, לויט די פֿאַרבליבענע שטײַער־דאָקומענטן, ניט געווען קיין אָרעמאַן. זײַן לעבנס־באַגלייטערין, ציליע סטוטשקאָוו, וואָס האָט אים געהאָלפֿן אין אַלע פּראָיעקטן זײַנע, האָט אים ניט לאַנג איבערגעלעבט – זי איז אַוועק אין מאַרץ 1967.

דעם זעלבן רושם.[112] קודם־כּל איז דאָס פֿעלד פֿון דער העברעיִשער לעקסיקאָגראַפֿיע שוין לאַנג געווען אַ געאַקערטס, עס זײַנען שוין געווען און דערנאָך אַרויס ענלעכע ווערק, אָנגעשריבן פֿון די ישׂראלדיקע פֿילאָלאָגן. דערצו האָט סטוטשקאָווס העברעיִשן "אוצר" געפֿעלט די שמועסשפּראַך, דאָס שפּרודלדיקע, לעבעדיקע לשון, וואָס האָט אַזוי באַרײַכערט זײַן יִדישן "אוצר". העברעיִש האָט ער אַוודאי זייער גוט געקענט פֿון דער ישיבֿה, אָבער רעדן און שרײַבן – ניט אַזוי (ווי עס זעט זיך אַרויס פֿון זײַנע וויייניק פֿאַרבליבענע העברעיִשע בריוו). דערפֿאַר האָט ער זיך געעצהט מיט אַ סך גרעסערע קענערס, ווי דבֿ סדן און דעם פּאָעט דניאל פּערסקי, וואָס האָבן אים אין דעם געהאָלפֿן.[113] דער עיקר איז סטוטשקאָוו געווען אַ מומחה אינעם לומדישן און משׂכּילישן העברעיִש פֿון זײַן טאַטנס און זיידנס דור. אַזוי אַרום האָט דער "אוצר השפה העברית" אויסגעדריקט סײַ זײַן ציוניזם און האָפֿענונג פֿאַר דער יִדישער צוקונפֿט אין מדינת־ישׂראל, סײַ זײַן כּבֿוד פֿאַר דער מיזרח־אייראָפּעיִשער יִדישער פֿאַרגאַנגענהייט.

אין אַ נעקראָלאָג האָט באַשעוויס אַרויסגעבראַכט עטלעכע וויכטיקע אַספּעקטן פֿון סטוטשקאָווס לעבן און שאַפֿן, דער עיקר, די אַרומנעמיקייט און טיף־יִדישלעכקייט פֿון זײַן וויזיע. ער און סטוטשקאָוו האָבן זיך באַוווּנדערט[114] און צווישן זיי איז געווען

---

112. קאָסאָווער (1968): "דער אויפֿטו איז אַ ריזיקער, אַ גוואַלדיקער, וואָס דערווײַל האָט ער ניט צו זיך זײַן גלײַכן אין דער העברעיִשער לעקסיקאָגראַפֿיע".

113. קאָסאָווער (1968) איז מסופּק אין סטוטשקאָווס לומדות: "כּדי דורכצופֿירן אַזאַ אַרבעט בשלימות [...] דאַרף מען זײַן אַ למדן, אַ געלערנטער, וואָס איז אין משך פֿון אַ סך יאָרן אַרײַנגעטאָן אין העברעיִש. צו אָט דער מדרגה, ווי מיר אַלע האָבן אים געקענט דאָ, איז דער פֿאַרשטאָרבענער סטוטשקאָוו ניט דערגאַנגען". נאָר סדן זאָגט עדות, אַז ער האָט יאָ געקענט, און קאָסאָווער איז זיך מודה: "עס קען טאַקע זײַן, אַז מיר דאָ האָבן ניט געוווּסט דערפֿון".

114. צווישן סטוטשקאָווס פּערזענלעכע פּאַפּירן האָט זיך אָפּגעהיט אַ בריוו זײַנער צו באַשעוויסן, אין וועלכן ער בעט אים אָנצושרײַבן אַ פּאָר גוטע ווערטער וועגן דעם "אוצר פֿון דער יִדישער שפּראַך", וואָס מע זאָל קענען צעשיקן מיט אַנדערע שבֿחים אין אַ געדרוקטן פּראָספּעקט. דער בריוו דריקט אויס וויפֿל סטוטשקאָוו האָט געהאַלטן פֿון באַשעוויסעס מיינונג. אַזוי ווי דאָס בוך איז נאָך ניט געווען געדרוקט, האָט סטוטשקאָוו מיט דער האַנט אויסגעשריבן פֿיר מוסטער־זײַטן מיט בײַשפּילן פֿונעם אינהאַלט, כּדי באַשעוויס זאָל קענען זען, וואָס דאָס איז אַזוינס דער "אוצר".

פֿאַר באַשעוויסן, ווידער, איז סטוטשקאָווס "אוצר" געווען איינער פֿון די טײַערסטע און נוצלעכסטע בענד אין זײַן ביבליאָטעק. זײַן לאַנגיאָריקע סעקרעטאַרשע און איבערזעצערין דבֿורה טעלושקין האָט אַפֿילו פֿאַרענדיקט אירע זכרונות וועגן באַשעוויסן מיט אַ באַשרײַבונג פֿון זײַן "אוצר"־עקזעמפּלאַר.

לעבן דעם ווינקל געפֿין איך אַ לעצטן הויפֿן ביכער. איך בייג זיך אַראָפּ, כּדי צו געבן אַ קוק

אַ געוויסע קרובֿישאַפֿט, ווי צוויי קינדער פֿון וואַרשעווער חסידישע משפּחות, סײַ אין זייער לשון, סײַ אין זייער ליטעראַרישער פּערזענלעכקייט. באַשעוויסעס זכרונות פֿון זײַנע קינדער־יאָרן, למשל, "מײַן טאַטנס בית־דין־שטוב", ווײַזן אַרויס אַן ענלעכקייט צו סטוטשקאָווס זכרונות פֿון "מאַמע־לשון" אין דער קינדערישער, הומאָריסטישער פּערספּעקטיוו פֿונעם נאַראַטאָר, כאָטש באַשעוויס שרײַבט מיט מער איראָניע.[115]

> די פּרעהס אין עגיפּטן האָבן געבויט פּיראַמידן, וואָס זאָלן דינען ווי מצבֿות נאָך זייער טויט. נחום סטוטשקאָוו האָט אויפֿגעבויט פֿאַר זיך און פֿאַר אַלע ליבהאָבער פֿון ייִדיש – אַ פּאַפּירענע פּיראַמידע, וואָס האָט מער ווערט פֿון די שטיינערנע פּיראַמידן.
> [...]
> ווי אַזוי איז עפּעס אַ ייִדישער אַקטיאָר געוואָרן אַ שעפֿער פֿון אַזאַ פֿאַרנעם? דער ענטפֿער ליגט אין סטוטשקאָווס אײַנגעבוירענער אינטעליגענץ און אין זײַן שטאַרקן ווילן און פֿײַנעם כאַראַקטער. אַלץ וואָס סטוטשקאָוו האָט געטאָן איז געווען גוט, ריכטיק פֿאָרגעשטעלט, מיט באַצײַונג און מיט ליבע – אַלץ איינס, צי ער האָט געשריבן אַ סקיצע פֿאַרן ראַדיאָ, צי ער האָט באַאַרבעט אַ פּיעסע, אָדער געשפּילט אַ ראָל. ס'איז געווען אין דעם מענטשן אַן ערלעכקייט און אַ ווירדע, וואָס מען טרעפֿט זעלטן אין די ליטעראַרישע קרײַזן. [...]
> סטוטשקאָוו האָט געוווּסט, אַז ייִדיש און העברעיִש זענען צוויי זײַטן פֿון איין מטבע.

---

אויף זיי און איך שמייכל נאָך אַ מאָל צוליב די מאָדנע צופֿעליקע טיטלען: [...] איך הייב אויף אַ דיק, שווער בוך פֿון אונטן, וואָס דינט ווי אַ מין יסוד און באַלאַנץ פֿאַר די אַלע אַנדערע, אַ גרויסער ייִדישער אוצר געשריבן פֿון נחום סטוטשקאָוו, אַרויסגעגעבן פֿונעם ייִוואָ און רעדאַקטירט פֿון מאַקס ווײַנרײַך. דער אײַנבונד איז צונויפֿגעבונדן מיט שיכטן פֿון ווײַס אינדוסטריעל קלעפּפּאַפּיר. אויב מע גייט אַ צי צו גיך, ווערט דאָס קלעפּפּאַפּיר לויז און דער אײַנבונד הייבט אָן זיך צו צעפֿאַלן. יצחק האָט מאַרקירט די אַלטע בלעטער מיט נאָטיצן. געבנדיק אַ לייען איבער, דערמאָן איך זיך אין יצחקס כּוח פֿון קאָנצענטראַציע און די איידלקייט וואָס ער האָט אויסגעשטראַלט בײַ דער אַרבעט.

איך הייב אויף דאָס בוך אין מײַנע אָרעמס און איך קוק צו נעענטער צום טיטל. לייענענדיק די ווערטער, שטעל איך זיך פֿאָר ווי יצחקס פֿינגער בלעטערן מיט נײַגער און זוכן דעם פּערפֿעקטן מעטאַפֿאָר. איך בלײַב שטיין און יצחקס לעבן קומט מיר צוריק אויפֿן זכּרון מיט אַלע פּרטים. די נאַרישקייט גייט אַוועק און זײַן גײַסטיקע איידלקייט פֿאַרנעמט איר פּלאַץ. אַראָפּבייגנדיק דעם קאָפּ לייען איך דעם טיטל נאָך אַ מאָל. אַמבאָסירט אויף דער גרינער הילע, געדרוקט מיט גילדענע אותיות זײַנען די ווערטער: "דער אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך" **(Telushkin 339)**.

115. אַפֿילו סטוטשקאָווס ווערטער־רשימות זײַנען דאָ בײַ באַשעוויסן, למשל, אַזעלכע באַליידיקונגען און קללות: "אָבער די מויד האָט געערדט פֿאַר פֿײַער און פֿאַר וואַסער, אָנגערופֿן דעם סופֿרס טאָכטער **אַ צלאַפּיכע, אַ צעגאָסענע מיירע, אַ בלינדע קו, אַ שליאָך, אַ שמאָדער, אַ יאָלדיכע**, און נאָך אַזעלכע צונעמען. [...] **דו גנבֿ, דו ליגנער, דו טרעלער, דו פֿרײַמײַער!** [...] און אים גערופֿן **שייגאַץ, פּושע־ישׂראל, הפֿקר־מענטש** און נאָך אַזוינע נעמען [...] **משוגע זאָל זי ווערן, אַנטלויפֿן זאָל זי איבער די גאַסן, וואַרפֿן זאָל זי דאָס קדחת הײַזער הויך, אײַננעמען זאָל זי די נכפֿה**, טאַטע פֿאָטער אין הימל, **וויסן זאָל זי מײַן טעם, מײַן ביטערניש... נאָכגיין זאָל זי נאָך די לוויות פֿון אירע קינדער... אַזאַ הור, אַזאַ חצופֿה, אַזאַ טליק, אַזאַ זונה!...**" (באַשעוויס, זז' 54־60).

מען קאָן ניט ריכטיק קאָנען איינס אָן דעם אַנדערן. [...]
סטוטשקאָוו האָט ליב געהאַטביידע שפּראַכן און דאָס האָט אים געגעבן די פּערספּעקטיוו, וואָס אַן ענגער העברעיִסט אָדער אַן ענגער ייִדישיסט קאָן נישט האָבן. [...]
איך האָב געהאַט דעם כּבֿוד צו באַקומען פֿון סטוטשקאָוון אַ ריי בריוו. ער האָט געזען נישט בלויז די פֿיזישע אָרעמקייט פֿון אונדזער סבֿיבֿה, נאָר אויך די גײַסטיקע. ער האָט באַנומען, אַז אויב דער ייִדישיזם דאַרף עקסיסטירן, מוז ער אָננעמען גאַנץ אַנדערע פֿאָרמען ווי ער האָט געהאַט און מוז געשאַפֿן ווערן דורך אַ גאַנץ אַנדערן צוגאַנג. ייִדיש קאָן נישט זײַן פֿײַנטלעך צו דער ייִדישער געשיכטע, צו די אַלטע ייִדישע ווערטן, צו ארץ־ישׂראל און צו אַלץ, וואָס האָט צו טאָן מיט ייִדישקייט.
דער סאָרט ייִדיש, וואָס האָט געזאָלט דינען ווי אַ מיטל פֿאַר לינקער פּראָפּאַגאַנדע, האָט שוין לאַנג אָפּגעדינט און באַנקראָטירט. דער נײַער ייִדישיזם מוז שטיין מיטן פּנים צו אַלץ, וואָס איז געווען ייִדיש פֿון די צײַטן פֿון אַבֿרהם אָבֿינו ביז הײַנט צו טאָג. מיט אַנדערע ווערטער: ייִדיש מוז זײַן דער אויסדרוק פֿון ייִדישקייט און איר פּראָדוקט. סטוטשקאָווס נעמען זיך שאַפֿן אַ העברעיִשן אוצר האָט באַשטעטיקט אין טאַט דעם דאָזיקן קוק. ביידע אוצרות זענען פּאַקטיש איין אוצר, געשאַפֿן פֿון איין פֿאָלק, פֿון איין גײַסט. [...]
נחום סטוטשקאָוו האָט מיט וואָרט און טאַט געאַרבעט פֿאַר דעם דאָזיקן אויסגעברייטערטן און עכטן ייִדישיזם. ער איז געווען איר בויער. זײַנע ווערק זענען שוין איצט דער בנין פֿון גאַנצן ייִדישן פֿאָלק.[116]

לויט סטוטשקאָווס ברייטער וויזיע איז ניט בלויז העברעיִש, נאָר אויך ייִדיש געווען, אין אַ געוויסער מאָס, אַ הייליקע שפּראַך. אַזאַ צוגאַנג איז געווען פֿאַרשפּרייט צווישן ייִדישע אינטעליגענטן נאָכן חורבן – באַטראַכטן ייִדיש ווי דאָס "לשון־הקדושים".[117] מיט דעם מאָטיוו האָט זיך סטוטשקאָוו באַניצט אין "מאַמע־לשון", ווען ער האָט געמוסרט זײַנע צוהערערס, וואָס זיי לייענען ניט גענוג ייִדישע ספֿרים, ד"ה ביכער: "ווי לאַנג איז ווי איר האָט שוין נישט אַרײַנגעקוקט אין קיין ייִדישן ספֿר, נישט געהאַלטן אין האַנט קיין ייִדיש ביכל?". מיט דעם האָט ער, פֿאַרשטייט זיך, געמיינט דעם "אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך", וואָס, ווי דער קריטיקער אַ.־אַ. ראָבאַק האָט באַמערקט, זעט אַפֿילו אויס ווי דער אַלטער קרבן־מנחה־סידור. אַזאַ ספֿר וואָלטן מער מענטשן געדאַרפֿט לערנען, איז זאָל די נײַע זאַמלונג "מאַמע־לשון" דינען ווי אַן אַרײַנפֿיר. כּדי מאַקס ווײַנרײַכס ווערטער זאָלן טאַקע מקוים ווערן: "נחום סטוטשקאָוו האָט איבערגעלזאָזט נאָך זיך אַ נאָמען וואָס וועט ניט פֿאַרבלאַסט ווערן. פֿאַרקערט, עס

116. וואַרשאַווסקי [באַשעוויס] (1965).

117. למשל, אינעם באַקאַנטן ליד "כ׳דאַוון אַ ייִדיש בלאַט אין סאָבוויי", גלײַכט יעקבֿ גלאַטשטיין אַ ייִדישע צײַטונג צו די ייִדישע תּפֿילות (גלאַטשטיין 1946, ז׳ 81).

וועלן אויסוואַקסן מער מבֿינים און מע וועט זײַן אויפֿטו ביַים 'אוצר' שאַצן אַלץ העכער".[118]

118. פֿון אַ טרייסטבריוו געשיקט דער פֿאַראָבֿלטער ציליע סטוטשקאָוון, דאַטירט דעם 12טן נאָוועמבער 1965 (פּערזענלעכע פּאַפּירן).

## סטוטשקאָווס אוצרות
## אַ פֿולשטענדיקע ביבליאָגראַפֿיע

נאָך זײַן טויט זײַנען געוויסע פּערזענלעכע פּאַפּירן סטוטשקאָווס, ווי אויך אַ ריזיקע זאַמלונג סקריפּטן, אָנגעקומען אין דער ניו־יאָרקער שטאָט־ביבליאָטעק, וווּ זיי זײַנען צענדליקער יאָרן געלעגן אומבאַמערקט, אינעם זעלביקן קעסטל, אין וועלכן די משפּחה האָט זיי אַרײַנגעשיקט. סוף 1990ער יאָרן האָט דער קולטור־טוער הענעך סאַפּאָזשניק געפֿאָרשט סטוטשקאָוון, כּדי צוצוגרייטן דעם "ייִדישן ראַדיאָ־פּראָיעקט", האָט ער זיך נאָכגעפֿרעגט בײַ דער ביבליאָטעק און דער שעף פֿונעם ייִדישן אָפּטייל, מײַקל טערי, האָט דאָס קעסטל טאַקע געפֿונען. די ביבליאָטעקערינס נעמי דזשאָנס און מרים־חיה סגל האָבן אײַנגעאָרדנט און קאַטאַלאָגירט די מאַטעריאַלן, אַן ערך 12 פֿוס אין דער ברייט, וואָס נעמען אַרײַן איבער 40 בענד.

אין איין קעסטל און אין צוויי באַזונדערע בענד געפֿינען זיך סטוטשקאָווס **פּערזענלעכע פּאַפּירן** און קאָרעספּאָנדענץ, פֿון וואַנען עס שטאַמען אַ סך ציטאַטן אין דעם אַרײַנפֿיר. דאָס נעמט אַרום, דער עיקר, בריוו צו סטוטשקאָוון פֿון קונים און קאָלעגעס, בוכהענדלערס און פֿאַרלעגערס, וואָס אַ סך האָבן צו טאָן מיטן פֿאַרשפּרייטן דעם "אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך" און מיטן צוגרייטן צום דרוק דעם "אוצר השפה העברית". צום באַדויערן האָבן זיך אָפּגעפֿונען זייער ווייניק בריוו פֿון די צוהערערס פֿון "מאַמע־לשון" – איין אויסנאַם איז דער בריוו מכּוח **מצה־וואַסער.** עס זײַנען אויך דאָ בריוולעך פֿון באַרימטע טעאַטער־מענטשן און שרײַבערס, ווי לודוויג זאַץ, מנשה סקולניק און מאַקס ווײַנרײַך, אָבער אָן קיין גרויסע חידושים. מער אינטערעסאַנט זײַנען די פֿאַרשיידענע רעדעס און סקריפּטן סטוטשקאָווס – וועגן דעם "אוצר", וועגן דעם "גרויסן ווערטערבוך", וועגן דער ברוקלינער ייִדישער סאַנאַטאָריע – וווּ ער רעדט אויך אַ מאָל וועגן זיך אַליין. כאָטש בלויז אַ פּאָר זײַטן

צוגרייט־מאַטעריאַלן פֿאַרן ייִדישן "אוצר" ליגן צווישן זײַנע פּערזענלעכע פּאַפּירן, פֿאַרן העברעיִשן "אוצר" זײַנען דאָ אין דער זאַמלונג עטלעכע בענד טיפּאָסקריפּטן.

די זאַמלונג נעמט אַרײַן טעאַטער־ און ראַדיאָ־סקריפּטן פֿון דער גאַנצער, לאַנגער תּקופֿה פֿון סטוטשקאָווס שאַפֿן. די עלטסטע, וואָס הייבן זיך אָן אין 1912 ("דער דאַכדעקער") און זײַנען געשריבן מיט דער האַנט, זײַנען איבערזעצונגען פֿון פּיעסעס, וואָס מע האָט אויפֿגעפֿירט אין מיזרח־אייראָפּע. דערנאָך קומען די אָריגינעלע פּיעסעס און לידער זײַנע, געשריבן פֿאַר דער אַמעריקאַנער ייִדישער בינע אין די 1920ער און 1930ער יאָרן. די גרויסע מערהייט זײַנען אָבער די ראַדיאָ־סקריפּטן, פֿון די אָנהייב 1930ער ביז אין די שפּעט 1950ער, וואָס ציילן ממש אין די טויזנטער. דאָס זײַנען טיפּאָסקריפּטן, פֿון וועלכע די אַקטיאָרן האָבן געשפּילט און אויף וועלכע זיי האָבן אַ מאָל געמאַכט נאָטיצן מיט דער האַנט.

אַ צאָל סקריפּטן האָט סטוטשקאָוו אַרײַנגעשיקט אין דער קאָנגרעס־ביבליאָטעק, כּדי צו באַקומען אויף זיי דרוקרעכט. נאָך עטלעכע זײַנען פּשוט פֿאַרפֿאַלן געוואָרן, און כאָטש די נעמען פֿון די פּיעסעס זײַנען אונדז באַקאַנט, איז קיין סקריפּט ניט בנימצא. ביידע גרופּעס סקריפּטן ווערן דאָ אויסגערעכנט אין באַזונדערע רשימות.

ס'איז כּדאַי צו באַמערקן, אַז נאָך 5 קעסטלעך מיט סטוטשקאָוו־טיפּאָסקריפּטן געפֿינען זיך אינעם ייִוואָ־אַרכיוו (רג 100). דאָרט האָט סטוטשקאָוו פֿאַרשריבן די ווערטער און אויסדרוקן פֿון זײַן "אוצר" לויטן אַלף־בית און צוגעגעבן געוויסע ציטאַטן און אַ מאָל קורצע דעפֿיניציעס, וואָס דאָס האָט געדאַרפֿט דינען ווי דער יסוד פֿונעם גרויסן ווערטערבוך.

## בינע־פּיעסעס בײַם ייִדישן אָפּטייל אַ"נ "דורות", ניו־יאָרקער שטאָט־ביבליאָטעק

**אוי, אַמעריקע** (אָדער: **דאָס מיידל פֿון דער קוואָטע**)
אויפֿגעפֿירט: 16 יאַנואַר, 1931, ראָלאַנד־טעאַטער, ניו־יאָרק, און אויגוסט 1933, סקאַלאַ־טעאַטער, וואַרשע
קוואַל: זילבערצווײַג
רעצענזירט אין "דער טאָג", 23 יאַנואַר 1931. מוזיק פֿון שלום סעקונדאַ, פּראָדוצירט פֿון איזידאָר קעשיר. הויפּט־אַקטריסע: פֿעני לובריצקי ווי עלקע, וויליאַם שוואַרץ ווי אוירווינג, בעטי סימאָנאָוו ווי זשאַנעט, מנשה סקולניק ווי "ברודער מאָטיע", אוירווינג דזשייקאָבסאָן ווי שמואל־זאַנוויל.

**אויף אַ פֿאַרם: איינאַקטער**
[1920ער?]

**אַז דער רבי וויל: חסידישע אָפּערעטע**
אויפֿגעפֿירט: 20 דעצעמבער 1929, פֿאָלקס־טעאַטער, ניו־יאָרק
קוואַל: זילבערצווײַג
רעזשיסירט און געשפּילט פֿון לודוויג זאַץ, ליברעטאָ און לידער פֿון נחום סטוטשקאָוו, מוזיק פֿון אַבֿרהם עלשטיין.

**איינאַקטער: פֿאַרס אין איין אַקט**
[1920ער־1930ער?]

**אין אַ יִידישער גראָסערי: פֿאָלקס־שטיק אין דרײַ אַקטן**
אויפֿגעפֿירט: האַרבסט 1939, "סעקאָנד עוועניו"־טעאַטער, ניו־יאָרק
קוואַל: W.S., New York Times
אַ צווייטע קאָפּיע פֿון דעם סקריפּט ליגט אין דער קאָנגרעס־ביבליאָטעק.

**אין די בערג** – זע **מזל צו פֿרויען**

**אין יענע טעג** – זע **אין רויטן רוסלאַנד**

**אין רויטן רוסלאַנד** (אָדער: **אין יענע טעג: דראַמאַטישע פֿאַסירונג אין פֿיר אַקטן**)
אויפֿגעפֿירט: 2 נאָוועמבער 1928, פּראָספּעקט־טעאַטער, ברוקלין, ניו־יאָרק
קוואַל: זילבערצווײַג
פּראָדוצירט פֿון נתן גאָלדבערג, מוזיק פֿון לאַסקאָווסקי.

**די גנבֿטע: קאָמעדיע אין איין אַקט**
[1910ער־1920ער?]

**ווער בין איך? קאָמעדיע אין דרײַ אַקטן, סוזשעט געבאָרגט**
[1925־26]
אויפֿגעפֿירט: "אירווינג־פּלייס"־טעאַטער, ניו־יאָרק, 1925־1926
קוואַל: זילבערצווײַג
"ווער בין איך" איז אַ פֿרײַע באַאַרבעטונג פֿון **דער גוטמוטיקער טאָמאַס** (מחבר אומבאַקאַנט). די הויפּטראָלע האָט געשפּילט מוני ווײַזנפֿרײַנד.

**חתונה־קאָנטראַקטן** (אָדער: **"מערידזש לײַסענס"**)
אויפֿגעפֿירט: 10 יאַנואַר 1929, האָפּקינסאָן־טעאַטער, ניו־יאָרק, און האַרבסט 1932, פּאַוויליאָן־טעאַטער, לאָנדאָן (רעצענזירט פֿון מאָריס מייער)
קוואַל: זילבערצווײַג
ציליע אַדלער האָט געשפּילט די הויפּטראָלע.

**לײַכטע קאָמעדיע (אַדאַפּטאַציע)**
[1920ער־1930ער?]

**אַ לעבנס־פּראַגע: איינאַקטער**
[1910ער־1920ער?]

**מזל צו פֿרויען** (אָדער: **אין די בערג: ראָמאַנטישע קאָמעדיע אין דרײַ אַקטן**)
אויפֿגעפֿירט: 1925־1926, "אירווינג פּלייס"־טעאַטער, ניו־יאָרק
קוואַל: זילבערצווײַג
שמואל גאָלדענבערג האָט געשפּילט.

**דאָס מיידל פֿון דער קוואָטע** – זע **אוי, אַמעריקע**

**פֿאָלקס־שטיק אין צוויי אַקטן**
[1920ער?]

**די פֿיר חתנים: טראַנספֿאָרמאַציע**
[1925]
אויפֿגעפֿירט זומער 1925, נאַציאָנאַלער יידישער טעאַטער, ניו־יאָרק
קוואַל: זילבערצווײַג

**דער שלאַנג אין גן־עדן: דראַמע אין דרײַ אַקטן**
[1910ער־1920ער?]

## בינע־פּיעסעס אין דער קאָנגרעס־ביבליאָטעק

מער אינפֿאָרמאַציע וועגן די ווײַטערדיקע סקריפּטן זיך געפֿינט בײַ Baker. אָנגעגעבן זײַנען די דאַטעס ווען דער סקריפּט איז אָנגעקומען און באַקומען דרוקרעכט, ניט די דאַטעס פֿון אַן אויפֿפֿירונג.

**אַן איידעם אויף קעסט: ראָמאַנטישע קאָמעדיע אין דרײַ אַקטן**
26 פֿעברואַר 1941
צונויפֿגעהאָפֿטענע ראַדיאָ־סקריפּטן (ניט קיין אמתע פּיעסע)

**אין אַ יידישער גראָסערי: פֿאָלקס־שטיק אין דרײַ אַקטן**
26 סעפּטעמבער 1939
אויפֿגעפֿירט: האַרבסט 1939, "סעקאָנד עוועניו"־טעאַטער, ניו־יאָרק
קוואַל: W.S., New York Times
אַ צווייטע קאָפּיע פֿון דעם סקריפּט ליגט בײַם יידישן אָפּטייל א"נ "דורות", ניו־יאָרקער שטאָט־ביבליאָטעק

**אין אַ יידישער גראָסערי: קאָמעדיע אין דרײַ אַקטן**
5 אַפּריל 1938
צונויפֿגעהאָפֿטענע ראַדיאָ־סקריפּטן

**בײַ טאַטע־מאַמעס טיש: דראַמע אין דרײַ אַקטן**
5 אַפּריל 1938
צונויפֿגעהאָפֿטענע ראַדיאָ־סקריפּטן

**בײַ טאַטע־מאַמעס טיש: אַ פֿאָלקס־דראַמע אין דרײַ אַקטן**
20 פֿעברואַר 1939
אויפֿגעפֿירט: האַרבסט 1938, "אורווינג־פּלייס"־טעאַטער, ניו־יאָרק
מער פּרטים וועגן דער גרויסער הצלחה פֿון און דעם גרויסן מחלוקת אַרום דער פּיעסע געפֿינען זיך אין אונדזער אַרײַנפֿיר. געשפּילט האָבן, צווישן אַנדערע, יהודה בלייך אין דער הויפּטראָלע ווי הײַמי זוסמאַן, ציליע אַדלער ווי זײַן ווײַב, ביילע־זיסל, און מישאַ סטוטשקאָוו ווי סעם, דער מעכאַניקער, וואָס פֿאַרליבט זיך אין זייער טאָכטער. אַ סך עלעמענטן זײַנען, אַ פּנים, גענומען פֿון אַ פּיעסע פֿון שלום פּערלמוטער, "נאַרישע טאַטעס".

**ווען בלינדע ליבן**
22 מײַ 1926, פֿילאַדעלפֿיע, פּענסילווייניע

**טויזנט און איין נאַכט: אַ פּיעסע אין דרײַ אַקטן**
26 סעפּטעמבער 1939
צונויפֿגעהאָפֿטענע ראַדיאָ־סקריפּטן

**דער לעצטער איז דער בעסטער: קאָמעדיע אין איין אַקט**
23 יוני, 1924, שמואל גאָלדבערג, בראָנקס, ניו־יאָרק

**אַ מאָל איז געווען: דראַמאַטישע פּאַסירונג אין פֿיר אַקטן**
12 יאַנואַר 1926, פֿילאַדעלפֿיע, פּענסילווייניע

**דאָס מיידל פֿון דער קוואָטאַ: מוזיקאַלישע קאָמעדיע אין דרײַ אַקטן, פֿיר בילדער**
9 יולי 1930, ברוקלין, ניו־יאָרק
דאָס זעלבע וואָס **אוי, אַמעריקע** בײַ "דורות"

**עני און בעני: פּיעסע אין 3 אַקטן און 10 בילדער**
5 אַפּריל 1938
צונויפֿגעהאָפֿטענע ראַדיאָ־סקריפּטן

**דער צדיק אין פּעלץ: מוזיקאַלישע קאָמעדיע אין 3 אַקטן**
14 דעצעמבער 1929, ברוקלין, ניו־יאָרק

**די צוויי כּלות: מוזיקאַלישע קאָמעדיע אין 3 אַקטן**
16 אַפּריל 1925, פֿילאַדעלפֿיע, פּענסילווייניע
אויפֿגעפֿירט: 1925; 17 מײַ 1929, אונטערן טיטל **אַ חתונה אין שטעטל**, אין "מעקינלי־סקווער"־טעאַטער, בראָנקס, מיט מוזיק פֿון הײַמי דזשייקאָבסאָן.

**שקר און שלימזל**

10 סעפּטעמבער 1940, ברוקלין, ניו־יאָרק
צונויפֿגעהאָפֿטענע ראַדיאָ־סקריפּטן

## פֿאַרפֿאַלענע בינע־פּיעסעס (אָרט אומבאַקאַנט)

**ביַי טאַטע־מאַמעס טיש** [Land of Dreams]
אויפֿגעפֿירט: נאָוועמבער 1989, פֿאָלקסבינע ייִדישער טעאַטער, ניו־יאָרק
קוואַל: Shepard, Richard F. New York Times
22 נאָוועמבער 1989, ז' C.10
באַאַרבעט פֿון מרים קרעסין, איבערגעזעצט פֿון שׂימחה קרוגער.

**פֿאַרגעס מיך ניט**
אויפֿגעפֿירט: האַרבסט 1927, פּראָספּעקט־טעאַטער, ברוקלין, ניו־יאָרק
קוואַל: זילבערצוויַיג

## איבערזעצונגען ביַים ייִדישן אָפּטייל א״נ ״דורות״, ניו־יאָרקער שטאָט־ביבליאָטעק

אַנזשעלי, לויִס [Louis Angely], 1787־1835
[Der Dachdecker]
**דער דאַכדעקער, אָדער שלמהקע** [שליאָמקע] **בלעכער**
אויפֿגעפֿירט: 1912, קאָמפּאַנייעץ־טרופּע, מוראַנאָווער טעאַטער, וואַרשע
קוואַל: זילבערצוויַיג

בעל, ג. [G. Bel]
[Hercules]
**הערקולעס: קאָמעדיע־טאַרזש אין איין אַקט**
אויפֿגעפֿירט: 1912־1917, שאַראַוונער טרופּע
קוואַל: זילבערצוויַיג

בענעווענטע, כאַסינטאָ [Benavente Jacinto], 1866־1954
[Los intereses creados]
**אינטערעסן־שפּיל: אַ פּופּן־קאָמעדיע אין 3 אַקטן** (אָדער: **ליאַלקעס**)
אויפֿגעפֿירט: 1917־1921, ״אונדזער ווינקל״, כאַרקעוו, און 16 דעצעמבער 1923, ייִדישער קונסט־טעאַטער, ניו־יאָרק, רעזשיסירט פֿון מאַרק שווייד.
קוואַל: זילבערצוויַיג, ״אונדזער ווינקל״ פֿון סטוטשקאָוו

גאָלדאָני, קאַרלאָ [Carlo Goldoni], 1707־1793
[La locanderia]
**האָטעל־ווירטין**
אויפֿגעפֿירט: 1917־1921, ״אונדזער ווינקל״, כאַרקעוו
קוואַל: זילבערצוויַיג

גוצקאָוו, קאַרל [Karl Gutzkow], 1811־1878

[Uriel Acosta]
**אוריאל אקאסטא**
[1910ער־1920ער?]
איבערגעזעצט אויף העברעיִש, ניט ייִדיש. איבערזעצער אָנגעגעבן ווי " דר. טשאַרני".

דרעגעי, גאַבאָר [Gábor Drégely], געבוירן אין 1883
[A szerencse fia]
**אַ גוט אויפֿגענייטער פֿראַק: קאָמעדיע אין פֿיר אַקטן**
[1910ער־1920ער?]

מאָליער [Molière], 1622־1673
[Malade imaginaire]
**דער אײַנגעבילדעטער קראַנקער: קאָמעדיע אין דרײַ אַקטן**
[1910ער־1920ער?]

מאָליער [Molière], 1622־1673
[Mariage forcé]
**די געצוווּנגענע חתונה: קאָמעדיע אין איין אַקט**
[1910ער־1920ער?]

מאָליער [Molière], 1622־1673
[Les fourberies de Scapin]
**סקאַפּיענס שמד־שטיק**
אויפֿגעפֿירט: 1917־1921, "אונדזער ווינקל", כאַרקעוו
קוואַל: זילבערצווײַג, "אונדזער ווינקל" פֿון סטוטשקאָוו

מאָליער [Molière], 1622־1673
[L'Avare]
**דער קאַרגער**
אויפֿגעפֿירט: 1921־1923, מלוכישער ייִדישער טעאַטער, וויטעבסק

מירבאָ, אָקטאַוו [Octave Mirbeau], 1848־1917
[Scrupules]
**דער גנבֿ**
אויפֿגעפֿירט: 1917־1921, "אונדזער ווינקל", כאַרקעוו
קוואַל: זילבערצווײַג, "אונדזער ווינקל" פֿון סטוטשקאָוו

פֿרידמאַן, אַרמאַנד [Armand Friedman]
נערז, לויִס [Louis Nerz]
[Doktor Stieglitz]
Doctor Stieglitz
ענגלישע איבערזעצונג

פֿולדאַ, לודוויג [Ludwig Fulda], 1862־1939

[Fräulein Witwe]
**פֿרײַלײַן אַלמנה: קאָמעדיע אין איין אַקט**
אויפֿגעפֿירט: 1917־1921, "אונדזער ווינקל", כאַרקעוו

רעסלער, קאַרל [Carl Rössler], 1864־1948?
[Die fünf Frankfurter]
**די פֿינף פֿראַנקפֿורטער: קאָמעדיע אין דרײַ אַקטן**
[1910ער־1920ער?]

שאָלץ, ווילהעלם פֿאָן [Wilhelm von Scholz], 1874־1969
[Der Jude von Konstanz]
**דער ייִד פֿון קאָנסטאַנץ: טראַגעדיע אין פֿיר אַקטן מיט אַן עפּילאָג**
[1910ער־1920ער?]

[אומבאַקאַנטער מחבר]
[באַזירט אויף "דער גוטמוטיקער טאָמאַס"]
**ווער בין איך?**
אויפֿגעפֿירט: 1925־1926, "אירווינג־פּלייס"־טעאַטער, ניו־יאָרק
קוואַל: זילבערצווײַג
די הויפּטראָלע האָט געשפּילט מוני ווײַזנפֿרײַנד.

[אומבאַקאַנטער מחבר]
**די גאַסנקינדער: מעלאָדראַמע אין 5 אַקטן**
אויפֿגעפֿירט אין עליזעום־טעאַטער אין וואַרשע, מסתּמא צווישן 1912 און 1917
קוואַל: זילבערצווײַג
פֿרײַע באַאַרבעטונג פֿון אַ מעלאָדראַמע.

[אומבאַקאַנטער מחבר]
**ראָבערט און בערטראַם**
[1910ער־1920ער?]
אויפֿגעפֿירט אין עליזעום־טעאַטער אין וואַרשע, דאַטע אומבאַקאַנט
קוואַל: זילבערצווײַג

## פֿאַרפֿאַלענע איבערזעצונגען (אָרט אומבאַקאַנט)

אַנזשעלי, לויִס [Louis Angely], 1787־1835
[Ein kleiner Irrtum]
**דער קליינער טעות**
אויפֿגעפֿירט פֿון דער קאָמפּאַנייעץ־טרופּע צווישן 1912 און 1917
קוואַל: זילבערצווײַג
די איבערזעצונג איז געווען דער יסוד פֿאַר "מײַן ווײַבס משוגעת" פֿון מאַרק אָרנשטיין.

וואָלטער [Voltaire], 1694־1778

[Candide?]
**דאָס כּפּרה־הינדל**
אויפֿגעפֿירט: 1917־1921, "אונדזער ווינקל", כּאַרקעוו
קוואַל: זילבערצווײַג, "אונדזער ווינקל" פֿון סטוטשקאָוו
פֿרײַ באַאַרבעטע קאָמעדיע.

יאַקאָבי
[די עהע]
**פרויענשטאָלץ**
אויפֿגעפֿירט: נאָוועמבער 1929, אין דער פּראָווינץ
קוואַל: זילבערצווײַג
פּראָדוצירט פֿון איזידאָר האָלענדער. דראַמע באַזירט אויף "די עהע" פֿון יאַקאָבי. אָריגינעלע פּיעסע און מחבר אומבאַקאַנט.

[אומבאַקאַנטער מחבר]
**דער 70־יעריקער יובילעום**
אויפֿגעפֿירט: 1917־1921, "אונדזער ווינקל", כּאַרקעוו.
קוואַל: זילבערצווײַג

[אומבאַקאַנטער מחבר]
**חווה**
אויפֿגעפֿירט: 1917־1921, "אונדזער ווינקל", כּאַרקעוו
קוואַל: זילבערצווײַג

[אומבאַקאַנטער מחבר]
**יהודית**
אויפֿגעפֿירט: 1917־1921, "אונדזער ווינקל", כּאַרקעוו.
קוואַל: זילבערצווײַג

[אומבאַקאַנטער מחבר]
**פֿאַרקויפֿטער שקלאַף**
אויפֿגעפֿירט: 1917־1921, "אונדזער ווינקל", כּאַרקעוו
קוואַל: זילבערצווײַג

## ראַדיאָ־סקריפּטן

**אין אַ ייִדישער גראָסערי** [סעריע]
159 עפּיזאָדן, אויך קאַרטלעך מיט סינאָפּסיסן פֿון עפּיזאָדן
שטיצער: "פּלענטערס עדיבל אויל קאָ"
אויפֿן הינטערגרונט פֿון זייער שפּײַזקראָם, ווו דער טעלעפֿאָן קלינגט און קונים קומען אַרײַן כּסדר, באַקענט מען זיך מיט אַ ייִדישער משפּחה. מע קויפֿט און פֿאַרקויפֿט, מע נעמט אויף באָרג און צאָלט ניט צוריק, און דער זון דאַרף אָפֿט איבעררײַסן זײַן היימאַרבעט, כּדי צו ברענגען מענטשן דאָס וואָס זיי האָבן באַשטעלט. אויף דער סעריע האָט סטוטשקאָוו באַזירט אַ

בינע־פּיעסע מיטן זעלבן נאָמען – זע אויבן **אין אַ ייִדישער גראָסערי: פֿאָלקסשטיק אין דרײַ אַקטן**.

**אַן איידעם אויף קעסט** [סעריע]
57 עפּיזאָדן, 1940־1942
די מעשׂה האַנדלט פֿון אַ יונגן ייִדישן שרײַבער פֿון קליוולענד, וואָס וווינט מיט זײַן כּלה בײַ שווער און שוויגער אין ברוקלין. אין דער קאָנגרעס־ביבליאָטעק איז דאָ אַ כּלומרשטע בינע־פּיעסע באַזירט אויף דער סעריע, אָבער זי באַשטייט בלויז פֿון צונויפֿגעהאָפּטענע ראַדיאָ־סקריפּטן.

**בײַ טאַטע־מאַמעס טיש** [סעריע]
136 עפּיזאָדן, 1935־1940
שטיצער: די ב. מאַנישעוויץ מצה־קאָ׳
וועגן דער סעריע ווערט דערציילט אויבן, ווי אויך אונטן אונטער "רעקאָרדירונגען". אַרי קעלמאַן באַהאַנדלט זי באַריכות אין זײַן געשיכטע פֿון ייִדישן ראַדיאָ Station Identification.[119] אין דער קאָנגרעס־ביבליאָטעק געפֿינט זיך אַ סקריפּט פֿאַר דער בינע־פּיעסע מיטן זעלבן נאָמען (דרוקרעכט 1939), ווי אויך אַ צווייטע כּלומרשטע בינע־פּיעסע (1938), וואָס באַשטייט פֿון אַ צאָל צונויפֿגעהאָפּטענע ראַדיאָ־סקריפּטן.

**אַ וועלט מיט וועלטעלעך** [סעריע]
114 עפּיזאָדן, 1951 – ?
קורצע משפּחה־דראַמעס, ווו די פּערסאָנאַזשן און סיטואַציעס בײַטן זיך כּסדר, אַזוי ווי "בײַ טאַטע־מאַמעס טיש".

**טויזנט און איין נאַכט** [סעריע]
39 עפּיזאָדן, 10 סעפּטעמבער 1939 – 2 יוני 1940
געוויינטלעכע משפּחה־דראַמעס אויפֿן מוסטער פֿון "בײַ טאַטע־מאַמעס טיש", ווו די פּערסאָנאַזשן און סיטואַציעס בײַטן זיך כּמעט יעדע וואָך.

**מאַמע־לשון** [סעריע]
615 נומערירטע סקריפּטן
די בענד "מאַמע־לשון" נעמען אויך אַרײַן אַ גרויסע צאָל ניט־נומערירטע סקריפּטן, וואָס שטאַמען פֿונעם אָנהייב פֿון דער סעריע, ווען סטוטשקאָוו האָט די פּראָגראַם אַ ביסל בעסער צוגעגרייט. כאָטש קיין "ספּאָנסאָר" ווערט דאָרט ניט פֿאַרשריבן, הערט מען פֿון דער איינציק פֿאַרבליבענער רעקאָרדירונג פֿון דער פּראָגראַם, אַז די געטראַנקען־פֿירמע Kirsch Beverages האָט זי געשטיצט. אין דער ערשטער טעקע, בײַם סאַמע אָנהייב, געפֿינט זיך דער סקריפּט פֿאַר דער רעדע סטוטשקאָווס געהאַלטן בײַם בענעפֿיט פֿאַרן "גרויסן ווערטערבוך פֿון דער ייִדישער שפּראַך", וואָס ווערט צום גרעסטן טייל אָפּגעדרוקט אין דעם דאָזיקן באַנד ווי "מאַמע־לשון – אינס אין דער וועלט".

---

119. **Kelman (2009)** ז׳ 115־116, 144־146, און נאָך (לויטן זוכצעטל). וועגן דעם כּמו רעליגיעזן אופֿן, ווי אַזוי סטוטשקאָוו האָט דערציילט זײַנע וועלטלעכע מעשׂיות, שרײַבט קעלמאַן אויך **(2008)**.

**דער מאַמעס טאָכטער** [סעריע]
64 עפּיזאָדן, 7 סעפּטעמבער 1941 – 7 מאַרץ 1943
שטיצער: "פּלענטערס עדיבל אויל קאָ'"
אַזוי ווי בײַ "עני און בעני", גייט עס דאָ אין אַ ליבע צווישן צוויי מענטשן, וואָס אַנטוויקלט זיך פּאַמעלעך אין משך פֿון דער סעריע.

**עני און בעני** [סעריע]
97 עפּיזאָדן
דערנאָך: **בעני און זײַן יורש**
26 עפּיזאָדן, 25 אָקטאָבער 1942 – 18 אַפּריל 1943
שטיצער: "פּלענטערס עדיבל אויל קאָ'"
איינע פֿון סטוטשקאָווס ערשטע סעריעס, גייט די מעשׂה אין אַ ראָמאַן צווישן אַן אַמעריקאַנער־געבוירענער פֿרוי, געשפּילט פֿון הענריעטאַ שניצער, און אַן אימיגראַנט, אַ ליטוואַק, געשפּילט פֿון סטוטשקאָוון (זילבערצווײַג, באַנד 2, 1465). זיי טרעפֿן זיך, פֿאַרליבן זיך, האָבן חתונה, קלײַבן זיך איבער אין לייקווּד, ניו־דזשורזי (ווו סטוטשקאָוו האָט אַליין געוווינט אויף דער פּענסיע), און דערלעבן כּל־מיני אַוואַנטורעס.

**צרות בײַ לײַטן** [סעריע]
217 עפּיזאָדן, 1944־1959 (?)
שטיצער: ייִדישע סאַנאַטאָריע און האָספּיטאַל פֿאַר כראָנישע קראַנקע, ברוקלין
גענוג ווערט דערציילט אויבן וועגן דער סעריע, וואָס איז אָנגעגאַנגען לענגער ווי אַלע אַנדערע. אין די שפּעטערע יאָרן איז די פּראָגראַם געוואָרן וויניקער טראַגיש און טעמאַטיש פֿאַרבונדן מיט דער ברוקלינער ייִדישער סאַנאַטאָריע, און מער אַ געוויינטלעכע מעלאָדראַמע אינעם סטיל פֿון "בײַ טאַטע־מאַמעס טיש".

**שקר און שלימזל** [סעריע]
38 עפּיזאָדן, 10 סעפּטעמבער 1939 – 2 יוני 1940
שטיצער: "פּלענטערס עדיבל אויל קאָ'"
דאָס איז אַ מין המשך־פּראָגראַם פֿון "אין אַ ייִדישער גראָסערי", אַ מין לײַכטע זייף־אָפּערע, וואָס די מעשׂה דרייט זיך אַלץ ווײַטער אַרום די זעלבע צוויי העלדן, מ"ר מינק און מ"ר פֿישל, דעם שקר און דעם שלימזל.

## רעקלאַמעס

כאָטש אַפֿילו אין די ראַדיאָ־פּיעסעס גופֿא האָט סטוטשקאָוו אָפֿט אַרײַנגעשמוגלט באַמערקונגען וועגן די פּראָדוקטן (product placement בלע"ז), האָט ער אויך אָנגעשריבן אָן אַ שיעור אמתע רעקלאַמעס, סײַ קורצע, סײַ לענגערע, וואָס ווערן באַצייכנט Commercial Sketches. דאָס זײַנען סצענעלעך אַזעלכע, אָפֿט זייער גראָטעסקע, ווו די מעלות פֿון אַ געוויסן פּראָדוקט ווערן אויסגעפּויקט אויף אַן איבערגעטריבענעם און הומאָריסטישן אופֿן. אַ ייִד, למשל, וועקט זיך אויף אין מיטן דער נאַכט מיט אַ

ווייטיק אין בויך, אינדיגעסטיע, ווײַל ער עסט צו פֿיל פֿריש ברויט. הייסט אים דאָס ווײַב, ער זאָל שוין אויפֿהערן זיך צו באַקלאָגן און ווײַטער עסן בלויז "סטומערס פּאָמפּערניקל" (Stuhmer's pumpernickel – אויך אַרויסגערעדט "סטימערס" אויפֿן פּוילישן שטייגער). אָדער אַ ליטוואַק עצהט זײַן גאַליציאַנער חבֿר, וואָס לײַדט פֿון דער צוקערקרענק, ער זאָל טרינקען NoCal, די נײַע סאָדע געמאַכט אין גאַנצן אָן צוקער פֿון דער "קירש"־געטראַנקען־פֿירמע.[120] אַ מאָל האָט סטוטשקאָוו אַרויסגעוויזן מער שעפֿערישקייט און געוואַגטקייט אין די רעקלאַמעס ווי אין זײַנע פּיעסעס. אין די מלחמה־יאָרן, למשל, האָט ער איין מאָל פֿאָרגעשטעלט אַ סצענע בײַ היטלערן אין דער היים, ווו דער פֿירער געניסט אַ פּענעץ ברויט באַשמירט מיטן געשמאַקן "ברייקסטאָנס" שמירקעז – טעם גן־עדן, זאָגט ער, ניט געקוקט אויף דעם, וואָס ס'איז אַ ייִדישער פּראָדוקט.

**ברייקסטאָנס**

ראַדיאָ־סקיצעס פֿאַר "ברייקסטאָנס" שמירקעז און "קירש" געטראַנקען.

**סטומער־סקעטשעס**

ראַדיאָ־סקיצעס פֿאַר "סטומער"־ברויט־פּראָדוקטן

**ראַדיאָ־סקעטשעס**

סקיצעס פֿאַר דער "מאַנהעטן עוועניו מערטשענטס אַסאָסיאַציע", "ברייקסטאָנס" שמירקעז, "פּלענטערס עדיבל אויל קאָ'", "עדעלשטיין"־מילכיקס־קאָ', און "סילווערס בעדער". די זאַמלונג נעמט אַרײַן אַזעלכע סעקציעס ווי: "בלעק־אַוטס" (Blackouts), גראַמען, דאָס רעדל דרייט זיך, אָפּערעטן־אַרײַנפֿירן, קינדער־לידער, לידער־אַרײַנפֿירן, סצענקעס, מאָנאָלאָגן, דעקלאַמאַציעס, ראַדיאָ־"סקעטשעס" פֿאַרשיידענע.

**ראַדיאָ־סקעטשעס – פֿאַרשיידנס**

סקיצעס פֿאַר "ברענער ברידער", "ברייקסטאָנס" שמירקעז, "ברייקסטאָנס" קאַווע, "פּלענטערס עדיבל אויל קאָ'", "עדעלשטיין אויל־קאָ'", "ב. מאַנישעוויץ מצה־קאָ'", און "קירש נאָ־קאַל".

## רעקאָרדירונגען

די גרעסטע זאַמלונג פֿון סטוטשקאָווס פּראָגראַמען געפֿינט זיך אין דער סאַפּאָזשניק־זאַמלונג פֿונעם "פֿאָלקסלעבן־צענטער" בײַ דער קאָנגרעס־ביבליאָטעק אין

---

120. דער בעל־הבית פֿון דער פֿירמע, חיים קירש, איז אויך געווען אַ פֿרײַנד פֿון דער ברוקלינער סאַנאַטאָריע, וועלכן ער האָט געדינט ווי וויצע־פּרעזידענט פֿון 1951, און ווו ער האָט ממציא געווען און אײַנגעפֿירט די ערשטע סאָדע אָן צוקער אין דער געשיכטע – NoCal, געצילט פֿאַר די דיאַבעטיקער (Siegel 2009). אין גיכן האָט די סאָדע זיך פֿאַרקויפֿט אין מיליאָנען, צום טייל אַ דאַנק סטוטשקאָווס רעקלאַמעס אויפֿן ראַדיאָ.

וואַשינגטאָן. דאָס נעמט אַרײַן 26 עפּיזאָדן פֿון "בײַ טאַטע־מאַמעס טיש", איין עפּיזאָד פֿון "ווי די מאַמע פֿלעגט זאָגן", איינעם פֿון "מאַמע־לשון", איינעם פֿון "דער גיהנום", ווי אויך אַ סך רעקאָרדירונגען, וווּ סטוטשקאָוו אַנאָנסירט אָדער רעקלאַמירט עפּעס, לייענט די נײַעס אאַז"וו. אין דער מאָו אַש־זאַמלונג בײַם "סמיטסאָניאַן־צענטער פֿאַר פֿאָלקסלעבן און קולטור" זײַנען דאָ אויך רעקאָרדירונגען, אַרײַנגערעכנט איין עפּיזאָד פֿון "עני און בעני".[121] דער מוזיק־ און טעאַטער־אָפּטייל פֿון דער ניו־יאָרקער שטאָט־ביבליאָטעק פֿאַרמאָגט קאָפּיעס פֿון די "בײַ טאַטע־מאַמעס טיש"־עפּיזאָדן, דער ייִוואָ אויך (מיט נאָך עטלעכע זאַכן).

דער "ייִדישער ראַדיאָ־פּראָיעקט" מאַכט צוטריטלעך אויף זײַן וועבזײַטל רעקאָרדירונגען פֿון דרײַ עפּיזאָדן פֿון "בײַ טאַטע־מאַמעס טיש", פֿונעם "מאַנישעוויץ־מצה"־ליד (געזונגען פֿון סטוטשקאָוו אַליין מיט די קינדערלעך פֿון זײַן פּראָגראַם), פֿון נאָך מצה־רעקלאַמעס זײַנע, ווי אויך פֿון אַ דאָקומענטאַר וועגן סטוטשקאָוון, וואָס ווערט דערציילט פֿון זײַן זון, מישאַ. די אַלע אוצרות קען מען הערן אויפֿן פּרעכטיקן וועבזײַטל: www.yiddishradioproject.org

## מוזיק־בויגנס

סטוטשקאָוו האָט אויך געשריבן די ווערטער פֿאַר טעאַטער־לידער, וואָס עטלעכע האָט מען פֿאַרקויפֿט ווי מוזיק־בויגנס. ס'רובֿ קען מען געפֿינען אין דעם מוזיק־אַרכיוו פֿון ייִוואָ (רג 6112). אַ וויכטיקער אויסנאַם איז דאָס "מאַנישעוויץ־מצה"־ליד מיט "קויפֿט, קויפֿט", וואָס געפֿינט זיך אין דער קאָנגרעס־ביבליאָטעק, אין דער "הענרי סאַפּאָזשניק אַמעריקאַנער ייִדישער ראַדיאָ־זאַמלונג" אינעם "אַמעריקאַנער פֿאָלקסלעבן־צענטער".

**איך בענק נאָך אַ שמייכל, טרינק ליד**
מוזיק: סעקונדאַ, שלום, 1894־1974
1931
פֿון דער פּיעסע "די גאַסן־זינגער" – ליברעטאָ פֿון אַבֿרהם בלום, אויפֿגעפֿירט אינעם

---

121. מאָו (משה) אַש, דער זון פֿונעם ייִדישן שרײַבער שלום אַש, איז געוואָרן איינער פֿון די גרעסטע מוזיק־פֿאָלקלאָריסטן און דורך זײַן מוזיק־פֿירמע Folkways Records אַרויסגעגעבן אָן אַ צאָל פּלאַטעס. אין אַ פֿרײַער מינוט האָט ער אַ מאָל רעקאָרדירט פּראָגראַמען פֿון WEVD, און זיי זײַנען פֿאַרבליבן אויף זײַנע מוזיק־טאַשמעס. דער עפּיזאָד פֿון "עני און בעני", למשל, געפֿינט זיך אויף טאַשמע CDR 767 ACT־1155־101.

ראָלאַנד־טעאַטער, ניו־יאָרק.
קוואַל: Heskes

**אין מײַנע אויגן ביסטו שיין**
ווערטער: סטוטשקאָוו און מאַלי פּיקאָן, 1898־1992
מוזיק: רומשינסקי, יוסף, 1881־1956
1931
[Radom & Neidorff]
ניו־יאָרק
געזונגען פֿון מאַלי פּיקאָן און לעאָן גאָלד אין יוסף רומשינסקיס און יעקבֿ קאַליכס אונטערוועלט־אָפּערעטע "גנבֿ פֿון ליבע" פֿון בנימין רעסלער.
קוואַל: Heskes

**בריוועלעך**
מוזיק: סעקונדאַ, שלום, 1894־1974
1931
געזונגען פֿון דזשעני גאָלדשטיין אין דער פּיעסע "שטיפֿשוועסטער: פֿאַמיליען־דראַמע אין 3 אַקטן", מיט אַ פּראָלאָג און עפּילאָג פֿון לויִס פֿרײַמאַן.
אויפֿגעפֿירט: 1931, ראָלאַנד־טעאַטער, ברוקלין, ניו־יאָרק.

**וואַרשע**
מוזיק: רומשינסקי, יוסף, 1881־1956
1931
פֿון דער פּיעסע "דאָס מיידל פֿון וואַרשע" – ליברעטאָ פֿון מנחם באָריישאָ און בנימין רעסלער. אויפֿגעפֿירט בײַ קעסלערס "סעקאָנד עוועניו"־טעאַטער, ניו־יאָרק, 1931. געזונגען פֿון ווילי גאָדיק און אָלאַ לילית.
קוואַל: Heskes

**דאָס פֿידעלע**
מוזיק: רומשינסקי, יוסף, 1881־1956
[1933]
פֿון דער פּיעסע "דאָס מיידל פֿון אַמאָל" פֿון ה. קאַלמאַנאָוויץ און יעקבֿ קאַליך. אויפֿגעפֿירט אין מאַלי פּיקאָנס "פֿאָלקס־טעאַטער", ניו־יאָרק. אפֿשר געזונגען פֿון מאַלי פּיקאָן אַליין, ווײַל איר בילד באַשיינט די הילע.
קוואַל: Heskes

**ליבע איז אַ שפּיל: דועט: עוועלין און אירווינג**
מוזיק: לאַסקאָווסקי, פֿיליפּ, 1899־
1928
פֿון דער פּיעסע "זײַן מאַמעס געליבטער".
אָרט: ניו־יאָרקער שטאָט־ביבליאָטעק

**מיר פֿאַר דײַנע בײַנדעלעך**
ווערטער: סטוטשקאָוו, נחום, 1893־1965
מוזיק: רומשינסקי, יוסף, 1881־1956
1931
פֿאַר דער פּיעסע "דאָס מיידל פֿון וואַרשע" – ליברעטאָ פֿון מנחם באָריישאָ און בנימין רעסלער.
אויפֿגעפֿירט בײַ קעסלערס "סעקאָנד עוועניו"־טעאַטער, ניו־יאָרק, 1931
קוואַל: Heskes

**נאָך אַ רעגן שײַנט די זון**
מוזיק: סעקונדאַ, שלום, 1894־1974
1931
פֿון דער פּיעסע "אוי, אַמעריקע" – ליברעטאָ פֿון סטוטשקאָוו.
אויפֿגעפֿירט אינעם ראָלאַנד־טעאַטער, ניו־יאָרק, 1931. געזונגען פֿון פֿאַני לובריצקי און וויליאַם שוואַרץ.
קוואַל: Heskes

**קויפֿט מאַנישעוויץ־מצות**
מוזיק: סעקונדאַ, שלום, 1894־1974
[1933]
ראַדיאָ־לידל. רעקאָרדירונג צוטריטלעך אין אינטערנעץ:
www.yiddishradioproject.org
קוואַל: Heskes, Yiddish Radio Project
אָרט: קאָנגרעס־ביבליאָטעק

## רעקאָרדירונגען פֿון ניט־פֿאַרעפֿנטלעכטע לידער

**אַז דער רבי וויל**
מוזיק: עלשטיין, אַבֿרהם, 1907־1963
1969
רעקאָרדירט פֿון לודוויג זאַץ אויף: Ludwig Satz at the Yiddish Theatre, Volume 2
ברוקלין: Greater Recording Company
סטוטשקאָווס אָפּערעטע אויפֿן זעלבן נאָמען איז אויפֿגעפֿירט געוואָרן אין 1929 בײַם פֿאָלקס־טעאַטער אין ניו־יאָרק, רעזשיסירט און געשפּילט פֿון לודוויג זאַץ.
קוואַל: SCETI
אָרט: ייִוואָ, מאַקס און פֿרידאַ ווײַנשטיין־מוזיק־אַרכיוו, גרופּע 130
ראָבערט און מאַלי פֿרידמאַן־קלאַנגאַרכיוו, פּענסילוועניער אוניווערסיטעט

**אַז דער רבי וויל**
רעקאָרדירט אונטערן טיטל **מײַן רבי קען מאַכן**
מוזיק: עלשטיין, אַבֿרהם, 1907־1963
אַלבאָם: Yiddisha Romantica und Lustika featured by Israel Itzhaki
קוואַל: SCETI
אָרט: ראָבערט און מאַלי פֿרידמאַן־קלאַנגאַרכיוו, פּענסילוועניער אוניווערסיטעט

**אַז דער רבי וויל**
מוזיק: עלשטיין, אַבֿרהם, 1907־1963
אַלבאָם: Dave Cash Presente Ses Fantaisies Yiddish
קוואַל: SCETI
אָרט: ראָבערט און מאַלי פֿרידמאַן־קלאַנגאַרכיוו, פּענסילווייניער אוניווערסיטעט

**חיפּה**
מוזיק: רומשינסקי, יוסף, 1881־1956
אַלבאָם: William Royal sings Romantic Music of the Jewish Theatre
קוואַל: SCETI
אָרט: ראָבערט און מאַלי פֿרידמאַן־קלאַנגאַרכיוו, פּענסילווייניער אוניווערסיטעט

**מײַן רבי קען מאַכן**, זע **אַז דער רבי וויל**

## ביכער

די פֿאַרלעגערס **די ברידער שולזינגער** – סטוטשקאָווס פֿרײַנד, ווי מע זעט פֿון דער קאָרעספּאָנדענץ אין זײַן זאַמלונג – האָבן געדרוקט ביידע אוצרות זײַנע, כאָטש אָפֿיציעל איז דער ערשטער, דער ייִדישער "אוצר" אַרויס פֿון ייִוואָ. סטוטשקאָווס ערשט בוך, זײַן "גראַמען־לעקסיקאָן", איז כּלומרשט אַרויס פֿונעם פֿאַרלאַג "לעקסיק", וואָס דאָס האָט געמיינט דאָס זעלבע וואָס איציק מאַנגערס פֿאַרלאַג "אַליינעניר" – ד"ה סטוטשקאָוו האָט עס אַליין אַרויסגעגעבן.

**אוצר השפה העברית**. ניו־יורק: האחים שולזינגער, 1968.

**אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך**. ניו־יאָרק: ייִדישער וויסנשאַפֿטלעכער אינסטיטוט – ייִוואָ, 1950.

**ייִדישער גראַמען־לעקסיקאָן**: 35,000 ווערטער. ניו־יאָרק: לעקסיק, 1931.

# דאַנקזאָגונג

מיר ווילן אויסדריקן אונדזער אויפֿריכטיקן דאַנק די אַלע, וואָס האָבן אונדז געהאָלפֿן, בתוכם: בען אַלעקסאַנדער, סטיוועזן באַראָן, יאַנקל־פּרץ בלום, זכריה בעקער, הערשל גלעזער, ראָבערטאַ זאַלצמאַן ז״ל, מאָטל טעמקין, מײַקל טערי, חווה לאַפּין, חנה מלאָטעק ז״ל, אַבֿרהם נאָווערשטערן, שמעון נײַבערג, באָריס סאַנדלער, הענעך סאַפּאָזשניק, מאַרשאַ סגל, דובֿ־בער פּײַפּער, און דוד פּישמאַן.

# וועגן די מחברים

**לייזער בורקאָ** איז אַ דאָקטאָראַנט אין מאָדערנע ייִדישע לימודים בײַם ייִדישן טעאָלאָגישן סעמינאַר אין ניו־יאָרק. ער לערנט ייִדיש בײַם ייִוואָ אין דער זומער־פּראָגראַם און אַרבעט בײַ דער ייִדישער צײַטונג ״פֿאָרווערטס״. איין מאָל אין אַ נאָוועמבער טרעט ער אויף מיט דער ״פֿאָלקסבינע־טרופּע״.

leyzertag@gmail.com

**מרים־חיה סגל** איז אַ ביבליאָטעקערין אינעם ייִדישן אָפּטייל א״נ ״דורות״ אין דער ניו־יאָרקער שטאָט־ביבליאָטעק. זי האָט גראַדויִרט פֿון דער ייִוואָ־זומער־פּראָגראַם און האָט אַ מאַגיסטער־דיפּלאָם אין ביבליאָטעק־וויסנשאַפֿט פֿון קווינס־קאָלעדזש. זי איז אויך אַ שאַפֿערין פֿון ייִדישע זינגלידער און טרעט אויף ווי אַ זינגערין און אַקטריסע, פֿאַר זיך אַליין און מיט דער ״פֿאָלקסבינע־טרופּע״.

Amanda_Seigel@nypl.org

# מקורים


אַדלער, צילִיע. 1959. **צילי אַדלער דערציילט.** געשריבן מיט דער הילף פֿון יעקבֿ טיקמאַן. ניו־יאָרק: צילי אַדלער־פֿאַונדיישאָן און בוך־קאָמיטעט.

באַריישאַ, מנחם. 1909. "די דראַמאַטישע טרופּע פֿון הזמיר אין שלום־עליכמס 'מענטשן'". **הײַנט.** וואַרשע. 28 מײַ 1909. ז' 3.

באַשעוויס זינגער, יצחק. 1979. **מײַן טאַטנס בית־דין־שטוב.** תּל־אָבֿיבֿ: י. ל. פּרץ־פֿאַרלאַג.

בורשטיין, פּסחקע. 1980. **געשפּילט אַ לעבן.** תּל־אָבֿיבֿ: פּ. בורשטיין.

בית־שין. 1938. "אוי, אַמעריקע: אַ טעאַטער־פּעליעטאָן". **די נײַע פֿאָלקסצײַטונג.** 4 אויגוסט 1938, ז' 4.

בערנפֿלעד, י. **קיום.** נומער 8־9 (32־33). זז' 1691־1697.

גוטמאַנס, ט. 1958. "די שפּראַך פֿון אַ ייִדישער ראַדיאָ־סטאַנציע אין ניו־יאָרק". **ייִדישע שפּראַך.** 17 דעצעמבער 1958, זז' 65־72.

גינינגער, חיים. 1951. "אַ נײַעס אין דער ייִדישער לעקסיקאָגראַפֿיע: וועגן דעם אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך". **ייִוואָ־בלעטער.** באַנד 35, זז' 175־192.

גלאַטשטיין, יעקבֿ. 1946. **שטראַלנדיקע ייִדן.** ניו־יאָרק: פֿאַרלאַג מתּנות.

---. 1950. "פּראָסט און פּשוט". **מאָרגן־זשורנאַל,** 18 אָקטאָבער 1950.

**גרויסער ווערטערבוך פֿון דער ייִדישער שפּראַך.** 1961־1980. רעדאַקטאָרן: יודאַ אַ. יאָפֿע און יודל מאַרק. ניו־יאָרק: קאָמיטעט פֿאַרן גרויסן ווערטערבוך פֿון דער ייִדישער שפּראַך.

האַרקאַווי, אַלכּסנדר. 1931. "אויסצוגן פֿון דעם ייִדישן פֿאָלקס־ווערטערבוך". **ייִוואָ־בלעטער.** באַנד 1. ווילנע: ייִוואָ, זז' 289־300.

וואַרשאַווסקי, יצחק [פּסעוודאָנים פֿון יצחק באַשעוויס זינגער]. 1950. "נחום סטוטשקאָווס וויכטיק ווערק 'אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך'". **פֿאָרווערטס.** 30 אַפּריל 1950.

---. 1965. "נחום סטוטשקאָוו און זײַן גרויסער מאָנומענט". **פֿאָרווערטס.** 15 נאָוועמבער 1965, ז' 4־5.

ווײַנרײַך, אוריאל. 1955. "וועגן פֿילטראַפֿיקן גראַם". **ייִדישע שפּראַך.** באַנד 15, ז'

.109־97

ווײַנרײַך, מאַקס. 1923. **שטאַפּלען.** בערלין: וואָסטאָק.

---. 1939. **די שוואַרצע פּינטעלעך.** ווילנע: ייִוואָ.

---. 1951. "צו ח. גינינגערס אַרטיקל וועגן אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך". **ייִוואָ־בלעטער.** באַנד 35, זז' 192־198.

---. 1973. **געשיכטע פֿון דער ייִדישער שפּראַך.** ניו־יאָרק: ייִוואָ.

זילבערצווײַג, זלמן. 1931־1959. "נחום סטוטשקאָוו". **לעקסיקאָן פֿון ייִדישן טעאַטער.** ניו־יאָרק: פֿאַרלאַג אלישבֿע. באַנד 2, זז' 1466־1464.

ווילענקין, לייזער. 2000. "מײַן אַרבעט איבער דעם ייִדישן שפּראַכאַטלאַס פֿון סאָוועטן־רוסלאַנד" אין: **דער ייִדישער שפּראַך־ און קולטור־אַטלאַס.** באַנד 3. טיבינגען: מאַקס נימײַער פֿאַרלאַג, זז' 2*־4*.

זיסקינד, נתן. 1953. "דער אוצר" אין: **צוקונפֿט.** באַנד 58. יאַנואַר 1953, זז' 36־38.

טורקאָוו, זיגמונט. 1956. **טעאַטער־זכרונות פֿון אַ שטורמישער צײַט: פֿראַגמענטן פֿון מײַן לעבן.** בוענאָס־אײַרעס: צענטראַל־פֿאַרבאַנד פֿון פּוילישע ייִדן אין אַרגענטינע.

**לעקסיקאָן פֿון דער נײַער ייִדישער ליטעראַטור.** 1956־1981. רעדאַקציע: שמואל ניגער און יעקבֿ שאַצקי. ניו־יאָרק: אַלוועלטלעכער ייִדישער קולטור־קאָנגרעס.

מאַרק, יודל. 1973. "אַ שמועס מיט יודל מאַרק". **די גאָלדענע קייט.** באַנד 78, זז' 27־45.

מייער, מאָרריס. "דאָס אויסגעצייכנטע שפּילן פֿון ציליע אַדלער אין 'חתונה קאָנטראַקט: אַ לעבנסבילד אין 3 אַקטן' פֿון נ. סטוטשקאָוו, אויפֿגעפֿירט אין פּאַוויליאָן־טעאַטער". **די צײַט.** 18טן אָקטאָבער 1932, ז' 2.

מערקור, וואָלף. 1951. "דער אוצר פֿון ייִדיש". **דער טאָג.** 29 יולי 1951.

ניגער, שמואל. 1950. "דער ייִדישער שפּראַכס קיבוץ גלויות". **דער טאָג.** 11 יוני 1950.

סטוטשקאָוו, נחום. 1950. **דער אוצר פון דער ייִדישער שפּראַך.** אונטער דער רעדאַקציע פֿון מאַקס ווײַנרײַך. ניו־יאָרק: ייִדישער וויסנשאַפֿטלעכער אינסטיטוט – ייִוואָ.

---. 1931. **ייִדישער גראַמען־לעקסיקאָן.** 35,000 ווערטער. ניו־יאָרק: פֿאַרלאַג "לעקסיק".

---. 1947. "אַ בריוו פֿון נחום סטוטשקאָוו". אין: **בראָקער רעליעף־קאָמיטעט, 10־יאָריקער יובילעום, 1937־1947, סוווערניר־זשורנאַל.** ניו־יאָרק: בראָקער

רעליעף־קאָמיטעט, זז' 2־3.

---. 1931־1969. "אונדזער ווינקל". **לעקסיקאָן פֿון ייִדישן טעאַטער.** רעדאַקטירט פֿון זלמן זילבערצווייַג. ניו־יאָרק: פֿאַרלאַג אלישבֿע. באַנד 6, זז' 4975־4977.

---. 1949. "וועגן דעם אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך (פֿון אַ רעפֿעראַט, געהאַלטן אויף דער 23סטער יערלעכער קאָנפֿערענץ פֿון 'ייִוואָ' יאַנואַר, 1949)". **צוקונפֿט.** באַנד 54, זז' 236־239.

---. 1968. **אוצר השפה העברית.** ניו־יורק: האחים שולזינגר.

סקולניק, מנשה. 1963. "מנשה סקולניק דערציילט". **פֿאָרווערטס.** 5 מייַ 1963, סעקציע 2, ז' 5.

פּלאַמשטיין, ל. 1931. "'אוי, אַמעריקע!' אין ראָלאַנד־טעאַטער: די נייַע קאָמעדיע פֿון נ. סטוטשקאָוו מיט מוזיק פֿון ש. סעקונדאַ". **דער טאָג.** 23 יאַנואַר 1931.

פרי, מנחם. 1979. "הקבצן השביעי". **סימן קריאה.** 9. מאי 1979, זז' 8־9.

קאַהאַן, אַב. 1938. "'בייַ טאַטע־מאַמעס טיש', אין ניו אירווינג פּלייס טעאַטער" **פֿאָרווערטס.** 20 אָקטאָבער 1938.

קאָסאָווער, מרדכי. 1968. "אוצר פֿון דער העברעיִשער שפּראַך". **פֿאָרווערטס.** 29 דעצעמבער 1968.

שמולעוויטש, י. 1969. "נחום סטוטשקאָווס אוצר". **פֿאָרווערטס.** 18 יאַנואַר 1969.

Baker, Zachary, with the assistance of Bonnie Sohn. 2004. *The Lawrence Marwick Collection of Copyrighted Yiddish Plays at The Library of Congress: An Annotated Bibliography*. Washington, D.C: Library of Congress.
http://ww.loc.gov/rr/amed/marwick/marwickbibliography.pdf

Burstein, Pesach. 1984. In Landis, Joseph C., ed. *Memoirs of the Yiddish stage*. Flushing, NY: Queens College Press.

Burstein, Pesach. 2003. *What a life!: the autobiography of Pesach'ke Burstein, Yiddish matinee idol*, by Pesach'ke Burstein, with Lillian Lux Burstein; edited by Gershon Freidlin. Syracuse, N.Y.: Syracuse University Press.

Glazer, Ruth. 1955. "The World of Station WEVD". *Commentary*. 19. February 1955. pp. 162-170

Grimm, Jacob and Wilhelm. 1854-1954. *Deutsches Wörterbuch*. Leipzig. Reprinted in 32 volumes. Munich 1984.

Heskes, Irene. 1992. *Yiddish American popular songs, 1895 to 1950: a catalog based on the Lawrence Marwick roster of copyright entries*. Washington: Library of Congress.

Internet Movie Database (IMDB). 2009. Entry on Misha Stutchkoff / Michael L. Morris. Accessed December 20, 2009.
http://www.imdb.com/name/nm0606806/

Kelman, Ari Y. 2008. “The worldly sounds of Yiddish radio”. In *Yiddish in America: essays on Yiddish culture in the golden land*. Ed. Edward S. Shapiro. Scranton and London: University of Scranton Press.

---. 2009. *Station Identification: A Cultural History of Yiddish Radio in the United States*. Berkeley: University of California Press.

“Nahum Stutchkoff, Yiddish Dramatist [obituary]” *New York Times*. November 19, 1965.

National Public Radio. 2002. *Yiddish Radio Project* [radio documentary].

Sapoznik, Henry. 2002. “Brooklyn Yiddish Radio, 1925-1946” in *Jews of Brooklyn*, ed. Ilana Abramovitch and Seán Galvin. Hanover, NH: University Press of New England [for] Brandeis University Press.

Satz, Ludwig. 1969. *Ludwig Satz at the Yiddish Theatre, Volume 2*. [cassette recording] Brooklyn: Greater Recording Company.

SCETI — Schoenberg Center for Electronic Text and Image, Robert and Molly Freedman Sound Archive, University of Pennsylvania Libraries.
http://sceti.library.upenn.edu/freedman

Secunda, Sholem. 1984. "The Melody Remains," in In Landis, Joseph C., ed. *Memoirs of the Yiddish stage*. Flushing, N.Y. : Queens College Press.

Sharlet, Jeffrey. “'Like Holding Up a Glass to the Wall in a Tenement'”. *Forward*. New York, N.Y.: March 8, 2002. CV: 31,383; p. 10.

Shatzky, Jacob. 1950. "A Superb Yiddish Thesaurus". *Circle in Jewish Bookland*. November.

Shepard, Richard F. "New York City in the 30's, In Yiddish 'Land of Dreams'." *New York Times*. November 22, 1989, p10.

Siegel, Benjamin. 2009. “Sweet Nothing—The Triumph Of Diet Soda”. Accessed on October 29, 2009, at: http://www.americanheritage.com/articles/web/20060619-soda-diet-tab-diet-coke-diet-pepsi.shtml

Telushkin, Dvorah. 1997. *Master of Dreams: A Memoir of Isaac Bashevis Singer.* New York: William Morrow and Company.

W.S. "The Play." *New York Times*. October 2, 1939, p. 2.

Yiddish Radio Project 2008. [website] Retrieved December 12, 2008.
http://www.yiddishradioproject.org

# באַמערקונג צום טעקסט

מיט ווייניק אויסנאַמען שטאַמען די טעקסטן פֿון דעם דאָזיקן באַנד פֿון די טיפּאָסקריפּטן סטוטשקאָווס, וואָס ער האָט אַליין פֿאָרגעלייענט אויפֿן ראַדיאָ פֿאַר זײַן פּראָגראַם "מאַמע־לשון". פֿונעם אָריגינאַל פֿעלט בלויז די רעקלאַמע בײַם אָנהייב און די באַמערקונגען אין צווישן און בײַם סוף, וואָס האָבן געשאַפֿן פֿון די פֿאַרשיידענע שטיקלעך איין גאַנצקייט.

אויפֿן ראַדיאָ האָט סטוטשקאָוו גערעדט אַ געמישטן דיאַלעקט, אַ פֿאַרליטווישט פּויליש ייִדיש, וואָס דאָס איז געווען כאַראַקטעריסטיש פֿאַר די ניט־ליטווישע אַנאָנסירערס אויף WEVD.[122] אין דעם באַנד ווערט זײַן לשון צוגעפּאַסט, מער־ווייניקער, צום ייִוואָ־סטאַנדאַרד, אַזוי ווי עס איז הײַנט אָנגענומען בײַם "פֿאָרווערטס". דאָ און דאָרט האָבן מיר שטילערהייט פֿאַרראָכטן אַ גרײַז, געביטן דעם מין פֿון אַ וואָרט אָדער עפּעס איבערגעזעצט פֿון ענגליש. דערצו האָבן מיר זיך ניט געשעמט צו שנײַדן פּראָזעס, פּאַראַגראַפֿן, און גאַנצע זײַטן פֿון סטוטשקאָווס טעקסט. ערשטנס, איז דאָס בלויז אַן אָפּקלײַב פֿון זײַנע סקריפּטן, דאָס שענסטע און דאָס בעסטע – דער באַנד וואָלט געקענט זײַן כאָטש צוויי מאָל אַזוי גרויס. צווייטנס, אַזוי ווי סטוטשקאָוו האָט געדאַרפֿט אַלץ איבערגעבן בעל־פּה, האָט ער געהאַט אַ נטיה איבערצוחזרן וואָס ער זאָגט, כּדי די צוהערערס זאָלן עס כאַפּן. ער איז בטבֿע געווען אַ באַרעדעוודיקער – פּונקט דערפֿאַר האָט ער זיך געטויגט פֿאַרן ראַדיאָ – און האָט געקענט מאַכן פֿון אַ וואָרט אַ קוואָרט, אויסצִיִען אַ מעשׂה פֿון צוויי שורות אויף דרײַ זײַטן. ניט איין מאָל האָט דער אַמאָליקער קאָרעקטאָר בײַם "פֿאָרווערטס", ר׳ יהושע דובראָווסקי ז״ל, זיך באַקלאָגט איבער דעם פּלוידערײַ, וואָס האָט אים געשאַפֿן מער אַרבעט. כאָטש סטוטשקאָווס סטיל האָט תּמיד אַ חן און זײַן לשון איז געשמאַק, האָבן מיר געפּרוּווט אים האַלטן אין צוים. ווײַל ווי ער זאָגט אַליין: "אַ מענטש דאַרף זײַן מיט אַ מאָס, נישט צו, ווײַל וואָס צו איז אומגעזונט".

122. גוטמאַנס (1958).

# חלק א: שפּראַך

## אַרייַנפֿיר צום ערשטן עפּיזאָד "מאַמע־לשון"

ווי פֿאַר אַן ערשטער פּראָגראַם, וואָס איז אַ ביסל אַנדערש פֿון די וואָס איר זענט געוווינט צו הערן, פּאַסט אַ קליינע הקדמה. צוויי טעמים האָבן מיך באַוויגן צו שאַפֿן די פּראָגראַם "מאַמע־לשון". טעם נומער איינס: נאָך דעם גרויסן חורבן אין אייראָפּע, ווען עמלקס מערדערישע האַנט האָט אָפּגעווישט זעקס מיליאָן ייִדן פֿון דער ערד, דעם ייִדישסטן, דעם שעפֿערישסטן טייל פֿון אונדזער פֿאָלק, איז מאַמע־לשון, ייִדיש, געבליבן אָן אַ מאַמען און אָן אַ טאַטן. איז מאַמע־לשון געבליבן אַ יתום און אויף אונדז אַמעריקאַנער ייִדן ליגט אַ טייל פֿון דעם גרויסן עול אָט דעם יתום אויפֿצוהאַלטן בײַם לעבן, אויב מיר ווילן לעבן בלײַבן ווי אַ פֿאָלק.

מאַמע־לשון איז דער באַנד וואָס פֿאַרקניפּט און פֿאַרבינדט אונדז מיט אונדזערע ברידער און שוועסטער וואָס לעבן איבער גאָר דער וועלט. און מיט די וואָס זענען שוין נישטאָ צווישן די לעבעדיקע. אין מאַמע־לשון האָבן דורות ייִדן אויסגעוויינט זייער טרויער און אויסגעיובלט זייער פֿרייד. דורך מאַמע־לשון זענען מיר פֿאַרבונדן מיט זיי, זענען מיר אַ פֿאָלק מיט אַ פֿאַרגאַנגענהייט, מיט אַ המשך. אָן מאַמע־לשון זענען מיר ווי ערשט נאָר וואָס געבוירענע, עלנטע, אויסגעליידיקטע פֿון יעדן ייִדישן אינהאַלט. זאָלן מיר געבן אונדזערע קינדער אַ ייִדישע דערציִונג, זאָלן מיר פֿאַרשפּרייטן און אַנטוויקלען די ייִדישע ליטעראַטור, די ייִדישע שפּראַך און אַזוי ווײַטער. און אַני־הקטן, נחום סטוטשקאָוו, אַן אַלט־פֿאַרליבטער אין מאַמע־לשון, וויל צוטראָגן מײַן חלק צו אָט דער אַרבעט. אין מײַן פּראָגראַם "מאַמע־לשון" וועל איך זיך באַמיִען אײַך צו ווײַזן ווי שיין און רײַך, ווי געשמאַק און זאַפֿטיק אונדזער לשון איז, ווי מיר האָבן זיך גאָרנישט וואָס צו שעמען מיט אונדזער לשון לגבי אַנדערע. און ווער קען וויסן – אײַער ליבע צו מאַמע־לשון קען זיך נאָך אַזוי צעוואַקסן, אַז אַנשטאָט

צו בעטן דעם ״פֿלאָר״ בײַם ״טשערמאַן״ און אַוועקלייגן אַ ״ספּיטש״ אין ענגליש, אַז די געדערעם זאָלן זיך איבערקערן, זאָלט איר בעטן אַ וואָרט בײַם פֿאָרזיצער און זיך צעדברן אין אַ געשמאַקן, היימישן ייִדיש, אַז בײַ אַלעמען זאָלן די פּנימער אויפֿלײַכטן? און ווער ווייסט – אפֿשר רעדן אַ מאָל אַ וואָרט ייִדיש אויך אין דער היים? דאָס איז דער קולטורעלער טעם פֿון פּראָגראַם ״מאַמע־לשון״. דאָס איז מײַן טעם פֿאַר ״מאַמע־לשון״.

עס איז אָבער דאָ נאָך אַ צווייטער טעם, אַ פּערזענלעכער. אַ סך פֿון מײַנע צוהערער, וואָס לייענען אַ ייִדישע צײַטונג, זענען געוווּיר געוואָרן, אַז איך בין דער מחבר פֿון דעם ״אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך״, און אַז אַזאַ אינסטיטוציע ווי דער ייִדישער וויסנשאַפֿטלעכער אינסטיטוט – ייִוואָ, איז זיך מתעסק מיט אַרויסגעבן אים. איז אויב אַזוי, בין איך דאָך אַ מומחה אין ייִדיש – איז דאָ בײַ וועמען עפּעס צו פֿרעגן. איז פֿרעגט מען. קריג איך בריוועלעך מיט שאלות: דער וויל וויסן דאָס, דער דאָס, כאָטש נעם און וואַרף אַוועק אַלע אַרבעט און טו נישט מער, נאָר ענטפֿער אויף בריוו. איז מיר אײַנגעפֿאַלן, אפֿשר וואָלט געווען אַ פּלאַן, איך זאָל אָט די שאלות ענטפֿערן דורכן ראַדיאָ און שיסן צוויי האָזן מיט איין שאָס, אי איך וועל פֿאַרשפּאָרן אײַנטונקען אַ פּען, אי איך וועל האָבן אַ געלעגנהייט צו רעדן וועגן מאַמע־לשון!

## אַנשל, געצל, שעפּסל

מ״ר גריל פֿון ברוקלין וויל וויסן, פֿון וואַנען שטאַמען די נעמען **אַנשל, געצל** און **שעפּסל**.

איז על־פּי דין וואָלט איך אײַך געדאַרפֿט אָפּשיקן צו האַרקאַוויס ייִדישן ווערטערבוך, ווו איר וואָלט געפֿונען, אַז **אַנשל** שטאַמט פֿון דעם דײַטישן נאָמען ״אַנזעלם״, **געצל** פֿון דעם דײַטישן נאָמען ״געץ״ [Götz], און **שעפּסל** פֿון דעם העברעיִשן נאָמען ״שבתי״ אָדער ״שבתאי״. אָבער איך האַנדל מיט יושר און שיק אײַך נישט אָפּ צו האַרקאַווין. ווײַל וואָס זענט איר, אַ גוי? אַ גוי, אַז ער ווייסט נישט עפּעס אַ וואָרט, גייט ער צו צום ביכערשאַנק, נעמט אַרויס אַ ווערטערבוך און גיט אַ קוק. אָבער אַ ייִד, אַן אַמעריקאַנער ייִד, ווי קומט ער צו האָבן אַ ייִדיש בוך אין הויז?

און אַזוי ווי מיר האָבן איצט דעם חודש פֿון ייִדישן בוך, וועט איר מיר דערלויבן צו געבן אַ זיפֿץ און זאָגן: אַז אָך און ווײ, וואָס ס׳איז געוואָרן פֿון אונדז, פֿון דעם עם־הספֿר, דאָס פֿאָלק פֿון בוך. אַ מאָל, אין דער אַלטער היים, אַז מען פֿלעגט אַרײַנקומען אין אַ ייִדיש הויז, פֿלעגט אויף אײַך גלײַך אַ ווייע טאָן מיט גײַסטיקייט, מיט רוחניות, מיט ייִדישער קולטור, מיט ייִדיש וויסן. ווײַל דאָס ערשטע אויף וואָס אײַער בליק איז געפֿאַלן איז געווען דאָס ספֿרים־שענקל, אַלץ איינס, צי אין שענקל

זענען געשטאַנען העברעיִשע ספֿרים צי יִדישע ביכער, צי אויפֿן שענקל זענען געשטאַנען דער מאַמעס מעשענע צי זילבערנע לײַכטער. און דאָ, דאָ אין אַמעריקע פֿירן ייִדן אַ ברוגז מיט ייִדישע ספֿרים, מיט ייִדישע ביכער. דאָ שעפּן ייִדן וויסן בײַם "פֿינאָקל"־טישל, און גײַסטיקע דערהויבונג בײַ דזשימי דוראַנטי. ווײ איז צו אונדז.

אומזיסט, ייִדן, באַקלאָגן מיר זיך, אַז אונדזערע קינדער גייען אַוועק פֿון אונדז און ווילן נישט וויסן פֿון קיין ייִדישקייט. נישט זיי זענען שולדיק – מיר, די טאַטעס און זיידעס, דאַרפֿן זיך שלאָגן על־חטא. אין הײַזער וווּ עס שטייט נישט קיין ספֿרים־שענקל, וווּ דער טאַטע קוקט קיין מאָל נישט אַרײַן אין קיין ייִדיש ספֿר, אין קיין ייִדיש בוך, און ווייסט נישט פֿאַר וואָס ער איז אַ ייִד און אין וואָס זײַן ייִדישקייט באַשטייט, קען מען אויפֿציִען דאָקטוירים, "לאָיערס", "טיטשערס", און "בייסבאָל"־שפּילערס, אָבער נישט קיין ייִדן. ווילן מיר, אַז אונדזערע קינדער זאָלן בלײַבן ייִדן און זײַן רינגעלעך אין דער גאָלדענער קייט, וואָס בינדט אונדז צונויף ווי אַ פֿאָלק, נעמט צוריק אַרײַן דאָס ייִדישע ספֿרים־שענקל. אָסור אויב מיר האָבן זיך וואָס צו שעמען דערמיט. פֿאַרקערט, מיר קענען זיך גרייסן און שטאָלצירן מיט די גײַסטיקע ווערטן, וואָס מיר האָבן אָנגעזאַמלט פֿאַר אונדזער ספֿרים־שענקל אין אונדזערע ביידע שפּראַכן, העברעיִש און ייִדיש. די וואָך איז חנוכּה, ייִדן, דער יום־טובֿ אין וועלכן מיר פֿײַערן דעם נצחון פֿון ייִדישן גײַסט איבער ברוטאַלער מאַכט. אַנשטאָט דעם אַמאָליקן חנוכּה־געלט גיבן מיר איצט חנוכּה־מתּנות. קען זײַן אַ פּאַסיקערע מתּנה וואָס זאָל גלאָריפֿיצירן און אַרויסהייבן די באַדײַטונג און די קראַפֿט פֿון ייִדישן גײַסט ווי אַ ספֿר, ווי אַ בוך – דער פּראָדוקט פֿון גײַסט? מיר האָבן געגנוג "אַש־טרייס", און "פֿאַונטען פּענס" און "סיגאַרעט־לײַטערס" אין אונדזערע הײַזער. באַזאָרגט זיי בעסער מיט אַ ייִדיש בוך. זאָל די מאַמע האָבן אין וואָס אַרײַנצוקוקן, זאָל דער טאַטע האָבן מיט וואָס אָפּצופֿרישן זײַן ייִדיש באַוווּסטזײַן. דאָס ייִדישע בוך בעט זיך בײַ אײַך: "גיט אונדז אַ מתּנה, מיר האָבן פֿאַר אײַך פֿולע עמערס מיט גײַסטיקן פֿאַרגעניגן און שפּײַז פֿאַר אײַער נשמה. פֿאַר וואָס זאָלט איר נישט געניסן? עס איז דאָך פֿאַר אײַך געשאַפֿן געוואָרן!"

איך האָף, אַז איר וועט די שטים פֿון ייִדישן ספֿר דערהערן.

## טאַטע־מאַמע־לשון

אַ ייִד פֿון ברוקלין, וואָס פֿאַרשטייט קענטיק אין די שוואַרצע פּינטעלעך, וואַרפֿט מיר פֿאָר, אַז איך פּסל צו פֿיל ווערטער, אַז מײַן מאָטאָ "רעדט ווי די מאַמע האָט גערעדט" איז נישט קיין ריכטיקער, ווײַל, מישטיינס געזאָגט, טענהט דער ייִד, וויפֿל ווערטער האָט עס די

מאַמע פֿאַרמאָגט אין איר ווערטערבוך? אויב פֿינף הונדערט איז אַ סך.

איז, קודם־כּל, פֿאַרגעסט איר, מײַן פֿרײַנד, אַז ווען מיר זאָגן "מאַמע־לשון", מיינען מיר דאָך באמת טאַטע־מאַמע־לשון, ווײַל נישט נאָר די מאַמע, נאָר דער טאַטע האָט אויך גערעדט ייִדיש. און ווען דער טאַטע איז געווען אַ ייִד אַ בן־תּורה, האָט ער אויף זײַן לשון זיך געקענט אויסדריקן וועגן די סאַמע איידלסטע ענינים. איך קען אײַך נישט זאָגן אַקוראַט וויפֿל ווערטער ביידע צוזאַמען, דער טאַטע מיט דער מאַמען, האָבן געהאַט אין זייער לעקסיקאָן, אָבער בערך מיט אַ פֿופֿציק טויזנט מער וויפֿל איר האָט איבערגעציילט. און איר דאַרפֿט מיר נישט גלייבן אויפֿן וואָרט – גיט אַ קוק אין מײַן "אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך", וועט איר מיך קענען קאָנטראָלירן.

איר האָט טענות, מײַן פֿרײַנד, וואָס איך פּסל אַזאַ וואָרט ווי "פֿאָרצוג" און שטעמפּל אים ווי אַ דײַטשמעריזם. איז ווי זשע קומט עס, מײַן פֿרײַנד, וואָס איר, דער פֿאַרטיידיקער פֿון די דײַטשמעריזמען, שרײַבט אַזאַ פֿײַן פֿאָלקסטימלעך ייִדיש און איר אַליין באַניצט זיך נישט מיט זיי? אָט שרײַבט איר, למשל, אַזאַ פֿראַזע: "איר שטעמפּלט צו פֿיל ווערטער ווי דײַטשמעריש". פֿאַר וואָס שרײַבט איר נישט: איך פֿאַרדאַם צו פֿיל ווערטער ווי דײַטשמעריש, ווי געוויסע צײַטונג־שרײַבער וואָלטן די פֿראַזע געשריבן? ווײַל אײַער שפּראַכגעפֿיל האָט אײַך מסתּמא אונטערגעזאָגט, אַז "פֿאַרדאַמט" איז אַ פֿרעמד קרייטעכץ אין אונדזער ווײַנגאָרטן און הוא הדין מיט "פֿאָרצוג". ביידע געהערן צו דער זעלבער קאַטעגאָריע. "איך גיב אים די **בכורה**" איז דאָך ייִדישער ווי "איך גיב אים דעם פֿאָרצוג". אַזוי האָט דער טאַטע געזאָגט.

ווי וואָלטן די הײַנטיקע צײַטונגען, די הײַנטיקע דיכטער, פֿרעגט איר, געקענט אויסקומען מיט מאַמע־לשון? אַנו, גייט זיך אַקאָרשט אַרײַן אין דער ייִוואָ־ביבליאָטעק און באַשטעלט אַ גאַנג אַלע ייִדישע צײַטונגען. פֿאַרגלײַכט דאָס לשון פֿון אַ ייִדישער צײַטונג מיט 25־30 יאָר צוריק מיט דעם לשון פֿון אַ הײַנטיקער ייִדישער צײַטונג און זעט וועלכע איז נענטער צו מאַמע־לשון, די אַמאָליקע צי די הײַנטיקע. פֿאַרגלײַכט דאָס לשון פֿון אַ מאָריס ראָזענפֿעלד, אַן עדעלשטאַט, אַ באָוושאָווער צו דעם לשון פֿון מאַני לייב, ה. לייוויק, גלאַטשטיין, לעיעלעס אאַז"וו און זעט ווער עס איז נענטער צו מאַמע־לשון, זיי צי יענע.

און צום שלוס, מײַן פֿרײַנד, וואָלט גאָרנישט געשאַט, ווען איר רעדט מיט אַ ביסעלע מער דרך־ארץ וועגן דעם סנהדרין, וואָס האָט מיר געגעבן סמיכה, ווי איר דריקט זיך אַזוי איראָניש אויס – וועגן דעם ייִדישן וויסנשאַפֿטלעכן אינסטיטוט. אויב די ייִדישע שפּראַך האָט זיך פֿאַר די לעצטע פּאָר צענדליק יאָר ביסלעכווײַז באַפֿרײַט

פֿון דעם ווילדגראָז, וואָס איז אויף איר אָנגעוואַקסן, און איז נאָך אַלע בלאָנדזשעניש און זיגזאַגן צוריקגעבראַכט געוואָרן צו איר שורש, צו מאַמע־לשון, האָבן מיר עס אין אַ גרויסער מאָס צו פֿאַרדאַנקען די ייִדישע געלערנטע און שפּראַכפֿאָרשערס, וואָס זענען געווען און זענען איצט גרופּירט אַרום דעם ייִדישן וויסנשאַפֿטלעכן אינסטיטוט. אים האָבן מיר אויך צו פֿאַרדאַנקען פֿאַרן חשיבֿות, וואָס אונדזער לשון האָט געוווּנען אין די אויגן פֿון דער געלערנטער ניט־ייִדישער וועלט. דער רעזולטאַט, אַז דער ייִדיש־לימוד איז איצט אײַנגעשלאָסן אין דעם קוריקולום פֿון אַמעריקאַנער קאָלעדזשעס. אַ ביסעלע מער באַשיידנקייט, מײַן פֿרײַנד, און אַ ביסעלע מער דרך־ארץ פֿאַרן ייִוואָ!

## "ייִדיש איז דאָך דײַטש!"

ווען איך האָב אָנגעהויבן מײַן פּראָגראַם "מאַמע־לשון", האָב איך אין פֿאָרויס באַשלאָסן, אַז איך וועל נישט ענטפֿערן אויף קיין נאַרישע פֿראַגעס, ווײַל אויב איך זאָל דאָס טאָן, וועט מיר נישט בלײַבן קיין צײַט צו ענטפֿערן אויף קלוגע פֿראַגעס. אָבער אויף איין נאַרישקייט מוז איך ענטפֿערן, ווײַל ווען איך הער עס (און איך הער עס גאַנץ אָפֿט), ווער איך אַן אויפֿגעקאָכטער. און אויפֿגעקאָכט ווער איך דערפֿאַר, ווײַל די פֿרעגערס זענען מערסטנס מענטשן, וואָס האָבן אַזאַ ידיעה אין דעם ענין שפּראַך ווי אַ טערק אין רבנן־קדיש, און פֿון דער העלער הויט, ווי עס קומט צו ייִדיש, ווערן אָט די הדיוטים שפּראַכן־קענער, "ווייסערס" גאַנצע און גיבן זיך אַ זאָג: "ייִדיש? ייִדיש אַ שפּראַך? ייִדיש איז דאָך דײַטש!"

אַז די ענגלישע שפּראַך איז די רײַכסטע אין דער וועלט, דאָס ווייסט איר מסתּמא. ווייסט איר אָבער פֿון וואַנען זי שטאַמט און ווי אַזוי זי איז געוואָרן דאָס וואָס זי איז? הערט פֿאַקטן! ענגליש געהערט צו דער אינדאָ־אייראָפּעיִשער שפּראַכן־משפּחה, אויף וועלכער עס האָבן גערעדט די אַרישע שבֿטים. פֿון דער דאָזיקער שפּראַכן־משפּחה זענען אויסגעוואַקסן די אינדישע שפּראַך, די פּערסישע, די גריכישע, די איטאַליענישע, די פֿראַנצייזישע, די שפּאַנישע, די דײַטשישע, די סקאַנדינאַווישע, די רוסישע און די ענגלישע. דאָס מיינט, די אַלע שפּראַכן האָבן איין בשותּפֿותדיקע טאַטע־מאַמע.

די ענגלישע שפּראַך ווי אַ באַזונדער לשון, ווי מיר קענען זי איצט, איז צוזאַמענגעשטעלט פֿון די ווײַטערדיקע עלעמענטן: פֿון אַנגלאָ־סאַקסיש, פֿון קעלטיש, פֿון סקאַנדינאַוויש, פֿון לאַטײַן, פֿון קריסטלעך־לאַטײַן, פֿון נאָרמאַן־פֿראַנצייזיש, פֿון שפּאַניש, פֿון איטאַליעניש, פֿון האָלענדיש, פֿון מאָדערנעם פֿראַנצייזיש, פֿון דײַטש, פֿון העברעיִש, פֿון אַפֿריקאַנישע שפּראַכן, פֿון אַראַביש, פֿון כינעזיש, פֿון הינדוסיש, פֿון אונגעריש, פֿון פּערסיש, פֿון פּאָרטוגעזיש, פֿון רוסיש און פֿון טערקיש. איר דאַרפֿט

מיר נישט גלייבן אויפֿן וואָרט – נעמט אַ מאָדערנעם ווערטערבוך און איר וועט זען דעם אָפּשטאַם פֿון יעדן ענגלישן וואָרט. און טאָמער איז דאָס אײַך ווייניק, ווייסט אויך: נײַנציק פּראָצענט פֿון די פּרעפֿיקסן און סופֿיקסן, וואָס מיט זייער הילף זענען געשאַפֿן געוואָרן צענדליקער טויזנטער ענגלישע ווערטער, זענען לאַטײַנישע, גריכישע און פֿראַנצייזישע.

און זעט אַ טשיקאַווע זאַך: ביז איצט האָט זיך נאָך נישט אָפּגעזוכט דער חכם, וואָס זאָל זאָגן: "ענגליש איז אַ שפּראַך? דאָס איז דאָך אַ געמיש פֿון אַלע לשונות אין דער וועלט!" און בײַ אונדז יִדן שווימלט עס מיט אַזעלכע חכמים. און זיי ווייסן נישט, אָט די חכמי־הלעזשאַנקע, אַז מיט דעם נאַרישן זאָג "יִדיש אַ שפּראַך?" ווײַזן זיי אַרויס זייער פֿולשטענדיקע עם־הארצות בנוגע שפּראַך.

בײַ אַ שפּראַך, מײַנע פֿרײַנד, איז מען נישט בודק די ציצית און מען פֿרעגט נישט פֿון וואַנען דאָס אָדער דאָס אַנדערע וואָרט שטאַמט. דאָס איז אַן אַרבעט פֿאַר פֿילאָלאָגן. אַ שפּראַך ווערט געשאַצט נישט לויט דעם אָפּשטאַם פֿון אירע ווערטער, נאָר לויט דעם, וואָס זי שטעלט מיט זיך פֿאָר ווי אַ גאַנצקייט, ווי אַן אינסטרומענט פֿון מינדלעכער און שריפֿטלעכער קאָמוניקאַציע אויף איבערצוגעבן מענטשלעכע געדאַנקען, געפֿילן און עמאָציעס. און וואָס יִדיש איז פֿאַר יִדן אין דעם פּרט, וועט מיר נאָך מסתּמא נישט איין מאָל אויסקומען צו רעדן.

יִדיש איז דײַטש, הע? איך וואָלט אַ בעלן געווען צו מאַכן אַן עקספּערימענט אַוועקצוזעצן לעבן זיך אַ דײַטש און אים איבערלייענען פּרצעס אַ חסידיש משלע און הערן זײַן מבֿינות.

## "יישן, ושן און ישן"

אַ יִד פֿון ברוקלין, אַ יִד פֿון די בראָנקס און אַ יִד פֿון מאַנהעטן האָבן זיך אַזוי ווי צוזאַמענגערעדט און שטעלן מיר איין און די זעלבע פֿראַגע, כאָטש מיט אַנדערע ווערטער. און דאָס איז נישט קיין צופֿאַל, ווײַל די פֿראַגע וואָס די יִדן שטעלן מיר האָט צו טאָן מיט אַ געזעץ פֿון אונדזער מאַמע־לשון, מיט וועלכן נישט אַלע זענען באַקאַנט. און דאָס נישט באַקאַנט זײַן מיט דעם האָט אַרײַנגעבראַכט אַ תּוהו־ובֿוהו, אַ צעמישעניש אין אונדזער יִדיש לשון אין אַמעריקע. די פֿראַגע איז וועגן "יישן, ושן און ישן". איר מיינט, אַז איך רעד תּרגום־לשון? אָט אַזוי ווי איך זאָג אײַך – וועגן "יישן, ושן און ישן".

און אָט איז וואָס די פֿראַגע באַשטייט, רבותי. פֿאַראַנען ווערטער, וועלכע מען רופֿט אינטערנאַציאָנאַלע ווערטער, וועלכע שטאַמען פֿון לאַטײַניש אָדער גריכיש. מען רופֿט זיי אינטערנאַציאָנאַלע, ווײַל זיי ווערן באַנוצט פֿון אַלע פֿעלקער אין דער וועלט,

און פֿון אונדז ייִדן בתוכם. אָבער כאָטש זיי שטאַמען פֿון איין שורש, ווערן זיי פֿון יעדער פֿאָלק אַנדערש אַרויסגערעדט.

למשל, פֿאַראַן אַ וואָרט, וואָס באַטײַט **אַרויסוואַנדערונג** – הייסט עס אין דײַטש "עמיגראַציאָן", אין פֿראַנצייזיש – "עמיגראַסיאָן", אין רוסיש און אין פּויליש – "עמיגראַציאַ", און אין ענגליש – "עמיגריישן". אָט האָט איר אײַך "יישן".

פֿאַראַן אַ וואָרט, וואָס באַטײַט "באַשלוס", אָט דאָס וואָס מען נעמט אָן אויף אַ פֿאַרזאַמלונג. הייסט עס אין דײַטש "רעזאָלוציאָן", אין פֿראַנצייזיש – "רעזאָלוסיאָן", אין רוסיש און אין פּויליש – "רעזאָלוציאַ", און אין ענגליש – "רעזאָלושן". אָט האָט איר אײַך "ושן".

אָט דאָס פֿײַנע שטיקעלע חזנות, וואָס איר האָט נאָר וואָס געהערט אויפֿן ראַדיאָ, הייסט אין דײַטש "קאָמפּאָזיציאָן", אין פֿראַנצייזיש – "קאָמפּאָזיסיאָן", אין רוסיש און אין פּויליש – "קאָמפּאָזיציאַ", און אין ענגליש – "קאָמפּאָזישן". אָט האָט איר אײַך "ישן".

איצט פֿאַרשטייט איר, וואָס איך מיין מיט "יישן, ושן און ישן"? דאָס זענען די אינטערנאַציאָנאַלע ווערטער, וואָס ענדיקן זיך אין ענגליש מיט "יישן, ושן און ישן". איך האָב בלויז גענומען דרײַ ווי אַ משל, אָבער איך דאַרף אײַך נישט זאָגן, אַז די דאָזיקע ווערטער זענען אין די טויזנטער. איר דאַרפֿט בלויז עפֿענען אַ ווערטערבוך און אין דעם זיך איבערצײַגן.

איצט קומען מיר צו ייִדיש. ווי דאַרפֿן מיר ייִדן אַרויסרעדן די דאָזיקע אינטערנאַציאָנאַלע ווערטער, צו וועלכע מיר האָבן פּונקט אַזאַ רעכט ווי אַלע? ווי די דײַטשן – "עמיגראַציאָן", "רעזאָלוציאָן", "קאָמפּאָזיציאָן"? ווי די פֿראַנצויזן – "עמיגראַסיאָן", "רעזאָלוסיאָן", "קאָמפּאָזיסיאָן"? ווי די ענגלענדער – "עמיגריישן", "רעזאָלושן", "קאָמפּאָזישן"? צי אפֿשר ווי די רוסן און פּאָליאַקן – "עמיגראַציאַ", "רעזאָלוציאַ", "קאָמפּאָזיציאַ"?

איר, ר׳ בערל, ר׳ שמערל און ר׳ קלונימוס פֿון ברוקלין, בראָנקס און מאַנהעטן, איר האַלט, אַז מיר דאַרפֿן זאָגן "עמיגריישן", "רעזאָלושן" און "קאָמפּאָזישן", ווײַל אַזוי רעדן אונדזערע שכנים, די אַמעריקאַנער. פֿאַרגעסט איר אָבער איין זאַך, אַז אַחוץ אונדז זענען דאָ נאָך ייִדן אויף דער וועלט, וואָס רעדן ווי די שכנים רעדן, וועלן די ייִדיש־רעדנדיקע ייִדן אין פֿראַנקרײַך דאַרפֿן זאָגן: "עמיגראַסיאָן", "רעזאָלוסיאָן" און "קאָמפּאָזיסיאָן", מיט אַ נאָזיקן קלאַנג. און די ייִדן, וואָס וווינען צווישן שפּאַניער, וועלן זיי דאַרפֿן זאָגן אָן אַ נאָזיקן קלאַנג, אָבער אויך "רעזאָלוסיאָן" און

"קאָמפּאָזיסיאָן". וואָס זשע וועט ווערן פֿון ייִדיש? אַ דור־הפּלגה־שפּראַך, ווו איין ייִד וועט נישט פֿאַרשטיין דעם אַנדערן. צי אפֿשר ווילט איר, אַז אַלע ייִדן פֿון דער וועלט זאָלן "יישענעך", "ושענעך" און "ישענעך"? דאָס, וועט איר מודה זײַן, איז שוין אַ ביסל צו פֿיל געוואָלט. וואָס האָט איר נעבעך צו זיי, וואָס איר ווילט זיי אָנהענגען אַ פֿרעמדן לונג־און־לעבער?

איז וואָס זשע טוט מען? איז דאָ אַן עצה: פֿאָלגט מען דאָס געזעץ, וואָס די ייִדישע גראַמאַטיק האָט אײַנגעשטעלט (לאָמיך אײַך אויסזאָגן אַ סוד – ס'איז דאָ אַ ייִדישע גראַמאַטיק). און דאָס געזעץ זאָגט אַזוי: אַלע אינטערנאַציאָנאַלע ווערטער, וואָס מיר ניצן אין ייִדיש, דאַרפֿן אויסגענוצט ווערן אויף דעם אופֿן, ווי עס רעדן זיי אַרויס די סלאַוון, די רוסן און פּאָליאַקן, מיט בלויז אַ קליינעם אָפּנייג: זיי זאָגן "עמיגראַציאַ", "קאָמפּאָזיציאַ", "רעזאָלוציאַ". מיר דאַרפֿן זאָגן ייִדישלעך: **עמיגראַציע, רעזאָלוציע, קאָמפּאָזיציע.** פֿאַר וואָס, פֿרעגט איר, קומט זיי, די סלאַוון, דער כּבֿוד? גאָר פּשוט: דערפֿאַר ווײַל – קריצט עס זיך אײַן אין זכּרון – דערפֿאַר ווײַל די דאָזיקע אינטערנאַציאָנאַלע ווערטער האָבן אַריבערגעוואַנדערט אין ייִדיש פֿון רוסיש און פֿון פּויליש. אין די סלאַווישע לענדער איז געווען דאָס וויגעלע פֿון מאַמע־לשון, דאָרט איז אויסגעוואַקסן און פֿונאַנדערגעבליט זיך אונדזער מאָדערנע ייִדישע ליטעראַטור און דאָרטן האָט זיך ייִדיש אַנטוויקלט צו אַ קולטורשפּראַך. איך וויל, אַז איר זאָלט געדענקען, אַז ווען איר, ר' בערל, ר' שמערל און ר' קלונימוס, זענט געגאַנגען מיטן סמיק פֿון הינטן, האָט מען שוין אין ווילנע און אין וואַרשע געוווּסט וואָס עס מיינט: **אַסיגנאַציע, דעלעגאַציע, דעפּוטאַציע, ספּעקולאַציע, רעוואָלוציע, קאָנסטיטוציע, אינקוויזיציע, אַמביציע, טראַדיציע.** פֿון "יישן, ושן, און ישן" זענען מיר ערשט געוויר געוואָרן, ווען מיר זענען געקומען קיין אַמעריקע.

אָ יע, איר האָט נעבעך זייער אַ גערעכטע טענה: הלמאַי די ייִדישע "פּייפּערס", פֿאַר וואָס שרײַבן זיי "קאָנסטיטושן", "וואַקיישן" און "פּאָזישן" און נישט **קאָנסטיטוציע, וואַקאַציע** און **פּאָזיציע**? אָבער, געדענקט איר, מײַן פֿרײַנד, די צײַט ווען די ייִדישע "פּייפּערס" פֿלעגן שרײַבן "אָרגאַניזאַציאָן", "רעוואָלוציאָן" און "קאָנסטיטוציאָן"? איר געדענקט? נו, זענען מיר דאָך פּטור געוואָרן דערפֿון, וועלן מיר אם־ירצה־השם פֿון דעם "יישן, ושן און ישן" אויך פּטור ווערן.

## נישט קיין גאַנצער ייִד אָן ייִדיש

די פּאָסט האָט מיר די וואָך געבראַכט אַ צאָל בריוו פֿון ייִדן, וועמען מײַן פּראָגראַם "מאַמע־לשון" איז זייער שטאַרק געפֿעלן און זיי זשאַלעווען מיר נישט קיין שבֿחים פֿאַר איר.

איין בריוו איז אָבער געווען פֿון אַ ייִדן אַ כּעסן, און לויט זײַן שרײַבן דערקען איך, אַז דער ייִד איז אַן אַלטער גענאָסע, וועמען מע האָט אײַנגערעדט, אַז ייִדיש איז בלויז אַ מיטל צו פּרעדיקן סאָציאַליזם און בײַ דעם אײַנרעדעניש איז ער געבליבן. ער בייזערט זיך און שרײַבט: "איר האָט געזאָגט אין אײַער פֿאָררעדע, אַז ייִדיש איז מער ווי אַ שפּראַך, אַז ייִדיש איז דער אויסדרוק פֿון אונדזער נשמה. מיינט איר דערמיט צו זאָגן, אַז אַ ייִד וואָס רעדט ענגליש האָט נישט קיין נשמה?"

נישט איך האָב דאָס געזאָגט און נישט איך האָב דאָס געמיינט. עס זענען דאָ ייִדן, וואָס קענען נישט קיין אַנדער שפּראַך ווי ענגליש און זענען גוטע און ווילע מענטשן. אָבער קיין גאַנצע ייִדן זענען זיי נישט, ווײַל עס פֿעלט זיי דער המשך, די קאָנטינויִטעט פֿון דורות. עס פֿעלט זיי דאָס לשון, וואָס שפּיגלט אָפּ די ייִדישע פּסיכיק, די ייִדישע מענטאַליטעט. מיט איין וואָרט, זייער נשמה פֿעלט ייִדישער זאַפֿט, ווײַל זייער יניקה איז פֿון אַ פֿרעמדן באָדן, נישט פֿון קיין ייִדישן. די זעלבע פֿראַזע, וואָס וועט אײַך אין ענגליש לאָזן קאַלט, וועט אײַך צעטרייסלען ווען געזאָגט אין ייִדיש מיט ייִדישן טעם. און כּדי עס אײַך צו מאַכן אַזוי קלאָר ווי מעגלעך, לאָמיך אײַך דערציילן אַ מעשׂה.

געווען אין וואַרשע אַ דאָקטער מיטן נאָמען ד"ר הערץ, באַליבט בײַ אַלע קלאַסן פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג, סײַ בײַ חסידים, סײַ בײַ מתנגדים, און סײַ אַפֿילו בײַ די אַסימילירטע ייִדן, בײַ די פּאָליאַקן פֿון משה רבנוס גלויבן. דערציילט מען, אַז מע האָט אים איין מאָל גערופֿן צו אַ רײַכן ייִדישן באַנקיר, בײַ וועמען די יונגע שנור איז געגאַנגען צו קינד. געבילדעטע מענטשן מיט סכּנות־נפֿשות, האָט מען בײַ דעם דאָזיקן באַנקיר גערעדט אַלע שפּראַכן אין דער וועלט, נאָר נישט ייִדיש. געקומען אַ ביסל פֿאַר דער צײַט, זיצט זיך ד"ר הערץ אין רײַכן סאַלאָן מיטן באַנקיר און זײַנע בני־בית, טרינקט זיך אַ גלעזל טיי און שפּילט מיטן באַנקיר אַ שאָך.

פּלוצלינג דערהערט זיך פֿון דער קימפּעטאָרינס צימער אַ געשריי: "אָ!" און אין פֿראַנצייזיש: "מאָן דיעו, מאָן דיעו! זשע מער! זשע נ'פּעו פּליו! זשע נ'פּעו פּליו!"

אַלע קוקן אָנגעשטרענגט אויף ד"ר הערצן, אָבער יענער איז קאַלט ווי אַ שטיק אײַז, טרינקט זיך זײַן גלאָז און שמייכלט אונטער דער וואָנצע: "באַרויִקט אײַך, ס'איז נאָך דאָ צײַט". אַ פּאָר מינוט שפּעטער הערט זיך נאָך אַ שטאַרקער געשריי: "אָ!" און דאָס מאָל אין פּויליש: "פּאַניע דאָקטאָזשע, ראַטויזשע! פּאָמוזש מניע באָזשע קאָכאַני!" אַלע ווערן פֿאַרציטערט און קוקן מיט צעשראָקענע אויגן אויפֿן דאָקטער, און יענער ווי נישט אים מיינט מען, ער טוט זיך זײַנס און שמייכלט: "נאָך צײַט, איך ווייס ווען

אַרײַנצוגײן".

פלוצלינג האָט אַ שוידערלעך געשריי דורכגעשניטן די לופֿט: "מאַמעשי! ראַטעווע! מאַמעשי!" שנעל ווי אַ בליץ איז ד"ר הערץ אויפֿגעשפּרונגען פֿון בענקל און זיך געלאָזט גיין צו דער קימפּעטאָרינס צימער, זאָגנדיק דערבײַ: "אַז זי שרײַט שוין 'מאַמעשי', מיינט זי שוין נישט קיין חכמות".

איר פֿאַרשטייט, מײַן ליבער גענאָסע פֿון דעם "אינגליש ספּיקינג ברענץ" – מען קען אויף אַלע שפּראַכן שרײַבן "אוי", אָבער צום ייִדישן **אוי**, צו **מאַמעשי ראַטעווע** קומט עס נישט.

## קלעזמער־לשון

געוויסע עטלעכע פּראָפֿעסיעס בײַ ייִדן וואָס האָבן געהאַט זייערע אייגענע לשונות, זייערע אייגענע זשאַרגאָנען, ווי, למשל, קצבֿים, בעל־עגלות, שערערס, קלעזמערס און, להבֿדיל, גנבֿים. די דאָזיקע זשאַרגאָנען זענען נישט קיין פֿולע שפּראַכן, זיי פֿאַרמאָגן בלויז אַ צאָל ווערטער און אויסדרוקן, וואָס האָבן אַ דירעקטע שײַכות צו זייערע פּראָפֿעסיעס, אָדער צו דער סבֿיבֿה, אין וועלכער זיי איז אויסגעקומען צו אַרבעטן. מער פֿון אַלע האָבן זיך די קלעזמאָרים געניייטיקט אין אַ באַזונדער לשון, וואָס די אַרומיקע זאָלן נישט פֿאַרשטיין, ווײַל זייער אַרבעט פֿלעגט תּמיד זײַן צווישן אַ סך מענטשן, אויף חתונות. שטעלט זיך פֿאָר, אַז אַזאַ חבֿרהטשקע קלעזמאָרים איז אויף אַ חתונה און איינעם פֿון זיי ווילט זיך אַ שפּאַס טאָן אויף דער כּלהס חשבון: "היי חבֿרה, גיט אַ קוק אויף דער כּלה, זעט אַ נאָז, קיין עין־הרע!" נו, קען ער דאָס זאָגן, אַז אַרום אים געפֿינען זיך אַזוי פֿיל חתונה־געסט? וואָס טוט ער, גיט ער זיך אַן עצה און זאָגט אויף **לאַבושינסקע** – קלעזמער־לשון: "היי **לאַבושניקעס**, גיט אַ **מאַטכע** אויף דער **סאַמסאַניצע**, זעט אַ **סטאַמבולקע** זי האָט!" און גייט פֿאַרשטייט אים וואָס ער מיינט. אָדער, למשל, עס גייט אַדורך אַ שיינע מויד און איין קלעזמער גיט אַ שטורכע דעם צווייטן: "היי שלמה, **מאַטכע**, זע אַ **שעכטל**, זע אַ פּאָר **זיקרעס**, זע אַ פּאָר **כּילניקעס** און זע **ספּיאָכעס**" – דאָס מיינט ער צו זאָגט: היי שלמה, גיב אַ קוק, זע אַ מויד, זע אַ פּאָר אויגאַנעס, זע אַ פּאָר פֿיסלעך, און זע אַ ביוסטעלע.

## שפּעט־לשון און ספּאָדיקעס

ווידער האָבן זיך צוויי ייִדן צוזאַמענגעטראָפֿן. איינער פֿרעגט: "פֿאַר וואָס זאָגט מען **דרייען אַ ספּאָדיק**?" און דער צווייטער פֿרעגט: "פֿאַר וואָס זאָגט מען **האַקן אַ טשײַניק**?"

מיט דעם ענטפֿער וואָס איך וועל אײַך געבן, ליבע ייִדן, וועל איך פֿאַרענטפֿערן אַ סך ענלעכע שאלות, וואָס ייִדן האָבן מיך געפֿרעגט און קלײַבן זיך מסתּמא צו פֿרעגן.

אַלע האָבן אַ שײַכות צום ייִדישן "שפּעט־לשון". וואָס איז אַזוינס שפּעט־לשון? שפּעט־לשון מיינט, ווען איר נעמט אַ כּשר ייִדיש וואָרט, וואָס איז פֿאַר זיך אַליין גאָרנישט קאָמיש, און איר צעדרייט עס אַזוי, אַז עס רופֿט אַרויס אַ שמייכל בײַ די צוהערערס. מען רופֿט זיי "שפּעטווערטער" אָט די דאָזיקע פֿאַרקרימענישן, כאָטש אין דער אמתן זענען זיי מער ווי דאָס. זייער ציל איז נישט בלויז אָפּצולאַכן און אָפּצושפּעטן, צו טרײַבן לצנות, נאָר אויך כּדי אויסדריקן די פֿאַרשיידנסטע גײַסטיקע שטימונגען, ווי פֿאַרדראָס, כּעס, ביטול, איראָניע, סאַרקאַזם אאַז"וו.

ווען אַ ייִד זאָגט **געלט־שמעלט**, לאַכט ער נישט פֿון געלט, נאָר ער איז עס מבֿטל – "אויך מיר אַ זאַך, געלט! מען וועט עס אין קבֿר נישט מיטנעמען". ווען אַ ייִד איראָניזירט וועגן איינעם, וואָס האַלט זיך פֿאַר אַ געבילדעטן, זאָגט ער: **ער איז געבולבעט, געבולצעוועט, געבילקעוועט.** פֿון אויפֿגעקלערט מאַכט ער – **אויפֿגעיוירן.** פֿון ציוויליזאַציע מאַכט ער **ציבעלעזאַציע.** פֿון תּלמיד־חכם מאַכט ער – אַ וואָרט וואָס מען טאָר אויפֿן ראַדיאָ נישט דערמאָנען [**תּלמיד־תּחת**]. ווען אַ ייִד בייזערט זיך אויף זײַן טאָכטער, וואָס האָט זיך פֿון דער העלער הויט צעלאַכט, זאָגט ער: "**וואָס האָסטו זיך צעליאַכעט, וואָס איז מיט דיר דער שווילטאָג?**" און צו די דאָזיקע ווערטער פֿון ייִדישן שפּעט־לשון געהערן אויך **האַקן אַ טשײַניק** און **דרייען אַ ספּאָדיק.**

דאָס אייגנטלעכע וואָרט איז **דרייען אַ קאָפּ.** דאָס מיינט: **אַרײַנרעדן אין יענעם, מוטשען יענעם,** אָדער ווי איר זאָגט – "**באַדערן**" **יענעם**, אַז בײַ יענעם זאָל זיך אָנהייבן דרייען דער קאָפּ. אַ ייִד גייט נאָך אָבער נישט אין בלויזן קאָפּ, ער טראָגט דאָך עפּעס אויפֿן קאָפּ, האָבן זיך ייִדן לצים צעחכמעט און אַנשטאָט **דרייען אַ קאָפּ** איז געוואָרן: **דרייען אַ היטל, דרייען אַ ספּאָדיק, דרייען אַ יאַרמלקע, דרייען אַ קאַפּטור, דרייען אַ שלייער.** אַנשטאָט **האַקן אין קאָפּ,** וואָס מיינט: רעדן אַ סך, מאַכן אַ לאָך אין אויער, איז געוואָרן: **האַקן אַ טשײַניק, האַקן אַ פּיעקעליק, האַקן אַ קריזש** אאַז"וו.

האָט עס אין זינען, ייִדן, וועט איר מיר אײַנשפּאָרן אַרבעט. ווען איר הערט עפּעס אַ טשיקאַווע וואָרט, אַ טשיקאַוועז אויסדרוק, וואָס האָט נישט קיין זינען, גיט אַ טראַכט, צי איז עס נישט אַ מאָל אַ פּאַראָדיע, אַ טראַוועסטיע אויף אַ גוט וואָרט, וואָס אַ ייִד אַ וויצלינג האָט געשאַפֿן און דער עולם האָט עס אָנגענומען?

## מאַמע־לשון – איינס אין דער וועלט

מײַנע פֿרײַנד, ס'ערשטע וועל איך אײַך בעטן: ציט נישט אָן אויף זיך קיין ערנסטע מינעס און הייבט נישט אָן קנייטשן די שטערנס, ווי איר זענט עס געוווינט צו טאָן, ווען איר קלײַבט זיך הערן אַ לעקציע – איך בין נישט קיין לעקטאָר און איך קלײַב זיך

עס נישט ווערן. נאָר דאָס פֿעלט מיר צום רומל! וואָס איך קלײַב זיך, איז האָבן מיט אײַך אַן אינטימען שמועס וועגן אַ פשוטן ענין, וואָס איז אפֿשר גאָר נישט אַזוי פשוט: וועגן לשון ייִדיש. און כּדי איך זאָל נישט פֿאַרקריכן קיין בויבעריק און נישט פֿאַרגעסן ווען אויפֿצוהערן, ווי אַ סך לעקטאָרן האָבן אַ טבֿע, האָב איך מײַן שמועס אויפֿגעשריבן אויף פּאַפּיר און אויסגעמאָסטן – "געטײַמט" הייסט עס אויף ראַדיאָ־לשון – און געמאַכט זיכער, אַז ס'זאָל נישט קומען דערצו, אַז איר זאָלט זיך דאַרפֿן אָנהייבן רוקן אויף די בענקלעך און אונטערהוסטן. איז דערפֿאַר, רבותי, "רילעקסט", און הערט וועגן וואָס עס גייט.

צווישן די שבֿחים, וואָס ייִדישע קריטיקערס האָבן בשעתו געזאָגט וועגן מײַן "אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך", איז געווען אַ פסוק פֿון ד"ר מוקדוני, וואָס פּאַסט צו דעם ענין, וועגן וועלכן איך וויל צו אײַך רעדן. "איך קען", שרײַבט ד"ר מוקדוני, "אַרויסגיין מיט דעם דאָזיקן בוך אין דער ייִדיש־אַמעריקאַנער גאַס און ווען איינער וועט אַ פּלאַפּל טאָן עם־הארצותדיק 'ייִדיש איז קיין שפּראַך נישט', וועל איך אים אונטערטראָגן אָט דאָס טויזנט־זײַטיקע בוך צו די אויגן און אים זאָגן: 'טיפּש וואָס דו ביסט!'"

עס איז אַוודאי זייער טרויעריק, אַז אַ ייִדישער שריפֿטשטעלער זאָל דאַרפֿן אַזוינס זאָגן אין 1950. זייער טרויעריק, אַז נאָך כּמעט טויזנט יאָר לעבן אינעם מויל פֿון אונדזער פֿאָלק, נאָך הונדערטער יאָרן דינען ווי אַן אינסטרומענט פֿון גײַסטיק שאַפֿן, נאָכן האָבן אויף איר קרעדיט אַזאַ ברייטע פֿאַרצווײַגטע ליטעראַטור, זאָלן זיך נאָך געפֿינען ייִדן, וואָס זאָלן קענען אַרויסברענגען אַזאַ שטות אויף זייערע ליפּן. אָבער נאָך וואָס פֿאַרמאַכן די אויגן? עס זענען נאָך דאָ אַזעלכע ייִדן און גאָר נישט ווינציק. אמת, אַ טייל פֿון זיי זענען שוטים און מען קען צו זיי גאָרנישט האָבן, אַ טייל עם־הארצים און צו זיי קען מען נאָך ווייניקער האָבן. אָבער עס טוט וויי דאָס האַרץ, ווען מען הערט פֿון גאַנץ פֿײַנע אָדער תּמימותדיקע ייִדן, און אַ מאָל אויך פֿון אינטעליגענטע, געבילדעטע ייִדן, וואָס האָבן אָט די צורה מיטגעבראַכט מיט זיך פֿון די אַלטע היימען. די באַקאַנטע צורה, וואָס אונדזערע אַסימילאַטאָרן און שׂונאי־ייִדיש פֿון אַלע לאַגערן האָבן מיט זיי אַרײַנגעקנעלט יאָרן לאַנג: "ייִדיש? פֿע! ייִדיש איז דען אַ שפּראַך? ס'איז דאָך אַ פֿאַרגרײַזט דײַטש! וואָס גיכער מיר וועלן פּטור ווערן פֿון דעם אָנשיקעניש, אַלץ געזינטער. רוסיש איז אַ שפּראַך, פּויליש איז אַ שפּראַך. אָבער ייִדיש?"

אונדזערע פֿילאָלאָגן, אונדזערע שפּראַך־וויסנשאַפֿטלער, זיי איז קיין מאָל נישט אָנגעשטאַנען, און עס שטייט זיי נאָך איצט נישט אָן, אַראָפּצונידערן צום פֿאָלק און זיי

דערקלערן דעם פּשוטן אַלף־בית וועגן דעם ענין שפּראַך בכלל און ייִדיש בפּרט, אַז ייִדן זאָלן זיך שעמען אַרויסצוברענגען אַזאַ שטיק עם־הארצות פֿון זייער מויל. ווײַל פּאַסט עס פֿאַר זיי, פֿאַר די גרויסע געלערנטע מיט דאָקטאָר־דיפּלאָמען, צו לערנען מיט ייִדן אַלף־בית? איך בין נישט קיין געלערנטער און נישט קיין דיפּלאָמירטער און מיר פּאַסט עס. איך וועל מיט אײַך לערנען אַלף־בית. אָבער איידער איך נעם דעם טײַטל און הייב אָן צו קנעלן, לאָמיך אײַך פֿריִער דערציילן אַ מעשׂה.

אין מײַן געבוירן־שטעטל בראָק, לאָמזשער גובערניע, האָבן זיך צוויי ייִדן צעהרגעט אין בית־מדרש. וועגן וואָס וועט איר באַלד הערן. מיט צוויי וואָכן שפּעטער זענען זיי ביידע געשטאַנען אין דער אויעזדנער "שטאָט־אופּראַווע"[123] בײַם "מיראָווואָי סודיאַ".[124] און ווען איינער פֿון די צדדים, אַ ייִד מיטן נאָמען שלמה־זלמן איטשעס, האָט אויף זײַן צעבראָכענעם רוסיש אָנגעהויבן אויסלייגן זײַנע טענות, האָט דער מיראָוואָי סודיאַ – נישט קיין שלעכטער גוי – זיך צעשמייכלט און זאָגט צו אים: "גאָוואָרי פּאַ יעווריייסקי שליאָמאַ" – ס'הייסט: רעד ייִדיש, איך וועל דיך פֿאַרשטיין; איך האָב אין גימנאַזיע געלערנט דײַטש. ר' שלמה האָט דאָס דערהערט, איז אין אים אַ נײַע נשמה אַרײַן, אַז דער ערל פֿאַרשטייט דײַטש, איז דאָך ווויל ווי די וועלט. האָט ער זיך אויסגעהוסט, אַ גלעט געטאָן די ברייטע באָרד און אָנגעהויבן בזה־הלשון: "ווי זי קוקן מיך אָן, הער מיראָוואָי סודיאַ, בין איך נישט קיין עם־האָרץ אַ ייִד. איך בין נישט קיין למדן, אָבער אַז איך בין אַ יודע־ספֿר, און קען לערנען אַ בלעטל משניות און אַרײַנקוקן אין אַלשיך, אויף דעם וועלן אַלע מעיד זײַן. איצט שטעלט אײַך פֿאָר די חוצפּה און די העזה פֿון אַזאַ באָדיונג מיר צו זאָגן בפֿני כל עם ועדה, אַז איך פֿאַרשטיי נישט קיין פּירוש. האָט עס מיך געגעבן אַ ברען און איך בין אַרויס פֿון די כּלים און האָב אים דערלאַנגט אין זײַן טריפֿהנעם פּרצוף. פֿאַרשטייען זי, הער מיראָוואָי סודיאַ?" "ני סלאָוואָ"[125] האָט דער מיראָוואָי סודיאַ געענטפֿערט און אָנגעהויבן דרייען די וואָנצע.

דער מוסר־השׂכּל פֿון דער געשיכטע איז קלאָר אָן פּירושים: אַז ייִדיש און דײַטש איז עפּעס נישט הײַנו־הך. אָבער איידער מיר רעדן וועגן דער קרובֿישער שײַכות

123. שטאָטראָט

124. ציוויל־ריכטער

125. קיין וואָרט נישט

צווישן ייִדיש און דײַטש, לאָמיר זיך אַ ווײַלע פֿאַרקערן אין אַ זײַט און פּרווון על רגל אַחת, על־פּי חכמת־הפֿילאָלאָגיע דערקלערן דעם ענין שפּראַך בכלל.

קיין אומה־ולשון האָט נישט אַוועקגעזעצט קיין אַקאַדעמיע פֿון שפּראַכקענער, וואָס זאָל פֿאַר איר אויסטראַכטן אַ שפּראַך. ווי די מענטשלעכע קולטור בכלל, אַזוי האָבן אויך שפּראַכן דורכגעמאַכט אַ לאַנגע בהדרגהדיקע אַנטוויקלונג אין משך פֿון טויזנטער יאָרן. ס'איז אַ סבֿרה, זאָגן פֿילאָלאָגן, אַז די ערשטע קלאַנגען פֿון דעם מענטשלעכן לשון זענען געווען נאָכמאַכונגען פֿון נאַטור־קלאַנגען. אַז די סבֿרה לייגט זיך אויפֿן שׂכל, קענען באַווײַזן אַ סך ווערטער נאָך הײַנט צו טאָג. ווען אַ ייִד גייט אין אַ בלאָטע, גייט ער נישט, נאָר טשאַפּעט. פֿאַר וואָס טשאַפּעט ער? ווײַל בעת ער גייט הערט זיך "טשאַפּ־טשאַפּ". ווען איר גיט יענעם אַ בוך אין פּלייצע, הערט זיך אַ ווידערקול – "בוך!"

בקיצור, שטעלן מיר זיך פֿאָר די מעשׂה אַזוי. ווען אַ ווילדער שבֿט האָט זיך אין משך פֿון יאָרן דערוואָרבן אַזאַ צאָל ווערטערקלאַנגען, האָט איבערגעוואַנדערט אויף אַן אַנדער אָרט און דאָרט באַגעגנט אַן אַנדער שבֿט, און ביידע האָבן באַשלאָסן זיך צו פֿאַראייניקן, עס זאָל זיי זײַן פֿריילעכער, האָבן זיי געמאַכט שותּפֿות, איאָ? שותּפֿות מיט די ווײַבער, שותּפֿות מיט די שפּיציקע שטיינער, מיט וועלכע מען גייט אויף געיעג, און שותּפֿות מיטן לשון. איינער האָט בײַם צווייטן זיך אויסגעלערנט די פּאָר ווערטער, וואָס יעדער האָט געהאַט אין זײַן פֿאַרמעגן און ביידע זענען געוואָרן באַרעדעוודיקער. און ווען אָט די גרעסערע שבֿטים האָבן זיך שפּעטער פֿאַראייניקט אין פֿעלקער און יעדער פֿון זיי האָט אַרײַנגעטראָגן אין פֿאָלקס שפּײַכלער זײַן חלק לשון, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך, איז מען שוין גאָר באַרעדעוודיק געוואָרן. און ווען די פֿעלקער האָבן זיך אָנגעהויבן שלאָגן איינס מיטן אַנדערן פֿאַר אַ פּלאַץ אויף גאָטס ערד, און די שטאַרקע האָבן אײַנגעשלונגען די שוואַכע, האָבן זיי אויך אײַנגעשלונגען זייערע לשונות און די באַזיגערס זענען געוואָרן וואָס אַ מאָל רײַכער אין לשון. און ווען זיי האָבן זיך שוין, גאָט צו דאַנקען, אַ ביסל באַרויִקט און געוואָרן שטיקלעך מענטשן, האָבן זיך די אַלע לשונות און דיאַלעקטן, וואָס זיי האָבן אײַנגעשלונגען, גענומען אינסטאַלירן און אָפּזעצן זיך און אין פֿאַרשיידענע ווינקעלעך פֿון דער וועלט, דאָ פֿריִער, דאָרטן שפּעטער, זענען אַנטשטאַנען אַזוי געררופֿענע גרונט־אָדער מוטער־שפּראַכן, וואָס פֿון זיי זענען שפּעטער אויסגעוואַקסן די אַלע הונדערטער לשונות, וואָס ווערן איצט גערעדט אויף דער וועלט.

יאָרן לאַנג האָבן פֿילאָלאָגן געבלאָנדזשעט אין אָט דעם שפּראַכן־לאַבירינט פֿון

פֿעלקער און נישט געקענט דערגײן קיין טאָלק, ביז זיי איז ענדלעך געלונגען פֿעסטצושטעלן, אַז ס׳רובֿ מענטשלעכע שפּראַכן דאַרפֿן אײַנגעטיילט ווערן אין נײַן הויפּט־משפּחות. אָט זענען זיי: אינדאָ־איראָפּעיִש, פֿינאָ־אוגריש, סעמיטיש, האַמיטיש, אינדאָ־כינעזיש, מאַלאַיאָ־פּאָלינעזיש, טורקאָ־טאַטאַריש, דראַווידיש, און באַנטו. פֿאַר אונדזער שמועס וועט זײַן גענוג ווען מיר וועלן זיך אָפּשטעלן בלויז אויף דער אינדאָ־איראָפּעיִשער משפּחה, ווײַל צו איר געהערט אויך אונדזער מאַמע־לשון. זי איז קיין עין־הרע אַזאַ גרויסע משפּחה, אַז זי מוז געטיילט ווערן אין אונטער־משפּחות אָדער משפּחהלעך, דהײַנו: טעווטאָניש – צו איר געהערן: גערמאַניש, האָלענדיש, די סקאַנדינאַווישע שפּראַכן און ענגליש. ווי איר זעט, זענען מיר נישט נאָר געשוועסטער־קינדער מיט גערמאַניש, נאָר אויך מיט האָלענדיש, מיט די סקאַנדינאַווישע שפּראַכן און מיט ענגליש. ווײַל ווי ווײַט איז ″ברעד″ פֿון **ברויט**, ″ווײַף″ פֿון **ווײַב** און ″פּעפּער″ פֿון **פֿעפֿער** – איאָ, ענלעך? דערפֿאַר לערנען זיך ייִדן אַזוי גיך אויס ענגליש. נאַכער קומט די קעלטישע משפּחה – צו איר געהערן: אירלענדיש, גייליש, וועלשיש און ברעטאָניש. דאַן קומט די ראָמאַנישע משפּחה, מיט לאַטײַן ווי די מאַמע – צו איר געהערן: פֿראַנצייזיש, שפּאַניש, קאַטאַלאָניש, פּאָרטוגעזיש, איטאַליעניש און רומעניש. צו לעצט קומט די סלאַווישע משפּחה – צו איר געהערן: רוסיש, פּויליש, טשעכיש, סלאָוואַקיש, בולגאַריש, סערביש און סלאָוועניש.

און אַזוי ווי איך וויל נישט, אַז איר זאָלט קריגן אַ קאָפּווייטיק און קיין פֿילאָלאָגן וויל איך פֿון אײַך נישט מאַכן, איז לאָמיך זיך דאָ אָפּשטעלן. איך וויל נאָר, אַז איר זאָלט געדענקען דעם אַלף פֿון חכמת־הפֿילאָלאָגיע, אַז נישטאָ אַזאַ מין זאַך אויף דער וועלט ווי אַ האָמאָגענישע שפּראַך, אַ שפּראַך פֿון איין שטיק געגאָסן, וואָס האָט נישט קיין קרובֿים צו זיך. יעדע שפּראַך אויף גאָטס ערד איז אַ מיטגליד פֿון אַ משפּחה און, ווי מיטגלידער פֿון איין משפּחה, זענען זיי ענלעך איינע צו די אַנדערע, ווער מער, ווער ווייניקער. אָט לאָמיר נעמען די טעווטאָנישע משפּחה. ווען איר זאָלט, למשל, זאָגן גאַנץ געלאַסן, נישט געכאַפּט, אַזאַ ענגלישע פֿראַזע ווי ″גיוו מי אַ גלעס אָוו וואָטער″, וועט זיך סײַ דער דײַטש, סײַ דער ייִד, סײַ דער האָלענדער, סײַ דער נאָרוועגער, וואָס האָבן קיין מאָל קיין ענגליש נישט געלערנט, זיך אָנשטויסן, אַז איר מיינט דערמיט: גיב מיר אַ גלאָז וואַסער. און איר מיינט, אַז דער רוס און דער פּאָליאַק וועט זיך נישט אָנשטויסן, וואָס איר מיינט מיט ″וואָטער″? ווײַל ווי איז בײַ זיי **וואַסער**, נישט ″וואָדאַ″? ווײַל סך־הכּל האָבן עס אַלע גענומען פֿון דעם [אינדאָ־איראָפּעיִשן שורש ″ווער″]. און טאָמער איז דאָס נאָך ווייניק, קומען צווישן די

פֿאַרשיידענע משפּחות אויף פּאָר שידוכים: אַ גריכישער בכור מיטן נאָמען "אַנטי" קען זיך משדך זײַן מיט אַ ראָמאַנישער[126] בתולה מיטן נאָמען "פּאַטיע" און עס זאָל געבוירן ווערן אַ באַשעפֿעניש, וואָס האָט דעם טאַטנס קאָפּ און דער מאַמעס פֿיס און צוזאַמען זאָל אַרויסקומען אַ גאַנץ חנעוודיק באַשעפֿעניש: **אַנטיפּאַטיע**. און אַ מאָל טרעפֿט, אַז צענדליקער שפּראַכן זאָלן זײַן קוואַטערס בײַ איין געראָטן קינד.

איר געדענקט נאָך אַ ביסל רוסיש? ווי זאָגט מען **מאַמע** אויף רוסיש? "מאַט", אַיאָ? איצט הערט. רוסיש "מאַט", טשעכיש "מאַט", אוקראַיִניש "מאַטי", ווײַסרוסיש "מאַץ", בולגאַריש "מאַטאַר", אַלט־פּערסיש "האַ מאַטאַ", לאַטײַן "מאַטער", אַלבאַניש "מאָטרע", ענגליש, שוועדיש, דעניש, האָלענדיש "מאָדער", שפּאַניש און איטאַליעניש "מאַדרע", דײַטש און ייִדיש "מוטער", פֿאַרדאָן – נאָר בײַ די ליטוואַקעס, בײַ די פּוילישע איז עס "מיטער", ווי עס זינגט זיך אין דעם לידל: "אַז אָך און אַז ווײ און אַז ביטער, ווען אַ קינד פֿאַרלירט יונגערהייט זײַן מיטער". אָדער: "אַ מאַמע איז אַ מיטער און אַ קינד איז אַ מאָסקעוויטער". איצט פֿרעג איך בײַ אײַך, ווער בײַ וועמען האָט געגנבֿעט דאָס וואָרט פֿאַר **מאַמע**? איר ווייסט נישט? איר דאַרפֿט זיך נישט שעמען, קליגערע פֿון אײַך ווייסן נישט.

פֿילאָלאָגן גייען אָפּט אַרום מיט געשוואָלענע קעפּ אַרײַנטראַכטנדיק, ווער בײַ וועמען האָט גענומען אַ וואָרט. אויף אַ סך ווערטער שטעלן זיי אַוועק "תּיקו" – ס'הייסט: גיי זוך נאָך דעם נעכטיקן טאָג. און דערפֿאַר שעמען מיר זיך לחלוטין נישט ווען מען זאָגט אונדז, אַז **טיש** האָבן מיר גענומען פֿון דײַטש און **באָרשט** פֿון רוסיש. ווײַל הגונבֿ מן הגנבֿ איז פּטור! זיי האָבן עס אויך נישט געפֿונען אין גאַס, זיי האָבן עס אויך פֿון ערגעץ געלקחנט. און דערפֿאַר שעמען מיר זיך נאָך ווייניקער ווען מען זאָגט, אַז מיר האָבן גענומען אַ וואָרט און עס פֿאַרגרײַזט, ווײַל חסידים לאַכן דערפֿון, פֿון דעם פֿאַרגרײַזט. פֿאַרקערט, וואָס מער אַ וואָרט איז פֿאַרגרײַזט און קריגט זײַן אייגענעם פּרצוף, אַלץ חשובֿער איז עס בײַ יודעי־חן. נישט פֿאַרגעסט, אַז פֿון פֿאַרגרײַזונגען זענען געשאַפֿן געוואָרן שפּראַכן. ווען די ראָמאַנישע פֿעלקער וואָלטן נישט פֿאַרגרײַזט, וואָלטן מיר איצט נישט געהאַט קיין פֿראַנצייזיש, קיין ענגליש, קיין איטאַליעניש, קיין שפּאַניש, קיין פּאָרטוגעזיש און קיין רומעניש. ווען די סלאַווישע פֿעלקער וואָלטן נוהג־כּבֿוד געווען אין זייער מאַמען, אַלט־סלאַוויש, וואָלטן די

126. סטוטשקאָוו האָט אַ טעות – "פּאַטיע" איז אויך פֿון גריכיש (דער זעלבער שורש ווי אינעם וואָרט **פּאַטאָס**), כאָטש "אַנטיפּאַטיע" אַליין איז טאַקע אַרײַן אין לאַטײַניש (ווי **antipathia**).

פֿעלקער אונטער דעם אײַזערנעם פֿאָרהאַנג גערעדט אויף שטום־לשון, וואָלטן מיר נישט געהאַט קיין רוסיש, נישט קיין פּויליש, נישט קיין אוקראַיִניש, נישט קיין סלאָוועניש, נישט קיין סלאָוואַקיש, נישט קיין בולגאַריש און נישט קיין סערביש. זיי זענען געוואָרן לשונות דורך דעם, וואָס זיי האָבן צעקאַליעטשעט די אַלטע מאַמע. און איר וועט מיך נישט לאָזן? ווען די בני־ישׂראל וואָלטן נישט פֿאַרגרײַזט קיין אַכּדיש, קיין אַראַמיש און אַראַביש, קיין קאָפּטיש און אַמאַריש און ווער ווייסט וויפֿל נאָך אַלט־סעמיטישע שפּראַכן און דיאַלעקטן, וואָס מיר ווייסן אַפֿילו נישט זייערע נעמען, וואָלטן מיר איצט נישט געהאַט קיין העברעיִש און אין דער כּנסת וואָלט מען נאָך, חלילה, געדאַרפֿט רעדן ייִדיש.

די גרעסטע פֿאַרגרײַזערין צווישן די מאָדערנע שפּראַכן איז ענגליש. איר קענט זיך עס זייער לײַכט איבערצײַגן, ווען איר וועט עפֿענען דעם גרויסן "וועבסטער"־ווערטערבוך און איבערלייענען די עטימאָלאָגיעס, דעם אָפּשטאַם פֿון יעדן וואָרט. זי האָט קיין עין־הרע אַזאַ געזונטן מאָגן, אַז זי האָט געקענט אײַנשלינגען און פֿאַרגרײַזן צענדליקער שפּראַכן און פֿון דעם מישמאַש אַרויסברענגען אַזאַ קונסטווערק ווי די ענגלישע שפּראַך, די רײַכסטע אין דער וועלט. מיינט איר, חלילה, אַז זי שעמט זיך דערמיט, וואָס זי האָט גענומען אויף רעכטס און אויף לינקס? פֿאַרקערט, דאָס איז בײַ איר דער גרעסטער כּבֿוד. זי האָט זיך אַפֿילו נישט געשעמט צו גנבֿענען בײַ אונדז ייִדישע קבצנים **קיבעצער, געפֿילטע פֿיש, בלינצע.** וועט אַן אַמעריקאַנער גוי זיך אָפּזאָגן פֿון אַ גוטער בלינצע, ווײַל **בלינצע** שטאַמט פֿון ייִדיש? וועט אַ ייִדן אין ישׂראל אײַנפֿאַלן צו פּסלען דאָס וואָרט "שאַלאָם", באַשר די אַראַבער זאָגן "סאַלאַם"? און מיר ייִדן זענען אַזעלכע מפֿונקים, אַז ווען אַ ייִד פֿרעגט בײַ מיר, ווי מע זאָגט אויף ייִדיש "דיסאַפּוינטעד" און איך ענטפֿער אים, אַז מיר האָבן צוויי ווערטער דערפֿאַר, **אָפּגענאַרט** און **אַנטוישט**, שטעלט ער אויף מיר אַן אַ מינע פֿון אַ יעיל־פּראָפֿעסאָר און פֿאַרקרימט זיך: "**אַנטוישט** איז דאָך דײַטש". נו, און אַז דײַטש, פֿעטער, איז פּסול די סוכּה? זיי האָבן דאָך עס אויך פֿון ערגעץ גענומען און הגונבֿ מן הגנבֿ איז פּטור! און אַז אַזאַ וואָרט ווי **גאָט** איז דײַטש, טאָר די באָבע חנה נישט זאָגן קיין "גאָט פֿון אַבֿרהם"? און אַז **סנדק** איז פֿראַנצייזיש, וועט איר זיך אָפּזאָגן פֿון נעמען סנדקאָות בײַ אײַער אייניקל? און אַז **שפּרינצע** און **בענטשן** זענען פֿון איטאַליעניש, טאָר די מומע שפּרינצע נישט זײַן קיין פֿרומע ייִדענע און בענטשן נאָכן עסן? וווּ איז יושר, פֿעטער? מאָציע מעג און פֿאָציע טאָר נישט? שלאָגט זיך אַרויס די נאַרישקייטן פֿון קאָפּ, ייִדן, הערט אויף בודק זײַן די ציצית בײַ יעדן וואָרט, צי זיי זענען כּשר צי

טרייף, די מאָדערנע פֿילאָלאָגיע ווייסט נישט פֿון קיין כּשרע און טרייפֿע ווערטער. אַ וואָרט, וואָס ווערט געזעדט און פֿאַרשטאַנען פֿון דעם רובֿ מנין־ובנין פֿון דעם פֿאָלק, צי בלויז פֿון אַ טייל פֿון פֿאָלק, מעג עס האָבן אַן איטאַליענישן טאַטן און אַ פֿראַנצייזישע מאַמע, מיט אַ טשעכישן קוואַטער ווי אַ צולאָג, איז עס אַ כּשר, געזעצלעך קינד. עס איז נאָר אַ פֿראַגע ווען עס צו ניצן, אויף וועלכן שטאַפּל, אין דער ריידשפּראַך, קולטורשפּראַך צי בלויז אין אויסנעמפֿאַלן. אָבער דאָס איז אַ באַזונדער ענין, אין וועלכן איך קען זיך איצט נישט אַרײַנלאָזן.

און נאָך עפּעס וויל איך בײַ אײַך בעטן, ייִדן: באַציט זיך אַ ביסל ערנסטער צו דעם ענין שפּראַך. שפּראַך־וויסנשאַפֿט, פֿילאָלאָגיע איז פּונקט אַזאַ שווערע און קאָמפּליצירטע וויסנשאַפֿט ווי זאָאָלאָגיע, באָטאַניק, כעמיע און אַזוי ווײַטער. ווער אַ פּשוטן ייִדן, וואָס האָט קיין מאָל נישט געלערנט קיין זאָאָלאָגיע, אײַנפֿאַלן צו ווערן פֿון דער העלער הויט אַן איכטיאָלאָג און אַרויסזאָגן זײַנע סבֿרות וועגן פֿיש, בלויז אויפֿן סמך פֿון דעם, וואָס ער עסט יעדן פֿרײַטיק צו נאַכטס בײַ זײַן ווײַב געפֿילטע פֿיש? אָבער ווי ס׳קומט צו שפּראַך, איבער הויפּט צו ייִדיש, ווערט יעדער ייִד פֿון דער העלער הויט אַ וויסנשאַפֿטס־מאַן, אַן עטימאָלאָג און זאָגט: "**דאַוועננען? סקאָצל קומט?** לאָזט מיך, איך וועל אײַך זאָגן פֿון וואַנען זיי שטאַמען".

לאָמיך אײַך דערציילן אַ מעשׂה. אין מײַן "אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך" איז אַרײַן אַ וואָרט **האַריי**. דאָס וואָרט האָב איך גענומען בײַ האַרקאַווין, דאָס איז אַ וואָרט וואָס פֿלעגט געניצט ווערן אויף ייִדישע חתונות פֿון בדחנים בעתן געבן דרשה־געשאַנק. "האַריי האַריי פֿאַר ר׳ מנחם־מענדלען פֿון חתנס צד! האַריי האַריי פֿאַר ר׳ שמואל־זײַוולען פֿון כּלהס צד". האַרקאַווי פֿאַרטײַטשט עס: **call of attention by the jester at a wedding**. אַ מין: "היער יע, היער יע" אין ענגליש. איך ווייס נישט פֿאַר וואָס, אָבער דער **האַריי** האָט מיר תּמיד געבויערט דעם מוח ווי טיטוסן די פֿליג. וועמען פֿון אונדזערע שפּראַכקענערס איך האָב נישט באַגעגנט, האָב איך אַלעמען פֿאַרמוטשעט מיט מײַן **האַריי**: פֿון וואַנען נעמט זיך עס? און אַלע האָבן געקוועטשט מיט די פּלייצעס. איין מאָל ווען איך רעד וועגן דעם מיט מענדל עלקין, דעם פֿאַרוואַלטער פֿון דער ייִוואָ־ביבליאָטעק, גיט ער אַ פּאַטש מיט די הענט: "זעט אַ צופֿאַל, אָט האָב איך נאָר וואָס איבערגעלייענט אַ ביכל אין העברעיִש, וואָס מיר האָבן באַקומען פֿון ישׂראל, געשריבן פֿון אַ בדחן, און דאָס וואָרט געבראַכט עטלעכע מאָל – ס׳איז גאָרנישט '**האַריי**', עס איז 'הורײַ' – ס׳מיינט: שרײַט 'הורײַ' פֿאַרן חתנס צד! דאָס שרײַבט אַ בדחן אַן עקספּערט".

איך בין נאָך אַלץ נישט צופֿרידן, עפּעס פּאַטופּעט זיך עס מיר נישט אין מײַן מוח, אַז אויף אַ ייִדישער חתונה זאָל מען ניצן אַזאַ גוייִש וואָרט ווי "הוריי". העלפֿט גאָט און מיר פֿאַלט אײַן אַ זוך צו טאָן אין גרימס דײַטשישן ווערטערבוך. איך זוך האַריי, האָריי, הוריי, הירריי – נישט דאָס וואָס איך זוך. פֿאַלט מיר אײַן: לאָמיך פֿאַר אַ טשיקאַוועס זוכן "ריי", אָן דעם "הא" – אפֿשר איז דער "הא" עפּעס אַ צוטשעפּעניש? און כּך־הווה: ס'איז דאָ "ריי", מיטל־הויכדײַטש: אַ טאַנץ, אַ שפּיל צום טאַנץ. אַ ליכט איז מיר אויפֿגעגאַנגען! איצט פֿאַרשטיי איך דאָך שוין וואָס דאָ טוט זיך: לכתּחילה האָט עס געהייסן – שפּילט אַ "ריי", אַ מצווה־טענצל פֿאַרן חתנס צד, איז דאָס וואָרט אַרײַנגעפֿאַלן צו פּאָדאָליער בדחנים, וואָס אַנשטאָט "אַ" זאָגן זיי "הא" און פֿון די צוויי ווערטער "אַ ריי" איז געוואָרן **האַריי**, ווי "הרי אַתּ מקודשת". דערצייל איך עס מלא־שׂימחה ד"ר ווײַנרײַכן: "זעט וואָס איך האָב געפֿונען!" גיט ער אַ קנייטש דעם שטערן און מאַכט: "עס לייגט זיך אויפֿן שׂכל, אָבער מען דאַרף עס נאָך גוט נאָכקאָנטראָלירן". איר הערט ווי פֿאָרזיכטיק אַ פֿילאָלאָג באַהאַנדלט אַ וואָרט? כאָטש איך בין גרייט צו שווערן בײַ באָרד און פּאות, אַז מײַן סבֿרה איז אַ ריכטיקע, ווײַל פּונקט דאָס זעלבע איז געשען מיט אַן אַנדער וואָרט: **לאַטקע**. איר עסט דאָך אַ מאָל לאַטקעס, חנוכּה־לאַטקעס, מצה־לאַטקעס – פֿון מאַנישעוויץ מצה־מעל. נו, דאָס וואָרט **לאַטקע** שטאַמט פֿון דעם רוסישן "אַלאַדיאַ", פֿאַרקלענערט, "אַלאַדקע". איז על־פּי־יושר האָט עס געדאַרפֿט הייסן אַן "אַלאַדיע", אָדער אַן "אַלאַטקע", האָבן דאָך אָבער ייִדן ליב אַ גרינג לעבן, האָבן זיי דעם "אַ" פֿון "אַלאַדקע" אָפּגעשניטן און געמאַכט דערפֿון אַן אומבאַשטימטן אַרטיקל און ס'איז געוואָרן "אַ לאַטקע" און "די לאַטקעס".

ווי איר זעט, מײַנע פֿרײַנד, איז דער ענין עטימאָלאָגיע, אָפּשטאַם, זייער און זייער אַ קאָמפּליצירטער ענין, אַן עסק פֿאַר פֿאַכלײַט, און איך וואָלט נישט געוואָלט, אַז איר זאָלט זיך אומזיסט ברעכן די קעפּ. האָט געדולד נאָך אַ פּאָר יאָר, ווען עס וועט אם־ירצה־השם אַרויס דער "גרויסער ווערטערבוך פֿון דער ייִדישער שפּראַך", וועט אַלץ זײַן פֿאַרענטפֿערט, ווי בײַ וועבסטערן.

דערווײַל בין איך פֿאַרקראָכן אין אַ זײַט. בײַ וואָס האַלטן מיר? בײַם בית – דאָס שײַכות צווישן ייִדיש און דײַטש. און דאָ, מײַנע פֿרײַנד, וועט איר פֿון מיר באַלד הערן אַ שטיק אַפּיקורסות, וואָס וועט אײַך הייבן פֿון די בענקלעך. ווי אַלט איז ייִדיש, ווייסט איר? מע שמועסט, אַז נאָענט צו טויזנט יאָר. איז הערט זשע און שטוינט: אָט פּונקט אַזוי פֿיל איז אַלט דאָס מאָדערנע דײַטש און פּונקט אַזוי פֿיל זענען אַלט די

קרובֿים אונדזערע, די סקאַנדינאַווישע שפּראַכן, האָלענדיש און דאָס מאָדערנע ענגליש. מיר זענען אַלע קינדער פֿון איין מאַמען, מיר האָבן אַלע געזויגן פֿון איין ברוסט, פֿון אַ ריי גערמאַנישע דיאַלעקטן, וואָס טראָגן דעם שם־הכולל: טעווטאָניש. נישט מער, וואָס זיי, די גויים, זענען געקומען צו דער מאַמען מיט אַ באַגאַזש, וואָס זיי האָבן געלקחנט בײַ לאַטײַן, גריכיש און סאַנסקריט און ווער ווייסט ווו נאָך, און מיר זענען געקומען צו די ברעגן פֿון ריין מיט אונדזער באַגאַזש, מיט אַ ביסעלע איטאַליעניש, אַלט־פֿראַנצייזיש, און מיט אַ שפּאָר ביסל אייגענעם באַגאַזש, וואָס איז אונדזערס לכל־הדעות, העברעיִש און אַראַמעיִש. שפּעטער, ווען מיר האָבן אָנגעהויבן וואַנדערן צו מיזרח צו און זיך באַזעצט אין די סלאַווישע לענדער, האָבן מיר בײַ די סלאַוון אויך עפּעס געגנאַשט. און פֿון די אַלע אויסגערעכנטע עלעמענטן, וואָס מיר האָבן איבערגעקאָכט אין אונדזער ייִדישן מאָגן מיט אונדזערע אייגענע זאַפֿטן און פֿערמענטן, איז אַרויסגעקומען אונדזער ליב און טײַער מאַמע־לשון, ייִדיש.

פּרוּווט, ייִדעלעך, אַ קוועטש טאָן מיט די פֿלייצעס און זאָגן **כ׳ווייס**. וועט דער דײַטש וויסן, וואָס איר מיינט? אַ מכּה וועט ער וויסן. ווײַל דער טײַטש, וואָס מיר האָבן אַרײַנגעלייגט אין דעם **כ׳ווייס** איז אַן אונדזעריקער, וואָס דעם דײַטש האָט זיך עס נישט געחלומט.

אָט האָבן מיר גענומען בײַ די סלאַוון, זאָלט איר מיר מוחל זײַן ,אַ וואָרט נישט זייער קיין שיינס: **פּאַרך.** סײַ בײַ זיי און סײַ בײַ אונדז מיינט עס אַן אויסגעשאָטענער קאָפּ, נישט פֿאַר קיינעם געדאַכט. און שוין! מער זענען מיר שוין מיט זיי קיין שותּפֿים נישט. דער ווײַטערדיקער ריווח איז שוין אונדזערער. ווען איר זאָגט אויף איינעם: ״ער איז אַ ייִד אַ **פּאַרך**״, וואָס מיינט עס – אַז ער האָט אַ **פּאַרך**? גאָט באַהיט. עס מיינט, אַז דער ייִד איז אַ **ניבֿזיק**, אַ **כּלבֿ־שבכּלבֿים**, וואָס וועט זיך פֿריִער לאָזן אַרויסנעמען אַן אויג איידער ער וועט געבן אַ ייִדן אַ נדבֿה. און וואָס מיינט אַ ייִד אַ סוחר, ווען ער זאָגט ״איך האָב אַ **פּאַרך** אויף מײַן קאָפּ״? מיינט עס, אַז ער האָט אַן אומריינעם קאָפּ? חס־חלילה, דער קאָפּ איז בײַ אים ריין ווי גאָלד. ער מיינט: איך האָב אַ חובֿ אויף מײַן קאָפּ, וואָס לאָזט מיך נישט רוען.

אָבער לאָמיך צוגיין צו נעענטערע קרובֿים, צו העברעיִש און אַראַמעיִש. אויך בײַ זיי האָבן מיר זיך פֿריִער גוט אָנגעאַרבעט ביז מיר האָבן זיי געמאַכט פֿאַר ייִדישע ווערטער. ס׳ערשטע, האָבן מיר זיי צוגעפּאַסט צו אונדזער ייִדישן קלאַנג, גראַמאַטיק און שפּראַך־קאָנסטרוקציע. ס׳קען זײַן, אַז די ייִדן פֿון ישׂראל זענען גערעכט, וואָס זיי האָבן אָנגענומען די ספֿרדישע הבֿרה, כאָטש איך צווייפֿל אין דעם, און צו מיר זענען

דאָ נאָך אַ פּאָר ייִדן. אָבער לאָמיר אָננעמען, אַז זיי זענען גערעכט, אַז **רחמנות** האָט מען אַ מאָל אַרויסגערעדט "ראַכמאַנוט" און **יתום** האָט מען אַרויסגערעדט "יאַטאָם" – אָבער פֿרעג איך אײַך: וואָס פֿאַר אַ ייִדישן טעם וואָלט עס געהאַט ווען מיר האָבן "ראַכמאַנוט" אויף אַ "יאַטאָם"? **רחמנות אויף אַ יתום** גיט אַ צופּ בײַם האַרצן. דאָס איז איין מאָל אַוועק. צווייטנס, האָבן מיר אַ גרויסע צאָל העברעיִשע און אַראַמעיִשע ווערטער איבערגעקאָכט אין אונדזער ייִדישן מאָגן און עס זענען אַרויסגעקומען שפּאָגל נײַע ווערטער, מיט אַ שפּאָגל נײַעם אינהאַלט. אין העברעיִש איז דאָ אַ וואָרט "גדולה", וואָס מיינט: גרויסקייט ("ער איז עולה־לגדולה געוואָרן"). וואָס מיינט אָבער ווען איר זאָגט צו אײַער טעכטערל: "וואָס איז אויף דיר די **גדולה**?" עס מיינט: וואָס איז אויף דיר די שׂימחה, וואָס דו האָסט זיך אַזוי צעהוליעט? און וואָס מיינט: אַ **גדולה** אויף דײַן באָבען? אַ גליק האָט זי געטראָפֿן! ווייסט העברעיִש פֿון די טײַטשן? אַוודאי נישט. "קדחת" מיינט אין העברעיִש: פֿיבער – "עס וואַרפֿט אים דאָס נײַניעריקע **קדחת**". אָבער ווען אַ ייִדענע אַ מרשעת זאָגט צו איר מאַן: "האָסט נישט געבראַכט קיין געלט, ווערסטו עסן **קדחת**" – מיינט זי "דו ווערסט עסן פֿיבער"? ס'הייבט זיך נישט אָן. זי מיינט: אָט דאָס ווערסטו עסן – אַ פֿײַג.

אַ שפּראַך באַשטייט נישט בלויז פֿון איינציקע ווערטער, נאָר פֿון פֿראַזעס, פֿון ווערטלעך, פֿון אידיאָמען, פֿון פֿאַרגלײַכונגען, פֿון מעטאַפֿאָרן, מיט איין וואָרט, פֿון דעם גאַנצן קלאַפּער־געצײַג, פֿון די אַלע פֿליטערלעך און פּאַטשערקעס, וואָס גיבן איר איר אייגנאַרטיקן חן, איר כּישוף, איר זאַפֿטיקייט און בילדערישקייט, וואָס רופֿן בײַ אונדז אַרויס אַזעלכע אַסאָציאַציעס, אַז די שפּראַך קריגט נשמה. און ערשט דאָ קען מען זען ווי שעפֿעריש ייִדיש איז, ווי דערפֿינדעריש, וואָס פֿאַר אַ ווונדערלעך קינסטלערישן אינסטרומענט מיר האָבן אויסגעאַרבעט אויף אויסצודריקן אונדזער פֿרייד און טרויער, אונדזער ייִדיש געמיט. און אַלץ וואָס מיר האָבן אויף דעם געביט אויפֿגעטאָן איז אין גאַנצן אונדזערס, צו דעם האָבן מיר שוין קיין שותּפֿים נישט. נאַט אײַך אַ ברעקל פֿון דאַנען און אַ ברעקל פֿון דאַנען, אַז איר זאָלט בעסער צעקײַען וואָס איך מיין.

ווען אַ ייִד, למשל, איז הונגעריק, איז ער נישט סתּם הונגעריק ווי אַ גוי איז הונגעריק – ער איז ייִדישלעך הונגעריק. ער זאָגט: **דאָס האַרץ איז אים אַוועק, עס חלשט אים דאָס האַרץ, עס ציט אים אונטערן לעפֿעלע, עס נאָגט אים אונטערן טלית־קטן.** ווייל ער עסן און האָט נישט וואָס צו עסן, **קוויקט ער זיך מיט חלשות, עסט ער מכּות מיט בכורות און פֿאַרבײַסט מיט קדחת, עסט ער קרענק און בענטשט רצה.** האָט ער וואָס צו עסן און

איז אַ קליינער עסער, לענט ער בלויז אונטער דאָס האַרץ, איז ער נישט מער ווי טועם־טעם, מאַכט ער שהחיינו, כאַפּט ער אַ ביס און נעמט עפּעס אין מויל אַרײַן. איז ער, פֿאַרקערט, אַ ייִד וואָס האַלט פֿון דער אַכילה און איז להוט נאָכן פֿרעס – שטאָפּט ער דאָס חומר, פּוצט ער די סעודה, רײַבט ער אין בשלח אַרײַן, און ניט גלאַט געריבן, נאָר ער רײַבט מיט כּוונה, ער רײַבט לשם ייִחוד, כאַפּט ער זיך צו צום ברייטל ווי אַן אָרעם־בחור צו לאַטקעס און מאַכט עס חתונה אין איין אומר־ועושׂה, ווײַל וואָס פֿאַר אַ ווערט האָט בײַ אים אַ ברייטל? ווי בײַ אַ סאָלדאַט אַ צוקער־לעקעכל.

ווען אַ ייִדן איז גוט אויפֿן האַרצן, פֿרייט ער זיך ייִדישלעך: איז בײַ אים שׂימחת־תּורה, איז בײַ אים יום־טובֿ בײַ טאָג, איז בײַ אים ליהודים, איז פֿריילעך אין שטעטל, איז והעיר שושן צהלה ושׂמחה, איז הוליע קבצן, חי געלעבט! ווייסט אַ דײַטש מיט וואָס מען עסט עס, פֿאַרשטייט ער וואָס דאָס מיינט? אַזוי לאַנג זדעכנעט[127] ער!

איז אים, חלילה, נישט־גוט אויפֿן האַרצן, ציט ער אויף זיך אָן די מרה־שחורה, גייט ער אַרום ווי אַ הונט אין די נײַן טעג אָדער ווי אַ שיף מיט זויערמילך וואָלט אים אונטערגעגאַנגען. איז אים, חלילה, גאָר שלעכט אויפֿן האַרצן און עס גיבן אים אַ שפּאַר די טרערן, די מים פֿון די עינים, איז בײַ אים תּישעה־באָבֿ, וויינט ער אויף חורבן בית־המקדש, צעיאַכמערט ער זיך ווי אַ ייִדענע צו ונתנה־תּוקף.

אַפֿילו ווען אַ ייִד אַרבעט, אַרבעט ער ייִדישלעך. ער אַרבעט עבֿודת־פּרך, ווי די ייִדן אין מצרים, ער אַרבעט אויף אַלע כּלים, אויף אַלע זאַסטעוווקעס, ער ברענט אַ וועלט, ער רײַסט קבֿרים, ער שנײַדט קריעה, ער לייגט זיך אין דער לענג און אין דער ברייט, און לייגט אַרײַן אין דעם שטיקל אַרבעט דעם טאַטן מיט דער מאַמען. וויל ער אײַנרײַסן די וועלט און טאָן עטלעכע מלאָכות אויף איין מאָל, הייסט עס, אַז ער כאַפּט צען סאַראָקעס בײַ איין ווײדל, טאַנצט מיט איין זײַט־זשע־מוחל אויף אַלע חתונות.

ווען אַ ייִד איז באַגײַסטערט, איז ער נישט סתּם באַגײַסטערט, נאָר ער גייט אַרויס פֿון די כּלים, ער פֿאַרגייט זיך, ער פֿאַרכלינעט זיך און פֿאַלט אַרײַן אין קעלבערנע התפּעלות. ווען אַ גוי וויל אויסדריקן זײַן באַגײַסטערונג, גיט ער זיך אַ זאָג "איטס וואָנדערפֿול" און ער איז פֿאַרטיק. אַ ייִד וועט מיט אַזאַ פּשוט וואָרט נישט אָפּקומען. ער וועט זאָגן: אַ ווערטעלע אַרויסצורעדן! אַ קאַטאָוועס אַ ביסל! איין קלייניקייט! אַ שפּילכעלע! פּשעש! עס הייבט אַ מות, עס קערט אַ וועלט! עס איז הימל עפּן זיך! עס איז אין

127. שטאַרבן

**פינקס צו פֿאַרשרײַבן.** און ווידער פֿאַרקערט, ווען אַ ייִד איז פֿון אַ זאַך נישט שטאַרק באַאגײַסטערט און וויל זי מבֿטל זײַן, דאַרף ער זיך צו פֿיל נישט אָנרעדן, איז געווּג, אַז ער זאָל געבן אַ קוועטש מיט די פּלייצעס און זאָגן: **עט. כ׳ווייַ. מיין. שטותים! לאָבזעס! באָבקעס! בלאָטע! האָסטו געזען! שטאָ טאַם טוט זיך!**

איך מיין, אַז ס׳וועט זײַן געווּג. און דער היוצא לנו פֿון די אַלע רייד איז, אַז ווען איר הערט פֿון אַ ייִדן דעם שיינעם פּיזמון "ייִדיש איז קיין שפּראַך נישט", דאַרפֿט איר נישט טאָן ווי ד"ר מוקדוני, אים אונטערטראָגן אונטער דער נאָז מײַן "אוצר" און זאָגן, "איר זענט אַ שוטה" – ס׳אַן אַרבעט פֿאַר אײַך, זיך אַרומטראָגן מיט אַ בוך וואָס וועגט 5 פֿונט און זיך אונטעררײַסן די קישקעס. איר קענט עס אים זאָגן גלאַט אַזוי: "ר׳ ייִד, איר זענט אַ שוטה, איר ווייסט נישט ווער עס האָט אײַך געשלייערט". און אַז איר ווילט, קענט איר אויף מײַן אַחריות נאָך עפּעס ערגערס זאָגן: "ר׳ ייִד, איר זענט אַ וויסטער, פֿינצטערער עם־הארץ". און טאָמער גיט ער אויף אײַך אָן וואָס איר האָט אים באַליידיקט, נעמט מיך פֿאַר אַן עקספּערט און איך וועל פֿון דעם ייִדן אין געריכט מאַכן פּיפּקע.

און איצט אַ ביסעלע ערנסטער: איז ייִדיש אַ שפּראַך? נישט גלאַט אַ שפּראַך, נאָר אַ קונסטווערק, דאָס גרעסטע קונסטווערק, וואָס מיר האָבן געשאַפֿן אין משך פֿון אונדזער גלות. אַ קונסטווערק פֿאַר וועלכן גויִשע געלערנטע שטייען מיט אָפֿענע אויגן. און נאָך עפּעס איז פֿאַר אונדז ייִדיש. אַזוי ווי דער הײַנטיקער צוזאַמענקום איז לויט די צעשיקטע אײַנלאַדונגען געווידמעט דעם ייִדישן פֿאָלקלאָר, פּאַסט צו ציטירן אַ פֿראַזע פֿון דעם גרויסן ייִדישן פֿאָלקלאָריסט ש. אַנ־סקי ע"ה: "ייִדישער פֿאָלקלאָר איז אַ געאָלאָגישער שיכט, אין וועלכן די היסטאָריקער קענען אַנטדעקן ברייטע און ווײַטע שפּורן נאָכצופֿאָרשן דאָס לאַנג־פֿאַרגאַנגענע לעבן פֿון פֿאָלק. איין וואָרט אַ מאָל קלעקט פֿאַרן פֿאָרשער אויפֿצובויען גאַנצע היסטאָרישע טעאָריעס און היפּאָטעזעס וועגן דעם לעבן פֿון אונדזער פֿאָלק". עד כּאַן אַנ־סקי. דאָס וואָס אַנ־סקי זאָגט וועגן פֿאָלקלאָר איז פּונקט אַזוי אמת וועגן ייִדיש ווי אַ לשון. ייִדיש איז אונדזער היסטאָרישער רעקאָרד, אונדזער פּינקס, ווּ עס איז פֿאַרשריבן אונדזער לעבן ווי אַ פֿאָלק אין די לעצטע טויזנט יאָר, די סאַמע וויכטיקסטע אין אונדזער געשיכטע. אין ייִדיש איז פֿאַרשריבן אונדזער לייד און פּײַן, אונדזער טרויער און פֿרייד, אונדזערע דורכפֿאַלן און נצחונות, אונדזערע זיטן און מינהגים, אונדזערע אייגנטימלעכקייטן און אידיאָסינקראַזיעס.

און נאָך עפּעס איז פֿאַר אונדז ייִדיש! ייִדיש איז פֿאַר אונדז אונדזער גאָלדענע קייט,

וואָס פֿאַרבינדט אונדז מיט אונדזערע אָבֿות, מיט אונדזער עבֿר. מיט ייִדיש זענען מיר המשך, זענען מיר צווײַגן פֿון אַלטן בוים מיט טיפֿע וואָרצלען אין דער ערד, וואָס קען אונדז נערן גײַסטיק נאָך אויף לאַנגע, לאַנגע יאָרן. אָן ייִדיש זענען מיר ווי פֿאַרדאַרטע צווײַגן, אָן זאַפֿט און יניקה, וואָס דאָס מינדסטע ווינטעלע קען אונדז אַוועקטראָגן אין ים פֿון אַסימילאַציע, ווי עס האָט שוין געטאָן מיט אַ סך פֿון אונדזערע קינדער.

איז דערפֿאַר, ייִדן, לאָמיר זיך קלאַמערן אין אונדזער ייִדיש לשון, ווי דער וואָס טרינקט זיך קלאַמערט זיך אין זײַן רעטונגס־גאַרטל. און לאָמיר אויפֿהיטן דעם גרויסן אוצר ייִדיש, וואָס דורות ייִדן האָבן פֿאַר אונדז איבערגעלאָזט אַ ירושה, אַז אונדזערע קינדער און קינדסקינדער זאָלן נאָך קענען פֿון אים שעפּן. און זיי וועלן פֿון אים שעפּן. נצח ייִדיש לא ישקר!

# חלק ב: ייִדיש־טײַטשן

## "אָ דיער" (Oh Dear)

אַ ייִדיש מיידל פֿון ברוקלין וויל, איך זאָל איר געבן אַן עקוויוואַלענט, ד"ה אַ פֿאַסיקן אויסדרוק, פֿאַר דעם ענגלישן "אָ דיער", וואָס מען זאָגט, ווען מען הערט אַ שלעכטע בשׂורה: "אָ דיער".

איך בין געווען טשיקאַווע נאָכצוקוקן, וואָס נאָך פֿאַר אַן אויסדרוקן ענגליש פֿאַרמאָגט פֿאַר "אָ דיער" און איך האָב געפֿונען אין "ראָזשעס טהעסאָרוס" אַזעלכע אויסדרוקן ווי "אַלאַס, הייאָ, אַה מי, וואָו איז מי, לאַקאַדיי, ווהאָט איי פּיטי". איר געפֿינט עפּעס אין זיי אַ געשמאַק? איך נישט. עפּעס אַזעלכע פּאַרעווע ווערטער, וואָס זאָגן גאָרנישט, וואָס לאָזן אײַך קאַלט. דערקעגן, ווען איך האָב געעפֿנט דעם "אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך" און איך האָב דערזען וואָס מיר פֿאַרמאָגן, טראַכט איך: אָט דאָס זענען ווערטער!

**אָך איז מיר, ווײ איז מיר, אָך און ווײ איז מיר, ווינד איז מיר, ווינד און ווײ איז מיר, אַ קלאָג איז מיר, וויסט איז מיר, פֿינצטער איז מיר, אַ בראָך איז מיר, אַ שלאַק איז מיר, אַ חורבן איז מיר, נישט גוט איז מיר, אַן אומגליק איז מיר געשען, אַ דונער האָט מיך דערשלאָגן** – איר הערט ווערטער? דאָס זענען נישט קיין פּאַרעווע לאָקשן, קיין "אָ דיער", נאָר ווערטער, וואָס גיבן אײַך אַ נעם. הײַנט ווער שמועסט, ווען די דאָזיקע ווערטער ווערן נאָך באַגלייט מיטן פּאַסיקן זשעסט, למשל: אַ פּאַטש מיט די הענט: **אוי, אַ בראָך איז מיר!** דעמאָלט ווערט דאָך אַ ייִד דאָס לײַב גערונצלט.

געווען בײַ אונדז אין שטעטל איינע אַ ייִדענע, וואָס מע האָט גערופֿן חיה־ראָניע די סטאָליערקע. דער מאַן אירער, דוד־פּינחס דער סטאָליער, האָט געאַרבעט בײַ יענעם, פֿלעגט זי אים יעדן טאָג פֿאַר וואַרעמעס טראָגן אַ טעפּל געקעכטס פֿון דער היים. גיי איך איין מאָל מיט דער מאַמען ע"ה אין גאַס און מיר טרעפֿן חיה־ראָניען מיטן טעפּל.

שטעלט איר די מאַמע ע"ה אָפּ און מאַכט: "איר האָט געהערט די גוטע נײַעס, חיה־ראָניע?" – "וואָס פֿאַר אַ גוטע נײַעס?" פֿרעגט איר חיה־ראָניע. "איר האָט נישט געהערט?" זאָגט די מאַמע, "ס'איז נאָר וואָס אָנגעקומען אַ טעלעגראַמע פֿון וואַרשע, אַז שׂימחהלעכע די שענקערקע איז אויסגעגאַנגען אונטערן מעסער". ווערט זי בלאַס ווי קאַלך, חיה־ראָניע, און מאַכט צו דער מאַמע: "האַלט מיר צו פֿאַר אַ מינוט דאָס טעפּל". נעמט בײַ איר די מאַמע דאָס טעפּל. פֿרײַ געוואָרן פֿון טעפּל, גיט חיה־ראָניע אַ פּאַטש מיט די הענט און אַ געשריי: "אוי, אַ בראָך איז מיר!" אַז ווי לאַנג איך וועל לעבן, וועל איך געדענקען דעם פּאַטש און דעם "אוי, אַ בראָך איז מיר".

וואָס איך האָב געוואָלט אויסברענגען איז, אַז וואָלט חיה־ראָניע גערעדט ענגליש, וואָלט זי דער מאַמען נישט געדאַרפֿט געבן צו האַלטן דאָס טעפּל, זי וואָלט איר געגעבן אַ זאָג "אָ דיער" און פֿאַרטיק. אָבער אַנו, פּרוּווט זאָגן **אוי, אַ בראָך איז מיר!** מיט אַ טעפּל אין האַנט.

## "אַבסענט מײַנדעד" (Absentminded)

אַ ייִדיש מיידל פֿון ברוקלין פֿרעגט, צי ס'איז דאָ אַ ייִדיש וואָרט פֿאַר "אַבסענט מײַנדעד".

פֿאַר וואָס זאָל נישט זײַן? ווייניק ייִדן זענען דאָ וואָס זענען "אַבסענט מײַנדעד"? דו קענסט, למשל, זאָגן, אַז **ער איז אַ צעטראָגענער, אַ פֿאַרטראַכטער, אַ פֿאַרקלערטער, אַ פֿאַרחושטער, אַ פֿאַרחלומטער, אַ צעפֿלויגענער מלאך**. דו קענסט אויך זאָגן: **ער איז נישט קיין היגער, ער איז אין די וואָלקנס, אָדער ער איז דאָ און זײַן נשמה איז דאָרטן**. אויף אַ שטאַרק צעטראָגענעם מענטשן, וואָס ווייסט נישט, ווו ער איז אין דער וועלט, קענסטו זאָגן, אַז **דער קאָפּ איז בײַ אים אין בויבעריק, אין האָצעפּלאָץ, אין אַלע רוחות, אויפֿן עולם־התוהו**. דו קענסט אויך זאָגן, אַז **זײַן קאָפּ איז אין גושן און די פֿיס אין מצרים**, און מאַלע וואָס נאָך דו קענסט זאָגן ווען דו קענסט ייִדיש. קענסטו נישט קיין ייִדיש, טוסטו זיך נעבעך באַנוגענען מיט "אַבסענט מײַנדעד". און דאָס איז באמת אַ שאָד, ווײַל די אַלע אויסגערעכנטע אויסדרוקן, ווי דו קענסט זען, זענען אַ סך געשמאַקער און בילדלעכער ווי דאָס אַנעמיש־מאָגערע וואָרט "אַבסענט מײַנדעד".

## "אַדוואַנטעדזש" (Advantage)

אַ ייִד פֿון די בראָנקס בעט, איך זאָל אים געבן אַ ייִדיש וואָרט פֿאַר "אַדוועַנטעדזש".

אויב איך האָב נישט קיין טעות, שטאַמט "אַדוועַנטעדזש" פֿון דעם פֿראַנצייזישן "אַוואַנטאַזש", געהערט צו דער באַגריף־גרופּע "סופּעריאָריטעט" און מיינט: דאָס זײַן בעסער פֿון, דאָס זײַן גרעסער, דאָס זײַן שטאַרקער פֿון אאַז"וו. האָבן מיר צוויי גוטע ווערטער, וואָס דריקן אויס אָט דעם באַגריף פֿון סופּעריאָריטעט: **מעלה** און **בכורה**

און, ווען איר ווילט, אויך **פּאָרצוג**. "ער האָט די מעלה, וואָס ער איז נישט נאָר געבילדעט, נאָר אויך קלוג". "ער האָט די בכורה איבער יענעם". אין דער פֿראַזעאָלאָגיע קענט איר זיך באַניצן מיט אַזעלכע אויסדרוקן ווי: **ער גייט אים איבער, ער שטײַגט אים איבער, ער וועגט אים איבער, ער שטייט מיט הונדערט קעפּ העכער פֿאַר אים, ער פֿאַרטונקלט אים, ער שטעלט אים אין שאָטן, ער פֿאַרשטעקט אים אין גאַרטל, אין אַרבל, אין די פּאָטרעבעס** אאַז"וו.

"אַדוועגטעדזש" ווערט אויך געניצט אין דעם זינען פֿון נצחון, "גיין די אַדוועגטעדזש אָוועך". נו, איז וואָס זענען שלעכט אַזעלכע אויסדרוקן ווי: **אָפּהאַלטן אַ נצחון איבער, מנצח זײַן, בײַקומען, אײַנבײַסן, אַרויסקומען פֿון אויבן, קריגן די אייבערהאַנט, די אייבערוואָג, אָדער געווינען די בכורה?**

"אַדוועגטעדזש" ווערט אויך געניצט אין דעם זינען פֿון זײַן ניצלעך, אָדער פּראַקטיש – "בי אָוו אַדוועגטעדזש". איז וואָס זענען שלעכט אַזעלכע אויסדרוקן ווי: **זײַן נוציק, זײַן נוצלעך, האָבן אַ טובֿה פֿון, כּדאַי זײַן, לוינען זיך, באַצאָלן זיך, קאָנווענירן.**

## "אָוטמיל" (Oatmeal)

אַ ייִדישע פֿרוי פֿון בראָנזוויל וויל וויסן, צי ס'איז דאָ אין ייִדיש אַ וואָרט פֿאַר "אָוטמיל".

איין מינוט, מײַן טײַערע, איך וועל אײַך באַלד זאָגן. אָט נעם איך דעם "אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך" און איך מיש אויף די גרופּע 258, "שפּײַז, געטראַנק". **גרויפּן, גריץ, גריציע, גרעציע, קאַשע, קרופּניק** – די ווערטער מיינען גרויפּן אין אַלגעמיין. איצט קומען די פֿאַרשיידענע מינים גרויפּן: **גערשטענע גרויפּן**, וואָס ייִדן רופֿן אויך **פּערלגרויפּן, פּערלגריץ, גאָגעלעך, צעלקעס, פּענצאַק, פּענטלעך** און **קיטיע. האָבערגרויפּן**, אָדער **האָבערגריץ** – איר ווייסט וואָס דאָס איז? דאָס איז דאָס וואָס איר פֿרעגט: "אָוטמיל". און אַז איך האַלט שוין אין לייענען, נאַט אײַך שוין אַ צולאָג: **מאַנע־גרויפּן, מאַנעגריץ, מאַנע־קאַשע** – מיינט "פֿאַרינע". **מלך־גרײַפּלעך** אָדער **פּאָטשעראַנע** איז דאָס זעלבע וואָס "סעמאָלינע". **רעטשענע גרויפּן** רופֿן ייִדן אויך **יאַדרעצעס** [גריקע און סאָלדאַטסקע קאַשע;] **שוואַרצע קאַשע** רופֿן ייִדן אויך **הײַדן, האַדן** אָדער **טאַטערקע**, און **דינע קאַשע** הייסט אויך **האָדעלע.**

## "אָופּען פֿאָר ביזנעס" (Open for Business)

איך בין זייער דאַנקבאַר דעם ייִדן פֿון מאַנהעטן, וואָס האָט מיר אַרײַנגעשיקט די פֿראַגע, צי איז רעכט צו זאָגן אין ייִדיש: "איך בין אָפֿן פֿאַר ביזנעס".

דאָס גיט מיר די געלעגנהייט צו באַרירן אַ קאַרדינאַלע פֿראַגע בנוגע אונדזער אַמעריקאַנער ייִדיש. איך בין, ווי איר ווייסט, נישט קיין גרויסער מחמיר ווען עס

האַנדלט זיך וועגן ענגלישע ווערטער, פֿאַר וועלכע מיר האָבן נישט קיין ייִדישע עקוויוואַלענטן, און אַפֿילו וועגן די וואָס מיר האָבן עקוויוואַלענטן, נאָר זיי האָבן זיך אײַנגעבירגערט אין אונדזער ייִדיש, ווי ״שאַפּ״, ״סטאָר״, ״דזשאַב״, ״ביזנעס״ און אַנדערע פֿון דעם מין. זיי קענען באַטראַכט ווערן ווי אַמעריקאַנער לאָקאַליזמען און זיי וועלן אונדזער לשון קיין שאָדן נישט טאָן, ווײַל זיי בײַטן נישט די פֿאָרעם, דעם געבוי פֿון אונדזער לשון. אַנדערש איז מיט פֿראַזעס, וואָס מיר נעמען איבער אַזוי ווי זיי שטייען און גייען פֿון ענגליש. זיי ברענגען אַרײַן אַ דיסאָנאַנס, אַ תּוהו־ובֿוהו אין אונדזער לשון און פֿון זיי דאַרפֿן מיר ווײַכן, אויב מיר ווילן נישט מאַכן פֿון ייִדיש קיין דור־הפּלגה־שפּראַך. אָט זענען אַ פּאָר בײַשפּילן: ״איך האָב נעכטן אויסגענומען מײַן מיידל אין טעאַטער״ – אַן איבערזעצונג פֿון ״אײַ טוק אַוט מײַ גירל״. איז דאָס ייִדיש? ניין. **אויסנעמען** אין ייִדיש מיינט: **אויסנעמען אַ תּנאַי, אויסנעמען אַ קאָן,** ווען מע שפּילט אין פּויקער, **אויסנעמען בײַ יענעם,** געפֿעלן ווערן און, להבֿדיל, **אויסנעמען אַ רייניקייט פֿון אָרון־קודש.** אַ ייִד קומט צו אויסנעמעניש, אָבער אויסנעמען אַ מיידל – מיט אַ מיידל גייט מען אין טעאַטער, אַ מיידל נעמט מען אין טעאַטער, אָבער מען נעמט זי נישט אויס. צי אַ שטייגער למשל: ״איך וועל טאָן מײַן בעסט״ – אַן איבערזעצונג פֿון ״אײַל דו מײַ בעסט״. אַ ייִד נישט קיין אַמעריקאַנער וועט נישט וויסן, וואָס איר מיינט, כאָטש איר האָט דאָ נישט קיין איין ענגליש וואָרט. אַ ייִד זאָגט: **איך וועל טאָן אַלץ וואָס איך קען, איך וועל טאָן אַלץ וואָס איך בין בכּוח אָדער וואָס אין מײַנע כּוחות, איך וועל ניט זשאַלעווען קיין מי, איך וועל איבערקערן בערג, איך וועל זיך לייגן אין דער לענג און אין דער ברייט, איך וועל אַקערן מיט דער נאָז, איך וועל זיך אויסטאָן פֿון דער הויט, איך וועל אָנלייגן מיטן קאָפּ,** און מאַלע וואָס נאָך אַ ייִד קען זאָגן. אָבער ״איך וועל טאָן מײַן בעסט״ – דאָס איז נישט ייִדיש, דאָס איז טערקיש. איצט צו אײַער פֿראַגע, ר׳ ייִד פֿון מאַנהעטן: ״אַר יו אָופּען פֿאָר ביזנעס״ קען אפֿשר גאַנץ פֿײַן קלינגען אין ענגליש, אָבער ״זענט איר אָפֿן פֿאַר ביזנעס״ גרילצט אין די אויערן. קודם־כּל, ווער איז אָפֿן, די ״סטאָר״ איז אָפֿן, צי דער ״סטאָרקיפּער״ איז אָפֿן? דער ״סטאָרקיפּער״ קען נישט זײַן אָפֿן. ער קען זײַן אָפֿן־האַרציק, ער קען האָבן אַן אָפֿענע האַנט און געבן אַ שיינע נדבֿה פֿאַר ״יו־דזשיי־איי״ – אָבער ער אַליין זאָל זײַן אָפֿן? אַיאָ, איר ווייסט וואָס עס מיינט, ווען איר זאָגט וועגן אַ מענטשן, אַז ער איז אָפֿן... איך וואָלט עס אײַך געזאָגט, אָבער נישט דורכן ראַדיאָ. איז וואָס זשע מיינט איר מיט אײַער ״איר זענט שוין אָפֿן פֿאַר ביזנעס״? איר האָט שוין געעפֿנט די ״סטאָר״ צו טאָן ״ביזנעס״, אָדער גלאַט אַזוי אַרײַנגעכאַפּט זיך אַ שמעק טאָן? צו לאַנג אַיאָ? נו, מאַכט

עס קירצער: איר זענט שוין גרייט צו טאָן "ביזנעס"? מע קען שוין מיט אײַך רעדן געשעפֿט? איר וואַרט שוין אויף לייזונג? צי מאַלע נאָך וואָס איר קענט זאָגן. דער סך־הכּל: היט זיך פֿאַר פֿראַזעס, וואָס באַשטייען פֿון כּשרע יִידישע ווערטער, אָבער זענען געבויט לויט דעם ענגלישן סינטאַקסיס. זײַ, אָט די אומשולדיקע לעמעלעך, זענען די וואָס צעקאַליעטשען אונדזער יִידיש, נישט די איינציקע ווערטער, ווי "סטאָר" און "דזשאַב".

## "אײַ פּרעפֿויר" (I prefer)

אַ ייִד פֿון די בראָנקס שרײַבט: "אפֿשר קענט איר מיר זאָגן, פֿרײַנד סטוטשקאָוו, ווי מען דאַרף זאָגן אין יִידיש 'אײַ פּרעפֿויר'. איך האָב געפֿרעגט בײַ מײַנעם אַ פֿרײַנד, וואָס האַלט זיך פֿאַר אַ קענער אין יִידיש, זאָגט ער, אַז 'פּרעפֿויר' מיינט 'פֿאָרצִיען', אָדער 'געבן דעם פֿאָרצוג', און 'אײַ פּרעפֿויר' אין ייִדיש איז 'איך צי פֿאָר'. פֿרעג איך אים, וואָס איז דאָס פֿאַר אַן אויסדרוק 'איך צי פֿאָר'? איך געדענק נישט, אַז מײַן טאַטע ע"ה אָדער מײַן מאַמע ע"ה זאָלן אַ מאָל האָבן געזאָגט 'איך צי פֿאָר'. עפּעס האָט עס נישט קיין יִידישן טעם".

איר האָט געטראָפֿן אין פּינטל, מײַן פֿרײַנד, אַ וואָרט דאַרף האָבן אַ יִידישן טעם און אַ יִידישן ריח, אַזוי אַז דער פּשוטסטער ייִד זאָל עס קענען אָנטאַפּן און פֿאַרשטיין. "פֿאָרצִיען" און "פֿאָרצוג" האָבן עס נישט און איך גיי אין אַ געוועט, אַז נײַנציק פּראָצענט פֿון אונדזער פֿאָלק עמך ווייסן אַפֿילו נישט מיט וואָס מען עסט עס. און איר זענט גערעכט, וואָס איר פֿאַררופֿט זיך אויף אײַערע טאַטע־מאַמע, ווײַל אָט ווער איך אײַך ווײַזן, ווי זיי האָבן זיך אַן עצה געגעבן מיט "פּרעפֿויר" און נישט אָנגעקומען צו די דײַטשמעריזמען "פֿאָרצוג" און "פֿאָרצִיען".

שטעלט זיך פֿאָר, עס איז פֿרײַטיק צו נאַכטס בײַ דער שבתדיקער סעודה. די מאַמע דערלאַנגט צום טיש דעם פֿײַנעם מערן־צימעס מיטן פֿעטן קניידל אין דער מיט, פֿון דעם הייסן צימעס גייט אַ פּאַרע און אַ ריח, וואָס פֿאַרשמעקט די שטוב. נעמט דער טאַטע אַ לעפֿל צימעס פֿון יוצא וועגן און מאַכט: "ממ... טויזנט טעם". און ווי זיך צו פֿאַרענטפֿערן פֿאַר דער מאַמען, וואָס ער עסט נישט מער, זאָגט ער: "דו ווייסט, חיהלע, וואָס איך וועל דיר זאָגן? איך האָב ליבערשט קאַלטן צימעס". אָט האָט איר עס! ווען אײַער טאַטע זאָל געוועזן רעדן ענגליש, וואָלט ער געזאָגט "אײַ פּרעפֿויר קאָלד צימעס", ווען ער זאָל געווען זײַן אַן אינטעליגענט, וואָלט ער געזאָגט "איך צי פֿאָר קאַלטן צימעס", איז ער אָבער אַ פּשוטער ייִד, זאָגט ער: "איך האָב **ליבערשט** קאַלטן צימעס". און די מאַמע פֿאַרשטייט אים און ענטפֿערט אים: "אויב דו האָסט ליבערשט קאַלטן, איז מאַטער זיך נישט און בלאָז נישט, וועסטו אים מאָרגן עסן קאַלטן".

איר האָט עס צעקײַט? ווען עס ליגן פֿאַר אײַך צוויי זאַכן און איר האָט די ברירה אויסצוקלײַבן אַ זאַך, וואָס איר ווילט בעסער, זאָגט איר אין ענגליש "אײַ פּרעפֿויר", און אין ייִדיש: **איך וויל בעסער, איך וויל ליבערשט, מיר געפֿעלט בעסער, מיר געפֿעלט ליבערשט, עס איז מיר מער צום האַרצן, עס איז מיר ניחער** אאַז"וו. און ווילט איר שוין זײַן אינטעליגענט, דער הויפּט ווען עס האַנדלט זיך וועגן העכערע ענינים און איר ווילט זײַן פּרעציז, מעגט איר אָן שאָדן פֿאַר מאָדערנעם ייִדיש זאָגן **איך פּרעפֿעריר**, און **פּרעפֿערענץ**, ווײַל **פּרעפֿערענץ** איז אַן אינטערנאַציאָנאַל וואָרט, וואָס ווערט געניצט אין אַלע אייראָפּעיִשע שפּראַכן און מיר האָבן דערויף פּונקט אַזאַ רעכט ווי זיי. עס איז פֿאַראַן נאָך אַ וואָרט, וואָס ווערט אָפֿט גענוצט: **בכורה**. אַנשטאָט צו זאָגן "דאָס האָט בײַ מיר דעם פֿאָרצוג", קענט איר זאָגן **דאָס האָט בײַ מיר די בכורה**. יעדן פֿאַלס האַלט איך, אַז מע קען זיך גאַנץ שיין באַגיין אָן "פֿאָרצוג" און אָן "פֿאָרציִען".

## "אײַזקרים"

אַ ייִדישער פֿרוי פֿון ברוקלין גייט ממש אין לעבן צו וויסן, ווי אַזוי מען דאַרף זאָגן אין ייִדיש **אײַזקרים**.

בײַ מיר האָט איר געפֿועלט, אַז איר זאָלט זאָגן פּראָסט־פּשוט **אײַזקרים** און גאָרנישט האָבן געזינדיקט קעגן ייִדישקייט. נאָר אויב איר ווילט יוצא זײַן לכל־הדעות, זאָגט נישט "קרים", נאָר "קרעם" – **אײַזקרעם**, ווײַל דאָס ענגלישע "קרים" איז דאָס אינטערנאַציאָנאַלע "קרעם", וואָס מיינט **דאָס בעסטע, דער תּמצית** פֿון אַ זאַך; **דער שמאַנט, די סמעטענע, דאָס אייבערשטע פֿון שטייסל**. ווען איר זאָגט **אײַזקרים** אָדער **אײַזקרעם**, זאָגט איר אייגנטלעך: פֿאַרגליווערטע סמעטענע.

איז נישטאָ קיין אַנדער וואָרט פֿאַר **אײַזקרעם**? יע, אין דער אַלטער היים האָט עס געהאַט צוויי נעמען. אין פּוילן האָט עס געהייסן **ליאָדעס** און אין רוסלאַנד האָט עס געהייסן **מאָראָזשענע**, ביידע נעמען געבאָרגט בײַ אונדזערע געוועזענע שכנים. ווי קומט עס, וואָס מיר האָבן נישט געהאַט דערפֿאַר קיין אייגן ייִדיש וואָרט? אַ פּנים דערפֿאַר, וואָס דאָס איז געווען אַזאַ זעלטענער אַרטיקל אין דעם ייִדישן מעניו. אָט נעם איך זיך אַליין פֿאַר אַ בײַשפּיל. ווען בין איך געוווּיר געוואָרן, אַז ס'איז גאָר דאָ אַזאַ מאכל אויף דער וועלט ווי **אײַזקרעם?** ווען איך בין אַלט געווען זיבן־אַכט יאָר און בײַ אונדז אין שטעטל איז געווען אַ גרויסער יריד און עס איז אַראָפּגעקומען אַ קאַצאַפּ מיט אַ רויטער באָרד און זיך אַוועקגעשטעלט אין מיטן מאַרק מיט זײַן סחורה און געוואַלדעוועט "סאַכאַר מאָראָזש! סאַכאַר מאָראָזש". געדענק איך ווי איך בין געשטאַנען צווישן אַ כאָפּטע קינדער אַרום דעם קאַצאַפּ, געשלונגען דאָס שפּײַעכץ, זיך

געייִשובֿט: "כ'האָב אַ קאָפּיקע, זאָל איך קויפֿן, צי ניט קויפֿן? מע דאַרף קויפֿן, ס'קוקט אויס אַזוי גוט, אַזוי געשמאַק... ניין, איך וועל נישט קויפֿן. ערשטנס, אפֿשר איז דאָס נישט כּשר. צווייטנס, עס שטייען אַזוי פֿיל ייִנגלעך אַרום מיר, יעדער איינער וועט בעטן אַ לעק, וואָס וועט מיר בלײַבן? ניין, איך וועל בעסער געבן צו לייזן דער ייִדענע און קויפֿן קוואַס".

וואָס איך האָב געוואָלט דערמיט אַרויסברענגען איז, אַז וואָלט עס געווען אַ ייִדישער מאכל און ייִדישע קינדער וואָלטן געהאַט די קאָפּיקע פֿאַר וואָס עס צו קויפֿן, וואָלטן מיר זיכער געהאַט אַ ייִדיש וואָרט דערפֿאַר, ווי מיר האָבן פֿאַר הונדערטער ייִדישע מאכלים. איז אָבער דער מאכל געווען אַ גוייִשער, האָבן מיר עס דאָרטן גערופֿן מיט גוייִשע נעמען, **ליאָדעס** און **מאָראָזשענע**, און מיר רופֿן עס דאָ מיט אַ גוייִשן נאָמען – **אײַזקרים** אָדער **אײַזקרעם**.

## "אײַם דיסקאָסטעד" (I'm disgusted)

אַ ייִדיש מיידל פֿון ברוקלין בעט מיך, איך זאָל איר זאָגן, ווי דאַרף מען זאָגן אין ייִדיש "אײַם דיסקאָסטעד". אַ באַקאַנט וואָרט, הע? "דו ביסט 'דיסקאָסטעד', מיר זײַנען 'דיסקאָסטעד'".

זעט, ייִדן, וואָס ס'איז געשען: מיר האָבן זיך צוגעטשעפּעט צו אַן ענגליש וואָרט "דיסקאָסטעד" און וואָס האָבן מיר געוווּנען דערפֿון? מיר האָבן געוווּנען דערפֿון דאָס, וואָס מיר האָבן פֿאַרגעסן אַלץ וואָס אונדזער רײַך און זאַפֿטיק ייִדיש לשון פֿאַרמאָגט פֿאַר דעם באַגריף "דיסקאָסטינג". פֿאַרגעסט אויף אַ מינוט, אַז ס'איז דאָ אַזאַ וואָרט און גיט אַ טראַכט – ווי פֿלעגט די מאַמע זאָגן?

קודם, פֿלעגט די מאַמע נישט זאָגן "איך בין", נאָר "מיר איז", אָדער "עס איז מיר". **עס איז מיר דערווידער, עס איז מיר צו ווידער, עס איז מיר איבער דער טבֿע, עס איז מיר דערעסן, עס איז מיר דערעסן ווי אַ ביטערע ציבעלע, עס קריכט מיר פֿון האַלדז, עס איבלט מיך דערפֿון, עס עקלט מיך דערפֿון, עס מיגלט מיך דערפֿון, עס שלאָגט צום האַרצן, עס קערט די גרינע גאַל, עס כאַפּט אָן אַ נישט־גוטקייט, אַ נודאָטע, אַ חלשות, מײַן מאָגן קען דאָס נישט פֿאַרטראָגן.** איר ווילט נאָך? קען איך אײַך געבן נאָך.

איצט, זײַט מוחל, שטעלט אַוועק אָט די "פּאַצעצע" אײַערע, "דיסקאָסטעד", לעבן אײַער מאַמעס ווערטלעך און זאָגט מיר – וועמענס שפּראַך איז אַ רײַכערע, אַ זאַפּטיקערע, אַ מער בילדלעכע – אײַערע, צי דער מאַמעס?

## "איך בלײַם אים נישט"

אַ ייִדיש מיידל פֿון ברוקלין פֿרעגט, ווי מען דאַרף זאָגן אין ייִדיש: "אײַ דאָנט בליים הים".

אַ באַקאַנטער אַמעריקאַניזם, וועלכן מען הערט אויף שריט און טריט: "איך 'בליים' אים נישט, איך 'בליים' זיי נישט". און ס'וואָלט געווען אַ יושר־גדול, ווען מע ווערט פּטור פֿון אים, ווײַל מיר האָבן קיין עין־הרע אַזוי פֿיל אויסדרוקן דערפֿאַר אין ייִדיש. פֿאַרשרײַב זיך, מאַמעלע: **איך באַשולדיק אים נישט, איך פֿאַרדענק אים נישט, איך האָב אויף אים קיין פֿאַראיבל נישט, איך נעם עס אים נישט פֿאַר אומגוט, איך האָב צו אים נישט, איך קען צו אים גאָרנישט האָבן, איך קען צו אים נישט האָבן קיין טענות, קיין פּרעטענזיעס, קיין תּרעומות.** עס זענען דאָ נאָך, אָבער דו וועסט זיי אַלץ איינס אַלע נישט געדענקען.

## "איך גלײַך עס"

אַ ייִד פֿון ברוקלין פֿרעגט מיך: "צי קען מען זאָגן אין ייִדיש: 'איך גלײַך עס'?"

קען מען, קען מען – מען וועט אײַך דערפֿאַר נישט אײַנזעצן, אָבער אַ ייִד וואָס איז אָפּגעהיט אין זײַן לשון קען זיך באַגיין אָן דעם. "איך גלײַך עס" איז אַן אַמעריקאַניזם, איבערגעזעצט פֿון "אײַ לײַק איט". איז גוט, אַז איר זענט אין אַמעריקע, ווו מען פֿאַרשטייט ענגליש. וואָס טוט איר, ווען איר טרעפֿט זיך מיט אַ ייִדן פֿון אַרגענטינע, וואָס פֿאַרשטייט נישט קיין ענגליש? דער ייִד געפֿעלט אײַך און איר זאָגט אים: "איך גלײַך אײַך". וועט ער אויף אײַך אויסשטאַרטשען אַ פּאָר אויגן און אײַך אָנקוקן: "איר גלײַכט מיך? צו וועמען גלײַכט איר מיך?" צו וואָס נוצן אַזאַ צאַצקע אַ וואָרט, וואָס האָט נישט קיין ייִדישן טעם, ווען עס זענען דאָ אַזעלכע פּשוטע ייִדישע ווערטער ווי: **איך האָב עס גערן, איך האָב עס האָלט, איך האָב עס ליב, עס געפֿעלט מיר, עס איז מיר צום האַרצן.** און רעדט זיך עס וועגן אַ מיידל, אָדער אַ ווײַבל וואָס איר "גלײַכט", איז דאָך אַוודאי גוט, קענט איר זאָגן: **זי איז מיר אײַנגעבאַקן אין האַרצן, איך האָב זי ליב בלבֿ־ונפֿש, מיט האַרץ און נשמה, איך האָב זי ליב דאָס חיות, איך גיי אויס נאָך איר, איך חלש פֿאַר איר, איך שטאַרב פֿאַר איר, איך ברען, איך גלי, איך פֿלאַם, איך פֿלאַקער!** מאַלע וואָס מען קען זאָגן צו איינער וואָס מען "גלײַכט".

## "אינסטאָלמענט" (Installment)

אַ ייִד פֿון ברוקלין וויל וויסן, ווי מען דאַרף זאָגן אין ייִדיש "נעמען אויף 'אינסטאָלמענט'".

וואָס ווילט איר נעמען, אַ "טעלעוויזשן"? נעמט בעסער אויף **אויסצאָלן** אָדער אויף **ראַטעס** און זעט, אַז מע זאָל אײַך נישט אָפּנאַרן.

# אַנגליציזמען

איך האָב אײַך צוגעזאָגט אַן ענטפֿער אויף אַ פֿראַגע, וואָס אַ סך פֿון אײַך האָבן מיר געשטעלט: הלמאַי איך אַליין באַנוץ ענגלישע ווערטער אין ייִדיש, ווי, למשל, "ספּאָנסאָר".

מײַן ענטפֿער וואָלט געקענט זײַן זייער אַ באַריכותדיקער, אָבער אַזוי ווי איך קען זיך דעם פֿאַרגעניגן נישט פֿאַרגינען, וועל איך עס פּרוּוון מאַכן אַזוי קורץ ווי מעגלעך. ווען איך זאָג, אַז מען דאַרף אויסרייניקן אונדזער אַמעריקאַנער ייִדיש פֿון אַנגליציזמען, מיין איך נישט צו זאָגן, אַז מען דאַרף אַרויפֿלייגן אַ חרם אויף ענגליש. מיר האָבן נישט אַרויפֿגעלייגט קיין חרם אויף די סלאַווישע שפּראַכן, אויף דער ליטווישער שפּראַך און אַזוי ווײַטער. אָבער איך מײַד אויס אַזעלכע אַנגליציזמען, פֿאַר וועלכע מיר האָבן גוטע ייִדישע עקוויוואַלענטן, ווי למשל: "סעלפֿיש", "עמוירדזשענסי", "עקסידענט" וכדומה. ווען עס קומען אָבער צו נײַע ווערטער פֿאַר נײַע אויפֿגעקומענע באַגריפֿן, גיי איך מיט דער סבֿרה, אַז ס'איז בעסער צו נעמען אַן ענגליש וואָרט, וואָס איז אַלעמען באַקאַנט, און עס אײַנבירגערן אין ייִדיש, איידער שאַפֿן אַ נײַ וואָרט, וואָס וועט זיך קיין מאָל נישט אָננעמען.

אָט לאָמיר טאַקע נעמען דאָס וואָרט "ספּאָנסאָר". ביז איצט האָט "ספּאָנסאָר" אין ענגליש, לויטן "וועבסטער"־ווערטערבוך, געהאַט דרײַ באַטײַטן: ערבֿ – דאָס מיינט, איינער וואָס גאַראַנטירט פֿאַרן צווייטן; "טויפֿפֿאָטער" אָדער "טויפֿמוטער"; "קוואַטער" אָדער "קוואַטערשע". מיטן אויפֿקומען פֿון ראַדיאָ האָט "ספּאָנסאָר" צוגעקריגן נאָך אַ באַטײַט: איינער וואָס קויפֿט אַ ראַדיאָ־פּראָגראַם, כּדי צו אַנאָנסירן זײַן סחורה אָדער פֿאַבריקאַט.

איצט וואָס טוען מיר? איבערזעצן דאָס וואָרט "ספּאָנסאָר" און זאָגן ערבֿ, טויפֿפֿאָטער, אָדער קוואַטער? פּאַסן אָט די ווערטער צו ראַדיאָ ווי אַ פּאַטש צו גוט־שבת. דאַרף מען, הייסט עס, שאַפֿן אַ נײַ וואָרט ווי "פּראָגראַם־שטיצער", "פּראָגראַם־אייגנטימער" וכדומה. האַלט איך, אַז דאָס איז איבעריק. דאָס איז אַ נײַער באַגריף, פֿאַר וועלכן מיר האָבן קיין מאָל אין ייִדיש קיין וואָרט נישט געהאַט. מיר לעבן אין אַמעריקע, די אַמעריקאַנער האָבן פֿאַר דעם באַגריף געשאַפֿן אַ וואָרט, וואָס קינד־און־קייט האָבן עס אויפֿגענומען, און אַ וואָרט וואָס איז נישט קיין דיסאָנאַנס אין אונדזער ייִדיש־קלאַנג – פֿאַר וואָס עס נישט אַדאָפּטירן און אַרײַננעמען אין ייִדיש?

פֿאַרשטייט זיך, אַז וועגן דער פֿראַגע קענען זײַן חילוקי־דעות. דאָס לעצטע וואָרט וועט האָבן דאָס ייִדיש־אַקאַדעמישע ווערטערבוך, וואָס וועט אפֿשר אַ מאָל געשאַפֿן ווערן און די אַלע שטרײַטפֿראַגעס פֿאַרענטפֿערן. ביז דעמאָלט מעג איך זיך דערלויבן

צו האָבן מײַן מיינונג וועגן דער פֿראַגע.

## "אַנטוישט"

אַ ייִד שרײַבט: "ווען איך דאַרף זאָגן דאָס וואָרט **אַנטוישט**, פֿיל איך ווי דער האַלדז וואָלט מיר צוזאַמענגעדריקט געוואָרן, ווי בעת מען דאַרף אַראָפּשלינגען אַ ביטערע פּיל. איז נישטאָ, פֿרײַנד סטוטשקאָוו, עפּעס אַן אַנדער וואָרט אין ייִדיש, מיט וועלכן מען זאָל קענען פֿאַרבײַטן אָט דעם דערווידערדיקן דײַטשמעריזם?"

מײַן פֿרײַנד, איר האָט געטראָפֿן אין פּינטל אַרײַן. דאָס דאָזיקע וואָרט איז באמת אַ מכּה שלא כּתובֿה בתּורה – נישט אויסצושפּײַען און נישט אַראָפּצושלינגען. דאָס וואָרט, אָבער, האָט זיך אַזוי אײַנגעגעסן אין דעם אָרגאַניזם פֿון מאַמע־לשון, אַז ס׳איז נישט געווען קיין אַנדער ברירה ווי עס צו כּשרן. צי קען מען עס אָבער פֿאַרבײַטן מיט אַן אַנדער וואָרט? דאָס, זעט איר, יאָ. מען דאַרף נאָר וועלן. אָט, למשל, געדענק איך, אַז מײַן באָבע חיה־עלקע, אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל זי האָבן, פֿלעגט דאָס וואָרט נישט נוצן. ווען איר זאָגט צו איר **אַנטוישט** וואָלט זי געמיינט, אַז איר רעדט טערקיש. אָט לאָמיך אײַך דערציילן אַ מעשׂה.

ווען די באָבע חיה־עלקע האָט מיך דאָס לעצטע מאָל געזען, האָט זי אָנגעקוואָלן פֿון מיר. געקומען בין איך פֿון לאָמזשער ישיבֿה, אַ בחור פֿון אַ יאָר פֿערצן, אין אַ לאַנגער געהאַקטער קאַפּאָטע, מיט אַ זײַדן היטעלע, מיט געקרײַזלטע פּאהלעך. און אַ פּנימל אַ בלייכס, אַ מילכיקס (פֿון די שיינע טעג וואָס די לאָמזשער בעלי־בתּים האָבן מיר געגעבן). מיט איין וואָרט – די שכינה האָט אויף מיר גערוט און די באָבע חיה־עלקע האָט זיך נישט געקענט זאַט אָנקוקן אין מיר. מיט דרײַ יאָר שפּעטער האָט זי מיך נאָך אַ מאָל געזען, דאָס מאָל שוין אין וואַרשע, וווּהין זי איז געקומען זען אַ דאָקטער. און קאַלט איז איר נעבעך געוואָרן ווען זי האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר! אַנשטאָט אַ קאַפּאָטע גייט נחומל אין אַ קורץ ווייטיקל; אַנשטאָט אַ זײַדן היטל – אַ שוואַרצן קאַפּעליוש; אַנשטאָט שטיוועלעך – קאָמאַשן מיט די הויזן איבער זיי: אַ דײַטש! אַ דײַטש פֿון דײַטשלאַנד. אָבער געזאָגט האָט זי מיר גאָרנישט, זי האָט בלויז געשאָקלט מיטן אַלטן קאָפּ און געמאַכט: "אײַ, נחומל, נחומל, איך האָב זיך גענאַרט אין דיר! איך האָב געמיינט, אַז דו וועסט אויסוואַקסן אַ רבֿ, צום סוף... נו, איך וויל שוין גאָרנישט רעדן". איר האָט געכאַפּט וואָס איך מיין? זי האָט נישט געזאָגט: "נחומל, איך האָב זיך **אַנטוישט** אין דיר", נאָר "נחומל, איך האָב זיך **גענאַרט** אין דיר". און דאָ, מײַנע פֿרײַנד, ליגט דער שליסל צום וואָרט **אַנטוישט**. "טוישן" מיינט אין דײַטש: "נאַרן", **אַנטוישט** מיינט: זײַן גענאַרט, זײַן אָפּגענאַרט אין די האָפֿענונגען, וואָס

מען האָט געלייגט אויף עפּעס. און קלינגען קלינגט אונדז דאָס וואָרט אַזוי פּריקרע, אַזוי פֿרעמד, ווײַל דאָס וואָרט "טוישן" מיטן טײַטש "נאַרן" האָבן מיר נישט אין ייִדיש. אין דיאַלעקטישן ייִדיש מיינט **טוישן**: בײַטן. "טוישט איינס פֿאַר דאָס אַנדערע". איז בכן, אויב איר ווילט אויסמײַדן דאָס וואָרט **אַנטוישט**, פֿאַר וואָס נישט זאָגן ווי מײַן באָבע חיה־עלקע ע"ה? "**איך האָב זיך געטאַרט, איך האָב זיך פֿאַררעכנט, איך האָב געהאַט אַ טעות אין חשבון**". און אויב איך האָב נישט קיין טעות אין חשבון, געפֿינען זיך אין "אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך" נאָך אַ שפּאָר ביסל ווערטער פֿאַר דער צאַצקע **אַנטוישט**. אָבער ווי געזאָגט: דאָס וואָרט איז געכשרט און אויב אַזעלכע דיכטער ווי לייוויק, גלאַטשטיין און סוצקעווער נוצן עס, מעגן מיר פּשוטע ייִדן עס אַוודאי נוצן. אײַ מיר וואַרגן זיך דערמיט? פֿאַרפֿאַלן.

## "אַנטריסטעט"

מײַן משגיח איבער כּשרות, דער ברוקלינער ייִד, וואָס זוכט אויס פֿאַר מיר יעדע וואָך אין דער ייִדישער פּרעסע אַ דײַטשמעריזם און טראָגט עס מיר אונטער אויף אַ פּאָסטקאַרטל, איז אויך די וואָך נישט געבליבן הינטערשטעליק. "גיט אונדז צו פֿאַרשטיין", שרײַבט ער, "אונדז פּשוטע ייִדן, נישט קיין אינטעליגענטן, וואָס מיינט עס 'אַנטריסטעט'?"

רעגט זיך נישט אויף, מײַן פֿרײַנד. אַ שאָד די נערוון. אין דײַטש הייסט דאָס וואָרט "ענטריסטעט" (entrüstet), וויל מען אונדז טאָן אַ טובֿה און עס פֿאַרייִדישן, כּשרט מען עס מיט אַן אַלף און מען שרײַבט "אַנטריסטעט". איז קומט עס מיר פֿאָר אַקוראַט ווי די ייִדישע ווײַבלעך, וואָס קויפֿן טרייף פֿלייש און בעטן די שוויגער, אַז זי זאָל עס כּשר מאַכן. טרייף פֿלייש וועט בלײַבן טרייף ווען איר זאָלט עס צען מאָל כּשר מאַכן. "ענטריסטעט" צי "אַנטריסטעט" – טרייף אַלץ איינס.

און איך פֿרעג זיך נאָך בײַ זיך אַליין: נאָך וואָס? צו וועלכע גוטע יאָר ניצן אָט דאָס פֿאַרזעעניש, ווען מיר האָבן פֿאַר דעם באַגריף "אַנטריסטעט" אַזעלכע פּשוטע ייִדישע ווערטער ווי **אויפֿגעבראַכט, אויפֿגעטראָגן, אויפֿגערעגט, אויפֿגערודערט, אויפֿגעברויזט, אויפֿגעקאָכט, אויפֿגעזאָטן, אָנגעצונדן?** און פֿאַר וואָס נישט זאָגן אַנשטאָט "איך בין געוואָרן אַנטריסטעט": **עס האָט מיך אונטערגעהויבן, עס האָט מיך אונטערגעטראָגן, עס האָט מיך אַרויסגעבראַכט פֿון די כּלים, עס האָט מיך פֿאַרברענט אָדער פֿאַרבראָטן בײַם האַרצן, דאָס בלוט האָט אין מיר אָנגעהויבן זידן, איך בין געוואָרן אויסער זיך, איך בין געוואָרן אַן אָנגעצונדענער, אַ צעפֿלאַמטער, אַ צעקאָכטער!** און מאַלע וואָס נאָך אַ ייִד קען ווערן ווען ער ווערט "אַנטריסטעט".

שיידט זיך מיט דעם פֿאַרזעעניש, מײַנע פֿרײַנד, ייִדישע זשורנאַליסטן! אָסור אויב

מאַמע־לשון וועט עפּעס פֿאַרלירן דערביַי.

## אָפּטימיסט – פּעסימיסט

אַ ייִד פֿון ברוקלין וויל איך זאָל אים געבן ייִדישע ווערטער פֿאַר **אָפּטימיסט** און **פּעסימיסט**.

דער ייִד, ווי אַ סך אַנדערע ייִדן, אַ פּנים, מיינט, אַז אויב דער זיידע ר׳ שלמה־זלמן צי די באָבע שׂרה־גיטל האָט די ווערטער נישט געניצט, טויגן זיי נישט, זענען זיי נישט קיין ייִדישע ווערטער. דאָס איז אָבער אַ טעות, מײַן פֿרײַנד, אַ טעות גמור. איר דאַרפֿט האָבן אין זינען, מײַן פֿרײַנד, אַז אַ שפּראַך, יעדע שפּראַך, איז אַ וואַקסנדיקער אָרגאַניזם, וואָס וואַקסט און אַנטוויקלט זיך צוזאַמען מיט די נייטיקסטע און קולטורעלע באַדערפֿענישן פֿון דעם פֿאָלק וואָס רעדט אויף איר. זענען מיר געבליבן שטיין אויף דעם זעלבן שטאַפּל פֿון אַנטוויקלונג ווי דער זיידע ר׳ שלמה־זלמן איז געשטאַנען? ניין, מיר זענען געוואַקסן, אונדזער האָריזאָנט איז געוואָרן ברייטער, אַרומנעמענדיקער. נו, אין דער זעלבער מדרגה וואָס מיר זענען געוואַקסן איז אויך געוואַקסן אונדזער שפּראַך. מיר האָבן געדאַרפֿט אַרײַננעמען נײַע ווערטער פֿאַר נײַע באַגריפֿן, פֿון וועלכע דער זיידע האָט קיין השׂגה נישט געהאַט. און מיר האָבן אויך געדאַרפֿט אַרײַננעמען פֿאַר אַלטע באַגריפֿן, וואָס פּאַסן זיך בעסער צו דער איצטיקער מאָדערנער פֿאָרעם פֿון אונדזער שפּראַך.

דער זיידע ר׳ שלמה־זלמן האָט געהאַט זײַנע ווערטער פֿאַר **אָפּטימיסט** און **פּעסימיסט**. אַנשטאָט **אָפּטימיסט** פֿלעגט ער מסתּמא זאָגן: **בעל־בטחון, נחום איש גם זו, גם־זו־לטובֿהניק**. שטאָט **פּעסימיסט** פֿלעגט ער מסתּמא זאָגן: **מרה־שחורהניק, כמוראַק**, צי אַן אַנדער ענלעך וואָרט. נו, איז ווילט איר, ניצט דעם זיידנס שפּראַך. ווילט איר אָבער זײַן פּינקטלעך, פּרעציז, ווילט איר אָבער, אַז אײַערע אויסדרוקן זאָלן זײַן אין האַרמאָניע מיט דער שפּראַכלעכער אַטמאָספֿער אין וועלכער איר לעבט, זאָגט **אָפּטימיסט** און **פּעסימיסט** און איר וועט גאָר נישט זינדיקן קעגן מאַמע־לשון. מאַמע־לשון דאַרף זיי, אָט די נײַע ווערטער, פּונקט ווי זי דאַרף טויזנטער אַנדערע, פֿון וועלכע דער זיידע האָט נישט געוווּסט און פֿאַר וועלכע ער האָט קיין באַדערפֿעניש נישט געהאַט. און זאָל אײַך אײַער האַרץ זײַן רויִק, מיר גנבֿענען זיי, חלילה, נישט בײַ קיינעם. **אָפּטימיסט** און **פּעסימיסט** איז שותּפֿותדיק אייגנס פֿון אַלע אייראָפּעיִשע שפּראַכן, ביידע שטאַמען פֿון לאַטײַניש.

## "אַפּרישיאייט" (Appreciate)

אַ ייִד פֿון די בראָנקס וויל וויסן, ווי מען זאָגט אין ייִדיש "אַפּרישיאייט".

די אַלטע געשיכטע: עס ווענדט זיך, ווי דער חמור שטייט. די איבערזעצונג פֿון "אַפּרישיאייט" איז **אָפּשאַצן**, אָבער פּונקט ווי "אַפּרישיאייט" אין ענגליש, אַזוי האָט **אָפּשאַצן** אין ייִדיש עטלעכע באַטײַטן. ווען עס רעדט זיך וועגן באַשטימען אַ פּרײַז פֿאַר אַ זאַך, זאָגט מען: איך שאַץ עס אין אַזוי פֿיל און אַזוי פֿיל. "איך שאַץ עס אָפּ" קען אויך מיינען: איך האַלט עס פֿאַר וויכטיק, און "איך קען עס אָפּשאַצן" קען מיינען: איך בין אַ מבֿין דאַרויף. אָבער איך שטויס זיך אָן, אַז איר, מײַן פֿרײַנד, האָט אין זינען גאָר אַן אַנדער באַטײַט, אַ באַטײַט, אין וועלכן דאָס וואָרט ווערט אַממערסטן גענוצט אין דעם אַמעריקאַנער ייִדיש: "איך 'אַפּרישיאייט' וואָס דו האָסט געטאָן פֿאַר מיר". אין דעם זינען הייסט עס אין ייִדיש: **איך בין דיר דאַנקבאַר, וואָס דו האָסט געטאָן פֿאַר מיר, עס קומט דיר אַ יישר־כּוח דערפֿאַר.** און אָט איז אַ פֿאָלקסטימלעכער אויסדרוק, וואָס ייִדן פֿלעגן ניצן אויף שריט און טריט: **עס איז בײַ מיר זייער אָנגעלייגט וואָס דו האָסט געטאָן פֿאַר מיר.**

## בוכהאַלטעריע

מ"ר מאַן פֿון ברוקלין וויל קענטיק פֿירן זײַנע חשבונות, זײַנע ביכער אין ייִדיש, ווײַל זײַנע פֿראַגעס האָבן אַ נאָענטע שײַכות צו בוכפֿירונג אָדער בוכהאַלטעריע. איז פֿון איין זײַט פֿרייט עס מיך, וואָס ייִדן האַלטן שוין אַזוי ווײַט, אַז זיי ווילן שוין ייִדישע ביכער, און פֿון דער צווייטער זײַט פֿאַרדריסט מיך, וואָס אַזאַ ייִדיש־פֿרײַנד ווי מ"ר מאַן האָט זיך נאָך נישט אײַנגעשאַפֿט דעם "אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך". ווײַל דאָרטן, אויף זײַט 506 אין דער גרופּע "בוכהאַלטעריע", וואָלט ער געפֿונען אַלע ייִדישע ווערטער און אויסדרוקן, וואָס האָבן אַ שײַכות צו דעם ענין, און ער וואָלט זיך פֿאַרשפּאָרט צו פֿרעגן. אָבער זאָל מײַנס איבערגיין.

ווי זאָגט מען, פֿרעגט איר, אויף ייִדיש "פֿײַל־קאַבינעט"? "פֿײַל־קאַבינעט" אויף ייִדיש איז **קאַרטאָטעק**. אַ פֿרעמד וואָרט, הע? איר האָט עס קיין מאָל ניט געהערט. אָבער פֿון **ביבליאָטעק** האָט איר געהערט? פֿון וואַנען נעמט זיך דאָס וואָרט **ביבליאָטעק**? פֿון צוויי גריכישע ווערטער: "ביבליאָ" – בוך, און "טעק" – בית־קיבול, "רעפּאַזיטאָרי". און ווען איר פֿאַרבײַט דאָס וואָרט "ביבליאָ" אויף "קאַרטאָ" – קאַרט, ווערט **קאַרטאָטעק**. עס איז אויך דאָ **פּינאַקאָטעק** און מיינט אַ זאַמלונג פֿון בילדער. דאָס וואָרט "טעק" אָדער "טעקע" איז נישט נײַ בײַ ייִדן. פֿרעגט אַ פּוילישן ייִדן, וואָס עס מיינט **טעקע**, וועט ער אײַך זאָגן, אַז דאָס מיינט "בריוועקייס".

ווי זאָגט מען, פֿרעגט איר, אויף ייִדיש "אָפּיס"? אין דער אַלטער היים האָבן מיר געהאַט אַזעלכע ווערטער פֿאַר **אָפּיס**: **קאַנטאָר, ביוראָ**, אָדער דיאַלעקטיש **ביורע** און **קאַנצעלאַריע**, אָבער איר וועט, חלילה, גאָרנישט זינדיקן קעגן מאַמע־לשון ווען איר וועט זאָגן **אָפּיס**. מיר האָבן עס אַרײַנגענומען אין ייִדיש ווי אַ פֿול־באַרעכטיקט וואָרט און עס איז כּשר למהדרין־מן־המהדרין.

אײַער פֿאַרלעצטע פֿראַגע איז ווי מען זאָגט אין ייִדיש "גראַנד טאָטאַל". "טאָטאַל" איז אויף ייִדיש **סך־הכּל**, און ממילא איז "גראַנד טאָטאַל" **דער אַלגעמיינער סך־הכּל**. פֿאַראַן נאָך אַ ייִדיש וואָרט פֿאַר "טאָטאַל" און אַ פֿײַן וואָרט: **די אונטערשטע שורה**, אָבער פֿאַר בוכהאַלטעריע טויג עס נישט.

אײַער לעצטע פֿראַגע איז ווי דאַרף מען זאָגן אין ייִדיש "קאָלום און פֿיגורס". דאָ וואָלט איך נישט גענוצט דאָס וואָרט "קאָלום", נאָר דעם מאַטעמאַטישן אויסדרוק **צאָלנריי**, אָדער **צאָלן־שורה**. און אַז איך האַלט שוין בײַ בוכהאַלטעריע, לאָמיך שוין אַרײַנכאַפּן אַן ענטפֿער צו אַ ייִדן אין די בראָנקס, וועלכער פֿרעגט ווי מען דאַרף זאָגן אין ייִדיש "טשעק אַקאַונט". "טשעק" איז ייִדיש אויך **טשעק**, און "אַקאַונט" איז אין ייִדיש **קאָנטע**. די ייִדישע סוחרים צווישן מײַנע צוהערער דאַרפֿן זיכער געדענקען דעם אויסדרוק **נעמען אויף קאָנטע**. נו, איז ממילא "טשעק אַקאַונט" **טשעקקאָנטע**. אין בוכפֿירונג מיינט **קאָנטע**: רעכענונג, חשבון וואָס מען פֿירט מיט אַ קליענט. עס איז דאָ אַ **הויפּטקאָנטע**, אַ **בײַקאָנטע**, אַ **לויפֿקאָנטע** אָדער **קאָנטע־קורענט**, אַן **אינווענטאַר־קאָנטע**, אַ **וועקסל־קאָנטע**, **פּאַסיווע** און **אַקטיווע קאָנטע**, און נאָך אַנדערע קאָנטעס. עס איז אַפֿילו דאָ אַ **טויטע קאָנטע**, אַ קאָנטע נאָך וועלכער מען דאַרף שוין שטעלן אַ ליכטל און זאָגן אַ רבנן־קדיש.

## בלומען און בולבעס

אַ ייִד פֿון די בראָנקס גיסט אויס פֿאַר מיר זײַן האַרץ: "איך בין דעם זומער", שרײַבט ער, "געגאַנגען מיט מײַן בויטשיקל שפּאַצירן אין 'קאַנטרי', זענען מיר פֿאַרבײַגעגאַנגען אַ פֿאַרם, ווו עס זענען געוואַקסן בלומען, און מײַן בויטשיקל, זאָלט איר וויסן, גייט אין אַ ייִדישער שול און האָט ליב ייִדיש. ווײַזט ער מיר אָן אויף איינער פֿון די בלומען און פֿרעגט מיך: 'דעדי, ווי רופֿט מען די בלום אין ייִדיש?' האָב איך זיך פֿאַרשעמט און נישט געוווּסט וואָס צו ענטפֿערן". דער קיצור, דער ייִד וויל וויסן, צי האָבן מיר אין ייִדיש נעמען פֿאַר בלומען.

איידער איך גיב אײַך מײַן ענטפֿער, ליבער ייִד, וויל איך מיט אײַך לערנען אַ פּרשה באָטאַניק. איר פֿרעגט און איך ענטפֿער: וויפֿל מינים בלומען זענען דאָ אויף דער וועלט?

– בערך 160 טויזנט.

– 160 טויזנט?! איך האָב קיין מאָל נישט געהערט, אַז מיר זאָלן האָבן אַזוי פֿיל בלומען.

– בלומען, מײַן פֿרײַנד, ווי אַלע געוויקסן, זענען אָפּהענגיק אין קלימאַט. בײַ אונדז וואַקסן די סאָרטן בלומען, אין אַנדערע לענדער – אַנדערע סאָרטן, אין אַלע לענדער פֿון דעם ערדקײַלעך וואַקסן 160 טויזנט סאָרטן בלומען.[128]

– האָבן אָט די אַלע בלומען נעמען?

– יע. אינטערנאַציאָנאַלע נעמען אין לאַטײַניש, פֿון וועלכע עס ווייסן אָבער בלויז באָטאַניקער.

– און דער טאָלק?

– יעדעס פֿאָלק האָט זיך געשאַפֿן אַ צאָל נעמען, פֿאָלקסנעמען פֿאַר די בלומען, וואָס וואַקסן אויף זײַן טעריטאָריע. געענדיקט מיט מײַן לעקציע. איצט וויל איך, ר׳ ייִד, אַז איר זאָלט געדענקען אַ כּלל, אַז נעמען פֿאַר זאַכן ווערן געשאַפֿן נאָר דעמאָלט, ווען מען נייטיקט זיך אין זיי. דער נאָמען "פּעניסילין" איז געשאַפֿן געוואָרן, ווען דער מעדיקאַמענט איז אויסגעפֿונען געוואָרן און מען האָט געדאַרפֿט פֿאַר אים אַ נאָמען. איצט גיט אַ טראַכט: האָבן מיר ייִדן, אַ שטאָטיש און שטעטלדיק פֿאָלק, אַ סך געהאַט צו טאָן מיט בלומען? ווען האָט אַ ייִדיש ייִנגל געזען אַ בלום? ווען ער איז געגאַנגען זיך באָדן פֿרײַטיק צום טײַך און איז פֿאַרבײַגעגאַנגען דעם גלחס הויף. ווען האָט אַ ייִדיש מיידל געזען אַ בלום? ווען זי איז געגאַנגען מיט דער מאַמען קלײַבן יאַגעדעס אין וואַלד און ווען זי איז געגאַנגען שפּאַצירן אַ שבת נאָכמיטאָג מיט אירע חבֿרטעס צו יאָשעס מיל אָדער צום אַלטן בית־עולם. איז צו וועלכע גוטע־יאָר האָבן מיר געדאַרפֿט נעמען פֿאַר זאַכן, וואָס מיר האָבן אַזוי זעלטן פֿאַר די אויגן געזען?

פֿאַר "פּאָטייטאָס", מיין איך פֿאַר **קאַרטאָפֿל**, האָבן מיר געשאַפֿן נעמען, ווײַל דאָס איז געווען אַן ענין בײַ ייִדן. מיט אַ טעפּעלע קאַרטאָפֿל איז אַ ייִד אָפּגעקומען דעם טאָג און יעדע געגנט האָט זיך געהאַט איר נאָמען פֿאַר אָט דעם טײַערן מאכל: **קאַרטאָפֿל, קאַרטאָפֿליעס, בולבעס, בולוועס, ערדעפּל, זשעמיקעס, יאַבקעס, באַראַבאָליעס, גרעלן, גײַדאַקעס, באַלאַבאַנעס, מאַנדיבורקעס, סקאָראָספּייקעס** – אָבער בלומען? וואָס פֿאַר מחותּנים זענען מיר געווען מיט בלומען, אַז מיר זאָלן שאַפֿן פֿאַר

128. הײַנט רעכנט מען, אַז עס זײַנען פֿאַראַן אַן ערך 400 טויזנט זאָרטן בלומען.

זיי נעמען?

אָבער פֿון דעסט וועגן, עס זאָל אײַך זײַן גרינגער אויפֿן האַרצן, וויל איך אײַך זאָגן, אַז ווען אײַער בויטשיקל וועט אם־ירצה־השם גיין אין אַ ייִדישער מיטלשול, וועט ער אויסגעפֿינען, אַז עס זענען דאָ, למשל: **טולפּעס, פּיאַלקעס, רויזן, ליליעס, איריסן, גראַמאָפֿאָנדלעך, נעלקעס, קאָרנבלימלעך, ווינטגלעקלעך, מײַגלעקלעך, שלאָפֿמיצלעך, כריזאַנטעמעס, מאַרגאַריטקעס, שלענדערלעך, גערדענקמירדלס,** און ווער קען עס אַלץ אויסרעכענען! ער וועט אַפֿילו אויסגעפֿינען, אַז דאָס בלימל, וואָס מען רופֿט אין ענגליש "פּאַנזיס" האָט אין ייִדיש אַ סך נעמען: **אַמנון־ותמר, חנלהס אייגעלעך, ברודערל־שוועסטערל** און נאָך.

כּדי עס זאָל אײַך זײַן נאָך גרינגער אויפֿן האַרצן וויל איך אײַך זאָגן, אַז איר קענט געפֿינען נאָך הונדערטער נעמען פֿאַר די פֿאַרשיידענע מינים בלומען אין מײַן "אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך", אונטער "געוויקסן" אויף זײַט **209.**[129]

## "בעדספּרעד" (Bedspread)

מיס מ. ס. פֿון די בראָנקס וויל וויסן – און נישט זי אַליין וויל וויסן, דער גאַנצער "שאַפּ", ווו זי אַרבעט, וויל וויסן – ווי מען זאָגט אויף ייִדיש "בעדספּרעד".

ווען עס קומט צו אַזעלכע פֿראַגעס, האָב איך זיך פֿײַנט צו פֿאַרלאָזן אויפֿן זכּרון, נאָר נעם דעם "אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך" און קוק נאָך. אָט וואָסערע ווערטער איך האָב דאָרט געפֿונען פֿאַר "בעדספּרעד": **בעדצודעק, דעק** (אָדער **דעקע**), **פּאַקלאַדע, קאַפּע,** און אויב איך האָב נישט קיין טעות, פֿלעגט מען זאָגן אויך **קאָלדרע.** געוועזן אַ **וואַטאָווע קאָלדרע** אויף צוצודעקן זיך און געוועזן אַ **פּליושענע קאָלדרע** אויף צו פֿאַרבעטן דאָס בעט. איך געדענק אַזוי ווי הײַנט ווי מײַן שוועסטער ע"ה איז געווען זייער אומצופֿרידן מיט די פּליושענע קאָלדרעס, וואָס זי האָט באַקומען אין איר וויפּראַווע.[130]

## "גאַש" (Gosh)

אַ ייִדישע פֿרוי פֿון די בראָנקס גיסט אויס פֿאַר מיר איר ביטער האַרץ: "איך האָב", שרײַבט זי, "אַ ייִנגעלע, וואָס גייט אין אַ ייִדישער שול און לערנט זיך זייער גוט, אָבער עס

---

129. נאָך אַ סך מער נעמען פֿאַר בלומען און אַנדערע געוויקסן קען מען געפֿינען אין ד"ר מרדכי שעכטערס באָטאַנישער טערמינאָלאָגיע "די געוויקסן־וועלט אין ייִדיש" **(2005).**

130. חסידים זאָגן הײַנט **דאַכענע,** אַ וואָרט וואָס געפֿינט זיך ניט אין סטוטשקאָווס "אוצר" און ניט אין אונדזערע ווערטערביכער.

קומט אָן זייער שווער בײַ אים צו פּועלן, אַז ער זאָל רעדן ייִדיש אין הויז. וואָס טענהט ער? ס'איז אים שווער. אַנומלטן האָב איך זיך אויף אים געשריגן: 'זאָלסט מיר אויפֿהערן יעדע מינוט מיט דײַן "דזשי" און מיט דײַן "גאַש"!' שטעלט ער אויף מיר אויס אַ פּאָר אומשולדיקע אויגן און מאַכט: 'ווי זאָגט מען אויף ייִדיש "דזשי" און "גאַש"?' איך האָב אים נישט געוווּסט וואָס צו ענטפֿערן. אפֿשר קענט איר מיר העלפֿן, מ"ר סטוטשקאָוו? איך האָב אים צוגעזאָגט, אַז איך וועל אײַך פֿרעגן".

**איך קען אײַך העלפֿן. איך קען אײַך זאָגן, ווי ייִדישע קינדער אין דער אַלטער היים פֿלעגן אויסדריקן זייער איבערראַשונג, ווען זיי האָבן נישט געוווּסט פֿון קיין "דזשי" און פֿון קיין "גאַש", אָבער זיי האָבן גערעדט ייִדיש און די ווערטלעך האָבן זיך אַרײַנגעפּאַסט. צי זיי וועלן זיך אַרײַנפּאַסן אין אײַער ייִנגעלעס ייִדיש, ווייס איך נישט. ווען אַ ייִדיש ייִנגעלע פֿלעגט פֿון עפּעס ווערן איבערראַשט, פֿלעגט ער אַ געשריי טאָן: אוי! מאַמעלעך! טאַטעלעך! אָדער: מאַמינקע! טאַטינקע!** (אין דער ליטע). **אָדער ער פֿלעגט זאָגן: טאַקע?! וואָס רעדסטו? זע! אָוואַ! אוי־אוי־אוי! נו, זיי וועלן פּאַסן פֿאַר אײַער ייִנגעלע?**

## "גענג" (Gang)

אַ ייִד פֿון די בראָנקס וויל וויסן, צי ס'איז דאָ אַ ייִדיש וואָרט פֿאַר "גענג".

**אַוודאי איז דאָ, נאַט און קלײַבט אײַך אויס: אַ געזינדל, אַ כּנופֿיא, אַ חבֿרה, אַ קאָמפּאַניע, אַ קליקע, אַ באַנדע, אַ כאַליאַסטרע, אַ כאָפּטע, אַ קאָמאַנדע, אַ שײַקע, אַ קאָלייקע** – איר ווילט נאָך? ס'איז דאָ נאָך.

## "גרייווי" (Gravy)

אַ ייִדישע פֿרוי פֿון ברוקלין פֿרעגט, צי ס'איז דאָ אַ ייִדיש וואָרט פֿאַר "גרייווי".

**ניט איין וואָרט, מײַן טײַערע, נאָר עטלעכע. בײַ אונדז אין וואַרשע פֿלעגט מען עס רופֿן בראָטיויך אָדער געבראָטענע יויך.** אין אַנדערע מקומות פֿלעגט מען עס רופֿן **זוזע** און **זשוזשע** און אין דער ליטע פֿלעגט מען עס רופֿן **טונק**. דאָס לעצטע וואָרט געפֿעלט מיר אַם בעסטן, ווײַל דאָס איז אַ יויך, וואָס איז נישט צום עסן און נישט צום טרינקען, נאָר צום טונקען.

## "דענדי" (Dandy)

אַ ייִדיש מיידל פֿון ברוקלין בעט איך זאָל איר געבן אַ ייִדיש וואָרט פֿאַר "דענדי".

**מיט פֿאַרגעניגן, מײַן טײַערע. דאָס אָנגענומענסטע וואָרט אין דער ייִדישער קולטורשפּראַך פֿאַר "דענדי" איז פֿראַנט. אָבער עס זײַנען פֿאַראַן נאָך ווערטער, וואָס פֿלעגן גענוצט ווערן אין פֿאַרשיידענע געגנטן פֿון דער אַלטער היים, ווי למשל:**

**עלעגאַנט, פֿאַצעטע, ספּאָרט, גאַלאַנט, שטוצער, גיגערל, פֿירציק, וואָנצן־דרייער, יאָלד, שוויצער, שטשאָגעל**. אַ פֿרוי וואָס האָט זיך ליב געהאַט צו פוצן פֿלעגט מען רופֿן: **פֿראַנטיכע, פוצערקע, אויסשטעלערקע, טראַנטשיכע, שטוצערקע, פֿאַנפֿאַראָנקע, קאָטשעלאַפּעכע, פֿראַנצימערקע, פופּע־ליאַלקע, קוקלע, (געשלייערטע) האַנדזיע, צאַצקי נאַ יאָלקע**. אַ פוצערקע אָן געשמאַק פֿלעגט מען רופֿן: **משוגענע פּריצטע**.

## "דייט" (Date)

אַ ייִדיש מיידל פֿון ברוקלין, וואָס שרײַבט צו מיר אין ענגליש, פֿרעגט ווי מען דאַרף זאָגן אין ייִדיש: "איַ העוו אַ דייט וויטה מײַ בוי פֿרענד".

נו, קיין "סוועטערס" האָבן מיר אין דער היים נישט געהאַט, האָבן מיר נישט געהאַט קיין וואָרט דערפֿאַר. אָבער ווי מיינסטו, "דייטס" מיט "בוי פֿרענדס" צי מיט "גוירל פֿרענדס" האָבן מיר געהאַט? נו, אַז מיר האָבן געהאַט, האָבן מיר מסתּמא געהאַט ווערטער דערפֿאַר.

אָבער איידער איך ענטפֿער דיר, זאָג מיר, טײַערע, ווי קומט עס, וואָס דו קענסט נישט איבערזעצן אין ייִדיש אַזאַ לײַכטע פֿראַזע? לאָמיר פרוּוון צוזאַמען: "איַ העוו" – איך האָב, "איי דייט" – אַ דאַטע, "וויטה מײַ" – מיט מײַן, "בוי פֿרענד" – ייִנגל־פֿרײַנד: איך האָב אַ דאַטע מיט מײַן ייִנגל־פֿרײַנד. וואָס שמייכלסטו? נישט גוט, האַ? איבערגעזעצט וואָרט אין וואָרט און ס'האָט נישט קיין ייִדישן טעם. נו, אַוודאי איז עס נישט גוט. עס האָט פונקט אַזאַ טעם ווי דו זאָלסט איבערזעצן וואָרט אין וואָרט אַ ייִדישע פֿראַזע אין ענגליש: למשל, איך האָב פֿון אים אָפּגעריסענע יאָרן: "איַ העוו פֿראָם הים טאָרן אָפּ ייִרס", אָדער ער איז אַרויס פֿון די כּלים – "הי וועגט אַוט אָוו היז דישעס".

דו פֿאַרשטייסט, טײַערע, די אַנדערשקייט פֿון שפּראַכן ליגט נישט בלויז אין דעם, וואָס די ווערטער זענען אַנדערע, נאָר אין דעם גאַנצן אופֿן אויסדריקן אַ געדאַנק, וואָס איז בײַ יעדן פֿאָלק אַנדערש, אין דעם געבוי פֿון דער פֿראַזע. ווען מען וויל איבערזעצן אַ געדאַנק פֿון איין שפּראַך אין אַ צווייטער, טאָר מען נישט איבערזעצן די ווערטער, נאָר איבערגיסן דעם געדאַנק פֿון איין כּלי אין אַ צווייטער. בעסער געזאָגט: אויסדריקן דעם געדאַנק מיט די ווערטער, ווי ער ווערט אויסגעדריקט אין דער איבערגעזעצטער שפּראַך, מעגן די ווערטער זײַן פֿאַרשיידן און ווײַט, ווײַט איינע פֿון די אַנדערע, ווי דער הימל פֿון דר'ערד. אין דעם, אייגנטלעך, באַשטייט די הויפּט צרה פֿון אונדזער אַמעריקאַנער ייִדיש, וואָס מיר האָבן אויפֿגעהערט צו לעבן און צו טראַכטן אין ייִדיש, נאָר מיר זעצן איבער, און נישט קיין געדאַנקען, נאָר ווערטער.

האָסט מיך געפֿרעגט, ווי מען זאָגט אין ייִדיש: ״אײַ העוו איי דייט וויטה מײַ בוי פֿרענד״. ייִדן ,וואָס ווילן זײַן אינטעליגענט, קענען זאָגן: **איך האָב אַ ראַנדעוווּ מיט מײַן געליבטן.** וואַרשעווער ייִדישע פֿרײַלינס פֿלעגן עס אַפֿילו מאַכן קורץ און זאָגן: **איך האָב הײַנט אַ ראַנדקע.** אָבער אין פּשוט מאַמע־לשון האָט מען דעם געדאַנק נישט אויסגעדריקט מיט אַ ״איך האָב״, נאָר פּראָסט און פּשוט: **איך דאַרף זיך הײַנט טרעפֿן מיט מײַן צוטשעפּעניש, איך דאַרף זיך הײַנט זען מיט מײַן האַרצקלעמעניש, מיט מײַן חתן, איך האָב זיך הײַנט אָפּגעשמועסט צי אָפּגערעדט צו באַגעגענען מיט מײַן משהן, מיט מײַן כאַצקלען.**

״איך האָב אַ ׳דייט׳ מיט״, ״איך האָב אַן ׳אַפּוינטמענט׳ מיט״, צי ווען מען וויל עס אַפֿילו פֿאַרייִדישן און מען זאָגט ״איך האָב הײַנט אַ באַשטעלונג מיט״, איז נישט ייִדיש – איר וועט עס נישט געפֿינען בײַ מענדעלען, נישט בײַ פּרצן, און נישט בײַ שלום־עליכמען. וואָס ווייניקער איר וועט איבערזעצן, ייִדן, וואָס מער איר וועט שעפּן פֿון אייגענעם מקור, אַלץ בעסער ייִדיש וועט איר רעדן.

## דענקען

אַ ייִד פֿון ברוקלין שרײַבט: ״איך האָב די וואָך געהאַט אַ שטיקל דיסקוסיע מיט מײַנעם אַ פֿרײַנד און מיר האָבן באַשלאָסן, מיר זאָלן אײַך פֿרעגן, ווער פֿון אונדז איז גערעכט. מײַן פֿרײַנד, וועלכער האַלט זיך פֿאַר אַ קענער פֿון ייִדיש, זאָגט, אַז מען טאָר נישט זאָגן ׳איך דענק, אַז ער איז גערעכט׳. דאָס איז, זאָגט ער, אַן אַמעריקאַניזם, אַן איבערזעצונג פֿון ׳אײַ טהינק הי איז רײַט׳. אין ייִדיש, זאָגט ער, דאַרף מען זאָגן: ׳איך מיין, אַז ער איז גערעכט׳. וואָס איז אײַער מיינונג, פֿרײַנד סטוטשקאָוו?״

מײַן מיינונג איז, אַז אײַער פֿרײַנד איז גערעכט. **מיינען** מיינט אין ייִדיש דאָס באַנוצן דעם דענקען־אַפּאַראַט אונדזערן: דעם קאָפּ, דעם מוח, דעם שׂכל, דעם פֿאַרשטאַנד; און **דענקען** – טראַכטן, קלערן, ראַציאָנאַליזירן, ספּעקולירן, פֿילאָסאָפֿירן, אַנאַליזירן אאַז״וו. מיט איין וואָרט: טאָן די עבֿודה פֿון דענקען. ווען איר זאָגט, אָבער, ״איך דענק, אַז ער איז גערעכט״, וואָס מיינט איר צו זאָגן? איר מיינט צו זאָגן, אַז נאָכן דענקען, נאָכן טראַכטן און נאָכן קלערן זענט איר געקומען צום באַשלוס, אַז יענער איז גערעכט. דאָס הייסט, אַז דאָס וואָס איר זאָגט איז דער רעזולטאַט פֿון דענקען, נישט די אַרבעט פֿון דענקען גופֿא. און דער רעזולטאַט פֿון דענקען איז **גלויבן** און **מיינונג.** און דערפֿאַר טאָרט איר נישט זאָגן ״איך דענק, אַז ער איז גערעכט״, נאָר ״איך **גלייב**, אַז ער איז גערעכט״. אַזאַ גוט ייִדיש וואָרט און מיר האָבן עס פֿאַרגעסן: ״איך **האַלט**, אַז ער איז גערעכט״.

## "האָני מון" (Honeymoon)

אַ ייִד פֿון ברוקלין פֿרעגט, צי מיר האָבן אַ ייִדיש וואָרט פֿאַר "האָני מון".

מיר האָבן עטלעכע, מײַן פֿרײַנד. דאָס בעסטע, דאָס פֿאָלקסטימלעכסטע וואָרט, וואָס איז בײַ מיר פֿאַרשריבן פֿאַר "האָני מון" איז **קושוואָך.** פֿון דעם איז געדרונגען, אַז קיין צו גרויסן צימעס האָט מען אַ מאָל בײַ ייִדן פֿון דעם נישט געמאַכט – אָפּגעקושט זיך אַ וואָך, גענוג. ווען מע האָט אָנגעהויבן מאַכן דערפֿון אַ צימעס און אויסצײ'ען דעם יום־טובֿ אויף אַ גאַנצן חודש, האָבן עס ייִדן אָנגעהויבן רופֿן: **האָניק־וואָכן**, אָדער **האָניק־חודש.** עס זענען דאָ נאָך צוויי ווערטער, "**פֿליטערטעג**" און "**פֿליטער־וואָכן**", אָבער איך קען זיי אײַך נישט רעקאָמענדירן, ווײַל אין "אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך" זענען זיי באַצייכנט מיט קלינעקלעך – דאָס מיינט, אַז זיי זענען נישט גלאַט כּשר, אַז זיי זענען ווי זיי שטייען און גייען פֿאַרשלעפּט געוואָרן צו אונדז פֿון דײַטש.

## "הענדל וויטה קעיר" (Handle With Care)

אַ ייִד פֿרעגט: "ווי זאָגט מען אויף ייִדיש 'הענדל וויטה קעיר'?"

איך געדענק ווען מײַן טאַטע ע"ה פֿלעגט דאַרפֿן אַרונטערנעמען ערבֿ פּסח פֿון דער שאַפּע די פּסחדיקע כּלים, פֿלעגט אים די מאַמע ע"ה וואָרענען: "זעליק, גיב אַכטונג ווי דו נעמסט! גיב אַכטונג ווי דו טראָגסט!" "**זײַן פֿאָרזיכטיק**" – דאָס איז שוין פֿאַרשלעפּט געוואָרן צו אונדז שפּעטער פֿון אונדזער אינטעליגענץ, וואָס האָט אונדז געוואָלט אויסמענטשלען. אין מאַמע־לשון האָט עס תּמיד געהייסן "**גיב אַכטונג**".

## "וואַטשן" (Watch)

מ"ר פֿעלדמאַן פֿון די בראָנקס האָט מיר צוגעשיקט אַן אויסשניט פֿון אַ ייִדישער צײַטונג צוזאַמען מיט אַ בריוועלע, אין וועלכן ער שרײַבט: "זעט, פֿרײַנד סטוטשקאָוו, וואָס פֿאַר אַ הפֿקרות עס הערשט בײַ אונדז אין באַצוג צו ייִדיש. זעט ווי עס שרײַבט ייִדיש אַ ייִדישער רבֿ, אַן אָרטאָדאָקסישער רבֿ. לייענט איבער זײַן אַרטיקל און ציילט איבער די ענגלישע ווערטער, וואָס איך האָב אונטערגעשטראָכן מיט רויטן בלײַשטיפֿט, און זאָגט מיר: וואָס מיינט עס? קען ער נישט קיין ייִדיש, צי טוט ער עס אויף צו להכעיס? נעמט דאָס ערשטע וואָרט 'וואַטשן' – 'מיר דאַרפֿן זיך וואַטשן'. ווייסט ער דען נישט, אַז ער פֿאַראומרייניקט די ייִדישע שפּראַך מיט אַזאַ שרײַבעכץ? איר האָט אַזאַ רבֿ געדאַרפֿט גוט אָנזידלען אויפֿן ראַדיאָ, אַז ער זאָל ווײַטער האָבן אַ ביסעלע מער דרך־ארץ פֿאַר אונדזער לשון".

מײַן ליבער מ"ר פֿעלדמאַן, אײַער כּעס איז אַ באַרעכטיקטער, אָבער פֿון אײַער עצה אָנצוזידלען דעם רבֿ מוז איך זיך אָפּזאָגן. ווײַל אָנרופֿן אים בײַם נאָמען קען איך נישט און גלאַט זידלען רבנים, וואָס שרײַבן אַ שלעכטן ייִדיש, וועל איך זיך אײַנקויפֿן אַ

וועלט מיט שׂונאים, איז דערפֿאַר לאָמיר זײַן געלאַסן. אײַער גרויסע אויפֿרעגונג נעמט זיך דערפֿון, וואָס דער שרײַבער פֿון דעם אַרטיקל איז אַ רבֿ און אַן אָרטאָדאָקסישער רבֿ, און על־פּי יושר זענט איר אפֿשר גערעכט. אָבער גלייבט מיר, אַז ער טוט עס נישט אויף צו להכעיס, צי ווײַל ער קען נישט בעסער, נאָר פּשוט ווײַל ער איז אָפּגעלאָזן, ווײַל ער וויל האָבן אַ גרינג לעבן. רעדן אַ גוט ייִדיש, מײַן פֿרײַנד, איבער הויפּט דאָ אין אַמעריקע, וווּ די לופֿט איז אָנגעזאַפּט מיט ענגליש, דאַרף מען זיך אַ ביסעלע אָנשטרענגען, געבן אַ ביסעלע אַ טראַכט. וויל ער זיך נישט אָנשטרענגען און ער רעדט ווי עס רעדט דער ״קלאָקמייקער״ און דער ״פֿאָריער״.

אָט לאָמיך אײַך דערקלערן, וואָס איך מיין מיט אַ גרינג לעבן. איך וועל נעמען דאָס ערשטע וואָרט, וואָס איר האָט אונטערגעשטראָכן – ״וואַטשן״. פֿאַר ייִדן וואָס ווילן אַ גרינג לעבן איז דאָס דאָזיקע וואָרט ממש אַן אבֿן־טובֿ, וואָס מע קען אַלץ דערמיט נישט אויפֿטאָן: מע קען ״וואַטשן״ אַ ״שאָר״, מע קען ״וואַטשן״ אַ ״קינד״, מען קען איינעם ״וואַטשן״ ווי אַ גנבֿ, מען קען שטיין אויף דער ״וואַטש״, מען קען זיך אָנדינגען ווי אַ ״וואַטשמאַן״ און ״וואַטשן״ אַ גאַנצע נאַכט – און וואָס נישט. איר זעט ווי גוט עס איז, ווי מען דאַרף זיך נישט אָנשטרענגען ווען מען האָט אַזאַ אבֿן־טובֿ ווי ״וואַטשן״?

פּרוּווט אָבער וועלן רעדן ייִדיש מאַמע־לשון, מוזט איר זיך אַ ביסעלע אָנשטרענגען און אַ טראַכט טאָן און פֿאַר יעדן סאָרט ״וואַטשן״ געפֿינען אַן אַנדער וואָרט אין ייִדיש. אין ייִדיש ״וואַטשט״ מען ניט קיין ״שאָר״, נאָר מען **זעט אַ פּיעסע**. אין ייִדיש קען מען נישט ״וואַטשן״ אַ ״בייבי״, נאָר מען דאַרף **אַכטונג געבן** אויף אַ ״בייבי״, אַז ס׳זאָל, חלילה, נישט אַרויספֿאַלן פֿון בעטעלע. און ווען מע האָט אויף איינעם אַ חשד, אַז ער איז אַ גנבֿ, דאַרף מען אים **היטן**, נישט ״וואַטשן״, מען דאַרף אויף אים **האַלטן אַן אויג**. און אין ייִדיש קען מען נישט שטיין אויף דער ״וואַטש״, נאָר **שטיין אויף דער וואַך**, און ווען מען דינגט זיך אָן פֿאַר אַ ״וואַטשמאַן״, מיין איך, פֿאַר אַ **וועכטער**, **וועכטערט** מען, נישט מען ״וואַטשט״.

איר פֿאַרשטייט, מײַן פֿרײַנד, דער רבֿ וואָס האָט דעם אַרטיקל געשריבן, ווייסט זיכער פֿון אָט די פּשוטע ייִדישע ווערטער ווי **זען, אַכטונג געבן, וואַכן, היטן, האַלטן אויפֿן אויג** און צענדליקער אַנדערע, וואָס איך וואָלט אײַך געקענט אויסרעכענען. אָבער ער וויל זיך נישט אָנשטרענגען, ער וויל זיך נישט ״וואַטשן״, כ׳מיין צולייגן דעם קאָפּ און געבן אַ טראַכט. וואָס דאַרף ער עס? אַז ער האָט אַזאַ אבֿן־טובֿ ווי ״וואַטשן״, וואָס דינט אים אין אַלע נויטן.

**און דער עיקר, רעגט זיך נישט אויף, מ״ר פֿעלדמאַן, ס׳איז איצט צו הייס דערפֿאַר.**

## ״ווינדאָו בלײַנדס״ (Window Blinds)

אַ ייִדישע פֿרוי פֿון די בראָנקס וויל וויסן, ווי מען דאַרף זאָגן אויף ייִדיש ״ווינדאָו שיידס״ אָדער ״ווינדאָו בלײַנדס״.

**אָט זענען עטלעכע ווערטער, מאַדאַם, און קלײַבט זיך אויס. מען זאָגט: ראָלעטן, שטאָרן, זשאַלוזן און זשאַליוזן. די ערשטע צוויי, ראָלעטן און שטאָרן, זענען די סאַמע אָנגענומענסטע.**

## ״ווייסט״ (Waste)

אַ ייִדישע פֿרוי פֿון ניו־יאָרק פֿרעגט, ווי מען דאַרף זאָגן אין ייִדיש: ״איטס אַ פּיטי טו ווייסט״.

**מען דאַרף זאָגן, מײַן ליבע פֿרוי: עס איז אַ שאָד עס זאָל גיין אין נוועץ. ״ווייסט״ איז אין ייִדישן נוועץ. איר קענט אויך זאָגן: עס איז אַ שאָד אַרויסצוּוואַרפֿן, עס איז אַ שאָד צו פּטרן, עס איז אַ שאָד קאַליע צו מאַכן און אַזוי ווײַטער. אַנשטאָט אַ שאָד זאָגט מען אויך בײַ ייִדן: עס איז אַן עבֿירה אַרויסצוּוואַרפֿן, עס איז אַן עבֿירה קאַליע צו מאַכן. פֿאַר וואָס אַן עבֿירה? ווײַל ווען מען וואַרפֿט אַרויס אין נוועץ אַ גוטע זאַך, איז מען עובֿר אויף בל־תּשחית.**

## ״טײַערד״ (Tired)

אַ ייִדיש מיידל פֿון ברוקלין, וואָס שרײַבט צו מיר ווי דער שטייגער איז אין ענגליש, וויל איך זאָל איר געבן אַ ייִדישן אויסדרוק פֿאַר ״אײַ עם נאַקד אַוט״. די מאַמע אירע, שרײַבט זי, זאָגט אַז ״אײַ עם נאַקד אַוט״ מיינט ״איך בין מיד״. שפּאַרט זי זיך מיט איר, ווײַל זי ווייסט, אַז ״איך בין מיד״ איז ״אײַ עם טײַערד״.

**טאָכטערשי, אויב דיך אינטערעסירן אַזוי שטאַרק ייִדישע אויסדרוקן און אידיאָמען, וואָלטסטו געדאַרפֿט האָבן דעם ״אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך״. דאָרטן וואָלטסטו געזען, אַז ווען מיר ייִדיש־רעדנדיקע דאַרפֿן אַ ייִדיש וואָרט, אַ ייִדישן אויסדרוק, דאַרפֿן מיר אים נישט פֿאָרן קויפֿן. מיר האָבן זיי פֿאַרטיקע און אַזוי פֿיל, אַז כאָטש נעם און שעפּ מיט לעפֿל. אָט איז בלויז אַ קליינער טייל פֿון די אויסדרוקן, וואָס ייִדן ניצן ווען זיי זענען מידקייט: איך בין מיד, איך בין מיד און מאַט, איך בין טויט מיד, איך בין מיד ווי אַ הונט, איך בין אויסגעשעפּט, איך בין אויסגעמאַטערט, איך בין אַ צעבראָכענער אין גאַנצן, איך באָד זיך אין שווייס, איך גיי אָפּ מיט שווייס, איך בין נאַס אין גאנצן, דאָס העמד איז אויף מיר נאַס, איך בין אַן אָטעם, איך קען דעם אָטעם נישט כאַפּן, איך פֿאָכע מיט דער נשמה, איך גיי אויס מיט די כּוחות, איך פֿאַל פֿון די כּוחות, איך פֿאַל פֿון די פֿיס, איך קען נישט**

**שטיין אויף די פּיס, איך פֿאַל אַוועק, איך חלש אַוועק, איך בין אויס מענטש, איך בין מער טויט ווי לעבעדיק** – פוי, ס'איז דאָ נאָך און נאָך, אָבער אויף מער האָב איך קיין כּוח נישט – "איַי עם נאַקד אַוט".

לאָמיך דיר בעסער דערציילן אַ מעשׂה וועגן אַ מידער ייִדענע. אין אַ קליין שטעטל אין דער ליטע האָט אין אַ שיינעם טאָג געדאַרפֿט דורכפֿאָרן דער קיסר. האָט דער אוריאַדניק אַרויסגעגעבן אַ פּריקאַז, אַז אַזוי ווי מען ווייסט נישט אַקוראַט די צײַט, ווען דער קיסר וועט דורכפֿאָרן דאָס שטעטל, זאָלן אַלע ייִדן גלײַך אין דער פֿרי זיך אויסשטעלן אין דרויסן פֿאַר זייערע הײַזער און וואַרטן אויפֿן קיסר און ווען ער וועט דורכפֿאָרן זאָלן זיי שרײַען "הוראַ". און אַז דער אוריאַדניק באַפֿעלט, העלפֿט נישט קיין טענות, זענען פֿון גאַנץ פֿרי אָן שוואַרץ די גאַסן, מען שטייט און מען וואַרט אויפֿן קיסר. די פֿיס ברעכן זיך אונטער פֿון מידקייט, און מען שטייט און מען וואַרט. ערשט אַרום צוויי אַ זייגער האָט זיך דערהערט אַ געשריי – "ער פֿאָרט!" און אַלע האָבן זיך צעשריגן מיט ווילדע קולות: "הוראַ! הוראַ! הוראַ!" צווישן די שרײַערס האָט זיך אויך געפֿונען אַן עלטערע ייִדענע, אַ קראַנקע נעבעך, וואָס האָט זיך מיט די לעצטע כּוחות געהאַלטן אויף די פֿיס. איז אין מיטן שרײַען בייגט זי זיך אָן צו אַ שכנה, וואָס שטייט לעבן איר, און מאַכט: "אוי, ער זאָל אַזוי כּוח האָבן צו לעבן אויף דער וועלט דער קיסר, ווי איך האָב כּוח צו שרײַען: הוראַ, הוראַ, הוראַ".

## "טים" (Team)

אַ ייִד פֿון ברוקלין האָט מיר פֿאַרגעבן אַ שווער לייענען. ער וויל נישט מער און נישט ווייניקער, נאָר איך זאָל אים געבן ייִדישע ווערטער פֿאַר די ווערטער, וואָס ווערן געניצט אין בייסבאָל. דערווײַל וויל ער נישט מער ווי איין וואָרט – איך זאָל אים זאָגן, ווי מען זאָגט אויף ייִדיש "טים". מאָרגן וועט ער מסתּמא וועלן וויסן ווי מען זאָגט "האָום ראָן", "הײַ פֿלײַ" און "לײַן דרײַוו".

איז לאָמיך אים אײַנשפּאָרן אַרבעט און זאָגן אים פֿאָרויס, אַז מיר האָבן נישט קיין ייִדישע ווערטער נישט פֿאַר בייסבאָל, נישט פֿאַר פֿוטבאָל, און אַפֿילו נישט פֿאַר גאָלף. פֿאַר וואָס? גאָר פשוט, ווײַל מיר האָבן זיי נישט געדאַרפֿט. איר האָט אַ מאָל אין לעמבערג געשפּילט בייסבאָל? פּונקט ווי איך אין וואַרשע. איך האָב אַפֿילו אין פּאַלענט נישט געשפּילט. און פֿאַר זאַכן וואָס מען דאַרף נישט, ווערן נישט געשאַפֿן קיין ווערטער. ווען אונדזערע "הײַסקול־" און "קאָלעדזש־בויס" וועלן אם־ירצה־השם אָנהייבן רעדן ייִדיש און אָנהייבן שפּילן בייסבאָל אויף ייִדיש, וועלן זיי מסתּמא שאַפֿן ווערטער. דערווײַל וועט נישט זײַן קיין לאָך אין הימל ווען מיר וועלן ניצן די

ענגלישע ווערטער. זייער שפּיל – זייערע ווערטער.

אַגבֿ, "טים" אין ייִדיש קען מען איבערזעצן מיט די ווערטער **קאָמאַנדע** אָדער **מאַנשאַפֿט**. ווער איר זיי ניצן? מסתּמא נישט. נו, "וואָטס די יוס?" ס'איז טאַקע אַ גרויס אומגליק, וואָס מיר האָבן נישט קיין ווערטער פֿאַר "האָום ראַן", "היי פֿלײַ" און "לײַן דרײַוו", אָבער קיין גרעסערע זאַלן מיר נישט האָבן. און אַז זיי האָבן נישט קיין ווערטער פֿאַר **אייערנעכטן**, פֿאַר **שלש־סעודות**, פֿאַר **מלווה־מלכּה**, איז לעבן זיי נישט?

## "טיפּ" (Tip)

אַ ייִד פֿון מאַנהעטן וויל וויסן, צי מיר האָבן אַ ייִדיש וואָרט פֿאַר "טיפּ" – געבן אַ "טיפּ" דעם "ווייטער".

נאָך ווי האָבן מיר. מיר האָבן פֿאַרשיידענע ווערטער פֿאַר פֿאַרשיידענע מינים "טיפּ". צו ערשט, וואָס מיינט אַזוינס "טיפּ"? "טיפּ" איז אַ באַלוינונג, וואָס מיר גיבן עמעצן פֿאַר עפּעס, וואָס דער עמעצער האָט פֿאַר אונדז געטאָן. מיט דעם אונטערשייד, וואָס אַ באַלוינונג מוזט איר געבן און אַ "טיפּ" מוזט איר נישט געבן. אַז איר זענט אַ שיינער מענטש גיט איר, ווען נישט קען מען אײַך אויך נישט קלאָגן. אַנדערע ווערטער, "טיפּ" איז אַ באַלוינונג, וואָס האָט אין זיך דעם עלעמענט פֿון געשאַנק, פֿון מתּנה.

איז אָט זענען די ווערטער וואָס מיר האָבן אין ייִדיש פֿאַר פֿאַרשיידענע מינים "טיפּס". אַ קעלנער, אַ סאַרווער, אָדער ווי איר זאָגט אַ "ווייטער", פֿלעגט קריגן **טרינקגעלט**, **בירגעלט** און **טייגעלט**. דער בעל־עגלה, וואָס האָט אײַך געבראַכט פֿון שטאָט אַ זעקל זאַלץ, פֿלעגט אַחוץ האַלבן קערבל וואָס אים איז געקומען קריגן **אויף בראָנפֿן** אָדער **טרינקאַל** אָדער גאָר **בולבעגעלט**. דער ערל וואָס האָט אײַך צעהאַקט דאָס פֿורל־האָלץ פֿלעגט קריגן **כרישטשענע** אָדער **קראָשטשינע**, **מאַגאַריטש** אָדער **מאָריטש**. איז עמעצער געקומען צו לויפֿן און אײַך אָנגעזאָגט אַ גוטע בשׂורה, אַז דער זון איז באַפֿרײַט געוואָרן פֿון ליאָס[131] אָדער איר האָט געוווּנען די לאָטעריע, פֿלעגט ער קריגן **בשׂורה־געלט**, **אָנזאָגגעלט** אָדער **בעקנברויט**. פֿלעגט איר זיך אָװעקלאָזן אויף אַ רײַזע, פֿלעגט איר בײַם געזעגענען זיך געבן אַ קינד אָדער דער דינסט **לעצ(ט)געלט**, **אַטעזנע** אָדער **אָטיעזדנע**, **נאַדיזשנע** און **פּאָספּישנע**. אַ קלעזמער פֿלעגט קריגן **טאַנצגעלט**. דער משמש בײַם רבין פֿלעגט קריגן **שלום־געלט**. פּורים נאָכן לייענען די

131. פּריזיוו, מיליטער־דינסט

מגילה פֿלעגן ייִדן אַרײַנוואַרפֿן אין אַ טעלער אַ "טיפּ" פֿאַרן בעל־קורא – און דאָס האָט געהייסן **מגילה־געלט**. דער שמש וואָס פֿלעגט סוכּות ברענגען אײַער פּלוניתטע דעם קהלשן אתרוג אין שטוב פֿלעגט קריגן **אתרוג־געלט**. דער מלמד וואָס האָט געלערנט מיט אײַערע קינדער פֿלעגט קריגן **ראָש־חודש־געלט, יום־טובֿ־געלט, רגל־געלט** און **פּורים־געלט**. ס'איז אויך געווען אַ בשותּפֿותדיקער "טיפּ", וואָס האָט געהייסן **רח"ש**, דאָס איז געווען אַ "טיפּ" פֿאַרן רבֿ, חזן און שוחט. אויף אַ חתונה פֿלעגט מען איבערלאָזן **רח"ש וקל"ס**, דאָס איז געווען אַ "טיפּ" פֿאַן רבֿ, חזן, שוחט, קלעזמערס און סאַרווערס. בײַם שרײַבן תּנאָים האָט עס געהייסן **חתימה־געלט** און **לעשגעלט**. בלויז דאָ אין אַמעריקע האָבן מיר פֿאַרלוירן דאָס לשון און אַלץ בײַ וואָס מיר זענען געבליבן איז "טיפּ".

## "טענענט" (Tenent) און "באָרדער" (Border)

אַ ייִד פֿון די בראָנקס בעט איך זאָל אים געבן ייִדישע ווערטער פֿאַר די אַמעריקאַניזמען וואָס ייִדן ניצן: "טענענט" און "באָרדער".

לאָמיר גיין כּסדר. שטעלט זיך פֿאָר, איר זענט אַ ייִד אַ גבֿיר און איר האָט אײַער אייגנס אַ מויער, אָדער ווי מען זאָגט אין וואַרשע – אַ **קאַמעניצע** מיט אַ סך דירות און איר פֿאַרדינגט זיי. צו וועמען פֿאַרדינגט איר זיי? צו **שכנים**. דאָס מיינט, אַז "טענענטס" איז אין ייִדיש **שכנים** און "טענענט" איז אַ **שכן**. און זאָל אײַך נישט אַרן, וואָס **שכן** האָט נאָך אַ טײַטש, אַ "נייבאָר" וואָס וווינט לעבן אײַך, אין זעלבן הויז צי אויף דער זעלבער גאַס. אין וואַרשע האָט אַ **שכן**, אַ "טענענט", אויך געהייסן **לאָקאַטאָר** און **קאָמאָרניק**, אָבער **שכן** איז בעסער. ווי אַ באַווײַז, אַז **שכן** אין ייִדיש מיינט "טענענט", קען אײַך דינען אַ ייִדיש שפּריכוואָרט, וואָס זאָגט: **בעסער אַ רײַכער שכן איידער אַן אָרעמער בעל־הבית**. וואָס מיינט עס? דאָס מיינט בעסער זײַן רײַך און וווינען בײַ יענעם איידער זײַן אַ קבצן און האָבן אַן אייגן הויז. גייען מיר ווײַטער.

חיים־יאַנקל דער שוסטער, אַ ייִד אַ מטופּל מיט אַ ווײַב און 5 קינדער, איז אַ שכן בײַ איטשע מאַטען דעם גלעזער. פֿון וואָס באַשטייט חיים־יאַנקלס דירה? פֿון אַ פּירהויז, ווו עס ליגט דאָס ביסל האָלץ אויפֿן ווינטער, ווו עס שטייט דאָס פֿעסל וואַסער און אַ מאָל אויך אַ ציג. ווײַטער גייט די שטוב. דאָ איז די מאַסטערסקײַע, דער עסצימער, די סאַליע, ווו מען נעמט אויף געסט, ווו מען מאַכט אַ שלום־זכר ווען דאָס ווײַב ווערט געלעגן, און די קיך, פֿאַרשטייט זיך, און דער שלאָפֿצימער פֿאַר די קינדער און פֿאַרן געזעלן. דערצו איז נאָך דאָ אַ פֿינצטערער אַלקער, ווו עס שלאָפֿן חיים־יאַנקל מיט דער פּלוניתטע. נישט קיין זייער געראַמע דירה, אַיאָ? און פֿון דעסט וועגן, ווען

די חיים־יאַנקליכע לאַשטשעט זיך אויף אַ זײַטיקן גילדן, נעמט זי נאָך אַרײַן צו זיך שׂרה־לאה די אַלמנה מיט אַ טאָכטער אַ גרושה. ווײַל וויפֿל פּלאַץ דאַרפֿן זיי? נאָר אַ ווינקל ווו אַוועקצושטעלן אַ בעט. און אַז מען וויל, גיט מען זיך אַ רוק און מען מאַכט אַ ווינקל. איצט לאָמיר זען, אַז חיים־יאַנקל דער שוסטער וואָס וווינט בײַ יענעם, איז אַ **שכן**. וואָס זשע איז שׂרה די אַלמנה? "יוד בי סורפּרײַזד". שׂרה־לאה די אַלמנה איז אויך אַ **שכנה**. אַ שכנה צי אַ שכן. און ווידער דאָס אייגענע, אין וואַרשע וואָלט זי געווען אַ **סובלאָקאַטאָר**, אָבער **שכנה** איז אַלץ בעסער. און ווי אַ באַווײַז, אַז אויך די וואָס וווינען בײַ אַ שכן הייסן אויך שכנים, נאַט אײַך אַן אַנדער ייִדיש ווערטל, וואָס זאָגט: **דרײַצן פּאָר שכנים און איין פּאָר שיך**. דאָ רעדט זיך נישט וועגן שכנים פֿון איין גאַס, פֿון "נייבאָרס", נאָר שכנים פֿון איין שטוב, פֿון **סובלאָקאַטאָרן**, וואָס זענען אַזעלכע גבֿירים, אַז ווען עס רעגנט אין דרויסן, קען בלויז איינער גיין אין גאַס, ווײַל אַלע שכנים צוזאַמען האָבן בלויז איין גאַנצע פּאָר שיך.

איצט גייען מיר ווײַטער. בעריש דער שניטקרעמער וווינט אין אַ שיינער דירה, וואָס איז אַ ביסל צו גרויס פֿאַר אים. איין חדר שטייט בײַ אים ליידיק, נעמט ער און פֿאַרדינגט דעם חדר צו זאַלמאַנאָוויטשן דעם סטודענט, וואָס גיט אוראָקן[132] אין שטעטל. וואָס איז זאַלמאַנאָוויטש? אויך אַ שכן. איר קענט אויך זאָגן, אַז איר ווילט: **קוואַרטיראַנט**. און ווי איז, אַז פֿאַר זאַלמאַנאָוויטשן אַליין איז דער צימער צו טײַער און ער נעמט אַרײַן אַ שותּף און מע שלאָפֿט אין איין בעט? וואָס איז דער שותּף? אַ **מיטשכן**, אָדער אַ **מיטקוואַרטיראַנט**, אָדער גאָר אַ **מיטשלעפֿער**. אָבער זאָל זאַלמאַנאָוויטש נישט נאָר האָבן אַ צימער בײַ בערישן אויף איבערצושלאָפֿן, נאָר אויך דאָרטן האָבן זײַנע מאָלצײַטן, זײַן ווי מען זאָגט אויף אַלעם פֿאַרטיקן, ווייסט איר וואָס ער איז דעמאָלט? אַ **קעסטניק**. אַ טײַער וואָרט, שענער ווי "באָרדער" טויזנט מאָל.

ווי איר זעט, מײַן פֿרײַנד, האָבן אונדזערע אָבֿות־אַבותינו אָפּגעלעבט אַ לעבן און זיך באַגאַנגען אָן "באָרדערס" און "טענענטס". זיי האָבן געהאַט **שכנים** און **קעסטניקעס** אָדער **קעסטקינדער**.

## "טשענדזש" (Change)

אָט וויל אַ ייִד פֿון ברוקלין, מ"ר זיסקינד, וויסן ווי מען זאָגט אין ייִדיש "טשענדזש".

איך ווייס נישט, מ"ר זיסקינד, וואָס פֿאַר אַ סאָרט "טשענדזש" איר מיינט, ווײַל

132. לעקציעס

"טשענדזש" אין ענגליש האָט צוויי טײַטשן. עס קען מיינען סתּם געלט – "האָסט 'טשענדזש', גיב מיר אַ ניקל" – און עס קען אויך מיינען דאָס וואָס אײַך קומט אַרויס פֿון דעם קרעמער, ווען איר גיט אים אַ דאָלאַר, למשל, און אײַך קומט עפּעס אַרויס פֿון דעם דאָלאַר – "נאַט אײַך אַ דאָלאַר און גיט 'טשענדזש'". איז אַזוי ווי איך ווייס נישט, וואָס פֿאַר אַ "טשענדזש" איר מיינט, איז נאַט אײַך אַלץ וואָס מיר פֿאַרמאָגן פֿאַר דעם וואָרט אין ייִדיש און קלײַבט זיך אויס וואָס איר דאַרפֿט.

גלאַט "טשענדזש" איז אין ייִדיש **קליינגעלט**, אָדער **דראָבנו**: "האָסט קליינגעלט, האָסט דראָבנע, גיב מיר אַ ניקל". "טשענדזש", ווידער, וואָס אײַך קומט אַרויס פֿון דעם קרעמער איז אין ייִדיש **אויסגאָב**, **רעשט** אָדער **רעשטע**, און אין געוויסע רוסישע געגנטן פֿלעגן ייִדן זאָגן **זדאַטשע** אָדער **איזדאַטשע**. ווי איר זעט, זענען מיר רײַכער פֿון זיי; זיי האָבן איין וואָרט "טשענדזש" פֿאַרביידע טײַטשן און מיר האָבן צו עטלעכע ווערטער פֿאַר יעדן טײַטש באַזונדער.

## "יעס מען" (Yes Man)

אַ מיידל פֿון ברוקלין, וואָס שרײַבט אין ענגליש, וויל איך זאָל איר געבן אַ ייִדיש וואָרט פֿאַר "יעס מען" – "ער איז אַ 'יעס מען'".

פֿאַראַן עטלעכע ווערטער דערפֿאַר אין ייִדיש. דאָס ערשטע איז דאָס וואָרט **באַסאָק**. דאָס נעמט זיך פֿון דעם וואָרט **באַס** – אַ טיפֿע, גראָבע שטימע. ווען אַ באַס זינגט אין כאָר, זינגט ער געוויינטלעך נישט די מעלאָדיע, דעם ניגון, נאָר ער באַסעוועט צו, כּדי צו געבן די האַרמאָניע. אַלע זינגען און ער מאַכט: באָם־באָם־באָם. און וואָס טוט אַ "יעס מען"? דאָס זעלבע – יענער רעדט ווערטער און ער באַסעוועט צו: "יעס סער, יעס סער". דערפֿאַר הייסט ער **באַסאָק**. דאָס זעלבע מיינט אויך **אונטערבאָמקער**, **צובאָמקער**, **נאָכבאָמקער**, פֿון דעם וואָרט **באָם**. פֿאַראַן אויך אַ **פּאָטאַקעווער**, וואָס נעמט זיך פֿונעם פּוילישן וואָרט "טאַק" – יאָ. דער פּריץ רעדט און דער עקאָנאָם צי דער פּויער **פּאָטאַקעוועט** אים צו: "טאַק, פּראָשען פּאַנאַ, טאַק, פּראָשען פּאַנאַ". און צום סוף, אָט איז נאָך אַ וואָרט און גאָר אַ שיינס, אַ מאָדערנס: אַן **אָמן־זאָגער**. דער חזן זאָגט און איר זאָגט נאָך: אָמן, אָמן.

## מאַטעמאַטיק

אַ פֿאָרשטייער פֿון אַ גרופּע לײדיק־גייערס וויל, איך זאָל אים געבן ייִדישע ווערטער פֿאַר די מאַטעמאַטישע טערמינען **חיבור, חיסור, כּפֿל, חילוק** און **תּשבורת**.

וואָס הייסט, איך זאָל אײַך געבן ייִדישע ווערטער, און וואָס זענען די וואָס איר רעכנט אויס – גויִישע ווערטער? אויף מײַן אַחריות, **חיבור**, **חיסור**, **כּפֿל** פֿלעגט ניצן

דער רבי אין דער היים, דער שרײַבער, ווען זיי האָבן אונדז געלערנט רעכענען. אַפֿילו די תּלמידים אין די ייִדישע גימנאַזיעס, וואָס מיר האָבן געהאַט אין אונדזער אַלטער חרובֿער היים, פֿלעגן זיי ניצן, און עס מעג אונדז אויך אָנשטיין זיי צו ניצן. אָבער אויב זענט איר אַזעלכע מפֿונקים, פֿרײַנד לײדיק־גייערס, צי אַזעלכע שׂונאים פֿון העברעיִש, אַז איר קענט זיי נישט פֿאַרדײַען, וועל איך אײַך צוליב טאָן און געבן אַנדערע ווערטער.

די ווערטער, וואָס איך גיי אײַך געבן, נעם איך אַרויס פֿון מײַן "אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך", וואָס נעמט אַרײַן אַ באַזונדער קאַפּיטל פֿאַר מאַטעמאַטיק, ווו עס זענען אויסגערעכנט 1567 מאַטעמאַטישע טערמינען, וואָס ווערן באַניצט אין אַריטמעטיק, אַלגעברע, געאָמעטריע, טריגאָנאָמעטריע און העכערע מאַטעמאַטיק. פֿאַר **חיבור** קענט איר זאָגן **צונויפֿלייג** אָדער **אַדיציע; פֿאַר חיסור - אַראָפּנעם** אָדער **סובטראַקציע; פֿאַר כּפֿל - מערונג** אָדער **מולטיפּליקאַציע;** און פֿאַר **תּשבורת** קענט איר זאָגן **ברוכצאָל** אָדער **בראָכצאָל,** אָדער גאָר ווי די היימישע עקסטערנס פֿלעגן זאָגן: **דראָב.**

## "מאַכן אַ לעבן"

אַ ייִד פֿון ברוקלין בעט איך זאָל זאָגן אַ וואָרט וועגן דעם ייִדיש־אַמעריקאַנעם אויסדרוק: **ער מאַכט אַ לעבן.**

געבן אַ היתּר אויף אים קען איך נישט, ווײַל עס איז דאָך באמת אַ ריינער אַמעריקאַניזם, אַן איבערזעצונג פֿון "הי מייקס איי ליווינג". אין מאַמע־לשון האָט עס תּמיד געהייסן: **ער האָט פּרנסה, ער האָט חיונה, ער לעבט זיך דורך, ער שלאָגט זיך דורך, ער איז זיך מפֿרנס** אאַז"וו. פֿון דער צווייטער זײַט, איז דער אויסדרוק שוין אַזוי אַרײַן אין בלוט פֿון די אַמעריקאַנער ייִדן, אַז איך האָב מורא, אַז נישט נאָר קיין איסור, נאָר קיין טאָמער וועט שוין אויך נישט העלפֿן אים אויסצוואָרצלען. איז לאָמיר מאַכן אַ פּשרה און זאָגן: מיר האָבן אַזוי פֿיל אַמעריקאַנער לאָקאַליזמען, האָבן מיר נאָך איינעם. איבער הויפּט ווען דער אויסדרוק קלינגט גאַנץ ייִדישלעך **מאַכן אַ לעבן.** זאָגן מיר דאָך אויף איינעם, וואָס מאַכט נישט קיין לעבן, אַז ער**מאַכט מיט די זײַטן.** יעדן פֿאַלס, נעמט זיך נישט צום האַרצן, מײַן פֿרײַנד. אַז ייִדן ווילן נישט אַנדערש נאָ**מאַכן אַ לעבן** אין אַמעריקע, זאָלן זיי!

## מוזיקאַלישע טערמינען

בדרך־כּלל זענען מוזיקאַלישע טערמינען און אויסדרוקן איינע און די זעלבע אין אַלע שפּראַכן. אַזעלכע ווערטער, למשל, ווי **סימפֿאָניע, סאָנאַטע, נאָקטורן, מינועט,**

**אָראַטאָריע, קאַנטאַטע, קאַנאָן** אאַז״וו זענען אינטערנאַציאָנאַלע ווערטער. ווידער זענען פֿאַראַן הונדערטער ווערטער, וואָס שטאַמען פֿון איטאַליעניש און זענען אָנגענומען אין דער מוזיק ווי סטאַנדאַרד־טערמינען, ווי למשל: **אַדאַדזשיאָ, אַלעגראָ, אַנדאַנטע, פּיאַנאָ, פּיאַניסימאָ, פֿאָרטאָ־פֿאָרטיסימאָ, קרעשטשענדאָ, אָבליגאַטאָ** אאַז״וו. אָבער פֿאַר ווייניקער ספּעציאַליזירטע באַגריפֿן האָט יעדעס פֿאָלק געשאַפֿן זײַנע טערמינען, למשל: **אַ מסיני־ניגון, אַ סקאַרבאָווער ניגון, אַן אויסגעשטעלטע זאַך, אַ וואָלעכל, אַ ונאמרל, גוסט, שטייגער** – דאָס זענען עכט ייִדישע ווערטער. צי למשל: **גאָרגלען זיך, רײַסן דעם גאָרגל, שטעלן די כּלי, ציקלען זיך, קאַטשען זיך, פֿאַרגיין זיך** אאַז״וו – דאָס זענען אויך עכט ייִדישע אויסדרוקן. צי גאָר לאָמיר זאָגן אַזעלכע פֿאַרגלײַכונגען ווי: **ער האָט אַ קול פֿון אַן עגלה־ערופֿה, פֿון אַ געקוילעטן האָן, פֿון אַ בת־היענה, פֿון אַ נערה המאורשׂה, פֿון אַ זויערער אוגערקע, פֿון אַ וואַלגערהאָלץ, פֿון אַ שטשערבאַטע טעפּל, פֿון אַ ריבאײַזן** אאַז״וו. אַזעלכע אויסדרוקן וועט איר נישט געפֿינען בײַ קיין אומה־ולשון, נאָר בײַ ייִדן.

## ״נעווער מײַנד״ (Never Mind)

אַ ייִד פֿון מאַנהעטן וואָלט זייער שטאַרק געוואָלט וויסן, צי ס׳איז פֿאַראַן אַ ייִדישער אויסדרוק פֿאַר ״נעווער מײַנד״.

אַז מיר׳ן זיך אַ ביסעלע אָנשטרענגען, ר׳ ייִד, וועלן מיר מסתּמא געפֿינען אַ וואָרט פֿאַר ״נעווער מײַנד״. צו ערשט, לאָמיר אַ טראַכט טאָן וועגן וואָס פֿאַר אַ ״נעווער מײַנד״ עס גייט, ווײַל ״נעווער מײַנדס״ זענען דאָ מיט פֿאַרשיידענע שאַטירונגען. אָט, למשל, אַ פֿרײַנד אײַערער זאָגט אײַך: ״אָט דער סעם לעוונבערג האָט אַ געזונטן קאָפּ אויף זיך, אין איינע־צוויי יאָר צײַט האָט ער זיך אַזוי אַרויפֿגעאַרבעט, אַז ער קען זיך שוין פֿאַרגינען צו שיקן דאָס ווײַב קיין בערמיודאַ״. זאָגט איר: ״׳נעווער מײַנד׳ געזונטן קאָפּ! ווען איך האָב אַזאַ רײַכן שווער בײַ דער זײַט, וואָלט איך אויך געווען אַזאַ חכם״. פֿרעגט זיך אַ קשיא: אַז איר רעדט אַזאַ געזונט ייִדיש, וואָס דאַרפֿט איר דעם ״נעווער מײַנד״? קענט איר דאָך זאָגן אַנשטאָט ״נעווער מײַנד״: **ע! ווייס איך וואָס! נאַרישקייטן, שטותים, בלאָטע, באָבקעס!** ווען איך האָב אַזאַ רײַכן שווער אאַז״וו.

צי נעמט אַן אַנדער סיטואַציע. איר קומט אַהיים פֿון דער אַרבעט און אײַער ווײַב באַגעגנט אײַך מיט אַ פֿאַרשולדיקטער מינע און זאָגט צו אײַך: ״דו ווייסט, בען, איך האָב הײַנט נישט געקאָכט. ס׳איז געווען אַזאַ הייסער טאָג, אַז איך האָב געמיינט, איך גיי אויס. איך האָב נאָך אַ ביסל שטשאַוו פֿון נעכטן און איך וועל דיר מאַכן אַ סאַלאַט״ אאַז״וו. זענט איר אַ גוטער מאַן און איר מאַכט צו איר: ״׳נעווער מײַנד׳, מיר וועלן

פֿאַר הונגער ניט שטאַרבן". איז ווײַטער די זעלבע קשיא, קענט איר דאָס זעלבע נישט זאָגן אָן "נעוועו מײַנד"? למשל: **מילא נו, פטור! אַן עסק! אַ דאגה! ווײַטער אַ דאגה! מײַן לעצטע דאגה זאָל עס זײַן! קיין ערגערע בשׂורה זאָלסטו מיר קיין מאָל ניט אָנזאָגן. מען מוז עס יעדן טאָג פֿלייש?**

און נאָט אײַך אַ דריטע סיטואַציע. פֿאַר די לעצטע פֿינף יאָר זענט איר דער פּרעזידענט פֿון די "אַנשי בני בראָק", קומט מען און מען דערציילט אײַך, אַז מען בונטעוועט זיך קעגן אײַך און מע וויל אײַך נישט מער פֿאַר קיין פּרעזידענט. פֿאַרדריסט עס אײַך, אַז דער גוטער־יאָר נעמט, איר ווילט דאָך עס אָבער נישט אַרויסווײַזן, מאַכט איר: "נעוועו מײַנד, הו קיירס"! איז ווידער די אייגענע מעשׂה. איז ווען איך בין איר, באַגיי איך זיך אָן דעם "נעוועו מײַנד" און זאָג: **טאַקע? נו, בין איך אויסגעשטעלט! זעץ איך זיך באַלד ווײנען! איז נישט געפּידלט! איז נישט געטאַנצט מיטן בער! איז פּסול די סוכּה! איז אינה מקודשת! איז יאָכע נישט קיין כּלה! אַלץ איינס משה פּאַרך!** אָט אַזוי וואָלט איך געזאָגט און אָט אַזוי וואָלט איר געקענט זאָגן, ווען איר פֿאַרגעסט, אַז ס'איז דאָ אַזאַ וואָרט ווי "נעוועו מײַנד". אָט דער "נעוועו מײַנד" הרגעט אַוועק דעם גאַנצן חן פֿון אײַער געשמאַק ייִדיש.

איר ווילט מיר צוליב טאָן? לאָזט אים פֿאַר די, וואָס רעדן ענגליש. ווי איר זעט, קענט איר זיך באַגיין אָן אים.

## נעמען אַ "טשענס" (Chance)

"דער אויסדרוק 'נעמען אַ טשענס'", שרײַבט צו מיר מ"ר שולמאַן פֿון מאַנהעטן, "איז ווי איר ווייסט זייער אַ פּאָפּולערער אויסדרוק צווישן ייִדן אין אַמעריקע, אָבער ווען איך דאַרף אָט דעם אויסדרוק ניצן, פֿיל איך זיך עפּעס נישט מיט אַלעמען, ווײַל איך ווייס, אַז דאָס איז אַן אַמעריקאַניזם. צי קען מען דעם אויסדרוק נישט פֿאַרייִדישן און זאָגן: 'נעמען אַ שאַנס'?"

ניין, מײַן פֿרײַנד, ווי איר זאָלט דעם אויסדרוק נישט דרייען, וועט ער אַלץ בלײַבן אַן אַמעריקאַניזם, און איך פֿאַרשטיי נישט, צו וועלכע גוטע־יאָר איר דאַרפֿט אים, ווײַל איר קענט זאָגן: **ריזיקירן, שטעלן אין קאָן**, אָדער נאָך פּשוטער: **אײַנשטעלן**. אַנשטאָט צו זאָגן "לאָמיך נעמען אַ טשענס", זאָגט: **לאָמיך אײַנשטעלן**, און איך גאַראַנטיר אײַך, אז אַלע וועלן פֿאַרשטיין וואָס איר מיינט.

דערבײַ איז ווערט צו באַמערקן, אַז דאָס וואָרט **אײַנשטעלן** האָט אין ייִדיש נאָך עטלעכע טײַטשן, ווי למשל: אײַנשטעלן – מאַכן אָרדענונג, אַראַנזשירן, אײַנשטעלן יעדע זאַך אויפֿן געהעריקן אָרט. **אײַנשטעלן בוריקעס** אָדער **קרויט** איז שוין אַ גאַנץ אַנדער זאַך און מיינט: אײַנזײַערן, קאָנסערווירן, פּרעזערווירן. **אײַנשטעלן זיך פֿאַר**

**יענעם** מיינט פֿאַרטיידיקן יענעם אאַז״וו. באמת אַ טײַער וואָרט אָט דאָס **אײַנשטעלן**, אַ שאָד וואָס מיר ניצן עס אַזוי ווייניק.

## ״נעקסט״ (Next)

צו מ״ר ווײַסבעד פֿון לאָנג־אײַלאַנד: אויף אײַער פֿראַגע, צי מיר האָבן אין ייִדיש אַ וואָרט פֿאַר דעם ענגלישן ״נעקסט״, איז דער ענטפֿער אַ קורצער: ניין, מיר האָבן נישט. פֿאַר וואָס? אַ פּנים דערפֿאַר, ווײַל מיר האָבן זיך אין דעם נישט געניייטיקט. ווײַל ווען מיר וואָלטן זיך געניייטיקט, וואָלטן מיר נישט געוואַרט ביז מיר וועלן קומען קיין אַמעריקע און עס נעמען פֿון ענגליש, מיר האָבן עס אַ סך פֿריִער געקענט נעמען פֿון דײַטש. זיי האָבן אויך דאָס וואָרט ״נעקסט״, זיי רעדן עס בלויז אַרויס אַ ביסל ווייכער: ״נעכסט״. און דאָס איז דער בעסטער באַווײַז, אַז מיר האָבן געקענט אויסקומען אָן דעם. וועט איר פֿרעגן, ווי אַזוי? וועל איך אײַך ווײַזן ווי אַזוי. ס׳ערשטע, וואָס מיינט ״נעקסט״? ״נעקסט״ מיינט: נאָענט צו, דאָס וואָס קומט גלײַך פֿאַר אָדער גלײַך נאָך. איצט שטעלט זיך פֿאָר, איר דאַרפֿט זאָגן אין ייִדיש: ער ווױנט ״נעקסט״ צו מיר. (אויב איר זאָגט אַזוי, זײַט וויסן, אַז איר רעדט ענגליש, נישט קיין ייִדיש, כאָטש איר ניצט ייִדישע ווערטער.) אין ייִדיש זאָגט מען: **ער ווױנט נישט ווײַט פֿון מיר, ער ווױנט לעבן מיר, מיר ווױנען אַ טיר לעבן אַ טיר, ער איז מײַנער אַ נאָענטער שכן.**

ווען נאָך דאַרפֿט איר דעם ״נעקסט״? איר ווילט זאָגן אײַער פֿרײַנד: איך וועל זײַן בײַ דיר ״נעקסטן״ מאָנטיק. איז ערשטנס קענט איר זאָגן: **איך וועל זײַן בײַ דיר קומענדיקן מאָנטיק אָדער דעם מאָנטיק וואָס קומט.** צווייטנס, האָט איר בײַ מיר געפֿועלט, אַז איר זאָלט אין גאַנצן אַרויסלאָזן דעם **קומעדיקן** און זאָגן: **איך וועל זײַן בײַ דיר דעם מאָנטיק,** און אײַער פֿרײַנד וועט פֿאַרשטיין, אַז איר מיינט דעם מאָנטיק, דעם נעענטסטן מאָנטיק וואָס קומט באַלד, נישט מיט אַ וואָך אָדער צוויי שפּעטער – ווײַל דעמאָלט וואָלט איר געזאָגט: **איך וועל זײַן בײַ דיר מאָנטיק איבער צוויי וואָכן** אָדער **מאָנטיק איבער דרײַ וואָכן.**

ווען נאָך דאַרפֿט איר דעם ״נעקסט״? יאָ, איר שטייט בײַ דער קאָסע פֿון ייִדישן טעאַטער און איר וואַרט אויף אײַער ״נעקסט״. רעדט איר ווײַטער, זאָלט איר מיר מוחל זײַן ענגליש, נישט קיין ייִדיש – אין ייִדיש וואַרט איר נישט אויף אײַער ״נעקסט״, נאָר **איר וואַרט ביז ס׳וועט קומען צו אײַך.** און שטופּט זיך, למשל, אַ ייִדענע פֿאָרויס און איר קענט נישט פֿאַרטראָגן קיין עוולה, זענט איר נישט מחויבֿ איר צו זאָגן אויף ענגליש: ״מר״ס ס׳איז מײַן ׳נעקסט׳״, נאָר אויף ייִדיש, ווי דער טאַטע אײַערער וואָלט געזאָגט: ״זײַט מוחל, ייִדענע, איר האָט אַפֿילו זייער שיין געדרשנט, אָבער **מיר**

**זענען פֿריִער פֿאַר אײַך".**

ווי איר זעט, מײַן ליבער פֿרײַנד, זענען מיר הונדערטער יאָרן אויסגעקומען אָן דעם "נעקסט" און זיך פֿאַרשטאַנען, און אַ האָפֿענונג צו גאָט, אַז מיר וועלן ווײַטער קענען אויסקומען אָן אים און זיך ווײַטער פֿאַרשטיין.

## "סוויטהאַרט" (Sweetheart) און "האָני" (Honey)

אַ ייִד שרײַבט: "עס איז מיר זייער געפֿעלן, ווי איר האָט דערקלערט, פֿאַר וואָס מען דאַרף נישט זאָגן אין ייִדיש 'איך גלײַך עס'. איז אפֿשר קענט איר מיר שוין זאָגן, ווי אַזוי זאָגט מען אין ייִדיש 'סוויטהאַרט' און 'האָני'?"

"אײַ עם סורפּרײַזד עט יו, מיסטער", אָדער ווי מע דאַרף זאָגן אין ייִדיש: עס וווּנדערט מיך אויף אײַך, פֿעטער, אַז איר זאָלט האָבן אַזאַ קורצן זכרון. אַנו, דערמאָנט זיך. אָקערשט ווען איר זענט געזעסן אין מינסק אין גובערנאַטאָרסקע סאָד, אָדער אין וואַרשע אין קראַשינסקיס גאָרטן (אין זאַקסישן האָט מען אײַך נישט אַרײַנגעלאָזט, ווײַל איר זענט געגאַנגען אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע) און איר האָט זיך דאָרטן אין אַ טונקעלער אַלעע געליובעט מיט אײַער מיידל – וואָס האָט איר צו איר געזאָגט? איר האָט פֿאַרגעסן? וועל איך אײַך דערמאָנען – איר האָט געזאָגט: **טײַערע, טײַערינקע, ליובעניו, לעבן מײַנס, זיס לעבן מײַנס, צוקער־לעקעכל מײַנס, נשמה מײַנע, דושעניו, ליובע־דושע, האַרץ מײַנס, האַרצדעקל מײַנס, הערצעלע, סערצעלע, קרוינעלע, צירונג מײַנס, גאָלד מײַנס, פּוטערפּעסעלע מײַנס, מאַמעלע, פֿייגעלע, קעצעלע, טײַבעלע, מײַזעלע.** נישט שענער ווי "סוויטהאַרט" און "האָני"? זאָגט אַליין! יעדעס וואָרט איז דאָ אַזוי זאַפֿטיק, אַזוי געשמאַק! הער אַ משל! "האָני!" וואָס איז דער ייִחוס מיט האָניק? אַ מוציא מיט האָניק איז נאָך נישקשה, אָבער האָניק אַליין שלאָגט דאָך צום האַרצן. אויב שוין האָניק, פֿאַר וואָס נישט זאָגן **האָניק־טײַבל מײַנס?**

## "סוועטער" (Sweater)

עס איז מיר אַ ביטערער רחמנות אויף צוויי ייִדן, ביידע צוהערערס פֿון "מאַמע־לשון", איינער וווינט אין ברוקלין, דער צווייטער אין די בראָנקס, און ביידע כאַפּן אַ ציטער אין דער ביטערער קעלט. זיי וואָלטן זיך געראַטעוועט, ווען זיי טוען אָן **סוועטערס**. זענען זיי אָבער ביידע פֿאַרברענטע ייִדישיסטן, וואָס וועלן באָדײַ פּרירן און נישט בעטן בײַ די ווײַבער קיין **סוועטערס** – פֿאַר וואָס? ווײַל **סוועטער** איז אַן ענגליש וואָרט און זיי ווילן אַ ייִדיש וואָרט פֿאַר **סוועטער.**

טײַערע ייִדן, איך קען אײַך געבן אַלץ וואָס מיר האָבן אין ייִדיש פֿאַר דעם סאָרט מלבוש, וואָס מען רופֿט דאָ **סוועטער**, למשל: **לײַבל, לײַבקע, לײַבסערדאַק, שפּענצער,**

**שפּאַנצער, שפּאַנציריק.** מע קען זיך אַפּילו קליגן און שאַפֿן אַ וואָרט פֿאַר **סוועטער**, ווי **געשטריקט לײַבל, טריקאָ־לײַבל** צי אַן אַנדער וואָרט. אָבער איך ווייס נישט צו וואָס מען דאַרף עס, ווען מיר האָבן אונטער דער האַנט אַ פֿאַרטיק וואָרט, וואָס אַלע פֿאַרשטייען, וואָס קלינגט אַזוי ייִדיש און גראַמט זיך אַזוי גוט מיט ייִדישע ווערטער: סוועטער, יעדער, פֿעדער, פורץ־גדר. די אַלע אויבן אויסגערעכנטע ייִדישע ווערטער זענען געווען זייער פֿײַנע ווערטער פֿאַר די אַלטמאָדישע לײַבקליידער, וואָס מיר פֿלעגן טראָגן אין דער אַלטער היים, אָבער לגמרי נישט צוגעפּאַסט פֿאַר דעם מאָדערנעם אַמעריקאַנעם **סוועטער**. אָ יע, אין פּוילן האָבן מיר געהאַט דערפֿאַר אַ וואָרט: **קאָשולקע**. איז מיט וואָס איז **קאָשולקע**, וואָס שטאַמט פֿון דער פּוילישער "קאָשוליאַ", כשרער ווי **סוועטער?** איך וואָלט אפֿשר דאָס וואָרט **סוועטער** נישט רעקאָמענדירט פֿאַר דער קולטורשפּראַך, אָבער דאָ אין אַמעריקע, פֿאַר דעם טאָג־טעגלעכן באַניץ, איז דאָס אַ גאַנץ גוט וואָרט.

אין דער זעלבער מאָס, מײַנע פֿרײַנד, וואָס איך בין קעגן ניצן ענגלישע ווערטער אין ייִדיש, ווען מיר האָבן פֿאַר זיי גוטע אַלט־געזעסענע ייִדישע ווערטער, בין איך אָבער אויך קעגן אַרויפֿלייגן אַ חרם אויף אַלץ, וואָס איז ענגליש. פֿאַר נײַע זאַכן, פֿאַר נײַע באַגריפֿן, פֿאַר וועלכע מיר האָבן קיין מאָל נישט געהאַט אין ייִדיש קיין פּאַסיקע ווערטער, מעגן מיר מיט אַ רויקן געוויסן אַדאָפּטירן ענגלישע ווערטער און זיי מאַכן פֿאַר אונדזער אייגנס. ייִדיש וועט גאָרנישט פֿאַרלירן דערפֿון. האָבן זיי געשאַפֿן ווערטער פֿאַר אונדזער **מצה, בייגל, געפֿילטע פֿיש** וכדומה? זיי נוצן אונדזערע ווערטער, אַיאָ? איז וואָס זשע איז די אַחריות, אַז מיר וועלן בײַ זיי נעמען אַ **סוועטער?**

פֿרירט נישט, ייִדן, זאָגט דעם ווײַב, זי זאָל אײַך געבן אַ **סוועטער**.

"סופּירן"

אַ ייִד פֿון די בראָנקס פֿרעגט צי מען מעג זאָגן אין ייִדיש "סופּירן", ווי אַ וואָרט פֿאַר עסן "סאָפּער". ער האָט דאָס וואָרט, זאָגט ער, אַ מאָל געהערט.

אויף וועלכע צרות דאַרפֿט איר עס, ר' ייִד? **עסן וועטשערע** איז שלעכט, **עסן אָוונטברויט** טויג נישט, אַפּילו **עסן "סאָפּער"** איז גוט, אָבער "סופּירן"? דאָס האָבן די דײַטשן געלאַטכנט פֿון די פֿראַנצויזן, דאָרטן הייסט עס "סופּע", האָבן זיי עס איבערגעמאַכט אויף "סופּירן", און אויב איר האָט עס געהערט, האָט איר עס מסתּמא געהערט פֿון אַ ייִדן, וואָס האָט זיך געדײַטשלט.

מען דערציילט אַפּילו אַ וויץ וועגן דעם. אַ וואַרשעווער ייִד, אַ וואַלד־סוחר, קריגט אַ טעלעפֿאָן, אַז הער הײַנצל פֿון דאַנציג איז דאָ אין וואַרשע און וועט הײַנט זײַן בײַ

אים רעדן וועגן געשעפֿט. זאָגט ער צו דעם ווײַב זײַנעם: "ברכהשע, מען וועט דאַרפֿן אײַנלאַדן דעם גוי אויף וועטשערע. זע, עס זאָל זײַן וואָס צו עסן".

און כּך־הווה. ווען זיי זענען פֿאַרטיק מיט די געשעפֿטן, מאַכט דער ייִד צום דײַטש: "אונד יעצט, הער הײַנצל, גייען וויר צום טיש. מײַנע ליבע פֿראַו האַט גוטע זאַכן פֿאָרבערײַטעט. וויר האַבען דאַס פֿײַנע שטיקכען לאַקס, די גוטע זופּ אונד אַוך קרעפּלעך". מאַכט דער דײַטש דעם אָנשטעל: "אַבער הער זאַלצבערג..." לאָזט אים זאַלצבערג נישט ענדיקן און מאַכט: "קיין אַבער, הער הײַנצל! זי זינד מײַן גאַסט. זי ווערדען בײַ מיר סופּירן, לאַקסירן און קרעפּירן".

## "סטיישן" (Station)

אַ בראָנקסער ייִד פֿרעגט, ווי מע זאָגט אויף ייִדיש אַ "סטיישן" פֿון אַ באַן.

וואָס מיינט איר מיט "סטיישן"? אויב איר מיינט דעם פּלאַץ, די זאַלן, ווו די פּאַסאַזשירן זיצן און וואַרטן אויף די אָנקומענדיקע צוגן, האָבן מיר דערפֿאַר אין ייִדיש צוויי ווערטער: **וואָקזאַל** און **באַנהויף**. אויב איר מיינט בכלל דעם פּלאַץ, ווו די באַן שטעלט זיך אָפּ, כּדי אויפֿצונעמען נײַע פּאַסאַזשירן, איז בײַ פּוילישע ייִדן האָט עס געהייסן **סטאַציע** און בײַ רוסישע ייִדן – **סטאַנציע**. דאָס זענען ברידער פֿון דעם ענגלישן וואָרט "סטיישן", ווײַל אַלע דרײַ שטאַמען פֿון איין טאַטן, פֿון דעם לאַטײַנישן "סטאַטוס". מע האָט אויך געוווּסט בײַ ייִדן פֿון אַן **איבערזעץ־פּונקט** אָדער **פּערעסיאַדקע**, און פֿון אַ **פּשיסטאַניק** און אַ **פּאָלוסטאַניק**. פּוילישע ייִדן האָבן אויך געוווּסט פֿון אַ **סטאַנציע מע קען**. איך בין נישט אַלע מאָל אויפֿגעשטיגן אויף אַזאַ סטאַנציע. ס'איז אַזוי געווען: פֿון וואַרשע ביז וואָלאָמין פֿלעגט געוויינטלעך מיטפֿאָרן מיטן צוג דער קאָנטראָליאָר, פֿאַר וועלכן די קאָנדוקטאָרן האָבן געציטערט אימת־מוות. נאָך וואָלאָמין פֿלעגט מען פֿון אים פּטור ווערן און דער וועג איז געוואָרן פֿרײַ, איז בײַ יעדער סטאַנציע, ווו די באַן פֿלעגט זיך אָפּשטעלן, פֿלעגן די קאָנדוקטאָרן אויסשרײַען: "סטאַנציע מע קען". דאָס האָט געהייסן: איר דאַרפֿט נישט קויפֿן קיין בילעטן, ייִדן! מע קען פֿאָרן אָן בילעטן. קומט אַרויף! מיטן פּרײַז וועלן מיר שוין דורכקומען.

## "סטראָבעריס" (Strawberries)

אַ ייִדישע פֿרוי פֿון ברוקלין איז שוין קענטיק פֿאַרטיק מיטן ווינטער און זי קלערט שוין בײַ צײַטנס פֿון "קאָנטרי", ווײַל זי בעט, איך זאָל איר געבן אַ ייִדיש וואָרט פֿאַר "סטראָבעריס".

נאַט אײַך, טײַערע, אַלע ווערטער, וואָס ייִדן פֿלעגן ניצן אין פֿאַרשיידענע געגנטן

און קלײַבט זיך אויס וואָס אײַך געפֿעלט צום בעסטן: **ערדיאַגדעס, רויטע יאַגדעס, טרוסקאַווקעס** אָדער **טרוסקאַווקעס, פּאָזשעמקעס** אָדער **פּאָזעמקעס, פּיליניצעס, קלובניק, דרען** און – **סטראָבעריס**. און כּדי איר זאָלט מיר פֿאַרשפּאָרן פֿרעגן "און ווי זאָגט מען אויף 'ראַזבעריס'?", איז זאָג איך אײַך גלײַך: **מאַלינעס**. און כּדי איר זאָלט מיר פֿאַרשפּאָרן פֿרעגן "און ווי זאָגט מען אויף 'קרענבעריס'?", זאָג איך אײַך גלײַך: **באָראָווקע, ברוסלינע, ברוסניצע, ברוקנע** און **פּיאַניצעס**. און נאָט אײַך שוין "האָקלבעריס" פֿאַר אַ פֿולער מאָס – "האָקלבעריס" הייסן: **זשוראַווינעס, שפּאָנגעלעס, זשערעכלינעס** און **קליוקווע**. איך האָב נאָך יאַגעדעס, אָבער יענע זענען ווילדע און איר וועט זיי אַלץ איינס נישט קלײַבן.

## סטראַשען

אַ ייִד פֿון די בראָנקס האָט גענומען פֿאַר אַ שותּף זײַנעם אַ פֿרײַנד און ביידע צוזאַמען האָבן נישט געקענט געפֿינען קיין ייִדיש וואָרט פֿאַר **סטראַשען**. און כּדי איך זאָל דאָך פֿאַרשטיין וואָס ער מיינט, זעצט ער עס מיר איבער אין ענגליש: threaten.

ווער האָט אײַך אײַנגערעדט, ליבער ייִד, אַז **סטראַשען** איז נישט קיין ייִדיש וואָרט, דערפֿאַר וואָס עס שטאַמט פֿון סלאַוויש? וועל איך אײַך אויסזאָגן אַ סוד, אַז **טאַטע** און **מאַמע** און **באָבע** און **זיידע** שטאַמען אויך פֿון סלאַוויש און נאָר אַ משוגענעם וועט אײַנפֿאַלן צו זאָגן, אַז זיי זענען נישט קיין גוטע ייִדישע ווערטער. אַלע ווערטער פֿון אַלע שפּראַכן שטאַמען פֿון ערגעץ, קיין האָמאָגענע שפּראַכן זענען גאָר אויף דער וועלט נישטאָ. **סטראַשען** איז אַ גוט ייִדיש וואָרט, וואָס איז שוין לאַנג איבערגעקאָכט געוואָרן אין דעם ייִדישן מאָגן. האָט איר נישט געהערט פֿון: **סטראַשען די גענדז אויפֿן בוידעם, סטראַשען די וואַנצן**? אָבער טאָמער זענט איר אַזאַ מפֿונק און איר קענט עס באַין אופֿן נישט פֿאַרדײַען, זאָגט: **שרעקן, אָנשרעקן, אָפּשרעקן, איבערשרעקן, אײַנשרעקן. וואָס שרעקסטו מיך ווי דער דובנער מגיד מיטן גיהנום?** דאָס מיינט: וואָס סטראַשעסטו מיך? עס זענען דאָ נאָך צוויי ווערטער, וואָס ייִדן למדנים פֿלעגן ניצן פֿאַר **סטראַשען: מטיל אימה זײַן** אָדער **מאיים זײַן**. און טאָמער וועט איר מיר זאָגן, אַז זיי שטאַמען פֿון העברעיִש, וועל איך אײַך ענטפֿערן, אַז שוין צײַט, אַז פּשוטע ייִדן און איר בתוכם זאָלן אויפֿהערן חקירהן, פֿון וואַנען דאָס וואָרט שטאַמט און פֿון וואַנען דאָס אַנדערע וואָרט שטאַמט – דאָס לאָזט פֿאַר פֿילאָלאָגן. איר רעדט ייִדיש! און ווען איר שרײַבט צו מיר אַ ייִדיש בריוול, נישט "פּליז, מ"ר סטוטשקאָוו". ווען איר וועט שרײַבן "זײַט אַזוי גוט, מ"ר סטוטשקאָוו", וועל איך אויך פֿאַרשטיין.

## "סינגל" (Single)

אַ ייִדיש מיידל פֿון ברוקלין וויל וויסן, צי ס'איז דאָ אַ ייִדיש וואָרט פֿאַר "סינגל" – "ער איז נאָך סינגל".

אַוודאי איז דאָ. דאָס ערשטע קענסטו זאָגן: **ער איז נאָך אַ בחור, ער איז נאָך נישט באַווײַבט** אָדער **נישט פֿאַרהייראַט**. ווײַטער קענסטו זאָגן, אַז **ער איז נאָך פֿרײַ** אָדער **פֿרײַליידיק** – אָן אַלט גוט ייִדיש וואָרט פֿאַר "סינגל": **פֿרײַליידיק**. און אין שפּאַס קענסטו אויך זאָגן: **ער איז נאָך צום האָבן**.

## אַ "סעלפֿישער" מענטש (Selfish)

אַ פֿרוי פֿון ברוקלין פֿרעגט מיך, ווי מען זאָגט אין ייִדיש אַ "סעלפֿישער" מענטש.

געוויינטלעך זאָגט מען: **אַן עגאָיִסט, אַן עגאָטיסט, אַ מאַטעריאַליסט, אַן אייגננוציקער**. איר מעגט אָבער אויך זאָגן **דבֿר־אַחר** און **כּלבֿ**, ווײַל אָט דיביידע שטוב־חיות, ווי איר ווייסט, זענען זייער "סעלפֿיש". אין מײַן "אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך" געפֿינט זיך אויך אַ נײַ וואָרט פֿאַר דעם באַגריף "סעלפֿיש" – אַ מענטש אַ **זיכיקער** אָדער אַ **פֿאַרזיכיקער**, ווײַל ווען איר רעדט וועגן אַזאַ מענטשן, זאָגט איר: דאָס איז אַ מענטש, וואָס לעבט נאָר פֿאַר זיך, וואָס טראַכט נאָר וועגן זיך, וואָס קוקט נאָר פֿאַר זיך, וואָס האָט נאָר זיך אין זינען, וואָס האָט נאָר זיך ליב. וועגן אַן עגאָיִסטישן מענטשן זאָגט מען אויך בײַ ייִדן: **ער איז אַ גוטער ביז צו דער קעשענע; ער איז אַ דימענט, מען קען מיט אים שנײַדן גלאָז; ער איז אַ מענטש פֿון איך און מײַנע שיך; ער איז אַ מענטש, וואָס ווייסט נאָר פֿון מה־טובֿו**.

## "סקים" (Scheme)

אַ ייִדישער לערער פֿון די בראָנקס בעט איך זאָל אים געבן עפּעס אַ גוט ייִדיש וואָרט ווי אַן עקוויוואַלענט פֿאַר דעם ענגלישן וואָרט "סקים" – "מיר איז אײַנגעפֿאַלן אַ 'סקים'".

נעמט, זײַט מוחל, מײַן פֿרײַנד, און שרײַבט אויף אין ענגליש דאָס וואָרט "סקים": scheme און לייענט עס איבער אויפֿן אייראָפּעיִשן אופֿן. וואָס באַקומט זיך? "סכעמע", אַיאָ? און וואָס מיינט **סכעמע? סכעמע** מיינט אַן אָנוואַרף פֿון אַ פּלאַן, ובֿכן געהערט עס צו דער קאַטעגאָריע ווערטער, וואָס גייען אַרונטער אונטערן באַגריף "פּלאַן". פּלאַנען אָדער פּלענער זענען פֿאַראַן פֿאַרשיידענע, עס זענען דאָ ערלעכע פּלענער, קרומע פּלענער און כיטרע פּלענער, שווינדלערישע פּלענער. איז פֿאַר די אַלע פּלענער האָבן מיר אין ייִדישן פֿאַרשיידענע אויסדרוקן, למשל: **פּלאַן, פּראָיעקט, סכעמע, אידעע, געדאַנק, שׂכל, המצאָה, אײַנפֿאַל, אויפֿטו, אייבערקעפּל, קנייטשל, פֿאָרטל, שפּיצל, אייבערשפּיצל, אָפּשניצל, קאָפּשטיק, תּחבולה, מאַכינאַציע, קאָמבינאַציע, סטראַטעגיע,**

**מאַניעוווער** און נאָך און נאָך, אָבער איך גלייב, אַז איר וועט צווישן די אויסגערעכנטע ווערטער געפֿינען אַ פֿאַסיקן עקוויוואַלענט פֿאַר "סקים". מיר געפֿעלט אַמבעסטן דאָס פּשוטע וואָרט **שׂכל**: איך בין געפֿאַלן אויף אַ **שׂכל**.

## "עמוירדזשענסי" (Emergency)

און אָט איז אַ פֿראַגע פֿון אַ בראָנקסער ייִד: "ווי זאָגט מען אין ייִדיש 'עמוירדזשענסי'?"

אויף די אייגענע מעשׂה. פֿאַרגעסט אויף אַ ווײַלע, אַז עס עקסיסטירט גאָר אַזאַ ענגליש וואָרט און איר וועט זען וויפֿל ווערטער און אויסדרוקן מיר האָבן דערפֿאַר אין ייִדיש. וועגן וואָס גייט עס? עס גייט וועגן דעם, וואָס מען סטרײַקט אין די שעכטהײַזער און ס'איז נישטאָ קיין פֿלייש. באַרויִקט איר אײַער ווײַב, וואָס נעמט זיך דערפֿון צום האַרצן, און איר זאָגט צו איר: "איוואַ, נישט געפֿערלעך, אין אַן 'עמוירדזשענסי' קען מען עסן מילכיקס". דאָס זאָגט איר דאָ אין אַמעריקע. ווי וואָלט איר געזאָגט, ווען איר זענט נאָך אין מינסק? אַ נו, גיט אַ טראַכט. איר וואָלט געזאָגט: "חיהלע, **אין נויט, אין אַן עת־צרה, אין אַ שעת־הדחק, באין־ברירה** קען מען זיך באַגיין אָן פֿלייש און עסן מילכיקס". און ווען איר וואָלט נאָך געוואָלט זײַן וויציק, וואָלט איר עס נאָך געקענט צושמעלצן מיט אַ זאַפֿטיק ווערטל, ווי למשל: **אַז מען קען נישט אַריבער מוז מען אַרונטער; אַז ס'איז נישטאָ קיין פֿיש איז מען יוצא מיט הערינג; יאַק ניעמאַ ריבאַ טאָ אי ראַק ריבאַ; אַז ס'איז נישטאָ קיין אתרוג בענטשט מען מיט אַ בולבע; אַז ס'איז נישטאָ קיין מיידן טאַנצט מען מיט שיקסעס.** און איידער איך פֿאַרגעס – מײַן באָבע חיה־עלקע ע"ה פֿלעגט יעדן ווינטער אָנפּרעגלען גאַנצע סלויעס מיט מאַלינעס און אַז מען פֿלעגט זי פֿרעגן: "חיה־עלקע, אויף וואָס דאַרפֿט איר אַזוי פֿיל מאַלינעס?" פֿלעגט זי ענטפֿערן: "וואָס הייסט אויף וואָס? **אויף הלוואַי מע זאָל עס נישט דאַרפֿן**". דאָס האָט זי געמיינט "אין קייס אָוו עמוירדזשענסי", טאָמער, חלילה, ווערט קראַנק אַ קינד און מען דאַרף עס עפּעס געבן אויף אויסצושוויצן.

בקיצור, ווי איר זעט, מײַנע פֿרײַנד, איז "אין קייס אָוו עמוירדזשענסי", מיין איך **אין אַ נויט**, קען מען זיך אַרויסהעלפֿן מיט אַ ייִדיש וואָרט.

## "עקזאָסטעד" (Exhausted)

אָט איז אַ ווײַבל פֿון די בראָנקס, וואָס וויל וויסן ווי מען זאָגט אויף ייִדיש "עקזאָסטעד". "מײַן מאַן", שרײַבט זי, "האָט פֿײַנט ווען איך וואַרף אַרײַן אַן ענגליש וואָרט אין ייִדיש, ער טענהט: 'רעדסטו ענגליש – רעד ענגליש, רעדסטו ייִדיש – רעד ייִדיש, אָבער מיש נישט איינס מיטן אַנדערן'. אַנומלטן זאָגט ער צו מיר: 'ווילסטו אפֿשר אַרײַנגיין הײַנט זען אַ "מוווי"?' זאָג איך: 'ניין, נישט הײַנט. איך בין הײַנט צו "עקזאָסטעד"'. מאַכט ער: 'קענסט

נישט זאָגן מיד?' ענטפֿער איך אים: 'מיד בין איך אַלע טאָג, הײַנט בין איך מער ווי מיד, הײַנט בין איך "עקזאָסטעד"'. איר פֿאַרשטייט וואָס איך מיין".

**איך פֿאַרשטיי, טײַערינקע! איר ווילט אַ שטאַרקער וואָרט ווי מיד, אַ וואָרט וואָס זאָל מאַכן מער אײַנדרוק אויף אַ מאַן.**

**נו, איבערזעצונג פֿון "עקזאָסטעד" איז: דערשעפּט, אויסגעשעפּט, דאָס מיינט: טויט מיד, אויסגעשעפּט אַלע כּוחות, נישטאָ מער קיין כּוחות. אָבער דאָס איז אַ צו אינטעליגענט וואָרט, און איך האָב פֿײַנט אינטעליגענטע ווערטער. לאָמיך אַ טראַכט טאָן, ווי פֿלעגט מײַן מאַמע ע"ה זאָגן, ווען זי איז געווען "עקזאָגסטעד"? זי איז געווען מער "עקזאָסטעד" פֿאַר אײַך, פֿאַר דעם גאַראַנטיר איך אײַך, ווײַל זי האָט געהאַט אַ שווערער לעבן פֿאַר אײַך. ווען זי פֿלעגט זיך אַוועקזעצן אין אָוונט נאָך אַ טאָג שווערער אַרבעט און דער טאַטע פֿלעגט איר זאָגן: "שׂרהלע, זײַ אַזוי גוט, גיס מיר אַרײַן אַ גלאָז טיי", פֿלעגט זי אים ענטפֿערן: "זעליק, דו פֿאַרדינסט אַן עבֿירה אין מיר, אַז דו הייסט מיך איצט עפּעס טאָן. איך בין אַזוי אויסגעמאַטערט, אַז איך פֿיל נישט קיין אבֿר, איך בין אויס מענטש, קוים וואָס איך לעב, קוים וואָס איך אָטעם, קוים וואָס איך זשיפּע, קוים וואָס איך דערכע, איך גיי אויס מיט די כּוחות, קוים וואָס איך שטיי אויף די פֿיס, איך פֿאַל אַוועק, איך פֿאַל אויף דער נאָז, איך בין צעבראָכן, איך בין אַזוי צעבראָכן, אַז איך וואָלט זיך גלײַך אַוועקגעלייגט". יע, אַזוי פֿלעגט מײַן מאַמע ע"ה זאָגן ווען זי איז געווען "עקזאָסטעד".**[133]

## "עקסידענט" (Accident)

אָט איז נאָך אַ פֿראַגע, וואָס אַ ייִד פֿון די בראָנקס פֿרעגט מיך: "ווי דאַרף מען זאָגן אין ייִדיש 'עקסידענט'".

"עקסידענט" האָט אין ענגליש עטלעכע באַטײַטן, פֿון וועלכע איך וועל נעמען בלויז די דרײַ וויכטיקסטע: "העפּענינג", "טשענס" און "קאַזשועלטי". איצט ווענדט זיך, ווו דער חמור שטייט. מיינט איר צו זאָגן "העפּענינג", קענט איר זאָגן: **געשעעניש, פּאַסירונג, פֿאַרלויפֿעניש, פֿאָרקומעניש, צוקומעניש, טרעפֿעניש, אינצידענט, מעשׂה־שהיה** אאַז"וו. מיינט איר צו זאָגן "טשענס", קענט איר זאָגן: **פֿאַל, צופֿאַל, פֿאָרפֿאַל, טראַף, סיבה, גאָטזאַך, מזל־זאַך** אאַז"וו. מיינט איר אָבער צו זאָגן "קאַזשועלטי", איז לייגט צו

133. די לעצטע שורה פֿונעם סקריפּט איז אויסגעמעקט: "וואָלט זי אַזוי געהאַט אַ בעסער מזל ווי ס'האָבן איר קיין ווערטער נישט געפֿעלט". סטוטשקאָווס מאַמע איז מסתּמא אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ.

צו די אויסגערעכנטע ווערטער דעם אַדיעקטיוו "אומגליקלעך" און איר האָט "קאַזשועלטי": **אומגליקלעכע געשעעניש, אומגליקלעכע פּאַסירונג, אומגליקלעכער צופאַל,** אָדער **אומגליקפאַל** אאַז"וו. אָדער בעסער, זאָגט פּשוט ווי די מאַמע פּלעגט זאָגן. שטעלט זיך פאָר, די מאַמע לויפט אַרײַן פון גאַס אַ בלייכע, אַ פאַרסאַפּעטע. וואָס איז געשען? ס'איז געשען אַן "עקסידענט" מיט חיים־איטשעס קינד. אַ פערד האָט זיך ראַספּאַלאָשעט און – באַהיט זאָל מען ווערן! פרעגט מען די מאַמע: "מאַמע, וואָס איז געשען?" ענטפערט די מאַמע: "פרעגט נישט, קינדער! **אַן אומגליק איז געשען! אַ צרה! אַן אָנשיקעניש! אַן אויסגאָס, אַ גזר־מן־השמים, מען זאָל עס שוין גאָרנישט זען!"** איר הערט ס'לשון? דאַכט זיך עס רעדט זיך וועגן אַן אומגליק, אָבער דאָס לשון צעגייט זיך אין די ביינער. און מיר – מיר האָבן זיך אָפּגעזוכט איין וואָרט "עקסידענט", וואָס האָט נישט קיין יידישן טעם און מיר זײַנען פאַרטיק!

## ער איז "ביזי" (Busy)

יידן פרעגן אויך גאַנץ פּשוטע שאלות. אַ ייד פון בראָנזוויל וויל וויסן: "ווי פלעגט מען זאָגן אין דער היים: 'ער איז ביזי'?"

זיסער גאָט! ווען איר האָט אַזוי פיל טויזנטער וויפל ווערטער מיר האָבן דערפאַר אין יידיש, וואָלט איר נישט געדאַרפט אַרבעטן בײַ "קלאָקס". מען פלעגט זאָגן: **ער איז פאַרנומען, ער איז באַשעפטיקט, ער איז פאַרעסקט, ער איז פאַרטאָן, ער איז פאַראַרבעט, ער איז פאַרפאָרעט, ער איז פאַרהאַוועט, ער איז פאַריאַכמערט, פאַרשמײַעט, פאַרטאַראַראַמעט, [פאַריאָגט]; ער איז פאַרנומען, אַז ער האָט נישט קיין צײַט די נאָז אויסצושנײַצן.** וועגן אַ יידענע אַ זייער שטאַרק פאַרנומענער דערציילט מען, אַז זי פלעגט זיך באַקלאָגן: "וואָס טוט מען? **די קישקע פילט זיך, דער מאָגן גרילט זיך, די מילך בריט זיך, די קאַשע פריעט זיך און דאָ בין איך איין מענטש אַליין און אין מאַרק אַרײַן מוז מען גיין און דאָ איז פרײַטיק".**

## פּאַסמאַקעווען

אַ זייער חשובֿער רבֿ פון מאַנהעטן פרעגט, צי ס'איז נישטאָ אין יידיש אַן אַנדער וואָרט פאַר **פּאַסמאַקעווען זיך.**

פאַר וואָס איר האָט גראָד אויף דעם וואָרט **פּאַסמאַקעווען זיך** געוואָרפן אַן אומחן, פאַרשטיי איך נישט. אָבער לאָמיך אײַך צוליב טאָן און זען, צי קען מען נישט געפינען אַן אַנדער וואָרט, וואָס זאָל אײַך מער **פּאַסמאַקעווען.**

געוויינטלעך ווערט דאָס וואָרט געניצט אין פאַרבינדונג מיט פיזישער הנאָה, ווען עס רעדט זיך וועגן עסן און טרינקען. און מען דאַרף אונטערשיידן צווישן

**פאַסמאַקעווען** סתּם און **פאַסמאַקעווען זיך.** ווען די מאַמע ע"ה פלעגט זאָגן צום טאַטן ע"ה: "זעליק, וואָס האָסטו זיך אַזוי צוגעכאַפּט צו דעם הערינג – דו מיינסט עס איז אַזוי געזונט פאַר דיר?" פלעגט ער ענטפערן: "נו, וואָס זאָל איך טאָן, **אַז ער פאַסמאַקעוועט מיר?**" ער וואָלט אָבער אויך געקענט זאָגן: נו, וואָס זאָל איך טאָן, **אַז ער שמעקט מיר, אַז ער געפעלט מיר, אַז איך האָב הנאה פון אים, אַז ער פאַליובעט מיר?** די רעפלעקסיווע פאָרעם פון דעם וואָרט, **פאַסמאַקעווען זיך,** מיינט אַרויסווייזן הנאה, וואָס מען האָט פון אַ זאַך, למשל: דער קוגל איז אַזוי געשמאַק, **אַז איך פאַסמאַקעווע זיך מיט אים.** איז ווער זשע לאָזט אייך נישט זאָגן: **איך לאָב זיך מיט אים, איך קוויק זיך מיט אים, איך חיות זיך מיט אים, איך לעק פון אים די פינגער? פאַסמאַקעווען זיך** ווערט אויך גענוצט מעטאַפאָריש, ווען עס רעדט זיך וועגן גייסטיקער הנאה. אַ ייִד קען, למשל, זאָגן: אונדזער רבֿ זאָל לעבן האָט היינט געהאַלטן אַ דרשה, **אַז דער עולם האָט זיך פאַסמאַקעוועט.** קען ער אָבער אויך זאָגן: **דער עולם האָט געקוואָלן, דער עולם האָט אַנגעקוואָלן, דער עולם איז געווען באַגייסטערט, אַנטציקט, פאַרכאַפּט, פול מיט עקסטאַז, מיט התלהבֿות, מיט התפעלות,** און צענדליקער אַנדערע אויסדרוקן פון דער קאַטעגאָריע.

## "פלאָמבער" (Plumber)

מ"ר וואַגמאַן פון די בראָנקס וויל וויסן, צי מיר האָבן אַ ייִדיש וואָרט פאַר "פלאָמבער".

הלמאַי זאָל איך זאָגן? ניין, מיר האָבן נישט קיין ייִדיש וואָרט פאַר "פלאָמבער" און דער טעם איז אַ פשוטער: ווייל ס'איז קיין מאָל נישט געווען אַזאַ מלאָכה ביי ייִדן ווי פלאָמבעריי. וואַסער פלעגט מען נעמען פון ברונעם אָדער פון טייך און דאָס אָרט, וווּ דער קיסר גייט צו פוס איז געווען אויפן הויף. און ווען מען זאָל ביי מיר פרעגן, צי דאַרף מען איצט אַ ייִדיש וואָרט פאַר "פלאָמבער", ווען עס זענען דאָ קיין עין־הרע אַזוי פיל ייִדישע "פלאָמבערס", וועל איך זיך שטאַרקער פאַרטראַכטן.

ביי מיר איז רעכט, אַז מען זאָל דאָס וואָרט "פלאָמבער" כשרן און מאַכן פאַר אַ ייִדיש וואָרט. ווייל "פלאָמבער" איז נישט קיין ענגליש וואָרט, והאָ־ראַיה: די פראַנצויזן זאָגן אויך "פלאָמביע". דער שורש פון דעם וואָרט נעמט זיך פון דעם לאַטייניש "פלומבום" – בליי, און לכתּחילה האָט דאָס וואָרט "פלאָמבער" געמיינט: בלייגיסער. ערשט שפּעטער האָט עס צוגעקראָגן דעם טייטש "פלאָמבער" – דער בעל־מלאָכה וואָס לייגט די רערן פאַר קאַנאַליזאַציע. און ווי איר וועט באַלד זען, איז אָט דער לאַטיינישער שורש "פלומבום" – בליי אויך פאַראַן אין איינגעזעסענע ייִדישע ווערטער. ווי האָט געהייסן דאָס שטיקל בליי, מיט וועלכן מען האָט פאַרחתמעט אַ

וואַגאָן, אָדער אָנגעהאָנגען אויף סחורה – **פּלאָמבע**, **איאָ?** און וואָס האָט דער היימישער דענטיסט געטאָן ווען ער האָט אויסגעפּונען, אַז איר האָט אַ לאָך אין צאָן? ער האָט אײַך אַרײַנגעלייגט אַהין אַ **פּלאָמבע**, ער האָט דעם צאָן **פֿאַרפּלאָמבירט**. און אויב דאָס וואָרט איז אינטערנאַציאָנאַל, און "פּלאָמבער" קלינגט נאָך ייִדישלעך, זע איך נישט אײַן, צו וואָס מען דאַרף אַן אַנדער וואָרט. נאַטירלעך, ווען איר ווערט זיך שטאַרק אײַנשפּאַרן, וועל איך אײַך געבן אַ ייִדיש וואָרט פֿאַר "פּלאָמבער" – **רערן־לייגער**, אָבער פֿריִער דאַרפֿט איר פּועלן בײַ די ייִדישע "פּלאָמבערס", אַז זיי זאָלן דאָס וואָרט אָננעמען.[134]

## פּלוידערן

אַ מיידל פֿון ברוקלין, וואָס שרײַבט צו מיר אין ענגליש, בעט, איך זאָל איר געבן אַ פּאַסיק וואָרט אין ייִדיש פֿאַר "טשאַטער" – דאָס מיינט, רעדן אַ סך.

אין מײַן "אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך" זענען פֿאַרצייכנט אַ שלל מיט ווערטער פֿאַר רעדן אַ סך, פֿאַר באַרעדעוודיקייט. איך וועל דיר געבן בלויז אַ טייל פֿון זיי, ווײַל אויף מער וועט נישט כאַפּן דער אָטעם: **פּלוידערן, פּלוישן, פּלאַפּלען, באָלטײַען, באַלאַקען, קאַליאַקען, באַלאַבעטשען, באַטשקען, פּליעטשען, באָלבען, ברײַען, קוואַטשען, טשאַדען, דורען, מאָטלען, גאַווענדזען, טשאַקען, מאָראָטשען, קאָלאָטשען, בטלען, קלעפּען, באַלאַהורען, באָהאָמאָליען, ברעדיען, בײַקען**, פֿוי – נו, און ווי איז **דרייען אַ ספּאָדיק, האַקן אַ טשײַניק, מאַכן אַ וואַסער אין אויער, מאַכן אַ לאָך אין קאָפּ, מאַכן טראָגעדיק** און אַזוי ווײַטער און ווײַטער?

מיט איין וואָרט, טאָכטערשי, ווען דער טאַטע דײַנער קען דיר געבן אַ טויזנטער פֿאַר יעדן וואָרט, וואָס מיר האָבן אין ייִדיש פֿאַר "טשאַטער", וואָלטסטו געוווען אַ רײַכע כּלה און מען וואָלט דיך אויפֿגעכאַפּט.

## פּעטשאַ

אַ פֿרוי פֿון די בראָנקס פֿרעגט מיך: "אפֿשר ווייסט איר פֿון אַן אַנדער וואָרט פֿאַר **פּעטשאַ?** בײַ אונדז אין שטעטל פֿלעגט מען רופֿן אַנדערש, אָבער איך קען זיך נישט דערמאָנען ווי".

איך ווייס נישט, פֿון וועלכן שטעטל איר קומט, אָבער אָט זענען אַלע ווערטער, וואָס ייִדן האָבן געהאַט פֿאַר דעם פֿײַנעם מאכל – אפֿשר וועט איר געפֿינען דאָס, וואָס

---

134. דאָס וואָרט **אינסטאַלאַטאָר** האָט סטוטשקאָוו אַרײַנגענומען אין זײַן אוצר, אָבער ניט מיטן טײַטש "פּלאָמבער", נאָר לעבן **קלאַסיפֿיקאַטאָר** און **אָרגאַניזאַטאָר**.

איר זוכט: **פּעטשאַ, פּעצאַ, פּצע, פּוס, פּיס, געשטעלטע פּיס, פֿאַרגליווערטע פּיס, קרײַזלפֿוס, גרײַשלפֿוס, פֿוסנאָגע, פֿוסנאָהע, דריליע, דרעליע, גאַליערטע, אישקעס, כאָלאָדעץ, שטודינג, זשעלע, געגליווערטס און קוואַשענע.** איר האָט געפֿונען?

## "פּעפּ" (Pep)

אַ ייִדיש מיידל פֿון ברוקלין פֿרעגט מיך אין אַן ענגלישן בריוו, ווי מען זאָגט אויף ייִדיש "פּעפּ" – "ער איז אַ מענטש מיט 'פּעפּ'".

דער נענטסטער עקוויוואַלענט פֿון וואָרט "פּעפּ" אין ייִדיש איז **ענערגיע. אַ מענטש** מיט "פּעפּ" מיינט אַן ענערגישער מענטש, אַ מענטש נישט קיין פֿלעגמאַטיקער, נישט קיין פֿאַרשלאָפֿענער, אַ רירעוודיקער. און פֿאַר אַזאַ סאָרט מענטשן האָבן מיר אין ייִדיש צענדליקער אויסדרוקן, ווי למשל: **אַ ברען, אַ בראַנד, אַ פֿײַער, אַ יאַט, אַ כוואַט, אַ טײַוול, אַ מזיק, אַ מחבל, אַ שפּירט, אַן אומרו, אַן אומראַס, אַ סמבטיון, אַ קוועקזילבער, אַ לויפֿער, אַ פֿליִער** און נאָך און נאָך. וועגן אַזאַ מענטשן זאָגט מען אויך, אַז **עס הייבט אים, עס טראָגט אים, אַז אַ שד זיצט אין אים, אַז עס ברענט אויף אים די הויט, אַז ער איז אומעטום, מיט די קעץ אויפֿן בוידעם, מיט די מײַז אין די לעכער.** מיט איין וואָרט, אַ מענטש מיט "פּעפּ"!

## "פֿאַרלוימדן"

דער ייִד פֿון ברוקלין, וואָס האָט אויף זיך גענומען די מיסיע צו באַקעמפֿן די דײַטשמעריזמען אין דער ייִדישער פּרעסע, האָט פֿאַר מיר די וואָך אויך אויסגעזוכט אַ וואָרט: "פֿאַרלוימדן". "גוואַלד", שרײַט דער ייִד, "זאָגט זיי ווי מען דאַרף זאָגן אויף ייִדיש 'פֿאַרלוימדן'. איך וואָלט עס זיי אַליין געזאָגט, איז ערשטנס, ווייס איך נישט, און צווייטנס, אַז איך וועל זיי זאָגן, וועלן זיי מיך דען פֿאָלגן?"

און מיך, ר' ייִד, וועלן זיי פֿאָלגן? ווי קענען זיי זיך שיידן מיט אַזאַ אינטעליגענט וואָרט ווי "פֿאַרלוימדן"? אָבער איך וויל דאָך נישט, אַז איר זאָלט זיך אויפֿרעגן, איז טו איך אײַך צוליב. פֿאַר "פֿאַרלוימדן" איז דאָ אַ פּשוט ייִדיש וואָרט: **באַרעדן.** און איז דאָס אײַך ווייניק, נאָט אײַך נאָך: **טרײַבן רכילות, טרײַבן פּליאָטקעס, רעדן לשון־הרע.** איר קענט אויך זאָגן: **רכילותן, פּליאָטקעווען, לשון־הרענען, מונקלען, באַנבֿלען, אָנרעדן אויף יענעם, אָנרעדן אויף יענעם אָסור־לדבר, ברענגען אויפֿן פֿײַער, אָפּטראָגן פּאָטשטן, דערציילן, אָפּדערציילן, צענעמען אויף געפּעלעך, צעטראָגן אויף טעלערלעך** – און ס'איז דאָ נאָך.

## "קאַקאַרוטש" (Cockroach)

אַ פֿרוי פֿון ברוקלין, וואָס שרײַבט זיך אונטער מר"ס בי, אַנטשולדיקט זיך פֿאַר מיר, וואָס זי פֿרעגט מיך אַזאַ נישט־איידעלע פֿראַגע. זי וויל, איך זאָל איר זאָגן, ווי מען זאָגט אויף ייִדיש "קאַקאַרוטש". זי ווייסט, זאָגט זי, אַז ס'איז דאָ אַ וואָרט, אָבער זי האָט פֿאַרגעסן.

איר האָט זיך נישט וואָס צו אַנטשולדיקן, מר"ס בי. אײַער פֿראַגע איז פּונקט אַזוי גוט ווי אַלע אַנדערע, וואָס מען פֿרעגט מיך. אַ "קאַקאַרוטש" אויף ייִדיש האָט יתרוס נעמען, נעמען וואָס זענען געניצט אין פֿאַרשיידענע געגנטן. אָט זענען זיי אַלע, ווי זיי זענען בײַ מיר פֿאַרצייכנט אין "אוצר": **פּרײַס, פּרוסאַק, שוואַב, רוס, פֿראַנצויז, טאַראַקאַן, קנײַפּער** און **שאַבע.** דאָס באַקאַנטסטע וואָרט, אויף וויפֿל איך געדענק, און וואָס ווערט אויך געניצט אין דער ליטעראַטור, איז **פּרײַס,** לשון־רבים – **פּרײַסן.** אויב איר האָט זיי, חלילה, ווערט פֿון זיי וואָס גיכער פּטור.

## שלאָגן

אַ ייִד פֿון די בראָנקס שרײַבט: "איך האָב ערגעץ ווו געלייענט אַן אַרטיקל – איך געדענק שוין נישט ווו – ווו עס זענען געווען אויסגערעכנט אַ סך, גאָר אַ סך ווערטער, וואָס ייִדן האָבן פֿאַר **שלאָגן.** קענט איר מיר נישט זאָגן וויפֿל עס זענען דאָ אַזעלכע ווערטער?"

איך קען אײַך נאָר זאָגן, מײַן פֿרײַנד, וויפֿל איך האָב צונויפֿגעקליבן. אין מײַן "אוצר" זענען פֿאַרצייכנט 722 ווערטער און אויסדרוקן וואָס האָבן צו טאָן מיט **אָנברעכן יענעם די ביינער,** מיט **שלאָגן,** כאָטש דער אמת איז, אַז אַ גרויסער טייל פֿון זיי האָבן בלויז אַן אומדירעקטע שײַכות צו **שלאָגן** – זיי האָבן מער שײַכות צו אימפּולס. למשל, אַזעלכע ווערטער ווי: **קלאַפּן, זעצן, טראַסקען** וכּדומה. איר קענט **קלאַפּן, זעצן, טראַסקען** אין דער וואַנט, נישט דווקא יענעם **שלאָגן,** אָבער, ווי געזאָגט, ניצט מען אָט די אַלע ווערטער אויך פֿאַר **שלאָגן,** און דערפֿאַר זאָגט מען: **איך האָב אים געגעבן אַ זעץ, אַ קנאַק, אַ האַק, אַ שאָס, אַ כמאַל, אַ טשמעל, אַ ליאַזג, אַ טליק, אַ זבענק, אַ בראַזדענק, אַ טערעבענץ** אאַז"וו.

פֿאַרשטייט זיך, אַז עס פֿעלט אונדז, חלילה, נישט קיין ווערטער, וואָס מיינען **שלאָגן** ממש, ווי, למשל: **הרגענען, שלאָגן, הורגן, נהרגן, מזיקן, ניזוקן, ממיתן, מערדערן, בויקערן, שעדיקן** אאַז"וו. ווער שמועסט ווען עס האַנדלט זיך וועגן **געבן יענעם אין באַק אַרײַן** – דעמאָלט קענט איר **יענעם מכבד זײַן, דערלאַנגען, פֿאַרפֿאָרן, פּאַטשן, ליאַפּען, פֿליאַסקען, פֿראַסקען, פֿלעמען** און וואָס נישט. איידעלע קינדער, לערנערס אין בית־מדרש צי אין שטיבל, אַז זיי פֿלעגן זיך צעהוליען, פֿלעגן זיי **מאַכן אַ משכּנתּא** – דאָס הייסט, **אָפּשמײַסן** אָדער **שטעלן אַ גובערנאַטאָר, געבן אַ פּוטער־קלעצל, אַ בענקעלע,**

**אַ חתימה, אַ מתּוך־בסתר.** געווען אויך שלעגערס בײַ ייִדן, וואָס האָבן געקענט יענעם **באַאַרבעטן, באַקליידן, באַלייגן, מאַכן לאַמטערנעס אונטער די אויגן.** און ווער שמועסט, אַז ס׳איז אַ מאָל געקומען צו אַ געשלעג אין קוילער געסל צווישן די קצבֿים און די בעלי־עגלות, איז רעכט געווען, אַז מע זאָל איינער דעם אַנדערן **פּלעטן דעם מוח, אויסשרויפֿן אַ פֿוס, אונטערהאַקן די זײַטן** און **אָפּשלאָגן אַ לונג, אָדער געבן מיט אַ מעסער און אויפֿשנײַדן דעם בויך, אַרויסלאָזן די געדערעם, מאַכן פֿאַר אַ קדוש,** אַז מען זאָל דעם צעשלאָגענעם דאַרפֿן אַוועקטראָגן אויף לײַלעכער.

יע, מײַן פֿרײַנד, מיר האָבן אַ סך ווערטער פֿאַר **שלאָגן.** כאָטש צו וואָס מיר דאַרפֿן זיי, ווייס איך נישט, ווײַל שלאָגן שלאָגן דאָך אַנדערע, נישט מיר.

## שעלקעס

אַ ייִד פֿון די בראָנקס פֿרעגט זייער אַ פּשוטע שאלה: צי ס׳איז דאָ אַ וואָרט אין ייִדיש פֿאַר "סוספּענדערס"?

יע, מײַן פֿרײַנד, ס׳איז דאָ. אין פּוילן פֿלעגן מיר זיי רופֿן **שעלקעס,** אין רוסלאַנד – **שלייקעס,** און אינטעליגענטן פֿלעגן אַפֿילו זאָגן **הויזן־טרעגער.** מיר וואָלטן אפֿשר געהאַט בעסערע ייִדישע ווערטער דערפֿאַר, אָבער די מעשׂה דערפֿון איז וואָס די דאָזיקע מאַכינאַציע, די "סוספּענדערס", איז נישט זייער אַלט. איך געדענק, אַז אין וואַרשע, אַפֿילו אין מײַן צײַט, פֿלעגן בלויז דײַטשן און פֿאַצעטן טראָגן **שעלקעס,** פּשוטע ייִדן פֿלעגן טראָגן אַ פּאַסיק. חסידישע ייִדן, וואָס פֿלעגן אויף יעדער ענדערונג אין ייִדישער הלבשה קוקן קרום, האָבן אויך אויף **שעלקעס** די ערשטע צײַט זייער קרום געקוקט, ווי אויף אַ שטיק אַפּיקורסות. מען דערציילט אַפֿילו אַ וויץ וועגן דעם: אַ חסידישער רבי האָט אויסגערעדט זײַנעם אַ חסיד, אַ גרויסן וויצלינג און נישט קיין פֿאַרקנייטשטן, הלמאַי ער טראָגט **שעלקעס.** מאַכט דער חסיד: "וואָס הייסט, אויף עפּעס דאַרפֿן זיך דאָך האַלטן די הויזן?" זאָגט דער רבי: "נו! אָט טראָג איך נישט קיין **שעלקעס,** נו, איז האַלטן זיי זיך נישט בײַ מיר?" – "איר, רבי", ענטפֿערט דער חסיד מיט אַ שמייכל, "זענט עפּעס אַנדערש. בײַ אײַך האַלטן זיך די הויזן אויף זכות־אָבֿות".

# חלק ג: לכּבֿוד יום־טובֿ

## ווּעסט זײַן אַ מענטש, ווּעסטו עסן אין סוכּה

פֿון אַ מיידל אין ברוקלין, וואָס שרײַבט זיך אונטער מיט איר כּשרן ייִדישן נאָמען **פֿייגל**, האָב איך די וואָך דערהאַלטן אַ בריוול געשריבן אין ייִדיש, וואָס האָט מיר פֿאַרשאַפֿט אַ סך נחת. זי פֿרעגט: "פֿאַר וואָס זאָגט מען: **אַז דו ווּעסט זײַן אַ מענטש, ווּעסטו עסן אין סוכּה**?"

זייער פּשוט, מײַן טײַערע. דו ווייסט דאָך מסתּמא, אַז אין דער אַלטער היים, ווען ס'איז געקומען יום־טובֿ סוכּות, האָט יעדער ייִד, רײַך צי אָרעם, געמוזט בויען אַ סוכּה, און דאָרטן האָט ער געגעסן די אַכט טעג יום־טובֿ, ווי דער דין איז. רײַכע ייִדן, גבֿירים, האָבן זיך געקענט פֿאַרגינען צו בויען סוכּות פֿאַר זיך אַליין, גרויסע געראַמע סוכּות, ווּ ס'גאַנצע בני־בית זאָל קענען אַרײַן. געמיינע ייִדן, אָרעמע־לײַט, האָבן זיך אַזאַ פֿאַרגעניגן נישט געקענט פֿאַרגינען. זיי פֿלעגן זיך צוזאַמעננעמען אַ 5־6 פֿאַרשוין און בויען אַ בשותּפֿותדיקע סוכּה. אָרעמע־לײַט זענען נעבעך אויך מענטשן, האָבן אויך ווײַבער, און זייערע ווײַבער האָבן אויך קינדער, אָפֿט מאָל מער ווי די גבֿירישע ווײַבער. נו, איז שטעל זיך פֿאָר, ווען אַזעלכע 5־6 אָרעמע־לײַט האָבן געהאַט איין סוכּה, האָבן אַלע משהלעך און שלמהלעך און בערעלעך און כאַצקעלעך, וואָס די ייִדן האָבן פֿאַרמאָגט, געקענט אַרײַן אין סוכּה? אַוודאי נישט. וואָס זשע פֿלעגט זײַן? פֿלעגט דאָס קליינוואַרג נעבעך מוזן בלײַבן אין שטוב מיט דער מאַמען. משהלע דער גמרא־בחור, וואָס מאַכט אַזוי שיין קידוש, ער עסט מיטן טאַטן אין סוכּה, אָבער כאַצקעלע, דער קליינער וועוואריק, ער בלײַבט מיט דער מאַמען. כאַצקעלען איז דאָך עס אָבער אַ ווייטיק, סטײַטש, ער האָט זיך אַזוי פֿיל געפּאָרעט אַרום דער סוכּה, דעם טאַטן דערלאַנגט די טשוועקעס און ער וועט נישט עסן אין סוכּה? וואַרפֿט ער זיך און שלײַדערט זיך און וויינט: "איך וויל אויך עסן אין סוכּה, פֿאַר וואָס משהלע יאָ און איך נישט?" ענטפֿערט די מאַמע: "וואָס גלײַכסטו זיך צו משהלען? משהלע איז דאָך שוין אַ

מענטש. **אַז דו ווען זײַן אַ מענטש, וועסטו אויך עסן אין סוכּה**".

אָט די דאָזיקע סיטואַציע, מײַן טײַערע, האָט אַרויסגעבראַכט דעם דאָזיקן אויסדרוק. שפּעטער צו האָט דער אויסדרוק באַקומען אַ ברייטערן באַטײַט: אַז דו וועסט זײַן אַ מענטש, דאָס הייסט, אַז דו וועסט זיך אויפֿפֿירן אָנשטענדיק, לײַטיש, וועסטו עסן אין סוכּה, וועסטו קריגן דײַן לוין.

## סוכּה־שער

האשה מרת ברײַנדל וויל וויסן דעם פּשט פֿון **סוכּה־שער**.

ווי קען איך אײַך געבן דעם פּשט, אַז ס'איז נישטאָ אַזאַ זאַך ווי אַ **סוכּה־שער?** און אָט דאָס איז אייגנטלעך דער פּשט: אַ זאַך וואָס איז נישטאָ אויף דער וועלט. מיר האָבן אין אונדזער מאַמע־לשון אַ שפּאָר ביסל פֿון די דאָזיקע ווערטער: **סוכּה־שער, ספֿר פּראַלניק, דער פֿינפֿטער שולחן־ערוך, אַ ביצה שלא נולדה ביום־טובֿ, פֿויגלמילך, אינדיק־זומען, קאַטשקע־פּוטער, מוקנשמאַלץ.** טראַכט זיך אַרײַן, וועט איר זען, אַז קיין איינע פֿון די זאַכן זענען נישטאָ אויף דער וועלט און קענען נישט זײַן.

די ווערטער ווערן געניצט אין דער ייִדישער פֿראַזעאָלאָגיע. ווען אַ נאַר, למשל, וואָס ווייסט נישט ווער עס האָט אים געשלייערט, זאָגט מען: "מע קען אים שיקן נאָך אַ **סוכּה־שער**", ווײַל ער, די בהמה, ער קען מיינען, אַז ס'איז דאָ אַזאַ מין זאַך. אָדער אַ ייִד קען זאָגן "ווי שטייט עס? אין **ספֿר פּראַלניק**", צי "דאָס איז אַ דין פֿון **פֿינפֿטן שולכן־ערוך**". צי אַ ייִד וויל אָפּלאַכן פֿון צוויי בטלנים, וואָס חקרענען זיך, צי אַ פֿלוי האָט אַ פּופּיק צי ניין, קען ער זאָגן: "זיי שפּאַרן זיך איבער **אַ ביצה שלא נולדה ביום־טובֿ**".

## פּסח

עס איז יום־טובֿ, ייִדן, און איך גיב די הײַנטיקע פּראָגראַם אין גאַנצן אָפּ דעם ליבן פּעטער פּסח. אַ ביסל וויל איך אײַך ווײַזן, ווי אָט דער שיינער, ליבער יום־טובֿ האָט באַווירקט אונדזער מאַמע־לשון, און אַ ביסל וויל איך אײַך געבן צו פֿאַרזוכן פֿון די מטעמים, וואָס דער ייִדישער פֿאָלקלאָר האָט וועגן פּסח.

געדענקט איר, מײַנע פֿרײַנד, דעם פֿײַערלעכן מאָמענט פֿון בדיקת־חמץ אין אונדזערע אַלטע, איצט שוין אָפּגעווישטע היימען? דעם אמתן חמץ האָט די מאַמע ע"ה מיט די שוועסטער אויסגערוימט. זיי האָבן אַ גאַנצע וואָך געסקראָבעט און געשײַערט, געוואַשן און געלופֿטערט, און אין דער נאַכט פֿון פֿאַר ערבֿ־פּסח האָט שוין די שטוב געפֿעכלט און געפֿינקלט. אָבער כּל־זמן דער טאַטע ע"ה האָט נאָך נישט בודק־חמץ געווען, האָט נאָך אָפֿיציעל די שטוב נישט געהייסן יום־טובֿדיק. געדענקט איר, ווי ער

פֿלעגט אַרומגיין מיטן פֿלעדערוויש און אַראָפּשאַרן אויפֿן חמצדיקן טעצל די ברעקלעך ברויט, וואָס ער אַליין האָט פֿריִער אַוועקגעלייגט? איך געדענק, ווײַל איך פֿלעג אים בײַ אָט דער פֿונקציע צולײַכטן מיט אַ ליכט און ענטפֿערן "אָמן" אויף דער ברכה על בדיקת חמץ.

פשט־פּשוט, הייסט עס, מיינט **בודק־חמץ זײַן** אָט דער ערבֿ־פּסחדיקער ריטואַל פֿון זוכן דעם חמץ און אים אָפּראַמען. וואָס מיינט אָבער דער אויסדרוק אַ גאַנץ יאָר? ווער איך אײַך דערמאָנען.

געדענקט איר, וואָס עס פֿלעגט זיך אָפּטאָן ווען דער רעוויזאָר צי דער אַקציזניק פֿלעגט אין אַ שיינעם טאָג זיך אַראָפּלאָזן אין שטעטל איבערקוקן די פּאַטענטן? געדענקט איר, ווי די טיר פֿון אײַער מאַמעס קרעמל פֿלעגט זיך ראַפּטעם געבן אַן עפֿן און אַ ייִד אַ שכן פֿלעגט אַרײַנשטעקן דעם קאָפּ און אַ געשריי טאָן: "שׂרה־באַשע, **זײַט בודק־חמץ!** עס גייט איבער די קלייטן דער שׂונא־ישׂראל!" וואָס האָט ער געמיינט, די מאַמע זאָל טאָן? ער האָט געמיינט, אַז זי זאָל אָפּראַמען די פּאָר פּעקלעך פּאַפּיראָסן צי מאַכאָרקע, וואָס זי האָט אין קרעמל און וואָס זי טאָר נישט פֿאַרקויפֿן אָן אַ פּאַטענט.

און אַז מוישקע דער סטאָליער פֿלעגט אַרײַנלויפֿן צו אײַך אין שטוב אַ בלאַסער און אײַך געבן אַ שושקע אין אויער, די מאַמע זאָל נישט הערן: "יאַנקל, מע דאַרף **בודק־חמץ זײַן!**" וואָס האָט ער געמיינט דערמיט? ער האָט געמיינט, אַז איר זאָלט אויסראַמען די פּראָקלאַמאַציעס פֿון בונד, וואָס ליגן בײַ אײַך גרייט פֿאַרן ערשטן מײַ.

און ווען גנבֿים האָבן בײַ נאַכט געעפֿנט אַ קראָם, זי אויסגעליידיקט און צוגענומען די סחורה, ווי פֿלעגן ייִדן רעדן וועגן דעם אויף צו מאָרגנס? "שלמה, דו האָסט געהערט, וואָס איז געווען? מע האָט דאָך די נאַכט **בודק־חמץ געווען** בײַ בעריש דעם שניטקרעמער!"

פֿאַרטיק מיטן **בודק־חמץ זײַן**, נעמען מיר זיך צום **חמץ** גופֿא. וואָס מיינט **חמץ? חמץ** מיינט געזײַערט ברויט. אָבער דאָס בלויז אין דער וואָך פֿון פּסח. וואָס מיינט עס אַ גאַנץ יאָר? ס'ערשטע, מיינט עס: טרייפֿענע סחורה, ניט־געזעצלעכער אייגנס, גנבֿה, קאָנטראַבאַנד, פֿאַרבאָטענע ליטעראַטור אאַז"וו. ס'צווייטע, מיינט עס: שלעכטע סחורה, בבֿל־שחורה, וואָס קיינער וויל אין האַנט נישט נעמען. "ריווע־לאה", זאָגט אַ קרעמער צו זײַן ייִדענע, "מע דאַרף פּטור ווערן פֿון דעם **חמץ**. וואָס וועט עס אויסליגן, נעם וויפֿל מע גיט דיר און אַראָפּ פֿון מאַרק!" צי, אַ שטייגער, ווען אַ ייִדן האָט אָפּגעגליקט און ער האָט אויסגעגעבן די עלטסטע פֿון זײַנע פֿינף מיידן, וואָס איז שוין געווען אַריבער די שלושים – ווי פֿלעגן ייִדן רעדן וועגן דעם? "ווי געפֿעלט דיר,

סראָל־הערש? אַ מזלדיקער מענטש! געפּטרט אַזאַ **חמץ**".

פֿאַרטיק מיטן **חמץ**, נעמען מיר זיך צו דער **מצה**. איר האָט אַ מאָל געזען, ווי ייִדן לויפֿן נאָך **מצה־וואַסער**? ניין? דערפֿאַר ווייסט איר נישט פֿון וואַנען עס נעמט זיך דער אויסדרוק: **לויפֿן ווי נאָך מצה־וואַסער, כאַפּן ווי מצה־וואַסער**. **מצה־וואַסער** איז אַ מאָל געווען אַן ענין בײַ ייִדן! ווײַל אין די שטעטלעך וואָס זענען געלעגן ווײַט פֿון אַ טײַך האָט מען געדאַרפֿט ניצן ברונעם־וואַסער, און כּשרן אַ ברונעם איז ניט געווען פֿון די גרינגע זאַכן. און וואָס טוט איר, אַז הײַנט האָט מען אים געכּשרט דעם ברונעם און מאָרגן טוט אַ שייגעץ אָפּ אַ צו להכעיס און וואַרפֿט אַרײַן אַהין אַ שטיק ברויט – ערשט גוט, הע? איז פֿאָלגט מיך און שלאָפֿט נישט, ייִדן, אַזוי לאַנג דער ברונעם איז כּשר, כאַפּט אַ פּסחדיקן עמער און **לויפֿט נאָך מצה־וואַסער**.

**מצה** גופֿא האָט איין באַטײַט, ווי פּסח אַזוי אַ גאַנץ יאָר: אומגעזײַערטער קוכן. בלויז אין דער גנבֿים־שפּראַך מיינט עס נאָך עפּעס: אַ געגנבֿעטער מלבוש, אַ בגד. פֿאַר וואָס, ווייס איך נישט. אַ **מצה**, ווי איר ווייסט, איז נישט קיין זאַך מיט וועלכער מען קען זיך אָנעסן, איז וועט מע גיט אַ פֿרעסער, אַ זולל־וסובֿא אַ קליינע פּאָרציע און עמעצער וויל זיך אָננעמען זײַן קריוודע, זאָגט ער: "וואָס גיסטו אים? וואָס קלעקט פֿאַר אַ סאָלדאַט אַ **מצה**?" אַ **מצה**, ווי איר ווייסט, איז קײַלעכדיק און געשטופּלט, דערפֿאַר זאָגן ייִדן: **קײַלעכדיק ווי אַ מצה, געשטופּלט ווי אַ מצה**. אַ **מצה** איז אויך דאַר און אַ מאָל שוואַרץ ווי די ערד. איז דערציילן ייִדן, אַז מע האָט אַ מאָל געפֿרעגט אַ יונגן־מאַן גלײַך נאָך דער חתונה די באַקאַנטע שאלה: "מצא אָדער מוצא?" ס'הייסט, ווי האָסטו געטראָפֿן מיטן שידוך – האָסטו געקריגן אַ גוט ווײַב צי אַ שלאַק?[135] האָט דער יונגער־מאַן געענטפֿערט "נישט מצא און נישט מוצא, נאָר **מצה**" – דאָס הייסט: פֿרעגט נישט וואָס פֿאַר אַ פּאַרשוין איך האָב געקריגן, דאַר און שוואַרץ און געשטופּלט ווי אַ **מצה**.

פֿאַרשטייט זיך, אַז **מצות** פֿיגורירן אויך אין ייִדישע שפּריכווערטער. ייִדן זאָגן: **מצות און תּכריכים מוזן זײַן**. אַ וואַריאַנט זאָגט: **מצות און ווײַן מוז זײַן, שמאַלץ און אייער** –

135. ווײַנרײַך דערקלערט: "**מוצא אָדער מצא?** 'גוט אָדער שלעכט געטראָפֿן מיטן שידוך?' איז אַ לומדיש פּשטל, געבויט אויף אַ קאָנפֿראָנטאַציע פֿון צוויי פּסוקים: 'מצא אשה מצה טוב' ,'דער וואָס האָט געפֿונען אַ ווײַב האָט געפֿונען גוטס (משלי יח, 22) און 'ומוצא אני מר ממות את האשה אשר היא מצודים וחרמים לבה...' 'און איך געפֿין, אַז ביטערער פֿון טויט איז די פֿרוי, וואָס איר האַרץ איז פּאַסטקעס און נעצן...' (קהלת ז, 26)" (ווײַנרײַך 1973, באַנד 1, ז' 243).

**נישט זייער.** אָט דאָס לעצטע שפּריכוואָרט דערציילט אונדז, ווי גוט ייִדן האָט זיך אַ מאָל געלעבט, אַז נישט יעדער איינער האָט זיך געקענט פֿאַרגינען אויף יום־טובֿ דאָס ביסעלע שמאַלץ און דאָס איי. אָבער יאָ שמאַלץ, נישט שמאַלץ, יום־טובֿ האָבן אַלע געמאַכט. איר אַמעריקאַנער פֿרויען באַקלאָגט זיך, איר אַרבעט שווער ערבֿ יום־טובֿ. דערמאָנט זיך אָקערשט ווי די מאַמע ע"ה האָט געאַרבעט ביז די אָרעמע שטוב איז גרייט געווען אויפֿצונעמען דעם גרויסן ליבן גאַסט, דעם פֿעטער פּסח. דאָס רײַבעניש, דאָס סקראָבעניש, דאָס שײַערניש און דאָס לופֿטערניש! נישט אומזיסט פֿלעגן ייִדן זאָגן: **ראָש־חודש ניסן ווערן די ווײַבער אויסגעריסן;** אָדער: **קומט דער ערבֿ־פּסח, פֿאַרדרייט זיך בײַ די ווײַבער דער שלייער.** כאָטש צווישן אונדז זאָל עס בלײַבן, ווען נישט דער פּסח... אָבער וואָס דאַרף איך רעדן? זאָל די באָבע מײַנע רעדן. זי פֿלעגט זאָגן די באָבע מײַנע: **ווען עס זאָל נישט קומען דער ליבער פּסח, וואָלט מען פֿון דער בלאָטע נישט אַרויס.** אָדער זי פֿלעגט זאָגן: **ווען נישט פּסח, וואָלטן די שליאָכעס אַוועקגעשוווּמען.**

אָבער נאָך דער גאַנצער שווערער האָרעוואַניע, ווען די פֿאַרהאָרעוועטע ייִדענע פֿלעגט זיך אַוועקזעצן צום סדר, זיך אַרומקוקן און זען ווי אַלץ אין שטוב בלאַנקט און בלישטשעט, ווי די קינדער זענען ריין און אויסגעצוואָגן, ווי דער מאַן, אַן אָפּגעשײַערטער, אַ נײַער, זיצט ווי אַ קיסר אויף דער הסבֿ־בעט און שמייכלט צו איר, דער קייסעריניע, פֿלעגט זיך בײַ דער ייִדענע אַרויסרײַסן אַ זיפֿץ און זי פֿלעגט זאָגן: "אײַ, פּסח־לעבן איז אַ שווערער, אָבער אַ ריינער יום־טובֿ". און אויף אירע ווערטער פֿלעגט דער מאַן אַ געשריי טאָן צו די יאַטן: "נו, חבֿרה! צו דער הגדה". איינער פֿון די יאַטן איז נישט געווען קיין נאַר, פֿלעגט ער אַ זאָג טאָן צו דער מאַמען מיט אַ געלעכטערל: **דער טאַטע מיינט נישט די הגדה, נאָר די קניידלעך** – אַ פּסחדיק ווערטל, אָבער מע קען עס ניצן אַ גאַנץ גייענדיק יאָר, ווען איר ווילט זאָגן וועגן איינעם, אַז ער איז "אחד בפּה ואחד בלבֿ" – אַז ער זאָגט איין זאַך און מיינט אַן אַנדער זאַך. איר קענט אויך זאָגן: **ער מיינט נישט די חרוסת, נאָר די אַרבע־כּוסות, ער מיינט נישט די דרשה, נאָר די בקשה, ער קוקט אויף די גרויפּן און מיינט די פֿאַסאָליעס.**

פֿון אַלע ימים־טובֿים האָבן ייִדן אַם מערסטן ליב פּסח און פֿון אַלע צערעמאָניאַלן – דעם סדר. כאָטש בײַ אַ געלעגנהייט האָבן זיי זיך ליב אַ וויצל צו טאָן וועגן אים. זאָגט אַ ייִד: **טאָמער איז שוין בײַ ייִדן יאָ אַ מאָל אַ סדר, טוט ער אָן אַ ווײַס העמד אויף דער קאַפּאָטע, טרינקט ווײַן און פֿאַרבײַסט מיט כריין.** זאָגט אַ צווייטער ייִד: "פֿאַר וואָס שליסט מען צו די טיר ווען מען גייט פּראַוועון דעם סדר? ווײַל באַלד וועט מען זאָגן

׳כל דכפין ייתי ויכול׳ – ווער עס איז הונגעריק זאָל קומען עסן. איז בעסער, אַז די טיר זאָל זײַן פֿאַרמאַכט״. פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז אַלץ אין ליצנות, דער אמת איז, אַז ייִדן האָבן ליב דעם **סדר**. כאָטש ניט איינעם פֿאַרשאַפֿט ער עגמת־נפֿש. ווײַל אַ סדר, רבותי, דאַרף מען וויסן ווי צו פּראַווען, מע דאַרף וויסן ווען צו פֿאַרדעקן די מצה, ווען אָפּצודעקן, ווען צו טונקען, ווען צו נעמען דעם כּוס אין האַנט. אָט האָט אַ ייִד, למשל, אָפּגעטאָן אַזאַ זאַך. אַנשטאָט צו לייענען ״נעם דעם כּוס אין האַנט און זאָג״, האָט זיך אים דער כּף אויסגעוויזן ווי אַ פֿא און ער האָט געלייענט ״נעם דעם פֿוס אין האַנט און זאָג״. אויף אים קוקנדיק האָבן אַלע, ס׳גאַנצע בני־בית, גענומען די פֿיס אין די הענט און אים נאָכגעזאָגט: ״והיא שעמדה לאַבֿותינו״. צי, למשל, מיט אַן אַנדער ייִדן האָט געטראָפֿן, אַז אין דער הגדה זײַנער האָט פֿאַרבלאָנדזשעט אַ בלעטל פֿון אַ סליחה, דעם אײַנבינדערס שולד, און ווען ער איז פֿאַרטיק געוואָרן מיט די עשׂר מכּות – דם, צפֿרדע, כּינים, ערובֿ, דבֿר, שחין אאַז״וו – ער מישט אַריבער דאָס בלעטעל, אַ נײַע סדרה ״אָשמנו, בגדנו, גזלנו...״ ווייסט ער, דער ייִד, אַז בײַ די ווערטער דאַרף מען זיך קלאַפּן אין האַרצן, איז מיט איין האַנט טונקט ער דעם ווײַן און מיט דער צווייטער קלאַפּט ער זיך אין האַרצן. און דאָס איז נאָך גוט – וואָס טוט אַ ייִד וואָס ווייסט נישט ווי אַזוי מע הייבט אַפֿילו אָן פּראַווען אַ סדר? ווי יענער ייִשובֿניק, למשל. איר האָט נישט געהערט די מעשׂה? וועל איך זי אײַך דערציילן.

אַ יונגער ייִשובֿניק האָט נישט געוווּסט ווי אַזוי מע ריכט אָפּ דעם סדר, הייסט ער זײַן יונג ווײַבל, זי זאָל צוגיין צום שכן, צום אַלטן ייִשובֿניק, און זיך שטעלן אונטערן פֿענצטער און זען וואָס יענער טוט און אים קומען דערציילן. טוט זי אַזוי – זי גיט אַ קוק, זי זעט ווי דער שכן שלאָגט דאָס ווײַב מכּות־רצח. מיינט זי, נעבעך, אַז אַזוי ריכט מען אָפּ דעם סדר, קומט זי צוריק אַרײַן אין שטוב און שטייט און ציטערט ווי אַ בלאַט. פֿרעגט זי דער מאַן: ״נו, וואָס האָסטו געזען?״ ענטפֿערט זי נישט, נאָר שטייט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און עס קלאַפּט איר אַ צאָן אין אַ צאָן. ״וואָס שווײַגסטו, בהמה?״ פֿרעגט זי דער מאַן, ״פֿאַר וואָס רעדסטו נישט?״ ער פֿרעגט זי איין מאָל, ער פֿרעגט זי צוויי מאָל, זי שטייט אַ באַגראָבענע און שווײַגט. ווערט ער אין כּעס און הייבט אויף די האַנט און דערלאַנגט איר איין מאָל און נאָך אַ מאָל און אַ דריט מאָל. צעכליפּעט זי זיך, נעבעך, דאָס אָרעמע ווײַבל און מאַכט: ״אַז דו ווייסט, איז וואָס זשע דאַרפֿסטו פֿרעגן?״

צי, אַ שטייגער, וואָס עס האָט זיך אַ מאָל פֿאַרלאָפֿן מיט אַן אַנדער ייִשובֿניק – דאָס איז נאָך אַ שענערע מעשׂה. שלעכט – דער ווײַזער פֿון זייגער זאָגט, אַז איך וועל שוין

די מעשׂה מוזן אָפּלייגן אויף איבער אַ יאָר, מע זאָל דערלעבן, און אַז ער זאָגט, דאַרף מען אים פֿאָלגן. איז האָבן מיר קפֿיצת־הדרך און מיר טראָגן זיך איבער אין אונדזער פֿאַנטאַזיע צו אַ ייִדישער היים אין באָראָ־פּאַרק, וווּ אַן עלטערער ייִד זיצט אויף דער הסבֿ־בעט און כאַפּט אַ געשמאַקן דרימל און שנאָרכעט אונטער גאַנץ ייִדישלעך...

***

## אַ בריוו מכּוח מצה־וואַסער

א׳ חול־המועד פּסח, תּשי״א [23 אַפּריל 1951]

ליבער קאָלעגע סטוטשקאָוו, שלום ובֿרכה!

ווען נאָר כ׳האָב פֿרײַע צײַט הער איך זיך צו צו אײַער "מאַמע־לשון". אײַערע ענטפֿערס און השערות זענען ס׳רובֿ גאַנץ טרעפֿלעך, אמתע דבֿרים של טעם.

אָבער דערלויבט מיר, מײַן טײַערער, צו מאַכן אײַך אויפֿמערקזאַם אויף אַ טעות, וואָס איר האָט געמאַכט נעכטן, זונטיק דעם צווייטן טאָג פּסח, וועגן דעם פֿאָלקסאויסדרוק **מע צעכאַפּט עס ווי מצה־וואַסער.**

**מצה־וואַסער**, ליבער ר׳ נחום, איז ניט "וואַסער פֿון ברונעם", און ניט "מחמת דער מורא פֿאַרן חמץ וואָס שקצים קאָנען אַרײַנוואַרפֿן אַהין" האָט מען דאָס וואַסער צעכאַפּט, ווי איר האָט געזאָגט אין אײַער ענטפֿער.

**מצה־וואַסער** איז די "מים שלנו" (וואַסער וואָס האָט איבערגענעכטיקט אין אַ כּלי). לויטן דין פֿון דער גמרא (מסכתּא פּסחים דף מב) און פֿון שולחן־ערוך דאַרף מען אָנשעפּן דאָס וואַסער פֿאַר מצות אין דער בין־השמשות־צײַט, האַלטן אָט דאָס וואַסער צוגעדעקט אין אַ כּלי אַ גאַנצע נאַכט, כּדי זי זאָל זיך אָפּקילן, און גאַנץ פֿרי, מיטן ערשטן שפּראָץ אויף טאָג, איידער דאָס וואַסער דערוואַרעמט זיך, דאַרף מען לויפֿן און כאַפּן דאָס וואַסער און פֿאַרקנעטן דאָס טייג פֿאַר דער מצה.

ייִדן וואָס פֿלעגן לאָזן באַקן זייערע אייגענע מצות פֿלעגן טאַקע לויפֿן איינער פֿאַרן אַנדערן און צעכאַפּן אָט יענע "מים שלנו". דערפֿון דער אויסדרוק **מע צעכאַפּט עס ווי מצה־וואַסער, סע צעגייט זיך ווי מצה־וואַסער, מע לויפֿט ווי נאָך מצה־וואַסער.**

גייט אָן, ליבער סטוטשקאָוו, מיט אײַער אויסגעצייכנטער, נוצלעכער אַרבעט לטובֿת אונדזער ליבן מאַמע־לשון. תּחזקנה ידיך!

מיט גרוסן פֿון "מאַמע־לשון"

אײַער "פּיני בעל־לשון"

**פנחס רודאָי,**[136] ברוקלין

## פסחדיק פּנים

אַ ייִד פֿון לאָנג־אײַלאַנד שרײַבט: "מײַן טאָכטער גייט אויס מיט אַ 'בוי' און עס האַלט שוין אויף אַ לאַד. איז יענע וואָך געווען בײַ מיר די מאַמע און אים געזען. פֿרעג איך זי: 'נו, מאַמע, ווי געפֿעלט ער דיר?' ענטפֿערט זי מיר: 'איך ווייס אַליין נישט, עפּעס האָט ער אַזאַ **פסחדיק פּנים**'. 'וואָס מיינסטו?' זאָג איך, '**אַ פסחדיק פּנים?**' זאָגט זי: 'איך מיין, ער איז נישט אַ שוואַכער? ווײַל ער זעט אויס אַזוי בלייך'". און דער ייִד פֿרעגט: "איז דאָ אַזאַ מין אויסדרוק **אַ פסחדיק פּנים**, צי איז דאָס מײַן מאַמעס אַ דערפֿינדונג?"

**עס איז דאָ, מײַן פֿרײַנד, עס איז דאָ. עס איז אַן אַלטער ייִדישער אויסדרוק און ער מיינט אַקוראַט ווי אײַער מאַמע זאָגט: אַ בלייכער. פֿאַר וואָס עפּעס פסחדיק? דערפֿאַר ווײַל נישט אַלעמען, ווי איר ווייסט, פֿאָליובעט די מצה. פֿון ברויט [מיט קרויט], זאָגן ייִדן, ווערן די באַקן רויט, פֿון מצה ווערן זיי אַ ביסל אויסגעבלייכט. מען זאָגט אויך אַ מילכיק פּנים, און צוליבן זעלבן טעם. ווײַל אַ מענטש וואָס לעבט אויף מילכיקס איז אַ בלאַסלעכער. און איך וואָלט געשוווירן, אַז אײַער מאַמע האָט נאָך אויסדרוקן וועגן שוואַכע, קרענקלעכע מענטשן, וואָס איר האָט נישט געהערט, אָדער געהערט און פֿאַרגעסן, למשל: אַ שוואַכע גזרה, אַן אָפּגעקראָכענע קאַץ, אַ געלער יויז, אָדער אַ געלעניש, אַ גרינער אַגרעס, אַ גרינער שפּיק, אַ פֿאַרוויסט פּנים, אַן אויסגעווייקט פּנימל, אַ סנאָסט, אַ סקעלעט, אַ חורבֿה, אַ שבֿרי־כּלי, אַ שקראַב, אַ צעבראָכענער שאַרבן, אַ פלאָכע מענטשל, אַ דראַכלע, אַ פליאַגע, אַ פּאָקראַקע, אַ כערליאַק, אַ כעכליאַק, אַ זדעכליאַק, אַ כוועטשקע, אַ קוועטש, אַ כאָליערע, און איך האָב נאָך.**

## ראָש־השנה און יום־כּיפּור

הײַנט וועל איך אײַך פּרוּוון פֿאַרטײַטשן אַ צאָל ווערטער, אויסדרוקן און ווערטלעך, וואָס זענען אַרײַנגעקומען אין אונדזער ייִדיש א דאַנק די צוויי הייליקע ימים־טובֿים ראָש־השנה און יום־כּיפּור, און צוגעגעבן אונדזער לשון שיינקייט, קאָליר און אויסדריקלעכקייט. אָבער כּדי דער מאַטעריאַל זאָל נישט זײַן צו טרוקן פֿאַר אײַער גומען, וועל איך אים פֿארשמעלצן מיט אַ פּאָר פֿײַנע ייִדישע אַנעקדאָטן, וואָס דאָס פֿאָלק דערציילט. פֿאַרשטייט זיך, אַז אין דער באַגרענעצטער צײַט, וואָס איך האָב אין מײַן רשות, וועל איך אײַך פֿון די אַלע גוטע זאַכן קענען געבן בלויז צו פֿאַרזוכן,

136. פּנחס רודאָי איז געווען אַ שרײַבער און זשורנאַליסט בײַם "טאָג־מאָרגן־זשורנאַל".

אויפֿן שפּיץ מעסער, אָבער בעסער עפּעס איידער גאָרנישט. און דערפֿאַר אָן ווײַטערדיקע הקדמות צום ענין.

ייִדן, ווי איר ווייסט, זענען א גאַנץ גייענדיק יאָר בריות אויף צו פֿאַרגיסן טרערן. אָבער אַ גאַנץ יאָר ווי אַ גאַנץ יאָר, קומט ראָש־השנה און יום־כּיפּור, דעמאָלט עפֿענען זיך אַלע קוואַלן און די טרערן גיסן זיך פֿון אונדז עמערווײַז. גיי ווייַן נישט בײַ אַזעלכע האַרץ־רײַסנדיקע תּפֿילות און פּיוטים ווי ונתנה־תּוקף, היום הרת עולם, יעלה תּחנוננו אאַז״וו. איז דערפֿאַר ווען דער טאַנטע מירל איז אָנגעזאַלצן אויפֿן האַרצן אין אַ פּשוטן מיטוואָך, וועט זי אום יום־טובֿ נישט בלויז וויינען, נאָר, ווי מע זאָגט: **זי וועט זיך צעיעלהן, זי וועט זיך צעקלאָגן ווי צו ונתנה־תּוקף, ווי אַן אַלטער חזן צו די ערשטע סליחות.** און טאַנטע מירל ווייסט וואָס עס מיינט זאָגן יעלות, און זי ווייסט וואָס עס מיינט ונתנה־תּוקף. און אַז איך האַלט שוין בײַ ונתנה־תּוקף, אַ סך פֿון אײַך ייִדן האָבן געוואָלט וויסן, וואָס עס מיינט: **דו קענסט מיך לאָדן צום ונתנה־תּוקף.** זייער פּשוט – אין דער תּפֿילה ונתנה־תּוקף רעדט זיך וועגן דעם יום־הדין, דער טאָג ווען יעדער שטייט צו מישפּט פֿאַרן כּסא־הכּבֿוד. **קענסט מיך לאָדן צום ונתנה־תּוקף** מיינט אויף אַן איידעלן אופֿן: קענסט מיך לאָדן צום כּסא־הכּבֿוד.

אָבער לאָמיר זיך אומקערן צו אונדזערע ימים־נוראָימדיקע תּפֿילות. נישטאָ קיין פֿאָלק אין דער וועלט, וואָס זאָל האָבן אַזעלכע האַרציקע תּפֿילות און פּיוטים, וואָס זאָלן אַזוי אַ נעם טאָן בײַ דער נשמה, בײַ וועלכע מען זאָל זיך קענען אַזוי געשמאַק אויסוויינען, ווי מיר ייִדן. פֿאַרשטייט זיך, אַז כּדי צו פֿילן דעם אמתן טעם פֿון די תּפֿילות דאַרף מען וויסן וואָס מען זאָגט, דאַרף מען פֿאַרשטיין פּירוש־המילות. ווײַל אַז מע איז אַן עם־האָרץ, אַ גראָבער־יונג, און מע פֿאַרשטייט נישט, וואָס מען זאָגט, איז געהאַקטע צרות. אַזאַ איינער קען זיך אַ מאָל צעוויינען בײַ "מי יחיה", אַנשטאָט בײַ "מי ימות", און דערפֿאַר האָבן מיר אַ ווערטל בײַ ייִדן וועגן אַן עם־האָרץ: **ער וויינט אויף "מי יחיה"**. און דערפֿאַר האָבן מיר נאָך אַ ווערטל מיט אַ גאָר אַנדער פּשט. פֿאַראַנען ייִדן נישט קיין פֿאַרגינערס, וואָס זיי אַרט נישט אַזוי פֿיל, וואָס זיי איז שלעכט, נאָר וואָס יענעם איז גוט, איז וועגן אַזעלכע ייִדן זאָגט מען: **ער וויינט נישט אויפֿן "מי ימות", נאָר אויפֿן "מי יחיה"** – דאָס הייסט, אים אַרט נישט, וואָס יענער ליגט אין דר'ערד, נאָר וואָס יענער לעבט אויף דער וועלט.

כאָטש פֿון דעם אמת קען מען נישט אַוועקגיין: ווי שיין און האַרציק זיי זענען, די ייִדישע תּפֿילות און פּיוטים, אַזוי שווער איז זיי אײַנצובײַסן (איך מיין צו פֿאַרשטיין), אַפֿילו פֿאַר ייִדן, וואָס זענען געגאַנגען אין חדר אַרײַן און געלערנט פּסוק. גיי צעקײַ

אַזאַ מין פּיוט ווי "אָץ קוצץ בן קוצץ קצוצי לקצץ". מען דאַרף האָבן דאָך אײַזערנע ציין דערצו. דערפֿאַר זאָגט מען טאַקע בײַ ייִדן אויף אַ שווערער, אומפֿאַרשטענדלעכער שפּראַך: **דאָס איז תּרגום־לשון, דאָס איז אָץ־קוצץ־שפּראַך.** און דערפֿאַר גייען אַרום בײַ ייִדן אַזוי פֿיל ווערטלעך און פּאַראָדיעס וועגן די ימים־נוראָימדיקע תּפֿילות. מען פֿרעגט אַ ייִדן: וואָס איז דער טײַטש "הממליך מלכים ולו המלוכה"? ענטפֿערט דער ייִד: **מען זאַלצט און מען זאַלצט און ס'איז נישט געזאַלצן.** וואָס איז דער טײַטש פֿון: "אַשרי העם יודעי תּרועה"? ענטפֿערט דער ייִד: **ווייל איז דעם, וואָס קען יענעם אָנפּײַפֿן.** מיט די דאָזיקע ווערטלעך מיינען ייִדן, חלילה, נישט אָפּצולאַכן פֿון די תּפֿילות, נאָר צו כאַראַקטעריזירן די שפּראַך, די שווערע עבֿרי, אין וועלכער זיי זענען פֿאַרשריבן.

דערפֿאַר האַלט איך, אַז די ווײַבער זענען קליגער פֿון אונדז מענער – זיי פֿאַרשטייען נישט קיין לשון־קודש, זאָגן זיי אויף עבֿרי־טײַטש. און איר וועט דאָך מודה זײַן, אַז מען קען זיך בײַ אַ ווײַבערישער תּחינה געשריבן אויף עבֿרי־טײַטש פּונקט אַזוי געשמאַק אויסוויינען ווי זי וואָלט געווען אויף לשון־קודש, און אפֿשר נאָך בעסער.

כאָטש זאָל אַזוי נישט טרעפֿן ווי עס טרעפֿט, מע קען אַ מאָל מיט עבֿרי־טײַטש אויך אַרײַנפֿאַלן. איר זאָגט דאָך הלל? אין הלל איז פֿאַראַן אַ פּסוק וועגן די געצן־דינער, ווי זיי דינען צו זאַכן געמאַכט פֿון האָלץ און שטיין, און עס זאָגט זיך דאָרטן וועגן זיי, וועגן די געצן: "פּה להם ולא ידברו, עינים להם ולא יראו, אָזנים להם ולא ישמעו" אאַז"וו. זיצט אַ ייִדענע אין דער ווײַבערשול און זאָגט הלל אויף עבֿרי־טײַטש און וויינט מיט ביטערע טרערן. זיצט אַ צווייטע ייִדענע לעבן איר און וווּנדערט זיך. זי ווייסט, אַז בײַ הלל איז נישטאָ וואָס צו וויינען און זי מאַכט: "וואָס וויינט איר אַזוי, חיה־באַשע?" – "וואָס איך וויין?" ענטפֿערט חיה־באַשע און ווישט די טרערן פֿון די אויגן, "הערט, ברכהשי, וואָס דאָ טוט זיך. זיי האָבן מײַלער און רעדן נישט, זיי האָבן אויגן און זעען נישט, זיי האָבן אויערן און הערן נישט. נו, ווי זאָל מען נישט וויינען אויף אַזעלכע ביטערע קאַליקעס, נעבעך?"

אָבער מיט אַזעלכע ייִדענעס איז נאָך אַ האַלבע צרה – פֿאַרשטייען זיי נישט אין גאַנצן וואָס זיי לייענען, עפּעס פֿאַרשטייען זיי דאָך. ערגער איז די, וואָס קענען גאָרנישט, נישט קיין עבֿרי און נישט קיין עבֿרי־טײַטש. אַזעלכע מוזן זיך, נעבעך, באַנוגענען מיט דעם, וואָס זיי זאָגן נאָך דער זאָגערין אין שול און דאַרפֿן זיפֿצן בעת יענע זיפֿצט און וויינען בעת יענע וויינט. אין כּלל גענומען איז דאָס נישט שלעכט,

ווײַל וואָס איז דער חילוק ווי אַזוי מען זאָגט, אַבי מען זאָגט? דאָס אומגליק איז נאָר, וואָס אַזאַ ייִדענע אַ נאָכזאָגערין קען אַ מאָל אָנמאַכן גרויסע צרות. אָט איז, למשל, געווען בײַ אונדז אין שטעטל אַ ייִדענע אַ קצבֿטע מיטן נאָמען טויבע דוואָשע. געררופֿן האָט מען זי טויבע דוואָשע דערפֿאַר, ווײַל זי האָט אַ ביסל נישט דערהערט, נישט פֿאַר אײַך געדאַכט. זיצט זי איין מאָל אָט די טויבע דוואָשע ראָש־השנה אין שול מיט נאָך אַ קופּקע ווײַבער אַרום זעלדע־זלאַטע דער זאָגערין און מען זאָגט. דאָס הייסט, זעלדע־זלאַטע זאָגט און די ווײַבער זאָגן איר נאָך. זאָגט זעלדע־זלאַטע: "שׂרף – אַ ברענענדיקער מלאך". דערהערט זי נישט טויבע דוואָשע, און אַנשטאָט "אַ ברענענדיקער מלאך" גיט זי אַ זאָג: "עס ברענט בײַם גלח". דערהערט עס אַ צווייטע ייִדענע און גיט אַ פּליעסקע מיט די הענט: "אוי, אַ בראָך איז צו מיר! עס ברענט בײַם גלח?" און גיט אַ לויף צו צום פֿענצטערל, וואָס צו די מענער, און גיט אַ געשריי: "ייִדן, וואָס שטייט איר? עס ברענט בײַם גלח!" וואָס פֿאַר אַ סומאַטאָכע ס'איז געוואָרן אין שול דאַרף איך אײַך נישט זאָגן.

דאָס איז געווען ראָש־השנה. יום־כּיפּור צו כּל־נדרי, די ווײַבער האָבן דערזען טויבע דוואָשען, האָבן זיי זיך אָנגעהויבן בונטעווען. זיי ווילן זי נישט האָבן לעבן זיך – ווער ווייסט וואָס פֿאַר אַ חתונה זי קען נאָך ווײַטער אָנאַרבעטן? אָבער זעלדע־זלאַטע די זאָגערין, אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל זי האָבן, האָט זיך אײַנגעשפּאַרט פֿאַר איר און איר געלאָזט זיצן. אײַ, איז דאָס געווען אַ זעלדע־זלאַטע. נישטאָ מער אַזעלכע זעלדע־זלאַטעס בײַ ייִדן, אַזעלכע גוטע נשמות, אַזעלכע צדקתטעס! פֿון ר' לוי־יצחק דעם באַרדיטשעווער דערציילט מען דאָך, אַז ער פֿלעגט רעדן מיטן רבונו־של־עולם כּדבר איש אל רעהו – אַזוי איז געווען זעלדע־זלאַטע. זי פֿלעגט רעדן צו גאָט אַזוי ווי מען רעדט צו אַ שכן. זי איז איין מאָל מוצאי־יום־כּיפּור געגאַנגען פֿון שול און זיך אַ גליטש געטאָן און געפֿאַלן. הייבט זי אויף די אויגן צום הימל און זאָגט מיט אַ בייזער: "האַרצעדיקער פֿאָטער אין הימל, צי איך האָב הײַנט מיט מײַן וויינען און קלאָגן יאָ עפּעס געפּועלט בײַ דיר צי נישט, אָבער שטופּן זיך דאַרפֿסטו נישט".

דערווײַל האָב איך זיך פֿאַררעדט און אַוועק אָן אַ זײַט און אַזוי ווי די צײַט איז קורץ, איז לאָמיך כאָטש אַרײַנכאַפּן אַ וואָרט אָדער צוויי וועגן יום־כּיפּור. האָט איר אַ מאָל אַ טראַכט געטאָן, ייִדן, ווי אָרעם אונדזער מאַמע־לשון וואָלט געווען, ווען מיר האָבן נישט דעם מינהג פֿון כּפּרות שלאָגן? באַרעכנט, ווו וואָלטן מיר גענומען אַזעלכע טײַערע אויסדרוקן ווי: **ער טויג אויף כּפּרות, איך דאַרף עס אויף תּישעה נײַנציק כּפּרות.** אָדער: וואָס האַלטסטו זיך מיט דעם שלימזל? **שלאָג מיט אים כּפּרות.** צי ווו וואָלטן מיר

גענומען אַזאַ זאַפֿטיקע קללה: **זײַן זאָל ער די כּפּרה פֿאַר מיר און פֿאַר מײַנע קינדער און פֿאַר כּל־ישׂראל.** צי ווו וואָלטן מיר גענומען אַזאַ פֿײַנעם אויסדרוק וועגן איינעם, וואָס ווייסט נישט ווער עס האָט אים געשלייערט: **ער קוקט ווי אַ האָן אין בני־אָדם.** צי גאָר אַזאַ פֿײַן שפּריכוואָרט וועגן אַן אומשולדיקן מענטשן, וואָס לײַדט פֿאַר יענעמס זינד: **דער מענטש זינדיקט און דער האָן ווערט די כּפּרה.** דאָס האָבן מיר אַלץ צו פֿאַרדאַנקען די כּפּרות. און שופֿר? אַ נו, למשל, זאָגט אַ גוי, אַז ער **האָט אַ נאָז ווי אַ שופֿר** – וועט ער וויסן וואָס איר מיינט? פֿרעגט אים בחרם. אַ ייִד קען אײַך געבן אין באַק אַרײַן, ווײַל אַ ייִד ווייסט, אַז אַ שופֿר מיינט אַ קרומע נאָז. און אָט איז אַ קלוג ווערטל וועגן **שופֿר**, וואָס ייִדן זאָגן וועגן אַ שלימזל, וואָס געפֿינט אויף אַלעמען אַ תּירוץ: **אַז דער בעל־תּוקע קען נישט בלאָזן, לייגט זיך דער שׂטן אין שופֿר אַרײַן.** און דאָס דאָזיקע ווערטל דערמאָנט מיך אָן אַן אַנדער ווערטל, מיט וועלכן מיר וועלן פֿאַרענדיקן אונדזער הײַנטיקע סעסיע פֿון "מאַמע־לשון". דרײַ פֿרייען זיך אין דעם טאָג פֿון ראָש־השנה: דער רבונו־של־עולם, להבֿדיל דער שׂטן, און די ייִדן. דער רבונו־של־עולם פֿרייט זיך, וואָס מע האָט יצחקן בלויז געפֿירט צו דער עקדה, אָבער נישט געקוילעט. ווײַל מה־דאָך אַז מע האָט אים נאָר געוואָלט קוילען, מאַכן ייִדן אַזעלכע געוואַלדן בײַם ראָש־השנהדיקן דאַווענען, הײַנט וואָס וואָלט שוין געווען ווען מען קוילעט אים? דער שׂטן פֿרייט זיך, וואָס מע בלאָזט שופֿר מיט דער שמאָלער זײַט, ווײַל אַז עס האַלט שלעכט און ער מוז אַרויס פֿון שופֿר, קען ער אַרויס דורך דער ברייטער זײַט. ווען ס'איז, חלילה, פֿאַרקערט, וואָלט ער דערשטיקט געוואָרן. די ייִדן פֿרייען זיך, וואָס זיי דאַרפֿן זאָגן פֿאַר שופֿר זיבן מאָל "למנצח". ווײַל ווען זיי דאַרפֿן, חלילה, זאָגן זיבן מאָל "אַשרי תּמימי דרך", וואָלטן זיי פֿאַרטיק געוואָרן מיטן ראָש־השנהדיקן דאַווענען ערבֿ סוכּות.

# חלק ד: שטעט און שטעטלעך

## שטאָט־ און שטעטל־צונעמענישן

מ״ר רפֿאל מאַרדעוו פֿון די בראָנקס האָט מיר פֿאַרגעבן אַ שווער שטיקל לייענען. ער וויל וויסן, פֿאַר וואָס מען פֿלעגט זאָגן: **לעמבעריקער פּיפּקעס, סאָקעלאָוועער עדות, פּידיײַצער קאַטשקעס** וכדומה.

וואָס טוט מען? ר׳ רפֿאל, איך האָב מורא אָנצוהייבן. אין דער מינוט וואָס איך ענטפֿער אײַך, קען מען מיך אויף צו מאָרגנס אָנהייבן באָמבאַרדירן מיט ענלעכע שאלות: פֿאַר וואָס זאָגט מען **אָסטרעוווער בריטאַנעס, אַפּטער מתים, ביאַלאַבזיגער סאַרגעס** און **בעלדזער כניאָקעס**? ווײַל איך וויל, איר זאָלט וויסן, ר׳ רפֿאל, אַז ס׳איז כּמעט נישט געווען קיין ייִדישע שטאָט און קיין ייִדיש שטעטל אין דער אַלטער היים, וואָס זאָל נישט האָבן קיין צונעמעניש. נח פּרילוצקי ע״ה, דער באַרימטער פֿאָלקלאָריסט, ער אַליין האָט פֿאַרצייכנט איבער טויזנט אַזעלכע צונעמענישן. און ווו זענען די אַנדערע זאַמלערס? נאָך מער, עס זענען געווען שטעטלעך וואָס האָבן זיך מיט איין צונעמעניש נישט באַנוגנט, נאָר געהאַט צוויי, דרײַ, פֿיר און מער. אָט, למשל, אַזאַ פּיצל שטעטל ווי ביאַלע האָט געהאַט זעקס צונעמענישן: **ביאַלער ביניקעס, ביאַלער גויים, ביאַלער מוסרים, ביאַלער נאַשערס, ביאַלער קאָזעס** און **ביאַלער שלישאַרעס**. און וועט איר גלייבן, אַז וואַרשע האָט זיך פֿאַרגונען צו האָבן בײַ אַ דרײַ צענדלינג צונעמענישן? אָט זענען בלויז אַ פּאָר, די איבעריקע וועט איר מוזן גלייבן אויפֿן וואָרט: **וואַרשעווער אינדיקעס, וואַרשעווער בהמות, וואַרשעווער גנבֿים, וואַרשעווער זשוליקעס, וואַרשעווער חזירים, וואַרשעווער פֿליאַקעס, וואַרשעווער פֿליאַדרעס, וואַרשעווער יאַכנעס** – אויף מער כאַפּט מיר נישט דער אָטעם. איז וואָס מיינט איר, איז אַ פּלאַן, אַז איך זאָל אַוועקלייגן אַלע אַרבעטן און זיך פֿאַרנעמען מיט פֿאַרטײַטשן די אַלע צונעמענישן, וואָס ייִדן האָבן געגעבן זייערע שטעט און

שטעטלעך? פֿון דער אַנדערער זײַט, אָבער, זענט איר ווערט אַן ענטפֿער אויף אײַערע שאלות, שוין צוליב דעם אַליין, וואָס איר האָט מיר געגעבן די געלעגנהייט צו באַרירן אַן ענין, וואָס איז אפֿשר פֿאַר אַ סך פֿון מײַנע צוהערערס נישט קלאָר.

צו ערשט, אַן אַלגעמיינע באַמערקונג וועגן דעם ענין צונעמענישן בכלל, וואָס מיינען זיי, און ווי אַזוי זענען זיי אויפֿגעקומען. מיט שטעט איז פּונקט ווי מיט מענטשן – מענטשן האָבן אויך צונעמענישן. ווי אַזוי, למשל, גיט איר אַ מענטשן אַ צונאָמען? איר באַמערקט אין אים אַ כאַראַקטעריסטישע אייגנשאַפֿט, אַ חסרון, אַ געוווינהייט, כאַפּט איר זי אויף און איר האָט שוין פֿאַר אים אַ נאָמען. אויב דער מענטש, למשל, איז אַ קאַרגער, רופֿט איר אים **משה חזיר**. איז ער אַן אומגעלומפּערטער, שווערער פֿאַרשוין, רופֿט איר אים **כאַצקל דער ליימענער גולם**. איז די שכנה אײַערע אַן אָפּגעלאָזטע, וואָס גייט תּמיד אַרום מיט אַ צעשויבערטן קאָפּ, רופֿט איר זי: **מאַזעפּע, שייטעלע פֿאַרך** וכדומה. דאָס זעלבע איז מיט שטעט.

דאָס פֿאָלק האָט זייער אַ שאַרף אויג. אין דער מינוט וואָס עס כאַפּט אויף די כאַראַקטעריסטישע אייגנשאַפֿטן, די מידות, די גענג, די שוואַכקייטן, די פּרנסות פֿון דעם אָדער יענעם שטעטל, אַזוי קרוינט זי עס גלײַך מיט אַ נאָמען. דער גרעסטער טייל צונעמען זענען אַזעלכע פּשוטע, אַז זיי נייטיקן זיך נישט אין קיין פּירושים. דאַרפֿט איר אַ פּירוש אויף **בעלעמער נאַראָנים**? צי אויף **ווילנער אַפּיקורסים**? צי אויף **זשעלעכאָווער מוסרים**? אַוודאי נישט. דער פּשט איז אַ פּשוטער: כעלעם צייכנט זיך אויס מיט נאַראָנים, ווילנע מיט אַפּיקורסים און זשעלעכאָוו מיט מוסרים. פֿאַראַן אויך אַזעלכע נעמען, וואָס זענען נישט אַזוי קלאָר און פֿאַרשטענדלעך, אָבער נאָר פֿאַר די, וואָס שטאַמען פֿון אַן אַנדער געגנט. למשל, איר ווייסט נישט פֿאַר וואָס מען זאָגט **מעכעווער פּענצעקעס**, אָבער אַ ייִד וואָס שטאַמט פֿון מעכעוו ווייסט; ווײַל אין מעכעוו האָט מען ליב געהאַט פּענצאַק – אַזאַ מין גראָבע קאַשע. צי, למשל, איר ווייסט נישט פֿאַר וואָס מען זאָגט **פֿאַרצעווער סמאָליכעס**, אָבער אַ ייִד וואָס קומט פֿון פֿאַרצעוו וועט אײַך זאָגן, אַז דאָס איז דערפֿאַר, ווײַל לעבן פֿאַרצעוו זענען געווען גרויסע וועלדער און ייִדן האָבן זיך דאָרטן פֿאַרנומען מיט טרײַבן סמאָלע. צי, למשל, איר פֿרעגט פֿאַר וואָס מען זאָגט **לעמבעריקער פּיפּקעס**. פֿרעגט אַ ייִדן פֿון לעמבעריק, וועט ער אײַך זאָגן, אַז אין לעמבעריק זענען געווען אַ סך ייִדן מיט בײַכלעך, פּיפּקעס. זעט איר, די אַנדערע שאלות אײַערע דאַרף מען שוין פֿאַרטײַטשן. וואָס האָט איר געפֿרעגט? פֿאַר וואָס מען זאָגט **סאָקעלאָווער עדות**? דערפֿאַר ווײַל געווען אין סאָקעלאָוו אַזעלכע ייִדן, וואָס האָבן זיך פֿאַרנומען מיט דער מלאָכה פֿון עדות־זאָגן,

וואָס זענען געווען אַזוי צו זאָגן יאָר־עדות.

מע דערציילט אַזאַ מעשׂה. צוויי ייִדן באַגעגענען זיך אויפֿן שאָסיי: „שלום־עליכם." – „עליכם־שלום". – „פֿון וואַנען איז אַ ייִד?" – „פֿון סאָקעלאָוו". – „וווּהין גייט אַ ייִד?" – „קיין ווענגראָווע". – „נאָך וואָס?" – „איך בין אַן עדות". – „אָ, איר דאַרפֿט עדות זאָגן? קעגן וועמען דאַרפֿט איר עס עדות זאָגן?" – „דערווײַל ווייס איך נאָך נישט. איך וועל זײַן דאָרטן, וועט זיך שוין עפּעס מאַכן".

די אַנדערע שאלה, וואָס איר פֿרעגט – פֿאַר וואָס מען זאָגט **פֿידרײַצער קאַטשקעס** – פֿאָדערט שוין גאָר אַ לאַנגן פּירוש, ווײַל ס'איז אַ סבֿרה, אַז דאָס ווערטל איז געבויט אויף אַ מעשׂה־שהיה. געווען אַ שטעטל אין גאַליציע, וואָס האָט געהייסן פֿידרײַץ. קומט אַ פּויער פֿון דאָרף און ברענגט צו פֿאַרקויפֿן אויפֿן פֿידרײַצער מאַרק אַ קעלבל. קומט צו איין קצבֿ: „וויפֿל ווילסטו פֿאַרן קעלבל?" דער גוי גיט אַ זינג אַרײַן, אַז דעם קצבֿ ווערט פֿינצטער פֿאַר די אויגן. קומט צו אַ צווייטער קצבֿ: „וויפֿל ווילסטו פֿאַרן קעלבל?" די זעלבע געשיכטע. פֿאַרדריסט עס די קצבֿים און איינער גיט אַ ווונק צום צווייטן. ביידע רוקן זיך אַוועק אין אַ זײַט, מע הייבט אָן זיך שושקען און מע באַשליסט, מען דאַרף אָנלערנען דעם גוי, אַז ער זאָל שוין פֿאַרזאָגן אַ צענטן ניט צו בעטן אַזאַ פּרײַז פֿאַר אַ בידנע קעלבל. וואָס טוען זיי? הערט זשע. מיט אַ פּאָר מינוט שפּעטער גייט צו איין קצבֿ און מאַכט צום גוי: „בקיצור, לאָמיך הערן, סטעפּאַן, וואָס קאָסט די קאַטשקע?" – „די קאַטשקע?" שטעלט דער גוי אויס אַ פּאָר אויגן, „דו מיינסט דאָס קעלבל". – „וואָס ביסטו, משוגע געוואָרן?" מאַכט דער קצבֿ, „וואָס פֿאַר אַ קעלבל? דאָס איז דאָך אַ קאַטשקע". – „גיי געזונטערהייט", ענטפֿערט אים דער פּויער אַ צעקאָכטער, „האָסט נישט געפֿונען פֿון וועמען חוזק צו מאַכן?" – „מילא", זאָגט דער קצבֿ, „ווילסט נישט פֿאַרקויפֿן, דאַרף מען נישט", און גייט אַוועק. מיט אַ פּאָר מינוט שפּעטער רוקט זיך אונטער נאָך אַ קצבֿ: „היי, סטעפּאַן, וואָס ווילסטו פֿאַר דער קאַטשקע?" איך וועל עס מאַכן קורץ, וויפֿל קצבֿים עס זענען געווען אויפֿן מאַרק, איז יעדער צוגעקומען צום גוי מיט דער זעלבער שאלה: „וואָס ווילסטו פֿאַר דער קאַטשקע?" דער גוי איז אַ צעטומלטער געוואָרן: „יעזוס מאַריאַ, אַלע קענען דאָך נישט זײַן משוגע. אַז אַלע זאָגן, אַז דאָס איז אַ קאַטשקע, איז נישט אַנדערש נאָר עפּעס איז געקומען אויף מיר אַ פֿאַרבלענדעניש און איך מיין, אַז דאָס איז אַ קעלבל". דער קיצור, דער גוי האָט פֿאַרקויפֿט דאָס קעלבל פֿאַר דעם פּרײַז פֿון אַ קאַטשקע. און פֿון דעמאָלט אָן האָבן די פֿידרײַצער געקריגן אַ צונאָמען: **פֿידרײַצער קאַטשקעס**, אָדער **פֿידרײַצער קאַטשקע־מאַכערס**.

## ראָזשאַנקער מחילה־בעטערס

געווען אַ שטעטל אין מיזרח־פּוילן, האָט עס געהייסן ראָזשאַנקע. האָט דאָס שטעטל געהאַט אַ צונאָמען: **ראָזשאַנקער מחילה־בעטערס.** פֿון וואַנען קומט דאָס שטעטל צו אַזאַ שיינעם צונאָמען? איז הערט אַ מעשׂה, וואָס אַ ייִד מיטן נאָמען גאָלדבערג פֿון דזשוירזי־סיטי דערציילט.

אין ראָזשאַנקע איז דער קאַלטער בית־מדרש געווען לעבן דעם אַלטן בית־עולם. איז דער אַלטער בית־עולם געווען אַן אָפּגעלאָזענער מיט אַן איינגעפֿאַלענעם פּאַרקאַן, ווו עס פֿלעגן פֿראַנק און פֿריי אַרומשפּאַצירן די שטעטלשע ציגן. מאַכט זיך אַ מעשׂה און דער שמשׂ פֿון קאַלטן בית־מדרש פֿאַרגעסט ביי נאַכט צוצומאַכן די טיר פֿון בית־מדרש און פֿאַר טאָג כאַפּט זיך אַריין אַהין אַ ציג. הייבט זי אָן נישטערן, די ציג, אין די שטענדערס און געפֿינט אַ טלית, וואָס אַ ייִד האָט דאָרטן איבערגעלאָזט. הייבט זי אָן דרייען מיט די הערנער דעם טלית און דרייט אַזוי לאַנג ביז זי פֿאַרדרייט זיך אין אים און קען פֿון אים נישט אַרויס. לויפֿט זי אַ דערשראָקענע צוריק אויפֿן בית־עולם און שטעלט זיך אַוועק אויף אַ קבֿר און דרייט זיך און שאָקלט זיך און קען זיך נישט אַרויספּלאָנטערן פֿון טלית. געווען איז סליחות־צייט, ווען ראָזשאַנקער ייִדן זענען פֿאַר טאָג געקומען אין קאַלטן בית־מדרש זאָגן סליחות און פֿאַרבייגעגאַנגען דעם בית־עולם. האָבן זיך ביי זיי די האָר אויפֿן קאָפּ געשטעלט קאַפּויער: גוואַלד! שמע־ישׂראל! זע, אַ מת איינגעוויקלט אין אַ טלית שטייט אויף אַ קבֿר און שאָקלט זיך! וואָס טוט מען? אין אַזאַ פֿאַל איז דאָ בלויז איין מיטל: מען דאַרף ביים מת בעטן מחילה און אים הייסן צוריקגיין אין זיין רו אַריין. טוט מען אַזוי, גייט מען אַרויף אויפֿן בית־עולם און מען בעט מחילה ביים מת און מען שרייט: "מת טהור, צוריק אין דיין רו אַריין! מת טהור, צוריק אין דיין רו!" אין דער מינוט האָט זיך די ציג אויסגעפּלאָנטערט פֿון טלית און געבליבן שטיין אַ דערשראָקענע, ווי איינע זאָגט: וואָס ווילט איר פֿון מיר, ייִדן? איך בין אַן אָרעמע ציג, איך וויל נאָך לעבן אויף דער וועלט. אָט פֿון דער מעשׂה, שרייבט מ"ר גאָלדבערג, נעמט זיך וואָס ראָזשאַנקע האָט באַקומען דעם צונאָמען: **ראָזשאַנקער מחילה־בעטערס.**

## בראָד און באַרדיטשעוו

עס פֿרעגט מיך אַ ייִד פֿון (זייט מוחל, ר' ייִד, וואָס איך האָב נישט פֿאַרשריבן אייער נאָמען): "פֿאַר וואָס זאָגט מען **פֿאַרפֿאַלן ווי אין בראָד**?"

עס איז דאָ אַ טעם דערביי. איר ווייסט מסתּמא, אַז אין די שטעט און שטעטלעך, וואָס זענען געלעגן לעבן דער גרענעץ, זענען געווען ייִדן, וואָס האָבן זיך

באַשעפּטיקט מיט דער נישט זייער כּשרער פּראָפעסיע פֿון שמוגלערײַ. געווען שמוגלערס, אָדער שוואַרצערס, וואָס האָבן געשוואַרצט מענטשן, און געווען שמוגלערס וואָס האָבן געשוואַרצט סחורה. געווען זייער אַן אײַנשטעלערישע פּרנסה, ווײַל ווען דעם שוואַרצער האָט זיך שוין אײַנגעגעבן אַרײַנצושוואַרצן אין שטעטל די פּאָר שטיקלעך זײַד אָדער די פּאָר פֿלעשערבלאָז־אָקעוויט, און מען האָט אים געכאַפּט מיט דער סחורה, איז נישט נאָר וואָס מען האָט זי געקענט קאָנפֿיסקירן, ער אַליין האָט נאָך געהאַט אויף זיך אַ פּעקל.

געווען אָבער איין שטאָט אַ גליקלעכע, בראָד האָט זי געהייסן. אין בראָד, אַז איר האָט אַרײַנגעשמוגלט אַ שטיקל סחורה, איז געווען פֿאַרפֿאַלן. ווײַל בראָד איז געווען אַ פֿרײַשטאָט און האָט געהאַט אירע אייגענע געזעצן. דאָרטן האָט מען קיין געשמוגלטע סחורה נישט געקענט קאָנפֿיסקירן. און דערפֿאַר איז בײַ ייִדן געוואָרן אַ ווערטל: **פֿאַרפֿאַלן ווי אין בראָד.**

ענלעך דערצו איז אַ פֿראַגע וואָס מ״ר גראָסמאַן פֿון ברוקלין פֿרעגט מיך: ״בײַ אונדז״, שרײַבט מ״ר גראָסמאַן, ״אין קרעמענטשוג, ווען סוחרים פֿלעגן רעדן וועגן פֿאַרפֿאַלענע חובֿות, פֿלעגן זיי זאָגן **פּיש נאַ באַרדיטשעוו**. וואָס מיינט עס און פֿון וואַנען נעמט זיך עס?״

מיינען מיינט עס אַקוראַט ווי איר זאָגט: **פֿאַרפֿאַלן, פֿאַרפֿאַלן ווי אין בראָד**, אָדער בלשון־מליצה – **מענגסט שוין נאָך דעם זאָגן אַ רבנן־קדיש, מענגסט שוין נאָך דעם שטעלן אַ ליכטל**, און נעמען נעמט זיך עס יאַקבע דערפֿון, וואָס באַרדיטשעוו, ווי איר ווייסט, ליגט אויפֿן גרענעץ פֿון אוקראַינע. אין די אַמאָליקע יאָרן האָט די דאָזיקע געגנט שטאַרק געליטן פֿון די מלחמות און אויפֿשטאַנדן פֿון די קאָזאַקן און הײַדאַמאַקעס. די וועגן אין יענער געגנט זענען געווען זייער נישט זיכער, און אַזוי ווי קיין אײַנגעשטעלטע פּאָסט איז נאָך דעמאָלט נישט געווען, פֿלעגט מען די בריוו אין יענער געגנט שיקן דורך דער מיליטערישער וואַך. און פֿאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ מין פּאָסט איז נישט געווען שטאַרק ראַיעל, אַ בריוו געשיקט אויף באַרדיטשעוו האָט געדאַרפֿט האָבן מזל, אַז ער זאָל אָנקומען. נו, איז בײַ די גויים דעמאָלט אויפֿגעקומען אַ ווערטל ״פּישי פּישמאָ טשערעז בערדיטשעוו״ – שרײַב אַ בריוו דורך באַרדיטשעוו. האָבן עס אַחינו־בני־ישׂראל איבערגענומען און פֿאַרקירצט **פּישי נאַ באַרדיטשעוו**, און אַזוי איז דאָס געבליבן ביזן הײַנטיקן טאָג ווי אַן אויסדרוק פֿאַר אַן אומזיסטער, אַרויסגעוואָרפֿענער אַרבעט. איר טרעפֿט אַ פֿרײַנד אין גאַס און איר פֿרעגט אים: ״ווּהין גייסטו, משה?״ – ״איך גיי״, ענטפֿערט אײַך משה, ״אָפּנעמען אַ חובֿ בײַ שמואל־זײַוולען״. צעלאַכט איר זיך דאָס גרעסטע געלעכטער: ״בײַ שמואל־זײַוולען

גייסטו מאָנען חובֿות? **פּיש נאַ באַרדיטשעוו!**"

## קאַפּולִיער אָנצוהערעניש

און אָט פֿרעגט מ"ר גילדין פֿון די בראָנקס: פֿאַראַן בײַ ייִדן אַן אויסדרוק: **ער האָט מיר געגעבן אַ קאַפּוליער אָנצוהערעניש.** האָט עס נישט קיין שײַכות מיטן שטעטעלע קאַפּוליע, מינסקער גובערניע, ווו מענדעלע מוכר־ספֿרים איז געבוירן געוואָרן?

עס האָט אַ שײַכות, מ"ר גילדין, און ייִדן שרײַבן עס צו אַזאַ מעשׂה. צוויי אָרעמע־לײַט, וואָס זענען געקומען קיין קאַפּוליע קלײַבן נדבֿות, האָבן זיך צוזאַמענגעשטויסן בײַם הויז פֿון אַ רײַכן קאַפּוליער ייִדן. און ווי דער שטייגער איז פֿון אָרעמע־לײַט, וואָס פֿאַרגינען נישט איינער דעם אַנדערן, האָט מען זיך צעבוצקעט. דער זאָגט: "איך וועל אַרויפֿגיין פֿריִער", און דער צווייטער: "לא מיט אַ ספּאָדיק, איך גיי פֿריִער". וועט איר דאָך פֿרעגן, וואָס איז דער חילוק, ווער עס גייט פֿריִער? איז ווען איר זענט באַהאַוונט אין דער קבצנסקער פּראָפֿעסיע, וואָלט איר געוווּסט, אַז ס'איז דאָ אַ חילוק, ווײַל דער וואָס גייט פֿריִער האָט אַ שאַנס צו קריגן אַ גרעסערע מטבע ווי דער וואָס גייט דערנאָך. בקיצור, מע האָט זיך אַזוי לאַנג געקריגט, ביז ס'איז געבליבן, אַז מע זאָל וואַרפֿן גורל. און אַזוי איז געווען, דער וואָס האָט זוכה־בגורל געווען איז אַרויף צו דעם רײַכן ייִדן און דער צווייטער איז געבליבן שטיין וואַרטן אויף דער גאַס. גייט נישט אַוועק קיין 5 מינוט און דער קבצן, וואָס איז אַרויף פֿריִער, קומט צוריק אַ הינקעדיקער, האַלט זיך בײַ די זײַטן און מאַכט צו דעם וואָס וואַרט: "פֿאַרשפּאָרסט שוין גיין, איך האָב דיר אײַנגעשפּאָרט אַ גאַנג". – "וואָס מיינסטו?" קוקט אים יענער אָן. "איך מיין", ענטפֿערט אים דער הינקעדיקער, "אַז ער איז אַ הונט מיט אויערן. ער האָט מיר געגעבן אָנצוהערן, אַז ער גיט נישט קיין נדבֿות קיין פֿרעמדע אָרעמע־לײַט". – "וואָס מיינסטו, ער האָט דיר געגעבן אָנצוהערן? וואָס האָט ער דיר געזאָגט?" – "ער האָט מיר גאָרנישט געזאָגט", ענפֿטערט דער הינקעדיקער, "ער האָט מיר בלויז אָנגענומען פֿאַרן קאָלנער און אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון די טרעפּ". פֿון דעמאָלט אָן איז עס געוואָרן אַ ווערטל בײַ ייִדן **אַ קאַפּוליער אָנצוהערעניש,** דאָס הייסט, אַן אָנצוהערעניש מיט אַ פּאָדשעווקע, אַ שטאַרקע אָנצוהערעניש.

## גאָט אין אַדעס, ווילנער אַפּיקורסים

מ"ר גרינבערג פֿון די בראָנקס פֿרעגט מיך אין אַ בריוו: "פֿאַר וואָס זאָגט מען: **ער לעבט ווי גאָט אין אַדעס?**"

פֿאַראַן אַ פּשטל, מ"ר גרינבערג, פֿאַר וואָס מען זאָגט אַזוי. איר פֿאַרשטייט, אין אַ שטאָט, ווו ייִדן זענען פֿרום, ווו ייִדן דאַווענען דרײַ מאָל אַ טאָג און זאָגן אַ קאַפּיטל

תהילים, ווו ייִדישע טעכטער בענטשן ליכט און זאָגן אַ תּחינה צו ליכט־בענטשן, אין אַזאַ שטאָט האָט דער רבונו־של־עולם אַ ים מיט אַרבעט און אַ ים מיט זאָרגן. אַ קליינינקייט, וואָס ער האָט אויף זיך: דעם ייִדן גיב פּרנסה, דעם ייִדן העלף חתונה מאַכן אַ קינד, און דאָ שטייט אַ ייִדישע טאָכטער בײַם אָפֿענעם אָרון־קודש און שרײַט: "געוואַלד, טאַטע־פֿאָטער, ראַטעווע מיר דאָס קינד!" מיט איין וואָרט, אין אַ פֿרומער ייִדישער שטאָט האָט דער אין הימל קיין מינוט נישט קיין מנוחה. אָבער אין אַ שטאָט, למשל, ווי אַדעס, אַ שטאָט פֿון גויים, אַפּיקורסים, ליידאַקעס, ווו קיינער מאָנט בײַ אים גאָרנישט, קיינער בעט בײַ אים גאָרנישט און קיינער דערמאָנט אַפֿילו נישט זײַן נאָמען, דאָרט האָט ער מנוחה, דאָרט איז ער רויק, דאָרט איז אים גוט און ווויל. איז דערפֿאַר, ווען איינער לעבט זיך גוט, אָן זאָרגן, אָן קאָפּ־דרייעניש, אָן עגמת־נפֿש, זאָגט מען אויף אים, אַז **ער לעבט ווי גאָט אין אַדעס**. זײַט מיר מוחל, אַדעסיסטן, וואָס איך באַרעד אַזוי אײַער שטאָט. עס זענען אַוודאי געווען בײַ אײַך אַ סך פֿרומע, פֿײַנע, און ערלעכע ייִדן, אָבער דאָס איז דער פּסק פֿון דעם פֿאָלק און גיי מאַך. בײַם פֿאָלק האָט אַדעס געהאַט אַ נאָמען פֿון אַן אויסגעלאַסענער שטאָט. ווי אַ באַווײַז קענען דינען די צונעמען, וואָס אַדעס האָט געהאַט: **אַדעסער שאַרלאַטאַנעס, אַדעסער באָסיאַקעס**, און וואַרט, ס'איז נאָך דאָ עפּעס ערגערס: **צען מײַל אַרום אַדעס ברענט דער גיהנום**. מאָלט זיך, צען מײַל אַרום אַדעס, הײַנט וואָס טוט זיך שוין אין אַדעס גופֿא!

און איר אויך, טײַערע רביצין פֿון ברוקלין, איר וועט מיר אויך מוזן מוחל זײַן. עס איז אַוודאי שיין פֿון אײַך, וואָס איר נעמט זיך אָן די קריוודע פֿון ווילנע און איר דערמאָנט מיך, אַז ווילנע האָט געהייסן **ירושלים־דליטא**, אָבער ווידער די אייגענע מעשׂה. נישט איך האָב ווילנע געגעבן דעם צונאָמען **ווילנער אַפּיקורסים**, נאָר דאָס פֿאָלק. און ווען איר, רביצין, וואָלט געווען באַקאַנט מיט דער געשיכטע פֿון דער ייִדישער השׂכּלה־באַוועגונג, וואָלט איר געוווּסט, אַז די ווילנער ראַבינער־שול האָט אַרויסגעגעבן אַ שפּאָר ביסל אַפּיקורסים – **ווילענטשיקעס** האָט מען זיי גערופֿן, פּונקט ווי מע האָט זייערע חבֿרים פֿון דעם מענדעלסאָן־חדר גערופֿן **בערלינטשיקעס**. **ווילענטשיק** און **בערלינטשיק** זענען הײַנט צו טאָג סינאָנימען פֿאַר אַפּיקורס.

## קילִיקעווער מישפּט

מעשׂה־שהיה כּך היה. געווען אַ שטעטל קיליקעוו, וואָס האָט געהערט צו אַ פּריץ אַ רשע־מרושע. קיין געריכטן זענען אין יענע צײַטן נאָך נישט געווען. יעדער פּריץ איז געווען דער ריכטער, דער שופֿט איבער זײַן שטעטל. מאַכט זיך אַ מעשׂה און אַ ייִד פֿון שטעטל, אַ שוסטער פֿון פֿאַך, מיט אַ פּאָר געזונטע לאַפּעס, גיט אַ פּאַטש זײַן

געזעלן און דער געזעלן, נישט פֿאַר קיינעם געדאַכט, האָט אַ שוואַך האַרץ און ער פֿאַלט אוועק אַ טויטער. ברענגט מען דעם שוסטער צום פריץ מישפטן. קלערט דער פריץ נישט קיין סך און גיט אַרויס זײַן פסק: "פֿאָוויעסיט!" – ס'הייסט: הענגען דעם שוסטער. דערהערן עס די קיליקעווער ייִדן און אַ גרויל נעמט זיי אַרום, און זיי לויפֿן צום פּריץ מיט אַ געוואַלד: "סטײַטש, פּריץ־לעבן, ווי קענסטו דאָס טאָן? ער איז דער איינציקער שוסטער אין שטעטל, ווי קען אַ שטעטל בלײַבן אָן אַ שוסטער?!" פֿאַרטראַכט זיך דער פּריץ און מאַכט: "מער האָט איר נישט אין שטעטל ווי איין שוסטער?" – "ניין", ענטפֿערן די ייִדן, "דאָס אַלץ וואָס מיר פֿאַרמאָגן – מיר האָבן איין שוסטער און צוויי שנײַדערס". – "איר האָט צוויי שנײַדערס?" מאַכט דער פּריץ, "פֿײַן, הענגט אַ שנײַדער!" אָט דאָס, מײַן ליבער פֿרײַנד, מיינען ייִדן מיט **קיליקעווער מישפּט**: אַן אומגערעכטער, נאַרישער פּסק־דין.

## חלק ה: ווערטער און ווערטלעך

### אָדם אַ מענטש

אַ ייִדישע פֿרוי פֿון ברוקלין פֿרעגט מיך: "איך געדענק, ווי מײַן באָבע ע"ה פֿלעגט זאָגן: **אָדם אַ מענטש קאַטשקע רוק זיך**. וואָס האָט זי געמיינט דערמיט?"

דאָס ווערטל, מײַן ליבע פֿרוי, ווערט געניצט, ווען איר ווײַזט אַרויס ביטול, גרינגשאַצונג צו עמעצן, ווען איר האַלט נישט פֿון יענעם, ווען איר קוקט אויף יענעם פֿון אויבן אַרונטער, דעמאָלט זאָגט איר: **אָט האָסטו דיר! ווער עס רעדט! אויך אַ מענטש! אויך אַ באַשעפֿעניש בײַ גאָט! אָדם אַ מענטש, ציפּור אַ פֿויגל, און קאַטשקע רוק זיך! אָדם אַ מענטש, שקאַרפּעטקע אַ בגד, און גרויפּן מיט בולבע אַן אַכילה.**

### אַדרבא

מ"ר דעלמאַן פֿון מאַנהעטן וויל וויסן דעם טײַטש פֿון דעם וואָרט **אַדרבא**.

**אַדרבא** איז אַראַמיש. דאָס איז איינס פֿון די אומצייליקע ווערטער, וואָס אונדזערע זיידעס און טאַטעס האָבן אַרײַנגעפֿירט אין ייִדיש פֿון תּלמוד. דער לכתּחילהדיקער טײַטש פֿון **אַדרבא** איז געווען און איז איצט: להיפּוך צו, אין קאָנטראַסט צו, אָדער פּשוט פֿאַרקערט. מיט דער צײַט האָט אָבער דאָס וואָרט **אַדרבא** אין ייִדיש באַקומען אויך דעם בײַטײַטש פֿון צושטימונג אָדער ווילּיקייט. אײַער ברודער, למשל, פֿרעגט אײַך: "דו וואָלטסט אפֿשר צוגעפֿאָרן מיט מיר היינט צו דער מאַמען?" ענטפֿערט איר אים: **אַדרבא** – ס'הייסט: מסכּים, לאָמיר צופֿאָרן. איר קומט צו דער מאַמען, פֿרעגט זי אײַך: "וועסט אפֿשר טרינקען אַ גלאָז טיי, מײַן זון?" האָט איר נישט קיין חשק צו קיין טיי, זאָגט איר: "ניין, מאַמע, אַ דאַנק". האָט איר יאָ חשק, זאָגט איר **אַדרבא** – ס'הייסט: אויב דיר איז נישט שווער, גיס אָן, וועל איך טרינקען אַ גלאָז טיי. צי, אַ שטייגער, אײַער פֿרײַנד זאָגט אײַך אָן די גוטע בשׂורה דורכן טעלעפֿאָן, אַז ער וועט זיך אפֿשר היינט אַרײַנכאַפּן צו אײַך אַ נודזשע טאָן. און איר ווילט זײַן אַ דזשענטלמען און אים

זאָגן, אַז איר וועט זײַן זייער צופֿרידן דערפֿון. וואָס ענטפֿערט איר אים? איר ענטפֿערט אים אפֿשר: "ביטע זייער". פֿאַר מיר איז "ביטע זייער" צו דײַטשמעריש, איך וואָלט אים געענטפֿערט: **אַדרבא**, קום צו, איך וועל זײַן אין דער היים. און אַז איר וועט מיך שטאַרק בעטן, קענט איר בײַ מיר פּועלן, אַז **אַדרבא** איז דער פּאַסיקסטער ייִדישער עקוויוואַלענט פֿאַר "אָלרײַט" און "אָקיי". מיט איין וואָרט, אַ טײַער וואָרט **אַדרבא**, אַ שאָד וואָס מיר ניצן עס אַזוי ווייניק. מען קען דערמיט אַזוי פֿיל לעכער פֿאַרשטאָפּן. און אַזאַ ייִדיש וואָרט!

## אַוועקלייגן דעם טאַטן

אַ ייִד פֿון מאַנהעטן שרײַבט: "די וואָך איז אַרײַן צו מיר אַ פֿרײַנד און געבעטן אַ טובֿה, איך זאָל אים אונטערשרײַבן אויף אַ הלוואָה, וואָס ער וויל נעמען. ווען ער האָט געזען, אַז איך קווענקל זיך אַ ביסל, מאַכט ער צו מיר: 'מאַך נישט קיין פֿילע שטיק, **לייג אַוועק דעם טאַטן** און לאָמיך גיין'. קוק איך אים אָן: 'וואָס מיינסטו', זאָג איך, '**לייג אַוועק דעם טאַטן?**' זאָגט ער: 'איך מיין, דו זאָלסט חתמענען, אַזוי זאָגט מען בײַ אונדז'". און דער ייִד פֿרעגט: "איז דאָ אַזאַ מין אויסדרוק אין ייִדיש? אויב יאָ, וואָס מיינט עס און פֿון וואַנען שטאַמט עס?"

ווען איר זענט נישט פֿויל, מײַן פֿרײַנד, אַ טראַכט צו טאָן, וואָלט איר זיך אַליין דערטראַכט, וואָס דאָס מיינט און פֿון וואַנען דאָס שטאַמט. די זאַך איז זייער פּשוט. איידער עס זענען אויפֿגעקומען די פֿאַמיליע־נעמען, פֿלעגן זיך ייִדן אונטערשרײַבן אויף אַזאַ אופֿן: שלמה בן רב חיים הכּהן אָדער: ישׂראל בן רב זבֿולן מבריסק דליטא. דאָס הייסט, אַז אַ ייִדישע חתימה איז באַשטאַנען פֿון צוויי נעמען, פֿון דעם אונטערשרײַבערס נאָמען און דעם נאָמען פֿון זײַן טאַטן, פּונקט ווי די סלאַוון זענען זיך נאָך איצט נוהג. אַ רוס, למשל, שרײַבט זיך אונטער: אָסיפּ גאַווריליאָוויטש זאַלאָטוכין, אָדער: מיראָן וולאַדימיראָוויטש סקאָראָשייקין.

פֿאַרשטאַנען? אָט דערפֿאַר זאָגט מען אין שפּאַס אויף אונטערשרײַבן זיך **אַוועקלייגן דעם טאַטן**.

## אויסבטלען

מר"ס בינשטאָק פֿון נואַרק, ניו־דזשוירזי, פֿרעגט אַ טשיקאַווע פֿראַגע. וואָס מיינט עס, פֿרעגט זי, **איך וועל אויסבטלען אַלע מײַנע בייזע חלומות צו דײַן קאָפּ?**

פֿאַר שלעכטע חלומות, מומעשי, פֿלעגט מען זיך אַ מאָל זייער שטאַרק שרעקן. אַז אַ ייִדישער טאָכטער פֿלעגט זיך חלומען אַ שלעכטער בייזער חלום, פֿלעגט זי אַרײַנגיין צו דער מומע דאָבע אָדער צו דער באָבע דבֿורה־העניע און זיך לאָזן פֿון זיי פּותר־חלום זײַן. זיי זענען געווען גרויסע ספּעציאַליסטקעס אויף דעם געביט פֿון

חלומות, נישט ערגער פֿון די הײַנטיקע פּסיכיאַטערס, און זיי פֿלעגן איר שוין דעם בייזן שלעכטן חלום אויסלייגן צום גוטן. מאַנסבילן, וואָס וועלן נישט גיין צו דער באָבען, זיי האָבן געהאַט אַ באַזונדערע תּפֿילה דערפֿאַר, פֿאַרבונדן מיט אַ צערעמאָניאַל אין וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט פֿיר מענטשן, אַ קוואַרטעט: דער, וועמען דער חלום האָט זיך געחלומט, און דרײַ גוטע־פֿרײַנד. ער פֿלעגט זאָגן "חלמא טבא חזאי", און זיי פֿלעגן אים ענטפֿערן "חלמא טבא חזיתא" – אָבער ס'איז אַ לאַנגע געשיכטע, אויב ס'אינטערעסירט אײַך, קוקט נאָך אין סידור. וואָס איך וויל דאָ אַרויסברענגען איז, אַז סײַ ווײַבער און סײַ מאַנסבילן פֿלעגן זיך שרעקן פֿאַר בייזע חלומות און יעדער איינער פֿלעגט עפּעס טאָן אויף זײַן שטייגער זיי אויסצולייגן צום גוטן. ווײַל חלומות, דאַרפֿט איר וויסן, קען מען אויך אויסלייגן צום שלעכטן, נישט אויף זיך, פֿאַרשטייט זיך, נאָר אויף אַ שׂונא, למשל, אויף וועלכן מען טראָגט אַ בייז האַרץ. אַ ייִדענע, אַ שטייגער, וואָס קריגט זיך מיט אַ שכנה, קען זאָגן צו איר: **וואָס מיר האָט זיך געחלומט די נאַכט און יענע נאַכט און אַ גאַנץ גייענדיק יאָר זאָל מיר אויסגיין צו אײַער קאָפּ, צו אײַערע הענט און פֿיס און צו אײַער לײַב און לעבן.**

איצט קומען מיר צום וואָרט **בטלען**. עס איז גאַנץ מעגלעך, אַז פּותר־חלום זײַן, אויסלייגן אַ חלום צום גוטן, האָט געהייסן **בטלען אַ חלום**, פֿון דעם וואָרט "בטל" – בטל מאַכן, צו נישט מאַכן דאָס שלעכטס און בייזס אין אים און אים אויסלייגן צום גוטן. אָבער אַזוי ווי **בטלען** מיינט אין ייִדיש אויך רעדן, רעדן נאַרישקייטן און סתּם רעדן, האָט דאָס פֿאָלק מיט דער צײַט אָנגעהויבן פֿאַרמישן אָט די ביידע באַגריפֿן און אָנגעהויבן ניצן דאָס וואָרט **בטלען** פֿאַר אויסלייגן אָדער, ווי אַנדערע זאָגן, אויסרעדן אַ חלום בכלל. און דער שפּיץ איז, אַז ווען אַ ייִדענע זאָגט איצט: **איך וועל באַלד אויסבטלען צו דיר אַלע מײַנע בייזע חלומות**, מיינט זי צו זאָגן: אַז דו וועסט מיך ברענגען אין כּעס, וועל איך דיר ווינטשן, אַז וואָס מיר האָט זיך געחלומט די נאַכט און יענע נאַכט און אַ גאַנץ גייענדיק יאָר זאָל מיר אויסגיין צו דײַן קאָפּ, צו דײַנע הענט און פֿיס, צו דײַן לײַב און לעבן, פּוי פּוי פּוי.

## אויסלאָזן זיך אַ בוידעם

מ"ר פּינקוס פֿון די בראָנקס וויל וויסן, פֿון וואַנען עס נעמט זיך דער באַקאַנטער אויסדרוק: **עס לאָזט זיך אויס אַ בוידעם**. "פֿאַר וואָס עפּעס אַ בוידעם", פֿרעגט ער, "פֿאַר נישט עפּעס אַנדערש?"

לויט דניאל לייבל, אַ באַוווּסטער ייִדישער שפּראַכפֿאָרשער, איז דער אויסדרוק **עס לאָזט זיך אויס אַ בוידעם** די אייפֿעמיסטישע פֿאָרעם פֿון **עס לאָזט זיך אויס אַ טײַך**, און

דער פירוש פֿון **עס לאָזט איך אויס אַ טײַך** קען איך אײַך צוליב פֿאַרשטענדלעכע טעמים דורכן ראַדיאָ נישט איבערגעבן, ווײַל עס איז אַ קאַפּעטשקע צו ווולגאַר. אָבער אָט זענען צוויי שורות פֿון אַ ליד פֿון דעם באַוווּסטן ייִדישן פֿאָלקסדיכטער בערל בראָדער, פֿון וועלכע איר קענט זיך לײַכט אָנשטויסן וואָס דאָס מיינט:

דער האַנדל איז ווי אַ חלום

עס לאָזט זיך אויס אַ טײַך

צוליב לשון־נקיה האָבן ייִדן פֿאַרביטן דעם **טײַך** אויף **בוידעם** און דער עולם האָט זיך שוין אָנגעשטויסן וואָס עס מיינט. ביסלעכווײַז איז דער אמתער מיין פֿון דעם אויסדרוק פֿאַרגעסן געוואָרן און דאָס וואָרט **טײַך** אָדער **בוידעם** האָט אָנגענומען אַ מער אַלגעמיינעם באַטײַט, פֿון גאָרנישט, גאָרנישט מיט נישט. ווען אַ ייִד זאָגט: **עס לאָזט זיך אויס אַ טײַך, עס לאָזט זיך אויס אַ בוידעם,** מיינטע ער, אַז אַלע פּלענער לאָזן זיך אויס מיט גאָרנישט. **בוידעם** האָט אויך באַקומען דעם טײַטש פֿון אומזין, פֿון עפּעס וואָס גראַמט זיך נישט, וואָס קלעפּט זיך נישט. אַזוי זאָגן ייִדן: **עס איז לאָקש, בוידעם, ציבעלע.** אָדער: **איך זאָג אים דאָס און ער ענטפֿערט מיר בוידעם.**

## אויסמאַכן אַן אויער

אַ ייִד פֿון ברוקלין וויל וויסן, פֿאַר וואָס מען זאָגט אויף איינעם, וואָס מע האָט באַשווינדלט: **מע האָט אים אויסגעמאַכט אַן אויער.**

**אויסמאַכן אַן אויער** איז אַן אידיאָמאַטישער אויסדרוק פֿאַר **אויסרייניקן אַן אויער,** און **אויסרייניקן** אין איבערגעטראָגענעם זינען מיינט: באַשווינדלען, צונעמען בײַ יענעם די פּאָר גרײַצער, אים לאָזן נקי, ריין, גאָלע, בעירום־ובחוסר־כל.

עס זענען דאָ נאָך טשיקאַווערע אויסדרוקן פֿאַר באַשווינדלען ווי **אויסמאַכן אַן אויער.** עס איז דאָ: **פֿירן אין באָד אַרײַן, גיין אויף ס'קאָפּ, נעמען אויף דער העצקע, פֿאַרוואַרפֿן אַ קלאָץ, אָנמעסטן אַ היטעלע, אויסטרענען אַן אַרבל, שטעלן אַ חופּה, מאַכן פֿאַר אַ קדוש** וכדומה. אַ גליק, וואָס איר האָט מיך וועגן די נישט געפֿרעגט, ווען איר פֿרעגט מיך וועגן די וואָלט איך שוין געהאַט מאַטעריאַל ביז שבֿועות.

## אויף וואָס פֿאַר אַ וואָגן מען זיצט

אַ ייִד פֿון די בראָנקס בעט איך זאָל אים פֿאַרטײַטשן דאָס ווערטל **אויף וואָס פֿאַר אַ וואָגן מען זיצט, אַזאַ ניגון זינגט מען,** און זאָגן בײַ וועלכער געלעגנהייט ווערט עס געניצט.

דאָס ווערטל, מײַן פֿרײַנד, דריקט אויס דעם געדאַנק, אַז דער מענטש דאַרף זיך פֿירן ווי עס פֿירן זיך די אַרומיקע. פֿאָרסטו אויף אַ פֿור, ווו עס פֿאָרן גויים און זינגען זייערע לידער, זאָג מיט זיי. פֿאָרסטו אויף אַ פֿור, ווו עס פֿאָרן, להבֿדיל, חסידים צום

רבין און זיי פֿאַרציִען אַ חסידישן ניגון – איז כאָטש דו ביסט אַ מתנגד, שטיי נישט אָפּ פֿון זיי און זינג מיט. קירצער געזאָגט: אין האַרצן זײַ דיר וואָס דו ווילסט, קומסטו צווישן מענטשן, זײַ נישט קיין פּורש־מן־הציבור און שטיי נישט אָפּ פֿון כּלל.

אָט זענען נאָך אַ פּאָר ווערטלעך מיטן זעלבן געדאַנק: **הכּל כּמינהג המדינה; אזלת לקרתּא הלך בנימוסא; ווי די שול, אַזוי שפּרינגט מען קדוש; אין וואָס פֿאַר אַ קלויז מען דאַוונט, אַזאַ קדושה זאָגט מען; קומסטו צו קראָען, דאַרפֿסטו קראַקען ווי זיי; ביסטו אין באָד, דאַרפֿסטו שוויצן.** קלוג צי נאַריש, דאָס איז דער געדאַנק.

## אויף טעלערלעך

אַ ייִד פֿון מאַנהעטן בעט מיך איך זאָל אים פֿאַרטײַטשן דעם אויסדרוק **צעלייגן אויף טעלערלעך**, וואָס ווערט אַזוי אָפֿט גענוצט אין ייִדיש.

אויב איר זענט אַ מאָל געווען אויף אַ ייִדישער שׂימחה, ווו די בעלי־בתּים, די וואָס מאַכן די שׂימחה, זײַנען, נישט אויסגערעדט זאָל עס זײַן, קאַרגע מענטשן, האָט איר אַוודאי באַמערקט, אַז צו עסן איז דאָ קדחת, אָבער טעלערלעך זײַנען דאָ אַ סך. אָנגעגרייט האָט מען ווייניק, אָבער מען וויל דאָך לײַטן פֿאַרבלענדן די אויגן, צעלייגט מען עס אויף טעלערלעך, דאָ אַ לעק און דאָרט אַ שמעק, אַבי עס זאָל אויסזען אַ סך.

אין איבערגעטראָגענעם זינען, אין לשון נופֿל על לשון, מיינט עס: איבערטרײַבן, מגזם זײַן אַ זאַך, מאַכן אַז אַ זאַך זאָל אויסזען גרעסער ווי זי איז אין דער אמתן. אַ ייִד הערט אַ מעשׂה, אַ פּשוטע מעשׂה, וואָס מע קען דערציילן אין צוויי ווערטער, וויל ער אָבער, מען זאָל מיינען ווער ווייסט וואָס פֿאַר אַ נסים־ונפֿלאָות ער דערציילט, צעלייגט ער די מעשׂה אויף טעלערלעך. מאַכט ער פֿון אַ פֿליג אַ העלפֿאַנד און פֿון אַ וואָרט אַ קוואָרט.

דאָס דערמאָנט מיך אין אַ מעשׂה וועגן אַ ייִדן אַ בעל־מגזם, וואָס האָט ליב געהאַט צו מאַכן יעדע זאַך הונדערט מאָל גרעסער ווי זי איז. פֿאָרט דער ייִד צו גאַסט צו זײַנעם אַ רײַכן ברודער קיין וואַרשע. ווען ער איז צוריקגעקומען פֿון וואַרשע, קומען ייִדן פֿון שטעטל, ווי דער שטייגער איז, אָפּגעמען אַ גרוס: "וואָס הערט זיך אין וואַרשע, וואָס טוט זיך בכלל אויף דער גרויסער וועלט?" פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָס ערשטע הייבט דער ייִד אָן דערציילן פֿון זײַן ברודער, רובֿ־גדלו־ורובֿ־עשׂרו, ווי רײַך ער איז, וואָס פֿאַר אַ שטאַט ער פֿירט, ווי אַזוי מען וווינט און ווי אַזוי מען עסט. "שבת", זאָגט ער, "האָט מען דערלאַנגט אַ קוגל צום טיש, האָט איר נאָך זינט איר לעבט אַזאַ קוגל נישט געגעסן. דער קוגל, איך וועל נישט זאָגן, האָט געקאָסט צען רובל ווי איין גראָשן".

"צען רובל", מאַכט אַ ייִד אַ שטיקל סקעפּטיקער, "ווי קען אַ קוגל קאָסטן צען רובל?"

"וואָס הייסט ווי?" ענטפֿערט דער בעל־מגזם, "איר האָט אַ בלײַפֿעדער, נעמט אַ בלײַפֿעדער און באַרעכנט".

"אַדרבא", מאַכט דער ייִד, "אינטערעסאַנט צו באַרעכענען".

"נו, רעכנט", מאַכט דער בעל־מגזם. "אין אַזאַ קוגל איז זיכער אַרײַן אַ דרײַ פֿונט מעל, האָט איר דרײַסיק קאָפּיקעס. נו, און ווי איז נישט אַוועק אויף אַזאַ קוגל אַ טוץ אייער, האָט איר, לאָמיר זאָגן, נאָך 50 קאָפּיקעס, נישט קיין סך. האָט אַזאַ קוגל אויפֿגעגעסן אַ פֿונט שמאַלץ? האָט איר נאָך 50 קאָפּיקעס, און ווי איז נישט אַוועק 50 קאָפּיקעס אויף ראָזשינקעס? איז ווו האַלטן מיר שוין?"

"מיר האַלטן שוין", מאַכט דער בעל־חשבון, "בײַ אַ רובל מיט אַכציק קאָפּיקעס. איר האָט געזאָגט צען רובל, פֿעלט נאָך אַ קײַמא־לן פֿון אַכט רובל מיט צוואַנציק קאָפּיקעס".

בלײַבט דער ייִד אין אַ שטיקל פֿאַרלעגנהייט און הייבט אָן רײַבן דעם שטערן. "וואַרט, וואַרט, עפּעס האָב איך געמוזט פֿאַרגעסן. פֿעלט נאָך, זאָגט איר, אַכט רובל מיט צוואַנציק קאָפּיקעס?"

וויל אים דאָס ווײַב זײַנס אַרויסהעלפֿן פֿון דער פֿאַרלעגנהייט און מאַכט: "האָסט פֿאַרגעסן צימרינג. אַ געזונט אויף דיר".

ווערט דער ייִד אָן אויפֿגעלעבטער: "איך זע, אַז עפּעס פֿעלט מיר. אַוודאי צימרינג. דאָס איבעריקע איז אַוועק אויף צימרינג".

## אויפֿן גנבֿ ברענט דאָס היטל

אַ ייִד פֿון ברוקלין פֿרעגט מיך: "פֿאַראַן אַ ווערטל **אויפֿן גנבֿ ברענט דאָס היטל**. איז דאָס אַ ייִדיש ווערטל? ווײַל איך ווייס, אַז מען זאָגט עס אין רוסיש אויך: 'נאַ וואָרע שאַפּקאַ גאָריט'".

נישט נאָר אין רוסיש, מײַן פֿרײַנד, מען זאָגט עס אין אַ סך שפּראַכן. אָבער אַזוי ווי דאָס ווערטל איז אויך פֿאַרשפּרייט צווישן ייִדן אויף ייִדיש, געהערט עס מיט פֿולער רעכט צו דעם "אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך". נאָך וויייניקער ווי בײַ ווערטער איז מען בײַ שפּריכווערטער בודק די ציצית, פֿון וואַנען זיי שטאַמען. פּראָפֿעסאָר אַרטשער טיילאָר, אַ באַוווּסטער פֿאַרמעאָלאָג, ד"ה אַן אויטאָריטעט אויפֿן געביט פֿון שפּריכווערטער, איז נאָך אַ לאַנגן שטודיום געקומען צו דעם אויספֿיר, אַז עס איז נישטאָ אַזאַ מין זאַך, ווי ריין נאַציאָנאַלע שפּריכווערטער. שפּריכווערטער זענען

שותּפֿותדיקער אייגנס פֿון אַלע פֿעלקער. דער איינציקער קריטעריום פֿון אַ שפּריכוואָרט דאַרף זײַן: זאָגט מען עס בײַ אונדז, איז דאָס אַ ווערטל פֿאַרשפּרייט צווישן פֿאָלק? איז דאָס אונדזערס. איז יענער האָט עס אויך – געזונטערהייט. ווער עס פֿאַרגינט נישט יענעם, זאָל אַליין נישט האָבן.

ווײַטער וויל דער ייִד פֿון ברוקלין וויסן, פֿון וואַנען דאָס ווערטל נעמט זיך און ווען מען זאָגט עס.

נעמען נעמט זיך עס, מײַן פֿרײַנד, ווי אַ סך אַזעלכע ווערטלעך, פֿון אַנעקדאָטן אָדער אמתע פּאַסירונגען. די אַנעקדאָטן און פּאַסירונגען זענען פֿאַרגעסן געוואָרן, אָבער די ווערטלעך זענען געבליבן.

אויף ייִדיש גייט דער אַנעקדאָט אַזוי: עס איז אַ יריד אין שטעטל. דער מאַרק פֿאַר דער תּיפֿלה איז פֿול מיט מענטשן – ייִדן, גויים, שטעטלדיקע, אָנגעפֿאָרענע. עס קאָכט, עס זידט, דער קויפֿט, דער פֿאַרקויפֿט. מיט איין וואָרט – אַ יריד! פּלוצלינג הערט זיך ווי אַ ייִד שרײַט: "געוואַלד, ייִדן! מע האָט מיך באַגנבֿעט! מע האָט בײַ מיר אַרויסגענומען דעם טײַסטער מיטן געלט!" פֿאַרשטייט זיך, אַז אַרום דעם ייִדן קלײַבט זיך באַלד אַ רעדל און אַלע שאָקלען מיט די קעפּ און באַדויערן: "נעבעך! באַגנבֿעט אַ ייִדן". אין רעדל איז דער גנבֿ אויך דאָ, אָבער גיי ווייס ווער דאָס איז, אַז ער שאָקלט אויך מיטן קאָפּ און זאָגט אויך "נעבעך". פֿאַלט אָבער אַ ייִדן אַ חכם אײַן אַ געדאַנק און ער גיט אַ געשריי: "אוי! **אויפֿן גנבֿ ברענט דאָס היטל!**" דער גנבֿ פֿאַרגעסט זיך, אַ דערשראָקענער אויף טויט גיט ער זיך אַ כאַפּ בײַם היטל. "אָט דאָס איז דער גנבֿ", מאַכט דער ייִד. פֿון דעם איז קלאָר, אַז דאָס ווערטל זאָגט מען וועגן איינעם, וואָס האָט אַ שלעכט געוויסן און צינדט זיך אָן בײַם מינדסטן וואָרט, וואָס עמעצער רעדט אַרויס און וואָס דערמאָנט אים אין זײַן זינד, כאָטש מען מיינט גאָר דערמיט נישט אים.

אָבער דאָס איז נישט דאָס איינציקע ווערטל בײַ ייִדן אויף דער טעמע. מען זאָגט אויך: **אַז מען קלאַפּט אין טיש, רופֿט זיך אָפּ די שער; פֿאַר אַ גנבֿ טאָר מען קיין שטעקן נישט ווײַזן; ווער עס פֿילט זיך, דער מיינט זיך; וואָס איינער האָט אין זיך, וואַרפֿט ער פֿון זיך.** און ווער קען זיך עס אַלץ אָנגעדענקען?

## אויפֿן הימל אַ יריד

צווישן מײַנע פֿראַגע־שטעלערס זענען דאָ אַזעלכע וואָס צוזאַמען מיט דער פֿראַגע שיקן זיי מיר אויך דעם ענטפֿער אויף דער פֿראַגע. פֿרעגט זיך אַ קשיא, אַז איר ווייסט דעם ענטפֿער, איז נאָך וואָס דאַרפֿט איר פֿרעגן? איז דער תּירוץ: אַ ייִד וויל ווײַזן, אַז ער איז אויך נישט פֿון הינטערן אויוון, אַז ער ווייסט אויך מאַי דקאמרי רבנן. אַקעגן וואָס זאָג איך עס?

אַקעגן דעם באַקאַנטן ייִדישן אויסדרוק **אויפֿן הימל אַ יריד**. בערך אַ מנין ייִדן האָבן מיר געשריבן וועגן דעם און אַלע גיבן אָן דאָס זעלבע פשטל, אַז דערפֿאַר זאָגט מען אויפֿן הימל אַ יריד, ווײַל ווען ייִדן שטעלן זיך דאַווענען און יעדער איינער טראַכט וועגן עפּעס אַנדערש, דער טראַכט וועגן פֿלאַקס און יענער וועגן תּבֿואה, דער וועגן אײַזן און יענער וועגן האָלץ און די אַלע מחשבֿות צוזאַמען מיט די תּפֿילות קומען אין הימל פֿאַרן כּסא־הכּבֿוד, איז וואָס ווערט דאָרט אַ יריד.

**איז דאָס זייער אַ פֿײַן פשטל, ליבע ייִדן, אָבער נישט מער ווי אַ פשטל. דאָס איז** פֿון די סאָרטן משׂכּילישע פשטלעך, וועגן וועלכע איך האָב שוין נישט איין מאָל גערעדט, ווי, למשל, אַז **דאַווענען** שטאַמט פֿון "דאַבֿינך" ["פֿון די אָבֿות"], אַז **סקאָצל קומט** שטאַמט פֿון "אשת קצין קומט", צי גאָר אַז **הייראַט** שטאַמט פֿון "הרי אַתּ".

**אַ פשטל, מײַנע פֿרײַנד, נישט מער ווי אַ פשטל. דער אמת איז, אַז דער אויסדרוק** **אויפֿן הימל אַ יריד** האָט גאָרנישט צו טאָן מיטן הימל און גאָרנישט צו טאָן מיט דאַווענען. והאָ־ראַיה: מען זאָגט אויך **אויפֿן בוידעם אַ יריד**. **אויפֿן הימל אַ יריד** איז איינע פֿון די אומצייליקע ייִדישע אויסדרוקן, מיט וועלכע מען באַצייכנט זאַכן, וואָס זענען לא היה ולא ניבֿרא. קען זײַן אויפֿן הימל אָדער אויפֿן בוידעם אַ יריד? אַוודאי ניין. הייסט, אַז דאָס איז אַן אויסגעטראַכטע זאַך, אַ זאַך וואָס ס'איז נישט בנימצא, וואָס איז **נישט געשטויגן און נישט געפֿלויגן, אַ פֿאַנטאַזיע, אַ פֿיקציע, אַ קו איז געפֿלויגן איבערן דאַך און געלייגט אַן איי** וכּדומה.

## אַז אַ קאַץ וואַשט זיך

אײַער פֿראַגע, מ"ר איידלמאַן, וואָס מיינט **אַז אַ קאַץ וואַשט זיך, וועט זײַן אַ גאַסט**, האָט נישט קיין שײַכות צו "מאַמע־לשון". דאָס איז נישט קיין ווערטל, דאָס איז איינע פֿון די ייִדישע גלייבעכצער, אָדער אָבערגלויבנס: **אַז אַ קאַץ וואַשט זיך, וועט זײַן אַ גאַסט; אַז מען באַגעגנט אַ גלח, האָט מען אַ גוטע וועטשערע; אַז סע בײַסט אין האַנט, וועט מען ציילן געלט; אַז מען גנבֿעט אַן איי, האָט מען זיבן יאָר דעם דלות.** דאָס לעצטע איז פֿון דעם גנבֿישן פֿאָלקלאָר און אַ גנבֿ אַ לץ האָט געשאַפֿן דערויף זייער אַ געלונגענע פּאַראָדיע, וואָס גייט אַזוי: **אַז אַ גנבֿ גנבֿעט אַן איי, האָט ער זיבן יאָר דעם דלות; אַז ער גנבֿעט אַ קאַסטן אייער, האָט יענער דעם דלות.**

## אַז זי קוקט אויף די הינער

אַ פֿרוי פֿון ברוקלין שרײַבט: "איך האָב אַ מאָל געהערט אַן אויסדרוק: **אַז זי קוקט אויף די הינער, פגרן די קאַטשקעס**. וואָס מיינט עס?"

דאָס ווערטל, מײַן ליבע פֿרוי, זאָגט מען וועגן אַ ייִדענע, וואָס האָט צוויי מעלות:

ערשטנס, איז זי אַ קאַסאָקע, אַ שיקלדיקע, און צווייטנס, איז זי אַ נישט־פֿאַרגינערין, אַ ייִדענע מיט אַ בייז אויג, אַן עין־הרעניצע. ווען אַזאַ קאַסאָקע ייִדענע קוקט אויף די הינער, דאַכט זיך בלויז, אַז זי קוקט אויף די הינער, אין דער אמתן קוקט זי אויף די קאַטשקעס און פֿון איר קוקעלע פּגרן זיי אַוועק.

אויף נישט קיין עין־הרעניצע, נאָר גלאַט אַ קאַסאָקע, זאָגט מען: **זי קוקט מיט איין אויג אין גושן, מיטן אַנדערן אין מצרים, אָדער איין אויג אין מצרים, דאָס אַנדערע אויפֿן בית־חיים.**

## אַז מען הייצט די באָד

אַ פֿרוי פֿון די בראָנקס וויל איך זאָל איר דערקלערן דעם פשט פֿון דעם ווערטל: **אַז מען הייצט די באָד, שוויצט די סטעליע.**

מיט דעם דאָזיקן ווערטל, מאַדאַם, לאַכן ייִדן אָפּ פֿון איינעם, וואָס דערציילט אַ נאַרישן חידוש, אַ זאַך וואָס יעדער איינער ווייסט. הער אַ וווּנדער, וואָס ער דערציילט, די סטעליע אין באָד שוויצט! וואָס דען, טרוקן זאָל עס זײַן? אַז מען הייצט די באָד, איז דאָ פּאַרע און עס שוויצט די סטעליע.

אָט זענען דאָ ענלעכע ווערטלעך מיט דעם זעלבן מיין: **אַז די באָרד ברענט, איז הייס אין מויל! אַז מען טאַנצט אויף הייסע קוילן, ברענט אין די פּיאַטעס! אָדער: איַ־איַ־איַ, אַ נײַעס ער דערציילט - געפּגרט אַ בער אין וואַלד. גאָטס נסים - דרײַ לאָקשנטעפּלעך אין איינעם.**

דאָס זענען אַלץ אָפּלאַכערישע ווערטלעך אויפֿן חשבון פֿון דעם, וואָס דערציילט באָבע טשיפּקעס נסים.

## אַז סע קומט פֿון אַ קאַץ מאַכט עס מיאַו

אַ ייִד פֿון לאָנג־אײַלאַנד וויל וויסן דעם פשט פֿון דעם ווערטל: **אַז סע קומט פֿון אַ קאַץ מאַכט עס מיאַו.**

דער פשט איז, אַז פֿון וואַנען איינער שטאַמט, אַזעלכע זיטן האָט ער. דאָס ווערטל איז נישט זייער פּאָפּולער. פּאָפּולער זײַנען די ווערטלעך: **דאָס עפּעלע פֿאַלט נישט ווײַט פֿון ביימעלע; ווי דער טאַטע, אַזוי דער זון.** מען פֿלעגט אויך זאָגן אויף גויִש: **יאַק מאַטקאַ טאַקי דזשעצקאָ.** מען פֿלעגט אויך זאָגן: **ווי די גענדז, אַזוי די גריוון; אַז די מאַמע איז אַ קו, איז די טאָכטער אַ קאַלב; אַז דער טאַטע איז אַ לץ, איז דער זון אַ פּאָדליעץ.** איר ווילט נאָך? קען איך אײַך געבן נאָך.

## אַז צוויי זאָגן שיכּור

אַ צוהערערין פֿון ברוקלין בעט איך זאָל איר דערקלערן דעם מיין פֿון דעם ווערטל: **אַז צוויי זאָגן שיכּור, דאַרף זיך דער דריטער לייגן שלאָפֿן.**

אין דעם דאָזיקן ווערטל, מײַן ליבע פֿרוי, ווערט אויף אַ הומאָריסטישן אופֿן אויסגעדריקט דער דעמאָקראַטישער פּרינציפּ פֿון "אַחרי רבים להטות", אַז די מאַיאָריטעט האָט דאָס לעצטע וואָרט, אַז ווי די מאַיאָריטעט באַשליסט, אַזוי דאַרף זײַן, מעג די מאַיאָריטעט אַפֿילו זײַן אומגערעכט. אַז צוויי זאָגן אויף איינעם, אַז ער איז שיכּור, איז ווען ער איז אַפֿילו נישט שיכּור, דאַרף ער זיך אונטערוואַרפֿן דער מאַיאָריטעט און זיך לייגן שלאָפֿן.

## איבל

מ"ר פּעסקין פֿון מאַנהעטן שרײַבט: "מיר האָבן די וואָך געהאַט אין הויז אַ גאַסט, אַ שטיקל קרובֿ פֿון מײַן ווײַבס צד, וואָס איז נישט לאַנג אַריבערגעקומען פֿון יענער זײַט. און אַזוי זיצנדיק און פֿאַרברענגענדיק מיט אים, זע איך ווי דער מענטש הייבט זיך אָן דרייען און ווערט בלאַס, און מאַכט צו מיר: 'האָסט אפֿשר אַ ביסל טרינקסאָדע? עפּעס **פֿיל איך איבל**'. גלײַך אויפֿן אָרט האָב איך נישט פֿאַרשטאַנען וואָס ער מיינט, אָבער אָנקוקנדיק זײַן פּנים האָב איך פֿאַרשטאַנען, אַז עפּעס פֿילט ער נישט גוט און איך האָב אים געגעבן וואָס ער האָט געבעטן, און ס'איז אים בעסער געוואָרן". און מ"ר פּעסקין פֿרעגט, צי איז דאָס אַ ייִדישער אויסדרוק **איך פֿיל איבל**, צי האָט עס דער קרובֿ זײַנער פֿאַרשלעפּט פֿון דײַטשלאַנד.

דאָס וואָרט **איבל**, מ"ר פּעסקין, איז דײַטש, און איז אַ נאָענטער קרובֿ צו דעם ענגלישן וואָרט "איוול" – שלעכט. אָבער דער אויסדרוק **איך פֿיל איבל** – ס'הייסט, איך פֿיל שלעכט, איז געווען אַ זייער אָפֿט געניצטער אויסדרוק אין פּוילן. אַנשטאָט אַ ייִד זאָל זאָגן "איך פֿיל נישט גוט", אָדער "איך פֿיל שלעכט", פֿלעגט ער זאָגן **איך פֿיל איבל**, אָדער **עס איבלט מיך**. דאָס איז אַקוראַט דאָס זעלבע וואָרט ווי **עס נודזשעט מיך**, נאָר אַ ביסעלע איידעלער. און עס איז דאָ נאָך אַ מער איידעלערער אויסדרוק: **עס שלאָגט צום האַרצן.**

און דאָס דערמאָנט מיך אין אַ מעשׂה. געווען אין מײַן געבוירן־שטעטל אין פּוילן אַ ייִד מיטן נאָמען חיים־דוד. האָט דער דאָזיקער חיים־דוד געהאַט אַ שוואַכקייט, וואָס אַ סך ייִדן האָבן, אַ שוואַכקייט צום עמוד. געהאַט האָט ער אַ קול ווי פֿון אַן עגלה־ערופֿה, אָבער אַזוי ווי ער איז געווען אַ ייִד אַ נגיד און מע האָט זיך נישט געוואָלט מיט אים צו פֿיל אײַנרײַסן, פֿלעגט מען אים אַ מאָל צולאָזן צום עמוד אָפּדאַווענען אַ מנחה, אַ מעריבֿ, צי אַ מאָל אַ שחרית. איין מאָל האָט זיך אָפּגעזוכט אַ

שייגעץ און האָט געמאַכט צו אים: "גיט מיר צו פֿאַרשטיין דעם שׂכל, ר' חיים־דוד, איר זענט דאָך נישט קיין נאַרישער ייד. אַז ברוך־משה דאַוונט פֿאַרן עמוד, דרייט איר מיט דער נאָז און איר זאָגט, אַז סע שלאָגט אײַך צום האַרצן. אַז זײַוול־בונים דאַוונט, שלאָגט אײַך צום האַרצן – ווער עס זאָל נישט דאַווענען, שלאָגט אײַך צום האַרצן. פֿאַר וואָס זאָלט איר נישט געבן אַ טראַכט, אַז אפֿשר ווען איר דאַוונט, שלאָגט אויך צום האַרצן?" וואָס ענטפֿערט אים חיים־דוד? "איך בין גאַנץ זיכער אין דעם! די מעשׂה איז אָבער די, וואָס אַז זיי דאַווענען, שלאָגט מיר צום האַרצן, און ווען איך דאַוון, שלאָגט אײַך צום האַרצן, און פֿאַר אײַך אַרט מיך נישט".

## איבער די אויערן

אַ ייִד פֿון ברוקלין וויל וויסן דעם פשט פֿון דעם אויסדרוק: **ער איז פֿאַרליבט איבער די אויערן.**

פֿאַר וואָס עפּעס פֿאַרליבט, מײַן פֿרײַנד? נו, און ווען איינער איז אַ גרויסער בעל־חובֿ, וואָס די האָר פֿון קאָפּ זענען נישט זײַנע, ווי זאָגט מען וועגן אים: **ער איז אין חובֿות איבער די אויערן.** און ווען איינער איז אַרײַן אין אַן אומגליק און קען נישט אַרויסקריכן, ווי זאָגט מען וועגן אים? **ער איז אַרײַן אין אַ בלאָטע איבער די אויערן.**

פֿון דעם, מײַן פֿרײַנד, איז געדרונגען, אַז דער אויסדרוק **איבער די אויערן** האָט נישט קיין ספּעציעל שײַכות צו ליבע, נאָר אַז מען קען אים ניצן בײַ אַ סך געלעגנהייטן.

וואָס מיינט **איבער די אויערן?** איר האָט זיך אַ מאָל געבאָדן אין קאָני־אײַלאַנד? מסתּמא יאָ. בײַם סאַמע ברעג, ווו דאָס וואַסער איז פּליטקע, דערגייט עס אײַך ביז די קנעכל, אַ ביסעלע ווײַטער דערגייט עס אײַך שוין, זאָלט איר מיר מוחל זײַן, ביזן פּופּיק, נאָך ווײַטער – ביזן האַלדז, און נאָך ווײַטער – איבער די אויערן. דאָס הייסט, דאָס וואַסער האָט אײַך צוגעדעקט אין גאַנצן. און אָט דאָס מיינט **איבער די אויערן:** אין גאַנצן, ראשו־ורובו. ווען איינער איז **פֿאַרליבט איבער די אויערן,** מיינט עס, אַז פּונקט ווי דאָס וואַסער אין ים האָט אײַך צוגעדעקט אין גאַנצן, אַזוי האָט אים דאָס פֿײַער פֿון דער געטלעכער ליבע אַרומגענומען אין גאַנצן און ער שׂרפֿעט נעבעך, אַז ס'איז אַ ביטער רחמנות אויף אים. מען קען אויך זײַן **אַרײַנגעטאָן אין אַ זאַך איבער די אויערן,** מען קען האָבן **אַרבעט איבער די אויערן.** און מיינען מיינט עס איין זאַך: אין גאַנצן אַרײַנגעטאָן, מיט לײַב און לעבן, מיט האַלדז און נאַקן און אַזוי ווײַטער.

## איזניוכעט זיך

אַ יונגער־מאַן פֿון דער איסט־סײַד, וואָס בעט, איך זאָל נישט אָנרופֿן זײַן נאָמען, שרײַבט בערך אַזוי: "איך ווין מיט מײַן פֿרויס עלטערן. קום איך אַנומלטן אַהיים, זע איך ווי דער שווער מײַנער זיצט עפּעס אַן אָנגעברוגזטער. פֿרעג איך אים: 'ווו איז די שוויגער?' ענטפֿערט ער מיט רוגזה: 'די שוויגער? די שוויגער דײַנע האָט **זיך זניוכעט** מיט עפּעס אַ יידענע וואָס האָט זיך אַרײַנגעקליבן אויפֿן פֿערטן "פֿלאָר" און ליגט בײַ איר גאַנצע טעג'". דער קיצור, דער יונגער־מאַן וויל וויסן וואָס דאָס איז פֿאַר אַן אויסדרוק: **זי האָט זיך זניוכעט**.

**(אי)זניוכען זיך** מיינט צונויפֿשמעקן זיך, פֿון דעם רוסישן שורש "ניוך" – ריח. אין דעם "אוצר פֿון דער יידישער שפּראַך" ווערט דאָס וואָרט באַצייכנט מיט אַ שטערנדל, און דאָס מיינט, אַז דאָס וואָרט האָט אַ ווולגאַרן בײַ־טעם. ווײַל אַרומשמעקן זיך, **איזניוכען זיך** איז דער הינטישער אופֿן פֿאַרפֿירן אַ באַקאַנטשאַפֿט. אָבער כאָטש דער שורש איז אַ ווולגאַרער, האָבן יידן זייער אָפֿט געניצט דעם אויסדרוק און ניצן אים נאָך איצט – "זי האָט **זיך זניוכעט** מיט איר" מיינט: זי איז געוואָרן מיט איר קוצעניו־מוצעניו, גוטע־פֿרײַנד.

## אײַ־אײַ־אײַ

אַ ייד פֿון ברוקלין פֿרעגט: "פֿאַר וואָס זאָגט מען אויף אַ נישט־געראָטענער כּלה: **זי איז נישט אַזוי אײַ־אײַ־אײַ**?"

פֿאַרוואָס עפּעס גראָד אויף אַ נישט־געראָטענער כּלה? איר קענט עס אויך זאָגן אויף אַ נישט־געראָטענער שוויגער, אויף אַ נישט־געראָטענעם צימעס, אַפֿילו אויף אַ נישט־געראָטענער ראַדיאָ־פּראָגראַם. ווען אַ זאַך איז גוט און געראָטן איז דאָס **אײַ־אײַ־אײַ**, ווען אַ זאַך איז נישט גוט, נישט געראָטן, איז עס **נישט אײַ־אײַ־אײַ**.

פֿון וואַנען שטאַמט דער אויסדרוק **אײַ־אײַ־אײַ** בכלל איז זייער לײַכט צו פֿאַרשטיין. "אײַ" איז אַן אויסרוף פֿון צופֿרידנקייט, פֿון באַוווּנדערונג. ווען אַ זאַך איז גוט און געראָטן זאָגט איר: אײַ! אײַ, איז דאָס אַ מויד! אײַ, איז דאָס אַ בחור! אײַ, איז זי שיין! אײַ, איז ער קלוג. **אײַ־אײַ־אײַ** מיינט דרײַ מאָל גוט, דרײַ מאָל שיין, דרײַ מאָל געראָטן. גוטסקייט האָט דרײַ מדרגות: גוט, בעסער און פּשש! **אײַ־אײַ־אײַ** איז דאָס זעלבע וואָס **פּשש**. דאָס הייסט – בעסער קען שוין נישט זײַן.

## דאָס אייבערשטע פֿון שטייסל

אַ פֿרוי פֿון לאָנג־אײַלאַנד וויל, איך זאָל איר אויסטײַטשן דעם אויסדרוק: **דאָס אייבערשטע פֿון שטייסל**.

מיט פֿאַרגעניגן, מײַן ליבע פֿרוי. וואָס אַ **שטייסל** אָדער אַ **שטויסל** איז ווייסט איר

דאָך – דאָס איז די כּלי, אין וועלכער אונדזערע מאַמעס און באָבעס פֿלעגן שטויסן פּעפּער, צימרינג, פּסח־מצה און דעס גלײַכן זאַכן. אין אַנדערע מקומות רופֿט מען די דאָזיקע כּלי: **מערזשער** אָדער **מערזשל**, **שטאַמפּ**, **סטויפּע**, **סטופּע** אָדער **סטעפּקע**, אָבער דאָס באַקאַנטסטע וואָרט איז **שטייסל**. אַ **שטייסל**, ווי איר ווייסט, באַשטייט פֿון צוויי טיילן: דער טייל אין וועלכן מען לייגט אַרײַן די זאַכן, וואָס דאַרפֿן צעשטויסן ווערן, און דאָס מעשענע אָדער קופּערנע שטענגל מיט וועלכן מען שטויסט, וואָס ווערט גערופֿן: **דאָס אייבערשטע פֿון שטייסל** אָדער דער **טוקאַטש**.

וועלכע פֿון די צוויי טיילן איז וויכטיקער, דאָס **שטייסל** גופֿא צי **דאָס אייבערשטע פֿון שטייסל**, דער **טוקאַטש**? אויב איר זענט אַ בעל־הביתטע, ווייסט איר, אַז **דאָס אייבערשטע פֿון שטייסל** איז וויכטיקער, ווײַל אין אַן עת־צרה, ווען איר האָט נישט אין וואָס צו שטויסן, קענט איר זיך אַן עצה געבן אָן אַ **שטייסל**. איר נעמט אַ האַנטעך אָדער אַ טישטעך געפֿאַלבעוועט אין צווייען צי אין פֿירן און איר לייגט אַרײַן צווישן די פֿאַלבן דעם צימרינג צי דעם פּעפּער, ער זאָל זיך נישט צעפֿאָרן, און איר שטויסט. האָט איר אָבער נישט מיט וואָס צו שטויסן, דעמאָלט זענט איר אין אַ קלעם. דאָס מיינט, אַז **דאָס אייבערשטע פֿון שטייסל** איז דער וויכטיקסטער טייל פֿון דעם **שטייסל**. און דערפֿאַר, ווען אַ ייִד וויל זאָגן וועגן אַ זאַך, צי וועגן אַ מענטשן, אַז דאָס איז דאָס בעסטע, דאָס וויכטיקסטע, אָדער אַז ער איז דאָס שײַנדל, אַז איבער אים איז נישטאָ, זאָגט ער: **דאָס אייבערשטע פֿון שטייסל**.

אַ ייִד זאָגט אויך: **דאָס אייבערשטע פֿון כריין**, **דאָס אייבערשטע פֿון דער מילך**, **די סמעטענע**, **די שמאַלץ**, **דער צימעס** אָדער **דער שפּיגל**, און צענדליקער אַנדערע טרעפֿלעכע און בילדלעכע אויסדרוקן וואָס געהערן אַלע צו איין קאַטעגאָריע, "סופּעריאָריטעט".

## אײַנזייפֿן

אַ ייִד פֿון די בראָנקס שרײַבט: "איך געדענק פֿון דער היים, אַז מען פֿלעגט איינעם באַשווינדלען, פֿלעגט מען זאָגן: **אוי, האָט מען אים אײַנגעזייפֿט!** וואָס עפּעס **אײַנגעזייפֿט**?"

איך ווייס נישט, ר' ייִד, פֿון וואַנען איר קומט. אויב איר קומט פֿון אַ קליין שטעטל, ווו עס פֿלעגן פֿאָרקומען ירידים, האָט איר מסתּמא בײַגעווווינט די זעלבע סצענע, וואָס איך האָב אַ מאָל בײַגעוווינט. געווען אַ גרויסער יריד אין מײַן געבוירן־שטעטל. גיי איך פֿאַרבײַ משה דעם פֿעלדשער. איר ווייסט דאָך מן־הסתּם, אַז די היימישע פֿעלדשערס זײַנען צו גלײַכער צײַט אויך געווען די פֿאַריק־מאַכערס פֿון שטעטל, די שערערס, די צירולניקעס, די "באַרבערס" בלע"ז. נו, איז גיי איך פֿאַרבײַ משה דעם

פֿעלדשער און איך זע ווי אין דרויסן פֿאַר דער ראַזורע זײַנער זיצן אויסגעזעצט אויף בענקלעך אַ כאָפּטע גויים, אַ שטיק צען אַוודאי, אַלע מיט אײַנגעזייפּטע פּנימער און שוויצן ווי די ביבערס. און משה דער פֿעלדשער שוויצט מער פֿון אַלע. ער שטייט און סקראָבעט בײַ אַ גוי די מאָרדע און מאַכט אַלע מאָל צו די אײַנגעזייפּטע: "זאַראַז יאַנעק, זאַראַז סטאַשעק, יעשטשע כווילעטשקע" – דאָס הייסט: האָט געדולד, באַלד נעם איך זיך צו אײַך. און לכתּחילה האָב איך נישט פֿאַרשטאַנען וואָס דאָ טוט זיך. אויב זיי דאַרפֿן וואַרטן, איז נאָך וואָס האָט ער זיי אײַנגעזייפּט, אַז זיי זאָלן דאַרפֿן שוויצן אין אַזאַ היץ? דערנאָך האָב איך זיך געכאַפּט. הער אַ חכם! ווען ער זייפּט זיי נישט אײַן, וואָלטן זיי דאָך אַוועק צו זײַן קאָנקורענט בערל פּענצאַק. אַזוי אַז ער האָט זיי אײַנגעזייפּט, מוזן זיי דאָך וואַרטן. אָט פֿון דער שווינדלערישער מאַנעוורע פֿון די אַמאָליקע שערערס שטאַמט דער אויסדרוק **אײַנזייפֿן** פֿאַר באַשווינדלען.

נאָך עפּטער ווערט דער אויסדרוק באַנוצט ווען איינער מאַכט מיט אײַך אַ באַשטעלונג, אַן "אַפּוינטמענט" בלע"ז, און קומט מיט אַ שעה שפּעטער אָדער קומט אין גאַנצן נישט. דעמאָלט האָט ער אײַך **אײַנגעזייפּט** אָדער **געלאָזט שוויצן**.

## איך האָב דיך אין דר'ערד

אַ ייִד פֿון מאַנהעטן שרײַבט: "איר וועט מיר מוחל זײַן, פֿרײַנד סטוטשקאָוו, וואָס איך פֿרעג אײַך אַזאַ נישט־איידעלע פֿראַגע. ווילט איר, ענטפֿערט, און אויב נישט, וועל איך אויף אײַך קיין פֿאַראיבל נישט האָבן. ייִדן ניצן דעם אויסדרוק **איך האָב דיך אין דר'ערד** – איז דאָס אַ קללה צי גלאַט אַזוי אַ ווערטל?"

ניט געפֿערלעך, ר' ייִד. ס'איז אַ פֿראַגע, אויף וועלכער מע קען ענטפֿערן. **איך האָב דיך אין דר'ערד** איז – ווי זאָל איך אײַך זאָגן – האַלב און האַלב. ייִדן ניצן עס אויך ווי אַ קללה, אָבער באמת איז דאָס נישט קיין קללה, נאָר אַן אַרויסרוף, אַ "טשאַלענדזש", ווי עס הייסט אין ענגליש. און דער מיין איז: איך האָב נישט קיין מורא פֿאַר דיר. **איך האָב דיך אין דר'ערד**, דאָס הייסט, איך האָב פֿאַר דיר מורא ווי איך האָב מורא פֿאַר אַ טויטן, צי ווי מען זאָגט: **קענסט מיר שיטן זאַלץ אויפֿן עק, קענסט מיך רופֿן קנאַקניסל!**

ווען איך האָב געלערנט אין לאָמזשער ישיבֿה, האָב איך געגעסן אַ טאָג בײַ אַ סטאָליער, נישט זייער קיין איידעלער נפֿש, און ווי ער, אַזוי זענען געווען זײַנע בנים, די זין, וואָס האָבן געאַרבעט מיט אים אין דער סטאָליאַרניע, פּראָסטע נפֿשות. זיץ איך איין מאָל בײַ טיש און עס און ער מיט אַ בן זיצן און שפּילן אין קאָרטן. מאַכט דער זון: "וואָס האָסטו, טאַטע? האָסט די טויז פּיק?" – "און אַז איך האָב מלך פּיק", ענטפֿערט דער טאַטע, "איז דיר ווייניק?" לײַכט בײַ דעם יונג אויף דאָס פּנים און ער

מאַכט מיט אַ שמייכל: "דו האָסט נישט די טויז פיק? און איך מיין, אַז דו האָסט די טויז פיק. אויב דו האָסט נישט די טויז פיק, האָב איך דיך אין דר'ערד, טאַטע". ער האָט אים נישט געמיינט צו שעלטן, פֿאַר וואָס זאָל ער אים שעלטן? אַלץ וואָס ער האָט אים געוואָלט זאָגן איז: אויב דו האָסט נישט די טויז פיק, האָב איך נישט קיין מורא פֿאַר דיר, פֿײַף איך אויף דיר.

## איך האָב דיך אין ויאמר

אַ סך ייִדן שטעלן מיך אין פֿאַרלעגנהייט. זיי פֿרעגן בײַ מיר אַזעלכע פֿראַגעס וואָס, ווען איך ענטפֿער אויף זיי בפה־מלא, וואָלט מען מיך אויף צו מאָרגנס אַרונטערגענומען פֿון דער לופֿט. דערפֿאַר מוז איך אין מײַנע ענטפֿערס אויף אַזעלכע פֿראַגעס רעדן מיט האַלבע ווערטער און בעט, אַז דאָס איבעריקע זאָלן זיך ייִדן אָנשטויסן. אָט פֿרעגט מיך אַ ייִד: "פֿאַר וואָס פֿלעגט מען זאָגן בײַ אונדז אין וואַרשע **איך האָב דיך אין ויאמר**?"

**פֿאַר וואָס? דערפֿאַר ווײַל ייִדן האָבן נישט געוואָלט אַרויסרעדן אַ וואָרט וואָס איז נישט שיין אַרויסצורעדן בפֿרהסיא. אײַ, וואָס האָט עס צו טאָן מיטן ויאמר? איז דער ענטפֿער, אַז מיט איין ויאמר האָט עס יאָ צו טאָן. איר וועט אים געפֿינען אין פּרשת ויצא, ווען רחל האָט געזאָגט צו יעקבֿן "הבה לי בנים" – גיב מיר קינדער, אַז נישט שטאַרב איך. איז "ויחר אף יעקבֿ" – איז יעקבֿ אין כּעס געוואָרן, ויאמר – און ער האָט געזאָגט: וואָס ער האָט געזאָגט, קוקט נאָך וועט איר וויסן.**

## איך הער דיך ווי אין טראָק

הרבֿ שראַגאָוויץ פֿון פּאַרקטשעסטער, ניו־יאָרק, איז געווען אַזוי פֿרײַנדלעך מיר צוצושיקן אַ קאָרעקציע בנוגע מײַן אויסטײַטש פֿון דעם אויסדרוק: **איך הער דיך ווי אין טראָק**. גראָד איז מיר געקומען צו דער האַנט נח פּרילוצקיס "זאַמלבוך פֿאַר ייִדישן פֿאָלקלאָר" און איך האָב דאָרטן געפֿונען דעם ריכטיקן טײַטש, וואָס שטימט מיט אײַערן, ר' שראַגאָוויץ.

**דער אויסדרוק האָט אַ שײַכות צום שטעטל טראָק, ווילנער גובערניע, ווו עס האָבן געוווינט אַ סך קאַראַימער. די קאַראַימער, ווי איר ווייסט, האַלטן בלויז פֿון תּורה שבכתבֿ; דעם תּלמוד, די פּוסקים, ווי בכלל די רבנישע ליטעראַטור אָנערקענען זיי נישט. נו, פֿאַרשטייט זיך, אַז אויב זיי האַלטן נישט פֿון די דינים, פֿון וועלכע אַלע ייִדן האַלטן, האָט בײַ זיי אונדזערס אַ רבֿ גאָרניט וואָס צו זאָגן. איז לכתּחילה, מיין איך, דאָס ווערטל געגאַנגען אַזוי: איך הער דיך ווי אין טראָק דעם רבֿ, דאָס הייסט: איך לייג אַזוי פֿיל אַכט אויף דײַנע רייד, ווי די קאַראַימער אין טראָק לייגן אַכט אויף די רייד פֿונעם רבֿ. אָבער ווי דער שטייגער איז בײַ ייִדן, ווען אַ ווערטל איז צו לאַנג, קירצט מען עס אונטער. מיט דער צײַט האָט מען אונטערגעקירצט דעם רבֿ.**

***

געווען בײַ ייִדן אַזאַ שטאָט ווי טשערנאָוויץ, וואָס האָט געהאַט אַ שם פֿאַר אירע אַפּיקורסים. אין וואָס איז באַשטאַנען זייער אַפּיקורסות? אין דעם, וואָס זיי האָבן נישט געהאַלטן פֿון דער מגילה, זיי פֿלעגן נישט גיין הערן לייענען די מגילה. איז האָט טשערנאָוויץ אונדז אויך צוגעשטעלט אַ ווערטל פֿאַר נישט פֿאָלגן, אָדער פֿאַר נישט הערן: **איך הער דיך ווי אין טשערנאָוויץ די מגילה.** ייִדן האָבן דאָך אָבער ליב, אַז אַ ווערטל זאָל בײַ זיי זײַן קורץ און שאַרף, האָבן זיי ביסלעכווײַז אויסגעשניטן **די מגילה** און ס'איז געבליבן: **איך הער דיך ווי אין טשערנאָוויץ**, און **די מגילה** שטויסט זיך אָן.[137]

## איך וועל נישט אַוועקגעבן פֿאַר אים קיין זאַק ציבעלע

צוויי ייִדישע פֿרויען האָבן זיך צונויפֿגעטראָפֿן מיט איין און דער זעלבער שאלה. אַ ברוקלינער פֿרוי פֿרעגט: "פֿאַר וואָס זאָגט מען: **איך וועל נישט אַוועקגעבן פֿאַר אים קיין זאַק ציבעלע**?" און אַ בראָנקסער פֿרוי פֿרעגט: "פֿאַר וואָס זאָגט מען: **איך וועל נישט אַוועקגעבן פֿאַר אים קיין זאַק באָרשט**?"

דאָס ווערטל, מײַנע טײַערע, שפּיגלט אָפּ די אַמאָליקע ייִדישע בעל־הבתּישקייט. פּונקט ווי מען פֿלעגט אַ מאָל אין אַ בעל־הבתּיש ייִדיש הויז אַראָפּשיטן אין קעלער אויפֿן ווינטער אַ פּאָר קערצלעך קאַרטאָפֿל, אַזוי פֿלעגט מען זיך אויך באַזאָרגן אויפֿן ווינטער מיט אַ זאַק ציבעלע. און אַ זאַק ציבעלע איז געווען אַן ענין בײַ ייִדן, אַ לוקסוס, וואָס נישט יעדער איינער האָט זיך עס געקענט פֿאַרגינען. איז דערפֿאַר ווען מען פֿלעגט רעדן וועגן אַ מענטשן, וואָס מען האַלט פֿון אים, אַ מענטש, וואָס האָט אַ ווערט, פֿלעגט מען זאָגן: "ער? **ער איז בײַ מיר דאָס אייבערשטע פֿון שטייסל. איך וועל פֿאַר אים קיין זאַק ציבעלע נישט אַוועקגעבן**". לצים ייִדן האָבן דערפֿון געמאַכט אַ פּאַראָדיע: **איך וועל פֿאַר אים קיין זאַק באָרשט נישט אַוועקגעבן**, אַ זאַך, וואָס איז נישט בנימצא, ווײַל ווי קען מען האַלטן אין אַ זאַק באָרשט?

## אין דער היים

אַ ייִד פֿון סטעטען־אײַלאַנד שרײַבט: "מײַנער אַ פֿרײַנד האָט אין אַ שמועס וועגן זײַן גראָטענעם זון זיך אויסגעדריקט: 'וואָס דו זאָלסט אים נישט אַ כאַפּ טאָן **איז ער אין דער היים**, סײַ אין ענגליש, סײַ אין מאַטעמאַטיק, סײַ אין אַלץ'. זאָג איך: 'וואָס מיינסטו **ער איז**

---

137. ד"ר הערשל גלעזער ברענגט פֿון זײַן רבין, ד"ר מרדכי שעכטער, אַז דער אויסדרוק **ער הערט אים ווי אין טשערנאָוויץ די מגילה** באַציט זיך אויפֿן שטעטל קליין־טשערנאָוויץ, וואָס איז געלעגן אַ 25 ק"מ צפֿון־מיזרח פֿון מאָלעוו.

**אין דער היים**?׳״ דער קיצור, דער ייִד וויל וויסן, צי מען ניצט אָט דעם אויסדרוק אין ייִדיש, און וואָס מיינט ער?

יאָ, מע ניצט אים אין ייִדיש, פּונקט ווי מען ניצט אים אין ענגליש: ״הי איז עט האָום אין״. **ער איז אין דער היים אין** מיינט: ער פֿילט זיך היימיש אין (ווײַל אין דער היים פֿילט מען זיך היימיש), ער איז באַהאַוונט אין דער זאַך, ער האָט אַ ידיעה דערײַן, ער איז באַקאַנט דערמיט. ווי אַ ייִד האָט זיך אַ מאָל באַרימט, וואָס פֿאַר אַ גרעאָטן ווײַב ער האָט, ווי געלערנט זי איז, ווי אַנטוויקלט זי איז, ווי אומעטום איז זי **אין דער היים**: ״אין ליטעראַטור איז זי **אין דער היים**, אין מאָלערײַ איז זי **אין דער היים**, אין טעאַטער איז זי **אין דער היים**, אין מוזיק איז זי גאָר־גאָר **אין דער היים**. בלויז איין חסרון״, זאָגט ער, ״האָט זי, וואָס **אין דער היים** איז זי קיין מאָל נישט **אין דער היים**״.

## אין דער לאַנגער באַנק אַרײַן

מיט אַ צײַט צוריק האָט מיך אַ צוהערער פֿון די בראָנקס, צי אפֿשר פֿון ברוקלין, געפֿרעגט פֿון וואַנען עס נעמט זיך דער באַקאַנטער ייִדישער אויסדרוק: **אָפּלייגן אין דער לאַנגער באַנק אַרײַן**.

איך האָב דעם ייִדן ביז איצט נישט געענטפֿערט, ווײַל איך שעם זיך נישט אויסצוזאָגן, איך האָב אים נישט געוווּסט וואָס צו ענטפֿערן. דער אויסדרוק איז מיר אַליין נישט קלאָר געווען. אָבער צופֿעליק האָב איך די טעג לייענענדיק די קאָרעקטורן פֿון מײַן בוך ״דער אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך״ זיך אָנגעשטויסן אין אַ וואָרט וואָס האָט מיר געגעבן אַ שליסל צו אָט דעם אויסדרוק.

וואָס אַ באַנק איז ווייסט איר דאָך, איך מיין נישט אַ באַנק, ווו איר האַלט אײַערע אָפּשפּאָרונגען, נאָר אַ באַנק אויף וועלכער מען זיצט. איצט באַגעגנט איר אָט דאָס דאָזיקע מעבלשטיק בלויז אין עפֿנטלעכע פּלעצער, ווי פּאַרקן, גערנטער, אוידיטאָריומס און אַ מאָל פֿאַרן הויז, ווען איר האָט אַן אייגענע הײַזקע – אָבער אין הײַזער זייער זעלטן. אַ מאָל, אין דער אַלטער היים, איז די באַנק געווען איינע פֿון די וויכטיקסטע מעבלשטיקער אין אַ ייִדיש הויז. בײַ טאָג פֿלעגט מען אויף איר זיצן און בײַ נאַכט פֿלעגט מען אויף איר אויסבעטן אַ קינד. ס׳איז געווען אַפֿילו אַזאַ קאָמבינאַציע ווי אַ באַנקבעטל, בײַ נאַכט אַ באַנק מיט אַ שעניק און בײַ טאָג אַ באַנק צום זיצן. אין פֿרומע ייִדישע הײַזער איז אין קיך אַפֿילו געווען צוויי באַזונדערע בענק, איינע פֿאַר מילכיקס און איינע פֿאַר פֿליישיקס, און אַזוי פֿלעגט מען זיי טאַקע רופֿן, די מילכיקע באַנק און די פֿליישיקע באַנק. און פֿון דעם נעמט זיך דער אויסדרוק: **ער האָט אים געלאָזט זיצן אויף דער פֿליישיקער באַנק**.

אָבער, ווי געזאָגט, צופּעליק האָב איך זיך אָנגעשטויסן אין נאָך אַ מין באַנק, אין דער שנײַדערשער באַנק. דאָס איז געווען אַ באַנק און אין דער זעלבער צײַט אַ קאַסטן, אַזוי ווי איצט די צעדער־קאַסטנס, אָבער לענגער. אָט אין דער לאַנגער באַנק פֿלעגט דער שנײַדער אָפּלייגן די סחורות, די מאַטעריאַלן וואָס מע האָט נישט געדאַרפֿט אונטער דער האַנט. אויף די בענק פֿלעגן די געזעלן זיצן מיט די פֿיס אונטער זיך און נייען, און בײַ נאַכט אַוועקלייגן אַ פּאָר לאַכעס צוקאָפּנס און שלאָפֿן אויף איר. וואָס עס האָט געמיינט אויפֿנייען אַ בגד בײַ אַ היימישן שנײַדער ווייסט איר מסתּמא. זענט איר געווען אַ ייִד אַ גבֿיר, איז ווי איר האָט געבראַכט דאָס שטיקל סחורה אויפֿן בגד, האָט מען זיך גלײַך גענומען דערצו. זענט איר אָבער געווען אַ ייִד אַ קבצן, האָט געקענט טרעפֿן, אַז איר האָט באַשטעלט דעם קאַפּטן אויף פּסח, אָבער אָפּגעקריגן האָט איר אים אַן אויפֿגענייטן אויף די צווייטע טעג סוכּות.

וואָס האָט דער שנײַדער געטאָן מיט אײַער שטיקל סחורה? ער האָט עס **אָפּגעלייגט אין דער לאַנגער באַנק אַרײַן** – וואָס איז דאָס געאײַלעניש? זאָל עס ליגן, עס וועט זײַן צײַט, וועט מען זיך נעמען דערצו. אָט דאָס איז דאָס, מײַן פֿרײַנד. אָפּלייגן אַ זאַך אויף שפּעטער מיינט **אָפּלייגן אין דער לאַנגער באַנק אַרײַן**. געזונט זאָלן זײַן די שנײַדערס, וואָס זיי האָבן אונדז געגעבן אַזאַ טײַער וואָרט.

## אַכבעראָש

"פֿון וואַנען שטאַמט דער אויסדרוק **אַכבעראָש**?" פֿרעגט אַ ייִד פֿון ברוקלין. "אײַ, איז דאָס אַן **אַכבעראָש**", זאָגט מען אויף אַ ייִנגל אַ שטיפֿער, אַ מזיק.

וועגן דעם וואָרט **אַכבעראָש**, מײַן פֿרײַנד, איז דאָ אַ מחלוקת־הפּוסקים. אַנדערע זאָגן, אַז דאָס איז אַ צונויפֿהעפֿט פֿון צוויי העברעיִשע ווערטער "אַך בראָש", אַן אָנשפּיל אויף דעם ווערטל "הדיוט קופֿץ בראָש". לויט דער ווערסיע מיינט **אַכבעראָש** אַן עזות, אַ חצוף, וואָס וויל אומעטום זײַן דער ערשטער, "אַך בראָש". פֿאַראַן אָבער אַ יש־אומרים, אַז **אַכבעראָש** איז אַ העברעיִשע איבערזעצונג פֿון דעם דײַטשן וואָרט "מאַוסקאָפּף", וואָס מיינט גלאַט אַ לײַדאַק, אַ שאָלטיק. "מאַוס" – ייִדיש **מויז**, איז אין העברעיִש "עכבר", "קאָפּף" – ייִדיש **קאָפּ**, איז אין העברעיִש "ראָש", איז האָבן מיר צוזאַמען "עכבר ראָש". אָט האָט איר צוויי סבֿרות און קלײַבט אויס וועלכע עס געפֿעלט אײַך בעסער.

## אַכילה

און אָט איז אַ ברוקלינער ייִד מיט אַ פֿראַגע וועגן אַכילה. דער ייִד האָט טענות, פֿאַר וואָס זאָגט מען: **ער עסט ווי אַ גוי**. עס איז ניט שיין. וואָס איז, אַ ייִד עסט אַנדערש ווי אַ גוי?

אפֿשר איצט נישט, מײַן פֿרײַנד, אָבער אַ מאָל האָט אַ גוי טאַקע געגעסן – פּראָסטע מאכלים – אָבער געגעסן. אָבער אַ ייִד? אַ ייִד פֿלעגט בלויז עסן איין מאָל אַ וואָך – שבת, ווען ער האָט געהאַט אויף שבת. אָבער אַ גאַנצע וואָך פֿלעגט אַ ייִד נישט עסן, נאָר אָפּקומען דעם טאָג. אַ ייִד פֿלעגט **טועם־טעם זײַן, פֿליישיק מאַכן זיך, דערכאַפּן דאָס האַרץ, אונטערלענען דאָס האַרץ, דערהאַלטן די נשמה, מאַכן שהחיינו, נעמען עפּעס אין מויל אַרײַן**, אָבער אַוועקזעצן זיך און עסן? נע. אַמבעסטן ווערט עס כאַראַקטעריזירט אין דעם ווערטל, וואָס איז אַרומגעגאַנגען צווישן ייִדן: **אַ גוי פֿרעסט – אַ ייִד כאַפּט אַ ביסל; אַ גוי טרינקט – אַ ייִד נעמט אַ קאַפּיטשקע; אַ גוי שלאָפֿט – אַ ייִד כאַפּט אַ דרימל.** דערפֿאַר איז אַ גוי שטאַרק און ריזיק, אַ סאָלאָוויאָוו, אַ וואָראָביאָוו, און אַ ייִד, מישטיינס געזאָגט: סאָלאָווייטשיק און וואָראָבייטשיק.

## אַכצן און דרײַצן

אַ ייִד פֿון לאָנג־אײַלאַנד פֿרעגט מיך: "איך הער אַ מאָל ווי ייִדן זאָגן 'וואָס הערט זיך מכּוח **אַכצן און דרײַצן?**' וואָס מיינט עס? פֿון וואַנען שטאַמט עס און וואָס גראָד **אַכצן און דרײַצן**, פֿאַר וואָס נישט צוועלף און פֿערצן?"

**אַכצן און דרײַצן**, מײַן פֿרײַנד, געהערט צו די ווערטער, וועלכע מען רופֿט אין דער שפּראַך־וויסנשאַפֿט "אַנאָנימען". זיי זענען ווערטער, מיט וועלכע מען באַצייכנט זאַכן און באַגריפֿן, וואָס מען וויל נישט, מען קען נישט, אָדער מען ווייסט נישט ווי זיי אָנצורופֿן בײַ זייערע ריכטיקע נעמען.

טראָגט זיך איבער פֿאַר אַ מאָמענט אין אײַער פֿאַנטאַזיע צו דעם שטעטל, ווו איר זענט געבוירן געוואָרן, און שטעלט זיך פֿאָר: עס קומט אַרײַן אַ שדכן אין אַ ייִדיש הויז און מאַכט: "ר' משה, איך האָב נאָר וואָס געזען אײַער בחורל אין בית־מדרש. קיין עין־הרע אויסגעוואַקסן ווי אַ סאָסנע! איך מיין, ר' משה, אַז מע וואָלט שוין געדאַרפֿט אַ טראַכט טאָן וועגן **אַכצן און דרײַצן**". דאָס מיינט ער: מע וואָלט שוין געדאַרפֿט אַ טראַכט טאָן וועגן אַ שידוך פֿאַר דעם בחור. מיט אַ פּאָר חדשים שפּעטער, גאָט האָט געהאָלפֿן, חתן־כּלה האָבן זיך אָנגעקוקט און זענען זיך געפֿעלן. מאַכט ר' משה, דעם חתנס פֿאָטער, צו ר' זלמן, דער כּלהס פֿאָטער: "אַלץ פֿײַן, ר' זלמן, אָבער וואָס הערט זיך מכּוח **אַכצן און דרײַצן?**" דאָס מיינט ער: וואָס הערט זיך מכּוח נדן? איר פֿאַרשטייט? **אַכצן און דרײַצן** מיינט אי אַ שידוך, אי נדן, און עס קען מיינען נאָך הונדערטער זאַכן. איצט דאַרף איך אײַך בלויז זאָגן, פֿאַר וואָס מען זאָגט **אַכצן און דרײַצן** און נישט "צוועלף און פֿערצן". דאָס איז דערפֿאַר, ווײַל 18 און 13 באַטרעפֿט צוזאַמען 31 און דאָס העברעיִשע וואָרט "לא", וואָס מיינט – "נישט", באַטרעפֿט אויך 31. און **אַכצן און**

**דרײַצן** איז אַ גילגול פֿון **יהודי בלא**, וואָס מיינט: שש! שווײַג! נישט גערעדט! לאַוו דיבורים!

און **אַכצן און דרײַצן** איז נישט דער איינציקער אַנאָנים בײַ ייִדן. ווען אַ ייִד רעדט וועגן אַ זאַך, וואָס ער ווייסט נישט ווי עס אָנצורופֿן, זאָגט ער: דאָס איז אַ מין **ווי הייסט מען עס**, אַ מין **ווי זאָגט מען עס**, אַ מין **קיטניות**, אַ מין **שמיי־דריי**. ווען אַ ייִד שרײַבט אָן אַ פֿאַסקווילעכל, אַ מסירהלע, און וויל נישט אונטערשרײַבן זײַן אמתן נאָמען – ווי שרײַבט ער זיך אונטער? **ישׂמח משה, משה זוך מיך, תּקנת שבת, יקום פורקן.** ווען אַ ייִד רופֿט עמעצן און ווייסט נישט דעם נאָמען פֿון דעם וואָס ער רופֿט, ווי רופֿט ער? **היי ר׳ ייִד! היי ר׳ קרובֿ! היי פֿעטער!** און וויל ער צוגעבן צו זײַנע ווערטער אַ טאָן פֿון חוזק, שרײַט ער: **היי ר׳ אָץ, היי ר׳ צאָץ! היי אָץ קוץ!** און רופֿט ער אַן ערל, אַ גוי, וואָס ער ווייסט נישט זײַן נאָמען, שרײַט ער: **היי אַנטעק! היי וואַיטעק! היי סמאַשעק!** דאָס זענען אַלץ צוגעטראַכטע נעמען, אַנאָנימען, ווערטער פֿון דער הפֿטורה, מיט וועלכע מען באַצייכנט זאַכן, וואָס מען ווייסט נישט, מען וויל נישט, אָדער מען פֿוילט זיך אָנצורופֿן בײַ זייערע אמתע נעמען, און צו דער קאַטעגאָריע ווערטער געהערט אויך אונדזער **אַכצן און דרײַצן**.

## אַלטפֿרענקיש

מ״ר אוסטין פֿון ניו־יאָרק וויל וויסן, וואָס עס מיינט **אַלטפֿרענקיש**.

מיינען מיינט עס אַלטמאָדיש, אַ מינהג, אַן אײַנפֿיר אָדער אַ מאָדע, וואָס איז שוין זייער אַלט. דער אויסדרוק **אַלטפֿרענקיש** נעמט זיך דערפֿון, וואָס די שפּאַנישע אָדער ספֿרדישע ייִדן אין טערקײַ פֿלעגט מען רופֿן און מען רופֿט זיי נאָך איצט די **פֿרענקען**. און **אַלטפֿרענקיש** מיינט דערפֿאַר צו זאָגן אַ מאָדע אָדער אײַנפֿיר, וואָס שטאַמט נאָך פֿון די ספֿרדישע ייִדן.

## אַלע קי שוואַרץ

מ״ר זעליגמאַן פֿון די בראָנקס שרײַבט: ״איך זיץ די וואָך אויף אַ באַנק אין קראָטאָנאַ־פּאַרק, זיצן לעבן מיר דרײַ עלטערע ייִדענעס און מען באַרעדט די וועלט. הער איך ווי איינע זאָגט: ׳איר זאָגט מזל – אָט נעמט אונדזער ״גראָסערי״־מאַנס טאָכטער. דאַכט זיך מיאוס ווי די נאַכט, און זעט וואָס פֿאַר אַ שידוך זי האָט געקראָגן. וואָס פֿאַר אַ פֿײַנעם יונגן־מאַן׳. מאַכט די צווייטע: ׳מיאוס, זאָגט איר. אַ מאַזעפּע, מיר דאַכט זיך, אַז מע דאַרף צו איר האָבן אַ קופּערנעם יצר־הרע׳. ׳ע׳, מאַכט די דריטע, '**בײַ נאַכט זענען אַלע קי שוואַרץ**'. ווי זי האָט דאָס אַרויסגערעדט האָבן זיך אַלע דרײַ ייִדענעס אַזוי צעלאַכט ווי זי וואָלט אַרויסגעזאָגט די גרעסטע חכמה. איך האָב די חכמה נישט פֿאַרשטאַנען. וואָס האָט זי

געמיינט מיט **בײַ נאַכט זענען אַלע קי שוואַרץ**?"

איר זענט נעבעך זייער אַ נאַיִווער ייִד, מ"ר זעליגמאַן, אויב איר פֿאַרשטייט נישט וואָס זי האָט געמיינט. צום באַדויערן קען איך עס אײַך נישט צעלייגן אויף אַ טעלערל. איך קען אײַך בלויז געבן אַן אָנדײַט וואָס זי האָט געמיינט. זי האָט געמיינט בדרך־משל, אַז בײַ טאָג קען מען אונטערשיידן צווישן אַ שיינער און אַ מיאוסער פֿרוי, אָבער בײַ נאַכט אין דער פֿינצטער האָבן אַלע איין פּנים. פֿאַראַן אין ייִדיש נאָך אַ פּאָר ווערטלעך פֿון דעם מין, למשל: **אַז מען פֿאַרלעשט די ליכט, איז אַלץ איינס דאָס געריכט;** אָדער **אַז מען מאַכט צו דעם לאָדן, מיינט מען אַז ס'איז פֿלאָדן.**

## אָנגעדרייט

און אָט איז מײַנער אַ לאַנדסמאַן פֿון וואַרשע מיט אַ שאלה. "אין דער היים", שרײַבט ער, "ווען מען פֿלעגט וועלן זאָגן צו איינעם 'דו ווייסט נישט וואָס דו רעדסט', פֿלעגט מען זאָגן: 'אָ! **עס זאָל דיר זײַן אָנגעדרייט**'. וואָס דאָס האָט געמיינט, האָב איך קיין מאָל נישט געוווּסט, און ווייס עס איצט אויך נישט. אפֿשר ווייסט איר, פֿרײַנד סטוטשקאָוו?"

יע, לאַנדסמאַן, איך ווייס. געדענקט איר די אַלטע ייִדישע אינסטיטוציע, די זאָגערין אין שול? אויב איר האָט פֿאַרגעסן, וועל איך אײַך דערמאָנען. איצט בעוונותינו־הרבים קענט איר געפֿינען אַ שפּאַר ביסל ייִדן, וואָס קענען נישט דאַווענען, אָבער אַ מאָל? וואָס הייסט, אַ ייִד זאָל נישט קענען דאַווענען? זעט איר, צווישן ייִדענעס, איבער הויפּט פֿון דעם געמיינעם גראַד, האָבן זיך יאָ געפֿונען אַזעלכע, וואָס האָבן נישט געקענט דאַווענען. איז אַפֿילו זיי פֿלעגן זיך אַן עצה געבן. איז אין דער ווײַבערישער שול געווען אַ זאָגערין. אַ ייִדענע אַ וווּיל־קענעוודיקע, אַ מין ווײַבערישער חזן, פֿלעגט זי זיצן אַ באַלאָדענע מיטן גראָבן קרבן־מנחה־סידור אין מיטן און אַ קופּקע ווײַבער אַרום איר. זי פֿלעגט זאָגן און די ווײַבער פֿלעגן איר נאָכזאָגן. די איינציקע צרה איז געווען, וואָס נישט אַלע מאָל פֿלעגן זיי איר ריכטיק נאָכזאָגן, ווײַל נישט אַלע מאָל האָט מען געקענט הערן וואָס זי זאָגט. איר ווייסט דאָך, אַז ווײַבער קומען זיך צוזאַמען... אין אַ פּשוטן שבת איז נאָך געווען צו דערלײַדן, אָבער אַז ס'איז געקומען אַ ראָש־השנה, אַ יום־כּיפּור, איז דאָך געווען הימל עפֿן זיך! די וויינט און די געוואַלדעוועט, די קרעכצט און יענע שנײַצט די נאָז. מע האָט ממש געדאַרפֿט האָבן אַ געהער פֿון אַ טאָסקאַניני, אַז מע זאָל קענען אין אַזאַ טומל הערן אַקוראַט וואָס די זאָגערין זאָגט. פֿלעגט טאַקע טרעפֿן, אַז די זאָגערין האָט געזאָגט איין זאַך און די ווײַבער האָבן געזאָגט אַן אַנדער זאַך.

זיצט איין מאָל אַזאַ זאָגערין ראָש־השנה צו מוסף און זאָגט פֿאַר די ווײַבער דעם

ונתנה־תוקף, צו ערשט ווי עס שטייט אין מחזור, און דערנאָך דעם טײַטש: "ויכּון – עס זאָל זײַן אָנגעברייט, בחסד – מיט גענאָד, כסאך – דײַן שטול..." זיצט איין ייִדענע אַ ביסעלע צו ווײַט אַוועק און דערהערט נישט, קומט בײַ איר אַרויס אַזאַ מין פסוק: "ויכּון – עס זאָל זײַן אָנגעדרייט, בחסד – מיט דראָט, כסאך – דײַן מיל".

איז דאָס איז דאָס, מײַן פֿרײַנד. ווען מען זאָגט צו איינעם **עס זאָל דיר זײַן אָנגעדרייט**, איז דאָס אַן אָנצוהערעניש אויף יענער ייִדענע, וואָס זאָגט און ווייסט נישט וואָס זי זאָגט.

## אָנגעכאַפּט גאָט פֿאַר דער באָרד

מר. סעמועל בלום פֿון ברוקלין וויל, איך זאָל אים אויסטײַטשן דעם אויסדרוק: **ער האָט אָנגעכאַפּט גאָט פֿאַר דער באָרד.**

דער אמת איז, אַז ווען מיר ניצן דעם אָדער אַן ענלעכן אויסדרוק אין שײַכות מיט גאָט, זינדיקן מיר קעגן דעם דריטן אַני־מאמין פֿון אונדזער שלוש־עשׂרה עיקרים, אין וועלכן מיר זאָגן בפּירוש, אַז מיר גלייבן באמונה־שלמה, אַז דער בורא־עולם האָט נישט קיין קערפּערלעכע געשטאַלט. אָבער עיקרים הײַנט, עיקרים מאָרגן, אין דער פֿאַנטאַזיע פֿון דעם פֿאָלק איז גאָט ברוך־הוא אַן אַלטער, אַלטער זקן מיט אַ גרויסער ווײַסער באָרד, מיט הענט און פֿיס און אַלע איבעריקע מענטשלעכע אַטריבוטן. ווײַל אַנישט וואָלטן מיר דאָך נישט געזאָגט **עס איז בײַ גאָט אין די הענט** אָדער **ער שטעלט גאָט אויף די פֿיס**.

איצט קומען מיר צו דער באָרד. הײַנט צו טאָג, ווען צוויי ייִדן צעממיתן זיך, האָבן זיי זיך נישט בײַ וואָס אָנצוכאַפּן, סײַדן בײַ די גאָרגלען. אַ מאָל, ווען ייִדן האָבן געטראָגן בערד און מע האָט זיך צעהרגעט איבער עפּעס, פֿלעגט מען זיך אָנכאַפּן בײַ די בערד, און האָט איר אָנגעכאַפּט אַ ייִדן בײַ דער באָרד, האָט איר אים געהאַט אין דער האַנט, האָט ער אײַך געמוזט נאָכגעבן וואָס איר האָט געוואָלט. ווײַל אַז ניט, האָט איר געסטראַשעט, וועט זײַן באָרד קיין גאַנצע פֿון אײַערע הענט נישט אַרויס.

און דאָס זעלבע, להבֿדיל, מיינט בדרך־מליצה, ווען איר זאָגט וועגן איינעם: **ער מיינט, ער האָט אָנגעכאַפּט גאָט פֿאַר דער באָרד.** געוויינטלעך זאָגט זיך עס וועגן אַ ייִדן אַ יחסן, וואָס האָט זיך אײַנגערעדט, אַז ער איז בײַם בורא־עולם דאָס אייבערשטע פֿון שטייסל, אַז ער קען בײַ אים אַלץ אויספּירן. ווײַל אַנו, זאָל ער פּרוּוון אָפּזאָגן, בלײַבט ער אָן אַ באָרד. אַז ער האָט אָנגעכאַפּט גאָט פֿאַר דער באָרד איז דאָך ניט שייך.

***

אין דער באַציִונג פֿון דעם פּשוטן תּמימותדיקן ייִדן צו זײַן באַשעפֿער, איז גאָט

אים נישט קיין פֿרעמדער. גאָט איז: טאַטע זיסער, האַרציקער געטרײַער, דער פֿאַר וועלכן מען קען זיך באַקלאָגן ווען ס׳איז קיין פרנסה נישטאָ, ווען דאָס קינד מאָזלט. ייִדן זענען היימיש מיט גאָט, גוט־ברודעריש, פֿאַניבראַט, אַזוי היימיש, אַז ייִדן קענען זיך אַפֿילו פֿאַרגינען צו וויצלען מיט אים און אים זאָגן: **גאָטקע, גאָטקע, גיב מיר אַ העכט און נאַ דיר אַ פלאָטקע** – ס׳הייסט, גיב מיר אַ הונדערטער, וועל איך אַ צענערל אַוועקגעבן אויף צדקה. זיי קענען אים אַ מאָל אַפֿילו אַרײַנזאָגן ווי עס באַדאַרף צו זײַן: **גאָטעניו, אַ וועלט האָסטו באַשאַפֿן, אויף מיר אַזאַ יאָר, אָבער פֿירן פֿירסטו זי, אויף מײַנע שׂונאים אַזאַ יאָר.** אָדער נאָך שטאַרקער: **דײַן מזל, גאָט, וואָס דו ווױנסט אַזוי הויך, אַז נישט וואָלט מען דיר די פֿענצטער אויסגעזעצט.**

אָט דאָס איז דאָס, מײַנע פֿרײַנד. אָט די היימיש־דעמאָקראַטישע באַציִונג אונדזערע צו גאָט האָט עס אַרויסגעבראַכט אין אונדזער מאַמע־לשון אַזעלכע ווערטער ווי **מאַכן גאָט אַ קאַפּאָטע** און **אָנכאַפּן גאָט פֿאַר דער באָרד.** דאָס איז אין פֿולן איינקלאַנג מיט דעם גאָטבאַנעם פֿון דעם פשוטן ייִדן פֿון עמך דײַן פֿאָלק ישׂראל.

## אָנגעמאָסטן אַ היטעלע

מ״ר שוואַרץ פֿון ברוקלין שרײַבט: ״אין דעם שטעטל פֿון וואַנען איך קום, ווען איינער פֿלעגט אָפּנאַרן דעם צווייטן, באַשווינדלען, פֿלעגט מען זאָגן: **אײַ, האָט ער אים אָנגעמאָסטן אַ היטעלע!** פֿון וואַנען נעמט זיך דאָס ווערטל?״

שטאַרק זיכער בין איך נישט, עס איז זייער מעגלעך, אַז דאָס ווערטל איז זייער אַן אַלטס, אַז ס׳האָט צו טאָן מיטן נאַרן־מיצל וואָס די אַמאָליקע קעניגלעכע לצים פֿלעגן טראָגן. אָבער איך האָב אויך מײַן אייגענע סבֿרה און די האָט צו טאָן מיט אונדזער נישט־ווײַטן עבֿר. איך וועל מוזן רעדן לשון־הרע אויף ייִדן, אָבער איך קען זיך נישט העלפֿן. איר געדענקט דאָך מסתּמא די היימישע היטל־מאַכערס, אָדער קירזשנערס, ווי מען פֿלעגט זיי אויך רופֿן. נו, געווען צווישן זיי ערלעכע ייִדן און געווען צווישן זיי אויך אַזעלכע, וואָס פֿאַר אַ קערבל לייזונג איז בײַ זיי רעכט געווען אָפּצונאַרן דעם קונה און אים פֿאַרקויפֿן אַ היטל, וואָס האָט אים געפּאַסט ווי אַ פּאַטש צו גוט־שבת. דער שווינדל איז אָנמעסטן און מאַניפּולירן מיט דעם היטל אַזוי, אַז ס׳זאָל אַקוראַט פּאַסן דעם קאָפּ פֿון דעם קונה. שאַ! בדידי הווה עובֿדה. מיט מיר אַליין האָט עס אַ מאָל פּאַסירט.

איך האָב דעמאָלט געדאַרפֿט זײַן אַ ייִנגל פֿון אַ יאָר זעקס. איז דער טאַטע ע״ה אין טאָג פֿון ערבֿ־פּסח אַרײַן אויף פֿראַנצישקאַנער גאַס מיר קויפֿן אַ סאַמעטן היטעלע אויף יום־טובֿ. איז אין געוועלב ווען מע האָט עס מיר אָנגעמאָסטן, איז עס געווען אַקוראַט

אויף מיר ווי מען וואָלט מיר דערויף אַ מאָס גענומען. ווען איך בין געקומען אַהיים און עס אַרויסגענומען פֿון דער פּודלע און זיך געוואָלט דערמיט באַוויזן פֿאַר דער מאַמען, איז מיר געוואָרן פֿינצטער אין די אויגן. אין דעם היטעלע האָט געקענט אַרייַן נאָך אַ קאָפּ! די מאַמע האָט דאָס דערזען, שרייַט זי: "זעליק, גיב אַ קוק וואָס פֿאַר אַ היטעלע דו האָסט אים געקויפֿט! עס פֿאַלט דאָך אים אַריבער איבער די אויערן. גיי שוין און בייַט איבער דאָס היטעלע". – "וואָס רעדסטו?" ענטפֿערט דער טאַטע, "וואָס הייסט, איך וועל אים גיין בייַטן דאָס היטל, מע גייט דאָך שוין באַלד אין שטיבל אַרייַן און איך האָב נאָך אַזוי פֿיל צו טאָן". צעוויין איך זיך מיט ביטערע טרערן: "איך וועל נישט גיין אין שטיבל אין דעם היטעלע". – "וויַז דאָס היטעלע", מאַכט דער טאַטע, "איך וועל באַלד מאַכן, אַז ס'וועט זײַן גוט אויף דיר". אַזאַ יאָר אויף מײַנע שׂונאים ווי גוט עס איז געוואָרן, אַז אונטערן שוויצלעדערל איז געווען אָנגעפּאַקט אַ וואַגאָן מיט פּאַפּיר. אָבער אַ ברירה האָב איך געהאַט? אָט אַזוי פֿלעגט מען אַ מאָל אַ ייִדיש קינד **אָנמעסטן אַ היטעלע** און פֿון דעם, אַ פּנים, נעמט זיך עס, אַז **אָנמעסטן אַ היטעלע** איז געוואָרן אַ סינאָנים פֿאַר אָפּנאַרן, באַשווינדלען, און דערפֿאַר זאָגט מען: **איַי, האָט ער אים אָנגעמאָסטן אַ היטעלע!**

## אָנטאָן זיך אַ מעשׂה

אַ ייִדישע פֿרוי פֿון ברוקלין בעט, איך זאָל איר דערקלערן דעם פּשט פֿון דעם באַקאַנטן ייִדישן אויסדרוק: **אָנטאָן זיך אַ מעשׂה**.

**אָנטאָן זיך אַ מעשׂה**, מײַן ליבע פֿרוי, איז אַן אײַפֿעמיזם, דאָס הייסט אַ שענער, אַן איידעלער וואָרט פֿאַר **אָנטאָן זיך אַ מיתה**. פּונקט ווי **נעמען זיך דאָס לעבן** איז אַ שענער און איידעלער וואָרט פֿאַר **נעמען זיך דעם טויט**.

די ווערטער **טויט** און **שטאַרבן** האָבן אין ייִדישע אויערן געקלונגען צו שאַרף, צו דירעקט, און מיר האָבן ווי ווײַט מעגלעך געזוכט זיי אויסצומײַדן און זיי צו פֿאַרבײַטן מיט פֿאַרשטעלטע, ווייניקער דירעקטע אויסדרוקן. דערפֿאַר האָבן זיך בײַ אונדז אָנגעקליבן אָן אַ שיעור סינאָנימען פֿאַר אָט דעם טרויעריקן ענין, דערפֿאַר זאָגן ייִדן: **קומען צו גאָט, אַוועקגיין פֿון דער וועלט, פֿאַרענדיקן די טעג, אויסהויכן די נשמה, צומאַכן די אויגן** אאַז"וו. מיר האָבן אויך ווערטער און אויסדרוקן מיט אַ שפּאַסיקן טאָן, ווי מיר וואָלטן געוואָלט אָפּלאַכן פֿון טויט: **אַוועקקומען, אַוועקפּעקלען זיך, אַוועקרוקן זיך, אַוועקשאַרן זיך, אָפּדאַנקען, מאַכן דאָמינאָ, מאַכן דעם קונץ, אויסציִען די פּאָדקעוועס, אַוועקלייגן די לעפֿל**, און ווי שלום־עליכם זאָגט: **אַריבערפּעקלען זיך אויף יענער וועלט (פֿון וואַנען מען קען קיין בריוול נישט שרײַבן**, אָדער: **ווו מע עסט נישט קיין רעטעך מיט**

**שמאַלץ**). און מאָלט, אַז דאָס איז בלויז אַ מן המעשׂר פֿון די ווערטער און אויסדרוקן, וואָס מיר פֿאַרמאָגן – אין די הונדערטער.

## אַנטקעגנגייִן

אַ פּרוּוו פֿון – פֿון וואַנען האָב איך פֿאַרגעסן צו פֿאַרשרײַבן – וויל, איך זאָל איר פֿאַרטײַטשן דעם אויסדרוק: **זאָל דאָס אים אַנטקעגנגייִן**.

דער אויסדרוק, מײַן טײַערע, געהערט צו דעם צעטל ייִדישע קללות, פֿון וועלכע מיר האָבן אַ שפּאָר ביסל, און מיינען מיינט עס אָט וואָס. אין די הייליקע ספֿרים ווערט געשריבן, אַז ווען אַ מענטש קומט אויף יענער וועלט, גייען אים אַנטקעגן אַלע זײַנע מעשׂים, וואָס ער האָט געטאָן אויף דער וועלט, סײַ די גוטע און סײַ די שלעכטע, און באַגלייטן אים צום כּסא־הכּבֿוד. דאָרטן גייען די גוטע מעשׂים אַרויף אויף איין וואָגשאָל, די שלעכטע אויף אַ צווייטער וואָגשאָל, און – ווי וואָס עס וועגט איבער. איז ווען יענער טוט אײַך אַן עוולה, אַ קריוודע, שעלט איר אים און זאָגט: **אַז די עוולה, די קריוודע זאָל אים אַנטקעגנגייִן**. אָדער איר זאָגט: **עס זאָל אים פֿאַררעכנט ווערן** – וואָס מיינט דאָס זעלבע, אַז די עוולה, וואָס ער האָט אין אײַך געטאָן, זאָל אים פֿון גאָט נישט געשענקט ווערן.

## אָפּגעטאָן אויף טערקיש

אַ ייִד פֿון מאַנהעטן וויל וויסן, וואָס עס מיינט און פֿאַר וואָס מען זאָגט: **אָפּטאָן אויף טערקיש**.

ווי באַקאַנט, ווערן צו יעדן פֿאָלק צוגעשריבן געוויסע כאַראַקטעריסטישע אייגנשאַפֿטן, אמתע און נישט־אמתע. אַ רוס, זאָל הייסן, איז אָפֿן־האַרציק, "דושאַ נאַראַספּאַשקו". איז ער גוט – קושט ער אײַך, ווערט ער שלעכט – דערלאַנגט ער אײַך אין מאָרדע. אַ פּאָליאַק, פֿאַרקערט, איז אַ באַהאַלטענער, מעג ער זײַן אויף אײַך אש־להבֿה, וועט ער אײַך אָפּגעבן דעם רעספּעקט און אײַך זאָגן "פּראָשען פּאַנאַ" – און אַזוי ווײַטער. צו די טערקן האָט מען, מיט רעכט צי אָן רעכט, אָנגעשריבן די מידה פֿון אַכזריות. אַ טערק איז אַ גזלן, אַ רוצח, און **אָפּטאָן אויף טערקיש** מיינט אָפּטאָן אַ זאַך, וואָס נאָר אַ טערק איז אויף דעם פֿעיִק.

## אָפּגעבוילעמטע קאַפּאָטע

מ"ר האַרץ פֿון מאַנהעטן וויל וויסן דעם טײַטש פֿון דעם אויסדרוק **אָפּגעבוילעמטע קאַפּאָטע**.

בײַ מיר איז פֿאַרצייכנט **אָפּגעבוימערטע** און **אָפּגעבוימלטע**, און איך דרינג, אַז **אָפּגעבוימערטע** איז דאָס אָריגינעלע וואָרט, וואָס האָט זײַן אָפּשטאַם פֿון דעם

העברעיִשן וואָרט "חומר" – שטאָף. אַן **אָפּגעכוימערטע קאַפּאָטע** האָט געקערט מיינען אַ קאַפּאָטע, וואָס האָט שוין קיין חומר נישט, וואָס דער שטאָף איז שוין אַזוי צעדריוולט, אַז מער ווי דער אונטערשלאַק, די פּאָדשעווקע זעט מען שוין נישט אַרויס. אָרעמע חסידים פֿלעגן טראָגן אַזעלכע אָפּגעכוימערטע אַטלעסענע קאַפּאָטעס. פֿון **אָפּגעכוימערט** איז דאָס וואָרט פֿאַרגרײַזט געוואָרן אויף **אָפּגעכוימלט**, און ווען איך זאָל אָננעמען, אַז בײַ אײַך, מ"ר האַרץ, פֿלעגט מען זאָגן **אָפּגעכוילעמט**, איז אָדער דאָס איז אַ פֿאַראָדיע אָדער אַ פֿאַרגרײַזונג פֿון אַ פֿאַרגרײַזונג. יעדן פֿאַלס איז דאָס אַן אַלט ייִדיש וואָרט, וואָס איז שוין לאַנג אַרויס פֿון באַנוץ און מע קען אויסקומען אָן דעם, ווײַל הלוואַי האָבן מיר אַזוי פֿיל ווערטער פֿאַר אַנדערע זאַכן, ווי אונדז פֿעלט נישט קיין ווערטער פֿאַר צעריסענע קאַפּאָטעס. איר קענט זאָגן: **צעריסן, צעשליסן, צעפֿליקט, צעהאָדערט, צעקאָדערט, צעקאַראַוואַשעט, צעקאַראַדאַשעט, צעדריוולט, צעטעפּעט, צעטרעפּעט, אָפּגעבאַרעט, צעטראָגן, צעפֿאָרן, צעקראָכן, צעפֿאַלן, צעשאָטן, צעשאָסן** און נאָך אַ פּאָר צענדלינג, וואָס איך האָב נישט קיין געדולד אויסצורעכענען. פֿון וואַנען נעמען זיך צו אונדז אַזוי פֿיל ווערטער פֿאַר צעריסענע קאַפּאָטעס? דער תּירוץ איז אויבן אויף: מאַמע־לשון איז דער שפּיגל פֿון אונדזער לעבן. אויף יעדן ייִדן גבֿיר, וואָס האָט געהאַט אַ גאַנצע קאַפּאָטע, זענען געווען טויזנט קבצנים, וואָס זענען אַרומגעגאַנגען אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן, קרוע־בלוע. און פֿאַר אַזאַ ים מיט צעריסענע קאַפּאָטעס האָט מען געדאַרפֿט אַ ים מיט ווערטער.

## אָפּגעשליסן

אַ ייִד פֿון מאַנהעטן שרײַבט: "דערקלערט מיר, פֿרײַנד סטוטשקאָוו, פֿאַר וואָס מען זאָגט: **ער גייט אַרום אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן. אָפּגעריסן** פֿאַרשטיי איך, אָבער וואָס מיינט **אָפּגעשליסן**? זאָגט מען עס נישט אַ מאָל גלאַט אַזוי, כּדי עס זאָל זיך גראַמען מיט **אָפּגעריסן**?"

ניין, מײַן פֿרײַנד, **אָפּגעשליסן** איז אַ גוט ייִדיש וואָרט, אַן אַלט וואָרט, וואָס מיינט אָפּגעצופּט, ווי מען צופּט אָפּ פֿעדערן פֿון אַן עוף. האָט איר פֿאַרגעסן דעם אויסדרוק **שלײַסן פֿעדערן?** מסתּמא פֿאַרגעסן. נו, דער פּאַרטיציפּ פֿון **שלײַסן** איז **געשליסן**, און פֿון **אָפּשלײַסן – אָפּגעשליסן**. מען זאָגט אויך: **ער גייט אַרום צעריסן און צעשליסן**.

און אַז איך האַלט אײַך שוין בײַ דערמאָנען, געדענקט איר, מײַן פֿרײַנד, ווי מען פֿלעגט אַ מאָל רופֿן אין דער היים אַן אָפּגעריסענעם פּאַרשוין? **אָפּגעריסענער, אָפּגעשליסענער, האָלעדראַניעץ, לאַבעדראַנעץ, אָבאָרוואַנעץ, האָלעדריגע,**

**האַלעדריזניק, האַלעפּוזניק, האַלעפּופּניק, האַליש, האַליק, הולפּאַק, לאַכודרע, כלאַמידניק, שלעפּער, שלעפּעטראַנטע, לאַטיק** – פֿאַרגעסן, האַ? נאָך גוט וואָס ס'איז דאָ ווער עס זאָל אײַך דערמאָנען.

## אָפּהענטיק

אַ ייִד פֿון מאַנהעטן שרײַבט: "קענט איר מיר דערקלערן, פֿרײַנד סטוטשקאָוו, דעם טײַטש פֿון דעם וואָרט **אָפּהענטיק**, וואָס איך באַגעגן זייער אָפֿט אין צײַטונג? איז עס נישט פֿאַרגרײַזט פֿון **אָפּהענגיק**?"

**ניין, מײַן פֿרײַנד. עס האָט נישט קיין שײַכות מיט אָפּהענגיק. אָט וועל איך אײַך דערקלערן וואָס דאָס איז. ווען אַ מענטש איז אין אַ קלעם, אין אַ שלעכטער לאַגע, אין אַ פֿאַרצווייפֿלטער לאַגע, נעמען זיך אים נישט די הענט צו קיין זאַך. עס לאָזן זיך אים אַראָפּ די הענט. און וואָס איז אַ מענטש, וואָס לאָזט אַראָפּ די הענט? אָפּהענטיק. אַנשטאָט אָפּהענטיק** קענט איר זאָגן: **פֿאַרצווייפֿלט, פֿאַרייִאושט, דערהרגעט, דערשלאָגן, אויס מענטש** אאַז"וו.

## אָפּחורשן

מ"ר שוויַצער פֿון לאָנג־אײַלאַנד שרײַבט: "איך בין אַ געבוירענער פֿון פּוילן. מײַנע עלטערן האָבן געהאַט אַ שפּײַזגעוועלבל, אָבער שטילערהייט פֿלעגן זיי אויך פֿאַרקויפֿן פּאַפּיראָסן, ציגאַרעטן, וואָס זיי האָבן נישט געטאָרט, ווײַל זיי האָבן נישט געהאַט אויף דעם קיין פּאַטענט (קיין 'לײַסענס', הייסט עס). אָבער דער סטראַזשניק פֿון שטעטל פֿלעגט פֿון טאַטן יעדע וואָך קריגן אין האַנט אַרײַן און ער האָט אונדז נישט געטשעפּעט. געהייסן האָט עס בײַ אונדז: **אָפּחורשן דעם סטראַזשניק**. קענט איר מיר נישט זאָגן, פֿרײַנד סטוטשקאָוו, פֿון וואַנען עס נעמט זיך אָט דער אויסדרוק **אָפּחורשן**?"

**עס נעמט זיך פֿון דעם העברעיִשן שורש "חרש" – שווײַגן. אָפּחורשן** מיינט: **מאַכן אַז דער סטראַזשניק זאָל שווײַגן און נישט דערציילן דאָרט, וווּ מען דאַרף, אַז דער טאַטע האַנדלט מיט פּאַפּיראָסן אָן אַ פּאַטענט.**

## אָפּשפּרעכן אַן עין־הרע

דאָס איז די טשיקאַווסטע שאלה וואָס מע האָט מיך ביז איצט געפֿרעגט, און פֿרעגן פֿרעגט זי אַן עלטערע פֿרוי פֿון דער איסט־סײַד. פֿון וואַנען ווייס איך איר עלטער? ווײַל זי שרײַבט, אַז זי האָט אַכט אייניקלעך, זאָלן זיי זײַן געזונט, און דאָס נײַנטע איז אויפֿן וועג. זי וויל וויסן ווי אַזוי מען פֿלעגט אין דער היים אָפּשפּרעכן אַן עין־הרע.

אײַער מזל, ליבע פֿרוי, איז וואָס איר זענט אַ באָבע און מײַן ווײַב איז אַ באָבע, און איך ווייס וואָס דאָס מיינט, ווען אַן אייניקל הייבט פּלוצלינג אָן צו גענעצן און מען

ווייסט נישט, פֿאַר וואָס ער גענעצט. דעמאָלט איז דאָס זיכער אַן עין־הרע. אָט אַזוי פֿלעגט מען בײַ אונדז אין בראָק אָפּשפּרעכן אַן עין־הרה.

דאָס אָפּגעשפּראָכענע יִינגעלע, שטעלט זיך פֿאָר, הייסט מענדל און דער טאַטע זײַנער הייסט משה. זאָגט מען אַזוי:

"טפֿו! טפֿו! מענדל בן משה האָט אַן עין־הרע צו פֿעלן. מענדל בן משה האָט אַן עין־הרע צו פֿעלן. מענדל בן משה האָט אַן עין־הרע געפֿעלט. דרײַ ווײַבער זיצן אויף אַ שטיין. איינע זאָגט: 'מענדל בן משה האָט אַן עין־הרע'. די צווייטע זאָגט: 'ניין, פֿון וואַנען זי איז געקומען, אַהין זאָל זי גיין – אויף אַלע פּוסטע פֿעלדער, אויף אַלע וויסטע וועלדער, ווו קיין מענטשן גייען נישט, ווו ווילדע חיות פֿירן זיך, דאָרט זאָל זי פֿאַרבלײַבן און מענדל בן משהן אָפּטרעטן און מענדל בן משהס רו נישט שטערן'. אין אַ גוטער מזלדיקער שעה האָבן מיר דיך אָפּגעשפּראָכן".

דערנאָך דאַרף מען דרײַ מאָל אַ גענעץ טאָן דאָס קינד אין פּנימל אַרײַן: האַ! האַ! האַ! און די עין־הרע איז ווי מיט דער האַנט אָפּגענומען.

## אַרויס פֿון די כּלים

צו רעוועריענד בעלקין. אײַער סבֿרה וועגן דעם אָפּשטאַם פֿון דעם וואָרט **כּלי־קודש** איז אַ ביסל צו פּשטלדיק, אָבער איר פֿאַרשטייט אַליין, אַז אויסטענהן זיך וועגן דעם דורך דער לופֿט איז נישט פּאַסיק. אָבער אײַער נאָטאַ־בענע פֿאַרדינט אַן ענטפֿער. איר ווילט וויסן, פֿאַר וואָס מען זאָגט: **ער איז אַרויס פֿון די כּלים** – "פֿון וואָסערע כּלים?" פֿרעגט איר.

פֿרעגט אײַער ווײַב, רעוועריענד, וועט זי אײַך זאָגן, אַז ווען מען קאָכט לאָקשן, דאַרף מען שטיין און אַכטונג געבן, אַז ווען דאָס וואַסער הייבט אָן קאָכן זאָלן זיי נישט אַרויס פֿונעם טאָפּ, פֿון דער כּלי, הייסט עס.

אונדזער מענטשלעכער גוף איז בבֿחינת כּלים, ווײַל אונדזער בלוט, אונדזער חיות, איז אײַנגעשלאָסן אין כּלים: אין אָדערן, אין ווענעס, און אין אַרטעריעס, וואָס צוזאַמען רופֿן זיי זיך מעדיציניש: בלוטגעפֿעסן, אָדער אין ענגליש: "בלאָדוועסלס" – בלוט־כּלים, הייסט עס. נו, ווען אַ מענטש ווערט אויפֿגערעגט, איז ער אין סכּנה, אַז אַן אָדער זאָל פּלאַצן און דאָס בלוט זאָל אַרויס פֿון די כּלים. אָט דאָס איז דאָס, מײַן פֿרײַנד. פּונקט ווי מען דאַרף אַכטונג געבן, אַז די לאָקשן זאָלן נישט אַרויס פֿון טאָפּ, אַזוי דאַרפֿן מיר מענטשן אַכטונג געבן, אַז מיר זאָלן זיך נישט צו פֿיל צעקאָכן און נישט אַרויס פֿון די כּלים. מען זאָגט אויך, אַז **ער איז אַרויס פֿון די האַלאָבליעס**, אָבער דער פֿאַרגלײַך איז שוין אַ פֿערדישער, און מיינט גאָר עפּעס אַנדערש: ראַספּאַלאָשען זיך, ווערן ווילד, הפֿקר.

## די באָד איז נאָך ניט געהייצט

אַ ייִד פֿון קאָראָנאַ, לאָנג־אײַלאַנד, שרײַבט: "איך זיץ אַזוי און רעד מיט מײַן פֿרוי וועגן אַ געוויסער אונטערנעמונג, וואָס איר ברודער פּלאַנעוועט, און זאָג צו איר, אַז איך וואָלט אַליין געוועזן אַ בעלן צו אינוועסטירן אַ פּאָר דאָלאַר אין דער אונטערנעמונג, רופֿט זיך אָן די שוויגער, וואָס זיצט דערבײַ: 'וואָס אײַלסטו זיך? **די באָד איז נאָך נישט געהייצט**'. קוק איך איר אָן און זאָג: 'וואָס מיינט איר, שוויגער, מיט **די באָד איז נאָך נישט געהייצט**?' 'נו, אַזוי', זאָגט זי, 'זאָגט מען'. זאָגט מען עס, פֿרײַנד סטוטשקאָוו? אויב מען זאָגט עס, וואָס מיינט עס און פֿון וואַנען שטאַמט עס?"

**מען זאָגט עס, מײַן פֿרײַנד, און עס מיינט אַקוראַט וואָס אײַער שוויגער האָט געזאָגט: מען זאָל נישט זײַן צו איבעראײַלט. צו ערשט דאַרף מען זען, צי עס וועט עפּעס ווערן דערפֿון, דערנאָך וועט איר רעדן וועגן געלט, דערווײַל איז נאָך די באָד נישט געהייצט. פֿון וואַנען שטאַמט דער אויסדרוק און וואָס באַטײַט ער? איז הערט זשע.**

**אין די קליינע שטעטלעך פֿון דער אַלטער היים פֿלעגט מען הייצן די באָד צוויי מאָל אַ וואָך, איין מאָל אין מיטן דער וואָך פֿאַר די ווײַבער און אַ צווייט מאָל פֿרײַטיק פֿאַר די מענער. איז אין שטעטל געווען אַ ייִד, ר' זכריה, וואָס האָט אַלץ ליב געהאַט צו טאָן בײַ צײַטנס, קומט ער איין מאָל פֿרײַטיק פֿאַר טאָג אין באָד אַרײַן און נעמט זיך אויסטאָן. קומט אַרײַן דער בעדער און זעט, וואָס ער מאַכט: "ר' זכריה, וואָס טוט זיך מיט אײַך? איר זענט, חלילה, געעירט? וואָס טוט איר זיך שוין אויס? די באָד איז נאָך נישט געהייצט". פֿאַרשטאַנען? ווען א ייִד זאָגט די באָד איז נאָך נישט געהייצט מיינט ער צו זאָגן: וואָס לויפֿסטו, וואָס אײַלסטו זיך, וואָס כאַפּסטו די פֿיש פֿאַר די נעץ, וואָס כאַפּסטו די לאָקשן פֿאַר די פֿיש?**

פֿאַראַנען נאָך ווערטלעך בײַ ייִדן, וואָס דריקן אויס דעם זעלבן געדאַנק, למשל: **דער פֿויגל איז נאָך אויפֿן דאַך, יעשטשע דאַלעקאָ דאָ כּל חמירא, פּאַטש זיך נישט אין בײַכעלע ווען פֿישעלע איז נאָך אין טײַכעלע, זאָג נישט האָפּ ביז דו שפּרינגסט נישט אַריבער, ניע קאַזשי האָפּ פּאָקאַ ניע פּערעסקאָטשיש.** אָט דאָס לעצטע ווערטל דערמאָנט מיך אין אַ מעשׂה, וואָס ייִדן דערציילן: אַ רוסישער אונטעראָפֿיציר לערנט מיט אַ גרופּע סאָלדאַטן, רעקרוטן, צווישן וועלכע עס געפֿינט זיך אויך אַ ייִד, ווי צו מאַרשירן און ער זאָגט זיי: "אַז איך וועל זאָגן 'ראַז דוואַ טרי' זאָלט איר אויפֿהייבן דעם לינקן פֿוס. פּאָניאַלי? פֿאַרשטאַנען?" – "טאַק טאָטשנאָ", ענטפֿערן די רעקרוטן אין כאָר.

"אַנו", זאָגט דער אָפֿיציר, "נאַטשניאָם". הייבן מיר אָן "ראַז דוואַ", איידער ער האָט

נאָך באַוויזן אַרויסצורעדן "דוואַ", דער ייִד הייבט אויף דעם פּוס. פֿאַלט אויף אים אָן דער אָפּיציר: "אַבראַמטשיק, הינטישער זון, איך האָב דאָך געזאָגט, אַז ביז איך וועל נישט זאָגן 'טרי' זאָל מען נישט הייבן". ענטפֿערט אַבראַמטשיק: "דאָס איז פֿאַר זיי, פֿאַר די גויִישע קעפּ, זיי דאַרף מען אַלץ צעקײַען און אַרײַנלייגן אין מויל אַרײַן. אָבער איך ווייס דאָך, אַז דו וועסט זאָגן 'טרי', איז וואָס זשע איז דאָס וואַרטן?"

## באַלעבאָנדע

אַ ייִדיש ווײַבל פֿון די בראָנקס באַקלאָגט זיך פֿאַר מיר אין אַ בריוו, אַז די שוויגער אירע רופֿט זי מיט אַזעלכע נעמען, וואָס איז אויף דער וועלט נישט געהערט געוואָרן. "אַנומלטן", שרײַבט זי, "איז זי אַרײַנגעקומען צו מיר אין דער פֿרי, און די בעטן זענען נאָך נישט געווען צוגעבעט. האָט זי אַ קוק געטאָן, פֿאַרקרימט די נאָז און געמאַכט: 'ביסט אַן אמתע **באַלעבאָנדע**'. איך האָב זיך מיט איר נישט געוואָלט אָנהייבן, האָב איך איר פֿאַרשוויגן, אָבער איך וואָלט געוואָלט וויסן: וואָס האָט זי געמיינט מיט איר זאָג **באַלעבאָנדע**?"

זי האָט געמיינט, מײַן טײַערע, אַז איר זענט נישט קיין גרויסע בעל־הביתטע. איראָניש אָדער שפּאַסיק ווערט פֿון בעל־הביתטע – **באַלעבאָנדע**. אָבער נעמט זיך נישט צום האַרצן. דאַנקט גאָט, וואָס זי רופֿט אײַך נישט מיט קיין ערגערע נעמען. איך קען אַ ייִדענע, איז אַז זי צערעדט זיך פֿון איר שנירעלע, רופֿט זי זי מיט אַזעלכע נעמען, וואָס מען דאַרף האָבן אַ קאָפּ עס צו געדענקען: **שליומפּער, שמאָדער, סאַרג, שליאָך, ניעראַכע, שילויע, ליאָרווע, נאַכליע, ניכײַ, שליאָנדרע, שווינטוך, נבֿלה, הקדש, פּענעצע, פֿליאָנדרע, דריפּקע, פֿליאַזדרע** און וואָס נישט. און וואָס, מיינט איר, מיינען די אַלע ווערטער? חלילה, עפּעס געפֿערלעכע זאַכן? הייבט זיך נישט אָן, אַלץ וואָס זיי מיינען איז אָפּגעלאָזענע, ניט קיין ציכטיקע. איז דערפֿאַר, ווי געזאָגט, נעמט זיך נישט צום האַרצן, אָט אַזוי זענען זיי, די שוויגערס. קיין זאַך געפֿעלט זיי נישט. זיי זענען בעל־הביתטעס, די שניר זענען **באַלעבאָנדעס**.

## באָנדער

אַ ייִד פֿון די בראָנקס פֿרעגט: "פֿון וואַנען נעמט זיך עס, וואָס אויף אַ שלעכטן בעל־מלאָכה זאָגט מען: **ער איז אַ באָנדער**?"

אָט איז מײַן טאַטע ע"ה געווען אַ באָנדער און אויף וויפֿל איך געדענק פֿלעגט מען אויף אים זאָגן, אַז ער האָט גאָלדענע הענט. עס געפֿעלט מיר זייער, וואָס איר

נעמט זיך אָן די קריוודע פֿון אַזאַ בכּבֿודיקער ייִדישער פּראָפֿעסיע ווי באָנדערײַ.[138] אָבער ווי איך האָב געהערט, האָט דאָס ווערטל לחלוטין נישט צו טאָן מיט באָנדערײַ ווי אַ פּראָפֿעסיע. נאָר וואָס דען? ס׳איז אַ מעשׂה דערבײַ.

געקומען אַ מאָל אין אַ קליין שטעטל אַ חזן אָפּדאַוונען אַ מעריבֿ. און זאָל זיך אַזוי נישט טרעפֿן ווי עס טרעפֿט, דער מעריבֿ איז נישט געווען אַזוי אײַ־אײַ־אײַ. אַ ביסל איז בײַם חזן די כּלי געווען פֿאַרלייגט און אַ ביסל איז ער גלאַט געווען א קאַליקע, דער קיצור – נישט געראָטן! נאָכן דאַוונען, דער חזן וואַרט, עמעצער זאָל צוגיין צו אים זאָגן אַ גוט וואָרט, אַ יישר־כּח – נישטאָ קיין לשון בײַ קיינעם. ווײַל די מעשׂה איז דאָך אַזוי: זאָגן אַז ס׳איז געווען גוט קען מען נישט, זאָגן, אַז ס׳איז געווען שלעכט – ווילט זיך נישט וויי טאָן אַ ייִדן. אָבער איינער האָט זיך דאָך געפֿונען וואָס איז צוגעגאַנגען צום חזן, אים אָפּגעשטעקט אַ ברייטן שלום־עליכם און געמאַכט: ״יישר־כּח, חזן! הלוואַי קען איך אָפּדאַוונען אַזאַ מעריבֿ״. דערפֿרייט ער זיך דער חזן און מאַכט: ״ע, איר זענט אויך אַ חזן?״ – ״ניין״, ענטפֿערט דער ייִד, ״איך בין אויך אַ **באָנדער**״.

ס׳איז אַ סבֿרה, אַז לכתּחילה פֿלעגן עס ייִדן זאָגן בלויז וועגן חזנים קאַליקעס, אָבער ביסלעכווײַז איז די מעשׂה פֿאַרגעסן געוואָרן און מע האָט עס אָנגעהויבן ניצן פֿאַר אַלע קאַליקעס.

## באַצאָלן ווי אַ טאַטע

אַ ייִד פֿון ברוקלין וויל וויסן, פֿאַר וואָס מען זאָגט: **ער וועט באַצאָלן ווי אַ טאַטע**.

פֿון דעם אויסדרוק **באַצאָלן ווי אַ טאַטע** איז צו דרינגען, אַז דאָ האַנדלט זיך וועגן אַ טאַטן וואָס קען באַצאָלן, וואָס איז נישט קיין קבצן. און דאָס פֿירט אונדז צו דעם געדאַנק, אַז דאָס ווערטל באַציט זיך אויף די רײַכע ייִדישע טאַטעס, וואָס פֿלעגן נעבעך דאַרפֿן באַצאָלן פֿאַר די חטאָים פֿון זייערע געראָטענע זינדעלעך, חטאָים קעגן אָרעמע יתומות, וואָס האָבן געדינט אין זייערע הײַזער. אַזעלכע חטאָים האָבן געדאַרפֿט דערשטיקט ווערן איידער זיי זענען געקומען אין דער עפֿנטלעכקייט, איבער הויפּט ווען דאָס געראָטענע זינדעלע איז נאָך געשטאַנען אין שידוכים. ווי אַזוי פֿלעגט מען דערשטיקן אַזאַ חטא? געוויינטלעך, מיט אַרײַנשטופּן דער אָרעמער יתומה אַ פּאָר רובל און מיט אַוועקשיקן זי צוריק צום פֿעטער אין דאָרף אַרײַן.

138. אַ באָנדער מאַכט און פֿאַרריכט פֿעסער.

נו, פֿלעגט אָבער טרעפֿן, אַז דער יתומהס פֿעטער איז נישט געווען פֿון די ייִדן, וואָס לאָזן זיך שפּײַען אין דער קאַשע, און אַזאַ פֿעטער פֿלעגט אַראָפּקומען אין שטעטל אַרײַן, אַרײַנגיין צום בעל־הבית, געבן אַ קלאַפּ אין טיש און זאָגן: "דו אַזוינער און אַזוינער – דײַן זינדעלע האָט אָפּגעטאָן אַזאַ נבֿלה און דו מיינסט, אַז דו וועסט אָפּקומען מיט אַ פֿינפֿאונצוואַנציקער?! נדן זאָל מיר זײַן פֿאַר דער יתומה דרײַ הונדערט קערבלעך, נישט איין גראָשן ווייניקער! אַנישט ווייסט באַלד די גאַנצע וועלט, וואָס פֿאַר אַ תּכשיט דו האָסט אויפֿגעצויגן".

און וואָס קלערט איר? צי דער טאַטע האָט געמוזט באַצאָלן – ווי אַ טאַטע?[139]

## בבֿל־סחורה

מ"ר זוסמאַן פֿון לאָנג־אײַלאַנד שרײַבט: "אויף שלעכטער, פֿאַרלעגענער סחורה, וואָס קיינער האָט אין האַנט נישט געוואָלט נעמען, פֿלעגט מען אין דער אַלטער היים זאָגן **ס'אַ בבֿל־סחורה** אָדער **ס'אַ בבֿל**. וואָס פֿאַר אַ שײַכות האָט דאָס לאַנד בבֿל, ווו דער תּלמוד איז צונויפֿגעשטעלט געוואָרן, צו סחורה?"

אײַער טענה, מ"ר זוסמאַן, וואָלט געווען אַ גערעכטע ווען דאָס וואָרט **בבֿל־סחורה** וואָלט געמיינט דאָס לאַנד בבֿל. עס מיינט אָבער נישט, עס מיינט גאָר עפּעס אַנדערש. דאָס איז דאָס מיטל־הויכדײַטשע וואָרט "באָוועל" אָדער "פּאָוועל", וואָס שטאַמט פֿון דעם לאַטייִנישן "פּאָפּולוס" – פֿאָלק [people]. דער לכתּחילהדיקער טײַטש פֿון **בבֿל־סחורה** האָט געמיינט: פּראָסטע סחורה פֿאַרן פֿאָלק אויף די ירידים, טאַנדעטנע סחורה. ביסלעכווײַז איז דער לכתּחילהדיקער טײַטש פֿאַרברייטערט געוואָרן אויף שלעכטער סחורה בכלל. אײַער טעות – און דעם טעות האָבן אַ סך ייִדן – נעמט זיך דערפֿון, וואָס דאָס וואָרט **בבֿל** ווערט אויסגעלייגט אויפֿן העברעיִשן אופֿן "בבֿל", אָבער עס האָט מיטן לאַנד בבֿל גאָרנישט צו טאָן.

## בויבעריק

אַ ייִדיש ייִנגעלע, וואָס גייט אין אַ "שלום־עליכם"־שול, האָט מיר אָנגעשריבן אַ ייִדיש בריוועלע אָן גרײַזן און וויל, אַז איך זאָל אים זאָגן, פֿאַר וואָס ייִדן זאָגן: **אין בויבעריק**. "עס מיינט דאָך נישט", שרײַבט ער, "אין 'קעמפּ בויבעריק', ווו איך פֿאָר יעדן זומער".

ניין, מײַן פֿרײַנד, דאָס איז אַן אויסגעטראַכטער נאָמען, וואָס אונדזער גרויסער

139. מאַקס ווײַנרײַך ברענגט אין זײַן "געשיכטע פֿון דער ייִדישער שפּראַך", אַז **באַצאָלן ווי אַ טאַטע** קען שטאַמען פֿון דער גמרא: "כולן כאבות לשלם ממיטב" (בבא קמא ה, ע"א) (באַנד 4, ז' 351). פּראָפֿ' חווה לאַפּין איז זיך משער, אַז די טאַטעס האָבן געדאַרפֿט אויסקויפֿן די זין פֿון מיליטער־דינסט.

שרײַבער שלום־עליכם האָט געמאַכט אַזוי פּאָפּולער אין זײַנע דערציילונגען. מיט דעם נאָמען **בויבעריק** האָט שלום־עליכם געמיינט אַ זומערפּלאַץ לעבן קיִעוו מיטן נאָמען באָיערקע. אין זײַן, אין שלום־עליכמס כּבֿוד רופֿט זיך איצטער קעמפּ "בויבעריק". דאָס וואָרט **בויבעריק** איז אָבער שוין געווען אין ייִדיש פֿאַר שלום־עליכמען און האָט געדינט ווי אַ באַצייכענונג פֿאַר "ערגעץ ווײַט". אַ ייִד זאָגט נישט סתּם אַזוי ווײַט, ער זאָגט: **אין מרחקים, אין עק וועלט, אויף יענער זײַט סמבטיון, הינטער די הרי־חושך, ווו דער שוואַרצער פֿעפֿער וואַקסט, ווו דער ליבער שבת־קודש גייט אַוועק, אין גושן, אין האָצעפּלאָץ, אין האָצמעכאַ, אין בויבעריק, אין פּטשאַטשע, אין אויסרײַסעניש, און אין נאָך** און נאָך אַזעלכע מקומות.[140]

## בוידעם־קלאָץ

מ"ר לויִס גאָלדשטיין פֿון ברוקלין וויל, איך זאָל אים פֿאַרטײַטשן דאָס ווערטל: **מען רעדט צו אים בוידעם, ענטפֿערט ער קלאָץ.**

דאָס דאָזיקע ווערטל, מײַן פֿרײַנד, געהערט צו דער באַגריף־קאַטעגאָריע "שלעכט־פֿאַרטײַטשונג". דאָס מיינט, ווען איר פֿאַרשטייט נישט, אָדער איר מאַכט זיך נישט פֿאַרשטיין, וואָס יענער רעדט צו אײַך און איר ענטפֿערט אים נישט צו דער זאַך.

אונדזערע טאַטעס און זיידעס, וועלכע זענען געשוווּמען אין דעם ים־התּלמוד, האָבן פֿון דער מסכתּא בבֿא קמא אַרויסגעפּישט אַ ווערטל, וואָס האָט זיך זייער גוט געפּאַסט צום ענין, און דאָס ווערטל גייט: **טענו חיטים והודה לו בשׂעורים** – ער מאָנט בײַ אים ווייץ און יענער גיט צו גערשטן. דאָס דאָזיקע ווערטל איז געוואָרן זייער פּאָפּולער בײַ ייִדן ווי אַ משל וועגן איינעם, וואָס ענטפֿערט נישט דאָס, וואָס מען פֿרעגט אים, וואָס וויל יענעם פֿאַררעדן די ציין. און אויף פּאָפּולערע ווערטלעך האָבן ייִדן ליב צו מאַכן פּאַראָדיעס. נו, איז אויף דעם גמרא־ווערטל אַליין געשאַפֿן געוואָרן עטלעכע פּאַראָדיעס, ווי למשל: **טענו חיטים והודה לו בקליוסקעס** אָדער **בלאָקשן, טענו חיטים והודה לו בזכר קדשו, טענו חיטים והודה לו בפּריה ורבֿיה.** דאָס זענען געווען למדנישע פּאַראָדיעס – ייִדן נישט קיין למדנים, פּשוטע ייִדן האָבן זיך געמאַכט ייִדישע פּאַראָדיעס: **מען פֿרעגט אים פּידרעך (אָדער בוידעם), ענטטפֿערט ער פּאָליצע; מען זאָגט אים כריין, ענטפֿערט ער פּעטרישקע;** אָדער ווי איר זאָגט: **מע רעדט צו אים בוידעם, ענטפֿערט ער קלאָץ.** מיט איין וואָרט, דאָס זענען אַלץ פּאַראָדיעס אויף **טענו חיטים**

140. ד"ר הערשל גלעזער באַמערקט, אַז ס'איז אויך געווען אַן אמת שטעטל **בויבעריק** אין גאַליציע.

**והודה לו בשׂעורים**, און פּאַראַדיעס, מײַן פֿרײַנד, זענען נישט מחויבֿ צו האָבן קיין זינען, פֿאַרקערט – וואָס ווייניקער זינען זיי האָבן, אַלץ וויציקער זענען זיי.

## בויקערן

מ"ר מענדיוק פֿון ברוקלין בעט איך זאָל אים זאָגן, וואָס עס מיינט: **אָנבויקערן די ביינער**.

מיינען מיינט עס פּשוט: אָנהרגענען, אָנברעכן די ביינער. אָבער דאָס ווייסט איר מסתּמא אַליין, איר ווילט אַוודאי וויסן, פֿון וואַנען דאָס **בויקערן** נעמט זיך. איז פֿאַראַנען צוויי יש־אומרימס. איין יש־אומרים זאָגט, אַז עס נעמט זיך פֿון דעם רוסישן וואָרט "בוי" – געשלעג, "קולאַטשני בוי" – פֿויסטגעשלעג. און פֿאַראַן אַ יש־אומרים, וואָס געפֿעלט מיר אַ סך בעסער, אַז דאָס וואָרט **בויקערן** שטאַמט פֿון דעם העברעיִשן "בקר" – אויספֿאָרשן, זוכן, טאַפּן. און פֿאַר וואָס געפֿעלט עס מיר בעסער? ווײַל מיר האָבן אין ייִדיש ענלעכע ווערטלעך וועגן שלאָגן, וואָס האָבן אין זיך דעם קאָמישן עלעמענט פֿון מאַכן אַן אויספֿאָרשונג איבער יענעמס ביינער, ווי למשל: **אויסמעסטן מיט אַ פֿלאָקן, אויסטאַפּן די ביינדלעך**, און **אָנבויקערן** אָדער **אויסבויקערן** איז אַ העברעיִשער וואַריאַנט.

איז דאָך די קשיא, ווי קומט, אַז ייִדן זאָלן באַנוצן אַזאַ הייליקע שפּראַך ווי העברעיִש פֿאַר אַזאַ מיאוסן מיין ווי שלאָגן? איז ווען איר כאַפּט אַ בליק אין דעם "אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך", וואָלט איר געפֿונען, אַז ייִדן שלעגערס זענען ממש געווען פֿאַרליבט אין העברעיִש. קלעפּ פֿלעגן זיי געבן וואָכעדיקע, אָבער נעמען האָבן זיי געהאַט יום־טובֿדיקע: **מכבד זײַן, הורגן, נהרגן, ממיתן, מקלען, דורסן** (**אָדער דורס זײַן**), **מזיקן, ניזוקן, בעל־דברן, געבן אַן עליה, געבן אַ פּסק, אַ חלק, חזרה, געבן צדה־לדרך, געבן אַ מתּנת־יד, אַ חתימת־יד, אַ חתמנו, מאַכן אַ משונכנס, מאַכן אַ משכּנת, אויסדרייען אַ פּזר, אַ שלשלת, געבן קושן די מזוזה**. און עס זענען דאָ נאָך און נאָך, וועלכע איר וועט אַליין דאַרפֿן נאָכקוקן.

## בולבען

אַ ייִדישער אַקטיאָר שרײַבט: "פֿון וואַנען נעמט זיך דער אַקטיאָרישער אויסדרוק **בולבען**, וואָס מיינט: מאַכן אַ טעות אויף דער בינע, פֿאַרדרייען די ווערטער, נישט זאָגן דאָס וואָס מען דאַרף? עס גייען אַרום פֿאַרשיידענע טעאָריעס וועגן דעם אויסדרוק. אינטערעסאַנט צו הערן אײַער מיינונג, פֿרײַנד סטוטשקאָוו".

מײַן מיינונג איז, אַז דאָס איז אַ קאָרופּציע, אַ פֿאַרגרײַזונג פֿון דעם וואָרט **באָלבען**, וואָס מיינט: פּלוידערן, רעדן פֿאַר פֿײַער און פֿאַר וואַסער. דאָס דאָזיקע וואָרט **באָלבען** איז משמעות אַרײַנגעפֿאַלן צו אַ ייִדישן אַקטיאָר פֿון פּוילן וואָס לייענט קמץ אַלף /u/,

איז בײַ אים פֿון **באָלבען** געוואָרן **בולבען**, און **בולבען** איז דאָך ענלעך אין קלאַנג צו **בולבע** – קאַרטאָפֿל. איז עס אַוועק: **בולבען, מאַכן אַ בולבע, כאַפּן אַ בולבע, בולבעניק** אאַז"וו.

## בטלן

צוויי ייִדן אין די בראָנקס שפּאַרן זיך איבער אַ וואָרט און ווילן, אַז איך זאָל פּסקענען, ווער פֿון זיי איז גערעכט. איינער זאָגט, אַז **בטלן** מיינט אַ ליידיק־גייער, איינער וואָס טוט גאָרנישט, און דער צווייטער זאָגט, אַז **בטלן** מיינט אַ קלויזניק, איינער וואָס זיצט און לערנט אין בית־מדרש.

רבותי, איר זענט ביידע גערעכט. נאָך מער, דאָס וואָרט **בטלן** האָט נאָך טײַטשן אַחוץ די, וואָס איר זאָגט. און כּדי דער ענין זאָל אײַך ווערן אין גאַנצן קלאָר, לאָמיר גיין כּסדר, בהדרגה.

דאָס וואָרט **בטלן** נעמט זיך פֿון דעם העברעיִשן שורש "בטל", וואָס איינער פֿון זײַנע טײַטשן איז רוען, גאָרנישט טאָן. דער גרונט־, דער הויפּט־באַטײַט פֿון **בטלן** איז ליידיק־גייער, אַ הולך בטל, אָדער אַ יושבֿ בטל, איינער וואָס טוט גאָרנישט. אָבער וואָס הייסט ער טוט גאָרנישט – אַז ער טוט גאָרנישט, פֿון וואַנען נעמט ער אויף פּרנסה? איז דער תּירוץ: אַ ייִד האָט אַ ווײַב, שטייט דאָס ווײַב אין קראָם און זאָרגט פֿאַר פּרנסה און ער זיצט מיט אַ רויִקן קאָפּ אין בית־מדרש און לערנט תּורה. פֿון דעם נעמט זיך דער באַטײַט **בטלן** – קלויזניק, איינער וואָס זיצט און לערנט. איצט גייען מיר ווײַטער. ווען איינער זיצט כּסדר און לערנט און האָט נאָר אין זינען גאָט און ציצית, אַזאַ איינער, איז גאַנץ נאַטירלעך, אַז ער זאָל אין וועלטלעכע זאַכן זײַן נאַיִוו. איז דערפֿאַר, ווען איר זאָגט **בטלן,** קענט איר אויך מיינען אַ נאַיִווער מענטש, אַן איש־תּמים, אַ מענטש וואָס איז נישט באַהאַוונט אין די הוויות־העולם און גלייבט אין אַלע נאַרישקייטן וואָס מען דערציילט אים. און נישט נאָר נאַיִוו איז אַזאַ מענטש, פֿון גאָרנישט טאָן נאָר זיצן און לערנען איז אַזאַ מענטש עלול צו ווערן אַ לא־יוצלח, אַ טויגענישט, וואָס זאָל נישט קענען אַ קאַץ אַן עק פֿאַרבינדן. אָט האָט איר אַ פֿערטן באַטײַט פֿון דעם וואָרט **בטלן: בטלן** – לא־יוצלח, שלימזלניק, אַ מענטש וואָס טויג צו גאָרנישט. אָט האָט איר פֿיר באַטײַטן פֿון דעם וואָרט **בטלן,** וואָס קייטלען זיך איינער אין אַנדערן. דאָס זעלבע איז אויך מיט דער ווערבאַלער פֿאָרעם פֿון דעם וואָרט, **בטלען** אָדער **בטלענען. בטלענען** מיינט: אַרומגיין ליידיק און גאָרנישט טאָן. גאָרנישט טאָן איז דאָך אַ גוזמא, פֿון גאָרנישט טאָן קען מען דאָך משוגע ווערן, שטעלט ער זיך אָפּ מיט דעם און רעדט אַ וואָרט, שטעלט ער זיך אָפּ מיט יענעם און רעדט דאָרט און

**בטלט**. פֿון דעם נעמט זיך וואָס **בטלענען** מיינט: רעדן. און פֿון וואָס רעדט אַזאַ מין ייִד? געוויינטלעך פֿון נאַרישקייטן – צי די וועלט דרייט זיך, צי אַ פֿלוי האָט אַ פּופּיק, וועלכע בייגל זענען גרעסער, די קיליקעווער, צי די לעמבעריקער, וכדומה אַזעלכע ענינים. פֿון דעם נעמט זיך, וואָס **בטלען** מיינט נישט בלויז סתּם רעדן, נאָר רעדן נאַרישקייטן, דבֿרים בטלים. איז אָט דאָס איז דער סך־הכּל פֿון דעם וואָרט **בטלן** און פֿון די באַטײַטן, וואָס מיר האָבן אין דעם וואָרט אַרײַנגעלייגט. און צום פֿאַרבײַסן נאָט אײַך אַן עכט ייִדישן אַנעקדאָט, וואָס כאַראַקטעריזירט אַם בעסטן די וויכטיקע ענינים, מיט וועלכע די אַמאָליקע **בטלנים** פֿלעגן זיך פֿאַרנעמען.

זיצן צוויי חסידישע **בטלנים** אין פֿראַנצישקאַנער גערער שטיבל און פֿאַרזאָרגן די וועלט, קומט אַרײַן אַ דריטער חסיד פֿון גאַס און מאַכט: "איר זיצט דאָ און **בטלט** און איר ווייסט גאָר נישט, וואָס סע טוט זיך אין גאַס?" – "וואָס טוט זיך?" פֿרעגן אים די **בטלנים**. "וואָס הייסט", ענטפֿערט יענער, "גאַנץ נאַלעווקעס רעדט דאָך דערפֿון. דער דראַגונסקער פּאָלק, וואָס שטייט אויפֿן פּשעיאַזד, פֿאָרט אַוועק קיין פּעטערבורג און פֿון פּעטערבורג קומט אַהער דער גוואַרדייסקער פּאָלק. עפּעס מוז דאָס זײַן". – "כ'ווייס", מאַכט איין **בטלן**, "נאַרישקייטן, שטותים. וואָס קען דאָ זײַן? ס'איז גאָרנישט. איך פֿאַרשטיי אָבער גלאַט נישט דעם שׂכל פֿון פֿאָניעז, פֿון נעמען און שיקן די דראַגונער אַהין און ברענגען די גוואַרדייצעס אַהער. ווו איז דער שׂכל? ס'איז דאָך די זעלבע יוונים, נישט מער וואָס די גייען אין בלויע הויזן און יענע גייען אין רויטע הויזן. איז נאָך וואָס איבערשיקן די יוונים? זאָל מען נעמען און איבערשיקן די הויזן".

"הערסטו", מאַכט דער צווייטער, "אַ שׂכל איז דאָס. אָבער אַז מע וועט איבערשיקן די הויזן, איז אין וואָס זשע וועלן זיי גיין דערווײַל? אין די גאַטקעס?"

## ביזן אלף הששי

אַ פֿרוי פֿון ברוקלין וויל וויסן, וואָס עס מיינט **ביזן אלף הששי**.

דאָס מיינט, מײַן ליבע פֿרוי, ביזן זעקסטן יאָרטויזנט זינט די וועלט איז באַשאַפֿן געוואָרן, לויטן ייִדישן גלויבן. דערווײַל האַלטן מיר [אין 1949־1950] ערשט בײַ 5710, דאָס הייסט, אַז ביזן זעקסטן יאָרטויזנט האָבן מיר נאָך אַ קײַמא־לן פֿון צוויי הונדערט און נײַנציק יאָר. ווען איר זאָגט "עס וועט געדויערן **ביזן אלף הששי**", מיינט איר: עס וועט נאָך נעמען אַ לאַנגע, לאַנגע צײַט.

## בײַבאַק

אַ ייִד פֿון די בראָנקס שרײַבט: "אויף אַ געזונטן חבֿרה־מאַן פֿלעגט מען בײַ אונדז אין דער היים זאָגן אַ **בײַבאַק**. וואָס מיינט עס **בײַבאַק**?"

**בײַבאַק** איז דער נאָמען פֿון אַ בעל־חי, וואָס רופֿט זיך אויך: **פֿײַפֿער, מערמל** אָדער **מורמלטיר.**[141] דאָס איז אַ געפֿאַקט, אָפּגעפֿרעסן חיהלע און דערפֿאַר דער פֿאַרגלײַך, ווען עס רעדט זיך וועגן אַן אָפּגעפֿרעסענעם, געזונטן חבֿרה־מאַן. מענדעלע מוכר־ספֿרים באַנוצט אָט דעם אויסדרוק זייער אָפֿט. געוויינטלעך זאָגט מען אויף אַזאַ בחור: **אַ יונג, אַ יונגאַטש, אַ יאַט, אַ יאָלער, אַ לעפּאַק, אַ זשלאָב, אַ כלאָפּ, אַ בורלאַק, אַן איוואַן, אַ ווערגעלעץ, אַ בריטאַן.** און רעדט זיך עס וועגן דעם שיינעם געשלעכט, זאָגט מען: **אַ מאַד, אַ מוידורע, אַ מוידעץ, אַ בחורטע, אַ באַנדע, אַ דזשידע, אַ בייז גערעטעניש, אַ בייז באַשריגעניש** אאַז"וו.

## בײַ אַ הונט אַ יום־טובֿ

אַ ייִד פֿון לאָנג־אײַלאַנד וויל וויסן דעם מיין פֿון דעם ייִדישן שפּריכוואָרט: **ווען איז בײַ אַ הונט אַ יום־טובֿ? ווען מען צעברעכט אים אַ פֿוס.**

דאָס איז אַ למדנישער וויץ, מײַן פֿרײַנד, וועלכער באַשטייט אין דעם, וואָס מען פֿאַרבײַט צוויי העברעיִשע ווערטער, וואָס שרײַבן זיך אויף איין אופֿן, וואָס מיינען צוויי באַזונדערע זאַכן. די ווערטער זענען "רגלים" – פֿיס און "רגלים" – יום־טובֿ. נו, ווען אַ הונט ברעכט אַ פֿוס, וואָס בלײַבט ער? בײַ שלש־רגלים, איאָ? נו, איז בײַ אים אַ יום־טובֿ.

## בייז

אַ סך ייִדישע אויסדרוקן און ווערטלעך קלינגען אונדז אומפֿאַרשטענדלעך דערפֿאַר, וואָס מיר טראַכטן זיך נישט אַרײַן אין די פֿאַרשיידענע באַטײַטן, וואָס מיר האָבן אַרײַנגעלייגט אין פשוטע ייִדישע ווערטער. אָט פֿרעגט מיך, למשל, אַ ייִד פֿון ברוקלין: "וואָס מיינט עס: **מען קען אים ווי אַ בייזן שילינגער**?"

איז אַזוי די מעשׂה. **שילינגער** ווייסט איר וואָס דאָס איז – אַ מטבע. אָבער וועגן דעם וואָרט **בייז** האָט איר זיך נישט פֿאַרטראַכט. **בייז** מיינט נישט בלויז זײַן אין כּעס, **בייז** מיינט אויך: גרויס, מגושמדיק – "זע אַ מויד! זע אַ בייז גערעטעניש". **בייז** מיינט אויך: פֿאַרדאָרבנקייט, מעשׂים־רעים – "אַן אויסוואָרף פֿון דער נאַטור, מען טאָר אין

141. אויף ענגליש הייסט די חיה marmot.

זײַנע ד׳ אַמות ניט שטײן, ער טוט אָפּ אַל דאָס בײיזס״. **בײז** מײנט אויך: צרות, אומגליק. ווי ווינטשט אײן ייִדענע דער אַנדערער? ״איר זאָלט שוין נישט וויסן פֿון קײן בײיזס״. און **בײז** מײנט אויך: נישט־גוט, שלעכט. און אָט דער **בײז** מיטן באַטײַט ״שלעכט״ איז דער שליסל צו אײַער ווערטל וואָס איר פֿרעגט. **אַ בײזער שילינגער** מײנט נישט אַ שילינגער, וואָס איז אין כּעס, נאָר אַ שלעכטער, פֿאַלשער שילינגער. און ווען איר ווילט זאָגן אויף אײנעם, אַז מען קען אים גוט, אַז אַלע ווײסן וואָס פֿאַר אַ בײגל דאָס איז, זאָגט איר: **מען קען אים ווי אַ בײזן שילינגער**. דאָס הײסט, ווי אַ שלעכטע, פֿאַלשע מטבע, וואָס יעדער איז אויף אַיר אַ מבֿין.

און דאָס וועט שוין פֿאַרענטפֿערן אַ שאלה פֿון נאָך אַ ייִדן, פֿאַר וואָס מען זאָגט: **איך זאָל אַזוי נישט וויסן פֿון אַ בײזער וועטשערע**. אויך דאָ מײנט עס נישט אַ וועטשערע, וואָס איז אין כּעס, נאָר אַ שלעכטע, אַ צרהדיקע, אַן אָרעמע וועטשערע. מיר דאָ אין אַמעריקע, גאָט צו דאַנקען, האָבן שוין פֿאַרגעסן פּאַטשאָם פֿונט ליכאַ, וואָס עס מײנט אַן אָרעמע וועטשערע. בײַ אונדז שטײט דאָס ווײַב איבערן קאַרק און טרײַבט: ״זופּ אויס דאָס ביסל סופּ, עס אויף דאָס שטיקל פֿלײש, דו האָסט דאָך גאָרנישט געגעסן״. אָבער דערמאָנט זיך אין דער אַלטער הײם, ווען אַ ייִד אַן אָרעמאַן איז אָפּגעקומען אַ גאַנצן טאָג מיט גאָרנישט, מיט אַבי וואָס, אַבי די נשמה צו דערהאַלטן און האָט נעבעך געוואַרט אויף דער וועטשערע ווי אַ ייִד וואַרט אויף משיחן. און ווען ער איז געקומען אַהײם און דאָס ווײַב האָט אים דערלאַנגט די פּאָר פֿאַרשטאַנענע קאַרטאָפֿליעס מיטן שטיקל ראַזעווע ברויט, איז אים געווען גוט אויפֿן האַרצן. ווען אַזאַ ייִד האָט זיך געשווורן **איך זאָל אַזוי נישט וויסן פֿון אַ בײזער וועטשערע**, איז דאָס געווען אַ גוטע שבֿועה, האָט איר אים געמעגט גלײבן.

## אַבענקעלע

פֿראַגע: וואָס מײנט דער אויסדרוק: **אונטערשטעלן אַ בענקעלע?**

דאָס מײנט: אָפּטראָגן אויף יענעם אַ מסירה, זײַן אַ יאַבעדניק. עס נעמט זיך פֿון דעם חדר־לשון.

וואָס האָט געטאָן דער רבי ווען יאַנקעלע האָט אָנגעמסרט כאַצקעלען, אַז ער האָט נישט געדאַוונט קײן מנחה, אָדער ער איז געפֿאָרן רײַטנדיק אויף דער ציג? פֿלעגט דער רבי נעמען כאַצקעלען און אים אַוועקלײגן אויפֿן בענקעלע; דאָס מײנט, אַז דער מסור יאַנקעלע האָט בידים אונטערגעשטעלט אַ בענקעלע, אַז מען זאָל אים אָפּשמײַסן. פֿון דער חדר־שפּראַך איז דאָס אַריבער אין דער פֿאָלקסשפּראַך, און ווען איר סטראַשעט

איינעם און זאָגט, אַז איר וועט אויף אים אָפּטראָגן, זאָגט איר: **איך וועל דיר אונטערשטעלן אַ בענקעלע!**

## בעסמענטאַזש און פּי־תּמידניק

אַ ייִד פֿון די בראָנקס שרײַבט: "איך שפּאַר זיך מיט מײַנעם אַ פֿרײַנד. ער זאָגט, אַז אין דער היים, אין פּוילן, פֿלעגט מען זאָגן אויף אַ ניט־ייִדישן בית־עולם – **צמענטאַזש**, און איך זאָג, אַז מען פֿלעגט זאָגן **בעסמענטאַזש**. ווער איז גערעכט?"

איר זענט ביידע גערעכט. דאָס אָריגינעלע וואָרט אין פּויליש איז "צמענטאַזש", אָבער ייִדן האָבן עס געוואָלט פֿאַרייִדישן, עס זאָל קלינגען אַזוי ווי **בית־עולם, בית־עלמין, בית־חיים, בית־הקבֿרות**, איז וואָס זשע האָבן זיי געטאָן? האָבן זיי צום וואָרט "צמענטאַזש" צוגעטשעפּעט דאָס העברעיִשע וואָרט "בית", איז געוואָרן "בית־צמענטאַזש". נו, ווען איר רעדט עס אַרויס גיך און פֿאַרשלונגען, וואָס באַקומט זיך? **בעסמענטאַזש**. איז אָט האָט איר עס. אַזעלכע קאָמבינאַציעס פֿון העברעיִש מיט סלאַוויש איז נישט קיין זעלטנקייט אין ייִדיש, אָט איז נאָך אַ וואָרט אַזאַ, ווי אַן אילוסטראַציע.

צווישן די ווערטער, וואָס מיר האָבן אין ייִדיש פֿאַר דעם באַגריף "שיכּור", ווי **פּיאַק, פּיאַניצע, כּוסה־מאַכער, שנאַפּס־קאַפּיטאַן** אאַ"וו, געפֿינט זיך אויך אַזאַ וואָרט **פּי־תּמידניק**. אַ חבֿרה שיכּורים הייסן: **חבֿרה פּי־תּמיד**. איז אין פֿלוג קען זיך אויסווײַזן, אַז דאָס איז אַ קאָמבינאַציע פֿון צוויי העברעיִשע ווערטער: "פּי" – אַ מויל, און "תּמיד" – שטענדיק. אין דער אמתן, אָבער, איז דאָס אַ צווילינג פֿון פּויליש און העברעיִש. דער ערשטער טייל, דער "פּי", איז פּויליש, פֿון "פּיטש" – טרינקען, און דער צווייטער טייל איז העברעיִש "תּמיד". און צוזאַמען איז עס **חבֿרה פּי־תּמיד**, די חבֿרה וואָס טרינקט שטענדיק, און איינער וואָס געהערט צו דער חבֿרה הייסט **פּי־תּמידניק**.

## בעסער צען שלעסער איידער איין דלות

מ"ר פֿעלדער פֿון ברוקלין וויל וויסן דעם פּשט פֿון דעם ווערטל: **בעסער צען שלעסער איידער איין דלות**.

מײַן טײַטש איז, אַז דאָס ווערטל באַציט זיך אויף אַ קאַרגן, וואָס אַלץ איז אים אונטער צען שלעסער און דאָס ווערטל מיינט: בעסער אַ קאַרגער איידער אַ דלות, אַן אָרעמאַן. ווײַל בײַ אַ קאַרגן קען מען נאָך אַ מאָל עפּעס קריגן, אָבער וואָס וועסטו קריגן בײַ אַ דלות, בײַ אַן אבֿיון? ס'קדחת.

מ"ר ווינקעלשטיין געדענקט דאָס ווערטל פֿון דער היים. מיט דעם ווערטל, שרײַבט

ער, פֿלעגט מען טרייסטן אַן אָרעם מיידל, וואָס האָט נעבעך נישט געקענט צוקומען צו קיין שידוך און מען וויל זי פֿאַרשלייערן פֿאַר אַ ייִדן אַן אַלמן, וואָס וויל זי נעמען אַזוי ווי זי שטייט און גייט. אמת, דער אַלמן איז אַ רײַכער, אַ ייִד אַ גבֿיר, אָבער אַ קאַרגער הונט, וואָס אַלץ איז בײַ אים אונטער צען שלעסער און מע שמועסט, אַז ס'ערשטע ווײַב האָט בײַ אים געדאַרפֿט אויסוויינען יעדן גראָשן. נו, איז טרייסט מען זי, דאָס אָרעמע מיידל, אַז **בעסער צען שלעסער איידער איין דלות**, פּשוטער גערעדט, בעסער אַ קאַרגער גבֿיר איידער אַ קבצן נישטאָ געדאַכט, אַ דלות.

## בערישע טובֿה

מר"ס דערמאַן פֿון די בראָנקס וויל איך זאָל איר פֿאַרטײַטשן דעם ייִדישן אויסדרוק: **ער האָט מיר געטאָן אַ בערישע טובֿה.**

ס'ערשטע, מר"ס דערמאַן, וויל איך, אַז איר זאָלט וויסן, אַז דער אויסדרוק **אַ בערישע טובֿה** איז נישט קיין ספּעציפֿיש ייִדישער. קענענדיק אַ קאַפּ רוסיש ווייס איך, למשל, אַז די רוסן האָבן אויך דעם דאָזיקן אויסדרוק, בײַ זיי הייסט עס "מעדוועזשיאַ אוסלוגאַ". און מסתּמא האָבן עס אַנדערע שפּראַכן אויך, ווײַל דער אָפּשטאַם איז זייער אַן אַלטער. ער שטאַמט פֿון אַ גריכישער פֿאַבל עזאָפּס, אויב איך האָב נישט קיין טעות, און אין דער פֿאַבל ווערט דערציילט אַזאַ מעשׂה:

אַן ערעמיט, אַ נזיר האָט זיך אָפּגעשיידט פֿון מענטשן און איז אַוועק וווינען אין וואַלד. און בכדי עס זאָל אים נישט זײַן אומעטיק, האָט ער פֿאַרהיימישט אַ יונגן בער, וואָס איז אים מיט די יאָרן געוואָרן אַ חבֿר און אַ פֿרײַנד און אים אָפּגעהיט פֿון די חיות אין וואַלד. איין מאָל ווען דער ערעמיט איז געשלאָפֿן און דער בער איז געזעסן לעבן אים און אים געהיט, האָט ער דערזען ווי אַ זלידנע פֿליג האָט זיך אַוועקגעשטעלט בײַם ערעמיט אויפֿן שטערן און צאַפּט פֿון אים דאָס בלוט. האָט עס דעם בער פֿאַרדראָסן און ער טראַכט בײַ זיך: "איך וועל זי באַלד אָנלערנען, די זלידניע, זי וועט בײַ מיר באַלד האָבן דעם פּסק". און ער נעמט אין דער בערישער לאַפּע זײַנער אַ שטיין און פֿאַרטשעוועט זיך און טראַך אין ערעמיטס שטערן אַרײַן. נו, די פֿליג האָט ער דערהרגעט, אָבער דער ערעמיט איז שוין אויך קיין לעבעדיקער נישט אויפֿגעשטאַנען. פֿון דעמאָלט אָן, ווען איינער טוט אײַך אַ טובֿה און איר קרענקט אויס די טובֿה, איז האָט ער אײַך געטאָן **אַ בערישע טובֿה.**

## ברוטשקע

מ״ר הערמאַן פֿון איסט־אָראַנדזש, ניו־דזשוירזי, וויל וויסן דעם טײַטש פֿון אַן אויסדרוק: **ער איז מיט אַלעמען ברוטשקע.**

פֿאַר וואָר, איך האָב ערשט אָט דעם אויסדרוק צום ערשטן מאָל. אָבער עס איז זיך נישט שווער אָנצושטויסן, וואָס דאָס מיינט. דאָס רעדט זיך וועגן אַ צוגעלאָזענעם מענטשן, וואָס איז מיט אַלעמען פֿאַניבראַט, גוטער־ברודער. איז דער שׂכל מחייבֿ, אַז אויב פֿון "בראַט", וואָס מיינט ברודער, קען ווערן "בראַטשעק" און "בראַטשישעק", פֿאַר וואָס זאָל פֿון ברודער נישט קענען ווערן "ברוטשקע"? דער קיצור, **ער איז מיט אַלעמען ברוטשקע** איז אַ לצנותדיקער אויסדרוק פֿאַר: ער איז מיט אַלעמען גוט־ברודער.[142]

## ברײַנדעלע קאָזאַק

מ״ר לעכטער פֿון נואַרק פֿרעגט: "פֿון וואַנען נעמט זיך דער אויסדרוק **ברײַנדעלע קאָזאַק**?"

איך מיין, אַז דער אויסדרוק נעמט זיך פֿון אַבֿרהם גאָלדפֿאַדענס פּיעסע מיטן זעלבן נאָמען. די העלדין פֿון דער פּיעסע, אַ ייִדענע מיט אַן אוירינגל, אַ כוואַטסקע ייִדענע, אַ קאָזאַק, האָט געהייסן ברײַנדעלע, און די אַרומיקע האָבן זי גערופֿן **ברײַנדעלע קאָזאַק**. און אַזוי ווי די דאָזיקע פּיעסע גאָלדפֿאַדענס איז אַ מאָל געווען זייער פּאָפּולער בײַ ייִדן, איז דאָס ווערטל אַרײַן אין דער פֿאָלקסשפּראַך ווי אַ באַצייכענונג פֿון אַ ייִדענע אַן אשת־חיל. דאָס זעלבע איז געשען מיט דעם נאָמען פֿון אַ צווייטער פּיעסע גאָלדפֿאַדענס: **שמענדריק**. אונדזערע אייניקלעך וועלן אפֿשר נישט וויסן, אַז ס'איז געווען אַ מאָל אַזאַ טעאַטער־שטיק בײַ ייִדן, אָבער וואָס **שמענדריק** מיינט וועלן זיי וויסן, אויב זיי וועלן רעדן ייִדיש. איך וואָלט געקענט אָנווײַזן אויף צענדלינגער נעמען אַזעלכע, וואָס זענען אַרײַן אין דער פֿאָלקסשפּראַך פֿון דער ליטעראַטור, אָבער דאָס וואָלט מיך צו ווײַט פֿאַרפֿירט. איך וועל בלויז ברענגען עטלעכע ווי אַ בײַשפּיל: **מנחם־מענדל**, וואָס מיינט איצט אַ ייִד אַ דרייקאָפּ, אַ שפּעקולאַנט, אַ ווינטמענטש, איז דער נאָמען פֿון שלום־עליכמס אַ העלד; און **באָנציע שווײַג**, אַ באַצייכענונג פֿאַר אַ ייִדן אַ ניכנע, וואָס לאָזט זיך טרעטן מיט די פֿיס און שווײַגט – דעם נאָמען האָבן מיר צו פֿאַרדאַנקען י. ל. פּרצן.

---

142. לויט סטוטשקאָווס "אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך" (ז' 223) איז **ברוטשקע** אַ וואַריאַנט פֿון "ברוקווע" – אויף ענגליש **turnip** – כאָטש אַזאַ באַטײַט לייגט זיך ניט אויפֿן שׂכל.

## ברענט דיר די הויט

אַ ייִדישע פֿרוי פֿון ברוקלין שרײַבט: "איך בין אַן אַמעריקאַנער געבוירענע, אָבער איך קען רעדן ייִדיש, ווײַל איך בין אויפֿגעצויגן אין אַ היים, וווּ מע האָט גערעדט ייִדיש. אָבער אַ סך אויסדרוקן פֿאַרשטיי איך נישט. דעם ערבֿ־יום־טובֿ, ווען איך האָב געוואָלט גיין זען וועגן פֿיש, מאַכט צו מיר די מאַמע, וואָס וווינט בײַ מיר: '**וואָס ברענט אויף דיר די הויט?** ס'איז נאָך דרײַ טעג צו יום־טובֿ'. קענט איר מיר דערקלערן, וואָס עס מיינט דער אויסדרוק **עס ברענט אויף דיר די הויט**, און פֿאַר וואָס מען זאָגט עס? מײַן מאַמע ווייסט נישט".

מיטן גרעסטן פֿאַרגעניגן. כאָטש איך מיין, אַז ווען איר גיט אַ טראַכט, וואָלט איר עס אַליין פֿאַרשטאַנען. וואָס אייגנטלעך האָט אײַך די מאַמע געוואָלט זאָגן מיט **וואָס ברענט אויף דיר די הויט?** זי האָט אײַך געוואָלט זאָגן: טאָכטערשי, וואָס לויפֿסטו, וואָס אײַלסטו זיך, ס'איז דאָך נאָך דרײַ טעג צו יום־טובֿ, אַיאָ? איצט גיט אַ טראַכט. ווען עס געשעעט, חלילה, מיט אַ מענטשן אַן אומגליק, די קליידער צינדן זיך אים אָן און די הויט הייבט אָן ברענען אויף אים, וועט ער שטיין און וואַרטן ביז עמעצער וועט אים קומען לעשן? אַוודאי נישט. ס'ערשטע הייבט ער אָן לויפֿן און שרײַען "געוואַלד, ראַטעוועט!" אָט דאָס איז עס, מײַן טײַערע. איר לויפֿט, ווײַל איר ווילט וואָס פֿריִער אײַנהאַנדלען פֿיש אויף יום־טובֿ און יענער, נישט דאָ געדאַכט, לויפֿט ווײַל עס ברענט אויף אים די הויט. מען זאָגט אויך: **עס ברענט אויף אים די האָר, עס ברענט אונטער אים די ערד,** ד"ה ער קען נישט אײַנשטיין אויף אַן אָרט. מען זאָגט אויך: **ער זיצט אויף הייסע קוילן, ער זיצט ווי אויף שפּילקעס** אאַז"וו. און די אַלע אויסדרוקן האָבן איין באַטײַט: אַז דער מענטש קען נישט רוען, אַז ער באַוועגט זיך.

פֿאַרקערט, די געשיכטע ווען אַ מענטש איז פֿויל און רירט זיך נישט פֿון אָרט האָבן ייִדן אַנדערע פֿאַרגלײַכן: **ער שטייט ווי אַן אָנגעמאָלענער, ווי אַ בלײַערנער פֿויגל, ווי אַ ליימענער גולם** אָדער **זי זיצט ווי אַ געשוואָלענע פּריצטע, ווי אַ מחותּנתטע אויף אַ פֿרעמדער חתונה, ווי אַ פֿאַרצעלײַענע ליאַליע, ווי אַ קוואָקע אויף אייער** אאַז"וו. די אַלע שטייען אָדער זיצן און רירן זיך נישט פֿון אָרט.

## גאָט די נשמה שולדיק

אַ ייִד פֿון די בראָנקס וויל וויסן וואָס עס מיינט: **ער איז גאָט די נשמה שולדיק.**

דאָס מיינט גאָר פּשוט, מײַן ליבער ייִד, אַז דער מענטש וועגן וועמען עס רעדט זיך איז אַזוי אומשולדיק ווי אַן ערשט געבוירן קינד. וועמען איז אַן ערשט געבוירן קינד עפּעס שולדיק? קיינעם נישט, בלויז גאָט די נשמה, ווײַל דאָס איז זײַנס און דאָס מוזן מיר אים אָפּגעבן. טאָמער ווילן מיר נישט, נעמט ער אַליין, ווי מיר זאָגן: "ה' נתן וה'

לקח" – גאָט האָט געגעבן און גאָט האָט גענומען.

געוויינטלעך ווערט דער אויסדרוק באַנוצט אין איראָנישן זינען וועגן איינעם וואָס איז שוין גראָד יאָ שולדיק, נאָר וואָס שפּילט דעם אומשולדיקן, דאָס לעמעלע, דאָס שעפּעלע, דאָס נעבעכל, דאָס ניונקעלע, דאָס ניעבאָשטשיקל. אויף אַזעלכן זאָגט מען מיט שפּאַסיקן באַדויער: **ער קען נעבעך קיין צוויי נישט ציילן, ער איז נעבעך גאָט די נשמה שולדיק**. און ליתר־תּוקף גיבן נאָך ייִדן צו: **ער איז שולדיק גאָט די נשמה און דעם קצבֿ פֿאַר פֿלייש**.

## גאָמלקעס

אַ ייִד פֿון ברוקלין בעט איך זאָל אים פֿאַרטײַטשן דאָס באַקאַנטע ווערטל: **פֿון שניי קען מען קיין גאָמלקעס נישט מאַכן**. און ער בעט מיך אויך, איך זאָל אים זאָגן, בײַ וואָס פֿאַר אַ געלעגנהייט מען נוצט אָט דאָס ווערטל.

וואָס **שניי** איז, דאַרף איך אײַך נישט זאָגן. וואָס **גאָמלקעס** איז, ווייסט איר? מען נעמט פֿאַרמער־קעז און מען שלאָגט אים איבער מיט אַן איי, מען גיט צו אַ ביסעלע זאַלץ און פֿעפֿער, מען מאַכט קליינע קײַלעכלעך און מע לאָזט עס טריקענען. און אַז זיי טריקענען זיך אויס, איז דאָס אַ מאכל אין דער וועלט. אָט די קליינע קעזעלעך הייסן **גאָמלקעס**, פֿון דעם רוסישן וואָרט "קאָמוליאַ". דער פֿאַרגלײַך צווישן שניי און קעז איז פֿאַרשטענדלעך, ווײַל ביידע זענען ווײַס. דער פּשוטער פּשט פֿון דעם ווערטל איז זייער פּשוט, אַז כּדי צו מאַכן **גאָמלקעס** דאַרף מען האָבן קעז, פֿון שניי קען מען זיי נישט מאַכן. דאָס איז דער פּשוטער פּשט – וואָס מיינט עס בדרך־מליצה? בדרך־מליצה מיינט עס דאָס זעלבע, וואָס אַן אַנדער ייִדיש שפּריכוואָרט: **אַז מען קאָכט וואַסער, בלײַבט וואַסער**. און עס מיינט, אַז אויב דו ווילסט, אַז אַ געשעפֿט זאָל דיר ברענגען הכנסה, דאַרפֿסטו עפּעס אַרײַנלייגן אין געשעפֿט. ווײַל **מיט גאָרנישט מאַכט מען גאָרנישט, אַז מען לייגט אונטער איין איי, נעמט מען אַרויס צוויי; נישטאָ קיין הון – נישטאָ קיין הינדעלעך; פֿון בלויז וואַסער קען מען קיין קרופּניק נישט קאָכן; אַז מען קאָכט מיט שטרוי, בלײַבט דאָס עסן רוי; אַז ס'איז נישטאָ אין טאָפּ, איז נישטאָ אין טעלער**. מיט איין וואָרט, **אַז מען לייגט נישט אַרײַן טאַקע, נעמט מען אַרויס אַ מכּה**, אָדער נאָך קלאָרער: **אַז מען לייגט אַרײַן קדחת, נעמט מען אַרויס ס'רבֿיעית**. קלוגע ווערטלעך, הע? איך האָב זיי נישט אויסגעטראַכט – דאָס פֿאָלק האָט זיי געשאַפֿן.

מ"ר מעלצער פֿון נואַרק, ניו־דזשוירזי, שרײַבט: "אין אײַערע אַנאָנסן, פֿרײַנד סטוטשקאָוו, נוצט איר אָפּט דאָס וואָרט **גאָרן** – 'אויפֿן צווייטן **גאָרן**'. איך שטויס זיך אָן, אַז דאָס מיינט איר 'פֿלאָר' – אויפֿן צווייטן 'פֿלאָר' – אָבער איך האָב קיין מאָל פֿון אַזאַ וואָרט ווי **גאָרן** נישט געהערט.

דאָס איז פֿאַר מיר קיין נײַעס נישט, מײַן פֿרײַנד. זינט עס איז אַרויס פֿון דרוק מײַן "אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך" האָבן אַ סך ייִדן אויסגעפֿונען, אַז זיי האָבן פֿון אַ סך ווערטער נישט געהערט. אַנדערע שרײַבן אַפֿילו בריוו אין די רעדאַקציעס מיט טענות: "ווּ האָט ער גענומען די ווערטער?" אַנדערע גייען אַפֿילו אַזוי ווײַט און זאָגן, אַז נישט אַנדערש, נאָר איך האָב זיי אויסגעטראַכט. פֿאַרשטייט זיך, אַז די אַלע טענות זענען אומגערעכטע, ווײַל ווי קלוג ייִדן זענען, זענען זיי אָפּט מאָל זייער נאַיִוו. אַ ייִד וואָס קומט פֿון סוויסלאָוויטש מיינט, אַז מיט סוויסלאָוויטש האָט זיך געענדיקט די וועלט, אַז אויב אין סוויסלאָוויטש איז דאָס וואָרט נישט באַקאַנט, האָב איך עס אויסגעטראַכט. דער ייִד פֿאַרגעסט, אַז סוויסלאָוויטש איז בלויז איין קליין פּינטעלע אויף גאָטס ערד און אַז די טעריטאָריע, ווּ ייִדיש ווערט גערעדט און איז גערעדט געוואָרן, איז גרעסער ווי פֿון וועלכער עס איז שפּראַך אין דער וועלט. ווי האָט אַ ייִדישער פּאָעט אַ מאָל געזאָגט: "אין ייִדישלאַנד גייט קיין מאָל די זון נישט אונטער". פֿאַרשטייט זיך, אַז ס'איז אוממעגלעך פֿאַר אַ ליטווישן ייִד פֿון סוויסלאָוויטש צו וויסן און צו פֿאַרשטיין וואָס מע האָט גענוצט אין קאָלאָמיי, צי אין ריישע און פֿאַרקערט. ייִדן וואָס זענען באַקאַנט אין דער ייִדישער ליטעראַטור ווייסן וועגן דער מחלוקת, וואָס איז אַ מאָל פֿאָרגעקומען צווישן צוויי פֿון אונדזערע גדולים, שלום־עליכם און י. ל. פּרץ, וועגן קראָפּעווע און פּאָקשיווע. ניין, מײַנע טײַערע ייִדן, איך האָב גאָרנישט אויסגעטראַכט. אַלץ וואָס איך האָב אײַנגעזאַמלט אין דעם "אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך" איז פֿון ייִדן גענוצט געוואָרן, ניט מער וואָס נישט אַלץ קומט פֿון סוויסלאָוויטש. אָט טענהט איר, מ"ר מעלצער, אַז איר האָט קיין מאָל נישט געהערט פֿון אַזאַ וואָרט ווי **גאָרן**. אַנו, שטעלט אָפּ פֿאַר אַ טשיקאַווער דעם ערשטן בעסטן ייִדן וואָס קומט פֿון פּוילן און פֿרעגט אים: "וואָס איז **גאָרן**?" וועט ער אײַך אָנקוקן: "וואָס הייסט, איר ווייסט נישט וואָס **גאָרן** איז? **גאָרן** איז 'פֿלאָר'. ווּ וווינט איר, אויפֿן ערשטן **גאָרן** צי אויפֿן צווייטן **גאָרן**?" פֿאַרשטייט זיך, אַז פּונקט אַזוי גוט ווי **גאָרן** איז **שטאָק** און **עטאַזש** און מען וועט אײַך נישט אײַנזעצן ווען איר וועט אַפֿילו זאָגן **פֿלאָר**. אָבער **גאָרן** איז אַ גוט ייִדיש וואָרט, וואָס איז גענוצט געוואָרן פֿון מיליאָנען

ייִדן אין פּוילן און אַ כּשר וואָרט, כאָטש עס שטאַמט פֿון דעם פּוילישן "גוראַ".[143]

## גוטהעלף

ד"ר אַר פֿון די בראָנקס וויל וויסן דעם באַטײַט פֿון דער ייִדישער באַגריסונג **גוטהעלף**.

איך מיין, אַז **גוטהעלף** איז אַ פֿאַרגרײַזונג פֿון "גאָט העלף", וואָס מיינט: גאָט זאָל דיר זײַן צו הילף. די דאָזיקע באַגריסונג האָבן אויך געהאַט אונדזערע שכנים, צווישן וועלכע מיר האָבן געוווינט. פּוילישע ייִדן וועלן זיך זיכער דערמאָנען, אַז ווען מען פֿלעגט באַגעגענען אַ פּויער אַרבעטנדיק אין פֿעלד, פֿלעגט מען אים באַגריסן מיט "בוג נאַ פּאָמאָץ", וואָס מיינט פּונקט דאָס זעלבע וואָס "גאָט העלף" אין ייִדיש.

## גזרה־קאָפּקע

מר"ס רויטמאַן פֿון ברוקלין שרײַבט: "איך האָב די וואָך געקויפֿט אַ זומערדיק היטעלע, און איך האָב עס אָנגעטאָן און געפֿרעגט בײַ מײַן שוויגער: 'ווי געפֿעלט עס אײַך, מאַ?' האָט זי מיר געענטפֿערט: 'דו זאָלסט זיך נישט באַליידיקן, העלען – אין מײַנע אויגן זעט עס אויס ווי אַ **גזרה־קאָפּקע**'". בקיצור, מר"ס רויטמאַן וויל וויסן וואָס עס מיינט אַ **גזרה־קאָפּקע**.

דאָס איז אַן אַלט, אַלט ייִדיש וואָרט. און איך שטעל זיך פֿאָר, אַז אײַער שוויגער זאָל געזונט זײַן, מוז שוין זײַן אַ ייִדענע אין די יאָרן, אַז זי געדענקט נאָך דעם אויסדרוק.

מיט יאָרן און יאָרן צוריק, ווען ייִדן האָבן געטראָגן בערד און ייִדישע טעכטער פֿלעגן אויף צו מאָרגנס נאָך דער חתונה אָפּגאָלן די קעפּ און אָנטאָן שייטלען און קאָפּקעס, איז אַרויס אַ גזרה פֿון פֿאָניעז, אַז ייִדן זאָלן זיך אייראָפּעיִזירן און זיך אָנהייבן פֿירן פּונקט פֿאַרקערט ווי זיי האָבן זיך ביז איצט געפֿירט. דהײַנו, אַז די מענער זאָלן זיך אָנהייבן גאָלן און אַראָפּנעמען די בערד, און די ווײַבער זאָלן לאָזן וואַקסן די האָר און אַראָפּנעמען די שייטלען מיט די טשיפּקעס פֿון די קעפּ. אַ סך ייִדישע טעכטער האָבן נעבעך געמוזט אויספֿאָלגן די גזרה, אָבער געווען אַזעלכע פֿרומע ייִדענעס וואָס האָבן זיך נישט געוואָלט אונטערגעבן. וואָס הייסט, גיין אין די אייגענע האָר ווי די גויעס? פֿלעגן זיי פֿאַר אַ פּאָר רובל קריגן אַ "שוויאַדעסטווע" פֿון אַ דאָקטער, אַז זיי מוזן אָפּגאָלן די קעפּ, ווײַל די קעפּ זייערע זענען נעבעך נישט אין אָרדענונג, זיי זענען נעבעך געשטראָפֿט מיט דער זעקסטער מכּה פֿון מצרים.

---

143. פּויליש góra מיינט "אויבן" אָדער "באַרג". עס קען זײַן, אַז **גאָרן** שטאַמט פֿונעם דײַטשן קאָמפּאָנענט, ווײַל אין גרימס "דײַטשן ווערטערבוך" איז פֿאַרצייכנט דאָס זעלטענע וואָרט **Garn**, וואָס מיינט אויך "עטאַזש" (באַנד 4, קאָלום 1370).

בקיצור, אָט די קאָפּקעס וואָס אָט די שיינע ייִדענעס, די רביצינס פּלעגן אָנטאָן אויף זייערע געגאָלטע קעפּ, פּלעגט מען צו יענער צײַט רופֿן די **גזרה־קאָפּקעס**, צוליב פּאָניעס גזרה. געווען אַפֿילו גאַנץ שיינע קאָפּקעס, געמאַכט פֿון סאַמעט מיט בלימעלעך און פּליטערלעך ווי עס דאַרף צו זײַן, נישט מער וואָס זיי פּלעגן זײַן איבער די אויערן, אַז מען זאָל, חלילה, נישט אַרויסזען קיין פּיצל נאַקעטן קאָפּ.

## גייַן ווי אַ מיזמור

אַ ייִד פֿון ברוקלין בעט איך זאָל אים פֿאַרטײַטשן דעם אויסדרוק: **עס גייט ווי אַ מיזמור**.

דער אויסדרוק, מײַן פֿרײַנד, באַציט זיך אויף דוד המלכס תּהילים, דער אַלטער ליבער תּהילים, אין וועלכן ייִדן האָבן געזוכט און געפֿונען טרייסט און דערלײַכטערונג צו זייערע צרות. תּהילים, ווי איר ווייסט, האָט מען נישט געלערנט, סײַדן אין חדר, תּהילים האָט מען געזאָגט, און אַזוי פֿיל געזאָגט, אַז ייִדן האָבן אים געקענט פֿון אויסנווייניק. און אַז מע האָט אים געקענט פֿון אויסנווייניק, האָבן זיך די מיזמורי־תּהילים אַראָפּגעגליטשט פֿון צונג לײַכט און גלאַטיק. און דער אויסדרוק **עס גייט ווי אַ מיזמור** איז געוואָרן אַ פֿאַרגלײַך בײַ ייִדן פֿאַר אַלץ וואָס קומט אָן לײַכט און גרינג, אָן שוועריקייטן. **עס גייט ווי אַ מיזמור** מיינט: עס גייט גלאַטיק, עס גייט ווי אויף פּוטער, עס גייט ווי געשמירט.

## גילגול

און אָט איז אַ בריוו פֿון אַ ייִדן פֿון מאַנהעטן, אַ ייִד מיטן נאָמען ווײַנשטיין. ער פֿרעגט וועגן אַ וואָרט, וואָס די מאַמע זײַנע זאָגט וועגן זײַן קדיש: "איך האָב נאַך", טענהט זי, "קיין מאָל אַזאַ **גילגול** פֿון אַ קינד נישט געזען". און דער ייִד וויל וויסן, וואָס די מאַמע זײַנע מיינט, ווען זי רופֿט איר אייניקל אַ **גילגול**.

**אַ גילגול** איז דאָס זעלבע וואָס **אַ דיבוק**: אַ זינדיקע נשמה, וואָס וואַנדערט אַרום אויפֿן עולם־התּוהו און זוכט אַ תּיקון. און אַזוי וואַנדערנדיק פֿאַלט אים אײַן, ער וועט זיך גאָר אַרײַנכאַפּן אין אַ מויד, וואָס האָט פֿאַרגעסן אָנצוטאָן אַ פֿאַרטעך, און זיך אַ ביסל אָפּרוען. דאָ אין אַמעריקע הערט מען עפּעס נישט פֿון זיי – אַ פּנים, אַז די אַמעריקאַנער לופֿט פֿאַרליובעט זיי נישט. אָבער אין אונדזערע אַלטע היימען זענען זיי געווען זייער אָפֿטע געסט אין ייִדישע היימען. און איז אַזאַ **דיבוק** אַרײַן אין אַ ייִדישער בתולה, איז איר נישט געווען וואָס מקנא צו זײַן. ערשטנס, איז גלאַט נישט אײַנגענעם ווען אין דיר באַזעצט זיך אַ **גילגול**. צווייטנס, זענען זיי בטבֿע גרויסע שרײַערס. זיי שרײַען אַרויס פֿון זייערע קרבנות מיט אַזעלכע באַנומענע קולות, אַז דאָס גאַנצע שטעטל גייט כּאַדאָראָם. פּלעגט זיך אַזאַ מויד אַרומשלעפּן פֿון איין רבין

צום אַנדערן, אָבער נישט יעדער פֿון זיי פֿלעגט קענען פועלן בײַ אַזאַ **גילגול**, ער זאָל אַרויס פֿון דער בתולה. צו דעם האָט מען געדאַרפֿט האָבן אַ גרויסן ספּעציאַליסט, ווײַל אַחוץ זינדיקע נשמות און שרײַערס זענען זיי געפֿערלעכע עקשנים, אײַנגעשפּאַרטע. ער וויל נישט אַרויס און טו אים עפּעס. און אָט דאָס איז דאָס, מײַן פֿרײַנד. ווען אײַער מאַמע רופֿט אײַער קדיש **גילגול**, מיינט זי, ער איז אַן עקשן, אַן אײַנגעשפּאַרטער.

## געהאַקטע צרות

אַ ייִד פֿון ברוקלין וויל וויסן דעם פּשט פֿון דעם אויסדרוק: **ער איז אויף געהאַקטע צרות**.
"וואָס מיינט עס", פֿרעגט ער, "**געהאַקטע צרות**?"

פֿון **געהאַקטע ווונדן**, ר' ייִד, האָט איר געהערט? "ער ליגט אין **געהאַקטע ווונדן**", מסתּמא האָט איר געהערט. ווייסט איר וואָס דאָס מיינט **געהאַקטע ווונדן**? דאָס מיינט ווונדן, מכּות, וואָס האָבן זיך אַליין נישט געוואָלט עפֿענען, נאָר מע האָט זיי געמוזט אויפֿהאַקן – די אמתע מכּות, פֿון וועלכע קיין גוטער ייִד זאָל נישט וויסן. און מכּה אין איבערגעטראָגענעם זינען מיינט: צרה, אומגליק. ווען איר באַדויערט איינעם און איר זאָגט: "די צען מכּות זענען אויף אים אויסגעגאָסן געוואָרן", דאָס הייסט, אַז יענער איז נעבעך באַשאָטן מיט צרות. מיט איין וואָרט, **זײַן אויף געהאַקטע צרות** איז אַ געשווועסטער־קינד פֿון **ליגן אין געהאַקטע ווונדן**.

## געהײַ

צוויי ייִדן האָבן זיך צונויפֿגעטראָפֿן מיט איין פֿראַגע, כאָטש יעדער פֿון זיי פֿרעגט עפּעס אַנדערש. אַ ייִד פֿון ברוקלין וויל וויסן, ווי מען דאַרף זאָגן אין ייִדיש: ער נעמט פֿון אים "אַדוואַנטעדזש". און אַ ייִד פֿון קליפֿטאָן, ניו־דזשוירזי, וויל וויסן וואָס עס מיינט **געהײַ**, אַ וואָרט וואָס ער געדענקט, שרײַבט ער, פֿון סלוצק.

איין ענטפֿער וועט זײַן גענוג פֿאַר ביידע ייִדן. **געהײַ** מיינט חוצפּה. אַ ייִד האָט עס אַ **געהײַ**, אַ פּאָטעפּאַלנאָסט, ער נעמט בײַ מיר אַ צענערל אַ גמילות־חסד אויף איין טאָג און שוין צוויי וואָכן און ער טראָגט נישט אַרײַן! און **געהײַ** מיינט נאָך עפּעס אַנדערש – **ער האָט אין מיר דאָס געהײַ** איז אין דער ליטע דאָס זעלבע ווי **ער האָט אין מיר דאָס גענאַר** אין וואַרשע. און **ער האָט אין מיר דאָס גענאַר** מיינט אַקוראַט נישט מער און נישט ווייניקער ווי **ער נעמט פֿון מיר** "**אַדוואַנטעדזש**" אין ניו־יאָרק. קריצט עס זיך אין זכּרון, ייִדישע קינדער, וועט איר פֿאַרשפּאָרן צו ניצן אָט דעם אַמעריקאַניזם: **ער האָט אין מיר דאָס גענאַר**.

## געוואַלדריס

אַ ייִד פֿון מאַנהעטן פֿרעגט מיך: "פֿון וואַנען נעמט זיך דאָס וואָרט אַ **געוואַלדריס**?"

**געוואַלד,** מײַן פֿרײַנד, איז אין ייִדיש אַ סינאָנים צו **גרויס**. אַנשטאָט צו זאָגן "ס'איז אַ גרויסע זאַך", זאָגט מען "עס איז אַ **געוואַלדאָווע** זאַך", אָדער "ס'אַ **געוואַלד**". נו, אַ **געוואַלדריס** מיינט דערפֿאַר אַ גרויסער ריס.

ס'איז אָבער פֿאַראַן נאָך אַ סבֿרה, פֿאַר וואָס מען זאָגט אַ **געוואַלדריס**. ווען איר פֿאַרטשעפּעט זיך אין עפּעס און איר מאַכט אין אײַער בגד אַ קליינעם ריס, איז נישט געפֿערלעך, קענט איר אַרומגיין טעג און וואָכן און קיינער זאָל עס נישט באַמערקן. ווען איר מאַכט אָבער אַ גרויסן ריס, וואָס וואַרפֿט זיך אין די אויגן, דאָס איז שוין אַ **געוואַלדריס**, ווײַל אַזאַ ריס שרײַט ממש: "געוואַלד, ניי מיך צו! מענטשן קוקן אויף מיר!"

## געזונט ווי אַ גוי

מ"ר נ. אַבראַמאָוויטש פֿון די בראָנקס וויל וויסן, פֿאַר וואָס מען זאָגט: **געזונט ווי אַ גוי**.

ס'ערשטע וועגן דעם וואָרט **געזונט**. **געזונט** האָט אין ייִדיש עטלעכע טײַטשן: **געזונט** – healthy **אַ געזונטער מענטש** מיינט אַ מענטש, וואָס איז בקוו־הבריאות, וואָס איז, חלילה, נישט קראַנק. **געזונט** מיינט אויך strong, husky – **ער איז אַ געזונטער בויטשיק, ער איז אַ געזונטער מענטש** מיינט: ער איז אַ קרעפֿטיקער, אַ גיבור, איינער, וואָס ווען ער גיט אַ קלאַפּ, וועט שוין אויף דעם פּלאַץ קיין גראָז נישט וואַקסן. ווען ייִדן זאָגן **געזונט ווי אַ גוי**, מיינען זיי עס אין דעם טײַטש: **געזונט** strong. בלײַבט אָבער נאָך אַלץ די קשיא, פֿאַר וואָס עפּעס **געזונט ווי אַ גוי?** איז דער תּירוץ, אַז דער וואָס איז באַקאַנט מיטן ייִדישן לעבן פֿון אַ מאָל, דער פֿאַרשטייט ווי פּאַסיק אָט דער פֿאַרגלײַך איז, דער ווייסט, וואָס פֿאַר אַן אונטערשייד עס איז געווען אַ מאָל, אין דעם פּרט פֿון שטאַרקייט און קרעפֿטיקייט צווישן ייִד און גוי.

איצט, געלויבט השם־יתברך, איבער הויפּט דאָ אין דעם געבענטשטן לאַנד אַמעריקע, איז דער אונטערשייד אַ גאַנץ קליינער. אַ ייִדישער בויטשיק האָט איצט פּונקט אַזוי פֿיל כּוח און איז פּונקט אַזוי געזונט און קרעפֿטיק ווי זײַן ניט־ייִדישער חבֿר, וואָס זיצט מיט אים אויף איין באַנק אין שול, און ווען עס קומט צו אַ קלאַפּ, קען ער זיך מיט אים פֿאַרמעסטן. האָט זיך אָבער אַ מאָל אַ חדר־ייִנגל, וואָס איז אַ גאַנצן טאָג געזעסן און געלערנט די הייליקע תּורה און איז געווען בלייך און אויסגעדייוועט, זיך געקענט פֿאַרמעסטן מיט אַ שייגעץ? צי דער טאַטע זײַנער, דאָס אויסגעסאָכניעטע ייִדל, וואָס דער קאָפּ האָט אים תּמיד געדאַרט פֿאַר פּרנסה און וואָס

איז אָפּגעקומען דעם טאָג מיט שהי־פּהי – האָט ער זיך געקענט פֿאַרמעסטן מיטן שייגעצס טאַטן, מיט איוואַנען צי מיט יורען? אַוודאי נישט. איַיך איז אַוודאי באַקאַנט דער פּסוק: "הקול קול יעקב והידים ידי עשׂו" – אַ ייִד קען שרייַען, אַ גוי קען דערלאַנגען. אָט דאָס איז דאָס, מייַן פֿרייַנד. דערפֿאַר פֿלעגן ייִדן זאָגן **געזונט ווי אַ גוי**, ווייַל דער גוי, דער ערל איז געווען שטאַרק און קרעפֿטיק, און דער ייִד – הוילע רוחניות, קוק מיך אָן און ריר מיך נישט אָן.

מאַכט אָבער נישט קיין טעות און מיינט נישט, אַז דאָס איז דער איינציקער פֿאַרגלייַך, וואָס מיר האָבן. איר האָט דעם "אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך"? מישט אויף זייַט 407, וועט איר געפֿינען פֿאַרגלייַכן, וואָס האָבן מיט **גוי** און **גוייִשקייט** גאָרנישט צו טאָן. איר וועט געפֿינען, אַז ייִדן זאָגן אויך: **געזונט ווי אַ ריז, געזונט ווי עוג־מלך־הבשן, געזונט ווי גלית הפּלישתּי, געזונט ווי אַ ייִשובֿניק, געזונט ווי אַ פֿורמאַן**. און ווי איז **געזונט ווי אַן אָקס, געזונט ווי אַ פֿערד, געזונט ווי אַ מויער, געזונט ווי אַ דעמב**? איר וועט דאָרטן געפֿינען נאָך אַ פּאָר צענדלינג פֿאַרגלייַכן, אָבער די וועט איר שוין אַזוי גוט זייַן אַליין איבערלייענען.

## אַ געזונטער אָרעמאַן

חזן בן־ציון געווירץ פֿון ברוקלין וויל, איך זאָל אים זאָגן, וואָס עס מיינט אַ **געזונטער אָרעמאַן**.

פּשט־פּשוט מיינט עס אַן אָרעמאַן, וואָס איז בקוו־הבריאות, וואָס אַחוץ פּרנסה פֿעלט אים, חלילה, קיין זאַך נישט. אַפּעטיט צום עסן איז דאָ, אַ געזונטער מאָגן, וואָס זאָל איבערקאָכן דאָס עסן אויך, נאָר וואָס אַרייַנצולייגן אַהין איז נישטאָ. אָבער ווי געזאָגט, אַזוי מיינט עס פּשט־פּשוט. בדרך־הלצה מיינט אָבער אַ **געזונטער אָרעמאַן** – אַ גרויסער קבצן. פֿון וואַנען נעמט זיך עס? עס נעמט זיך דערפֿון, וואָס דאָס וואָרט **געזונט** האָט אין ייִדיש עטלעכע טייַטשן. **געזונט** מיינט בקוו־הבריאות, **געזונט** מיינט אויך קערנדיק, תּוכיק, און דאָס איז וואָס עס מיינט אין שפּאַס אַ **געזונטער אָרעמאַן**. נישט עפּעס גלאַט אַזוי אָרעמאַן, וואָס מע קריגט זיי דרייַ פֿאַר אַ גראָשן, נאָר אַ **געזונטער אָרעמאַן**, אַן אָרעמאַן מיט תּוך, מיט סובסטאַנץ, מיט אַ דלות וואָס מען קען אים אָנטאַפּן מיט די הענט. אין ענגליש וואָלט איך עס איבערגעזעצט: אַ "סובסטענשל" קבצן. פֿאַראַן אַ ייִדיש ווערטל וואָס זאָגט: **עס זענען דאָ דאַרע נגידים און פֿעטע אָרעמע־לייַט**. דאָס איז אַ וואָרטשפּיל אויפֿן וואָרט **פֿעט**, וואָס האָט אויך עטלעכע טייַטשן. דאָס וואָרט **פֿעט** ווערט דאָ געניצט אין דעם זעלבן זינען ווי מיר ניצן עס אין **אַ פֿעטע מטבע**. **אַ פֿעטער אָרעמאַן** איז אַן אָרעמאַן, וואָס די אָרעמקייט זעט זיך אָן אויף

**אים. אַן אָרעמאַן, וואָס איז אָנגעגאָסן נישט מיט שמאַלץ, חלילה, נאָר מיט דלות.**

## געזינד

אַ פֿרוי פֿון דער איסט־סײַד שרײַבט: "איך בין אַנומלטן געשטאַנען אין 'גראָסערי' און גע־וואַרט אויף מײַן 'נעקסט', הער איך ווי צוויי ווײַבער רעדן צווישן זיך – זאָגט איינע: 'איר רעדט וועגן מ"ר מעלצער? רעדט מיר נישט וועגן אים. ער האָט **זיך אויסגעטאָן פֿון געזינד**'. עס האָט מיר נישט געפּאַסט זיך אַרײַנצומישן אין זייער געשפּרעך און זי פֿרעגן, וואָס זי מיינט דערמיט, פֿרעג איך אײַך: וואָס מיינט עס **אויסטאָן זיך פֿון געזינד**?"

**זי האָט נישט געמיינט, מײַן טײַערע, דאָס וואָס איר מיינט, דאָס געזונט וואָס מען דאַרף אָפּהיטן, נאָר דאָס געזינד** מיט אַ דלד צום סוף, וואָס מיינט דאָס הויזגעזינד, די בני־בית, ווײַב און קינד. געמיינט האָט זי, אַז אָט דער מעלצער איז גאָר קיין לײַט נישט, אַז ער האָט אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך דעם עול פֿון ווײַב און קינד, פּונקט ווי איינער וואַרפֿט אַראָפּ פֿון זיך אַ מלבוש און זיי געלאָזן אויף הפֿקר. **ער האָט זיך אויס־געטאָן פֿון געזינד** – אַ פֿײַנער, בילדלעכער ייִדישער אויסדרוק, וואָס איר מעגט פֿאַרגעדענקען.

## געכאַפּט אין דער מעשׂה

צו מ"ר שטיין פֿון ברוקלין. אײַך געפֿעלט נישט דער אויסדרוק **געכאַפּט אין דער מעשׂה**, און דער טעם – ווײַל ער קלינגט ווולגאַר.

נו, וואָס שייך צו ווולגאַריטעט, קען מען אַרײַנטײַטשן ווולגאַריטעט אין די סאַמע אומשולדיקסטע ווערטער, ווי, למשל: שלאָפֿן, לייגן זיך, אויפֿשטעלן זיך וכדומה. ווען איר זאָלט האָבן אַ מאָל אַרײַנגעקוקט אין אַ ייִדיש בוך – מסתּמא האָט איר אַ מאָל אַרײַנגעקוקט און פֿאַרגעסן – וואָלט איר געוווּסט, אַז דער אויסדרוק **געכאַפּט אין דער מעשׂה** איז אַ קלאַסישער אויסדרוק, וואָס איז געניצט געוואָרן פֿון מענדעלען, שלום־עליכמען, פּרצן און פֿון וועמען נישט? **געכאַפּט אין דער מעשׂה** איז געניצט געוואָרן וועגן איינעם וואָס איז אָנגעשטעקט מיט אַפּיקורסות. און דער אויסדרוק נעמט זיך, לויט מײַן מיינונג, דערפֿון וואָס געוויינטלעך פֿלעגן זיך די לײַט אויסבאַהאַלטן מיט זייער אַפּיקורסות. ווען איז מען געוויר געוואָרן, אַז זיי זענען אַפּיקורסים? ווען מען האָט זיי **געכאַפּט אין פֿלאַגראַנטי, אין דער מעשׂה** פֿון לייענען אַ טרייף־פּסול, אין רייכערן אַ פּאַפּיראָס אום שבת אאַז"וו.

## געלׅעגנהייט

אַ ייִד פֿון ברוקלין האָט זיך דערמאָנט אָן אַן אַלטן ייִדישן אויסדרוק, וואָס אַ סך פֿון אײַך פּוילישע ייִדן האָבן שוין זיכער פֿאַרגעסן: **פֿאָרן מיט אַ געלעגנהייט**. פֿון וואַנען שטאַמט דער אויסדרוק, וויל דער ייִד וויסן, און וואָס מיינט עס?

מיינען אייגנטלעך מיינט עס כּמעט דאָס זעלבע, וואָס מיינט דאָ: קריגן אַ "היטש". איר האָט, למשל, געוווינט אין אָסטראָווע און געדאַרפֿט צופֿאָרן קיין מאַלקין זיך זען מיט אַ מענטשן. דינגען אַ פֿור איז נישט פֿאַר אײַער קעשענע און אַזוי ווי עס איז נישט ווײַט, נעמט איר די פֿיס אויף די פּלייצעס און איר לאָזט זיך גיין. און אַזוי ווי איר גייט, הערט איר פֿון הינטן עס פֿאָרט אַ פֿור און איר גיט אַ קוק – כּאַצקל מאַלקינער – ווערט אײַך אַ ליכט אין די אויגן – אַזאַ געלעגנהייט! און איר מאַכט: "ר' כּאַצקל, איר פֿאָרט קיין מאַלקין?" "יאָ", ענטפֿערט כּאַצקל. "אפֿשר קען איך זיך מיטכאַפּן מיט אײַך, ר' כּאַצקל? איך וועל אײַך געבן אַ פֿערטעלע". איז ר' כּאַצקל אַ גוטער און מאַכט: "מוחל דאָס פֿערטעלע, כאַפּט זיך אַרויף".

אָט דאָס הייסט **פֿאָרן מיט אַ געלעגנהייט**. עס האָט זיך געמאַכט אַ געלעגנהייט, עס איז געפֿאָרן אַ פֿור, האָט איר זיך מיטגעכאַפּט. אין אַנדערע מקומות האָט עס געהייסן פֿאָרן מיט אַן איבערגעכאַפּטער פֿור, נישט קיין ספּעציעל געדונגענער. אָבער ווי מיט אַ סך ייִדישע אויסדרוקן, איז דער אָריגינעלער באַטײַט פֿאַרברייטערט געוואָרן און **פֿאָרן מיט אַ געלעגנהייט** האָט אָנגעהויבן הייסן גלאַט אַ פֿור, אַ געדונגענע צי אַ צופֿעליקע.

## געלׅער

"פֿאַר וואָס", פֿרעגט אַ ייִד פֿון די בראָנקס, "זאָגט מען **געלער רמאַי**, אָדער **אַ געלער איז אַ גנבֿ**?"

איר זענט אַ געלער, ר' ייִד? נעמט זיך נישט צום האַרצן. איך קען געלע ייִדן, וואָס זענען זייער פֿײַנע מענטשן, און איר זענט מסתּמא איינער פֿון זיי. דאָס איז אַן אַלטער אָבערגלויבן, מײַן פֿרײַנד, וואָס עקסיסטירט נישט נאָר בײַ ייִדן, נאָר אויך בײַ די אומות־העולם, און אָבערגלויבנס, ווי איר ווייסט, געהערן נישט צו מײַן געביט. אָבער איך ווייס פֿון אַ מעשׂה, וואָס ייִדן דערציילן וועגן געלע און די מעשׂה גייט אַזוי:

ווען משה רבנו איז אַרונטערגעקומען פֿון הימל מיט די לוחות און געזען וואָס די ייִדן האָבן אָפּגעטאָן אין זײַן אַוועקזײַן, אַז זיי האָבן גענומען און געמאַכט אַן עגל־הזהבֿ, אַ גאָלדענעם קאַלב, און זיך געבוקט צו אים, איז ער, ווי איר ווייסט, געוואָרן שטאַרק אין כּעס און צעבראָכן די לוחות און ווי אַ שטראָף האָט ער געהייסן צעשטויסן און צעמאָלן דעם גאָלדענעם קאַלב און פֿאַרברענען אויף אַש. דאָס אַש האָט

ער געהייסן צעמישן מיט וואַסער און באַפֿוילן: "טרינקט, ייִדן!" און עס איז געווען, אַז די וואָס האָבן געדינט צום עגל זענען פֿון דעם געטראַנק געשטאָרבן, און די וואָס האָבן נישט געדינט צו אים זענען געבליבן לעבן. האָבן זיך אָבער צווישן די חוטא־בעגלניקעס געפֿונען כיטרע ייִדעלעך, וואָס האָבן געוואָלט אָפּנאַרן משהן, האָבן זיי זיך כּלומרשט געמאַכט ווי זיי טרינקען, און אין דער אמתן האָבן זיי די משקה געגאָסן אויף די בערד. נו, וואָס ווערט פֿון אַ באָרד, ווען מען גיסט אויף איר אַזאַ גאָלדענע משקה? געל, אָדער רויט. האָט מען זיי דערקענט די שווינדלערס, די אָפּנאַרערס. נו, איז פֿון דעמאָלט אָן האָבן אַלע ייִדן מיט רויטע בערד אַ נאָמען פֿאַר שווינדלערס.

## גענדזענע פֿיסלעך

אַ פֿרוי פֿון ברוקלין בעט איך זאָל איר פֿאַרטײַטשן דעם אויסדרוק: **עס שטייט ווי אויף גענדזענע פֿיסלעך.**

ווען איר האָט נישט, מאַדאַם, ווען צו פֿרעגן און איר נעמט זיך אַליין די מי אַ טראַכט צו טאָן, וואָלט איר גאַנץ לײַכט געקענט פֿאַרשטיין וואָס דאָס מיינט. אַ גאַנדז אָדער אַ הון האָט זייער דינע פֿיסלעך. און אַז איר שטעלט אַוועק אַ זאַך אויף דינע פֿיסלעך, שטייט עס נישט פֿעסט, האַלט זיך עס אויף משקולות, קען עס יעדע מינוט אומפֿאַלן. און דערפֿאַר זאָגט מען אויף אַ זאַך, וואָס שטייט נישט פֿעסט: **עס שטייט אויף גענדזענע פֿיסלעך** אָדער **אויף הינערשע פֿיסלעך.**

און דאָס פֿאַרענטפֿערט שוין אײַער צווייטע שאלה, פֿאַר וואָס די "קוואָטיישן מאַרקס", אָדער ווי זיי הייסן אין ייִדיש, די **ציטיר־צייכנס**, הייסן **גענדזן־פֿיסלעך**, ווײַל די שטריכעלעך זענען דינע. מען רופֿט זיי אויך פשוט **פֿיסלעך, העקעלעך** און **לאַפּקעס.**

## געפּאָקט און געמאָזלט

מר"ס לינדאָ פֿון פֿאַר־ראַקאַוויי וויל, איך זאָל איר דערקלערן דעם אויסדרוק: **ער האָט שוין געפּאָקט און געמאָזלט.**

דער פּשט איז זייער אַ פּשוטער. פּאָקן און מאָזלען זענען די צוויי פּאָפּולערסטע קינדער־קראַנקייטן, פֿון וועלכע מע האָט אַ מאָל געוווּסט. קיין פּרעווענטיווע אָדער פֿאַרהיט־מיטלען קעגן די דאָזיקע קראַנקייטן זענען נישט געווען און יעדעס קינד האָט עס געמוזט דורכמאַכן. און האָט אַ קינד שוין אי געפּאָקט, אי געמאָזלט, האָט עס געהייסן, אַז ס'האָט שוין אַלץ דורכגעמאַכט. און דאָס איז דער פּשט פֿון דעם אויסדרוק אין איבערגעטראָגענעם זינען. ווען איר זאָגט אויף אַ מענטשן, אַז **ער האָט שוין געפּאָקט און געמאָזלט**, מיינט עס, אַז דער מענטש איז שוין **אַן אַדורכגעמאַכטער, אַ**

**דערפֿאַרענער, אַ פּראַקטיקירטער, אַ געניטער, אַ געהאַרטעוועטער, אַ געשלאָגענער הונט, אַן אויסגערייכערטע ליולקע.** ווען אַזאַ מענטשן זאָגט מען אויך, אַז **ער האָט שוין געהאַט קאַלט און וואַרעם, אַז ער איז שוין דורכגעגאַנגען דורך פֿײַער און דורך וואַסער און דורך מעששנע רערן, אַז ער ווייסט שוין, ווי טײַער ס'קאָרן גילט, אָדער פּאַטשאָם פֿונט ליכאַ.**

## געפּגרט אַ בער אין וואַלד

אַ ייִד פֿון די בראָנקס שרײַבט מיר: "איך האָב אַנומלטן געהערט פֿון מײַן שוויגער זייער אַ טשיקאַווען ייִדישן אויסדרוק. איך קום אַהיים און דערצייל מײַן פֿרוי, אַז דער און דער איז זיך פֿונאַנדערגעגאַנגען מיטן ווײַב, רופֿט זיך אָן די שוויגער: 'אָט האָסטו דיר! **געפּגרט אַ בער אין וואַלד**'. זאָג איך: 'וואָס מיינט איר דערמיט, שוויגער?' זאָגט זי: 'זאָל איך אַזוי וויסן פֿון צרות, אָבער אַזוי זאָגט מען'. אפֿשר ווייסט איר וואָס דאָס מיינט, פֿרײַנד סטוטשקאָוו?"

דאָס איז איינע פֿון די אויסדרוקן־רעפּאַרטיס, וואָס ייִדן ניצן, אָדער פֿלעגן ניצן, ווען איינער קומט און דערציילט אַ נײַעס, וואָס איז קיין נײַעס נישט, אַ חידוש, אַ וווּנדער, וואָס איז קיין וווּנדער נישט. דאָס איז ווי ער וואָלט געזאָגט: **"דאָס איז אַ נײַעס בײַ דיר! געפּגרט אַ בער אין וואַלד".** ווער דען זאָל פּגרן אין וואַלד ווען נישט אַ בער, און ווו זאָל אַ בער פּגרן, אין שפּיטאָל?

**אָט זענען נאָך אַ פּאָר אָפּלאַכערישע אויסדרוקן פֿון דעם מין: גאָטס ניסים – דרײַ לאָקשן־טעפּלעך אין איינעם.** אָדער: **הער אַ מעשׂה – איך הייס נאָכן זיידן און דער זיידע האָט מיך נישט געקענט.** צי: **אײַ, קיין עין־הרע! אין באָד איז דאָ אַ סך זעלנערס. פֿאַרשטאַנען?**

## געשמדטער האַלדז

אַ פֿרוי פֿון ברוקלין שרײַבט: "מײַן מאַמע זאָל זײַן געזונט, אַן עלטערע פֿרוי, האָט דאָ אַנומלטן אַ זאָג געטאָן צו מײַן מאַן אין אַ וויץ: 'דו האָסט **אַ געשמדטן האַלדז**, הערי, אַלץ גלוסט זיך דיר'. פֿרעג איך זי: 'מאַמע, וואָס מיינסטו מיט **אַ געשמדטן האַלדז**?' זאָגט זי: 'אַזוי פֿלעגט מען זאָגן אין דער היים'. אפֿשר קענט איר עס מיר דערקלערן, פֿרײַנד סטוטשקאָוו, וואָס דאָס מיינט?"

דאָס מיינט גאָר פּשוט אַ האַלדז, וואָס קלײַבט נישט איבער צווישן מילכיקס און פֿליישיקס, צווישן כּשרס און טרייפֿס, אַבי פּאָדאַווײַ, פּונקט ווי ער וואָלט געווען אַ געשמדטער. געוויינטלעך זאָגט מען עס ווען אַ פֿרעסער, וואָס וואָלט אַלץ מיט די אויגן אײַנגעשלונגען. **מע זאָגט אויך אַנשטאָט אַ געשמדטער האַלדז: אַ טרייפֿענער האַלדז,** ווײַל אַ האַלדז, וואָס ווייסט נישט דעם אונטערשייד צווישן מילכיקס און

פֿליישיקס, צווישן טרייף און כּשר, קען זײַן כּשר?

## די געשעפֿטן גייען ווי אין ספֿירה

אַ ייִד פֿרעגט מיך: „פֿאַר וואָס זאָגט מען, אַז די געשעפֿטן אָדער די 'ביזנעס' גייען **ווי אין ספֿירה**?"

דאָס איז אַ ייִדיש ווערטל, וואָס נישט יעדער איינער פֿאַרשטייט דעם מיין דערפֿון. אָט דעם ייִדן ענטפֿער איך מיט פֿאַרגעניגן. **די געשעפֿטן גייען ווי אין ספֿירה** מיינט, אַז פּונקט ווי אין ספֿירה ציילט מען און מען ציילט און עס קומט גאָרנישט אַרויס.

## גרינע ווערעם

עטלעכע ייִדן האָבן מיך שוין געפֿרעגט: „פֿון וואַנען נעמט זיך וואָס מען זאָגט: **עס קומט אים אָן מיט גרינע ווערעם**?"

דער אויסדרוק איז קענטיק אַן אַריבערגעטראָגענער פֿון דער באַקאַנטער קרענק, פֿון וועלכער ייִדישע קינדער, נישט הײַנט געדאַכט, פֿלעגן אַזוי פֿיל לײַדן און וואָס טראָגט דעם ייִדישלעכן נאָמען: **ווערעם** – "ער לײַדט אויף **ווערעם**". דאָס קינד, נעבעך, פֿלעגט זיך דרייען און דרייען פֿון די פֿאַרשיידענע ברעכמיטלען, וואָס מע פֿלעגט אים אײַנגעבן זיי אַרויסצובאַקומען. און דערפֿאַר, ווען איינער שטרענגט זיך אָן איבער אַ זאַך און מאַטערט זיך ביז ער קומט עס בײַ, זאָגן ייִדן: **עס קומט אים אָן מיט גרינע ווערעם אָדער מיט דער גרינער גאַל**. צ׳, למשל: **ער שוויצט, ער אַרבעט מיט די צײַטן, ער אַרבעט מיט אויסגעשעאָבענע קישקעס, ער שפּרינגט פֿון דער הויט** אאַז"וו. דאָס זענען אַלץ איבערגעטראָגענע אויסדרוקן פֿון פֿיזישע ווייטיקן, וואָס מענטשן מאַכן דורך בעת פֿאַרשיידענע קראַנקייטן.

## גריסן

אַ ייִד פֿון – פֿון וואַנען האָב איך פֿאַרגעסן צו פֿאַרצייכענען – פּלאָנטערט זיך אין צוויי ייִדישע אויסדרוקן, וואָס זײַנען ענלעך אין קלאַנג: **ער איז אײַנגעריסט** און **ער לאָזט אים גריסן**. לאָמיך אים העלפֿן זיך אויספּלאָנטערן.

דאָס זײַנען צוויי פֿאַרשיידענע באַגריפֿן, מײַן ליבער ייִד, וואָס קומען פֿון צוויי באַזונדערע ווערטער, וואָס האָבן איינס מיטן צווייטן קיין שום שײַכות נישט. **ער איז אײַנגעריסט** נעמט זיך פֿון דעם וואָרט **רוס** – "סאַזשע", און מיינט: זײַן אויסגעשמירט אין סאַזשע, זײַן שוואַרץ ווי אַ קוימען־קערער. **ער לאָזט אים גריסן** נעמט זיך פֿון דעם וואָרט **גרוס** – "סאַלוט!" אַ זשעסט אָדער אַ מינדלעכער אויסדרוק פֿון רעספּעקט, פֿון דרך־ארץ. איר גריסט יענעם מיט הייבן אָדער אַראָפּנעמען דעם הוט, מיט צושטעלן די

האַנט צום שלייף אויפֿן מיליטערישן שטייגער אָדער מיט געבן יענעם די האַנט און זאָגן "שלום־עליכם" אָדער "האַו דו יו דו?" איר קענט אויך שיקן אײַער גרוס דורך וואָרט און שריפֿט פֿון דער ווײַטנס.

פֿאַרשטאַנען? איין וואָרט איז **רוס** – "סאַזשע", דאָס צווייטע וואָרט איז **גרוס** – "סאַלוט".

## דאַוונען

איידער איך הייב אָן ענטפֿערן אויף די שאלות, וואָס ליגן הײַנט פֿאַר מיר, אַ קורצער אַרײַנפֿיר. שפּראַך־וויסנשאַפֿט, פֿילאָלאָגיע ווערט געטיילט אין פֿאַרשיידענע צווײַגן, ווי גראַמאַטיק, פֿאָנעטיק, סעמאַנטיק, דיאַלעקטאָלאָגיע אאַז"וו. איין צווײַג, אַ זייער וויכטיקער פֿון דער פֿילאָלאָגיע, רופֿט זיך עטימאָלאָגיע. דאָס איז דער צווײַג, וואָס גיט זיך אָפּ מיט אויספֿאָרשן און פֿעסטשטעלן דעם אָפּשטאַם פֿון ווערטער און פֿראַזעס. אויב די אַנדערע צווײַגן פֿון דער ייִדישער פֿילאָלאָגיע זענען שוין מער־ווייניק באַאַרבעט, געפֿינט זיך נאָך אָבער דער טייל וואָס רופֿט זיך עטימאָלאָגיע כמעט אין די וויקעלעך. פֿאַר וואָס דאָס איז אַזוי קען איך אײַך אין אַ פּאָר קורצע מינוטן נישט דערקלערן, איך זאָג עס אײַך בלויז דערפֿאַר, כּדי איר זאָל נישט וווּנדערן, אויב איר וועט אויף אַ סך פֿון אײַערע פֿראַגעס הערן פֿון מיר דעם ענטפֿער: איך ווייס נישט.

אָט זענען, למשל, אַ פּאָר פֿון זיי.

אַ ייִד פֿון ברוקלין וויל וויסן פֿון וואַנען עס נעמט זיך דאָס וואָרט **דאַוונען**. איך ווייס נישט. איך ווייס, אַז דאָס איז אַן אַלט־אַלט ייִדיש וואָרט און איך ווייס אויך, אַז עס זענען פֿאַראַן עטלעכע און צוואַנציק טעאָריעס וועגן דעם אָפּשטאַם פֿון דעם וואָרט, למשל: אַז עס שטאַמט פֿון דעם מיטל־הויכדײַטשישן "דיגען" – מתפּלל זײַן, פֿון לאַטײַניש־ראָמאַניש "דיווינאַרע" – פֿאָרויסזאָגן, אָדער "דעוואָווערע" – ברענגען אַ קרבן, פֿון פּערסיש "דאַוואַן" – תּפֿילות, און אַזוי ווײַטער. אָבער אַזוי ווי קיין איינע פֿון די דאָזיקע טעאָריעס איז נאָך וויסנשאַפֿטלעך ניט פֿעסטגעשטעלט, איז דער בעסטער ענטפֿער: איך ווייס אויך נישט.

איך ווייס אויך נישט פֿון וואַנען עס שטאַמט דאָס וואָרט **ניעפּריטשקעס**, וואָס אַ סך ייִדן האָבן מיך שוין געפֿרעגט. איך ווייס בלויז, אַז עס מיינט: להבֿדיל, אָדער קיין עין־הרע, קיין בייז־אויג. אָבער פֿון וואַנען עס שטאַמט – פֿרעגט מיך עפּעס גרינגערס. אפֿשר ווייסט איר?

און אַז איך האַלט אײַך שוין אין פֿרעגן, אפֿשר ווייסט איר, צי אפֿשר האָט איר

געהערט פֿון אַזאַ וואָרט ווי **צאַנצעלאָמעס?** מען באַגעגנט עס זייער אָפֿט אין די ווערק פֿון מענדעלע מוכר־ספֿרים, און עס האָט דעם באַטײַט פֿון **ווײ געשריגן** אָדער **בעוווונותינו־הרבים.** איך וואָלט אײַך געקענט אויסרעכענען נאָך אַ סך, אַ סך ווערטער, וואָס איך ווייס נישט און איר ווייסט נישט און גרעסערע פֿון אונדז ווייסן נישט.

ווען ייִדן וואָלטן זיך מער אינטערעסירט מיט מאַמע־לשון און באַזאָרגט דעם ייִדישן וויסנשאַפֿטלעכן אינסטיטוט מיט די נייטיקע פֿאָנדן, אַז ער זאָל קענען אַוועקזעצן אויף אַ פּאָר יאָר אַ גרופּע געלערנטע על התּורה ועל העבֿודה, זיי זאָלן שאַפֿן אַ ייִדישן עטימאָלאָגישן ווערטערבוך, וואָלטן מיר דעמאָלט אַלץ געוווּסט. דערווײַל לאָמיר זיך באַנוגענען מיט דעם ,וואָס מיר ווייסן. און אַגבֿ, מע קען דאַווענען נישט וויסנדיק פֿון וואַנען דאָס וואָרט שטאַמט.

***

מיט מײַן פֿאַראַכטאָגיקער באַמערקונג וועגן **דאַווענען** האָב איך זיך אײַנגעקויפֿט מפֿטיר בײַ ייִדן. די וואָך זענען מיר אָנגעקומען צענדליקער בריוו פֿון ייִדן געלערנטע, ייִדן לומדים און פּשוטע ייִדן, בריוו געשריבן אין ייִדיש, אין העברעיִש און אין ענגליש, און אַלע מיט איין טענה: סטײַטש, היתּכן? ווייס איך דען נישט, אַז **דאַווענען** שטאַמט פֿון "דאַבֿינן" – פֿון אונדזערע אָבֿות, וואָס אונדזערע אָבֿות האָבן מתקן געווען? איך ווייס, טײַערע ייִדן, איך ווייס. איך ווייס אַפֿילו פֿון נאָך אַ פּשטל, אַז **דאַווענען** שטאַמט פֿון "דף" – בלאַט, אָבער אויב איר קענט זיך דערמאָנען, האָב איך געזאָגט, אַז עס זענען פֿאַראַן עטלעכע און צוואַנציק טעאָריעס וועגן דעם אָפּשטאַם פֿון דעם וואָרט **דאַווענען.** כ'האָב אפֿשר געטאָן אַן עוולה, וואָס איך האָב נישט דערמאָנט "דאַבֿינן", אָבער איך וועל אײַך אויסזאָגן אַ סוד, ייִדן: אַז פֿילאָלאָגן, וואָס ווייסן מאַי דקאַמרי רבנן האַלטן פֿון אײַער סבֿרה גאָר־גאָר ווייניק, פּונקט ווי זיי האַלטן זייער ווייניק פֿון ענלעכע שפּראַך־סבֿרות פֿון משׂכּילישן שניט. אַזעלכע וועלט־באַרימטע פֿילאָלאָגן ווי שײַנעאַנו, ווילער און סטראַק זענען מיט דער מיינונג, אַז דאָס וואָרט **דאַווענען** איז פֿון לאַטײַניש־ראָמאַנישן אָפּשטאַם, ווי איך האָב פֿאַראַכטאָגן געזאָגט. וועט איר דאָך פֿרעגן און מיט רעכט: סטײַטש, אַזאַ הייליק וואָרט ווי **דאַווענען** זאָל גאָר האָבן אַ לאַטײַניש־ראָמאַנישן טאַטן? וועל איך אײַך ענטפֿערן: נו, הלמאַי **אָרן?** איר האָט געהערט פֿון דעם וואָרט **אָרן?** אויך אַ ייִדיש וואָרט, וואָס די ייִדן אין די מערבֿ־לענדער פֿלעגן ניצן אַנשטאָט **דאַווענען.** און **אָרן** שטאַמט זיכער פֿון דעם לאַטײַנישן וואָרט "אָראַרע" – בעטן, מתפּלל זײַן. און טאָמער איז דאָס אײַך ווייניק, נאַט אײַך נאָך אַ פּאָר רעליגיעזע טערמינען, וואָס שטאַמען פֿון ראָמאַנישע שפּראַכן:

**בענטשן, בענטשן מיט מזומן,** שטאַמט פֿון לאַטײַנישן "בענעדיצערע" – ענגליש האָט דערפֿון געמאַכט "בענעדיקשן". **סנדק, סנדק אויף אַ ברית,** שטאַמט פֿון דעם פֿראַנצייזישן "סאַנדיק" – אַנפֿאַרטרויטער. און דאַרפֿט איר נאָך אַ מער הייליק וואָרט ווי **שול?** שטאַמט עס פֿון לאַטײַנישן "סקאָלאַ". און ווייסט איר, למשל, אַז אַזאַ עכט ייִדישער נאָמען ווי **שפּרינצע** שטאַמט פֿון דעם איטאַליענישן "ספּעראַנצאַ" – האָפֿענונג?

מיט איין וואָרט, ייִדן, ווי איך האָב אײַך געזאָגט פֿאַראַכטאָגן, לאָמיר די עטימאָלאָגיע פֿון **דאַווענען** לאָזן צו די קומענדיקע צוזאַמענשטעלער פֿון דעם ייִדישן עטימאָלאָגישן ווערטערבוך, און דערווײַל לאָמיר דאַווענען אָן עטימאָלאָגיעס.

## דולן זיך

אַ פֿרוי פֿון די בראָנקס, וואָס גיט אָן אין איר ייִחוס, אַז זי שטאַמט פֿון גאַליציע, בעט איך זאָל איר פֿאַרטײַטשן דעם אויסדרוק: **זיי דולן זיך.** "אַזוי", שרײַבט זי, "פֿלעגט מען בײַ אונדז זאָגן וועגן אַ בחור מיט אַ מיידל, וואָס האָבן געשפּילט אַ ליבע".

כאָטש איך בין נישט קיין גאַליציאַנער, שטעל איך זיך פֿאָר, אַז דאָס האָט געמיינט דאָס זעלבע, וואָס בײַ אונדז אין וואַרשע: **זיי דרייען זיך אַ קאָפּ.** ווען די מאַמע ע"ה פֿלעגט זײַן אין כּעס אויף דער שוועסטער, וואָס גייט אַרום מיט אַ בחור, וואָס טראַכט אַפֿילו נישט וועגן חתונה האָבן, פֿלעגט זי איר מוסרן און זאָגן: "**וואָס דרייסטו זיך מיט אים אַ קאָפּ,** ס'וועט דען עפּעס ווערן דערפֿון?" **דולן אַ קאָפּ** און **דרייען אַ קאָפּ** איז, ווי איר ווייסט, איינס און דאָס זעלבע. איז ווען אַ בחור מיט אַ מיידל שלעפּן זיך אַרום און פֿירן אַ ליבע און קיין תּכלית זעט זיך נישט, הייסט עס, אַז **זיי דולן,** אַז **זיי דרייען זיך אַ קאָפּ** אָן אַ פֿאַר וואָס.

## דופּען

מ"ר ברוינשטיין פֿון מאַנהעטן שרײַבט: "איך האָב זיך די וואָך צערעדט מיט אַ פּוילישן די־פּיניק, וואָס איז נישט לאַנג אַריבערגעקומען פֿון יענער זײַט. פֿרעג איך אים וועגן אַ באַקאַנטן מײַנעם, וואָס איז געקומען צוזאַמען מיט אים, וואָס ער מאַכט, צי ער האָט שוין אַ 'דזשאַב'. ענטפֿערט ער מיר: 'ער האָט נאָך נישט, אָבער ער **דופּעט** אויף עפּעס'. זאָג איך צו אים: 'אפֿשר וואָלטסטו גערעדט ייִדיש, אַז מע זאָל דיך פֿאַרשטיין? וואָס מיינסטו', זאָג איך, '**ער דופּעט אויף עפּעס**?'" בקיצור, מ"ר ברוינשטיין וויל וויסן, צי ס'איז דאָ אין ייִדיש אַזאַ וואָרט ווי **דופּעט.** "איך קען", שרײַבט ער, "זייער גוט ייִדיש, אָבער פֿון אַזאַ וואָרט ווי **דופּעט** האָב איך נישט געהערט".

ווען איר, מ"ר ברוינשטיין, האָט בלויז איין דאָלאַר פֿאַר יעדן וואָרט, וואָס איר האָט

נישט געהערט, וואָלט איר געוווינט אין וועסטשעסטער־קאַונטי, נישט אין פּיט־סטריט. איר האָט פֿון דעם וואָרט **דופּען** קיין מאָל נישט געהערט און אין פּוילן איז דאָס געווען זייער אַ באַקאַנט וואָרט. אַגבֿ, שטאַמט עס טאַקע פֿון דעם פּוילישן "דופּאַטש" און עס געהערט צו דעם באַגריף "האָפּענונג". **דופּען אויף עפּעס** מיינט **האָבן אַן אויסקוק, אַן אַרויסקוק, אַן אויסזיכט אויף עפּעס, האָפֿן אויף, רעכענען אויף, ציילן אויף, בויען אויף, שטיצן זיך אויף, פֿאַרלאָזן זיך אויף,** מיט איין וואָרט, **האָבן בטחון, לעבן מיט האָפֿענונג,** אַז עפּעס וועט זיך אונטעררוקן.

מאַכט זיך אַ כּלל, ייִדן, אַז פֿון דעם, וואָס איר האָט נישט געהערט פֿון דעם אָדער יענעם וואָרט איז נאָך כּלל קיין ראַיה נישט, אַז אַזאַ וואָרט איז נישטאָ אין ייִדיש. איר האָט עס נישט געהערט, ווײַל אין אײַער געגנט האָט מען עס נישט גענוצט, אָבער האָט מען בלויז אין אײַער געגנט גערעדט ייִדיש? ייִדיש האָט אַרומגענומען אַ ריזיקע טעריטאָריע, ייִדיש איז אַ וועלטשפּראַך, אין ייִדישלאַנד, פֿלעגט מען זאָגן, גייט קיין מאָל די זון נישט אונטער. עס איז אמת, ווי שלום־עליכם ע"ה פֿלעגט זאָגן, אַז צו רעדן ייִדיש דאַרף מען זיך נישט אָנשטרענגען, עס רעדט זיך אַליין. אָבער פֿון רעדן ביז קענען איז אַ מאָל אַ ווײַטער מהלך.

## דראָנג

אַ ייִד פֿון מאַנהעטן פֿרעגט: "פֿאַר וואָס זאָגט מען אויף אַ שלעכטן חזן אָדער שלעכטן זינגער: **דראָנג**?"

ייִדן זאָגן, אַז דאָס באַציט זיך אויף דעם פּסוק פֿון לכו נרננה: "אָז ירננו כּל עצי יער" – דעמאָלט (דאָס הייסט, ווען משיח וועט קומען) וועלן זינגען אַלע ביימער אין וואַלד. און וואָס איז אַ בוים? אַ **דראָנג**. איז דערפֿאַר, ווען איינער קען נישט זינגען און זינגט, זאָגן ייִדן: אַ פּנים, אַז משיח איז שוין געקומען, אַז דרענגער זינגען שוין.

אָבער דאָס איז בלויז אַ משׂכּילישע הלצה, דער פּשוטער פּשט איז פּשוט: אַ לאַ־יוצלח, אַ מענטש אַ טויגענישט, נישט קיין חילוק צו וואָס ער טויג נישט, ווערט פֿאַרגליכן צו דומם, צו אַ נישט־באַלעבטער זאַך. נישט בלויז זאָגט מען אויף אַ לאַ־יוצלח **אַ דראָנג**, מען זאָגט אויך: **אַ פֿלאָקן** אָדער **אַ פֿלאָקנדראָנג, אַ קלאָץ, אַ סלופּ, אַ סטאָלב, אַ סטופּע, אַ שטאַבונע, אַ בולעך, אַ שטיק האָלץ, אַ שאַקעלע, אַ גלאָמפּ, אַ קאַשטאַן** אאַז"וו.

## דרייען

אַ ייִד פֿון לאָנג־אײַלאַנד שרײַבט: "איך האָב די וואָך געהערט אַן אויסדרוק פֿון מײַן שוויגער, וואָס איך הער דאָס ערשטע מאָל אין מײַן לעבן. מײַן שוויגער האָט מיט אַ יאָר אָנדערטהאַלבן צוריק חתונה געמאַכט איר ייִנגסטע טאָכטער, פֿרעג איך זי אַנומלטן, וואָס מאַכט דאָס יונגע פּאָרפֿאָלק. פֿאַרדרייט זי מיט דער נאָז און מאַכט: 'ע, **זיי דרייען זיך**'. קוק איך איר אָן: 'וואָס מיינט איר', זאָג איך, '**זיי דרייען זיך?**' זאָגט זי: 'איך מיין, זיי לעבן נישט בשלום, זיי קענען נישט אויסקומען צווישן זיך'. האָט איר, פֿרײַנד סטוטשקאָוו, געהערט אַ מאָל פֿון אַזאַ אויסדרוק?"

געהערט, מײַן פֿרײַנד, און פֿאַרצייכנט. איר וועט אים געפֿינען שוואַרץ אויף ווײַס אין דעם "אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך" אין דער גרופּע "אָפּאָזיציע, מחלוקת". בכלל איז כּדאַי, אַז איר זאָלט וויסן, אַז פֿאַר דעם וואָרט **דרייען** אין ייִדיש קען זיך דער קאָפּ **פֿאַרדרייען**, אַזוי פֿיל באַטײַטן און בײַבאַטײַטן האָט דאָס דאָזיקע וואָרט. פֿאַר אַ טשיקאַווע נאָט אײַך אַ מוסטער פֿון אַ שמועס צווישן צוויי ייִדן, וואָס האָבן זיך שוין לאַנג נישט געזען:

– העלאָו, סעם! ווי גייען די "ביזנעס"?

– זיי האָבן געקענט גיין בעסער, אָבער מע **דרייט זיך**.

– וואָס מאַכט דײַן ברודער?

– פֿרעג נישט, ער האָט זיך נעבעך גוט **אַרײַנגעדרייט**.

– מיינסט מיט דער אַלמנהכל, איך האָב געהערט. יאָ, זאָג מיר, זעסט אַ מאָל בערנאַרדן? איך הער, אַז ער **דרייט זיך** איצט אַרום "ריעל עסטייט".

– זאָל ער **זיך פֿאַרדרייען** זײַן קאָפּ.

– וואָס האָסטו צו אים?

– וואָס איך האָב צו אים? ווייסט דען, וואָס פֿאַר אַ שווינדלער ער איז? וואָס פֿאַר אַ **דרייער**, אַז **דרייען** זאָלן אים די געדערים ווי ער האָט מיך **פֿאַרדרייט**, עס וועט זײַן מיט נסים, אַז איך וועל זיך **אַרויסדרייען**.

## דערציייל עס דער באָבען

אַ ייִד וויל וויסן דעם פּשט פֿון דעם אויסדרוק: **דערצייל עס דער באָבען**. "פֿאַר וואָס עפּעס די באָבע?" פֿרעגט ער.

פֿאַר וואָס? איר ווייסט דאָך מסתּמא, אַז די אייער רעדן זיך אײַן, אַז זיי זענען קליגער פֿון די הינער, קינדער מיינען, אַז זיי פֿאַרשטייען אַלץ, טאַטע־מאַמע – גאָרנישט. ווער רעדט נאָך זיידע און באָבע – זיי זענען דאָך גאָר פֿון דער אַלטער

וועלט. בקיצור, ווען איינער דערציילט אײַך אַ מעשׂה, אין וועלכער איר גלייבט נישט, זאָגט איר אים: **דערצייל עס דער באָבען**, דאָס מיינט צו זאָגן: נאָר אַזאַ נאַיִווע ייִדענע ווי די באָבע וועט עס גלייבן, איך נישט. פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָס מיינט מען די אַמאָליקע באָבעס, די הײַנטיקע באָבעס זענען אַ מאָל קליגער פֿון די אייניקלעך, פֿון די זיידעס איז דאָך אָפּגערעדט.

## דרײַ־גאָרנדיקער מי־שברך

אַ ייִד פֿון די בראָנקס וויל וויסן וואָס עס מיינט אַ **דרײַ־גאָרנדיקער מי־שברך.**

פשט־פּשוט מיינט עס דער מי־שברך, וואָס מען מאַכט ייִדן בעת זיי זענען עולה לתּורה, ווען זיי קריגן אַן עליה אין שול. און אין דעם מי־שברך איז פֿאַראַנען דער באַרימטער "בעבֿור שנדר", בעת וועלכן ייִדן זענען מנדבֿ פֿאַר דער שול צי פֿאַר אַן אַנדער דבֿר שבצדקה. אַ מאָל באַנוגנט זיך אַ ייִד נישט מיט איין מי־שברך, ער וויל אַ מי־שברך פֿאַר זיך, אַ מי־שברך פֿאַרן ווײַב, אַ מי־שברך פֿאַר אַ קינד, און אַ מאָל אויך פֿאַר דער שוויגער. איז אַזאַ ייִד קריגט אַ **דרײַ־גאָרנדיקן מי־שברך.**

דאָס איז פשט־פּשוט. ניט פשט־פּשוט, בדרך־מליצה, אָדער בלשון סגי־נהור מיינט עס גאָר עפּעס אַנדערש, מיינט עס אַ דרײַ־גאָרנדיקע קללה, אויף וועלכער ייִדן זענען זייער גרויסע בריות, ווי למשל: **אַלע ציין זאָלן אים אַרויספֿאַלן, נאָר איינער זאָל אים בלײַבן אויף צאָנווייטאָג.** צי נאָך אַ העכערע: **הונדערט הײַזער זאָל ער האָבן, אין יעדער הויז הונדערט צימערן, אין יעדן צימער צוואַנציק בעטן און קדחת זאָל אים וואַרפֿן פֿון איין בעט אין דער צווייטער.** שאַ, איך האָב נאָך בעסערס, אַ קינדערישע קללה, וואָס איך געדענק פֿון חדר, וואָס איז ממש אַן "עמפּײַער סטייט"־געבײַדע. מיר פֿלעגן עס זאָגן מיט אַ ניגון: **מי־שברך, נעמען זאָל זיי קורח, קורח זאָל זיי נעמען, עסן זאָלן זיי ווערעם, ווערעם זאָלן זיי עסן, גאָט זאָל אין זיי פֿאַרגעסן, פֿאַרגעסן זאָל אין זיי גאָט, שיכּור זאָלן זיי זײַן ווי לוט, לויט איז ביטער, ביטער זאָל זיי זײַן אין מויל, שיסן זאָל זיי אַ קויל, מי־שברך, הענט און פֿיס, לײַב און לעבן, קאָפּ דערנעבן ונאמר אָמן.**

## דרייען זיך אויפֿן קאָריק

אַ פֿרוי פֿון די בראָנקס וויל וויסן וואָס עס מיינט: **דרייען זיך אויפֿן קאָריק.**

די גאַנצע פֿראַזע איז: **ער דרייט זיך אויפֿן קאָריק ווי אַ דײַטש.** פֿון דעם איז קלאָר פֿון וואַנען דער אויסדרוק שטאַמט. האָט איר אַ מאָל געזען ווי אַ דײַטשישער אָפֿיציר באַגריסט די "גנעדיקע פֿראַו"? אַ דריי זיך אויפֿן קנאַפֿל, אַ קלאַפּ אַ פֿוס אין אַ פֿוס, אַ קניקס און "קיסע די האַנט".

אונדזערע ייִדישע פֿאַצעטן האָבן אָט די שיינע עלעגאַנטע מאַניערן איבערגענומען

פֿון עמלקן ימח־שמו און זיך אויך **געדרייט אויפֿן קאַריק** פֿאַר פּאַני זאָשע און פּאַני העליאַ. און דער אויסדרוק **דרייען זיך אויפֿן קאַריק** איז געוואָרן אַ שפּאָטאויסדרוק בײַ ייִדן פֿאַר נאַרישער קאָקעטעריע, פֿאַר פֿאַלשע חנדלעך. מען זאָגט אויך: **סטרויען די וואָנצעס, מאַכן דעם אָנשטעל, מאַכן די פֿאָריע, מאַכן די פֿאָרסע, שטעלן זיך אין פֿאַסאָן, קרימען זיך, לומען זיך, קאָרטשען זיך ווי אַ מאַלפּע, בויען פּראַפּאָרשטשיק.**

## האָלאָוועשקע

אַ ייִד פֿון מידל־ווילעדזש, ניו־יאָרק, פֿרעגט וואָס עס מיינט **האָלאָוועשקע**.

**האָלאָוועשקע**, מײַן פֿרײַנד, מיינט אַ ברענענדיק שטיק האָלץ, וואָס אָט־אָט וועט זיך עס צעפֿאַלן אויף קוילן. אין פּוילן האָט עס געהייסן **גלאָווניע**, אין אוקראַיִנע – **הלאָווניע** און אין דער ליטע – **פּאַגעלע**. געווען אַ מאָל זייער אַ פּאָפּולערע קללה בײַ ייִדן: **ברענען זאָל ער ווי אַ האָלאָוועשקע!**

## האַלטן בײַם אַנדערן אַלף־בית

אַ ייִד פֿון לאָנג־אײַלאַנד שרײַבט: ״אין מײַן היימשטעטל געדענק איך, אַז מען פֿלעגט רעדן וועגן אַן אַלטן בחור, פֿלעגט מען זאָגן: **ער האַלט שוין בײַם אַנדערן אַלף־בית**. וואָס מיינט עס?״

דאָס מיינט נישט דווקא אַן אַלטער בחור, ער קען זײַן אַ יונגער בחור, נאָר אַ מיידלניק, זאָלט איר מיר מוחל זײַן, אַ דאָן־זשואַן, וואָס שפּילן אַ ליבע מיט אַ מיידל איז מהיכא־תּיתי, אָבער חתונה האָבן – צו דעם האָט ער צײַט. איז ווען אַ רעכן טאָן מיט וויפֿל מיידלעך אַזאַ איינער האָט שוין געהאַט צו טאָן, וואָלט איר געקענט צונויפֿשטעלן אַ רשימה לויטן אַלף־בית. ווײַל איר וועט דאָרטן געפֿינען אַ מיידל וואָס הייסט אַלטע און אַ מיידל וואָס הייסט באַשע. איר וועט דאָרטן געפֿינען אַ גיטל, אַ דבֿורה, אַ העניע, אַ וויכנע, אַ זעלדע, אַ יאָכע, אַ כיענע, און אַזוי ווײַטער ביז אַרונטער. איז ווען איר ווילט זאָגן וועגן אַזאַ בחור, אַז בײַ אים איז אַ מעשׂה אָן אַן עק, זאָגט איר, אַז **ער האַלט שוין בײַם אַנדערן אַלף־בית**, ווײַל מיט איינעם איז ער שוין פֿאַרטיק.

## האַלטן זיך אין דער מעלה

מ״ר חיים זוסמאַן פֿון די בראָנקס שרײַבט: ״איך געדענק אַן אויסדרוק פֿון דער אַלטער היים, וואָס מען פֿלעגט זאָגן ווען אַ ייִנגל איז stoic, נישט קיין צעלאָזענער: **ער האַלט זיך אין דער מעלה**. קענט איר מיר דערקלערן וואָס עס מיינט **זיך האַלטן אין דער מעלה**, און פֿון וואַנען עס נעמט זיך?״

איך קען. אַ **מעלה** איז אַ העברעיִש וואָרט, וואָס האָט עטלעכע טײַטשן. איינע פֿון

די טײַטשן, וואָס אונדז אינטערעסירט, איז: **מעלה** – שטאַפּל, טרעפּל, שטופֿע, מדרגה. דער גײַסטיקער מצבֿ פֿון דעם מענטשן איז בבֿחינת לייטער, וואָס האָט טרעפּלעך, שטאַפּלען. וואָס העכער אַ מענטש שטײַגט אין זײַן גײַסטיקער אַנטוויקלונג, אין זײַן מאָראַל, אין זײַן עטיק, אויף אַלץ אַ העכערן שטאַפּל פֿון דעם דאָזיקן לייטער געפֿינט ער זיך. וועגן אַ שאַרפֿן חסיד, אַ בעל־מוח פֿלעגט מען זאָגן בײַ חסידים: **ער איז אַ בעל־מדרגה**, ס'הייסט: ער האַלט אין איין שטײַגן, ער וועט שוין באַלד אָנשפּאַרן מיטן קאָפּ אין הימל.

נאָך אָט דער הקדמה, מ"ר זוסמאַן, וועט אײַך ווערן קלאָר וואָס עס מיינט **ער האַלט זיך אין דער מעלה**. ווען אַ ייִנגל האָט אַ טאַטן אַ שיינעם ייִדן, אַ בן־תּורה, און אַ מאַמע אַן אשה־צנועה, אַ צדקת, און ער פֿירט זיך אויף אָנשטענדיק, ווי עס פּאַסט פֿאַר אַ קינד פֿון אַזוינע עלטערן, **האַלט ער זיך אין דער מעלה**, האַלט ער זיך אויף דעם שטאַפּל, אויף דער געזעלשאַפֿטלעכער מדרגה, צו וועלכער זײַן דערציִונג איז אים מחייב. אָבער ווען, חלילה, אַזאַ ייִנגל פֿון אַזעלכע פֿײַנע עלטערן לאָזט זיך אַרונטער צו נידעריקער פֿון אים און הייבט זיך אָן חבֿרן מיט לאָבוסעס, מיט זשוליקעס, מיט חבֿרים וואָס זענען נידעריקער פֿון אים, האַלט ער זיך נישט אין דער מעלה, ווײַל ער לאָזט זיך אַרונטער פֿון דער לייטער.

## האַקן אַ טשײַניק

"פֿון וואַנען", פֿרעגט אַ ייִד פֿון לאָנג־אײַלאַנד, "נעמט זיך דאָס ווערטל: **האַקן אַ טשײַניק**?"

וואָס עס מיינט **האַקן אַ טשײַניק** ווייסן אַלע. דאָס מיינט: רעדן, רעדן פֿאַר פֿײַער און פֿאַר וואַסער, דולן אַ מוח, דרייען אַ ספּאָדיק, לעכערן יענעם די אויערן מיט זאַכן, וואָס ס'איז ניטאָ וואָס צו הערן. די פֿראַגע איז בלויז, ווי קומט אַהער דער **טשײַניק?** איז דער תּירוץ, אַז דער **טשײַניק** איז קיין **טשײַניק** ניט – ס'הייסט, ניט קיין **טשײַניק**, אין וועלכן מען קאָכט טיי, נאָר גאָר עפּעס אַנדערש. דאָס וואָרט **טשײַניק** אין דעם אויסדרוק קומט צו אונדז פֿון קלעזמער־לשון און אין קלעזמער־לשון מיינט **טשײַניק** אַ טרובע, אַ טראָמבאָן, און **האַקן אַ טשײַניק** מיינט שפּילן, בלאָזן אויפֿן טראָמבאָן.

מיר האָבן שוין, דאַכט זיך, אַ מאָל געשמועסט וועגן דעם קלעזמער־לשון, ווי היימישע קלעזמערס פֿלעגן זיך קענען אויסטענהן צווישן זיך, אַז די אַרומיקע זאָלן אַ וואָרט ניט פֿאַרשטיין. אין דעם "אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך" זענען פֿאַרצייכנט הונדערטער ווערטער פֿון קלעזמער־לשון. למשל, שפּילן איז בײַ זיי **לאַבערן**, אַ מוזיקאַנט איז אַ **לאַבושניק**, שלעכט שפּילן איז בײַ זיי **ווערזען**, אַ פֿידל איז אַ

**וואַרפליע**, אַ קלאַרנעט איז אַ **ווורשט**, אַ פּויק, אַ באַראַבאַן איז אַ **טשעקאַל**, און אַ טרומייט צי אַ טראָמבאָן איז אַ **טשײַניק**. נו, איז באַשערט געוועז, אַז אָט דער קלעזמערשער **טשײַניק** זאָל מגולגל ווערן אין דער פֿאָלקסשפּראַך און דער קלעזמערשער אויסדרוק **האַקן אַ טשײַניק** זאָל ווערן אַ פֿאָלקסאויסדרוק פֿאַר רעדן, פֿאַר לעכערן די אויערן. ווײַל מיט וואָס קען מען נאָך אַזוי לעכערן די אויערן ווי מיט שפּילן טראָמבאָן, דאָס הייסט, מיט **האַקן אַ טשײַניק**?

## האַקן האָלץ

אַ ייִד פֿון די בראָנקס וויל וויסן, פֿאַר וואָס מען זאָגט אויף אַן עם־האָרץ: **ער קען נישט קיין שײַטל עבֿרי**.

איך בין נישט הונדערט פּראָצענט זיכער אין דעם, אָבער לפֿי עניות דעתּי האָט דער אויסדרוק **שײַטל עבֿרי** זײַן אָפּשטאַם פֿון אַן אַנדער אויסדרוק, וואָס ייִדן ניצן וועגן אַן עם־האָרץ: **ער האַקט האָלץ**. פֿאַר וואָס זאָגט מען אויף איינעם, וואָס ער איז שטומפּיק אין דער עבֿרי **ער האַקט האָלץ**? ווײַל האָלץ האַקן איז אַ שווערע מלאָכה, וואָס מאַטערט אויס דעם מענטשן. און דאָס זעלבע איז זאָגן עבֿרי פֿאַרן עם־האָרץ. דער האָלצהעקער, ווען ער טרעפֿט אָן אויף אַ סענק, דאַרף אַוועקלייגן די כּוחות ביז ער קומט אים בײַ. און זאָל אַן עם־האָרץ זיך פֿאַרטשעפּען אין אַ שווער וואָרט, קען ער אָפּגיין מיט שווייס. נו, און אַזוי ווי האָלץ האַקט מען אין שײַטלען, איז על־פּי אַנאַלאָגיע פֿאַרן עם־האָרץ אַ שטיקל עבֿרי – אַ **שײַטל עבֿרי**.

## אַ האָר פֿון מילך

מ"ר גאָלדמאַן פֿון די בראָנקס וויל, איך זאָל אים פֿאַרטײַטשן דעם אויסדרוק **ווי אַ האָר פֿון מילך**, און ער בעט צו גלײַכער צײַט, איך זאָל אים זאָגן ווען אָט דער אויסדרוק ווערט געניצט.

איך האָב גערעדט וועגן דעם, אַז ייִדן האָבן ליב צו רעדן האַלבע ווערטער, צו געבן דעם אָנהייב אָדער דעם סוף פֿון אַ פֿראַזע און דאָס פֿאַרפֿעלטע זאָל מען זיך אָנשטויסן. מיט **אַ האָר פֿון מילך** איז די זעלבע געשיכטע. די גאַנצע נישט־פֿאַרקירצטע פֿראַזע דאַרף זײַן **ווי אַ האָר פֿון מילך אַרויסצוצײַען**, אָבער דער **אַרויסצוצײַען** איז ערגעץ פֿאַרשוווּנדן געוואָרן. פֿון דעם איז פֿאַרשטענדלעך, וואָס די פֿראַזע מיינט. ווען אַ האָר פֿאַלט אַרײַן אין מילך איז שווער זי אַרויסצוצײַען, צי לײַכט – לײַכט אַיאָ? ווײַל די האָר בלײַבט שווימען פֿון אויבן און זינקט נישט אויפֿן דנאָ. נו, איז אָט דאָס איז דאָס. ווען אַ ייִד וויל זאָגן וועגן אַ זאַך, אַז ס'איז זייער לײַכט צו טאָן, אַז זי פֿאָדערט נישט

קיין אָנשטרענגונג, זאָגט ער: **עס איז ווי אַ האָר פֿון מילך.**[144] ער זאָגט אויך: **עס איז ווי אַ בייגל אויפֿצועסן אָדער ווי ביי אַ קאָזאַק אַ בייגל.** ווײַל וואָס נעמט ביי אַ קאָזאַק אויפֿעסן אַ בייגל? איין ביס און ער איז פֿאַרטיק. די ליטוואַקעס האָט מען געהאַלטן פֿאַר לומדים, חסידים ווידער זענען געווען באַקאַנט פֿאַר מענטשן, וואָס האָבן נישט פֿײַנט דעם ביטערן טראָפּן. איז דערפֿאַר זאָגן אויך יידן וועגן לײַכטע זאַכן: **עס איז ווי ביי אַ ליטוואַק אַ דרשה** און **ווי ביי אַ חסיד נעמען אַ ביסל בראָנפֿן.**

## הונט

אַ ייִד פֿון ברוקלין וויל וויסן, וואָס עס מיינט: **אַ הונט מיט אויערן.**

אַ קורצע פֿראַגע, וואָס נייטיקט זיך אין אַ לענגערן ענטפֿער. היינט צו טאָג זענען ייִדן, ווי איר ווייסט, גאַנץ נאָענטע מחותּנים מיט אָט די פֿירפֿיסיקע חיות, וואָס רופֿן זיך הינט. איר קענט זיי זען ווי קעסטקינדער אין טויזנטער ייִדישע הײַזער. אָבער אַ מאָל, אין דער אַלטער היים, זענען ייִדן נישט געווען אַזוי שווה־בשווה מיט זיי. מע האָט געדאַנקט גאָט, אַז מע האָט זיי נישט אָנגעקוקט. האָט אַ ייִדיש ייִנגל זיך געדאַרפֿט גיין באָדן צום טײַך, האָט אויף אים געציטערט די הויט, טאָמער באַגעגנט ער אַ הונט. האָט אַ ייִד געדאַרפֿט גיין אין דאָרף אַרײַן צוליב פּרנסה, האָט ער געדאַרפֿט האָבן זכות־אָבֿות, אַז ער זאָל אַרויס אַ לעבעדיקער פֿון זייערע הענט. פֿון דעם פּריצעס הינט, וואָס זענען געווען גרויס ווי די לייבן און בייז ווי די טיגער, פֿון זיי שמועסט שוין נישט. בקיצור, אַ הונט איז ביי ייִדן געוואָרן די פֿאַרקערפּערונג, די פּערזאָניפֿיקאַציע פֿון שלעכטס, פֿון רשעות. ווען אַ ייִד זאָגט אויף אַ מענטשן **ער איז אַ הונט,** מיינט עס: ער איז אַ שלעכטער מענטש, אַ רשע, אַן אַכזר.

און אַזוי ווי נישט אַלע שלעכטע מענטשן זענען גלײַך, פֿאַראַנען קלענערע רשעים און גרעסערע רשעים, אַזוי זענען אויך זייערע הינטישע פֿאַרגלײַכונגען. גלאַט אַ רשע איז **אַ הונט, אַ כּלבֿ,** אָדער בלשון־סגי־נהור **אַ כּף למד בית, אַ צווייאונפֿופֿציקער.** אַ ייִדענע אַ מרשעת איז **אַ כּלבֿטע, אַ כּל־הכּלבֿימטע.** אָבער גאָר אַ גרויסער רשע איז **אַ הונט מיט ציין, אַ הונט מיט אויערן.** פֿאַר וואָס עפּעס **אַ הונט מיט אויערן?** נו, שטאַרק באַהאַוונט אין זאָאָלאָגיע זענען ייִדן נישט געווען, פֿון קיין הינטישע "פּעדיגריס", פּאָראָדעס, און מינים האָבן זיי נישט געוווּסט. איז ביי זיי אויסגעקומען, אַז פֿאַר אַ הונט מיט אויערן

144. מאַקס ווײַנרײַך ברענגט אין זײַן "געשיכטע פֿון דער ייִדישער שפּראַך" אַ מאמר פֿון דער גמרא: "כמשחל בניתא מחלבא" (ברכות ח ע"א), "אַז בײַם צדיק גייט די נשמה אַרויס גרינג ווי אַ האָר פֿון מילך, און דעריבער איז די פֿראַזע געוואָרן סינאָנימיש מיט 'גרינג'" (באַנד 2, ז' 305).

דאַרף מען מער מורא האָבן ווי פֿאַר אַ הונט אָן אויערן.

ווי אַ פֿאַרבײַסן נאָט אײַך אַ פּאָר ייִדישע שפּריכווערטער, וואָס וועלן אײַך געבן די בעסטע אילוסטראַציע, וואָס ייִדן האָבן געטראַכט וועגן הינט און הינטישע מענטשן: **אַ הונט בלײַבט אַ הונט; מיטן בעסטן הונט איז נישט גוט עסקים צו האָבן; טו אַ הונט גוטס, בילט ער; ווען דו האָסט אַ שטעקן, טענה נישט מיט אַ הונט; דער הונט איז ווערט דעם שטעקן.**

## הייס געבאָדן

אַ ייִדישע פֿרוי פֿון מאַנהעטן שרײַבט מיר: "איך האָב אַ מאָל געהערט דעם אויסדרוק: **ער איז הייס געבאָדן**. וואָס מיינט עס? וועגן וועמען זאָגט מען עס?"

דאָס זאָגט מען, ליבע פֿרוי, וועגן אַ מענטשן אַ כּעסן. ווען אַ מענטש ווערט אין כּעס, קומט אים דאָס בלוט אין פּנים אַרײַן און ער ווערט רויט. דאָס זעלבע געשעט מיט אַ מענטשן, וואָס נעמט אַ הייסע באָד. דערפֿאַר זאָגט מען אויף אַ כּעסן: **ער איז הייס געבאָדן.**

## העטעך־פּעטעך

"איך האָב די וואָך", שרײַבט צו מיר אַ ייִד פֿון לאָנג־אײַלאַנד, "געהערט זייער אַ טשיקאַווען אויסדרוק פֿון אַ ייִדן וואָס איז נישט לאַנג פֿון יענער זײַט. איך דערצייל אים, אַז ווען איך פֿאָלג נישט מײַן ווײַב און גיי אין 'ביזנעס', וואָלט איך איצט געווען אַ רײַכער מאַן. גיט ער אַ הייב מיט די פּלייצעס און מאַכט: 'נו יאָ, **העטעך־פּעטעך**, די אַלטע געשיכטע'. עס האָט מיר נישט געפּאַסט אים איבערצופֿרעגן וואָס ער מיינט דערמיט, איז אפֿשר קענט איר מיר זאָגן וואָס ער האָט געמיינט מיט **העטעך־פּעטעך**?"

איך קען. "העט איך" איז אַן אַלט־ייִדישער אויסדרוק וואָס שטאַמט, נאַטירלעך, פֿון דײַטש, און וואָס איר קענט נאָך הערן פֿון גאַליציאַנער ייִדן אַפֿילו הײַנט. ווען מען פֿאַרשלינגט עס איז עס **העטעך**, אָבער ווען מען זאָגט עס געלאַסן זײַנען דאָס צוויי ווערטער: "העט איך", און עס מיינט "וואָלט איך". דאָס איז אַקוראַט ווי דאָס ליטווישע וואָרט **כאָלט איך**, וואָס איז אַ קאָנטראַקציע פֿון **כּי וואָלט איך**. "העט איך געהאַט שׂכל" – דאָס מיינט: וואָלט איך געהאַט שׂכל, וואָלט איך איצט אַנדערש אויסגעזען. איז ווען מען וויל אָפּלאַכן פֿון אַ ייִדן, מאַכט מען אַ גראַם צו **העטעך** און מע זאָגט **העטעך־פּעטעך**. דאָס מיינט: ווען דו וואָלטסט געהאַט שׂכל, ביסטו דאָך אָבער געווען אַ בהמה. אין אַנדערע מקומות זײַנען געווען אַנדערע קאָמישע ענטפֿערס דערויף. **ווען די באָבע וואָלט געהאַט אַ באָרד וואָלט זי געווען אַ זיידע אָדער וואָלט זי געדאַוונט פֿאַרן עמוד. ווען די באָבע וואָלט געהאַט רעדער, וואָלט זי געווען אַן אָמניבוס אָדער וואָלט זי געווען אַ סאַמאָוואַר; ווען די קאַץ זאָל לייגן אייער, וואָלט זי געווען אַ הון.** מאַלע וואָס עס

וואָלט געוועזן.

## הענדעם־פּענדעם

אַ ייִד פֿון ברוקלין וויל וויסן, פֿון וואַנען עס נעמט זיך דער אויסדרוק, וואָס מען זאָגט וועגן איינעם, וואָס אײַלט זיך: **ער לויפֿט הענדעם־פּענדעם.**

**פּענדעם** שטאַמט פֿון פּויליש, פֿונעם שורש "פּענדזשיטש" – אײַלן. און **הענדעם** האָבן ייִדן צוגעלייגט צום גראַם, עס זאָל קלינגען שענער, ווי למשל: **הוק־פּוק, לאַפּ־צאַפּ, כאַפּ־לאַפּ** אאַז"וו.

## הקדש

אַ פֿרוי פֿון ברוקלין וויל איך זאָל איר דערקלערן וואָס עס מיינט דער אויסדרוק: **זע וואָס פֿאַר אַ הקדש דאָ איז.**

**אַ הקדש**, מײַן ליבע פֿרוי, איז געווען אַ מין אַכסניא, אַ מין אומזיסטיקער האָטעל, וווּ עס פֿלעגן זיך אויפֿהאַלטן די אָרעמע ייִדן און ייִדענעס פֿון שטעטל, וואָס האָבן, נעבעך, נישט געהאַט וווּ דעם קאָפּ אַוועקצולייגן, און אויך פֿרעמדע אָרעמע־לײַט, וואָס פֿלעגן קומען אין שטעטל קלײַבן נדבֿות. אין אַ סך מקומות פֿלעגט דער הקדש אויך דינען ווי אַ שפּיטאָל פֿאַר אָרעמע. פֿאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ אַכסניא, אַזאַ הקדש איז געווען נישט איבעריק ריין און נישט ציכטיק. דערפֿאַר האָט דאָס וואָרט **הקדש** געדינט ווי אַ סינאָנים פֿאַר אומריינקייט. ווען אַ ייִד וויל זאָגן "זע ווי ער האָט דאָ אָנגעחזירט", זאָגט ער **זע וואָס פֿאַר אַ הקדש ער האָט דאָ געמאַכט,** פּונקט ווי ער זאָל זאָגן **זע דעם חזיר־שטאַל.**

## וואַטן־מאַכער

מ"ר מעדאָוו פֿון די בראָנקס וויל וויסן, וואָס עס מיינט און פֿון וואַנען עס נעמט זיך דער אויסדרוק: **כאַפּט אים דער וואַטן־מאַכער.**

מיינען מיינט עס, זאָלט איר מיר מוחל זײַן, גאָר פּשוט: כאַפּט אים דער טײַוול. אײַ, ווי קומט אַהער **וואַטן־מאַכער**, איז אַזוי די געשיכטע: דער שׂטן, דער טײַוול איז אַזוי פֿאַרהאַסט בײַ ייִדן, אַז זיי ווילן אַפֿילו זײַן נאָמען נישט אַרויסרעדן, איז ווי זשע מאַכט מען עס? דרייט מען איבער די פּאָדשעווקע און פֿון **טײַוול** ווערט "וואַטל", "וואַטל" קלינגט ווי **וואַטע,** ווערט **וואַטן־מאַכער** און **וואַטל־מאַכער.** עס איז אַפֿילו פֿאַראַן אַ משׂכּיליש פּשטל, אַז **וואַטל־מאַכער** נעמט זיך פֿון "מבֿטל זײַן", אָבער וועגן די משׂכּילישע פּשטלעך וועט איר באַלד הערן.

זינט איך בין אַרײַן אין די "ביזנעס" פֿון "מאַמע־לשון" האָב איך פֿון זיי צו זינגען און צו זאָגן, פֿון אָט די משׂכּילישע פּשטלעך. ווי נאָר איך פֿאַרטשעפּע זיך מיט אַן אַלט

ייִדיש וואָרט און איך זאָג, אַז עס שטאַמט פֿון מיטל־הויכדײַטש, פֿון פֿראַנצייזיש, פֿון לאַטײַן צי פֿון וואַנען עס איז, הייבן מיך ייִדן גלײַך אָן צו באָמבאַרדירן מיט בריוו: סטײַטש, ר׳ נחום, איר זאָלט נישט וויסן, אַז **סקאָצל קומט** נעמט זיך פֿון "אשת קצין קומט"? אַז **דאַווענען** נעמט זיך פֿון פֿון "דאַבֿינן", אַז **מאַלע וואָס** נעמט זיך פֿון "מה לי", צי אַז **טשאָלנט** נעמט זיך פֿון "צלי" – געבראָטנס, צי אַ פשטל פֿון אַ ייִדן אַ שוחט, וואָס ער געדענקט עס נאָך פֿון בית־מדרש?

ייִדן, האָט רחמנות! פֿאַרגעסט אין די אַלע ישיבֿה־בחורישע פשטלעך. מענטשן וואָס האָבן אַ שטיקל ידיעה אין שפּראַך־וויסנשאַפֿט האַלטן, אַז די אַלע פשטלעך זענען קיין שישקע פּולווער נישט ווערט. און ווייסט איר פֿאַר וואָס? ווײַל עס איז אַ באַשײַמפּערלעכער פֿאַקט, אַז די העברעיִשע ווערטער, וואָס מיר האָבן אײַנגעבירגערט אין ייִדיש, זענען בײַ אונדז תּמיד געווען הייליק און מיר האָבן זיי קיין מאָל נישט פֿאַרגרײַזט ווי מיר האָבן עס געטאָן מיט ווערטער פֿון אַנדערע שפּראַכן. מיר האָבן אַ סך פֿון זיי געענדערט אין באַטײַט, פֿון **גבֿיר** – הערשער, באַפֿעלער, האָבן מיר געמאַכט **גבֿיר** – רײַכער מאַן, עושר; פֿון **גדולה** – גרויסקייט, האָבן מיר געמאַכט **גדולה** – פֿרייד, "אַ **גדולה** אויף דײַן באָבען, אַ **גדולה** האָט דיך געטראָפֿן, וואָס איז מיט דיר די **גדולה?**" מיר האָבן צו העברעיִשע ווערטער צוגעגעבן נײַע באַטײַטן, אָבער די ווערטער גופֿא זענען געבליבן ווי מיר האָבן זיי גענומען פֿון העברעיִש, **גבֿיר** איז געבליבן **גבֿיר** און **גדולה** איז געבליבן **גדולה**. מיר האָבן קיין מאָל פֿון זיי נישט געשאַפֿן קיין נײַע ווערטער דורך פֿאַרגרײַזונגען. אַ קינד קען זיך אין דעם איבערצײַגן, ווען ער זאָל בלויז אַ בלעטער טאָן אַ העברעיִש־ייִדישן ווערטערבוך.

פֿאַרשטייט זיך, אַז עס זענען דאָ אויסנאַמען, ווי, למשל, **מירטשעם** פֿון "אם־ירצה־השם", **מייקענען** פֿון "מקיא" – איז ערשטנס קענט איר אָט די אויסנאַמען ציילן אויף די פֿינגער, און צווייטנס איז זייער פֿאַרגרײַזונג אַזאַ קענטיקע, אַז איר דאַרפֿט זיך נישט אָנשטרענגען אַרויס צו באַקומען דעם העברעיִשן שורש. בדרך־כּלל זענען די העברעיִשע ווערטער אין ייִדיש קיין מאָל נישט פֿאַרגרײַזט געוואָרן. און דערפֿאַר זאָג איך צו אײַך, רבותי, פֿאַרגעסט אין די פשטלעך! די דאָזיקע פשטלעך זענען גוט געווען אַ מאָל, ווען יעדער ישיבֿה־בחור איז געווען אַ סטראַטעג און געפֿירט מלחמות אויף דער דאָלאָניע, ווען יעדער משׂכּיל וואָס האָט געקענט פֿון אויסנווייניק שילערס "גלאָקע" האָט זיך געהאַלטן פֿאַר אַ געבילדעטן מענטשן און אַ שפּראַכן־קענער – דאָס איז גוט געווען אַ מאָל, ווען די ייִדישע שפּראַך־וויסנשאַפֿט איז נאָך געלעגן אין די וויקלעך, נישט איצט, ווען מיר האָבן שוין אַ רײַכע ליטעראַטור

וועגן יידיש שפּראַכוויסן און אויסגעפֿינונגען געבויט אויף אַ וויסנשאַפֿטלעכן יסוד, נישט אויף קיין סבֿרות געזויגן פֿון פֿינגער.

און צוריק געשמועסט, וואָס נעמט איר זיך אַזוי צום האַרצן, וואָס **דאַוועגען** און **בענטשן** שטאַמען פֿון לאַטיין און **טשאָלנט** פֿון פֿראַנצייזיש? פֿאַר וואָס אַרט אײַך נישט, וואָס די באָבע זאָגט "גאָט פֿון אַבֿרהם" און איר ווייסט אַלע, אַז אַזאַ הייליק וואָרט ווי **גאָט** שטאַמט פֿון דײַטש?

איך ווייס, אַז עס וועט נישט העלפֿן, פּשטלעך און פֿינגער־דריייערײַ ליגן אין דער יידישער טבֿע. אָבער גוט, אַז איר זאָלט וויסן, אַז חסידים לאַכן דערפֿון.

## וואָכעדיקע שמונה־עשׂרה

אַ ייד פֿון לאָנג־אײַלאַנד שרײַבט: "אין דער היים, אַז מען פֿלעגט רעדן וועגן אַ פּראָסטן מענטשן, פֿלעגט מען זאָגן: 'ע, אַ פּראָסטער נפֿש, **אַ וואָכעדיקע שמונה־עשׂרה**'. איז 'אַ פּראָסטער נפֿש' פֿאַרשטיי איך, אָבער פֿאַר וואָס **אַ וואָכעדיקע שמונה־עשׂרה**?"

איך האָב מורא, מײַן פֿרײַנד, אַז אײַער זכּרון דינט אײַך נישט זייער שטאַרק. עס איז דאָ אַן אויסדרוק **אַ וואָכעדיקע שמונה־עשׂרה**, אָבער מיינען מיינט עס נישט קיין פּראָסטער נפֿש, נאָר אַ חבֿרה קבצנים. פֿון וואַנען נעמט זיך עס? עס נעמט זיך פֿון דעם פּסוק "וקבצנו יחד מארבע כּנפֿות הארץ" – זאָלסט אונדז צוזאַמענקלײַבן פֿון אַלע עקן פֿון דער וועלט. און אַזוי ווי "קבצנו" איז ענלעך צו **קבצן**, טײַטשן יידן בדרך־הלצה "וקבצנו יחד" – מיר זענען אַלע קבצנים. און אַזוי ווי דער פּסוק געפֿינט זיך אין דער וואָכעדיקער שמונה־עשׂרה, איז **אַ וואָכעדיקע שמונה־עשׂרה** געוואָרן אַ סינאָנים פֿאַר אַ חבֿרה קבצנים. אַ פֿײַן פּשטל, אַיאָ? איך האָב עס געפֿונען שוואַרץ אויף ווײַס בײַ יהודה עלזעט.

## וואַנט

מ"ר חיים גורמאַן פֿון מאַנהעטן־ביטש האָט אין דעם "אוצר פֿון דער יידישער שפּראַך" געפֿונען צוויי יידישע ווערטלעך, וואָס זענען זיך לויט זײַן מיינונג סותר איינס דאָס אַנדערע. איין ווערטל זאָגט: **ווענט האָבן אויערן**, אָדער ווי עס הייסט אין העברעיִש: "אָזנים לכותל". און אַ צווייט ווערטל זאָגט: **טויב ווי די וואַנט**. פֿרעגט ער אַ קשיא: "סטײַטש, היתּכן? אויב ווענט האָבן אויערן, זענען זיי דאָך נישט טויב, איז פֿאַר וואָס זשע זאָגט מען **טויב ווי די וואַנט**?"

איז דער תּירוץ, אַז ביידע ווערטלעך זענען ריכטיק, נישט מער וואָס דאָס צווייטע ווערטל **טויב ווי די וואַנט** באַציט זיך אויף דער וואַנט ממש, אויף דער קופּע שטיין און ציגל. און דערפֿאַר זאָגט מען אויך: **רעד צו דער וואַנט**, ד"ה רעד צו אַ טויטער זאַך.

דאָס צווייטע ווערטל דערקעגן, **ווענט האָבן אויערן,** באַציט זיך נישט אויף דער וואַנט גופֿא, נאָר אויף די, וואָס שטייען הינטער דער וואַנט און הערן זיך אונטער מיט אָנגעשפּיצטע אויערן. ייִדן לייגן נאָך צו: **ווענט האָבן אויערן און גאַסן האָבן אויגן,** ס'הייסט: זײַט געהיט מיט אײַערע רייד און אײַערע מעשׂים, ווײַל מענטשן הערן און מענטשן זעען.

## וואָס איז דער מער?

מ"ר פֿעלדמאַן פֿון בראָנזוויל שרײַבט: "איך שפּאַר זיך אָן מיט מײַנעם אַ פֿרײַנד. ער זאָגט, אַז דער אויסדרוק **וואָס איז דער מער?** איז אַן אַמעריקאַניזם, אַן איבערזעצונג פֿון 'וואָטס די מעטער?' און איך זאָג, אַז דער אויסדרוק איז אַ ייִדישער, ווײַל איך געדענק אים נאָך פֿון ווען איך בין געווען אַ קינד און אַפֿילו נישט געוווּסט, אַז ס'איז דאָ אַזאַ מין זאַך ווי ענגליש. ווער איז גערעכט, איך צי מײַן פֿרײַנד?"

איר זענט גערעכט. **וואָס איז דער מער** איז אַן אַלט־אַלטער ייִדישער אויסדרוק, וואָס אונדזערע אָבֿות־אַבֿותינו האָבן נאָך געניצט מיט הונדערטער יאָרן צוריק. לויט ד"ר מאַקס ווײַנרײַך, דעם באַוווּסטן ייִדישן פֿילאָלאָג, ווערט דאָס וואָרט נאָך געבראַכט אין "חורבן בית", אַ ייִדיש בוך געדרוקט אין 1583, און שפּעטער געפֿינט מען עס זייער אָפֿט אין דער ליטעראַטור. דער אויסדרוק שטאַמט פֿון אַ דײַטשישן דיאַלעקט. "מערע" (Märe), אָדער "מערכן" (Märchen) מיינט אַ מעשׂה און **וואָס איז דער מער** מיינט כּמעט דאָס זעלבע: וואָס איז די מעשׂה, וואָס איז געשען, וואָס האָט פּאַסירט?

## וואָס אין דער קאָרט

אַ פֿרוי פֿון די בראָנקס וויל וויסן דעם פּשט פֿון דעם אויסדרוק: **ער איז וואָס אין דער קאָרט.**

עס איז אַ סבֿרה, אַז דער אויסדרוק שטאַמט פֿון דעם אַלטן און נאָך איצט עקסיסטירנדיקן אָבערגלויבן פֿון קאָרטן־לייגערײַ. די קאָרטן־לייגערקע, צי ציגײַנערקע, קען אײַך אַרויסלייגן פֿון די קאָרטן אַלץ אין דער וועלט. אַז זי וויל, איז שוואַרצער שייגעץ אָדער דזשעק לאַב אַ שיינער ברונעט, וואָס דאַרף זיך אין אײַך פֿאַרליבן און אײַך גליקלעך מאַכן, און אַז זי וויל און עס פּאַסט איר צום עניָן, איז ער אַן אויסוואָרף, אַ מערדער, אַ גזלן, פֿאַר וועלכן איר דאַרפֿט זיך היטן ווי פֿאַר פֿײַער. ווען איר זאָגט אויף אַ מענטשן, אַז ער איז **וואָס אין דער קאָרט** מיינט איר צו זאָגן, אַז דער מענטש איז אַ כּל־בו, אַז ער איז אַל דאָס בייזס, וואָס מען קען אַרויסלייענען פֿון אַ קאָרט.

## וואָס פֿאַר אַ גוט־מאָרגן

אַ ייִדישע פֿרוי פֿון די בראָנקס פֿרעגט וואָס דאָס מיינט: **וואָס פֿאַר אַ גוט־מאָרגן, אַזאַ גוט־יאָר**.

איך וואָלט אײַך אויף דער פֿראַגע, ליבע פֿרוי, נישט געדאַרפֿט ענטפֿערן, ווײַל מיר דאַכט זיך, אַז אַ קינד פֿאַרשטייט דעם מיין דערפֿון, אָבער צוליב חול־המועד לאָמיך האַנדלען לפֿנים־משורת־הדין.

פּשט־פּשוט מיינט עס: ווען איר זאָגט יענעם **גוט־מאָרגן** מיט אַ פֿרײַנדלעכער מינע, ענטפֿערט יענער **גוט־יאָר** מיט אַ פֿרײַנדלעכער מינע. זאָגט איר אים אײַער **גוט־מאָרגן** ווי אַ מרוק, ווי איר האָט אים אַ טובֿה געטאָן, איז ווען יענער איז קלוג, וואָלט ער אײַך אין גאַנצן נישט געדאַרפֿט ענטפֿערן, און אויב ער ענטפֿערט אײַך, ענטפֿערט ער אײַך אויך ווי אַ מרוק. דער מיין דערפֿון איז: ווי איר זענט צו יענעם, אַזוי איז יענער צו אײַך, מיט וואָס פֿאַר אַ מטבע איר צאָלט יענעם, מיט דער זעלבער צאָלט ער אײַך אָפּ צוריק. אָט זענען נאָך ווערטלעך פֿון דעם זעלבן מיין: **וואָס פֿאַר אַ שאלה, אַזאַ תשובֿה; ווי מען בימבלט, אַזוי קלינגט; ווי מען קלינגט אָן, אַזוי ענטפֿערט מען; ווי דער ברוך־הבא, אַזוי דער ברשותכם; דו מיר אין דעם לײַן, איך דיר אין דעם ווײַן**. איך וואָלט אײַך געגעבן נאָך, אָבער נאָך ייִדן וואַרטן אויף ענטפֿערס.

## וואַרע

רחל ערליך פֿון די בראָנקס וויל וויסן, פֿון וואַנען עס נעמט זיך דער אויסדרוק: **מאַכט אַ וואַרע**.

עס נעמט זיך פֿון דעם פּוילישן וואָרט "וואַראַ", אַן אינטעריעקציע, אַן אויסרוף, וואָס מיינט: היט זיך! גיב אַכטונג! דאָס זעלבע ווי אין ענגלישן "בי קערפֿול! וואַטש יור סטעפּ!" ייִדן האָבן די אינטעריעקציע פֿאַרוואַנדלט אין אַ סובסטאַנטיוו, צוגעגעבן צו דעם אָריגינעלן פּוילישן טײַטש "גיב אַכטונג" אַ ספּעציעל ייִדישן טײַטש און ס'איז געוואָרן: **מאַכט אַ וואַרע!** דער אויסדרוק ווערט געוויינטלעך געניצט בײַ קבלת־פּנימס ווען עס קומט אַ געהויבענער גאַסט – **מאַכט אַ וואַרע**, דער חתן גייט! **מאַכט אַ וואַרע**, די מחותּנתטע גייט! ווען איר זאָגט **מאַכט אַ וואַרע**, מיינט איר צו זאָגן צו די אַרומיקע: גיט אַכטונג, גייט אַוועק אין אַ זײַט! מאַכט פּלאַץ! פּנו מקום, לאָזט דורכגיין!

## ווי אַ צרה, דאָרט אַ מאָדע

אַ פֿרוי פֿון נואַרק פֿרעגט מיך: "איך האָב געהערט אַ מאָל אַ ווערטל: **ווו אַ צרה, דאָרט אַ מאָדע**. וואָס מיינט עס און פֿון וואַנען שטאַמט עס?

דאָס איז אַ שנײַדעריש ווערטל, מאַדאַם, וואָס מיינט אָפּצולאַכן פֿון מאָדעס און

שטאַמען שטאַמט עס פֿון אַ מעשׂה־שהיה וואָס ייִדן דערציילן בערך אַזוי:

אַ דאַמסקער שנײַדער פֿון אַדעס, אַ גוטער בעל־מלאָכה, אָבער נישט קיין גרויסער בעל־מזל, האָט זיך אַריבערגעקליבן פֿון אַדעס אין אַ קליין שטעטל אין וואָלין און דאָרטן געעפֿנט אַ מאַסטערסקײַע. נו, אַ שנײַדער פֿון אַדעס, וואָס ווייסט פֿון אַלע נײַעסטע מאָדעס – און קיין פֿראַנטיכעס, קיין פּוצערקעס פֿעלן נישט אין שטעטל – איז דער אַדעסער שנײַדער געוואָרן פֿאַרוואָרפֿן מיט אַרבעט. מאַכט זיך, אַז די גרעסטע אַריסטאָקראַטקע פֿון שטעטל, די גבֿירישע שנור, באַשטעלט בײַ אים אַ זײַדענע פּלאַטיע און נעמט אויס מיט אים אַ תּנאַי, אַז למען־השם מוז עס זײַן די לעצטע מאָדע! זי וויל נישט דאָס, וואָס אַלע טראָגן, זי וויל זײַן די איינציקע אין שטעטל מיט דער פּלאַטיע. גוט, נייט ער איר די פּלאַטיע. מאַכט זיך אַ מעשׂה און פּרעסנדיק די פּלאַטיע פֿאַרן אָפּטראָגן פֿאַרטראַכט ער זיך דער שנײַדער און ברענט אויס אַ לאָך אין דער פּלאַטיע. און ווו? אין רעכטן מיטן זײַט־זשע־מוחל! אַן אומגליק! אַ צרה! וואָס טוט מען? איז דאָך עס אַ שנײַדער פֿון אַדעס, פֿאַלט ער אויף אַן אײַנפֿאַל און נעמט און שנײַדט אויס דעם פֿאַרברענטן פּלאַץ און נייט אַרײַן אַהין אַ לאַטע מיט שפּיצן, קונציק אויסגעאַרבעט, און טראָגט אָפּ דאָס שטיקל אַרבעט דער גבֿירינטע. יענע דערזעט עס, שטעלט זי אויס אַ פּאָר אויגן: „וואָס איז דאָס?!" שטעלט ער אָן דער שנײַדער אַ באַליידיקטע מינע און מאַכט צו דער פֿראַנטיכע: „וואָס הייסט, וואָס איז דאָס? דאָס איז די לעצטע מאָדע פֿון פּאַריז! מען רופֿט עס 'באָטיי אָן אַריער'". מילא, איך וועל עס אײַך מאַכן בקיצור, עס איז נישט אַוועקגעגאַנגען קיין חודש צײַט ווי די גבֿירינטע האָט זיך באַוויזן אין איר נײַער פּלאַטיע און אַלע פֿראַנטיכעס אין שטעטל האָבן אָנגעהויבן טראָגן פּלאַטיעס מיט אַרײַנגעזעצטע לאַטעס אויפֿן רעכטן מיטן זײַט־זשע־מוחל. פֿון דעמאָלט אָן גייט דאָס שנײַדערישע ווערטל: **ווו אַ צרה, דאָרט אַ מאָדע**.

## ווו קאָפּ, דאָרט איז צולאָג

אַ ייִד פֿון די בראָנקס שרײַבט: „אין דער היים, געדענק איך, אַז מע פֿלעגט איינעם וועלן געבן אַ קאָמפּלימענט פֿאַר אַ גוטן אײַנפֿאַל, פֿלעגט מען זאָגן: **ווו קאָפּ, דאָרט איז צולאָג**. פֿון וואַנען שטאַמט עס און וואָס מיינט עס?"

שטאַמען שטאַמט עס פֿון דעם אַלטן היימישן לעבנס־שטייגער, ווען פֿלייש פֿלעגן עסן די נגידים און ביינער – די קבצנים. ווען אַן אָרעמע ייִדישע פֿרוי פֿלעגט אײַנהאַנדלען אין יאַטקע פֿאַר אַ פּאָר גראָשן קאָפּ אויף אַרײַנצולייגן אין קרופּניק אַנשטאָט פֿלייש, פֿלעגט איר דער קצבֿ צווואַרפֿן אַ שטיקל פֿלייש פֿאַר אַ צולאָג.

אויף אַ קלוגן מענטשן, ווייסט איר, זאָגט מען: **ער האָט אַ קאָפּ אויף די פּלייצעס**. נו,

**ווי קאַפּ – דאָרט איז צולאָג.** דאָס מיינט: ווי שׂכל – דאָרט זענען דאָ גוטע איַינפֿאַלן.

## ווי אַ הונט אויפֿן טאַטן

מ״ר הערי נעלסאָן פֿון ניו־ראָשעל בעט, איך זאָל אים דערקלערן, וואָס עס מיינט ווען מען זאָגט: **ער קוקט אויף אים ווי אַ הונט אויף אַ טאַטן.**

אויב איר האָט אַ ידיעה, מ״ר נעלסאָן, אין דעם ענין הינט, ווייסט איר אַוודאי, אַז אַ הונט האָט נישט קיין טאַטן, ס'הייסט האָבן האָט ער יאָ, נאָר ווער קען אים, אַז קיין חופּה האָט די מאַמע זײַנע, די כּלבֿטע, מיט אים נישט געשטעלט, און ווינען וווינט מען אויך נישט צוזאַמען, איז פֿון וואַנען זאָל ער אים קענען? אָבער לאָמיר זיך פֿאָרשטעלן, אַז ער קען אים נישט, אָבער איר קענט אים, ווײַל אָט דער תּכשיט, דער טאַטע זײַנער, איז בײַ אײַך אויף קעסט. נו, איז גייט איר מיט אײַער קעסטקינד אין גאַס און איר באַגעגנט אַ יונג הינטל און איר שטעלט אים אָפּ: ״היי דו צוציק איינער, קום אַהער אַ ווײַלע, איך דאַרף דיר עפּעס זאָגן״. שטעלט ער זיך אָפּ צוציק און איר מאַכט צו אים: ״דו זעסט דעם כּלבֿ, וואָס איך פֿיר אויפֿן רימען, דו ווייסט ווער דאָס איז? דאָס איז דאָך דער טאַטע דײַנער״. סטאַרטשעט דער צוציק אויס אַ פּאָר פֿאַרווּנדערטע אויגן און קוקט אים אָן דעם אַלטן כּלבֿ און מאַכט: ״מײַן טאַטע? כ'הער צום ערשטן מאָל, אַז אַ הונט זאָל האָבן אַ טאַטן״.

אָט דאָס איז דאָס, מײַן פֿרײַנד. ווען איר פֿאַרחידושט זיך אויף עפּעס און איר סטאַרטשעט אויס אַ פּאָר תּמעוואַטע אויגן, קוקט איר ווי אַ הונט אויף זײַן טאַטן.

## ווי אַ חזיר נאַשיוווקעס

אַ פֿרוי פֿון ברוקלין בעט איך זאָל איר פֿאַרטײַטשן דאָס ווערטל: **עס פּאַסט אים ווי אַ חזיר פּאָדשיווקעס.**

איינס פֿון דיביידע, אָדער איר האָט דאָס ווערטל שלעכט געהערט, אָדער איר פֿאַרגרײַזט עס אַליין. עס דאַרף זײַן: **עס פּאַסט אים ווי אַ חזיר נאַשיוווקעס.** ווייסט איר דאָך מסתּמא נישט, וואָס עס מיינט **נאַשיוווקעס**, וועל איך אײַך זאָגן. **נאַשיוווקעס** מיינט בענדלעך, טאַשמעס, וואָס ווערן אָנגענייט אויף די אַרבל פֿון זעלנערשע מונדירן, וואָס ווײַזן זייער מיליטערישן ראַנג. דאָ אין אַמעריקע הייסט עס ״סטרײַפּס״. איין ״סטרײַפּ״ באַצייכנט אַ ״פּרײַוועט פֿוירסט קלעס״, צוויי ״סטרײַפּס״ – אַ קאָרפּאָראַל, דרײַ – אַ ״סאַרדזשענט״. אָט דאָס מיינט **נאַשיוווקעס**, און אַ חזיר פּאַסט נישט קיין **נאַשיוווקעס**. עס איז אַקוראַט ווי מען זאָגט: **עס פּאַסט אים ווי אַ חזיר אוירינגלעך, ווי אַ הונט אַן אַרבע־כּנפֿות, ווי אַ קו אַ זאָטל, ווי אַ קאָזאַק אַ זשופּיצע, ווי דער רביצין אַ ספּאָדיק, ווי אַ קוימען־קערער אַ צילינדער, ווי אַ גוטן־יידן דאָס קדחת.**

## ווי אַ יוון

אַ צוהערער פֿון די בראָנקס בעט איך זאָל אים פֿאַרטײַטשן דעם אויסדרוק: **ער בינדט זיך ווי אַ יוון**.

דער אויסדרוק, מײַן פֿרײַנד, שטיצט זיך אויף די דערפֿאַרונגען וואָס ייִדן האָבן געהאַט מיט יוונים, מיט רוסישע סאָלדאַטן. אין אַ ייִדיש שטעטל, וואָס האָט זעלטן געזען אַ סאָלדאַט פֿאַר די אויגן, ווײַל עס ליגט ווײַט פֿון אַ באַן, באַווײַזן זיך פּלוצלינג יוונים, און אַ סך יוונים, אַ פּאָלק אַ גאַנצער. וואָס טוען זיי דאָ – דאָס זענען זיי געקומען אויף מאַניעווערס. ווינטער איז, צעשטעלט מען זיי אויף קוואַרטיר אין ייִדישע הײַזער, די אָפּיצירן אין רײַכע הײַזער און די פּראָסטע יוונים – ווו עס לאָזט זיך, ווו מע קען נאָר אַוועקשטעלן אַ קויקע. קיין שטאַרק איידעלע לײַט זענען די אַמאָליקע יוונים בדרך־כּלל נישט געווען. נו, פֿלעגן זיי זיך טשעפּען צו די ייִדן, בײַ וועלכע זיי זענען אײַנגעשטאַנען קוואַרטיר.

**בינדן זיך** איז אַן אַנדער וואָרט פֿאַר טשעפּען. אַנשטאָט צו זאָגן "וואָס טשעפּעסטו זיך צו מיר?" קענט איר זאָגן **וואָס בינדסטו זיך צו מיר?** און אַז איר ווילט עס מאַכן נאָך שטאַרקער, קענט איר זאָגן **וואָס בינדסטו זיך צו מיר ווי אַ יוון?** דאָס הייסט, וואָס האָסטו זיך אָנגעזעצט אויף מיר ווי אַ קלעק, ווי אַ פּגע־רע, ווי אַ זלידניע?

## ווי אַ פּיי אין ראָסל

אין מײַן פּאָרטפֿעל האָב איך אָנגעזאַמלט אַ שפּאָר ביסל פֿראַגעס וועגן ווולגאַרע ווערטער, און פֿאַרשטייט זיך, אַז איך קען אויף זיי נישט ענטפֿערן דורכן ראַדיאָ צוליב פֿאַרשטענדלעכע טעמים. איך וועל אָבער מאַכן אַן אויסנאַם מיט איין ווערטל, וואָס איז זייער פּאָפּולער בײַ ייִדן, אַ ווערטל וואָס קלינגט ווולגאַר, אָבער דער אָפּשטאַם פֿון דעם ווערטל איז אַ גאַנץ אומשולדיקער.

דאָס ווערטל ווערט גענוצט ווען עס רעדט זיך וועגן אַ מענטשן אַ ליידיק־גייער, אַ שלימזל אָדער בכלל אַן אומבאַהאָלפֿענעם, וואָס דרייט זיך אויף אַן אָרט און ווייסט נישט וואָס פֿריִער אָנצוהייבן. וואָס זאָגן ייִדן בדרך־מליצה וועגן אַזאַ איינעם? **ער דרייט זיך ווי אַ בעל־דרשער אויף אַן אָרעמער חתונה, ער דרייט זיך ווי אַ בכור אויפֿן גוטן־אָרט, ווי ברוך אויפֿן יריד, ווי אַ שוחט אין די נײַן טעג, ווי אַ פֿלוי אין יקום־פּורקן, אָדער ווי אַ פּיי [פֿאָרץ] אין ראָסל.**

פֿון וואַנען נעמט זיך אָט דער לעצטער אויסדרוק? פֿון אַ היסטאָרישער פּאַסירונג. פֿון נאַפּאָלעאָנס מפּלה אין רוסלאַנד, ווען זײַן צעשלאָגענע דיסאָרגאַניזירטע אַרמיי האָט געוואַנדערט איבער די רוסישע פֿאַרשנייטע סטעפּעס און געזוכט אַ וועג ווי

אַרויסצוקריכן פֿון דאָרטן. אין יענער צײַט איז אויפֿגעקומען אַ ווערטל: **ער דרייט זיך ווי אַ פֿראַנצויז אין רוסלאַנד**, און דאָס ווערטל האָט כאַראַקטעריזירט די גרעסטע מאָס אומבאַהאָלפֿנקייט. האָט מען פֿון דעם ווערטל געשאַפֿן אַ פּאַראָדיע: **ער דרייט זיך ווי אַ פּיי אין ראָסל.** די פּאַראָדיע האָט זיך אָנגענומען און זי איז געבליבן ביזן הײַנטיקן טאָג. אין דער אמתן, אָבער, מיינט עס: **ער דרייט זיך ווי אַ פֿראַנצויז אין רוסלאַנד.**

## ווי אַ קאַץ אויף מצה־שמורה

אָט בעט אַ ייִד פֿון די בראָנקס, מ״ר גאָטעסמאַן, איך זאָל אים פּאַרטײַטשן די ווערטלעך: **ער פֿאַרשטייט ווי אַ קאַץ אויף מצה־שמורה** אָדער **ווי אַ קו אויף ראָש־חודש בענטשן.**

ווען איר האָט בײַ זיך אויף אַ פּאָליצע דעם "אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך", וואָלט איך אײַך געהייסן אויפֿמישן די גרופּע "עם־הארצות" און איר וואָלט דאָרטן געפֿונען פֿיר אָנגעפּיקעוועטע עמודים מיט ווערטער, אויסדרוקן און ווערטלעך וועגן עם־הארצים, וואָס פֿאַרשטייען נישט מאַי דקאמרי רביצין. ווערטעלעך באַקאַנטע בײַ ייִדן ווי, למשל: **ער האָט אַ ידיעה ווי דער טערק אין רבנן־קדיש, ווי דער ייִשובֿניק אין דער הגדה, אָדער ער פֿאַרשטייט זיך דערויף ווי אַ קאַץ אויף אַקדמות, ווי אַ חזיר אויף הייוון, ווי אַ בלינד פֿערד אויפֿן וווּנק.** אײַערע ווערטלעך, מ״ר גאָטעסמאַן, זענען פֿון זעלבן מין, בלויז ענג לאָקאַלע, געניצט בלויז אין אײַער מקום.

## ווי מײַן לינקער שטיוול

מיס אָדער מר״ס יאָנגמאַן פֿון ברוקלין פֿרעגט, פֿאַר וואָס מען זאָגט: **ער האָט אַזוי פֿיל שׂכל ווי מײַן לינקער שטיוול.**

זאָגן זאָגט מען **ער האָט אַזוי פֿיל שׂכל ווי מײַן לינקער פֿוס**, אָבער אַזוי ווי אויפֿן לינקן פֿוס טראָגט מען אַ לינקן שטיוול, איז געקומען אַ הלצהניק און געמאַכט אַ פּאַראָדיע אויפֿן אָריגינעלן אויסדרוק. פּונקט, למשל, ווי מען זאָגט אַנשטאָט **דריי נישט קיין קאָפּ – דריי נישט קיין ספּאָדיק**, ווײַל אַ ספּאָדיק טראָגט מען אויפֿן קאָפּ.

***

מיס פֿראַנציס סטוירן וויל, איך זאָל איר פּאַרטײַטשן אַ פֿראַזע, וואָס זי הערט אָפֿט פֿון איר מאַמען: **איך זאָל אַזוי וויסן פֿון אַ בייז שטערן־טיכל.**

איר האָט געהערט דעם ענטפֿער, וואָס איך האָב נאָר וואָס געגעבן דער מיס יאָנגמאַן? דער זעלבער ענטפֿער גילט פֿאַר אײַך. **איך זאָל אַזוי וויסן פֿון אַ בייז שטערן־טיכל** איז אַ פּאַראָדיע אויף **איך זאָל אַזוי וויסן פֿון אַ בייזער וועטשערע.** ווי איך האָב עס שוין נישט איין מאָל דערקלערט, דאַרף אַ פּאַראָדיע נישט האָבן קיין זינען. אַזעלכע ווערטער, למשל, ווי **מעצאָצע, ליעליעך, צעשוואָצט** דאַרפֿן נישט האָבן קיין

זינען, ווײַל זיי זענען נישט מער ווי טראַוועסטיעס, אָפּלאַכענישן פֿון גוטע לעגיטימע ווערטער – פֿון **מציאה** ווערט **מעצאָצע**, פֿון **לײַלעך** ווערט **ליעליעך**, פֿון **צעשוויצט** ווערט **צעשוואָצט**. דאָס זעלבע איז מיט פֿראַזעס און ווערטלעך. פֿאַראַן, למשל, אַ ווערטל **אָזנים לכּותל** – ווענט האָבן אויערן. וואָס מאַכן ייִדן לצים פֿון דעם ווערטל? **אָזנים לכּותל - שטיוול האָבן אויך אויערן**. אָדער, אַ שטייגער, פֿאַראַן אַ ווערטל **יפֿתּח בדורו כּשמואל בדורו**, פֿאַלט עס אַרײַן צו אַ לץ אין מויל אַרײַן, ווערט דערפֿון **יפֿתּח בדורע כּשמואל בטרובע**.

## ווי קומט אַ פּאַטש צו גוט־שבת?

און אָט וויל אַ ייִד פֿון די בראָנקס וויסן, פֿון וואַנען עס שטאַמט דאָס ווערטל: **ווי קומט אַ פּאַטש צו גוט־שבת?**

ייִדן דערציילן אַזאַ מעשׂה: איין בעל־הבית איז געווען שטאַרק אָנגעצויגן אויף אַנדערן, באשר ער האָט יאַקבע געהערט, אַז יענער האָט אויף אים אָנגערעדט כּל דבֿר אָסור; אַז ער איז אַ שווינדלער, אַ דרייקאָפּ, אַז אַ פֿרעמד קערבל איז בײַ אים אַ ממזר, און נאָך אַזעלכע שיינע זאַכן. גייט מען שבת פֿון דאַווענען, גייט צו דער רכילותניק צום באַרעדטן און זאָגט: "גוט־שבת, ר' שלמה!" איז אַנשטאָט אים צו ענטפֿערן "גוט־יאָר", הייבט ר' שלמה אויף די האַנט און דערלאַנגט אים אין באַק אַרײַן. וווּנדערט זיך יענער: "סטײַטש? **ווי קומט אַ פּאַטש צו גוט־שבת?**"

זאָגן זאָגט מען דאָס דאָזיקע ווערטל, ווען מען וויל זאָגן: וואָס פֿאַר אַ שײַכות האָט איינס צום אַנדערן? אונדזער מאַמע־לשון האָט חמרים פֿון די דאָזיקע ווערטלעך, וואָס וועגן יעדן איינעם פֿון זיי דערציילט מען אַן אַנדער מעשׂה. אָט זענען אַ פּאָר: **ווי קומט אַתּה הראית צו דער אַרענדע? ווי קומט הודו צו כּוש? ווי קומט המן אין דער מה־נשתּנה אַרײַן? ווי קומט עשׂו אין קריאת־שמע אַרײַן? ווי קומט דער קאַשטאַן אין שולחן־ערוך אַרײַן? ווי קומען די ריבן אין דעם זאַק? מה ענין שמיטה אצל הר סיני? יאָ, אַ חתונה, ווי קומט אָבער דער הונט דערצו?**

## דאָס ווײַסל פֿון אויג

אַ ייִד פֿון ברוקלין פֿרעגט, פֿאַר וואָס מען זאָגט אויף אַ גנבֿ: **ער וועט בײַ דיר צוגנבֿענען דאָס ווײַסל פֿון אויג**.

פֿאַרשטייט זיך, אַז דער אויסדרוק איז אַ גוזמאַדיקער, אַז מען דאַרף אים נישט נעמען ווערבאַטים, ווערטערלעך. מען קען נישט צוגנבֿענען דאָס ווײַסל פֿון אויג. אָבער די גוזמא ווערט גענוצט בכּיוון, כּדי אויסצודריקן דעם געדאַנק, אַז ער איז אַזאַ גנבֿ, אַז ער וועט בײַ דיר צוגנבֿענען אַפֿילו דאָס, וואָס איז אוממעגלעך צו גנבֿענען –

דאָס ווײַסל פֿון אויג. והאָ־ראַיה, מען זאָגט נישט נאָר **דאָס ווײַסל פֿון אויג**, מע זאָגט אויך: **דאָס שוואַרצאַפּל פֿון אויג, די מענטשעלעך פֿון די אויגן**. מע זאָגט אויך: **ער וועט בײַ דיר צוגנבֿענען די נשמה, ער וועט בײַ דיר צוגנבֿענען דעם קנאַק פֿון דער בײַטש** – אַלץ גוזמאָות אויף אונטערצושטרײַכן, וואָס פֿאַר אַ קינצלער, אַ בעל־מלאָכה ער איז.

מען זאָגט אויך וועגן דעם גנבֿ אַליין: **ער איז דאָס ווײַסל פֿון אויג.**

דער טײַטש איז, לויט מײַן מיינונג, זייער אַ פּשוטער. דאָס ווײַסל פֿון אויג איז, ווי איר ווייסט, זייער אַ דעליקאַטער טייל פֿון אונדזער אויג, וואָס מען דאַרף זייער שטאַרק אָפּהיטן. ווי זאָגט אַ מאַמע וועגן אַ ציטעריק קינד – **ער איז בײַ מיר דאָס ווײַסל פֿון אויג**. און אין דעם זעלבן זינען דאַרף דער אויסדרוק פֿאַרשטאַנען ווערן, ווען מען זאָגט עס וועגן אַ גנבֿ, אָבער מיט אַן אַנדער קנייטש. **ער איז דאָס ווײַסל פֿון אַן אויג**, דאָס הייסט, מען דאַרף אים היטן ווי דאָס ווײַסל פֿון אויג, ווײַל אַז איר וועט זיך ניט היטן, וועט ער אײַך באַנעמען פֿון קאָפּ ביז די פֿיס.

אַ פֿרוי פֿון ברוקלין בעט, איך זאָל איר פֿאַרטײַטשן אַן ענלעכן אויסדרוק, וואָס מען זאָגט וועגן אַ גנבֿ: **ער איז דאָס ווײַסל פֿון אַן איי**. וואָס מיינט עס?

נעמט, מײַן טײַערע, צעקלאַפּט אַן איי און גיסט זי אַרײַן אין אַ טעלער. דערנאָך נעמט אַ לעפֿל און פּרוּווט אַרויסבאַקומען דאָס ווײַסל פֿון דעם טעלער. שווער, האַ? עס לאָזט זיך נישט כאַפּן? עס גליטשט זיך פֿון דעם לעפֿל?

אָט דאָס איז דאָס, מײַן טײַערע. אַ גנבֿ איז אַ גליטשיקער נפֿש, ער גליטשט זיך אַרויס פֿון אונטער די הענט, שווער אים צו כאַפּן, איז דערפֿאַר זאָגט מען: **ער איז דאָס ווײַסל פֿון אַן איי.**

## ווינד און ווײ

אַ ייִד פֿון די בראָנקס וויל וויסן, פֿון וואַנען עס נעמט זיך דער אויסדרוק: **עס איז מיר ווינד און ווײ**. "מילא **ווײ**", שרײַבט ער, "פֿאַרשטיי איך, אָבער ווי קומט אַהער דער ווינט?"

דער **ווינד** אין **ווינד און ווײ** איז אַ גאַנץ אַנדער ווינט, מײַן ליבער פֿרײַנד, נישט קיין ווינט וואָס בלאָזט. דאָס איז דאָס מיטל־הויכדײַטשישע וואָרט "ווינדע", וואָס מיינט "ווייטיק". **ווינד און ווײ** מיינט צוויי מאָל ווײ, פּונקט ווי מען זאָגט: **עס איז מיר אָך און ווײ** אָדער **עס איז מיר ביטער און פֿינצטער**. דאָס מיינט אַ צרה מיט שפּיצן, ווײ פֿון אַלע זײַטן.

## ווינטערדיקער קורח

מ"ר געליס פֿון די בראָנקס האָט געפֿונען אין מײַן "אוצר" דאָס אָרט, וווּ איך רעכן אויס אַלע נעמען, וואָס ייִדן האָבן פֿאַר אַ ממזר: **ממזר, ממזר בן הנידה, ממזוריק, ממזרוק, בענקאַרט, באָנק,** און צום לעצט שטייט **ווינטערדיקער קורח.** וויל ער וויסן, וואָס מיינט עס **ווינטערדיקער קורח.**

אין פּרשת וישלח, ווּו עס ווערן אויסגערעכנט די קינדער, וואָס עשׂוס ווײַבער האָבן אים געהאַט אין לאַנד כּנען, געפֿינט זיך אויך אַ בנאָק זײַנער מיטן נאָמען **קורח.** און אויף זאת קורח מאַכט רש"י "קורח זה ממזר היה" – דער **קורח** איז געוועזן אַ ממזר. און אַזוי ווי פּרשת וישלח לייענט מען אום ווינטער, איז זאָגן ייִדן בלשון סגי־נהור אויף אַ ממזר: **דער ווינטערדיקער קורח** – ס'הייסט, דער **קורח** פֿון פּרשת וישלח.

## ווען אַ חזיר וואָלט געהאַט הערנער

אַ ייִד פֿון רידזש־סטריט אין מאַנהעטן בעט, איך זאָל אים פֿאַרטײַטשן דאָס ווערטל: **ווען אַ חזיר וואָלט געהאַט הערנער, וואָלט ער איבערגעקערט אַ וועלט.**

אָט די פֿירפֿיסיקע חיה, מײַן פֿרײַנד, וואָס מען רופֿט חזיר, האָט בײַ ייִדן זייער אַ שלעכטע מערכה. אַחוץ דעם וואָס מען טאָר זײַן פֿלייש נישט עסן, איז ער אַזוי פֿאַרהאַסט בײַ ייִדן, אַז כּל דאָס בייזס ווערט צו אים צוגעשריבן: ער איז שלעכט, געמיין, קאַרג, שמוציק און וואָס נישט. נאָך איין גליק וואָס ער האָט נישט קיין הערנער – ווען ער האָט הערנער, וואָלט ער די וועלט חרובֿ געמאַכט.

אָבער מאַכט נישט קיין טעות; אין דעם ווערטל, ווי אין אַ סך אַנדערע ווערטלעך, דינט דער חזיר בלויז ווי אַ משל, ווי אַ פֿאַרגלײַך. רעדן רעדט זיך עס וועגן אַ מענטשן מיט די אייגנשאַפֿטן פֿון אַ חזיר און וועגן אים זאָגט זיך עס: אַז ווען דער דאָזיקער חזירישער מענטש זאָל האָבן הערנער, דאָס מיינט: מאַכט, ממשלה, ער זאָל זײַן אַ פֿירער, אַ מושל, וואָלט ער די וועלט איבערגעקערט. אָט איז אַן ענלעך ווערטל וועגן אַן אַנדער בעל־חי וואָס גייט אַזוי: **ווי באַלד דער באָק האָט הערנער, שטויסט ער זיך שוין אויך.** דאָ רעדט זיך נישט וועגן אַ באָק, דאָ רעדט זיך וועגן אַ שוטה, און דאָס ווערטל מיינט צו זאָגן: נו, גיב אַ קוק, דאַכט זיך אַן אָפּגעריסענער נאַר, אַ שוטה, אַ באָק, האָט אים גאָט באַשאָנקען מיט הערנער און געוואָרן אַ מאַכער, אַ פֿירער, און ער שטויסט זיך, רעגירט ווי עפּעס רעכטס.

און אַז איך האַלט שוין דערבײַ, אָט זענען נאָך אַ פּאָר ווערטלעך וועגן גראָטענע פֿירערס. זאָגן ייִדן אין גויִש **ניע דײַ באָך איז איוואַנאַ פּאַנאַ.** זאָגן ייִדן אין ייִדיש: **אַ**

**קלאָג צו די יאָרן, אַז מיקיטע איז אַ סטאַראָסטע;** אָדער: **אָך און ווײ איז צום דאָרף, וווּ מיקיטע איז דער וווּיט.** אין דער צײַט פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען דער גרויסער חכם ניקאָלײַ דער צווייטער עליו־השׁנאָבל איז געוואָרן דער הויפּט־קאָמאַנדיר איבער דער רוסישער אַרמיי, איז אַרומגעגאַנגען אַ ווערטל צווישן רוסישע ייִדן: **אַ קלאָג צו די יאָרן, אַז ניקאָלײַקע איז דער גלאַוונעקאָמאַנדויוסצע און איך דער דאָבלעסטני זאַסציטניק.**

געדענקט אַ כּלל, ייִדן, אַז ווען עס רעדט זיך אין אַ ווערטל וועגן אַ בעל־חי, צי דאָס איז אַ חזיר, אַן אָקס, אַ ציג, אָדער אַ באָק, מיינט מען נישט די בעלי־חיים גופֿא, נאָר מענטשן מיט די אייגנשאַפֿטן פֿון די דאָזיקע בעלי־חיים.

## ווערעמדיקע פֿלוים

פֿראַגע: אין דער היים געדענקט איר, אַז מען פֿלעגט רעדן וועגן איינעם, וואָס האָט געהאַלטן בײַם שטאַרבן, פֿלעגט מען זאָגן: **ער האַלט שוין בײַ דער ווערעמדיקער פֿלוים.** פֿון וואַנען נעמט זיך דער אויסדרוק?

ער נעמט זיך פֿון אַן אַנעקדאָט, נאָר איידער איך דערצייל אים אײַך, לאָמיר אײַך דערמאָנען, אַז אַלץ וואָס איז ווערעמדיק איז אָסור בײַ ייִדן: ווערעמדיקע אַרבעס, ווערעמדיקע קאַרשן, ווערעמדיקע פֿלוימען.

דערציילן ייִדן אַזאַ מעשׂה: דער שטעטלשער אַפּיקורס וואָס האָט בײַ זײַן לעבן אָפּגעטאָן אַלע עבֿירות, האָט בײַ דער גסיסה צוגערופֿן די קינדער און געבעטן זיי זאָלן אים געבן אַ ווערעמדיקע פֿלוים. פֿאַרן טויט, זאָגט ער, וויל איך אויפֿעסן אַ ווערעמדיקע פֿלוים.

פֿרעגן זיי אים: "נאָך וואָס, טאַטע?"

ענטפֿערט ער זיי: "ווען איך וועל קומען אויף יענער וועלט און מען וועט אָנהייבן שמײַסן פֿאַר די עבֿירות וואָס איך האָב געטאָן, וועט מען דאָך בײַ יעדער שמיץ אויסרופֿן פֿאַר וואָס פֿאַר אַן עבֿירה – דאָס איז פֿאַר עסן אומגעוואַשן, דאָס איז פֿאַר נישט לייגן קיין תּפֿילין, דאָס איז פֿאַר גיין אין בלויזן קאָפּ. איז, איך וועל דערהערן, אַז דאָס איז פֿאַר דער ווערעמדיקער פֿלוים, וועל איך וויסן, אַז איך בין פֿאַרטיק".

דערפֿאַר גייט דאָס ווערטל וועגן אַ גוסס: **ער האַלט שוין בײַ דער ווערעמדיקער פֿלוים.**

## ויזתא

אַ ייִד פֿון די בראָנקס האָט זיך געאַמפּערט איבער עפּעס מיט זײַנעם אַ פֿרײַנד און יענער האָט אים געזאָגט: "ע, ביסט געווען אַ **ויזתא** און דו וועסט בלײַבן אַ **ויזתא**". וואָלט ער זייער שטאַרק געוואָלט וויסן דער ייִד פֿון די בראָנקס, וואָס עס מיינט **ויזתא**.

עס וואָלט געווען אַ יושר צו מאַכן אַ שטודיע וועגן דער ראָלע פֿון נעמען אין דער ייִדישער שפּראַך. אָט עפֿן איך דעם "אוצר" און איך לייען אין דער גרופּע "גוטער מצבֿ": **פּינטע, ראָטשילד, בראָדסקי, אײַזיק רב יעקעלעס, קרעזוס, מידאַס, קורח** און אַזוי ווײַטער. וואָס מיינען די אַלע נעמען? זיי מיינען: גבֿיר, עושר, מיליאָנער. מיש איך אויף אַ צווייטע גרופּע, "עם־הארצות", און איך לייען: **איוואַן, מאַטשיק, קובאַ, אַנטעק, באַרטיק, יורקע, וווּטיק** אאַז"וו. וואָס מיינען די נעמען? זיי מיינען: עם־האָרץ, גראָבער־יונג. און אָט מיש איך אויף אַ דריטע גרופּע און איך לייען: **אַבֿרהמעלע מלמד, משה יאָקל, יאָקל בן פֿלעקל, משה יונה, יאָצמאַך, שמענדריק, קונע־לעמל, יאַנקל דאַנדיק, גרונם צדוק, שלומיאל, חוזק, תּרח, ויזתא**. וואָס מיינען די נעמען? איר שטויסט זיך אַוודאי אָן, אַז זיי מיינען: נאַר, שוטה, טיפּש. און ווי איר האָט געהערט, מײַן פֿרײַנד פֿון די בראָנקס, איז צווישן אַלע נעמען, וואָס מיינען אין ייִדיש **שוטה**, פֿאַראַן אויך **ויזתא**, המן הרשעס מיזיניק. פֿאַר וואָס **ויזתא** האָט געהאַט דעם כּבֿוד צו ווערן דער סינאָנים פֿאַר שוטה, גייען אַרום פֿאַרשיידענע ווערסיעס. איינע פֿון זיי איז, אַז ער האָט געזען ווי מע הענגט אַלע זײַנע ברידער און ער איז געשטאַנען און געוואַרט ביז ס'וועט קומען צו אים און ער איז נישט אַנטלאָפֿן – איז ער געווען אַ שוטה! יעדן פֿאַלס, **ויזתא** מיינט אין ייִדיש אַ שוטה און, אַז איר ווילט, קענט איר זיך גאַנץ שיין באַליידיקן אויף אײַער פֿרײַנד, וואָס ער רופֿט אײַך מיט אַזעלכע נעמען.

## וכל מאמינים

צו מ"ר פּירער: אַ דאַנק אײַך פֿאַר אײַער זייער פֿײַנעם בריוו. ריכטיק זאָגט איר, אַז ווען אַ ייִד זאָגט וועגן סחורה עס איז פֿון **וכל מאמינים שהוא**, איז דאָס אַ פֿאַרגרײַזונג, אָדער ווי איך וואָלט געזאָגט, אַ שפּאַסיקע פּאַראָדיע אויף "וכל המינים שהוא", וואָס מיינט: פֿון אַלע סאָרטן, וואָס זענען דאָ.

שפּאַסיקע פּאַראָדיעס אויף העברעיִשע ווערטער אָדער פֿראַזעס איז נישט קיין נײַעס בײַ ייִדן. אין דעם "אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך" קענט איר אָנציילן הונדערטער אַזעלכע פּאַראָדיעס און טראַוועסטיעס ווי, למשל, פֿון "הכּל־בכּל" ווערט – **הכּל־פּאַקל**; פֿון "הכּל בכּל מכּל כּל" ווערט – **הכּל בכּל מכּל פֿלעקל**; פֿון "פּיתום ורעמסס" ווערט – **פּימצן און ראַמצן**; פֿון "היום חד ומחר טריין" ווערט – **חיים כאַפּ, מרדכי טרען**; פֿון "האָ גבֿרא והאָ דסקא" ווערט – **האָ גבֿרא והאָ טראַסקע**; פֿון "ברחל בתּך הקטנה" ווערט – **ברחל בתּך הנאַקעטע**. איך וואָלט אײַך געקענט געבן נאָך, ווען איר פּועלט בײַ מײַן ספּאָנסאָר, ער זאָל מיר געבן מער צײַט.

## וצדקתך

אַ ייִד פֿון די בראָנקס וויל וויסן, פֿאַר וואָס מען זאָגט אויף אַן איבערגעטריבענעם פֿרומען ייִדן: **ער איז אַ וצדקתך.**

אויב איר קענט אַ ביסל העברעיִש, מײַן פֿרײַנד, און איר האָט אַ מאָל אַרײַנגעקוקט אין אַ העברעיִשער גראַמאַטיק, דאַרפֿט איר וויסן, אַז ס'איז דאָ אַזאַ מין זאַך ווי וואָוו המוסיף, אַ וואָוו וואָס גיט צו, וואָס מאַכט מער די זאַך. מיר האָבן עס, למשל, אין ייִדיש אין די ווערטער **אָדר** – אָדר ראשון, און **ואָדר** – אָדר שני, אַ צוגעגעבענער אָדר צוליב דעם עיבור־יאָר. דאָס וואָרט אין העברעיִש איז "צדקתך", "צדקתך צדק"; **וצדקתך** מיינט: מער ווי צדקתך, צדקתך מיט אַ שמיטשיק. נו, איז ווען אַ ייִד איז אַ צדיק, אַ צדקתך, איז זייער פֿײַן, ווען ער איז אָבער אַ **וצדקתך**, אַ סופּער־צדיק, דאָס טויג שוין נישט. אַ מענטש דאַרף זײַן מיט אַ מאָס, נישט צו, ווײַל וואָס צו איז אומגעזונט.

## זאָל זײַן פֿון אַ קאָזאַק

אַ צוהערערין מײַנע, וואָס וויל איך זאָל זי רופֿן "אַ ייִדענע פֿון ברוקלין", פֿרעגט פֿאַר וואָס מען זאָגט: **זאָל זײַן פֿון אַ קאָזאַק – אַבי צום לעבן.**

דאָס דאָזיקע ווערטל, מײַן טײַערע, האָט אַ ביסל אַ ווולגאַרן אָפּשטאַם. דאָס איז אַן ענטפֿער, וואָס אַ ווײַבל, נישט קיין גרויסע צנועה, האָט אַ מאָל געגעבן אירער אַ פֿרײַנדינע, וואָס איז איר געקומען דערציילן, אַז דער עולם מורמלט אונטער, אַז דאָס קינד אירס איז נישט גלאַט כשר. האָט זי איר געענטפֿערט: "ווען מען אַרט עס? **זאָל עס זײַן פֿון אַ קאָזאַק – אַבי צום לעבן**", אָדער "**אַבי צו לאַנגע יאָר**". אַנדערע זאָגן, אַז זי האָט געענטפֿערט: **זאָל עס זײַן פֿון אַ טאָטער, אַבי עס האָט אַ פֿאָטער.** גאָר אַנדערע זאָגן, אַז זי האָט געענטפֿערט: **זאָל עס זײַן פֿון אַ טײַוול, אַבי עס הייסט פֿײַוול.** אָבער ווי זי זאָל ניט האָבן געענטפֿערט, אַלע ווערטלעך האָבן איין מיין: ווען מען אַרט עס פֿון וואַנען עס קומט, אַבי עס איז דאָ? דאָס איז דער אָפּשטאַם פֿון דעם ווערטל, און ווי מיט אַ סך ווערטלעך, איז דער אָפּשטאַם פֿאַרגעסן געוואָרן און דער עולם האָט עס אָנגעהויבן ניצן אין אַ ברייטערן זינען, נישט בלויז אין שײַכות צו אַ ממזר. אין ברייטערן זינען מיינט עס, אַז דער ציל כּשרט די מיטלען, אַז ס'איז נישט קיין חילוק מיט וואָס פֿאַר אַ מיטלען מען דערגרייכט אַ זאַך, אַבי מע דערגרייכט. **זאָל זײַן פֿון אַ קאָזאַק – אַבי צום לעבן, אַרויף וואַסער, אַראָפּ וואַסער – אַבי אין דרויע אויף שבת.**

## זאַשפּערעס

עס שרײַבט צו מיר אַ ייִד פֿון ניו־דזשוירזי: "מײַן שוויגער איז די וואָך אַרײַנגעקומען אַ דורכגעפֿרוירענע פֿון גאַס, פֿרעג איך זי: 'ס'איז קאַלט אין דרויסן, מאַם?' ענטפֿערט זי: 'קאַלט? ס'איז נאָך דעם ווינטער אַזאַ קעלט נישט געווען. **עס פֿאַרגייען די זאַשפּערעס**'. האָט איר אַ מאָל געהערט פֿון אַזאַ אויסדרוק **עס פֿאַרגייען די זאַשפּערעס**? אויב יאָ, וואָס מיינט עס? מײַן שוויגער ווייסט נישט".

**דאָס איז אַן אויסדרוק, מײַן פֿרײַנד, וואָס עס פֿלעגן ניצן אוקראַיִנער ייִדן. אין קליינרוסיש מיינט "זאַשפּאַריס" אַ ווייטאָג, וואָס קומט פֿון אָפּפֿרירן אַן אבֿר. עס פֿאַרגייען די זאַשפּערעס** מיינט אַ ביטערע, בײַסיקע קעלט, וואָס נעמט דורך די ביינער און שטעכט ווי מיט נאָדלען.

## זויער אין פּיאַטע

און אָט איז אַ פֿראַגע פֿון אַ ברוקלענער פֿרוי. "וואָס מיינט עס", פֿרעגט זי, "**עס איז מיר זויער אין פּיאַטע**?"

**זויער אין פּיאַטע, מאַדאַם, איז אַ שפּאָטישע פּאַראָדיע אויף דעם אויסדרוק עס איז מיר זויער אויפֿן האַרצן.** ווען איר זאָגט **עס איז מיר זויער אין פּיאַטע,** מיינט איר צו זאָגן איראָניש: **אָט באַלד נעם איך זיך דערפֿון צום האַרצן, אָט זעץ איך זיך זאָרגן, אָט קויף איך מיר אַ זאָרגן־בענקעלע, אָט זעץ איך זיך וויינען, אָט צעקראַץ איך זיך** אאַז"וו.

## זי איז געראָטן אין די אמהות

דער ייִד פֿון די בראָנקס, וואָס האָט אײַנגעהאַנדלט מײַן "אוצר" און האָט מיך געסטראַשעט, אַז ער וועט מיך נישט צו רו לאָזן ביז איך וועל אים נישט דערקלערן אַלץ, וואָס איז אים קשה, האַלט וואָרט. "מ"ר סטוטשקאָוו", שרײַבט ער, "איך האָב געפֿונען אין 'אוצר' אַן אויסדרוק: **זי איז געראָטן אין די אמהות**. וואָס מיינט עס?"

**וואָס אמהות איז, ווייסט איר – אמהות מיינט: מאַמעס. פּונקט ווי מיר ייִדן האָבן געהאַט אָבֿות – טאַטעס: אַבֿרהם, יצחק און יעקבֿ, אַזוי האָבן מיר געהאַט אמהות – מאַמעס: שׂרה, רבֿקה, רחל און לאה. שׂרה איז, ווי איר ווייסט, געווען אַלע יאָרן אַ בעזדיעטניצע, אַן עקרה נישט פֿאַר קיין ייִדישער טאָכטער געדאַכט און ערשט אויף דער עלטער האָט זי מזכּה געווען אַבֿרהמען מיט אַ זון. רבֿקה איז געווען זייער אַ ווילע, אָבער די משפּחה אירע איז נישט געווען אַזוי אײַ־אײַ־אײַ, גענוג אַז זי האָט געהאַט אַזאַ שווינדלער אַ ברודער ווי לבֿנען, וואָס האָט אונטערגערוקט יעקבֿן אַזאַ קראַסאַוויצע ווי לאה, ווען יענעם נעבעך איז אויסגעגאַנגען דאָס האַרץ פֿאַר דער שיינער רחל. נו, איז ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ נישט־געראָטענער מויד, אַ**

פֿאַצעצע, וואָס מע האָט אַרײַנגעשליירט אַ בחור, פֿלעגן ייִדן זאָגן, **אַז זי איז געראָטן אין די אמהות**, דאָס מיינט, אַז זי האָט שׂרהס יאָרן, רבֿקהס ייִחוס און לאהס שיינקייט.

## זי קען נאָר אין דער מאַמעס סידור

און אָט איז נאָך אַ פֿראַגע פֿון אַ ייִדן אין ברוקלין, וואָס האָט אַ שײַכות צו עם־הארצות. ער בעט, איך זאָל אים דערקלערן דעם אויסדרוק: **זי קען נאָר אין דער מאַמעס סידור**.

דער אויסדרוק, מײַן פֿרײַנד, שטאַמט פֿון דעם אַמאָליקן אײַנפֿיר בײַ ייִדן בעת טאָן אַ שידוך מיט אַ קינד צו פֿאַרהערן חתן־כּלה און זען, צי זיי קענען עפּעס אין די שוואַרצע פּינטעלעך. ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן חתן, פֿלעגט מען בײַ דער זעונג פֿאַרבעטן דעם רבֿ פֿון שטעטל צי אַ קרובֿ אַ למדן, און זיי פֿלעגן אַ שמועס טאָן מיטן חתן אין לערנען און זען צי ער יכלט, דער בחור. האָט זיך עס געהאַנדלט וועגן דער כּלה, האָט מען קיין ספּעציעלע פֿאַרהערערס נישט באַדאַרפֿט, ווײַל מישטיינס געזאָגט, וואָס האָט מען געפֿאָדערט פֿון אַ ייִדיש מיידל? אַז זי זאָל קענען דאַווענען און קענען לייענען דעם טײַטש־חומש, און צו דעם איז גענוג געווען די מחותּנתטע אַליין. שבת פֿלעגט זי גיין מיט דער כּלה אין שול, איר דערלאַנגען אַ סידור און זיך אונטערהערן ווי אַזוי זי זאָגט.

האָט געטראָפֿן, אַז די מחותּנתטע איז געגאַנגען מיט איר קומענדיקער שנור אין שול אַרײַן, אַוועקגעלייגט פֿאַר איר דעם סידור און זי וואַרט, אַז יענע זאָל אָנהייבן זאָגן. יענע קוקט אין סידור און קוקט, אָבער קיין וואָרט פֿון איר מויל הערט מען נישט. ווונדערט עס דער מחותּנתטע און זי מאַכט צו דער מויד: "פֿאַר וואָס זאָגסטו נישט, מײַן קינד? דו קענסט, חלילה, נישט דאַווענען?" – "וואָס הייסט, איך קען נישט", ענטפֿערט די מויד, "איך קען אָבער אין דער מאַמעס סידור, פֿון אַ פֿרעמדן איז מיר שווער".

פֿון דעמאָלט אָן איז עס געוואָרן אַ ווערטל בײַ ייִדן וועגן עם־הארצים, וואָס גיבן אָן פֿאַרשיידענע תּירוצים צו פֿאַרדעקן זייער גראָב־יונגישקייט – נו יאָ, די מעשׂה מיט יענער כּלה: **זי קען נאָר אין איר מאַמעס סידור**.

## זײַ מיר נישט קיין מחותּן

מר"ס טווין פֿון די בראָנקס פֿרעגט וועגן דעם ווערטל: **זײַ מיר נישט קיין מחותּן און ניי מיר נישט קיין לעטניק**.

דאָס איז אַ פּאַראָדיע אויף **זײַ מיר נישט קיין פֿעטער און ניי מיר נישט קיין שטיוול**, און עס געהערט צו דער קאַטעגאָריע "גוטהאַרציקייט". מישט אויף, זײַט מוחל, אין "אוצר" זײַט 567, וועט איר דאָרטן געפֿינען אַ גאַנצע גרופּע אַזעלכע ווערטלעך, וואָס כאָטש

יעדעס פֿון זיי קלינגט אַנדערש, מיינען זיי אָבער אַלע איין זאַך: זײַ נישט קיין גוטהאַרציקער און טו מיר נישט קיין טובֿות, ווײַל דײַנע טובֿות קרענק איך אויס, דײַנע טובֿות גייען מיר תּמיד אויס באָקעם, און איך זאָג צו דיר ווי מען זאָגט צו דער בין: **לא מדובֿשך ולא מעוקצך** – איך בין דיר מוחל דײַן האָניק און גיב מיר נישט קיין ביס. ביסט טאַקע מײַנער אַ פֿעטער און דו ווילסט מיר טאָן אַ טובֿה און אויפֿנייען אַ פּאָר שטיוול, אָבער שפּעטער וועל איך זיך דאַך פֿאַר די שטיוול נישט קענען אויסקויפֿן פֿון דיר, איז **זײַ מיר נישט קיין פֿעטער און ניי מיר נישט קיין שטיוול**. אָדער ווי שלום־עליכם זאָגט: **משליך קרחו כפּתּים - וואַש מיר נישט דעם פּעלץ און מאַך מיך נישט נאַס. טו מיר נישט אָן קיין מענטעלע און גיב מיר נישט קיין הענטעלע, מאַך מיר נישט קיין לאַך אין קאָפּ און לייג מיר נישט צו קיין פּלאַסטער.**

## זײַן שטעטל באַשטיין

אַ ייִד פֿון מאַנהעטן פֿרעגט אַ פּשוטע שאלה, וואָס איז שוין גאָר נישט פּשוט: "פֿון וואַנען נעמט זיך דער אויסדרוק: **ער קען זײַן שטעטל באַשטיין**?"

דער אויסדרוק פֿאָדערט אַ דערקלערונג. צו ערשט וועגן וואָרט **שטעטל**. דאָס וואָרט **שטעטל** אין דעם אויסדרוק מיינט נישט דאָס זעלבע, וואָס דאָס וואָרט שטעטל מיינט געוויינטלעך, אַ קליינע שטאָט, ווי שניפּישאָק, זאַוויערטשע, זאַרעמבע, קראַסנאָשילץ, פּונקט ווי אַ שטאָט אין שול מיינט נישט אַ שטאָט ווי ניו־יאָרק, ווי שיקאַגאָ, ווי דעטרויט. סײַ די שטאָט אין שול און סײַ דאָס שטעטל אין אונדזער אויסדרוק מיינט "אַן אָרט, אַ פּלאַץ", און שטאַמט פֿון דעם דײַטשישן וואָרט "שטאַט" אָדער "שטעטע". דאָס איז איין מאָל אַוועק.

איצט וועגן וואָרט **באַשטיין**. **באַשטיין** האָט אין ייִדיש עטלעכע טײַטשן, איינער פֿון זיי: קענען זיך האַלטן, קענען שטיין אויף די אייגענע פֿיס, קענען זיך אַליין פֿאַרטיידיקן – ווי אין דעם אויסדרוק **ער קען באַשטיין קעגן צוויי**, ד"ה ער קען זייביידן בײַקומען. אָט אין דעם זינען דאַרף פֿאַרשטאַנען ווערן דער אויסדרוק: **ער קען זײַן שטעטל באַשטיין**. דאָס מיינט: ער קען פֿאַרטיידיקן זײַן פּלאַץ, זײַן פּאָזיציע, ער איז אַ מענטש מיט זעלבשטענדיקייט, מיט מוט, מיט קוראַזש, נישט קיין לעמעשקע, נישט קיין שיפּע זיבעלע, וואָס לאָזט זיך שפּײַען אין דער קאַשע.

## זיך גיין בענטשן

מ"ר סעמועל וואָלף, קענטיק אַ יליד רומעניע, פֿרעגט וועגן דער פֿראַזע: **וואָס זאָל איך זיך גיין בענטשן?**

עס וועט געווען זײַן ווען איך וועל אײַך זאָגן, ווען אָט די פֿראַזע ווערט געניצט,

וועט איר שוין ממילא פֿאַרשטיין וואָס זי מיינט. שטעלט זיך פֿאָר, עמעצער אַ בעל־מגזם, ס'הייסט אַ ייִד וואָס האָט ליב איבערצוטרײַבן, וואָס האָט ליב צו מאַכן פֿון אַ וואָרט אַ קוואָרט, צעגיסט זיך אין שבֿחים וועגן אַ געוויסן מענטשן, אַז ער איז אַ גוטע נשמה, אַן אָפֿענע האַנט, מיט איין וואָרט – אַ צדיק. אײַך פֿאַרדריסט עס, ווײַל איר קענט אים, אָט דעם פֿאַרשוין, און איר ווייסט, אַז ס'איז נישט אַזוי די מעשׂה. זאָגט איר מיט פֿאַרדראָס צום שבֿחים־זאָגער: "נו, איז וואָס זשע ווילסטו, **איך זאָל זיך גיין בענטשן** צו אים?" – צו דעם צדיק דײַנעם, הייסט עס. ווײַל צו ועמען גייט מען זיך בענטשן, צו וועמען קומט מען נאָך אַ ברכה? צו אַ רבין, צו אַ צדיק. מיט דער פֿראַזע דריקן ייִדן אויס ביטול צו די, וואָס מע האָט אײַנגעוויגט פֿאַר צדיקים און זיי זענען עס באמת נישט.

## זעקס

ייִדן קענטיק האָבן ליב נישט נאָר צו פֿרעגן, נאָר אויך צו ענטפֿערן ווען מען פֿרעגט זיי. מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק האָב איך זיך געווענדט צו מײַנע צוהערער מיט אַ פֿראַגע: אפֿשר ווייסט איר, פֿון וואַנען עס נעמט זיך די גנבֿישע האַסלע, אָדער פּאַראָלוואָרט, **זעקס**, וואָס מיינט: היט זיך, גיב אַכטונג, מע גייט!

איך האָב אויף דער פֿראַגע באַקומען צענדלינגער ענטפֿערס מיט פֿאַרשיידענע סבֿרות און פּשטלעך. אָבער פֿון אַלע סבֿרות און פּשטלעך מיין איך, אַז די בעסטע איז די פֿון מ"ר און מר"ס שטיינביגל פֿון מאַנהעטן און פֿון מ"ר הירש אַלטוסקי פֿון די בראָנקס. זיי מיינען, אַז דער אויסדרוק איז אויפֿגעקומען אין וואַרשע. און אָט ווי זיי דערקלערן עס. וואַרשע, ווי יעדע גרויסע שטאָט, איז געווען צעטיילט אין פּאָליציייִשע באַצירקן, אָדער אין צערקלען, ווי מע האָט עס גערופֿן אין וואַרשע. די פּאָליציאַנטן, אָדער די סטויקאָוועס, פֿלעגן האָבן דעם נומער פֿון זייער צערקל, צו וועלכן זיי האָבן געהערט, אויסגענייט אויף די קעלנער פֿון זייערע מונדירן. דער ייִדישער האַנדלס־צענטער פֿון וואַרשע – ווי די נאַלעווקעס, די פֿראַנציסקאַנער גאַס, גענשע, מאָרענאָווו אאַז"וו – האָט געהערט צום זעקסטן צערקל, און די פּאָליציאַנטן פֿון דעם צערקל האָבן אויף זייערע קעלנער געהאַט דעם נומער זעקס.

ייִדן האָבן געמעגט האַלטן אָפֿן זייערע געשעפֿטן ביז אַ באַשטימטער צײַט. האָט מען געכאַפּט אַ ייִדן מיט אַן אָפֿן געשעפֿט נאָך דער באַשטימטער צײַט, האָט ער שוין געהאַט אויף זיך אַ פּעקל. וואָס טוט מען אָבער, אַז פּונקט ווען מען דאַרף פֿאַרמאַכן דאָס געשעפֿט פֿאַלט אַרײַן אַ קונה און עס ווילט זיך נישט פֿאַרלירן קיין לייזונג? שטעלט מען אַוועק פֿאַר דער האַלב פֿאַרמאַכטער טיר אַ משרת, ער זאָל אַכטונג געבן,

צי עס גייט נישט קיין שׂונא־ישׂראל, קיין פּאָליציאַנט, און דערזעט ער אַזעלכן, גיט ער אַ געשריי: **זעקס!** ס׳מיינט: דער מלאך־המוות מיטן נומער זעקס גייט און דאָס געשעפּט ווערט גלײַך פֿאַרהאַקט. און אַזוי ווי קיין וואַרשע פֿלעגן קומען סוחרים פֿון דער גאַנצער וועלט, איז נישט קיין ווונדער, וואָס דאָס ווערטל **זעקס** איז געוואָרן באַקאַנט בכל־תּפֿוצות־ישׂראל און גנבֿים, וואָס האָבן ליב אַזעלכע ווערטלעך, האָבן זיך אָנגעכאַפּט אין דעם ווי אין אַן אבֿן־טובֿ און עס אַרײַנגענומען אין זייער גנבֿישן זשאַרגאָן.

## חד־גדיא

אַ ייִד פֿון די בראָנקס שרײַבט: ״אין דער היים, אַז מע פֿלעגט וועלן זאָגן אויף איינעם: ער זיצט אין טורמע, אין תּפֿיסה, אָדער ווי מען זאָגט דאָ, אין ׳דזשייל׳, פֿלעגט מען זאָגן: ׳ער זיצט אין **חד־גדיא**׳. וואָס עפּעס **חד־גדיא**?״

**חד־גדיא,** מײַן פֿרײַנד, געהערט צו די ווערטער, וועגן וועלכע איך האָב שוין אַ מאָל גערעדט אויספֿירלעך, צו די אַנאָנימען: אויסגעטראַכטע ווערטער מיט וועלכע מען באַצייכנט זאַכן וואָס מען וויל נישט אָדער מען ווייסט נישט ווי זיי אָנצורופֿן בײַ זייערע אמתע נעמען. טורמע, תּפֿיסה איז צו אָפֿן, **חד־גדיא** איז פֿאַרשטעלט, סגי־נהורדיק. אַ באַווײַז, אַז **חד־גדיא** איז אַנאָנים, קענט איר זען דערפֿון, וואָס נישט בלויז אויף תּפֿיסה זאָגט מען **חד־גדיא,** אויף אַ נאַרישקייט, אויף אַ שטות זאָגט מען אויך: ״ע, ס׳אַ **חד־גדיא!**״ אויף אַן אויסגעטראַכטער זאַך, אויף אַ ליגן זאָגט מען אויך: ״ע, ס׳אַ באָבע־מעשׂה, ס׳אַ **חד־גדיא!**״ אַפֿילו אויף אַ טומל זאָגט מען אויך **חד־גדיא:** ״זע וואָס ס׳טוט זיך! זע די **חד־גדיא** וואָס זיי מאַכן!״ פֿאַר וואָס ייִדן האָבן אויסגעקליבן דאָס וואָרט **חד־גדיא** ווי אַן אַנאָנים איז מסתּמא דערפֿאַר, ווײַל דער קלאַנג פֿון דעם וואָרט איז זיי געפֿעלן געוואָרן. הלמאַי האָבן זיי אויסגעקליבן ווי אַנאָנימען אַזעלכע ווערטער ווי: **יקום־פּורקן, תּקנת־שבת, האָצעפּלאָץ** וכּדומה?

אַגבֿ, איז **חד־גדיא** נישט דאָס איינציקע וואָרט וואָס ייִדן זאָגן אויף תּפֿיסה. מען זאָגט אויך: **ער זיצט אין חדר, אין ישיבֿה, אין שער־הרחמים, אין אל מלך יושבֿ, אין המצא מנוחה, אין די הויכע פֿענצטער, אין כודער־מודער, אין קיטש, אין קוטשעמענט, אין קוטוזקע, אין טשיקמיק, אין קאַלאַמאַזשניע.** פֿעלן ווערטער בײַ ייִדן, זאָל אַזוי פֿעלן געזונט און פּרנסה.

מ״ר נחום געלפֿאַנד פֿון ברוקלין האָט אַ בעסערן ענטפֿער. ער מיינט, אַז דערפֿאַר זאָגט מען אויף תּפֿיסה **חד־גדיא** ווײַל ״גדיא״ איז אַ ציגעלע, ציגעלע איז אַ קאָזע און קאָזע, ווייסן אַלע פּוילישע ייִדן, האָט געהייסן די שטעטלשע תּפֿיסה, אין וועלכער מע

האָט אַרײַנגעזעצט די לײַכטע פֿאַרברעכערס. אַנשטאָט צו זאָגן "מע האָט אים אַרײַנגעזעצט אין קאָזע", פֿלעגט מען זאָגן "מע האָט אים אַרײַנגעזעצט אין **חד־גדיא**". אַ דאַנק אײַך, פֿרײַנד געלפֿאַנד, פֿאַר אײַער פֿײַנער עטימאָלאָגיע. אויך די אַנדערע עטימאָלאָגיעס אײַערע לייגן זיך אויפֿן שׂכל און בײַ אַ געלעגנהייט וועל איך אײַך געבן דעם קרעדיט פֿאַר זיי.

## חושים

אַ ייִד פֿון די בראָנקס וויל וויסן, פֿאַר וואָס מען זאָגט אויף אַ צעדרייטן, אויף אַן אידיאָט: **חושים**.

דער גרונטטײַטש פֿון דעם וואָרט **חוש**, לשון־רבים **חושים**, איז שפּירונג, פֿילונג, די פֿעיִקייט אויפֿצונעמען אײַנדרוקן פֿון דער דרויסנדיקער וועלט מיט דער הילף פֿון געוויסע אבֿרים פֿון אונדזער קערפּער, ווי די אויגן, אויערן, נאָז אאַז״וו. מיר האָבן, ווי איר ווייסט, פֿינף **חושים**: אַ הער־חוש, אַ זע־חוש, אַ טאַפּ־חוש, אַ טעם־חוש און אַ ריח־חוש. דאָס איז אַזוי צו זאָגן דער ענגער זינען פֿון **חוש** און **חושים**. מיר ניצן אָבער **חוש** און **חושים** אויך אין ברייטערן זינען פֿאַר דעם גאַנצן גײַסטיקן אַפּאַראַט אונדזערן, וואָס מיר רופֿן אינטעלעקט אָדער נשמה.

**ער האָט אַ חוש פֿאַר דער זאַך** מיינט: ער האָט אַ פֿאַרשטענדעניש פֿאַר דער זאַך; **פֿאַרחושן זיך** מיינט: פֿאַרטראַכטן זיך, שווימען אין די עולמות העליונים; **זײַן אַרײַנגעטאָן אין עפּעס מיט אַלע חושים** מיינט: מיט דער גאַנצער נשמה, מיטן גאַנצן לײַב און לעבן. פֿון אָט אָ דעם ברייטערן באַטײַט פֿון דעם וואָרט **חושים** נעמען זיך די אַלע פֿאַרשיידענע בײַבאַטײַטן זײַנע.

**חושים** – אַ צעדרייטער. ווײַל אַ צעדרייטער, אַן אידיאָט איז געוויינטלעך קאָנצענטרירט מיט אַלע זײַנע **חושים** אויף איין זאַך, אויף אַן אידעע־פֿיקס.

**חושים** – אַ נאַר, אַ שוטה. ווי ווײַט איז אַ נאַר פֿון אַן אידיאָט? אַ תּחום־שבת.

**חושים** הייסט אויך בײַ ייִדן: אַ טויבער. ווײַל אויך אַ טויבער לעבט אין אַ וועלט פֿאַר זיך, ווײַל ער הערט נישט וואָס עס טוט זיך אַרום אים.

## חזיר־פּיסל כּשר

אַ ייִד פֿון דזשאַמייקע, לאָנג־אײַלאַנד, וויל וויסן וואָס עס מיינט דער אויסדרוק: **חזיר־פּיסל כּשר**.

דאָס מיינט אַ טווּנג, אַן אַקציע, וואָס אויבן אויף זעט עס אויס גלאַט כּשר, אָבער אין תּוך איז טרייף ווי חזיר. געוויינטלעך ווערט דאָס ווערטל באַנוצט אין באַצוג צו אַ גאָטס גנבֿ, וואָס טוט אָפּ כּל דבֿר אָסור פֿאַרגלאָצנדיק די אויגן. דער אויסדרוק איז אַ

פֿאַרקירצונג פֿון אַ מאמר אין מדרש: ״חזיר פושט את טלפּיו ואומר: טהור אַני״ – אַ חזיר שטעקט אויס זײַנע קלאָען און זאָגט: זע, איך בין כּשר. פֿאַרקירצט קלינגט עס: **חזיר־פּיסל כּשר.**

## אַ חזירשער עק

אַ ייִד פֿון די בראָנקס וויל, איך זאָל אים אויסטײַטשן דאָס באַקאַנטע ייִדישע ווערטל **פֿון אַ חזירשן עק קען מען קיין שטרײַמל נישט מאַכן,** און דערבײַ וויל ער איך זאָל אים זאָגן, ווען מע ניצט דאָס דאָזיקע ווערטל.

איך וועל אײַך ביידע זאַכן צו ליב טאָן, ר׳ ייִד. וואָס אַ **שטרײַמל** איז, ווייסט איר? דאָס איז אַ מין פֿוטערנע היטל, וואָס רבנים פֿלעגן טראָגן אין דער אַלטער היים און חסידים שבת און יום־טובֿ, און אויב איר וועט זײַן אַ מאָל ״דאַונטאַון״ אין אַ שבת, קענט איר נאָך איצט באַגעגענען אַ היימישן רבֿ אָט אין דער אַלטער טראַדיציאָנעלער קאָפּ־באַדעקונג. אַ **שטרײַמל** ווערט געמאַכט פֿון די עקלעך, וואָס מע שנײַדט אַרונטער פֿון פֿוטער. גאַליציאַנער ייִדן, למשל, זייערס אַ **שטרײַמל** האָט געדאַרפֿט האָבן דרײַצן שפּיצן, דאָס הייסט געמאַכט פֿון דרײַצן אַזעלכע עקלעך. די עקלעך זענען געווייִנטלעך פֿון די בעסערע מינים פֿוטער, ווי פּיקסלעך, סויבל אאַז״וו. קיין קירזשנער וועט נישט אײַנפֿאַלן צו מאַכן אַ **שטרײַמל** פֿון חזירשע עקלעך. איז אָט דאָס איז דער פּראָסטער פּשוטער טײַטש פֿון דעם ווערטל: **פֿון אַ חזירשן עק** אָדער **פֿון אַ חזירשן ווײדל קען מען קיין שטרײַמל נישט מאַכן.**

דאָס איז אָבער בלויז אַ משל. דער נימשל איז, אַז פֿון עפּעס שלעכטס קען מען נישט מאַכן עפּעס רעכטס. דאָס וואָס איינער איז בטבֿע, דאָס וועט ער שוין בלײַבן. אָט זענען ענלעכע ווערטלעך, וואָס דריקן אויס דעם זעלבן געדאַנק: **האָדעווע אַ וואָלף ווי לאַנג, קוקט ער אַלץ אין וואַלד אַרײַן; אַ וואָלף פֿאַרלירט זײַנע האָר, אָבער נישט זײַן נאַטור; פֿון אַ יאַלעוועך קו קען מען קיין פוטער ניט שלאָגן; שמיר אַ פֿאַרך מיט האָניק, אַ פֿאַרך בלײַבט אַ פֿאַרך.** איצט איז אײַך קלאָר, וואָס דאָס מיינט **פֿון אַ חזירשן עק קען מען קיין שטרײַמל נישט מאַכן?** איך האָף, אַז יאָ. דערבײַ איז ווערט צוצוגעבן, אַז אונדזער געניאַלער שלום־עליכם ע״ה האָט אויף דעם דאָזיקן ווערטל געשאַפֿן אַ זייער געלונגענע פּאַראָדיע אויפֿן לשון פֿון אַקדמות. בײַ אים גייט עס אַזוי: **מזנבֿתּא דחזירתא לא מאכנתא שטרײַמילתא.**

מר״ס קאַץ פֿון מאַנהעטען בעט, איך זאָל איר זאָגן פֿון וואַנען עס שטאַמט דאָס וואָרט **חזרן**. ״ווען אַ רבי״, שרײַבט זי, ״לערנט מיט אַ ייִנגל די הייליקע תּורה אָדער אַ דרשה צו בר־מצווה, זאָגט ער אים אָן ער זאָל **חזרן** אָדער **זיך אײַנחזרן**. איז ווי קומט עס״, שרײַבט זי, ״אַז מען זאָל פֿאַר אַזאַ הייליקער זאַך ווי די תּורה ניצן אַזאַ טרייף וואָרט ווי **חזיר**?״

ווען אײַער מאַן, מר״ס קאַץ, וואָלט געווען אַ ביסעלע באַקאַנט מיט דער הייליקער תּורה, וואָלט איר זיך פֿאַרשפּאָרט אָפּעסן דאָס האַרץ פֿון אַזאַ נאַרישקייט, וואָלט ער אײַך געקענט זאָגן, אַז "**אײַנחזרן** אַ דרשה״ און להבֿדיל "**אײַנחזירן** אַ מלבוש״ זענען צוויי פֿאַרשיידענע זאַכן, וואָס האָבן איינס מיטן אַנדערן גאָרנישט צו טאָן, כאָטש ביידע קלינגען עגאַל.

"**אײַנחזרן** אַ דרשה״ אָדער ״אַ בלאַט גמרא״ מיינט אויסלערנען פֿון אויסנווייניק און נעמט זיך פֿון דעם העברעיִשן וואָרט ״חזר״ – רעפּעטירן, איבערזאָגן איין מאָל און נאָך אַ מאָל, ביז ער וועט עס קענען. איר קענט אַ זאַך אויסלערנען ווען איר וועט עס **חזרן, איבערחזרן, אײַנחזרן** און **אויסחזרן**. דאָס איז וועגן דער הייליקער תּורה.

ווען איר זאָגט אָבער "**אײַנחזירן** אַ מלבוש״, מיינט עס שוין גאָר עפּעס אַנדערש, מיינט עס אײַנשמוצן, אײַנסאַרגען, פֿאַרשליאָכען. פֿאַר וואָס? ווײַל דער **אײַנחזירן** נעמט זיך פֿון דעם טרייפֿענעם נפֿש, וואָס ייִדן טאָרן נישט עסן – **חזיר**, וואָס לייגט זיך אויס מיט אַ יוד נאָכן זיין: ח־ז־י־ר־ן.

אַזוי ווי אַ **חזיר** איז בטבֿע נישט קיין זייער ריין באַשעפֿעניש, האָבן ייִדן פֿון דעם וואָרט **חזיר** געמאַכט אַ סינאָנים פֿאַר אומריינקייט, פֿאַר שמוציקייט. ווען בײַ אַ ייִדענע אין שטוב איז אַ מושבֿ אָנגעוואָרפֿן, אָנגעשלײַדערט, דאָ אַ קופּע, דאָרט אַ קופּע, איז בײַ איר אַ **חזיר־שטאַל**. אַז זי איז אַן אָפּגעלאָזענע, אַן אומצוכט, אַ ניעראַכע, אַ מענטש וואָס גיט נישט אַכטונג אויף קיין ריינקייט, איז בײַ איר אין שטוב שטענדיק **אָנגעחזירט**, איז בײַ איר די ספּאָדניצע שטענדיק **אײַנגעחזירט**, און זעצט מען זיך אַוועק בײַ איר אויף אַ בענקל, ווערט מען **אויסגעחזירט**.

## חי ק״ק

איך ענטפֿער נישט זייער גערן אויף אַזעלכע פֿראַגעס ווי די ווײַטערדיקע, אָבער מען מוז אַ מאָל מאַכן אַן אויסנעם און זאָלן מיר די מפֿונקים, די פֿײַנשמעקער אין מײַן אוידיענץ מוחל זײַן.

פֿאַראַן בײַ ייִדן אַ צאָל ביטול־ווערטער, וואָס ווערן געניצט וועגן אַ קליינער סומע געלט. **עס איז ווערט אַ גראָשן**, זאָגן ייִדן, **אַ דיטקע, אַ פּיאַטאַק, אַן אָפּגעריבענער זעקסער**

אַאַז"וו. צווישן די דאָזיקע אויסדרוקן איז פֿאַראַן איינער, וואָס קלינגט אַ ביסל ווולגאַר: **עס איז ווערט**, זאָגן ייִדן, **חײַ צוויי קופּן סערעבראָם**. פֿון וואַנען נעמט זיך אָט דער אויסדרוק האָבן מיך שוין אַ סך ייִדן געפֿרעגט.

לצים זאָגן, אַז ער באַציט זיך אויף אַ מעשׂה וועגן אַ ניקאָלײַעווסקן סאָלדאַט – אָבער מאַלע וואָס לצים קענען אויסטראַכטן. איך מיין, אַז דער אָפּשטאַם פֿון דעם אויסדרוק איז זייער אַ פּשוטער, אַז ער איז נישט מער און נישט ווייניקער ווי אַ ווולגאַרע פּאַראָדיע אויף **חי רו"כ סערעבראָם**. דערבײַ דאַרף באַמערקט ווערן, אַז **חי רו"כ סערעבראָם** אַליין איז אַ שפּאַסיקער אויסדרוק, ווײַל די ראָשי־תּבֿות פֿון **רו"כ** זענען "רובל כסף" – זילבערנע רובל. און דער **סערעבראָם**, וואָס מיינט אין רוסיש זילבערנע, איז אַן אומזיסטע נאָכשלעפּעניש אויפֿן שטייגער ווי מען זאָגט **מים־אַחרונים־וואַסער** אָדער "ווער האָט דיך געמאַכט פֿאַר **מי שׂמך?**" ייִדן נישט־באַהאַוונטע וועלן זיכער פֿרעגן וואָס מיינט **רו"כ**, רובל כסף, זילבערנע רובל. זענען דען געווען אַנדערע רובלס נישט קיין זילבערנע? איז דער ענטפֿער: יע, געווען, אפֿשר נישט פֿאַר אונדזערע צײַטן, אָבער געווען. געווען אַ **רובל באַנקאָ**, וואָס איז נישט ווערט געווען מער ווי איין פֿערטעלע, דאָס הייסט 25 קאָפּיקעס, און געווען אַ **זילבערנער רובל**, וואָס איז ווערט געווען פֿיר פֿערטעלעך. איז ווען מע האָט אויפֿגערופֿן אַ ייִדן צו אַן עליה און אים געמאַכט אַ מי־שברך און דער שמש איז געקומען צו דעם "בעבֿור שנדר", איז ווען דער ייִד האָט געזאָגט "חי רובל" סתּם, האָט עס געמיינט אַכצן פֿערטעלעך, האָט ער אָבער געזאָגט "חי רובל כסף", אָדער **חי רו"כ**, האָט עס געמיינט גאַנצע רובלס, זילבערנע.

בקיצור, פֿון **חי רו"כ** איז געוואָרן שפּאַסיק און ווולגאַר **חי צוויי קופּן**, און פֿון **חי רו"כ סערעבראָם** איז געוואָרן **חי צוויי קופּן סערעבראָם**. און אַזוי ווי ייִדן האָבן ליב פּאַראָדיעס אויף פּאַראָדיעס, האָט איר געקענט הערן אויך אַזעלכע אויסדרוקן ווי **חי צוויי קופּן גראָשע פּיעטנאַשטשע** און **חי צוויי קופּן שטרויענע זעק**.

## חיבוט־הקבֿר

אַ פֿרוי פֿון דער איסט־סײַד וויל וויסן וואָס עס מיינט **חיבוט־הקבֿר**.

**חיבוט־הקבֿר**, מומעשי – די ליידן פֿון קבֿר. איר האָט דאָך אַוודאי געהערט פֿון דעם מלאך־הדומה. דאָס איז דער מלאך, וואָס האָט די אויפֿגאַבע אָפּצושטאַטן דעם ערשטן וויזיט דעם פֿריש באַגראָבענעם בר־מינן און אים נעמען אויפֿן צימבל. און די הייליקע ספֿרים שרײַבן, אַז ער איז נישט פֿון די גוטע מלאָכים, אַז ער האָט ליב אַ ביסעלע אונטערצומוטשען דעם נײַעם גאַסט, איידער ער לאָזט אים אַרויס פֿון די הענט. נו, איז

דערפֿאַר ווען אַ ייִד וויל זאָגן: איך האָב געליטן שרעקלעכע יסורים, זאָגט ער: **איך האָב געליטן חיבוט־הקבֿר אָדער איך בין דורכגעגאַנגען דעם גיהנום, איך בין דורכגעגאַנגען די שיבֿעה מדורי גיהנום אאַז"וו.**

## חכמי־הלעזשאַנקע

מ"ר וואַגמאַן וויל וויסן וואָס עס מיינט: **חכמי־הלעזשאַנקע.**

איך וואָלט געשווירן, מ"ר וואַגמאַן, אַז איר קומט פֿון פּוילן אָדער גאַליציע, ווײַל ווען איר זענט פֿון ליטע אָדער רוסלאַנד, וואָלט איר געוווּסט וואָס מיינט אַזוינס **לעזשאַנקע.** **לעזשאַנקע** איז אַ געוויסער טייל פֿון אַ רוסישן אויוון. אַ רוסישער אויוון, ווייסן ייִדן, איז נישט געווען סתּם אַן אויוון, נאָר אַן אינסטיטוציע אַ גאַנצע. אַ רוסישער אויוון איז געווען אַ מאַכינע אַ גאַנצע, וואָס האָט פֿאַרנומען אַ האַלבע שטוב. דערפֿאַר זאָגט מען בײַ ייִדן ווען געסט קומען: **מען דאַרף צעוואַרפֿן דעם אויוון.** ווײַל ס'איז נישטאָ קיין פּלאַץ ווּ זיי צו זעצן אָדער באַלייגן. געדינט האָט דער אויוון, דער עיקר, אויף צו געבן וואַרעמקייט דער שטוב. אָבער אין אַן עת־צרה האָט מען, איידער מע האָט אים פֿאַרמאַכט, געקענט אָפּקאָכן אין דער פּעטשורקע אַ טעפּעלע בולבע. אין דער דוכאָווקע האָט מען געקענט אַרײַנשטעלן אַ ליאַק. אין פּאָדפּיטשניק אָדער אין קאַטוך האָט מען געקענט אַ מאָל האַלטן אַ הון און האָבן אַ פֿריש איי פֿאַר אַ קינד. אָבער דעם גרעסטן נוצן וואָס דער אויוון האָט געבראַכט איז מיט דער **לעזשאַנקע**, אַ מין ברייטער פּלאַץ הינטער אָדער אויפֿן אויוון, וואָס האָט געדינט ווי אַ געלעגער. דאָס איז געווען דער באַליבטסטער פּלאַץ פֿאַר דעם אַלטן זיידן צי פֿאַר דער אַלטער באָבען, וואָס האָבן, נעבעך, געדאַרפֿט דאָס ביסל וואַרעמקייט פֿאַר זייערע אַלטע גלידער.

## חליפֿושניק

מ"ר טשאַרלס פֿעלדער פֿון ברוקלין וויל וויסן וואָס זײַן ווײַב מיינט דערמיט ווען זי זאָגט, אַז ער איז אַ **חליפֿושניק.**

זי מיינט, מײַן טײַערער, אַז איר זענט אַ חונף, אַז איר האָט ליב צו חנפֿענען יענעם, אַז איר האָט ליב יענעם צו זאָגן אַ חניפֿהלע, אַ גוט וואָרט, אַ קאָמפּלימענט, צי איר מיינט עס יאָ צי איר מיינט עס נישט. זאָל יענער הנאָה האָבן. ריכטיקער וואָלט געווען ווען זי זאָגט **חניפֿושניק**, וואָס נעמט זיך פֿון דעם וואָרט **חניפֿה**, אָבער ווען זי זאָגט **חליפֿושניק**, זאָגט זי אויך נישט קיין גרײַז, ווײַל ייִדן האָבן אַ טענדענץ צו פֿאַרבײַטן אַ נון אויף אַ למד, למשל איינער זאָגט אַ **שניפּס** און דער צווייטער זאָגט אַ **שליפּס** און בײדע זאָגן ריכטיק.

## חסיד שוטה

מר"ס מינדל אײַזענבערג פֿון וואָדמיר, ניו־יאָרק, וויל וויסן, פֿון וואַנען עס נעמט זיך דער אויסדרוק **חסיד שוטה.**

דער אויסדרוק נעמט זיך פֿון אַ מאמר אין דער משנה און גייט אַזוי: "הוא היה אומר" – ער (ס'הייסט רבי יהושע) פֿלעגט זאָגן, "חסיד שוטה" – אַ פֿרומער נאַר, "ורשע ערום" – און אַ כיטרער רשע, "ואשה פרושה" – און אַ פֿרוי אַ פּרושה, "ומכּות פּרושין" – און די שלעק פֿון די פּרושים, "הרי אלו מכלי עולם" – זיי אַלע ברענגען אום די וועלט. און די גמרא פֿאַרטײַטשט, אַז מיט **חסיד שוטה** מיינט מען אַזאַ חסיד, וואָס ווען ער זעט ווי אַ פֿרוי טרינקט זיך אין טײַך, וועט ער זי נישט ראַטעווען, באשר ער קען זיך ניט צורירן צו קיין נאַקעטער פֿרוי.

פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָס רעדט זיך וועגן אַ מאָל, ווען ס'איז נאָך נישט געווען אַזאַ מין זאַך ווי באָדקאָסטיומען און פֿרויען פֿלעגן זיך באָדן הויל נאַקעטע – איצט וואָלט ער זי אפֿשר יאָ געראַטעוועט. מיט איין וואָרט, **חסיד שוטה** מיינט אַ פֿרומער, וואָס איז שוין צו פֿרום, וואָס ציט שוין איבער דאָס שטריקל מיט זײַן פֿרומקייט.

## טאָן זאַלץ

אַ פֿרוי פֿון ברוקלין פֿרעגט: "וואָס מיינט דער אויסדרוק: **זי וועט בײַ אים קיין פֿונט זאַלץ נישט אויפֿעסן?**"

איר האָט אַראָפּגעגנבֿעט אַ סך זאַלץ, מײַן ליבע. מען זאָגט נישט "אַ פֿונט זאַלץ", נאָר **אַ טאָן זאַלץ,** און אַ טאָן איז אַ קײַמא־לן פֿון 2000 פֿונט.

וואָס דאָס מיינט? עס מיינט אָט וואָס. אַ מענטש דאַרף זײַן אויף אַ פּלאַץ אַ גאַנץ לאַנגע צײַט, אַז ער זאָל דאָרטן אויפֿעסן **אַ טאָן זאַלץ,** ווײַל וויפֿל פֿאַרניצט אַ מענטש זאַלץ אַ טאָג? אַ שהי־פּהי, אַן עוקץ, אַ דזשעבליע, אַ פֿינגערהוט – ווער שמועסט נאָך, ווען דער מענטש האָט אַ הויכן בלוטדרוק. איז אַז מען וויל זאָגן אויף אַ מענטשן, אַז ער וועט דאָרטן לאַנג נישט זײַן, אַז ער וועט זיך דאָרטן לאַנג נישט האַלטן, זאָגט מען: **ער וועט דאָרטן קיין טאָן זאַלץ נישט אויפֿעסן.**

## טאַנצן

אָט שרײַבט צו מיר אַ ייִד פֿון לאָנג־אײַלאַנד: "איך האָב די וואָך זיך אײַנגעשאַפֿט אײַער 'אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך', און אין דער גרופּע 'אויסגעלאַסנקייט' האָב איך געפֿונען אַ ווערטל, וואָס איך האָב קיין מאָל נישט געהערט און איך פֿאַרשטיי נישט דעם באַטײַט דערפֿון. דאָס ווערטל גייט: **דאָס טאַנצן ווי דאָס טאַנצן, אָבער דאָס אָפּקילן זיך.** וואָס מיינט עס?"

דאָס דאָזיקע ווערטל, מײַן ליבער ייִד, ווערט צוגעשריבן צו ר׳ אײַזל חריף, דעם סלאָנימער רבֿ. ייִדן דערציילן אַזאַ מעשׂה. קעגן איבער דעם סלאָנימער רבֿ האָט געוווינט אַ ייִד אַ גבֿיר, אָבער אַ פּראָסטער נפֿש. נעמט דער ייִד און פֿאַרדינגט זײַן שטוב פֿאַר אַ טאַנצקלאַס, אַ מין היימישע טאַנצשול, ווו יונגעץ און מיידן פֿון דעם פּראָסטן פֿאָלק קומען זיך צוזאַמען בײַ נאַכט נאָך דער אַרבעט און מען לערנט זיך טאַנצן. פֿאַרשטייט זיך, אַז ר׳ אײַזלען איז דאָס נישט געווען לרצון. נעמט ער און שיקט רופֿן דעם ייִדן און מאַכט צו אים: "סטײַטש, מאָטיע, ווי פֿאַלסטו אויס טאָן אַזאַ זאַך? אַ טאַנצקלאַס, יונגעץ מיט מיידן, פֿע!" מאַכט זיך דער נפֿש תּמעוואַטע און זאָגט צום רבֿ: "וואָס איז דאָ אַזאַ געפֿערלעכע זאַך, רבי? נו, טאַנצן זיי, ס׳איז אַן עבֿירה צו טאַנצן?" ענטפֿערט אים ר׳ אײַזל: "מילא, דאָס טאַנצן ווי דאָס טאַנצן, אָבער ווען זיי קומען אַרויס צעהיצטע נאָכן טאַנצן און נעמען זיך אָפּקילן, אָט דאָס איז חלשות!" אָט דאָס מיינט עס, ר׳ ייִד. **דאָס טאַנצן ווי דאָס טאַנצן, אָבער דאָס אָפּקילן זיך** – נאָכן טאַנצן.

## טאַפּן אַ וואַנט

אַ ייִד פֿון ברוקלין וויל, איך זאָל אים פֿאַרטײַטשן דעם אויסדרוק וואָס מען זאָגט אָפּט וועגן אַ מענטשן: **ער טאַפּט אַ וואַנט**.

אײַער פֿראַגע, מײַן ליבער ייִד, האָט מיך דערמאָנט אין אַ מעשׂה־שהיה, וואָס האָט פּאַסירט מיט מיר אַליין, ווי איך האָב **געטאַפּט אַ וואַנט** און איך בין שיִער נישט אַרײַנגעפֿאַלן אין קיין צרה. איך געדענק שוין נישט אין וועלכער שטאָט דאָס איז געווען, דאַכט זיך אין פּאָנעוועזש, בין איך אײַנגעשטאַנען בײַ אַ ייִדן אויף אַכסניא, דאָס הייסט, געהאַט בײַ אים נאַכטלעגער. געווען נישט קיין רײַכער ייִד, געוווינט זייער ענג, ווי דער שטייגער איז. איז בײַ נאַכט האָט די שטוב אויסגעזען ווי אַ קאַזאַרמע: פֿול מיט בעטן, דאָ איז געשלאָפֿן אַ זון, דאָ אַ טאָכטער, דאָ אַן אַלטע מאַמע, און אין פֿאָדער־הײַזל איז געשלאָפֿן די דינסט. נו, מע איז דאָך נישט מער ווי אַ מענטש, כאַפּ איך זיך אויף האַלב נאַכט און דאַרף אַרויסגיין אויפֿן הויף. נו, אַ נײַער פּלאַץ, די לאָדן זענען פֿאַרהאַקט, עס איז פֿינצטער חושך, אַז כאָטש נעם זיך אַרויס די אויגן – איז גיי ווייס ווו די טיר געפֿינט זיך. נו, האָב איך **געטאַפּט די ווענט**, האָב איך, נישט פֿאַר אײַך געדאַכט, אַזוי לאַנג געטאַפּט ביז איך האָב פֿאַרבלאָנדזשעט איך שעם זיך אויסצוזאָגן צו וועמען. אָבער דאָס איז דאָס. **טאַפּן אַ וואַנט** מיינט זיך געפֿינען אין אַ שווערער לאַגע, אין אַ קלעם און נישט וויסן ווי אַרויסצוקריכן פֿון איר. פּונקט ווי איינער וואָס בלײַבט אין דער פֿינצטער און **טאַפּט אַ וואַנט**, כּדי צו געפֿינען די טיר.

## טויטע שבֿועות

אַ ייִד פֿון ברוקלין פֿרעגט, פֿאַר וואָס מען זאָגט: **שווערן זיך מיט טויטע שבֿועות**. פֿאַר וואָס עפּעס **טויטע שבֿועות?**

אַלכּסנדר האַרקאַווי האָט וועגן דעם אַ גאַנץ פּשטל, אַז דאָס זאָל שטאַמען פֿון דעם אַלט־דײַטשישן וואָרט "עיט" – שבֿועה. אָבער לויט מײַן נאַרישן שׂכל איז דער פּשט אַ גאַנץ פּשוטער. **טויטע שבֿועות** מיינען שבֿועות, אין וועלכע דער שווערער פֿאַרזיכערט אײַך מיט זײַן לעבן, אַז דאָס איז אמת, למשל: **איך זאָל אויסלעבן מײַנע יאָרן, איך זאָל אַזוי דערלעבן מאָרגן, איך זאָל אַזוי הײַנטיקן טאָג אויסדערלעבן, איך זאָל אַזוי זײַן אַ מאַמע צו מײַנע קינדער.** אָדער נאָך שטאַרקער: **זאָל איך שטאַרבן, זאָל איך געהרגעט ווערן, זאָל איך באַגראָבן ווערן, אויב איך זאָג ליגן.** אָט דאָס הייסט **טויטע שבֿועות**.

אין מײַן "אוצר" האָב איך צוזאַמענגעקליבן אַ היפּש ביסל ייִדישע שבֿועות, אָבער איך בין זיכער, אַז איך האָב בלויז, ווי מען זאָגט, אָפּגעשוימט די יויך פֿון אויבן, ווײַל ווען עס קומט צו שבֿועות און קללות, זענען ייִדן, ווער שמועסט ייִדענעס, זייער דערפֿינדעריש. אַ ייִדענע מיט אַ טענה קען אײַך אויף דער הייסער מינוט שאַפֿן אַ שבֿועה, וואָס קיין בן־אָדם האָט נישט געהערט. אָט האָב איך אַ מאָל אין וואַרשע פֿאַר די האַליעס אונטערגעהערט אַזאַ דיאַלאָג. שטייט אַ ייִדענע און דינגט אַ הערינג; דאָס מיינט, זי באַטאַפּט און באַשמעקט אים פֿון אַלע זײַטן זען, צי ער איז ווערט דאָס געלט. מאַכט די פֿאַרקויפֿעריןֿ, די הערינג־ייִדענע: "זאָל איך אַזוי דערלעבן צו זען מײַן טאָכטער פֿון אַמעריקע, ווי איר האָט נאָך אַזאַ הערינג נישט געזען". ענטפֿערט איר די ייִדענע מיטן זעלבן ניגון: "און איך זאָל אַזוי דערלעבן צו הערן דעם שופֿר של משיח ווי עס הערט זיך פֿון דעם הערינג אַ טוכלעקייט". אָט האָט איר אַ שבֿועה עקספּראָמט, געבוירן אויפֿן מאָמענט.

## טיר און טויער

מײַן שטענדיקער קאָרעספּאָנדענט און קשיא־פֿרעגער, מ"ר לעאָן מעדאָוו פֿון די בראָנקס, שרײַבט: "זאָגט מיר, איך בעט אײַך, מ"ר סטוטשקאָוו, פֿאַר וואָס איז דאָס, ווען איינעם גייט שלעכט, זאָגט מען **עס גייט אים דורך טיר און דורך טויער**, און ווען איינעם גייט גוט, זאָגט מען אויך **עס גייט אים דורך טיר און דורך טויער**. וואָס איז דער שׂכל?"

דער שׂכל, מײַן פֿרײַנד, איז אַ פּשוטער שׂכל. מיר האָבן אין ייִדיש אַזוי גערופֿענע ווערטער־פּאָרלעך, ד"ה ווערטער וואָס גייען תּמיד צוזאַמען, בחבֿרותא, ווי אין חומש, אַ שטייגער, "ויקהל־פּקודי", "תּזריע־מצורע" צי "דתן־ואַבֿירם". מיר האָבן זיי, אָט די ווערטער־פּאָרלעך, חמרים גאַנצע. אַ ייִד, למשל, וויינט נישט, אַ ייִד **וויינט און קלאָגט**; אַ

יידן איז נישט שלעכט, נאָר **ביטער און פֿינצטער** אָדער **פֿינצטער און ביטער**; אַ יידן איז וויניק צו זײַן קראַנק, ער איז **קראַנק און שוואַך**, און זעט ער אויס שלעכט, איז ער **גרין און געל** און פֿון צרות ווערט ער **גראָ און אַלט**. און פֿאַר וואָס? ווײַל ער איז אַ שלימזל, און **עס גייט אים דורך טיר און דורך טויער**.

איר פֿאַרשטייט, מײַן פֿרײַנד? **טיר און טויער** איז אַ ווערטער־פּאָרל ווי די אויבן אויסגערעכנטע, ווי די הונדערטער אַנדערע, וואָס איך וואָלט אײַך געקענט אויסרעכענען, ווי **טינט און פֿעדער, פֿערד־און־וואָגן, שווער־און־שוויגער, חתן־כּלה, שקר און שלימזל** וכדומה. ווען אַ יידן גייט נישט גוט, **גייט אים דורך טיר און דורך טויער**, ד״ה טיר און טויער זענען אָפֿן און דאָס שלימזל האָט אַ פֿרײַען אַרײַנגאַנג. פֿאַרקערט, ווען איינעם גייט גוט, גייט אים אויך **דורך טיר און דורך טויער**, איז בײַ אים אויך אָפֿן טיר און טויער. דער אונטערשייד איז בלויז, וואָס צו יענעם גייט דאָס שלימזל און צו אים גייט דאָס מזל, די הצלחה.

## דאָס טעלערל פֿון הימל

אַ ייִד פֿון ברוקלין וויל וויסן וואָס עס מיינט: **דאָס טעלערל פֿון הימל**.

דאָס זענען נישט די טעלערלעך, פֿון וועלכע די צײַטונגען האָבן דאָ נישט לאַנג צוריק געמאַכט אַזאַ טאַראַראַם. דאָס מיינט פּשוט די לבֿנה, וואָס איז קײַלעכדיק ווי אַ טעלערל. מען זאָגט עס צו איינעם, וואָס פֿאַרלאַנגט דאָס אוממעגלעכע, זאַכן וואָס זענען נישט בנמצא: ״נו, גיי גיב אים כאָטש **דאָס טעלערל פֿון הימל**״. דאָס הייסט, גיי ברענג אים אַראָפּ די לבֿנה.

## טעם און ראַם

אַ ייִד פֿון די בראָנקס פֿרעגט: ״פֿאַר וואָס זאָגט מען: **עס האָט נישט קיין טעם און נישט קיין ראַם**? מילא, **טעם** פֿאַרשטיי איך, אָבער וואָס מיינט **ראַם**?״

לויט ד״ר מאַקס ווײַנרײַך איז דאָס אַ גאָר אַלטער יידישער אויסדרוק און **ראַם** איז דאָס דײַטשע וואָרט ״ראַהם״ – שמאַנט, סמעטענע. עס קען אָבער אויך זײַן, אַז דאָס וואָרט **ראַם** איז בלויז צוגעשטעלט, ווײַל עס גראַמט זיך מיט **טעם**.

## טעפּעלע קאַווע

אַ יידן פֿון וועסט 108טער גאַס, ניו־יאָרק, געפֿעלט נישט דער אויסדרוק **אַ טעפּעלע קאַווע**, דער עקוויוואַלענט פֿאַר דעם ענגלישן ״אַ קאָפּ אָוו קאָפֿי״. אין זײַן געגנט, שרײַבט ער, פֿון וואַנען ער קומט, האָט מען מיט **טעפּעלע** געמיינט אַ קליינעם טאָפּ.

עס איז אמת, מײַן פֿרײַנד, אַז **טעפּעלע** איז אַ פֿאַרקלענערונג־פֿאָרעם פֿון **טאָפּ**, אָבער פֿון דעם איז נישט געדרונגען, אַז די כּלי פֿון וועלכע מען טרינקט קאַווע זאָל

נישט אויך הייסן **טעפּעלע**. פֿלעגט מען דאָך זאָגן אין דער אַלטער היים **אַ טעפּעלע זויערמילך**.

עס איז אמת, אַז פֿאַר דעם ענגלישן וואָרט "קאָפּ" זענען דאָ אין ייִדיש נאָך אַנדערע נעמען אַחוץ **טעפּעלע**, ווי למשל: **טאַס** אָדער **טאַסע, שאָל** אָדער **שעלעכל, פֿיליזשאַנקע, טשאַשקע**. אָבער איך געדענק נישט, אַז מע זאָל האָבן געזאָגט אַ מאָל "אַ שעלעכל" אָדער "אַ פֿיליזשאַנקע קאַווע". בכלל איז דאָס טרינקען קאַווע פֿון אַ טעפּעלע אָדער אַ שעלעכל אַ נײַער אײַנפֿיר בײַ ייִדן, וואָס מיר האָבן זיך אויסגעלערנט פֿון אונדזערע שכנים. בײַ ייִדן פֿלעגט מען טרינקען קאַווע פֿון אַ גלאָז, **אַ גלאָז טיי, אַ גלאָז באַוואַרקע, אַ גלאָז קאַווע**. און אַז ס'איז נישט געווען קיין קאַווע, האָט מען געטרונקען **אַ גלאָז ציקאָריע** אָדער גאָר **אַ גלעזל וואַרעמס**. אָבער אַז מיר זענען געוואָרן אַריסטאָקראַטן און מיר ווילן נישט טרינקען פֿון קיין גלעזער, איז זאָל זײַן **אַ טעפּעלע קאַווע**. אי עס קלינגט גלאַטיק, אי ייִדישלעך, אי עס גראַמט זיך: האָסט אויסגעטרונקען דאָס גאַנצע טעפּעלע? אַ געזונט דיר אין קעפּעלע.

## טערכען

אַ ייִד פֿון ברוקלין פֿרעגט דעם מיין פֿון אַ ווערטל, אין וועלכן עס קומט פֿאָר דאָס וואָרט **באַטערכעט**. צום באַדויערן, קען איך אײַך דעם מיין פֿון דעם ווערטל דורכן ראַדיאָ נישט דערקלערן. אָבער ווען איר וועט וויסן וואָס עס מיינט **באַטערכעט**, וועט איר דעם מיין פֿון דעם ווערטל אַליין פֿאַרשטיין.

**טערכען** מיינט מאַכן, טאָן אַ זאַך, און שטאַמט פֿון דעם העברעיִשן "טרח" אָדער "טירחא" – אַרבעט, באַמיִונג. אין פּוילן און אין גאַליציע פֿלעגט דאָס וואָרט אַרויסגערעדט ווערן נישט טירחא, נאָר "טערכע": "אומזיסט אײַער טערכע, ר' ייִד". נו, איז פֿון דעם סובסטאַנטיוו "טערכע" געוואָרן אַ ווערב **טערכען**, וואָס ווערט אָבער געניצט בלויז פֿאַר אַ באַשטימטן באַגריף פֿון אַרבעט, ווען מען וויל זאָגן אָפּפֿושן אַן אַרבעט, אָפּקלאָגן, אָפּפּאַרטאַטשעווען. אַזוי, למשל, זאָגט אַ שנײַדער צו זײַן געזעלן: "זע ווי ער האָט אַרײַנגענייט דאָס לײַסטל. דאָס איז געאַרבעט? דאָס איז **געטערכעט**, נישט געאַרבעט". דאָס וואָרט ווערט אויך גענוצט אין גנבֿישן זשאַרגאָן אין באַטײַט גנבֿענען, באַשווינדלען. "ער האָט **אַוועקגעטערכעט** אַ קליפּט" מיינט: ער האָט צוגעגנבֿעט אַ מלבוש. "מע האָט אים **באַטערכעט**" מיינט: מע האָט אים באַשווינדלט, באַאַרבעט.

## טרײַבל

אַ ייִד פֿון מאַנהעטן האָט פֿאַראַכטאָגן געהערט ווי איך האָב געזאָגט **טעלעפֿאָן־טרײַבל,** פֿרעגט ער, צי ס'איז ריכטיק אַזוי, צי מען דאַרף אַזוי זאָגן.

**יע, פֿעטערשי, אַזוי דאַרף מען זאָגן. און איך וועל אײַך דערקלערן פֿאַר וואָס. פֿאַר דעם ענגלישן וואָרט "פֿײַפֿ" זענען פֿאַראַן דרײַ ייִדישע ווערטער: רער, טרובע און טרויב. ווען איר ווילט אָט די ווערטער פֿאַרקלענערן, ווערט פֿון רער - רערל, פֿון טרובע - טרובקע און פֿון טרויב - טרײַבל. מען וואָלט געקענט זאָגן טעלעפֿאָן־טרובקע און ס'וואָלט אויך געווען כּשר, אָבער מבֿינים אויף לשון זאָגן, אַז טרײַבל קלינגט שענער און מיט מבֿינים וויל איך זיך ניט שפּאַרן.**

## טרענדערל

מ"ר הורוויץ פֿון די בראָנקס שרײַבט: "מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק האָט איר דערציילט, אַז די מאַמע אײַערע פֿלעגט אײַך רופֿן **שד,** האָב איך זיך דערמאָנט, אַז מיך פֿלעגט די מאַמע מײַנע רופֿן **טרענדערל:** '**טרענדערל,** דו וועסט זיך אויפֿהערן דרייען אונטער די פֿיס'. איז דאָ אַזאַ וואָרט אין ייִדיש, צי דאָס איז געווען מײַן מאַמעס אַן אייגענע פֿאַרפֿאַסונג? אויב ס'איז דאָ, וואָס מיינט עס?"

**ס'איז דאָ, מײַן פֿרײַנד. איר האָט אַ מאָל געשפּילט חנוכּה אין דריידל? מסתּמא יאָ. איז אָט דאָס איז דאָס. טרענדערל איז אַן אַנדער נאָמען פֿאַר אַ חנוכּה־דריידל – עס האָט געהאַט אַ סך נעמען, גענוצט אין פֿאַרשיידענע געגנטן: דריידל, טרענדל, טרענדערל און אויך טראַנדל, פֿערגעלע, גאַנקע און גאָר. אַ קינד וואָס קען נישט אײַנשטיין אויף אַן אָרט און האַלט זיך אין איין דרייען איז בלשון־מליצה געגליכן צו אַ דריידל, צו אַ טרענדערל.**

## טשאָלנט

פֿון אַ צוהערער מיטן נאָמען אַבֿרהם־יצחק גוטהאָלץ האָב איך באַקומען אַ בריוועלע, וואָס באַווײַזט מיט וואָס פֿאַר אַ כּוונה ייִדן הערן זיך צו צו "מאַמע־לשון". מ"ר גוטהאָלץ אונטערשטיצט די אָנגענומענע עטימאָלאָגיע, אַז **טשאָלנט** שטאַמט פֿון דעם פֿראַנצייזישן "שאָ", אָדער "שאַלעור", מיט אַ מעשׂה־שהיה. "ווען איך בין אין 1940", שרײַבט ער, "געווען אין אַפֿריקע, אין קאַסאַבלאַנקאַ, בין איך געווען שבת בײַם רבֿ פֿון שטאָט. איז אַן אַראַבער אַרײַנגעפֿאָרן מיט זײַן אייזעלע אינעם הויף פֿון רבֿ און געברענגט צו פֿירן די 'שחונה', דאָס הייסט, דעם **טשאָלנט.** פֿרעג איך בײַם רבֿ: 'פֿאַר וואָס רופֿט איר דעם **טשאָלנט** "שחונה"?' ענטפֿערט ער מיר, אַז דאָס נעמט זיך פֿון דעם פֿראַנצייזישן וואָרט וואַרעם און דאָס העברעישע וואָרט 'שחונה' (מיט אַ חית) מיינט וואַרעמס, אָנגעוואַרעמטס".

אַ גרויסן דאַנק, מ"ר גוטהאָלץ, פֿאַר אײַער פֿײַן בריוועלע. דערבײַ איז ווערט צו באַמערקן, אַז **וואַרעמעס** איז אַן אַלט יידיש וואָרט פֿאַרן נאָכמיטאָג־עסן, וואָס מיר רופֿן דאָ "לאָנטש". מיר ניצן עס דאָ נישט אין אַמעריקע, ווײַל ווי פּאַסט צו זאָגן **וואַרעמעס** אויף אַ "קרים טשיז סענדוויטש" מיט אַ קאַלט גלאָז מילך? אָבער אַ מאָל פֿלעגן יידן נאָך האַלבן טאָג טאַקע עסן **וואַרעמעס**, אַ וואַרעם ביסל געקעכטס. און בײַ מיר איז אַ סבֿרה, אַז **טשאָלנט** און **וואַרעמעס** איז איין און דאָס זעלבע וואָרט, נישט מער וואָס **טשאָלנט** איז געווען דאָס שבתדיקע **וואַרעמעס** און **וואַרעמעס** דאָס וואָכעדיקע **וואַרעמעס**. די פֿון מײַנע צוהערערס, וואָס קומען פֿון ווײַסרוסלאַנד אָדער פֿון דער ליטע, וועלן זיך זיכער דערמאָנען, אַז זיי פֿלעגן אין מיטן דער וואָך אויך עסן **טשאָלנט**. אין אַ קאַלטן ווינטערדיקן טאָג פֿלעגט מען אין דער פֿרי מאַכן דעם אויוון און פֿאַרן פֿאַררוקן אים אַרײַנשטעלן אַ טאָפּ בולבע מיט גרויפּן צי מיט בעבלעך, און נאָך האַלבן טאָג אים אַרויסנעמען דעם טאָפּ און אויפֿגעבן צום טיש אָט דעם וואָכעדיקן **טשאָלנט**, און דער עולם האָט געגעסן אַ **וואַרעמעס**, וואָס האָט דערוואַרעמט די ביינער.

טראַכט זיך אַרײַן אין דעם, יידישע קינדער, וועט איר פֿאַרשטיין, וואָס עס מיינט יידיש, אַז אַפֿילו אַזאַ פּשוט וואָרט ווי **וואַרעמעס** שפּיגלט אָפּ מיט זיך אַ שטיק יידיש לעבן פֿון אַ מאָל.

## טשעריק

מ"ר זיסקינד פֿון די בראָנקס פֿרעגט וועגן אַ ווערטל, וואָס ער האָט געפֿונען אין מײַן "אוצר פֿון דער יידישער שפּראַך": **אַז אַ ייד האָט אַ טשעריק האָט ער נישט קיין ציבעלע, האָט ער אַ ציבעלע האָט ער נישט קיין טשעריק.** וואָס מיינט עס?

איך שטויס זיך אָן, מ"ר זיסקינד, אַז איר פֿאַרשטייט נישט דאָס ווערטל דערפֿאַר, ווײַל איר ווייסט נישט וואָס אַ **טשעריק** איז. **טשעריק** אָדער **טשיריק** אָדער גאָר **שטשיריק** מיינט אַ בלאָטער, אַ מכּה, אַן אָנריס, אַ געשוויר, נישט פֿאַר קיינעם געדאַכט. עס נעמט זיך פֿון דעם קליינרוסישן וואָרט "טשיראַק" אָדער פֿון דעם פּוילישן "טשעראַק" אָדער פֿוןביידע צוזאַמען.

צו אַ געשוויר, צו אַ בלאָטער, ווי איר ווייסט, האָבן יידן געהאַט פֿאַרשיידענע תּרופֿות. אַנדערע האָבן געהאַלטן, אַז די בעסטע זאַך איז צוצולייגן אַ שטיקעלע פּוטער. פֿון דעם, אַגבֿ, נעמט זיך דאָס וואָס יידן זאָגן וועגן אַ גוטן, ווייכהאַרציקן מענטשן: **ער איז אַזוי גוט, אַז כאָטש נעם און לייג אים צו צו אַ געשוויר אָדער צו אַ מכּה.** אַנדערע, ווידער, זענען געווען מיט דער מיינונג, אַז נישטאָ קיין בעסערע זאַך צו אַ

געשוויר ווי אַ ציבעלע. אַ ציבעלע רײַסט גלײַך אויף דעם בלאָטער.

**אַז אַ ייִד האָט אַ טשעריק** – אַ בלאָטער, הייסט עס – **האָט ער נישט קיין ציבעלע, האָט ער אַ ציבעלע האָט ער נישט קיין טשעריק.** דאָס איז דער משל. דער נמשל איז, אַז דער ייִד איז, נעבעך, אַ גרויסער שלימזל, אַז האָט ער שוין עפּעס, האָט ער עס נישט דעמאָלט ווען ער דאַרף עס, ווען ער נייטיקט זיך אין דעם. **האָט ער אַ טשעריק האָט ער נישט קיין ציבעלע, האָט ער אַ ציבעלע האָט ער נישט קיין טשעריק.** אַ ביסעלע ווײַטער אינעם "אוצר", אין דער גרופּע "אומדערפּאָלג", וועט איר זיך אָנשטויסן אין ענלעכע ווערטלעך, וואָס ייִדן זאָגן וועגן שלימזלות, ווי למשל: **ווען דער שלימזל זאָל האַנדלען מיט ליכט, וואָלט די זון נישט אונטערגעגאַנגען; ווען ער זאָל האַנדלען מיט תּכריכים, וואָלט מען אויפֿגעהערט שטאַרבן; צי ווען אַ שלימזל האָט אַ ווײַב, לייגט זי זיך אין קימפּעט ערבֿ פּסח; ווען אַ שלימזל קוילעט אַ האָן - גייט ער, דרייט ער אָן אַ זייגער - שטייט ער.** דער סך־הכּל איז, אַז אָן מזל זאָל מען גאָר נישט געבוירן ווערן אויף דער וועלט.

## יאָלד

פֿראַגע: וואָס איז דער אמתער טײַטש פֿון דעם וואָרט **יאָלד**?

דער גרונטטײַטש פֿון דעם וואָרט **יאָלד** איז איינער וואָס געהערט נישט צו דער פּראָפֿעסיע. למשל, בײַ גנבֿים הייסן **יאָלדן** אַלע, וואָס געהערן נישט צו זיי. בײַ קלעזמער האָבן אַלע מחותּנים אויף דער חתונה, ווי בכלל אַלע וואָס געהערן נישט צו זייער צעך, געהייסן **יאָלדן**. דאָס נעמלעכע בײַ אַקטיאָרן פֿון אַלטן חדר; בײַ זיי האָט דער טעאַטער־עולם קיין אַנדער נאָמען נישט געהאַט ווי **יאָלדן**. פֿון אָט דעם גרונט־באַדײַט זענען אויסגעוואַקסן אַ סך אַנדערע: **יאָלד** – אַ נאַיִווער, אַ גרינער; **יאָלד** – איינער וואָס לאָזט זיך אָפּנאַרן, באַשווינדלען, אַ קרבן; **יאָלד** – אַ שוטה; **יאָלד** – אַ פֿראַנט, אַ פֿאַצעט. פֿון וואַנען עס שטאַמט דאָס וואָרט **יאָלד** בין איך ניט זיכער.

## אַ יאָר מיט אַ מיטוואָך

כאָטש איך בין נישט קיין גרויסער אָנהענגער פֿון למדנישע פּשטלעך ווען עס קומט צו מאַמע־לשון, דאָס פּשטל וואָס עס האָט מיר צוגעשיקט מ"ר נחום געלפֿאַנד וועגן **אַ יאָר מיט אַ מיטוואָך** לייגט זיך גרײַלעך אויפֿן שׂכל. איך זאָג אײַך אַ יישר־כּוח, פֿרײַנד געלפֿאַנד, און ווי איר זעט, האַלט איך אײַער פּשטל נישט פֿאַר זיך – זאָלן נאָך ייִדן וויסן דערפֿון.

דאָס ווערטל, שרײַבט מ"ר געלפֿאַנד, איז, ווי זײַן אַלטער רבי האָט אים אַ מאָל דערקלערט, געבויט אויף צוויי מימרות פֿון מסכת כתובות. די גמרא זאָגט: "נותנין לבתולה שנים עשׂר חודש משתבעה הבעל לפֿרנס את עצמה" – פֿרײַ איבערגעזעצט

מיינט עס: אַז די בתולה, די כלה, האָט צוועלף חדשים צײַט, פֿון זינט דער מאַן פֿאָדערט זי אויף חתונה צו האָבן, אויף צוצוגרייטן זיך צו דער חתונה. דאָס מיינט, אַז דער חתן־בחור דאַרף זיך אָננעמען מיט געדולד און וואַרטן אויפֿן גליקלעכן טאָג אַ גאַנץ יאָר צײַט. און האָט ער זיך שוין, גאָט צו דאַנקען, דערוואַרט – לאָמיר זאָגן, דעם מאָנטיק ווערט אַ יאָר – זאָגט מען אים: "בחורל, נישט געכאַפּט! האָסט אַזוי לאַנג געוואַרט, וואַרט נאָך צוויי טעג, ביז מיטוואָך". – "פֿאַר וואָס עפּעס ביז מיטוואָך?" פֿרעגט ער. ענטפֿערט מען אים: "ווײַל אַזוי זאָגט די גמרא: 'בתולה נשׂאת ליום הרבֿיעי ולאַלמנה – ליום החמישי' – אַ בתולה האָט חתונה מיטוואָך און אַן אַלמנה דאָנערשטיק". – "מילא", טראַכט דער בחור, "פֿאַרפֿאַלן, שוין נענטער ווי ווײַטער. איך האָב געוואַרט אַ יאָר, וועל איך וואַרטן **אַ יאָר מיט אַ מיטוואָך**".

## יאַ־טעבע־דאַם

אַ ייִד פֿון לאָנג־אײַלאַנד וויל וויסן וואָס עס מיינט: **אַ גאַנצער יאַ־טעבע־דאַם**.

**יאַ־טעבע־דאַם** מיינט אין רוסיש: איך וועל דיר געבן. געוויינטלעך ווערט די פֿראַזע געניצט אין טאָן פֿון אַ סטראַשוניק: "איך וועל דיר געבן! איך וועל דיר ווײַזן ווער עלטער איז! איך וועל מיט דיר לערנען בלק!" די דאָזיקע פֿראַזע **יאַ־טעבע־דאַם** פֿלעגט זייער אָפֿט זײַן אויף די ליפּן בײַ אונדזערע אַמאָליקע מושלים אין די ייִדישע שטעט און שטעטלעך, בײַ נאַטשאַלסטווע, ווי דער סטראַזשניק, דער פּריסטאַוו, דער איספּראַווניק – "אַך, טי סוקין סין, יאַ טעבע דאַם". ייִדן האָבן דאָך ליב אַ ווערטל, האָבן זיי מיט דער פֿראַזע אָנגעהויבן כאַראַקטעריזירן יעדן איינעם, וואָס האַלט זיך פֿאַר אַ מאַכער און ס'איז אַרײַן אין געברויך: "קוק אים אָן, אַ גאַנצער **יאַ־טעבע־דאַם**, אַ גאַנצער קנאַקער, אַ גאַנצער פֿלאָקן־שיסער, אַ גאַנצע שישקע!"

און רעדנדיק וועגן דעם, דערמאָנט עס מיך אָן אַ מעשׂה וועגן דם און אַן ארץ־ישׂראל־ייִד, וואָס מיר ייִנגלעך פֿלעגן זיך דערציילן אין חדר. אויב איר האָט זי געהערט, האָט איר זי שוין מסתּמא לאַנג פֿאַרגעסן. אָבער איך מוז אײַך די מעשׂה דערציילן אין העברעיִש, אַז נישט מאַך איך זי קאַליע – אָבער שרעקט זיך נישט, אין אַ זייער לײַכטן העברעיִש. און די מעשׂה גייט אַזוי:

געקומען אין אַ רוסיש שטעטל אַן ארץ־ישׂראל־ייִד קלײַבן נדבֿות און גערעדט האָט דער ייִד נאָר לשון־קודש און נישט פֿאַרשטאַנען אַ וואָרט רוסיש. אין אַ שיינעם טאָג, ווען ער האָט זיך אַרויסגעלאָזט מיט דער רויטער פּאַטשיילע איבערן שטעטל קלײַבן נדבֿות, פֿאַלט ער אַרײַן אין דער אַכסניא, ווו ער איז אײַנגעשטאַנען סטאַנציע, אַ צעהרגעטער, אַ צעממיתטער, אַ צעבלוטיקטער. פֿרעגט אים דער בעל־אַכסניא מיט די

הענט – ווײַל רעדן צו אים האָט ער נישט געקענט: ״נו אָ, מה זה?״ דאָס הייסט: וואָס איז געשען, ווער האָט אײַך אַזוי צעמזיקט? ענטפֿערט אים דער ארץ־ישׂראל־ייִד און טרייסלט זיך אין גאַנצן: ״הלכתי בדרך, ופּגע בי איש חזק ושמו קאָזאַק, ונאַגײַקע בידו, והרבֿ בצידו, ואָמר לי: ׳דיענגי דאַווײַ׳. ואָמרתי לו: אַני עני אבֿיון דל. ואָמר לי: ׳קאַמו טי דאַל?׳ והכּה אותי כּמה פּעמים עד שיצאו דמים. ואָמרתי לו: אײַ, אײַ, דם! דם! ואָמר לי: ׳טאַק אי גאָוואָרי׳״.

פֿאַרשטאַנען? טאָמער נישט טוט מיר האַרציק לייד, ווײַל ס'איז זייער אַ שיינע מעשׂה.

## יאַשטשער

אַ ייִדישע פֿרוי פֿון ברוקלין וויל וויסן וואָס עס מיינט **יאַשטשער**. זי הערט עס, שרײַבט זי, זייער אָפֿט אין באַצוג צו מענטשן.

**יאַשטשער**, מײַן טײַערע, איז אַ באַשעפֿעניש פֿון דעם קלאַס רעפּטיליעס אָדער קריכעדיקע בעלי־חיים, דער קלאַס צו וועלכן עס געהערן שלאַנגען, עקדישן, קראָקאָדילן אאַז״וו. דער ענגלישער נאָמען פֿאַר דעם באַשעפֿעניש איז ״טוירטל״, אין ייִדיש רופֿט מען עס **שילדקרויט** אָדער **שילדקרעט**, **טשערעפּאַכע**, **יאַשטשער**, **יאַשטשערקע** און **יאַשטשעריצע**. דאָס דאָזיקע באַשעפֿעניש האָט צוויי כאַראַקטעריסטישע אייגנשאַפֿטן. קודם־כּל, קריכט עס, דערפֿאַר זאָגט מען אין ייִדיש אויף אַ לאַנגזאַמען מענטשן, אויף אַ קווײַלע: **ער קריכט ווי אַ טשערעפּאַכע**. צווייטנס, זענען פֿאַראַן אַזעלכע גרויסע **יאַשטשערקעס**, וואָס זענען אמתע גזלנים מיט מערדערישע הערצער, און דערפֿאַר ווען מען רעדט וועגן אַ ייִדענע אַ מרשעת, אַ שלעכט שטיק, זאָגט מען: **דאָס איז די אמתע יאַשטשערקע**. פּונקט ווי מען זאָגט: **דאָס איז אַ שלענגעלע**, אָדער **ער איז אַ הונט מיט ציין**. שלעכטע מענטשן פֿאַרגלײַכט מען צו שלעכטע, בייזע חיות.

## יהדות

אַ ייִד פֿון מאַנהעטן וויל וויסן, וואָס עס מיינט און פֿון וואַנען עס נעמט זיך דאָס וואָרט **יאַנדעס**, וואָס איז זייער פּאָפּולער געווען אין פּוילן – ״ווי האָט מען עס אַ **יאַנדעס** צו טאָן אַזאַ זאַך? נו, האָסט געזען אַ **יאַנדעס** פֿון אַ מענטשן!״

**יאַנדעס**, מײַן פֿרײַנד, איז דאָס העברעיִשע וואָרט ״יהדות״, וואָס ייִדן רעדן אַרויס ״יאַנדעס״, און דאָס איז נישט דאָס איינציקע וואָרט פֿון העברעיִשן אָפּשטאַם, וואָס ייִדן רעדן אַרויס מיט אַ נאַזאַלן קלאַנג. אָט זענען נאָך: פֿון **יעקבֿ** איז געוואָרן ״יאַנקעוו״, פֿון **מעשׂה** איז געוואָרן ״מײַנסע״, פֿון **באשר** איז געוואָרן ״באַנשער״ אאַז״וו. **יהדות**

מיינט ייִדישקייט און אין דעם פֿאַל איז ייִדישקייט אַ סינאָנים פֿאַר יושר, ערלעכקייט, מענטשלעכקייט, גערעכטיקייט, אָנשטענדיקייט, געוויסן אאַז"וו. ווען אַ ייִד זאָגט: "ווי האָט מען עס אַ **יהדות** צו טאָן אַזאַ זאַך?" מיינט ער דערמיט: ווי האָט מען עס אַ געוויסן, אַ ייִדיש האַרץ צו טאָן אַזאַ זאַך? דאָס איז דאָך נישט מענטשלעך, נישט יושרדיק! דער איראָנישער זאָג "אַ **יהדות** פֿון אַ מענטשן!" קענט איר פֿאַרבײַטן מיט: "אַ יושר פֿון אַ מענטשן!" ווײַל ביידע האָבן דעם זעלבן מיין, דעם זעלבן באַטײַט.

## יובל - יובֿל

מ"ר זעלדין פֿון בראָנזוויל פֿרעגט, ווי מען דאַרף זאָגן: **יובלען** אָדער **יובֿלען** – ער אַמפּערט זיך וועגן דעם מיט אַ פֿרײַנד.

מע קען זאָגן **יובלען** און מע קען זאָגן **יובֿלען**, ווײַל **יובלען** און **יובֿלען** זענען צוויי פֿאַרשיידענע באַגריפֿן, כאָטש זיי האָבן אַ נאָענטע קרובֿישאַפֿט צווישן זיך. **יובלען** מיינט פֿרייען זיך אָדער אויסדריקן פֿרייד דורך קלאַנגען, ווי שרײַען, זינגען, שפּילן אאַז"וו, מיט איין וואָרט, געבן אויסדרוק צו פֿרייד. **יובֿלען** איז אַ ווערבאַלע פֿאָרעם פֿון העברעיִשן "יובֿל", וואָס מיינט דאָס פֿופֿציקסטע יאָר נאָך זיבן שמיטות, לויטן ייִדישן געזעץ אַ יום־יאָר.

מיטן וואָרט **יובֿל** באַצייכנט מען אָבער איצט פֿײַערונגען פֿון קלענערן צײַטאָפּשניט, ווי אַ 10־יעריקער **יובֿל**, אַ 25־יעריקער **יובֿל** אאַז"וו. און **יובֿלען** מיינט פּראַווען, פֿײַערן אַ **יובֿל**. פֿון דעם נעמען זיך אויך די ווערטער **יובילײ** און **יובילאַר** אָדער **בעל־היובֿל**. איז פֿאַרמישט נישט די צוויי באַגריפֿן **יובלען** און **יובֿלען**, כאָטש, ווי געזאָגט, זיי זענען קרובֿיש פֿאַרבונדן, אָבער זיי פֿאַרצייכענען פֿאַרשיידענע באַגריפֿן: **יובלען** איז פֿרייען זיך און **יובֿלען** איז פֿײַערן אַ **יובֿל**.

## יום־טובֿדיקע קליידער

אַ ייִד פֿון די בראָנקס שרײַבט: "איך געדענק אַן אויסדרוק פֿון דער היים, וואָס מײַן טאַטע ע"ה פֿלעגט זייער אָפֿט ניצן: **נאָך דאָס האָט געפֿעלט צו מײַנע יום־טובֿדיקע קליידער.** וואָס מיינט עס?"

די **יום־טובֿדיקע קליידער**, מײַן פֿרײַנד, ווערן דאָ גענוצט בלשון סגי־נהור אַנשטאָט אָרעמע קליידער. בדרך־מליצה מיינט עס: נאָך דאָס האָט מיר געפֿעלט צו מײַן אָרעמקייט. אין אַנדערע ווערטער, טאָמער האָב איך נאָך ווייניק צרות, איז נאַ דיר אַ צושפּיל, אַ צולייג צו מײַנע צרות.

איר האָט געהערט די מעשׂה מיט דער יום־טובֿדיקער קאַפּאָטע? אויף אַ חסידיש־גבֿירישער חתונה שטעלט זיך אַרײַן אַ ייִד אַ חסיד מאַנשי־שלומנו אין אַן

אַטלעסענער קאַפּאָטע, פֿון וועלכער עס פֿאַלן שטיקער, צעשאָטן און צעלעכערט אַזוי ווי אַ זיפּ. נעמט אים דער מחותּן אַוועק אין אַ זײַט און מאַכט צו אים: "שׂימחה, וואָס טוט זיך מיט דיר? האָסט געדאַרפֿט ערגעץ לײַען אַ קאַפּאָטע, נישט קומען אין אַזאַ שמאַטע". – "דאָס איז דאָך מײַן יום־טובֿדיקע קאַפּאָטע, די אמת יום־טובֿדיקע קאַפּאָטע. פּסח איז אין איר נישטאָ קיין ברעקל, חנוכּה איז זי פֿול מיט לאַטקעס, פּורים איז זי צעשאָטן אויף מאָן, ראָש־השנה בלאָזט פֿון איר פֿון אַלע זײַטן, און יום־כּיפּור טויג זי אויף כּפּרות".

## אַ ייִדענע מיט אַן אוירינגל

אַ ייִד פֿון די בראָנקס וויל וויסן, וואָס עס מיינט און פֿאַר וואָס מע זאָגט: **אַ ייִדענע מיט אַן אוירינגל**.

איר האָט אַ מאָל געזען, ר' ייִד, אַ דאָנסקוי קאָזאַק, אַ קאָזאַק, וואָס וווינט בײַם טײַך דאָן? אויב יאָ, ווייסט איר, וואָס פֿאַר אַ חן עס גיט אים צו דאָס אוירינגל, וואָס באָמבלט זיך בײַ אים פֿון אַן אויער. נו, אַ **ייִדענע מיט אַן אוירינגל** מיינט אַ קאָזאַצקע ייִדענע, **אַ ברײַנדעלע קאָזאַק, אַ פֿלאַקער, אַ פֿײַער, אַ ברען, אַ בראַנד, אַ ווײַבל אין אַ הײַבל**, אַ ייִדענע, מיט וועלכער איר דאַרפֿט זיך נישט אָנהייבן, ווײַל זי קען געבן אין באַק אויך. פֿאַרשטאַנען? אָט דאָס מיינט **אַ ייִדענע מיט אַן אוירינגל**.

***

אַ פּרוי אַ וויל־קענעוודיקע, וואָס שרײַבט זיך אונטער מרת פֿרומקין, געפֿעלט נישט מײַן אויסטײַטשונג פֿון דעם ווערטל **אַ ייִדענע מיט אַן אוירינגל**, וואָס איך האָב אַנומלטן געגעבן. זי זאָגט, זי האָט דעם ריכטיקן טײַטש און איך זאָל זיך ניט שעמען, שרײַבט זי, מײַן טעות צו פֿאַרריכטן.

אויב איר זענט אַן אָפּטע צוהערערין פֿון "מאַמע־לשון", מרת פֿרומקין, ווייסט איר, אַז איך בין ניט קיין שעמעוודיקער, אַז איך בין זייער צופֿרידן, ווען עמעצער פֿון מײַנע צוהערער מאַכט מיך אויפֿמערקזאַם אויף אַ טעות, ווײַל ווי זאָגט איר: **מע איז דאָך נישט מער ווי אַ מענטש – בלוט און זויערמילך**. איר וועט מיר אָבער מוזן מוחל זײַן, ווען איך וועל אײַער פֿאַרריכטעכץ נישט אָננעמען.

לאָמיר עס צעקײַען: איר זאָגט, אַז דאָס ווערטל **אַ ייִדענע מיט אַן אוירינגל** שטאַמט פֿון דעם, וואָס איינע אַ ייִדענע פֿון די יוצאי־מצרים האָט נישט געוואָלט אָפּגעבן דעם מאַן אירן אירע אוירינגלעך אויף צו מאַכן דעם גאָלדענעם קאַלב, דעם עגל־הזהבֿ. און פֿון דעמאָלט אָן איז ווען אַ ייִדענע, וואָס באַשטייט אויף איר דעה און גיט נישט נאָך דעם מאַן, הייסט זי **אַ ייִדענע מיט אַן אוירינגל**. איז דאָס זייער אַ פֿײַן פּשטל, אָבער עס

הינקט אויף ביידע פֿיס. ערשטנס, אויב דאָס ווערטל שטאַמט נאָך פֿון די יוצאי־מצרים, פֿאַר וואָס איז דאָס נישטאָ אין העברעיִש, די שפּראַך אויף וועלכער ייִדן האָבן דעמאָלט גערעדט? צווייטנס, פֿאַר וואָס עפּעס **אַ ייִדענע מיט אַן אוירינגל**, נישט מיט אוירינגלעך? זאָל איך זאָגן, אַז ייִדישע ווײַבער האָבן אַ מאָל געטראָגן בלויז איין אוירינגל? עפּעס גלייבט זיך עס מיר נישט. און דריטנס, ווי קומט עס, וואָס מען זאָגט אויך: **אַ ייִד מיט אַן אוירינגל?** ניין, מײַן טײַערע, דאָס איז פֿון די ישיבֿה־בחורישע בטלנישע פּשטלעך, וועלכע איך און מײַנס גלײַכן האָבן שוין לאַנג דאָס לעבן אָפּגעזאָגט. דעם מיין פֿון ייִדישע ווערטלעך דאַרף מען זוכן אין ייִדישן לעבן, נישט אין לעבן פֿון דער מדבר. דעם מיין פֿון ייִדישע ווערטלעך דאַרף מען זוכן אין דער צײַט און אין דער סבֿיבֿה, ווו די ייִדישע שפּראַך איז אויפֿגעקומען און געלעבט: אין פּוילן, אין רוסלאַנד, אין רומעניע, אין דײַטשלאַנד, אין רײַסן און ליטע, און נישט אין דער מדבר. פֿאַרשטאַנען?

**אַ ייִדענע מיט אַן אוירינגל** מיינט אַ ייִדענע אַ קאָזאַק, וואָס טראָגט איין אוירינגל. און פּונקטום.

***

פֿאַר וואָס עפּעס **אַ ייִדענע מיט אַן אוירינגל**, נישט אַ ייִדענע מיט אוירינגלעך? ווײַל אוירינגלעך טראָגן אַלע ייִדענעס, איין אוירינגל טראָגט בלויז אַ קאָזאַק אָדער אַ ציגײַנער. דערפֿאַר זאָגט מען אויך **אַ ייִד מיט אַן אוירינגל**, וואָס מיינט אַ ייִד אַ ציגײַנער, און וואָס עס מיינט אַ ייִד אַ ציגײַנער דאַרף איך אײַך נישט זאָגן. אַלעמען זענען באַקאַנט די גוטע מידות, וואָס מע האָט אַ מאָל צוגעשריבן צו ציגײַנערס.

## יישר־כּוח און מהיכא־תּיתי

מ״ר דעלמאַר, אַן אַדוואָקאַט פֿון מאַנהעטן, וויל, איך זאָל אים פֿאַרטײַטשן צוויי אויסדרוקן: **יישר־כּוח** און **מהיכא־תּיתי**.

ביידע אויסדרוקן, מײַן פֿרײַנד, שטאַמען פֿון תּלמוד, דאָס מיינט, זיי זענען אַראַמיש. ביידע האָבן שוין זײַט הונדערטער יאָרן בירגעררעכט אין דער ייִדישער שפּראַך. **יישר־כּוח** מיינט: שטאַרקן זאָל זיך די קראַפֿט. דאָס איז אַ ברכה, וואָס איר גיט אַ מענטשן פֿאַר אַ גוטער זאַך, וואָס ער האָט געטאָן. זאָגט איר עס צו איינעם, זאָגט איר **יישר־כּוחך**, זאָגט איר עס מער ווי איינעם, זאָגט איר **יישר־כּוחכם**. אין דער זעלבער צײַט דינט עס אויך ווי אַן אויסדרוק פֿאַר אַ דאַנק – אַנשטאָט צו זאָגן **אַ דאַנק** זאָגט איר **יישר־כּוח**, ווײַל אַ דאַנק און אַ ברכה איז כּמעט איינס און דאָס זעלבע. מײַן באָבע און אײַער באָבע, מײַן מאַמע און אײַער מאַמע, פֿאַר זיי איז דאָס וואָרט **אַ דאַנק** געווען צו אַריסטאָקראַטיש, צו ״פֿענסי״. אַנשטאָט צו זאָגן **אַ דאַנק** פֿלעגן זיי געבן אַ ברכה

און זאָגן: "לאַנג לעבן זאָלסטו! אַ געזונט אין דיר! געזונט און שטאַרק זאָלסטו זײַן!" און דאָס איז אַקוראַט וואָס עס מיינט **אַ יישר־כּוח** – "געשטאַרקט זאָל זײַן דײַן כּוח!"

דעם אויסדרוק **מהיכא־תּיתי** איז איינער פֿון די הונדערטער אויסדרוקן, וואָס אונדזערע טאַטעס און זיידעס, וועלכע האָבן געקענט לערנען אַ בלאַט גמרא, האָבן אַרײַנגעבראַכט אין ייִדישן לשון. אין תּלמוד באַגעגנט איר דעם אויסדרוק אויף שריט און טריט. **מהיכא** מיינט: פֿון וואַנען, און **תּיתי** – קומט עס: **מהיכא־תּיתי:** פֿון וואַנען קומט עס. אין דער גמרא ווערט דער אויסדרוק גענוצט אין האַלב נעגאַטיוון זינען: **מהיכא־תּיתי**, פֿון וואַנען קומט עס, אַז נישט? דאָס הייסט, פֿון וואַנען איז עס געדרונגען, אַז נישט, ווו איז דער באַווײַז דערפֿאַר? אין ייִדיש האָט עס מיט דער צײַט באַקומען אַ מער פּאָזיטיוון באַטײַט, ווי אַן ענטפֿער אויף אַ פֿראַגע. איר פֿרעגט, למשל, אַ ייִדן: "איר ווילט זיך אפֿשר דורכגיין און כאַפּן אַ שמועס?" ענטפֿערט ער אײַך: **מהיכא־תּיתי.** דאָס הייסט: פֿאַר וואָס נישט? מע קען גיין. אַגבֿ, וועט אײַך זײַן אינטערעסאַנט צו וויסן, מ"ר דעלמאַר, אַז אין פּוילן האָט **מהיכא־תּיתי** געהאַט נאָך אַ טײַטש, נעמלעך: אַ ביסל בראָנפֿן, אַ שנעפּסל. און גענומען האָט זיך עס דערפֿון, וואָס די פּוילישע חסידים פֿלעגן פֿון התלהבֿות וועגן ליב האָבן אָנצונעצן די ליפּן. אַז איר פֿלעגט פֿרעגן אַ חסיד: "ר' בונים, איר וועט אפֿשר נעמען אַ ביסל בראָנפֿן?" האָט איר געמעגט זײַן זיכער, אַז ער וועט אײַך ענטפֿערן: **מהיכא־תּיתי.** ס'הייסט: פֿאַר וואָס נישט? אַדרבא, פֿאַרקערט, וואָס קען עס שאַטן.

אײַ, טײַערע צײַטן געווען. אַז מען דערמאָנט זיך אין זיי, גיט אַ צי בײַם האַרצן. מע טרינקט דאָך איצט אויך, און אפֿשר בעסערן בראָנפֿן ווי אַ מאָל, אָבער ס'איז נישט דאָס, ס'איז נישט דאָס. צווישן דעם אַמאָליקן "איר וועט נעמען אַ ביסל בראָנפֿן" ביז דעם איצטיקן "יול העוו איי דרינק" איז אַן אונטערשייד פֿון טאָג צו נאַכט.

## יקום־פּורקן

מ"ר געלבערט פֿון מאַנהעטן וויל, איך זאָל אים דערקלערן דעם מיין פֿון דעם זייער פּאָפּולערן ווערטל: **אָט האָסטו דיר אַ נײַעם יקום־פּורקן!**

די דערקלערונג איז זייער אַ פּשוטע. ווי איר ווייסט, האָבן מיר אין שבתדיקן דאַווענען צוויי **יקום־פּורקנס.**ביידע זענען געשריבן אין אַראַמיש און נישט איין ייִדן קומט אָן מיט קרעמעניש ביז ער קומט זיי בײַ. נו, זענען ייִדן אין כּעס: נישט גענוג, וואָס ס'איז אַזאַ שווערע עבֿרי, דאַרפֿן זיי נאָך האָבן צוויי **יקום־פּורקנס**, איינער וואָלט געווען ווייניק? נו, איז ווען אַ ייִד איז אין אַ שווערער לאַגע, אין אַ דילעמע, פֿון וועלכער ער קען נישט אַרויסקריכן, און דאָ קומט אונטער איינער מיט אַ נײַעם

פּראָיעקט, וואָס פֿאַרוויקלט נאָך די לאַגע, ווערט דער ייִד אין כּעס און זאָגט: **אָט האָסטו דיר אַ נײַעם יקום־פּורקן** – ס'הייסט, טאָמער איז ווייניק צוויי, נאַ דיר נאָך אַ דריטן. מיט אַנדערע ווערטער, טאָמער איז דיר ווייניק צרות, נאַ דיר נאָך אַ צולאָג.

דערבײַ דערמאָן איך זיך אין אַ קלוגן ענטפֿער, וואָס אַ רבֿ פֿון אַ שטעטל האָט אַ מאָל געגעבן צו אַ ייִדן. דער ייִד זאָגט: "רבי, גיט מיר צו פֿאַרשטיין דעם שׂכל, נאָך וואָס דאַרף מען צוויי **יקום־פּורקנס?**" – "וואָס הייסט", מאַכט דער רבֿ, "נאָך וואָס מען דאַרף צוויי, מען דאַרף צוויי, כּדי אַז טאָמער, חלילה, גנבֿעט מען איינעם צו, זאָל בלײַבן איינער". – "ווי זשע קומט עס", פֿרעגט ווײַטער דער ייִד, "וואָס מי־שברכס האָבן מיר בלויז איינעם?" – "הערסטו", מאַכט דער רבֿ, "אָט דאָס איז דאָך עס. מיר האָבן טאַקע געהאַט צוויי, האָט מען איינעם צוגעגנבֿעט".

## כּלומרשט

אַ פֿרוי פֿון ברוקלין פֿרעגט: "וואָס מיינט דאָס וואָרט **כּלומרשט** און פֿון וואַנען שטאַמט עס?"

**כּלומרשט** מיינט אַ ליגן, אַ פֿאַלשקייט, וואָס איז אײַנגעוויקלט, פֿאַרמאַסקירט אין אַ מאַנטל פֿון אמת: ער רעדט **כּלומרשט** מיט גוטע ריידעלעך, אָבער מיט די גוטע ריידעלעך וועט ער בײַ יענעם די נשמה אַרויסנעמען. דאָס וואָרט שטאַמט פֿון דעם תּלמודישן "כּלומר", וואָס מיינט: אַזוי ווי, האָבנדיק דעם אויסזען פֿון. פֿון "כּלומר" איז געוואָרן **כּלומרשט**, און פֿון **כּלומרשט** איז געוואָרן **קלאָמפּערשט** און **מיקלאָמפּערשט**. מען ניצט אויך בײַ ייִדן, אַנשטאָט **כּלומרשט**, די סלאַווישע אויסדרוקן **בודטאָ בי** אָדער **ניבי טאָ**, און מען זאָגט אויך: **לפּנים ווענן, פֿון יוצא ווענן, למראית עין**, און אין דער וויסנשאַפֿטלעכער שפּראַך ווערט געניצט אַנשטאָט **כּלומרשט** דאָס אינטערנאַציאָנאַלע וואָרט **קוואַזי**.

## כּפּרה

אַ ייִדיש מיידל פֿון די בראָנקס, וואָס שרײַבט צו מיר אין ענגליש, וויל, איך זאָל איר געבן דעם ריכטיקן טײַטש פֿון דעם וואָרט **כּפּרה**.

**כּפּרה**, מאַמעלע, האָט נישט איין טײַטש, נאָר פֿיר טײַטשן. איך וועל זיי דיר פֿאַרטײַטשן אין ענגליש, וועסטו בעסער פֿאַרשטיין. **כּפּרה** מיינט: **atonement** – אַן אויסקויף פֿאַר באַגאַנגענע זינד. **כּפּרה** מיינט: **forgiveness** – פֿאַרגעבונג, סליחה. **כּפּרה** מיינט: **sacrifice** – קרבן. און **כּפּרה** מיינט אויך די הון אָדער דער האָן, מיט וועלכן מען שלאָגט כּפּרות ערבֿ יום־כּיפּור. אין דער ייִדישער פֿראַזעאָלאָגיע שפּילט דאָס וואָרט **כּפּרה** גאָר אַ גרויסע ראָלע. **טויגן אויף כּפּרות** מיינט: נישט טויגן צו גאָרנישט. **איך**

**דאַרף עס אויף כּפּרות** מיינט: איך דאַרף עס נישט, עס קען מיר קיין נוצן נישט ברענגען. **ווערן די כּפּרה** איז אַ ווולגאַריזם פֿאַר שטאַרבן, פּגרן. **ווערן פֿאַר עמעצן די כּפּרה** איז אַן אַנדער ווולגאַריזם פֿאַר זײַן פֿאַרליבט אין עמעצן. און ייִדן זאָגן אויך: **אַ שיינע, ריינע כּפּרה**, וואָס מיינט "איט סוירוועס הים רײַט!" – גוט אַזוי! ער האָט דאָס כּשר פֿאַרדינט!

## כּפֿול־שמונהדיק

צו מ"ר יונגמאַן פֿון די בראָנקס. וואָס עס מיינט אַ **כּפֿול־שמונהדיקער קבצן**, דאָס קען איך אײַך פֿאַרטײַטשן.

איר טראָגט אַן אַרבע־כּנפֿות? אויב נישט, האָט איר מסתּמא געטראָגן און איר ווייסט וואָס ציצית איז. ציצית זענען פֿאַראַן פֿאַרשיידענע, דינע ציצית, גראָבע ציצית און גאָר גראָבע. די גאָר גראָבע זענען געפֿלאָכטן פֿון אַכט פֿעדעם און זיי רופֿן זיך **כּפֿול־שמונהדיקע ציצית**. פֿרומע ייִדן טראָגן נישט קיין אַנדערע, ווײַל זיי זענען שטאַרק און ווערן נישט אַזוי גיך פּסול. איז מהאַי טעמא דער אויסדרוק **כּפֿול־שמונהדיק** געוואָרן בײַ ייִדן דער סינאָנים פֿון שטאַרק. איר קענט, למשל, קריגן אַ פּאַטש סתּם און איר קענט קריגן אַ **כּפֿול־שמונהדיקן** פּאַטש. פֿון סתּם אַ פּאַטש וועט אײַך די באַק ווערן רויט, פֿון אַ שטאַרקן פּאַטש, פֿון אַ **כּפֿול־שמונהדיקן** פּאַטש, איז רעכט, אַז זי זאָל אויפֿלויפֿן ווי אַ פּענכער. איר קענט זײַן אַ קבצן און זיך נישט קענען פֿאַרגינען צו שיקן די פּלוניתטע אויף אַ פּאָר וואָכן אין "קאָנטרי", און איר קענט זײַן אַ שטאַרקער קבצן, אַ **כּפֿול־שמונהדיקער** קבצן, און נישט האָבן אויף קיין דירה־געלט און נישט האָבן מיט וואָס דאָס ווײַב צו שיקן אין "גראָסערי".

פֿאַר אײַער אינפֿאָרמאַציע, איז אַחוץ **אַ קבצן אין זיבן פֿאָלעס** און **אַ כּפֿול־שמונהדיקער קבצן** אויך דאָ **אַ קבצן מיט אַלע חן־גריבעלעך, אַן אָרעמאַן ווי שבת־הגדול, אַ דלות ווי אַ קורפּירשט** און סתּם **אַ געמיינער מאַן, אַן עני־ואבֿיון, אַן אבֿיון שבאבֿיון שבאבֿיונים, אַ פּענטאַק**. איר ווייסט דען ווי רײַך מיר זענען אין ווערטער פֿאַר אונדזער אָרעמקייט – אוצרות האָבן מיר, אוצרות.[145]

145. וועגן **אַ כּפֿול־שמונהדיקן פּאַטש** (ווײַנרײַך 1973, באַנד 1, זז' 237־238).

## כּשרע מציאה

מ"ר פֿורמאַן פֿון די בראָנקס שרײַבט: "איך האָב יענע וואָך געקויפֿט אַ 'סוט' אויף אַ 'סעיל' [אַן אָנצוג בײַ אַן אויספֿאַרקויף]. ווען איך בין געקומען אַהיים און געזאָגט וויפֿל איך האָב באַצאָלט פֿאַר אים, מאַכט די מאַמע: **אַ כּשרע מציאה!**" דער קיצור, מ"ר פֿורמאַן וויל וויסן פֿאַר וואָס מען זאָגט: **אַ כּשרע מציאה.**

האָט איר אַ מאָל געהערט פֿון אַן אַנדער אויסדרוק – **אַ מציאה פֿון אַ גנבֿ?** געהערט – איז גוט. איז אָט האָט איר דעם ענטפֿער אויף אײַער פֿראַגע. ווען איר קויפֿט **אַ מציאה פֿון אַ גנבֿ,** איז דאָס אַ טרייפֿענע מציאה, ווײַל די סחורה איז אַ טרייפֿענע, אַ געגנבֿעטע. ווען איר קויפֿט, אָבער, אין אַ ראַיעלן פּלאַץ, דאָס הייסט כּשרע סחורה, און איר קויפֿט ביליק, איז דאָס **אַ כּשרע מציאה.**

## באַליען

אַ ייִד פֿון די בראָנקס, וואָס וויל נישט, איך זאָל צוגעבן זײַן נאָמען – און איך פֿאַרשטיי פֿאַר וואָס, ווײַל ער וויל זיך נישט אָנהייבן מיט זײַן שוויגער – שרײַבט צו מיר אַזוי: "מײַן שוויגער, אַן עלטערע פֿרוי, ניצט אַן אויסדרוק, וואָס איז מיר אומפֿאַרשטענדלעך און ניצן ניצט זי אים נאָר ווען זי רעדט צו מיר, צו מײַן ווײַב ווערט זי עס נישט זאָגן. זאָל זי אַרײַנקומען און זען, אַז איך האָב זיך צוגעשפּאַרט אויף דער סאָפֿע, קען זי אַ זאָג טאָן: 'וואָס האָסטו זיך **אַוועקגעבאַליעט** אין מיטן העלן טאָג?' אָדער ווען זי קומט אַרײַן אין אָוונט און מײַן ווײַב זאָגט איר, אַז איך שלאָף שוין, גיט זי אַ זאָג: 'שוין? ער **באַליעט** שוין, אַזוי פֿרי?' וואָס איז דאָס פֿאַר אַן אויסדרוק **באַליען** און פֿון וואַנען נעמט ער זיך?"

דער אויסדרוק **באַליען,** אָדער **באַלייען,** ווי מען זאָגט אין אַנדערע מקומות, נעמט זיך פֿון דעם העברעיִשן וואָרט "חלה" – קראַנק זײַן, אָדער "חולה" – אַ קראַנקער. די צײַט דערלויבט מיר נישט זיך אָפּצושטעלן אויף דעם און דערקלערן, פֿאַר וואָס איז דאָס אַזוי, איך וויל בלויז קאָנסטאַטירן דעם פֿאַקט, אַז ייִדן פֿלעגן זייער אָפֿט באַנוצן העברעיִשע ווערטער גראָד פֿאַר ווולגאַרע, גרעבלעכע אויסדרוקן. ווען עס פֿלעגט זיך רעדן וועגן אַ גוי, וואָס איז געשטאָרבן, פֿלעגן ייִדן זאָגן: ער איז מת געוואָרן. ווען ער איז געווען קראַנק, פֿלעגן ייִדן זאָגן: ער איז חולה, ער **באַליעט** אָדער ער **באַלייעט.** קורץ, **באַליען** און **באַלייען** זענען ווולגאַרע אויסדרוקן פֿאַר קראַנק זײַן, קרענקען. און אַזוי ווי קראַנקע מענטשן ליגן געוויינטלעך, האָבן די דאָזיקע אויסדרוקן מיט דער צײַט צובאַקומען דעם בײַטײַטש פֿון ליגן, זיך אַוועקלייגן. און ווען אײַער שוויגער זאָגט "וואָס האָסטו זיך **אַוועקגעבאַליעט?**", מיינט זי פּשוט: וואָס האָסטו זיך אַוועקגעלייגט אין מיטן העלן טאָג?

זאָגט איר אין מײַן נאָמען, אַז ס'איז נישט קיין זייער איידעלער אויסדרוק, בפֿרט ווען מען רעדט צו אַן איידעם.

## לאַ מיט אַ ספּאָדיק

אַ ייִד פֿון די בראָנקס וויל וויסן, פֿאַר וואָס מען זאָגט: **לאַ מיט אַ ספּאָדיק**.

**לאַ מיט אַ ספּאָדיק** געהערט צו די ייִדישע פּאַראָדיעס, וועגן וועלכע איך האָב שוין ניט איין מאָל גערעדט. **לאַ מיט אַ ספּאָדיק** איז אַ פּאַראָדיע אויף **לאַ מיט אַן אַלף**. פֿאַר וואָס מען זאָגט **לאַ מיט אַן אַלף** ווייסט איר דאָך מסתּמא, ווײַל אין העברעיִש זענען פֿאַראַן צוויי "לויס", איינער מיט אַ וואָוו וואָס מיינט "אים" און איינער מיט אַן אַלף וואָס מיינט "ניין". און ווען אַ ייִד וויל אונטערשטרײַכן זײַן ניין, אַז ס'איז נישט גלאַט אַזוי אַ ניין, נאָר דער אמתער ניין, זאָגט ער **לאַ מיט אַן אַלף**. און אַזוי ווי דער אויסדרוק **לאַ מיט אַן אַלף** איז זייער פּאָפּולער בײַ ייִדן, האָבן ייִדן נישט געזשאַלעוועט קיין פּאַראָדיעס אויף אים, ווי למשל: **לאַ מיט אַ לאַנגער כּף, לאַ מיט אַ פּזר, לאַ מיט אַ ספּאָדיק**. און אויב **לאַ מיט אַ ספּאָדיק**, פֿאַר וואָס נישט אַ פּאַראָדיע אויף אַ פּאַראָדיע? **לאַ מיט אַ ספּאָדניצע**. און ס'איז דאָ נאָך: **לאַ מיט אַ שטרײַמל, לאַ מיט אַ קעסלפּויק, לאַ מיט אַ בראָליווקע, לאַ מיט אַ פֿײַג אונטער אַ דעכעלע**. דאָס זענען אַלץ פּאַראָדיעס אויף **לאַ מיט אַן אַלף** און אויף קיין פּאַראָדיעס פֿרעגט מען קיין קשיות נישט.

## לאַוו דיבורים

אַ פֿרוי פֿון ברוקלין האָט זיך דערמאָנט אָן אַן אויסדרוק **לאַוו דיבורים** אָדער **לאַוו די בוריקעס**, און זי וויל וויסן וואָס דאָס מיינט.

**לאַוו דיבורים** מיינט: שווײַג, רעד נישט. און אַזוי ווי דאָס איז געווען אַ מאָל זייער אַ פּאָפּולער ווערטל בײַ ייִדן, האָבן לצים דערויף געמאַכט אַ פּאַראָדיע: **לאַוו די בוריקעס**.

ווי קומט עס, וועט איר פֿרעגן, וואָס פֿאַר אַזאַ פּשוטן אויסדרוק ווי שווײַג האָבן ייִדן געשאַפֿן אַזאַ העברעיִשע קאָמבינאַציע ווי **לאַוו דיבורים?** איז דער תּירוץ, אַז דער אויסדרוק איז געשאַפֿן געוואָרן נישט פֿאַר ייִדן, נאָר פֿאַר גויים. אין דער אַלטער היים, איבער הויפּט אין אוקראַיִנע, פֿלעגן אַ סך גויים גאַנץ נישקשהדיק פֿאַרשטיין ייִדיש. איז שטעלט זיך פֿאָר, אַ גוי קומט אַרײַן אין אַ ייִדישער קראָם עפּעס קויפֿן און נעמט זיך דינגען, ער וויל אַראָפּקוועטשן פֿון מקח. וויל זיך דאָס ווײַב, די קרעמערקע, מישבֿ זײַן מיטן מאַן, צי זאָל זי אים אָפּגעבן פֿאַר דעם מקח וואָס ער גיט צי ניין. איז גיי רעד, אַז דער גוי פֿאַרשטייט ייִדיש. וואָס זשע טוט זי? הייבט זי אָן רעדן העברעיִש. און העברעיִש, דאָס וועט שוין דער גוי אַ מכּה פֿאַרשטיין. און זי זאָגט צום מאַן: "נו,

הירשקע, וואָס זאָגסטו?" ענטפֿערט הירשקע צוריק מיט אַ פֿראַגע: "וואָס נותנט ער דיר?" דאָס הייסט: וואָס גיט ער דיר? ענטפֿערט זי: "אַ חצי", דאָס הייסט: אַ האַלב קערבל. ענטפֿערט הירשקע: "נו, מילא, נו, נתן אים, ס'איז אַלץ איינס אַ בבֿל, וואָס וועט עס אויסליגן". אָט האָבן זיי געפֿירט אַ גאַנצן דיאַלאָג אין העברעיִש און דער גוי האָט אַ וואָרט ניט פֿאַרשטאַנען. פֿאַר דעם זעלבן צוועק איז אויך געשאַפֿן געוואָרן דער אויסדרוק **לאַוו דיבורים**, רעד נישט, דער ערל איז מבֿין בלשון. אַ ייִדישע קרעמערקע האָט געמוזט קענען העברעיִש. אַנישט ווי וואָלט זי געקענט זאָגן צום מאַן: "יאָסל, גיב אַן עין אויף דער ערלה. זי האַלט עפּעס אין די ידים – זע, זי זאָל עפּעס נישט צולקחנען".

## לאַכן אין די פֿויסטן

אָט איז אַ פֿראַגע פֿון אַ ייִדן וועגן אַן אויסדרוק, וואָס איז אַלעמען באַקאַנט. מ"ר חיים גורמאַן פֿון ברײַטאָן־ביטש וויל, איך זאָל אים פֿאַרטײַטשן דעם אויסדרוק: **מען לאַכט אין די פֿויסטן.**

עס זענען דאָ צוויי סאָרטן געלעכטערס. איין געלעכטער איז, ווען עס איז אײַך גוט אויפֿן האַרצן, צי איר לייענט אַ פֿײַנע הומאָרעסקע צי איר הערט אַ גוטן וויץ און איר לאַכט פֿון פֿאַרגעניגן – דאָס איז דער געלעכטער, וועגן וועלכער אונדזער גרויסער הומאָריסט שלום־עליכם האָט געזאָגט: **לאַכן איז געזונט, דאָקטוירים הייסן לאַכן.** פֿאַרשטייט זיך, אַז נישט אַלע לאַכן אויפֿן זעלבן אופֿן. אַ מענטש אַן אײַנגעהאַלטענער, אַ געזעצטער, לאַכט מיט אַן אײַנגעהאַלטענעם געלעכטער, און אַ מאָל איז גענוג, אַז ער גיט אַ שמייכל. אַ מענטש אַ צעשפּיליעטער, אַ פֿריילעכע נשמה, וואָס לאַכן איז בײַ אים דאָס לעבן און די נשמה, אַזעלכער קען זיך צעלאַכן, אַז מען וועט הערן אויף דער צווייטער גאַס. נישט ער לאַכט, נאָר **ער כאָכאָטשעט, ער קײַקלט זיך, ער קאַטשעט זיך פֿון געלעכטער, ער פֿאַרגייט זיך, ער האַלט זיך בײַ די זײַטן, ער ווערט צעשמאָלצן, צעגאַנגען, צעפּלאַצט, ער בלײַבט אָן אַ בויך לאַכנדיק.** און זאָל עס אים ווויל באַקומען אויב ער האָט הנאה דערפֿון. דאָס איז, ווי געזאָגט, איין סאָרט געלעכטער.

ס'איז אָבער דאָ נאָך אַ סאָרט געלעכטער – דער געלעכטער ווען איר לאַכט אָדער לאַכט אָפּ פֿון יענעם, ווען איר מאַכט פֿון עמעצן חוזק. מיט דעם געלעכטער דאַרפֿט איר שוין זײַן אַ ביסל פֿאָרזיכטיקער, ווײַל פֿאַר אַזאַ געלעכטער קענט איר אַ מאָל קריגן אין באַק אַרײַן. און קענט איר זיך נישט אײַנהאַלטן און איר מוזט לאַכן, איז דאָ אַן עצה, אַז יענער זאָל נישט זען ווי איר לאַכט: איר נעמט און מאַכט פֿון אײַער האַנט אַ פֿויסט און טראָגט זי צו צום מויל און איר לאַכט אין פֿויסט אַרײַן. איר לאַכט און

יענער מיינט, אַז איר הוסט. ווען מען זאָגט צו עמעצן **מע לאַכט פֿון דיר אין די פֿויסטן**, מיינט מען צו זאָגן: "בהמה! מען מאַכט חוזק פֿון דיר. דו זעסט נישט ווי מען לאַכט, ווײַל **מען לאַכט פֿון דיר אין די פֿויסטן**, אָבער אוי, לאַכט מען!"

מע קען אויך זאָגן **לאַכן אין די הויפּנס** און **לאַכן אין אַרבל**, וואָס מיינט אַקוראַט דאָס זעלבע וואָס **לאַכן אין די פֿויסטן**. **הויפּן** אין ייִדיש מיינט אַ פֿויסט – "איך האָב אים געגעבן אַ **הויפּן** אַרבעס".

## לאַכן מיט יאַשטשערקעס

אַ פֿרוי פֿון ברוקלין פֿרעגט וואָס עס מיינט: **ער לאַכט מיט יאַשטשערקעס**.

איר האָט אַ מאָל געהערט פֿון דעם אויסדרוק: **טאַטע, דו לאַכסט? אַז אָך און ווי איז צו דײַן געלעכטער**. וואָס מיינט עס? עס מיינט, אַז דער טאַטע וויל נישט, אַז מענטשן זאָלן וויסן, וואָס עס טוט זיך בײַ אים אין האַרצן, לאַכט ער. אָבער אַז אָך און ווי איז צו זײַן געלעכטער! און דאָס זעלבע מיינט **ער לאַכט מיט קרעמעניש** – **קרעמעניש** איז דאָס זעלבע וואָס **גרימעניש**, אַ מין ווייטיק אין בויך. דאָס הייסט, ער לאַכט, אָבער אינעווייניק דרייט זיך אים אין די געדערעם. **ער לאַכט מיט יאַשטשערקעס** – ער לאַכט, אָבער אינעווייניק שפּאַצירן אַרום יאַשטשערקעס און גריזשען און נויען און נאָגן, אַז ס'איז אָך און ווי צו אים. אָט דאָס, מײַן טײַערע, איז **לאַכן מיט יאַשטשערקעס**: לאַכן, ווען עס ווילט זיך וויינען.

## להכעיס

צו מײַנעם אַ חסיד אין די בראָנקס, מ"ר לעאָן מעדאָוו: איר האָט טאַקע דאָס וואָרט שלעכט אויסגעלייגט, מײַן פֿרײַנד, אָבער איך האָב זיך אָנגעשטויסן וועגן וואָס איר פֿרעגט. איר ווילט וויסן, וואָס דאָס איז פֿאַר אַ וואָרט **צו להכעיס** און פֿון וואַנען עס נעמט זיך.

נעמען נעמט זיך עס פֿון דעם העברעיִשן וואָרט "כּעס", און געדאַרפֿט האָט עס זײַן **להכעיס – טאָן להכעיס** מיינט טאָן אַ זאַך, כּדי איינעם אַרײַנצוברענגען אין כּעס. און אַ סך ייִדן זאָגן טאַקע אַזוי: איך טו עס אים **להכעיס**. אָבער פּונקט אַזוי ווי ייִדן זאָגן **מים־אַחרונים־וואַסער**, כאָטש דאָס **וואַסער** איז איבעריק, ווײַל עס איז שוין דאָ "מים", אַזוי האָבן ייִדן צום **להכעיס** צוגעלייגט אַן איבעריקן "צו" און עס איז געוואָרן **צו להכעיס**. האָבן זיך געפֿונען ייִדן, וואָס דער פּתח /a/ איז זיי נישט געפֿעלן געוואָרן און האָבן אים פֿאַרביטן אויף אַ קמץ /o/, איז פֿון **צו להכעיס** געוואָרן "צעלאָכעס". פּוילישע ייִדן לייענען קמץ־אַלף /u/, זאָגן זיי עס אַרויס "צעלוכעס". אָבער ווי איר זאָלט דאָס וואָרט נישט אַרויסרעדן, "צו לעהאַכעס", "צעלאָכעס", "צעלוכעס", מיינט עס איינס און דאָס זעלבע: טאָן יענעם אין טויט אַרײַן, יענעם אַרײַנקריכן אין דער

גרגרת, טאָן אַ זאַך, אַז יענער זאָל זיך ערגערן און האָבן דערפֿון עגמת־נפֿש. און טוט איר עס, זענט איר אַ **צו להכעיסניק**, אַ "צעלאָכעסניק" אָדער אַ "צעלוכעסניק".

## אַ לונג־און־לעבער

אַ ייִדישע פֿרוי פֿון ברוקלין וויל וויסן וואָס עס מיינט: **אַ לונג־און־לעבער אונטער דער נאָז.**

פֿאַר זיך אַליין, מאַדאַם, מיינט עס גאָרנישט. ווען איר זאָגט עס אָבער צוזאַמען מיטן וואָרט **אײַנרעדן – ער רעדט זיך אײַן אַ לונג־און־לעבער אונטער דער נאָז**, מיינט עס, אַז ער רעדט זיך אײַן זאַכן, וואָס זענען אויף דער וועלט נישטאָ, זאַכן וואָס זענען מחוץ לדרך הטבֿע, וואָס נאָר משוגעים קענען אויסטראַכטן – און זיי שטאַמען טאַקע פֿון משוגעים.

איז מעגלעך, אַז בײַ אַ מענטשן זאָל הענגען אַ לונג־און־לעבער אונטער דער נאָז? ניט מעגלעך, אַיאָ? איז אין שעדלעץ אַ קצבֿ, נישט פֿאַר קיין ייִדן געדאַכט, אַראָפּ פֿון זינען און האָט זיך אײַנגערעדט, אַז בײַ אים הענגט אַ לונג־און־לעבער אונטער דער נאָז. און אין אָסטראָווע, למשל, איז געווען אַ משוגענע מויד, וואָס האָט געהאַלטן אין איין שרײַען, אַז בײַ איר וואַקסט אַ קינד אין בויך. איז דערפֿאַר, ווען איר רעדט וועגן אַ פֿאַנטאַזיאָר, וואָס רעדט זיך אײַן, אַז ער וועט אַזוינס און אַזעלכעס, זאָגט איר וועגן אים: **ער רעדט זיך אײַן אַ לונג־און־לעבער אונטער דער נאָז, ער רעדט זיך אײַן אַ קינד אין בויך, ער רעדט זיך אײַן פֿייגעלעך אין בוזעם** און נאָך אַזעלכע משוגעתן.

## ליגן אין דער ערד און באַקן בייגל

אַ פֿרוי פֿון ברוקלין וויל וויסן, פֿון וואַנען עס נעמט זיך דער אויסדרוק: **ער ליגט אין דער ערד און באַקט בייגל.**

די אָנגענומענע סבֿרה איז, אַז דאָס באַציט זיך אויף דער מלאָכה פֿון בייגל־באַקן. אויב איר געדענקט די היימישע אויוונס, ווייסט איר, אַז דאָרט ווו דער בעקער איז געשטאַנען פֿאַרן אויוון איז דער פּלאַץ געווען אויסגעגראָבן, אײַנגעטיפֿט אין דער ערד און האָט אויסגעזען ווי אַ לאַנגער שמאָלער קבֿר. איז פֿאַרגלײַכט מען אַ טויטן צו אַ בייגל־בעקער.

פֿאַראַן אָבער נאָך צוויי סבֿרות. איינע זאָגט, אַז דאָס באַציט זיך צו דער סעודת־הבֿראה, צו די בייגל מיט אַש, וואָס די אַבֿלים עסן נאָך קבֿורה. און די צווייטע זאָגט, אַז דאָס באַציט זיך אויף אַן אַלטער אײַנגלייבעניש, וואָס האָט געהערשט בײַ ייִדן, אַז ווען די מתים קומען צוריק פֿאַר טאָג פֿון דאַווענען, צעלייגן זיי זיך אויפֿן בית־עולם און באַקן בייגל.

## ליהודים

אַ ייִד פֿון מאַנהעטן בעט, איך זאָל אים דערקלערן, פֿון וואַנען עס נעמט זיך דער אויסדרוק: **עס איז ליהודים!**

קענטיק, ר׳ ייִד, אַז איר האָט שוין לאַנג די מגילה נישט געהערט. ווען יאָ וואָלט איר געוווּסט, אַז נאָך דעם ווי המן הרשע האָט זיך אויסגעריכט אַ שוואַרצן סוף און מרדכי הצדיק איז אַרויסגעקומען פֿון קעניגלעכן פּאַלאַץ אָנגעטאָן אין בגדי־מלכות, דערציילט די מגילה, אַז "ליהודים היתה אורה ושׂימחה וששׂון ויקר" – אַז בײַ די ייִדן איז געווען אַ ליכטיקייט און אַ שׂימחה און אַ פֿרייד און אַ גדולה. נו, ייִדן האָבן דאָך ליב, אַז אַ ווערטל זאָל זײַן קורץ און שאַרף, האָבן זיי פֿון דעם פּסוק "ליהודים היתה אורה" גענומען בלויז דאָס ערשטע וואָרט "ליהודים" און ייִדן האָבן זיך שוין אָנגעשטויסן, אַז אויב **ליהודים**, מיינט עס פֿריילעך אין שטעטל.

## לייגן אונטערן אויער

אַ ייִדישע פֿרוי פֿון ברוקלין בעט, איך זאָל איר דערקלערן דעם אויסדרוק וואָס מען זאָגט וועגן אַ פֿרעסער, אַ זולל־וסובֿא: **ער לייגט אונטערן אויער.**

דאָס זאָגט מען, מײַן ליבע פֿרוי, וועגן אַזאַ איינעם וואָס מאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער עסט נישט און אין דער אמתן פּאַקט ער אין זיך ווי נאָך אַ תּענית. נו, איז זאָגט מען וועגן אַזאַ איינעם אין שפּאַס: "נעבעך, אַ גאָטס רחמנות – **ער לייגט אונטערן אויער**". פֿאַר וואָס אונטערן אויער? ווײַל אונטערן אויער איז אַ גוטער פּלאַץ ווו אַוועקצולייגן עפּעס פֿון אונטער דער האַנט. אַ ייִד אַ סוחר, למשל, לייגט דאָרטן אַוועק זײַן בלײַשטיפֿט, מיין איך "פּענסל". אַ ייִדענע וואָס שטריקט אַ זאָק און וויל איבערציילן וויפֿל אויגן זי האָט געמאַכט לייגט דאָרטן אַוועק פֿאַר אַ ווײַלע דאָס שפּיזל.

און אַז מיר האַלטן שוין דערבײַ, אָט זענען נאָך אַ פּאָר אָפּלאַכערישע ווערטלעך, וואָס מען זאָגט וועגן אַזאַ "נישט עסער": **ער האָט נאָך נעבעך הײַנט אין מײַן מויל נישט געהאַט; ער איז אַ קנאַפּער עסער – וויפֿל ער עסט איז אים אַלץ קנאַפּ; ער איז פֿאַרבײַ און עסט פֿאַר דרײַ; ער זאָל אָפּעסן אַ גוטן אָנבײַסן, קען ער אַרומגיין דרײַ טעג – אַ נישט־געדאַוונטער.**

## לייגן זיך מיט אַ געזונטן קאָפּ

אַ ייִד פֿון די בראָנקס בעט, איך זאָל אים דערקלערן דעם פּשט פֿון דעם ווערטל: **ער לייגט זיך מיט אַ געזונטן קאָפּ אין אַ קראַנקער בעט.**

דער פֿאַרגלײַך, מײַן פֿרײַנד, נעמט זיך פֿון דער מורא, וואָס מענטשן האָבן זיך צו

לייגן אין אַ בעט, ווו עס איז געלעגן אַ קראַנקער. די מורא איז טייל מאָל אַ באַרעכטיקטע, ווײַל ווער ווייסט, מע קען זיך נאָך, חלילה, עפּעס אָננעמען און זיך אָנמאַכן אַ צרה. און דערפֿאַר, ווען איינער נעמט זיך צו אַ מיסחר וואָס אַלע זאָגן, אַז סע טויג נישט, אַז ער וועט דערלייגן דעם קאָפּ, און ער הערט נישט קיינעם און ער קריכט, הייסט עס, אַז **ער קריכט מיט אַ געזונטן קאָפּ אין אַ קראַנקער בעט, אָדער נעמט אויף זיך אַליין צרות.**

## לייגן זיך פֿייגעלעך אין בוזעם

אַ ייִד פֿון בראָנזוויל וויל וויסן, וואָס איז דער טײַטש פֿון דעם אויסדרוק: **ער לייגט זיך פֿייגעלעך אין בוזעם.**

**לייגן זיך פֿייגעלעך אין בוזעם** מיינט אין ייִדיש: האָפֿן אויף זאַכן, וואָס האָבן קליינע שאַנסן מקוים צו ווערן, נערן זיך מיט פּוסטע האָפֿענונגען, וואַרטן אויף נסים, ליגן אויפֿן אויוון און וואַרטן ביז גאָט וועט אַראָפּשיקן פֿון אויבן, ווי ברוך־משה דער מלמד. איר האָט געהערט די מעשׂה מיט ברוך־משהן?

ברוך־משה דער מלמד איז געווען אַ קבצן אין זיבן פּאָלעס, אָבער זייער אַ גרויסער בעל־בטחון. איין מאָל פֿאַר פסח, ווען פֿון אַלע זײַנע האָפֿענונגען צו קריגן ערגעץ אַ פּאָר קערבלעך אויף יום־טובֿ האָבן זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם, נעמט ער און זעצט זיך אַוועק און שרײַבט אָן אַ בריוו צו גאָט: אַזוי און אַזוי, "גאָטעניו, דו מוזסט מיר העלפֿן מיט צען קערבלעך אויף יום־טובֿ, אַנישט קומט מיר, חלילה, אויס צו עסן חמץ". אָנגעשריבן דעם בריוו, אַרײַנגעלייגט אין אַ קאָנווערט, און אָנגעשריבן דעם אַדרעס און געגעבן משה דעם בעל־עגלה, ער זאָל אים באַלייגן אויף דער סטאַנציע, ער זאָל וואָס גיכער אַוועק. משה דער בעל־עגלה לייענט איבער דעם אַדרעס און אַ שווייס באַפֿאַלט אים: וואָס, איז ער משוגע געוואָרן, דער מלמד? בקיצור, ער האָט געעפֿנט דעם בריוו. ער לייענט איבער וואָס דאָרטן שטייט און די טרערן זענען אים אַזש געקומען אין די אויגן אַרײַן, אַזוי גערירט האָט ער אים. געווען אַ פֿײַנער ייִד, דער משה בעל־עגלה, דערציילט ער נישט קיינעם און אויף מאָרגן גייט ער אַרום צווישן חבֿרה־עגלה און מאַכט צוזאַמען פֿינף קערבלעך, לייגט אַרײַן אין אַ קאָנווערט און באַלייגט אים אויף פּאָטשט. אַ וואָך פֿאַר פסח איז ברוך־משהן דעם מלמד אָנגעקומען מיט פּאָטשט פֿינף קערבלעך, האָט עס אים זייער הנאָה געטאָן און ער זעצט זיך אַוועק און שרײַבט אָן זייער אַ שיינעם בריוו צו גאָט: "איך דאַנק דיר, גאָטעניו, פֿאַר דעם חסד וואָס דו האָסט מיט מיר געטאָן, איך וועל עס דיר קיין מאָל נישט פֿאַרגעסן. אָבער נאָך אַ מאָל, אַז דו שיקסט מיר געלט, שיק מיר נישט דורך דער פּאָסט, ווײַל די גויים

די גנבֿים האָבן אַראָפּגעלאַטכנט פֿינף קערבלעך".

אָט דאָס הייסט אַ ייִד אַ בעל־בטחון.

## לײמענע הענט

אַ ייִד פֿון מאַנהעטן בעט, איך זאָל אים פֿאַרטײַטשן דעם אויסדרוק **לײמענע הענט** און זאָגן פֿון וואַנען דער אויסדרוק שטאַמט.

איך נעם אָן, ר' ייִד, אַז איר האָט געהערט פֿון דער לעגענדע וועגן דעם מהר"ל פֿון פּראָג, ווי ער האָט אין אַן עת־צרה אויף ייִדן אויסגעקנעטן פֿון ליים אַ גולם און מיט דער הילף פֿון דעם שם־המפֿורש אין אים אַרײַנגעבלאָזן אַ רוח־חיים און אים געמאַכט פֿאַר דעם באַשיצער פֿון ייִדן קעגן זייערע שׂונאים. כאָטש געווען איז ער, דער גולם, שטאַרק און מעכטיק ווי אַ גיבור און האָט געקענט אײַנוואַרפֿן מויערן, אָבער ווײַל ער איז געווען געמאַכט פֿון ליים, האָט ער נישט פֿאַרמאָגט אין זיך די בייגעוודיקייט, די עלאַסטישקייט, די גראַציע וואָס עס פֿאַרמאָגט אַ מענטש פֿון פֿלייש און בלוט. יעדער קער זײַנער איז געווען שווער, יעדע באַוועגונג האַמעטנע, מיט איין וואָרט, נישט קיין רירעוודיקער פּאַרשוין. פֿון אָט אָ דעם גולם נעמט זיך עס, וואָס מיר זאָגן וועגן אַן אומגעלומפּערטן, נישט־רירעוודיקן פּאַרשוין: **ער איז אַ לײמענער גולם**. נו, אויב **אַ לײמענער גולם**, האָט ער דאָך **לײמענע פֿיס** און **לײמענע הענט**, איז דערמיט פֿאַרענטפֿערט אײַער קשיא. ווען מען זאָגט אויף אַ מענטשן, אַז **ער האָט לײמענע הענט**, מיינט עס, אַז ער איז אומגעלומפּערט ווי אַ גולם.

## למך

אַ ייִדישע פֿרוי פֿון ברוקלין וויל וויסן, וואָס עס מיינט ווען מען זאָגט **ער איז אַ למך** און פֿון וואַנען שטאַמט דאָס וואָרט.

צו ערשט, לאָמיך אײַך זאָגן פֿון וואַנען עס שטאַמט. אויב איר האָט אַ מאָל געלייענט דעם טײַטש־חומש ווייסט איר מסתּמא, אַז **למך** איז געווען אַן אוראייניקל פֿון קינען, אָדם הראשונס זון, וואָס האָט דערהרגעט זײַן ברודער הבֿל. אָט דער **למך**, זאָגט דער מדרש, איז געווען זייער אַן אומבאַהאָלפֿענע, אַן אומגעלומפּערטע בריאה, אַ לײמענער גולם, און צו די אַלע מעלות איז ער נאָך געווען אַ בלינדער אויך. איז אַן אַנדערער, אַז דו ביסט אַזאַ געראָטענער שלימזל, און נאָך אַ בלינדער סליעפּאַק, וואָס גייסטו שיסן? נעמט ער, אָט דער **למך**, אַ פֿײַלן־בויגן און לאָזט זיך אויף געיעג און שיסט און דערשיסט נישט קיין פֿויגל און נישט קיין חיה, נאָר צוויי מענטשן, און ווער זענען די מענטשן? סך־הכל זײַן זיידע קין און זײַן זון תּובֿל־קין. געפֿעלט אײַך אַ שלימזל? געהאַט האָט ער צוויי ווײַבער, איז נאָך דעם וואָס דאָס האָט פּאַסירט, זענען

זיי אַוועק פֿון אים אין פּראַקטישקעס – זיי ווילן נישט לעבן מיט אַזאַ **למך**.

פֿאַרשטייט איר דאָך שוין אַליין וואָס **למך** מיינט: **אַן אומגעלומפּערטע בריאה, אַ בלײַערנער פֿויגל, אַ שטרויענער קאָזאַק.** און **למך** מיינט אויך **אַ נאַר, אַ לעקיש, אַ גולם.**

## לעבן אַ שווערן וואָגן

אַ ייִד פֿון די בראָנקס פֿרעגט: "וואָס מיינט דאָס ייִדישע שפּריכוואָרט: **לעבן אַ שווערן וואָגן איז גוט צו פֿוס צו גיין**?"

דאָס זעלבע, מײַן פֿרײַנד, ווי **לעבן אַ פֿעטן טאָפּ איז זיך גוט צו רײַבן**, ד"ה, ס'איז זיך גוט צו שאַרן אַרום אַ גבֿיר. ווײַל ווי זאָגט אַן אַנדער שפּריכוואָרט: **אַז מען רײַבט זיך אַרום אַ פֿעטן טאָפּ, ווערט מען אויך פֿעט אָדער פֿון אַ גאָלדן ווענגעלע פֿאַלט אַ מאָל אַראָפּ אַ גאָלדן נעגעלע אָדער ווו מען האַקט האָלץ, פֿאַלן שפּענער אָדער ווו עס איז אַ סעודה, קען מען אָפּלעקן אַ ביין.** איך ווייס נישט ווי קלוג די ווערטלעך זענען. מיר, למשל, געפֿעלט דאָס ווערטל, וואָס דריקט אויס דעם היפּוך פֿון דער טעאָריע, דאָס ווערטל וואָס זאָגט: **אַז מען רײַבט זיך אַרום אַ נגיד, רײַבט מען זיך אויס אַ לאָך.** אָבער דאָס האָט נישט צום ענין.

## לעפּטשיכע

אַ ייִדישער אַקטיאָר בעט, איך זאָל אים געבן דעם אָפּשטאַם פֿון דעם וואָרט **לעפּטשיכע**, וואָס ווערט באַנוצט אין טעאַטער־לשון פֿאַר דער אַקטריסע, וואָס שפּילט די ראָלע פֿון ייִדענעס, אָדער ווי מען רופֿט זי אַנדערש: "קאָמישע סטאַרוכע".

דאָס וואָרט **לעפּטשיכע** שטאַמט פֿון דעם קליינרוסישן וואָרט "לעפּטאַטי", וואָס מיינט פּלוידערן, און אַ **לעפּטשיכע** מיינט דערפֿאַר **אַ פּלוידערקע, אַ קאַלאַקאָטקע, אַ באַראַבאָליכע, אַ קלאַפּאָטשיכע, אַ קלאַפּאָטירעכע, אַ מאָטלערקע, אַ יענטע, אַ חנה־פּעסל, אַ שׂרה די זאָגערין,** מיט איין וואָרט – אַ ייִדענע וואָס האָט נײַן מאָס רייד, וואָס אַז זי הייבט אָן רעדן, פֿאַרגעסט זי ווען אויפֿצוהערן: **אַ לעפּטשיכע.**

## לעקיש בער

מ"ר יאָסל פֿוקסמאַן, איר פֿאַרשטייט נישט פֿאַר וואָס מען זאָגט **לעקיש בער**. וועל איך אײַך געבן צו פֿאַרשטיין.

**לעקיש** איז אַן אויסגעטראַכטער נאָמען, אַ סינאָנים פֿאַר נאַר, שוטה, פּונקט ווי **שמענדריק, יאָקיש, קונע־לעמל, חוזק, שלומיאל, ויזתא** אאַז"וו. ווען איר דערציילט יענעם אַ מעשׂה און יענער פרעגט אײַך: "איבער ווער?" איז אַז איר זענט אין אַ גוטן הומאָר און איר ווילט זיך וויצלען, אָדער פֿאַרקערט, איר זענט אין כּעס און איר ווילט זיך פֿון יענעם אָפּטשעפּען, איז ווען יענער פֿרעגט אײַך ווער, ענטפֿערט איר אים: **דער**

**רבֿ, די רביצין**. און אַז איר ווילט, קענט איר אים ענטפֿערן צום גראַם: "ווער? – **לעקיש בער!**" אָדער אַפֿילו **לעקיש דער בער מײַנער אַ שוועד**. נישטאָ דאָ קיין סתרי־תּורה און נישטאָ דאָ וואָס צו פֿאַרשטיין.

## לעקעך און בראָנפֿן

פֿרײַנד אַראָנאָוסקי פֿון ברוקלין פֿרעגט, פֿון וואַנען עס נעמט זיך דאָס וואָרט **לעקעך**.

קיין גרעסערע דאגות האָט איר נישט? **לעקעך** נעמט זיך פֿון דעם דײַטשן וואָרט "לעבקוכען". חזרט זיך עס אײַן, אויב עס גייט אײַך שטאַרק אין לעבן. און גוט וואָס איר האָט מיך דערמאָנט אין דעם אויסדרוק **לעקעך און בראָנפֿן**. עס וואָלט געווען אַ יושר גדול, אַז מען זאָל דעם דאָזיקן פֿײַנעם ייִדישן אויסדרוק אויפֿלעבן און צוריק אַװעקלאָזן אין צירקולאַציע. **פֿאַרבעטן אויף לעקעך און בראָנפֿן** אָדער **מאַכן אַ לעקעך און בראָנפֿן** מיינט אַקוראַט דאָס זעלבע וואָס דאָ אין אַמעריקע מאַכן אַ "סוויט טייבל" אָדער אַ בופֿעט, דאָס הייסט, אויפֿנעמען געסט מיט געטראַנקען און לײַכטע צובײַסנס, ווײַל ווען אַ ייִד, דער הויפּט אַ בעל־הבתּישער ייִד האָט אין דער אַלטער היים געמאַכט אַ **לעקעך און בראָנפֿן**, האָט עס נישט געמיינט, אַז מער ווי לעקעך און בראָנפֿן וועט איר אויפֿן טיש נישט געפֿינען. ווי זאָגט דער ליטוואַק: גאָר! דער אויסדרוק **לעקעך און בראָנפֿן** איז געווען אַ שם־הכּולל פֿאַר אַ סעודה, צו וועלכער מען דאַרף זיך נישט וואַשן, אָבער דער טיש איז געווען אָנגעשטעלט מיט כּל־טובֿ, מיטן פֿײַנעם צעשניטענעם הערינג, מיט דעם מחיהדיקן געהאַקטן הערינג, וואָס חסידים פֿלעגן רופֿן קראַצבאָרשט, מיט די מאכלדיקע אייער־קיכל צו פֿאַרבײַסן, און די טייגעלעך און די מאַנדעלעך, און די קישעלעך און בורא מיני מזונותלעך וואָס איר האָט געפֿונען אויפֿן טיש זענען געגאַנגען צו פֿוס.

סעקרעטאַרן פֿון ייִדישע אָרגאַניזאַציעס – ווער פֿון אײַך וויל פֿאַרדינען אַ מצווה און אויפֿלעבן, מחיה־מתים זײַן אַן אַלט, געשמאַק ייִדיש וואָרט?

## לערנען בלק

"וואָס מיינט עס", פֿרעגט אַ ייִד פֿון די בראָנקס, "**איך וועל מיט אים לערנען בלק!**"

דער אויסדרוק, מײַן פֿרײַנד, געהערט צו דער קאַטעגאָריע "באַשטראָפֿונג". אויב איר האָט אַ מאָל געלערנט אין חדר געדענקט איר אַוודאי, אַז די סדרה בלק איז געווען זייער אַ שווערע סדרה, און איר געדענקט אַוודאי אויך, אַז בײַ דער סדרה פֿלעגט דער רבי נישט זשאַלעווען קיין פּעטש, קיין סטיסאַקעס און קיין קאַנטשיקעס. לערנען בלק איז בײַ ייִדישע קינדער געווען אַן אָפּקומעניש, אַ שטראָף פֿון גאָט.

נו, איז ווען אַ ייִד וויל איינעם סטראַשען מיט אַ שטראָף און זאָגן: איך וועל דיר

שוין מקיים־פּסק זײַן, איך וועל דיר שוין אָנלערנען, איך וועל זיך שוין אָפּרעכענען מיט דיר, איך וועל דיר שוין ווײַזן ווער עלטער איז, זאָגט ער אויך: **איך וועל שוין מיט דיר לערנען בלק.** ווײַל צווישן אַלע שטראָפן איז לערנען בלק אויך אַ שטראָף.

## לץ

אַן אַדוואָקאַט פֿון מאַנהעטן וויל וויסן דעם טײַטש פֿון דעם וואָרט **לץ**, און פֿון וואַנען עס שטאַמט.

עס שטאַמט פֿון העברעיִש און עס מיינט אַ וויצלינג, איינער וואָס האָט ליב צו טרײַבן קאַטאָוועס און אָפּטאָן שפּיצלעך, אַז מען זאָל זיך האַלטן בײַ די זײַטן. **לץ** האָט אויך אַ בײַבאַטײַט און מיינט איינער וואָס האָט אַ לײַכטן קאָפּ און אים ליגן אין זינען נאַרישקייטן. און **לץ** מיינט אויך **אַ שד, אַ נישט־גוטער, אַ לאַנטוך, אַ לאַפּיטוט, אַ משלחת** – איינער פֿון דער כּת ליצנים, פֿון די גוטמוטיקע שדים, וואָס וועגן זיי ווערט דערציילט אין די ייִדישע פֿאָלקס־מעשׂיות, אַז זיי פֿלעגן אָפּטאָן די אויסטערלישסטע שפּיצלעך ייִדישע סוחרים און בעל־עגלות, וואָס פֿלעגן פֿאַרבײַפֿאָרן די פּוסטע קרעטשמעס, וווּ זיי פֿלעגן זיך אויפֿהאַלטן.

## מאַכן

אַ ייִד, מ"ר העלדער פֿון ברוקלין, וויל וויסן, צי ס'איז רעכט צו זאָגן אין ייִדיש **ער מאַכט אַ סך געלט**, צי איז דאָס נישט אַן אַמעריקאַניזם, אַן איבערזעצונג פֿון "הי מעיקס איי לאַט אָוו מאָני", פּונקט ווי, למשל, "ער מאַכט אַ לעבן" איז אַן איבערזעצונג פֿון "הי מעיקס אַ ליווינג"?

ניין, מײַן פֿרײַנד, **מאַכן געלט** איז נישט קיין אַמעריקאַניזם. אַן אַמעריקאַניזם הייסט אַ וואָרט אָדער אַ פֿראַזע, וואָס איז קיין מאָל נישט געווען אין ייִדיש און וואָס מיר האָבן ערשט דאָ דערוואָרבן אונטערן אײַנפֿלוס פֿון ענגליש. "מאַכן אַ לעבן" האָבן ייִדן נישט געזאָגט ביז זיי זענען געקומען קיין אַמעריקע. זיי האָבן תּמיד געזאָגט: **האָבן פּרנסה, האָבן חיונה, מפֿרנס זײַן זיך** אאַז"וו. אָבער **מאַכן געלט** איז אַזוי אַלט ווי אַלט ייִדיש איז. אמת, אַז **מאַכן געלט** קען אויך מיינען אַרבעטן אין אַ מינצערײַ און מאַכן געלט בפּועל ממש. נו, איז דערפֿאַר? אָט וועל איך אײַך ווײַזן, וואָס **מאַכן** קען נאָך מיינען אין ייִדיש.

דאָס ערשטע, דער גרונטבאַטײַט פֿון דעם וואָרט **מאַכן** איז שאַפֿן, באַשאַפֿן, שאַפֿן אַן עפּעס, אַ יש, אַ שטיק סחורה און **מאַכן** דערפֿון אַ בגד; נעמען מעטאַל, עס צעלאָזן, און **מאַכן** דערפֿון מטבעות.

אָבער **מאַכן** מיינט אויך פֿאַרדינען, דערווערבן, אַרײַנבאַקומען, ווי למשל: **מאַכן אויף דער הוצאה, מאַכן אויף חיונה,** אָדער גאָר נתעשר ווערן, **מאַכן גאָלד!** איין מעקלער

פֿרעגט דעם אַנדערן: "האָסט עפּעס **געמאַכט** בײַ אים?" ענטפֿערט אים יענער: "אויף זײַנע ביינער זאָל ער עס האָבן וואָס מען קען שוין בײַ אים **מאַכן**". דאָס מיינט אַלץ: פֿאַרדינען.

איר האָט דאָך מסתּמא געלערנט אין חדר. ווען דער רבי האָט אײַך געטײַטלט מיטן טײַטל אין סידור און געזאָגט: "נו, בערעלע, וואָס שווײַגסטו, לאָמיך הערן, ווי **מאַכט** עס?" וואָס האָט ער געמיינט מיט "ווי **מאַכט** עס"? אַיאָ, ער האָט געמיינט: ווי לייענט זיך עס? אָט האָט איר נאָך אַ טײַטש פֿאַר **מאַכן**.

און ווען איר זענט אַריבער אין אַ העכערן חדר און איר האָט אָנגעהויבן לערנען חומש מיט רש"י און דער רבי האָט געזאָגט: "נו זאָג, בערעלע, 'ויצא יעקבֿ מבאר שבֿע וילך חרנה' – און יעקבֿ איז אַרויסגעגאַנגען פֿון באר־שבֿע און געגאַנגען קיין חרן, **מאַכט** רש"י..." וואָס האָט ער געמיינט מיט "**מאַכט** רש"י"? ער האָט געמיינט "זאָגט רש"י", ווײַל **מאַכן** מיינט אין ייִדיש אויך זאָגן. איר הערט עס יעדן טאָג: "פֿאָר איך צו אים, **מאַכט** ער צו מיר...", אַיאָ?

און **מאַכן** מיינט אויך באַוועגן, ברענגען אין באַוועגונג אַ זאַך, וואָס איז געווען אין אַ שטילשטאַנד: **מאַכן מיט דער האַנט, מאַכן מיט די ליפּן, מאַכן מיטן קאָפּ**. "וואָס דאַרפֿסטו שרײַען? גיב אַ **מאַך** צו אים, וועט ער שוין וויסן".

און אַ ייִד זאָגט: "נו, וואָס קען מען טאָן, עס האָט זיך אַזוי **געמאַכט**, ווי עס **מאַכט** זיך, דאַרף מען אָננעמען פֿאַר ליב". וואָס מיינט ער מיט **מאַכט זיך?** ער מיינט: ווי עס טרעפֿט, פּאַסירט, ווי עס געשעט.

אַוודאי, וואָלט איך געהאַט מער צײַט, וואָלט איך נאָך געמאַכט און געמאַכט. דער היוצא מזה: אויב איר קענט נאָר, ר' ייִד, מעגט איר **מאַכן געלט** אין אַמעריקע.

## מאַכן גאָט אַ קאַפּאָטע

מ"ר משה כּהן פֿון מאַנהעטן וויל וויסן וואָס עס מיינט ווען איין ייִד זאָגט וועגן אַ צווייטן: **ער מיינט, אַז ער מאַכט גאָט אַ קאַפּאָטע מיט זײַן דאַוונען**.

**ער מאַכט גאָט אַ קאַפּאָטע** מיינט: ער מיינט, ער מאַכט גאָט גליקלעך. פֿרעגט זיך אַ קשיא, סטײַטש? וואָס עפּעס אַ קאַפּאָטע, וואָס דאַרף גאָט אַ קאַפּאָטע? איז דער תּירוץ: וואָס דען דאַרף ער? אַ קורצן סערדאַק, אַ "דזשעקעט", צי אפֿשר גאָר אַ "טאָקסידאָ"? אויב מען שמועסט, אַז אין דער פֿאַנטאַזיע פֿון דעם פֿאָלק איז דער בורא־עולם אַן אַלטער מאַן מיט אַ לאַנגער ווײַסער באָרד, איז זיכער, אַז ער גייט אָנגעטאָן ייִדישלעך אין אַ לאַנגער זײַדענער קאַפּאָטע, ווי עס פּאַסט פֿאַר זײַן געטלעך געשטאַלט. איך וועל אײַך אויסזאָגן אַ סוד, אַז איבער דער זײַדענער קאַפּאָטע טראָגט

ער נאָך אַן אייבער־מלבוש, אַ מענטליק. דאָס איז אַ מין זײַדענער מאַנטל מיט ברייטע אַרבל, ווי די פֿאַרצײַטיקע רבנים פֿלעגן טראָגן. איין ייִד מאַכט אים אַ קאַפּאָטע, דער צווייטער מאַכט אים אַן אייבער־מאַנטל, אַ מענטליק, און ביידע מיינען, אַז זיי האָבן אים גליקלעך געמאַכט. וועט איר דאָך ווײַטער פֿרעגן: וואָס איז דאָס אַזאַ גליק, אַ קאַפּאָטע צי אַפֿילו אַ מענטליק? וועל איך אײַך ענטפֿערן, אַז איר האָט שוין פֿאַרגעסן ווי ייִדן האָבן געלעבט אַ מאָל. דערמאָנט זיך, וויפֿל קאַפּאָטעס פֿלעגט דער דורכשניטלעכער ייִד האָבן? ניט מער ווי צוויי, איינע אַ וואָכעדיקע און איינע אַ שבתדיקע אויף צו גיין אין שול אַרײַן. ביידע פֿלעגט ער טראָגן ביז זיי פֿלעגן צעפֿאַלן ווערן אויף שטיקער. ווען אַ ייִד האָט זיך דערלעבט און אַרויפֿגעאַרבעט אויף אַ נײַער קאַפּאָטע, האָט זיך ווער געקענט פֿאַרגלײַכן צו אים אין גליק? און אויב משה־בענדעט איז גליקלעך מיט אַ נײַער קאַפּאָטע, איז, אַ פּנים, דער רבונו־של־עולם אויך גליקלעך ווען אַ ייִד נייט אים אויף אַ קאַפּאָטע. זאָל אײַך נישט וווּנדערן וואָס מיר האָבן אַריבערגעטראָגן אויפֿן בורא־עולם אונדזערע קליינע מענטשלעכע השׂגות און מיר האָבן אים אָנגעטאָן אין קאַמאַשעס און מענטליקעס – דאָס איז אין גײַסט פֿון ייִדישן פֿאָלקסגלויבן.

אין דער באַציִונג פֿון דעם פּשוטן תּמימותדיקן ייִדן צו זײַן באַשעפֿער, גאָט איז אים נישט קיין פֿרעמדער, גאָט איז: טאַטע זיסער, האַרציקער געטרײַער, דער פֿאַר וועלכן מען קען זיך באַקלאָגן ווען ס'איז קיין פּרנסה נישטאָ, ווען דאָס קינד מאָזלט. ייִדן זײַנען היימיש מיט גאָט, גוט־ברודעריש, פּאַני בראַט, אַזוי היימיש, אַז ייִדן קענען זיך אַפֿילו פֿאַרגינען צו וויצלען מיט אים און אים זאָגן: **גאָטקע, גאָטקע, גיב מיר אַ העכט און נאַ דיר אַ פּלאָטקע.** ס'הייסט, גיב מיר הונדערטער, וועל איך אַ צענערל אַוועקגעבן אויף צדקה. זיי קענען אים אַ מאָל אַפֿילו אַרײַנזאָגן ווי עס באַדאַרף צו זײַן: **גאָטעניו, אַ וועלט האָסטו באַשאַפֿן, אויף מיר אַזאַ יאָר, אָבער פֿירן פֿירסטו זי, אויף מײַנע שׂונאים אַזאַ יאָר.** אָדער נאָך שטאַרקער: **דײַן מזל, גאָט, וואָס דו ווױנסט אַזוי הויך, אַז נישט וואָלט מען דיר די פֿענצטער אויסגעזעצט.**

אָט דאָס איז דאָס, מײַנע פֿרײַנד. אָט די היימיש־דעמאָקראַטישע באַציִונג אונדזערע צו גאָט האָבן עס אַרויסגעבראַכט אין אונדזער מאַמע־לשון אַזעלכע ווערטער ווי **מאַכן גאָט אַ קאַפּאָטע** און **אָנכאַפּן גאָט פֿאַר דער באָרד**. דאָס איז אין פֿולן איינקלאַנג מיט דעם גאָט־באַנעם פֿון דעם פּשוטן ייִדן פֿון עמך דײַן פֿאָלק ישׂראל.

## מאַלע

איין ייִד פֿרעגט פֿון וואַנען נעמט זיך דער אויסדרוק: **מאַלע וואָס מען זאָגט.**

איז דער ענטפֿער אַ קורצער. **מאַלע** איז דער סלאַווישער "מאַלאָ" – ווייניק, ווינציק, קנאַפּ. אין ייִדיש ווערט עס געניצט ווי אַן אויסדרוק פֿון ביטול, פֿון מאַכן עפּעס צו קליינגעלט. **מאַלע וואָס מען זאָגט** – ס'הייסט: ווייניק וואָס מען זאָגט, די פֿראַגע איז, צי דאָס זאָגן האָט עפּעס אַ ווערט, אַ ממשות. אָפֿט גיט עס צו דעם באַטײַט פֿון ניט־ספּעציפֿישקייט, דאָס ווען איר ווילט אונטערשטרײַכן, אַז ס'איז נישט קיין חילוק אַזוי צי אַזוי: **מאַלע ווער, מאַלע ווי, מאַלע ווי אַזוי.**

## מאַנצביל

אַ גאַנץ פּשוטע פֿראַגע קומט פֿון אַ ייִדן פֿון נואַרק, ניו־דזשוירזי. מ"ר אַבא גרינבערג וויל, איך זאָל אים זאָגן פֿון וואַנען עס נעמט זיך דאָס וואָרט **מאַנצביל.**

זייער פּשוט, מײַן פֿרײַנד. דער ערשטער טייל פֿון דעם וואָרט איז **מאַן,** דער צווייטער איז **בילד,** "פּיקטשור" – צוזאַמען איז דאָס **מאַנסבילד,** דאָס **בילד** פֿון **אַ מאַן.** נו, האָבן ייִדן אָפּגעשניטן דעם דלד פֿון **בילד,** איז געוואָרן "ביל", **מאַנסביל,** און אַזוי ווערט דאָס וואָרט טאַקע אַרויסגערעדט אין אַנדערע מקומות. איז אָבער פֿון תּמיד אָן געווען אַ טענדענץ בײַ ייִדן צו פֿאַרבײַטן אַ סמך אויף אַ צדיק, איז פֿון "פֿענסטער" געוואָרן **פֿענצטער,** פֿון "וואָנסעס" – **וואָנצעס,** פֿון "קונסט" – **קונץ,** פֿון "מאַנספּאַרשוין" – **מאַנצפּאַרשוין,** און פֿון "מאַנסביל" – **מאַנצביל.** וואָס דאַרפֿט איר מער? אַפֿילו אַזעלכע באַוווּסטע שטעט ווי מינסק און פּינסק האָבן בײַ אַ סך ייִדן געהייסן **מינצק** און **פּינצק.**

## מאַרוויכער

מ"ר זעלדין פֿון ברײַטאָן־ביטש בעט איך זאָל אים זאָגן וואָס עס מיינט **מאַרוויכער,** אַ וואָרט וואָס ער הערט זייער אָפֿט בײַ זיך אין "שאַפּ".

**מאַרוויכער,** מײַן פֿרײַנד, איז אַ וואָרט פֿון דעם גנבֿים־זשאַרגאָן און מיינט פּראָסט און פּשוט גנבֿ. שטאַמען שטאַמט עס פֿון דעם העברעיִשן וואָרט **מרוויח זײַן** – פֿאַרדינען. און דאָס איז נישט דאָס איינציקע וואָרט אין דעם גנבֿים־זשאַרגאָן וואָס האָט זײַן אָפּשטאַם פֿון העברעיִש – די צאָל איז אַ גאַנץ היפּשע. אָט, למשל, **לעקעך,** אָדער **לאַקכענער,** אויך פֿאַרגרײַזט **לאַטכענער,** שטאַמט פֿון דעם העברעיִשן וואָרט "לקח" – נעמען. **טאַרכענער** שטאַמט פֿון דעם העברעיִשן וואָרט "טרח" – באַמיִען זיך. **כּיסלער,** אַ קעשענע־גנבֿ, שטאַמט פֿון "כּיס" – קעשענע. עס זענען אויך דאָ אַזעלכע ווערטער פֿאַר גנבֿישע ספּעציאַליטעטן, ווי **הלכענער, אַכסניק ,כעלבענע־גייער, למטה־שיבער,**

**מרחצער, עגלות־שעבטער, בעל־סליחה, בעל־שם־טובֿ** אאַז"וו. פֿאַר גנבֿה קענט איר געפֿינען אין גנבֿים־זשאַרגאָן אַזעלכע ווערטער ווי **חכמת־היד, משׂא־ומתּן, טאַלטל, גמרא טרודנע** אאַז"וו. פֿאַר וואָס די גנבֿים האָבן פֿאַר זייער גנבֿישן זשאַרגאָן זיך באַנוצט מיט העברעיִשע ווערטער, דאָס איז אַ טעמע פֿאַר זיך.

## מדאָשקע לדאָשקע

אַ צוהערער פֿון די בראָנקס שרײַבט: "הערנדיק ווי איר טײַטשט אויס אַלטע ייִדישע ווערטער, וואָס מיר האָבן שוין לאַנג נישט געהערט, האָב איך זיך דערמאָנט אין אַן אַלטן אויסדרוק, וואָס מײַן טאַטע ע"ה פֿלעגט אָפֿט ניצן. ווען ער פֿלעגט ווערן אין כּעס אויף מײַן שוועסטער, וואָס פֿלעגט זיצן גאַנצענע טעג און לייענען ביכער און נישט העלפֿן דער מאַמען, פֿלעגט ער זיך צעשרײַען אויף איר: 'פּעשקע, לייג שוין אַוועק דאָס בוך! דו מוזסט עס אים איבערלייענען **מדאָשקע לדאָשקע?**" וואָס האָט ער געמיינט, פֿרעגט דער ייִד, מיט **מדאָשקע לדאָשקע**?

דער אויסדרוק **מדאָשקע לדאָשקע**, מײַן פֿרײַנד, באַשטייט פֿון דרײַ עלעמענטן: אַ רוסיש וואָרט, פֿאַרגרײַזט, און צוויי העברעיִשע פּרעפֿיקסן. און כּדי איר זאָלט עס בעסער פֿאַרשטיין, וועל איך עס אײַך צעלייגן אויף אַ טעלערל. אַ מאָל פֿלעגן ביכער געבונדן ווערן נישט אין טאָוולען געמאַכט פֿון טעקטור ("קאַרדבאָרד" אין ענגליש), נאָר אין הילצערנע ברעטלעך באַצויגן מיט שטאָף אָדער לעדער. איר קענט נאָך אַזעלכע אײַנבונדן זען אויך איצט אין אַלטע ביבליאָטעקן. אַ ברעט הייסט אין רוסישן "דאָסקאַ", ייִדן האָבן דאָס וואָרט צוגעפּאַסט צום ייִדישן קלאַנג, איז עס געוואָרן "דאָסקע". און פּונקט ווי יענער מלמד מאַכט פֿון אַ שין אַ שׂין, אַזוי זענען דאָ ייִדן, וואָס בײַ זיי איז פּונקט קאַפּידרעך, זיי מאַכן פֿון אַ סמך אַ שין. אַנשטאָט **סעודה** זאָגן זיי "שעודה", אַנשטאָט **סקאַנדאַל** – "שקאַנדאַל". ווען דאָס וואָרט "דאָסקע" איז אַרײַנגעפֿאַלן צו די ייִדן אין מויל אַרײַן, איז פֿון "דאָסקע" געוואָרן **דאָשקע**. צו אָט דעם פֿאַרגרײַזטן רוסישן וואָרט **דאָשקע** האָבן זיי צוגעלייגט צוויי העברעיִשע פּרעפֿיקסן, מעם און למד, וואָס באַטײַטן "פֿון" און "צו". און ס'איז געוואָרן **מדאָשקע לדאָשקע**.

דער היוצא לנו: ווען אײַער פֿאָטער ע"ה פֿלעגט זיך צעשרײַען אויף פּעשקען "לייג אַוועק דאָס בוך! דו מוזסט עס אים איבערלייענען **מדאָשקע לדאָשקע?**" האָט ער געמיינט צו זאָגן: דו מוזסט עס אים איבערלייענען אין גאַנצן, פֿון טאָוול צו טאָוול?

***

אַ צוהערער פֿון "מאַמע־לשון", וועלכער האָט געהערט פֿאַראַכטאָגן מײַן אויסטײַטש פֿון דעם אויסדרוק **מדאָשקע לדאָשקע**, מאַכט מיך אויפֿמערקזאַם אויף אַ טעות. **דאָשקע**, זאָגט ער, האָבן ייִדן ניט פֿאַרגרײַזט פֿון "דאָסקאַ" אָדער "דאָסקע", נאָר אַזוי הייסט אין קליינרוסיש, אין אוקראַיִניש. איך בין זייער צופֿרידן, אויב דאָס איז אַזוי – בעסער אַז איך זאָל מאַכן אַ טעות איידער ייִדן זאָלן מאַכן אַ גרײַז. און פֿאַר אײַער תּיקון־טעות, פֿרײַנד פריצקער, אַ גרויסן דאַנק אײַך.

## אַ מויד ווי אַ צימעס

אַ פֿרוי פֿון ברוקלין וויל וויסן פֿאַר וואָס מען זאָגט: **אַ מויד ווי אַ צימעס**.

אַ פּנים, מאַדאַם, אַז איר האָט שוין לאַנג קיין צימעס נישט געקאָכט. ווייסט איר נישט, אַז אַ צימעס האָט ליב אַ קאַפּ פֿעטס? נו, **אַ מויד ווי אַ צימעס** מיינט אַ מויד מיט אַ פּאָר פֿונט פֿלייש אויף זיך און מיט אַ קאַפּ פֿעטס דאָ און דאָרטן. הײַנט איז דאָס אפֿשר אַ חסרון, אַ מאָל איז דאָס קיין חסרון נישט געווען, פֿאַרקערט – **אַ מויד ווי אַ צימעס** איז געווען אַ גרויסע מעלה צו אַ שידוך. ווען איך האָב דאָס ערשטע מאָל געבראַכט מײַן כּלה צו טאַטע־מאַמע אין הויז, און קיין סך פֿלייש האָט זי דעמאָלט ניט געהאַט אויף זיך, האָט מיך די מאַמע ע"ה אַוועקגענומען אין אַ זײַט און געזאָגט: "ווינד איז מיר, נחומל, זי איז נישט, חלילה, קיין קראַנקע?"

## מושקאַטקויל

**מושקאַט** ווייסט איר וואָס דאָס איז? **מושקאַט** איז אַ מין ווײַנטרויבן אָדער ראָזשינקעס מיט אַ זויערלעכן טעם, וואָס מען רופֿט אין ענגלישן "מאָסקאָט". דער ווײַן, וועלכן מען מאַכט פֿון אָט די ווײַנטרויבן, הייסט "מוסקאַטעל". **קויל**, ווידער, איז אַן אַנדער וואָרט פֿאַר קוגל, וואָס מען שטעלט אין טשאָלנט. ייִדן האָבן דרײַ ווערטער פֿאַר דעם מאכל: **קוגל, קיקל** און **קויל**; אַ מילכיקער קוגל האָט אויך געהייסן **קעזל**. צווישן די פֿאַרשיידענע קוגלען, וואָס מע האָט געמאַכט בײַ ייִדן, ווי **לאָקשן־קוגל, מאַנדל־קוגל, עפּל־קוגל, פּריפּלוע־קוגל, גמרא־קוגל** אאַז"וו, געפֿינט זיך אויך אַ **מושקאַטקויל** אָדער **באָבעמיל**, וואָס מיינט פּשוט אַ מין **ראָזשינקע־קוגל**.

## מחותּן

פֿון וואַנען נעמט זיך דאָס וואָרט **מחותּן**?

**מחותּן** נעמט זיך פֿון דעם העברעיִשן שורש "חתן" אָדער "התחתּן", וואָס מיינט ווערן נאָענט מיט איינעם דורך משדך זײַן זיך מיט אים. איר האָט אַ ייִנגל און ער האָט אַ מיידל, אײַער ייִנגל נעמט זײַן מיידל, זענט איר **מחותּנים** און אײַערע ווײַבער זענען **מחותּנתטעס**. אָבער אַזוי ווי ייִדן האָבן פֿײַנט, אַז אַ וואָרט זאָל בײַ זיי האָבן בלויז איין

טײַטש, האָט דאָס וואָרט **מחותּן** מיט דער צײַט אין ייִדיש באַקומען נאָך צוויי טײַטשן: **מחותּן** – חתונה־גאַסט. **מחותּנים** פֿון חתנס צד און **מחותּנים** פֿון כּלהס צד, מעגן זיי זײַן ווילד פֿרעמדע מענטשן און זיך גאָר נישט אָנגעהערן נישט מיטן חתן און נישט מיט דער כּלה, אַז זיי זענען געסט אויף דער חתונה, זענען זיי **מחותּנים**. און **מחותּן** האָט נאָך אַ טײַטש: פֿרײַנד, חבֿר. ווען אַ טאַטע בייזערט זיך אויף זײַן ייִנגל, וואָס האָט זיך אָפּגעזוכט אַ שלעכטן חבֿר, און זאָגט צו אים: "וואָס פֿאַר אַ **מחותּן** ביסטו מיט אים?" מיינט ער צו זאָגן: וואָס פֿאַר אַ חבֿר איז ער דיר? דו ביסט אַ בעל־הבתּיש קינד און ער איז אַ גאָרנישט, אַ האָלעדראַניעץ.

## מיט באָב

צו מ"ר גינסבורג: יע, אַזוי זאָגט מען: **מען דאַרף זיך צו דיר אָנעסן מיט באָב** – מען דאַרף האָבן כּוח מיט דיר זיך אויסצוטענהן. פֿאַר וואָס **מיט באָב?** ווײַל פֿון באָב, האָבן אונזערע עלטערן געגלייבט, קריגט מען כּוח. **מען דאַרף זיך אָנעסן מיט אײַזערנעם באָב** איז אַ שפּאַס וואָס דינט כּדי צו פֿאַרשטאַרקן דעם אויסדרוק, און אין אַ שפּאַס, מײַן פֿרײַנד, זוכט מען נישט קײַן זינען.

און פֿאַר וואָס, פֿרעגט איר, זאָגט מען **רײַך ווי קורח?** ווײַל קורח, זאָגט די תּורה, איז געווען רײַך. **רײַך ווי רויטשילד? רײַך ווי פּינטע, רײַך ווי בראָדסקי, רײַך ווי בונימאָוויטש, רײַך ווי ראַקעפֿעלער?** וואָס דען, האָט איר געוואָלט, זאָל מען זאָגן, רײַך ווי יצחק־משה דער מלמד צי ווי שמואל־יאָסל דער מולער?

## מיט וואָס דער טאָפּ ווערט אָנגעברענט

אַ פֿרוי פֿון לאָנג־אײַלאַנד שרײַבט: "איך געדענק אַ ווערטל פֿון דער היים: **מיט וואָס דער טאָפּ ווערט אָנגעברענט, מיט דעם שמעקט ער.** קענט איר מיר זאָגן, ווען מען זאָגט דאָס ווערטל, בײַ וועלכער געלעגנהייט?"

יע, מאַדאַם, איך קען. דאָס ווערטל זאָגט מען ווען מען וויל זאָגן בדרך־מליצה, אַז חבֿרים האָבן אַ גרויסע ווירקונג אויף אַ מענטשן. חבֿרט מען זיך מיט פֿײַנע מענטשן, קען מען זיך אָפּלערנען פֿון זיי גוטס. חבֿרט מען זיך מיט נישט קיין פֿײַנע מענטשן, איז גאָט ווייסט וואָס פֿאַר אַ זאַכן מען קען זיך פֿון זיי אָפּלערנען. דערפֿאַר זאָגט די וועלט: **זאָג מיר ווער דײַנע חבֿרים זענען, וועל איך דיר זאָגן ווער דו ביסט.** מען זאָגט אויך: **ווער עס פּאָרעט זיך מיט סמאָלע, שמירט זיך אײַן די הענט; אַז מען לייגט זיך אין קלײַען, שלעפּן אַוועק די חזירים; אַז מען לייגט זיך מיט אַ הונט, שטייט מען אויף מיט פֿליי;** און נאָך פֿון דעם מין.

## מיט וואָס צו פּײַפֿן

אַ ייִד פֿון די בראָנקס בעט איך זאָל אים פֿאַרטײַטשן דעם אויסדרוק: **נישטאָ מיט וואָס צו פּײַפֿן**, וואָס מען זאָגט וועגן איינעם וואָס האָט קיין געלט נישט. "וואָס פֿאַר אַ שײַכות", פֿרעגט ער, "האָט געלט צו פּײַפֿן?"

ס'האָט אַ שײַכות. בײַ ייִדן, ווען איינער פֿאַרלירט זײַן געלט, זאָגט מען: **ער איז געבליבן ווי אַ שייגעץ** (אָדער **ווי אַ פּאַסטעך**) **אָן אַ פּײַפֿל.** ווײַל פּונקט ווי אַ פּאַסטעך קען נישט אויסקומען אָן קיין פּײַפֿל, אַזוי קען אַ מענטש נישט אויסקומען אָן קיין געלט. נו, און אַז ס'איז נישטאָ קיין געלט – קיין פּײַפֿל, הייסט עס – איז נישטאָ מיט וואָס צו פּײַפֿן. לצים גיבן נאָך אַ טײַטש: ווען איינער האָט געלט, פּײַפֿט ער אויף דער וועלט, נישטאָ קיין געלט – איז פּײַפֿט זיך נישט.

און אָט איז אַן ענלעכע פֿראַגע פֿון אַ ייִדן אין ברוקלין. ער פֿרעגט פֿון וואַנען נעמט זיך דער אויסדרוק **ער איז געבליבן מיטן בײַטשל**, וואָס מען פֿלעגט זאָגן אין דער אַלטער היים וועגן איינעם, וואָס האָט פֿאַרלוירן זײַן געלט.

דער אויסדרוק, מײַן פֿרײַנד, נעמט זיך פֿון דעם גוטן לעבן פֿון אונדזערע היימישע בעל־עגלות. ער האָט נעבעך איין אָרעמע קליאַטשע, דער בעל־עגלה, הויט און ביין. געקראָגן אַ פּאָר פּאַסאַזשירן, נעמט ער און שפּאַנט זי אײַן אין וואָגן און פֿאָרט. אָפּגעפֿאָרן אַ פּאָר וויאָרסט, איז זי זיך מישבֿ און די קליאַטשע זאָגט "גענוג זיך צו מוטשען!" און נעמט, זאָלט איר מיר מוחל זײַן, און ציט אויס די רגלים. און דער אָרעמער בעל־עגלה מוז נעבעך איבערלאָזן דעם וואָגן אין וועג און **אַהיים גיין מיטן בײַטשל.** און אַזוי ווי דאָס איז געווען זייער אַן אָפּטע דערשײַנונג אין די ייִדישע שטעטלעך, איז דער אויסדרוק אַרײַן אין מאַמע־לשון, בכלל וועגן איינעם, בײַ וועמען דער הלך ילכט נישט. אַ ייִד, למשל, פֿאָרט אַוועק אויף אַ יריד און נייט זיך אַ בײַטשל – ער וועט גליקלעך ווערן. צום סוף קומט ער אַהיים אָן סחורה און אָן געלט. הייסט עס, אַז **ער קומט אַהיים מיטן בײַטשל.** אָדער ווי אַ וויטעבסקער ייִד אַ לץ האָט מיר אַ מאָל געזאָגט וועגן זײַנער אַ יאַזדע: **אַ פּאַטשיק ספּיטשיק אָנגעוואָרן, דעם זײַט־זשע־מוחל אָפּגעפֿראָרן, און גאָרניט אויסגעפֿאָרן.**

## אַ מײַלכל אויף שרויפֿן

מ"ר אָדער מר"ס אײַזנבערג פֿון מאַנהעטן בעט איך זאָל אים פֿאַרטײַטשן די אויסדרוקן **אַ געשליפֿן צינגל** און **אַ צינגעלע אויף שרײַפֿלעך.**

דער ערשטער אויסדרוק איז ריכטיק, דער צווייטער איז פֿאַרגרײַזט – מען זאָגט נישט **אַ צינגעלע אויף שרײַפֿלעך**, נאָר **אַ מויל אויף שרויפֿן.** ביידע אויסדרוקן מיינען

איינס און דאָס זעלבע: איינער אָדער איינע וואָס רעדט אַ סך און דאָס רעדן קומט איר נישט אָן שווער, ווײַל דאָס צינגעלע בײַ איר איז אַ געשליפֿנס, אַ גלאַטיקס, און **אַ גלאַט, געשליפֿן צינגל** באַוועגט זיך לײַכט אין מויל און פֿאַרטשעפּעט זיך נישט. דאָס זעלבע איז מיט **אַ מויל אויף שרויפֿן** – דאָס מיינט אַ מויל וואָס עפֿנט זיך מעכאַניש און פֿאַרמאַכט זיך מעכאַניש און מען דאַרף זיך נישט אָנשטרענגען ווען מען אַרבעט דערמיט, ווען מען טוט די מויל־מלאָכה. קלאָר? עס זענען דאָ אין ייִדיש נאָך אַנדערע טשיקאַווע אויסדרוקן פֿון דעם מין, ווי למשל: **אַ צונג ווי אַ לאָפּעטע, אַ צונג ווי אַ בײַטש, אַ צונג ווי אַ בריטווע, אַ צונג ווי אַ חלף, אַ מויל – אש להבֿה, אַ מויל – פּעך און שוועבל** אַאַז"וו. דערקעגן, ווען איינער איז נישט קיין גרויסער רעדנער און דאָס רעדן קומט אָן שווער, הייסט עס, אַז **ער האָט נעבעך אַ שווערע צונג.**

## מיירע

אַ רבֿ פֿון ברוקלין און אַ בעל־הבית פֿון ברוקלין האָבן זיך די וואָך צוזאַמענגעטראָפֿן מיט איין פֿראַגע. ביידע פֿרעגן פֿון וואַנען נעמט זיך דאָס וואָרט **מיירע.**

**מיירע** איז דאָס שטיק טייג וואָס מען צעשנײַדט אויף שטיקלעך און מען צעוועלגערט אויף מצות. דאָס וואָרט קומט צו אונדז פֿון דעם רוסישן וואָרט "מיערא" – מאָס, אָדער פֿון דעם פּוילישן וואָרט "מיאַרא", וואָס מיינט פּונקט דאָס זעלבע. גיכער קומט עס פֿון פּויליש. פֿאַר וואָס דאָס שטיק טייג הייסט **מיירע** איז גאַנץ פֿאַרשטענדלעך. יעדע **מיירע** ווערט געקנאָטן פֿון אַ באַשטימטער מאָס מעל און וואַסער. חלילה־וחס, איר טרעפֿט נישט מיט דער מאָס און די **מיירע** קומט אַרויס שיטער און זי קלעפּט זיך, קענט איר זי נעמען און פֿאַרנוצן אויף לאָקשן, נישט אויף קיין מצה.

## מינסק און פּינסק

וואָס מיינט, פֿרעגט אַ ייִדיש מיידל פֿון ברוקלין, **פּינסק מינסק מאָטעלע שבת?**

ווען איך האָב איבערגעלייענט די פֿראַגע בין איך אויף דער ערשטער מינוט געבליבן אַ צעטומלטער: עפּעס אַ באַקאַנט ווערטל – וואָס מיינט עס טאַקע? אַ מינוט שפּעטער האָב איך זיך דערמאָנט און צעלאַכט – צי מיינט זי נישט אַ מאָל **פֿון מינסק קיין פּינסק קיין מאָטעלע אויף שבת?** זיכער מיינט זי עס.

יע, טײַערע, אַזוי גייט דאָס ווערטל: **פֿון מינסק קיין פּינסק קיין מאָטעלע אויף שבת.** דו האָסט, נעבעך, געהערט און נישט דערהערט.

פֿון מינסק און פּינסק האָסטו אַוודאי געהערט, אַז דאָס זענען צוויי שטעט, וווּ עס האָבן אַ מאָל געוווינט אַ סך ייִדן. נו, און מאָטעלע? מאָטעלע איז אויך אַ נאָמען פֿון אַ

שטעטל און איצט זייער אַ באַרימט שטעטל, ווײַל אין מאָטעלע איז געבוירן געוואָרן דער ערשטער פּרעזידענט פֿון ישׂראל: ד"ר חיים ווייצמאַן.

איצט קומט דער פּירוש צום ווערטל. אַ ייִד פֿון מאָטעלע איז ערגעץ געפֿאָרן פֿאַר מיסחר. געענדיקט דעם מיסחר, דאַרף ער פֿאָרן אַהיים אויף שבת. איז אַן אַנדערער, פֿאַר אַ גלײַכן וועג וועסטו קומען קיין מאָטעלע פֿרײַטיק אין דער פֿרי און נאָך קענען אַרײַנכאַפּן אַ פֿרישן פּאָפּעלניק מיט גריץ, און נאָך קענען גיין אין מרחץ ווי אַלע ייִדן? ניין, מאַכט ער אַזאַ מאַרשרוט: פֿאָרט ער קיין מינסק, פֿון מינסק קיין פּינסק, און פֿון פּינסק קיין מאָטעלע. איז וואָס זשע איז געוועזן דער סוף? איז דער סוף געוועזן, אַז ווען ער איז געקומען קיין מאָטעלע, האָט שוין דער עולם געהאַלטן נאָך די שבתדיקע לאָקשן.

איז דערפֿאַר, ווען אַ ייִד וויל זאָגן וועגן עמעצן, אַז יענער האָט אַ קרומען קאָפּ, אַז ער גייט נישט גלײַך צום ציל, נאָר ער דרייט זיך און לייגט אָן וועג, זאָגט ער: **ער פֿאָרט פֿון מינסק קיין פּינסק קיין מאָטעלע אויף שבת.**

## מישטיינס געזאָגט

אַ צוהערער פֿון די בראָנקס וויל וויסן, פֿון וואַנען עס נעמט זיך דער אויסדרוק **מישטיינס געזאָגט** און וואָס ס'איז דער טײַטש דערפֿון.

דער דאָזיקער אויסדרוק האָט, ווי אַ סך אַנדערע ייִדישע אויסדרוקן, דורכגעמאַכט אַ סך גילגולים ביז עס האָט באַקומען די פֿאָרעם, וואָס עס האָט איצט. דער אויסדרוק איז אַ קאָנטראַקציע פֿון אַן אַלטדײַטשישן אויסדרוק "אום שטיינס ווילן געזאַגט" – אויף ייִדיש מיינט עס: אויף שטיינער געזאָגט, אָדער ווי מײַן באָבע פֿלעגט זאָגן: **אויף ווּיסטע וועלדער און פּוסטע פֿעלדער געזאָגט.** דאָס איז געווען דער לכתּחילהדיקער טײַטש פֿון **מישטיינס געזאָגט**, אַן אויסדרוק פֿון באַדויערן אויף יענעמס פֿינצטער מזל. מיט דער צײַט האָט עס באַקומען נאָך אַ באַטײַט, אַ באַטײַט פֿון ביטול. ווען איר האַלט נישט פֿון עמעצן און איר ווילט אים מבֿטל זײַן, זאָגט איר: **מישטיינס געזאָגט ווער עס רעדט – אָדם אַ מענטש, ציפּור אַ פֿויגל און קאַטשקע רוק זיך.**

## מכולה

מ"ר מאָריס פֿון דזשעקסאָן־הײַטס וויל וויסן דעם טײַטש פֿון דעם וואָרט **מכולה**, "אַ וואָרט", שרײַבט ער, "וואָס ווערט געניצט נישט נאָר צווישן ענגליש־רעדנדיקע ייִדן, נאָר אויך צווישן אונדזערע אַמעריקאַנער שכנים. פֿון וואַנען נעמט זיך אָט דאָס וואָרט?" פֿרעגט ער. "נעמט זיך עס נישט אַ מאָל פֿון דעם העברעיִשן וואָרט 'חולה' – קראַנקער?"

ניין, מײַן פֿרײַנד, עס האָט נישט קיין שײַכות מיטן וואָרט **חולה**; **חולה** שרײַבט זיך

מיט אַ חית און **מכולה** מיט אַ כף. עס נעמט זיך פֿון דעם העברעיִשן שורש "כלה", וואָס מיינט קאַליע ווערן, פֿאַרדאָרבן ווערן, אָדער נאָך שטאַרקער: צעשטערט ווערן, ווערן אויס, ווערן נישט, אויסלאָזן זיך, אויפֿהערן צו זײַן. און **מכולה** מיינט: קאַליע, פֿאַרדאָרבן, צעשטערט, אויס געוואָרן, צו נישט געוואָרן, און עס באַציט זיך סײַ אויף זאַכן און סײַ אויף מענטשן. די פּיאַנע אײַערע וואָס האָט אַ מאָל געשפּילט אַזוי שיין און איצט – כאָטש נעם און וואַרף זי אַרויס, זי איז **מכולה**. אַ מענטש וואָס איז אַ מאָל געווען געזונט און שטאַרק ווי אַן אײַזן און איצט איז ער אַ דראַכלע, אַ זדעכליאַק, וואָס גייט אַרום און פּירכעט – ער איז **מכולה**. דער פֿעטער אײַערער, דער גרויסער פֿאַבריקאַנט, וואָס האָט אַ מאָל געקנאַקט מיט דער בײַטש און געטרודערט אַ וועלט, און איצט איז ער אַ געבראָכענער "מעמבער" און דאַרף אַרבעטן בײַ יענעם – ער איז **מכולה**.

און ווען ייִדן געפֿעלט אַ וואָרט, איז לייגן זיי אין דעם אַרײַן דעם טאַטן מיט דער מאַמען, גיבן זיי עס צו פֿאַרשיידענע טײַטשן און בײַטײַטשן. איז דערפֿאַר זאָל אײַך נישט וווּנדערן, וואָס **מכולה** איז אויך געוואָרן אַן אייפֿעמיזם פֿאַר באַנקראָט. אַ ייִד גייט נישט באַנקראָט, ער גייט **מכולה**. אָבער אַלע **מכולהס** נעמען זיך פֿון דעם העברעיִשן שורש "כלה", און פֿון דעם זעלבן שורש נעמט זיך אויך דאָס פּשוטע ייִדישע וואָרט **קאַליע**. "איך האָב עס **קאַליע** געמאַכט" – ד"ה צעשטערט, צו נישט געמאַכט, געמאַכט אַ תּל דערפֿון, אַש און בלאָטע אאַז"וו.

## אַ מלמד טאָר קיין סמעטענע נישט עסן

אַ ייִד פֿון ברוקלין פֿרעגט: "איך האָב אַ מאָל געהערט אַ ווערטל: **אַ מלמד טאָר קיין סמעטענע נישט עסן**. וואָס מיינט עס? פֿאַר וואָס טאָר אַ מלמד קיין סמעטענע נישט עסן?"

די מעשׂה, ר' ייִד, איז וואָס איר האָט בלויז געהערט אַ האַלב ווערטל. דערפֿאַר פֿאַרשטייט איר עס נישט. דאָס גאַנצע ווערטל גייט: **אַ מלמד טאָר קיין סמעטענע נישט עסן, ווײַל ער איז נישט קראַנק עסן קיין זויערמילך.**

## ממזר

אַ ייִד פֿון די בראָנקס שרײַבט: "איך האָב די וואָך געהאַט אַן אַרגומענט מיט איינעם אין 'שאַפּ', איז אין די רייד כאַפּ איך זיך אַרויס: 'ביסט אַ **ממזר**, איך האָב מיט דיר נישט וואָס צו רעדן'. ווי איך האָב אַרויסגערעדט דאָס וואָרט '**ממזר**', האָט ער זיך אָנגעצונדן אַזוי ווי אַ פֿײַער און איז מיך באַפֿאַלן: 'דו אַזוינער און אַזוינער' – אָבער דאָס איז נישט וויכטיק. וואָס איך וויל וויסן איז, צי איז דאָס וואָרט **ממזר** אַזאַ באַליידיקונג אין ייִדיש, אַז מען דאַרף זיך אַזוי צעקאָכן, צי ניין? מיר דאַכט זיך, אַז ניין, ווײַל מע הערט דאָך עס אויף שריט און טריט:

'אוי, איז דאָס אַ **ממזר**'".

אײַער פֿראַגע, מײַן פֿרײַנד, האָט מיך דערמאָנט אין אַ מעשׂה־שהיה, וואָס מיט מיר אַליין האָט פּאַסירט מיט אַ פּאָר יאָר צוריק. איך האָב דעמאָלט געהאַט אויף WEVD אַ קינדער־שטונדע און בין געווען באַקאַנט אונטערן נאָמען "דער פֿעטער נחום". אַז ס'פֿלעגט קומען אַ נײַ קינד, וואָס האָט נאָך קיין מאָל נישט געזונגען אויפֿן ראַדיאָ און איך האָב געזען, אַז דאָס קינד איז נערוועז, אַז עס שרעקט זיך, פֿלעג איך פֿאַרפֿירן מיט דעם קינד אַ שמועס און פֿרעגן ווי עס הייסט, אין וועלכער שול עס גייט וכדומה אַזעלכע פֿראַגעס, כּדי דאָס קינד זאָל זיך אָנהייבן פֿילן היימיש. איינער אַ ייִנגעלע האָט מיר אַ מאָל זייער קלוג געענטפֿערט אויף מײַנע פֿראַגעס, אַז אַלע האָבן ממש אָנגעקוואָלן פֿון אים. נעם איך און גיב אים אַ קניפּ אין בעקל און מאַך: "ביסט אַ **ממזר**, בערעלע, אַ **ממזר בן־הנידה**". נו, נו, האָב איך זיך אײַנגעקויפֿט מפּטיר. נאָך דער פּראָגראַם לויפֿט דער טאַטע דעם ייִנגלס צו צו מיר מיט אַ רציחה: "וואָס הייסט, איר רופֿט מײַן קינד **ממזר**!" ווען מענטשן האַלטן אים נישט אָפּ, וואָלט ער מיך געווען געשלאָגן.

איצט לאָמיך אײַך ענטפֿערן. איז **ממזר** אין ייִדיש אַ באַליידיקונג צי ניין? דער ענטפֿער איז: יאָ און ניין. פּראָסט־פּשוט מיינט **ממזר** אַן אומגעזעצלעך קינד, און פֿאַרשטייט זיך, אַז איר באַליידיקט יענעם ווען איר זאָגט, אַז ער איז אַ **ממזר**. אָבער **ממזר** אין ייִדיש האָט נאָך אַ באַטײַט, אַן אַריבערגעטראָגענעם באַטײַט און מיינט: אַ קלוגער, אַ חכם, אַ בר־דעת, אַ מענטש מיט אַ קאָפּ אויף די פּלייצעס – און **ממזר** ווערט פֿון אַ באַליידיקונג אַ קאָמפּלימענט. **ממזר** האָט נאָך אַ בײַבאַטײַט: אַ כיטרער, אַ דורכגעטריבענער, אַ חבֿרה־מאַן, אַ פֿויגל.

איז דערפֿאַר איז מיט **ממזר** ווי מיט אַ סך אַנדערע ווערטער: עס ווענדט זיך ווי דער חמור שטייט, ווי און בײַ וואָס פֿאַר אַ געלעגנהייט איר ניצט דאָס וואָרט. גלאַט **ממזר** איז אַוודאַי אַ באַליידיקונג, אָבער ווען איר זאָגט "אײַ, איז ער אַ **ממזר**" אָדער "האָט ער אַ **ממזרישן** קאָפּ אויף זיך", מיינט עס: אײַ, איז ער קלוג, האָט ער אַ קלוגן קאָפּ אויף זיך. צי ווען איר זאָגט "ער האָט עס אָפּגעאַרבעט **ממזריש**", מיינט איר: ער האָט עס געמאַכט כיטרע.

אין אײַער פֿאַל, ר' ייִד, האָט זיך דער בעל־דבֿר נישט געדאַרפֿט באַליידיקן, ווײַל מיט אײַער זאָגן "ביסט אַ **ממזר**, איך האָב מיט דיר נישט וואָס צו רעדן", האָט איר געמיינט צו זאָגן: דו ביסט צו קלוג, צו כיטרע פֿאַר מיר.

אַ סך ייִדן וועלן זיכער פֿרעגן, פֿון וואַנען נעמט זיך וואָס **ממזר** האָט אין ייִדיש

באַקומען דעם באַטײַט פֿון קלוגשאַפֿט. איז דער ענטפֿער, אַז דאָס נעמט זיך פֿון אַ מאמר חז״ל, פֿון אַ גמרא־ווערטל וואָס זאָגט: ״רובֿ ממזרין פקחין״ – ס׳רוב ממזרים זענען קלוג. אויף וואָס אָט דער זאָג איז באַזירט, וועגן דעם זענען פֿאַראַן פֿאַרשיידענע סבֿרות. איינע פֿון זיי, וואָס לייגט זיך אויפֿן שׂכל, איז אַז די מערכה, די דאָליע פֿון ממזרים איז אַ מאָל בײַ ייִדן געווען אַ ביטערע, אַז זיי האָבן געדאַרפֿט זײַן זייער קלוג צו קענען עקסיסטירן. און זענען זיי נישט געווען קלוג בטבֿע, האָבן זיי די צרות קלוג געמאַכט, אָבער דאָס האָט נישט צו דער עצם זאַך. איר דאַרפֿט בלויז געדענקען, אַז דאָס וואָרט **ממזר** אין ייִדיש האָט צווי טײַטשן: אַן אומגעזעצלעך קינד און אַ קלוגער אָדער אַ כיטראַק, און נישט אַלע מאָל דאַרפֿט איר זיך באַליידיקן ווען מען באַטיטלט אײַך מיטן נאָמען.

## מעגעגע

אַ ייִד פֿון די בראָנקס האָט אויף איין קאַרטל באַוויזן אַרויפֿצושטעלן גאַנצע 5 פֿראַגעס און נאָך בעטן, אַז איך זאָל אים שיקן צוויי זײַטן פֿון מײַן ״אוצר״. איר זענט דאָך אַ גזלן, אירווילט מאָנאָפּאָליזירן די גאַנצע פּראָגראַם. הײַנט קען איך זיך פֿאַרגינען אײַך ענטפֿערן בלויז אויף איין פֿראַגע, די איבעריקע וועלן מוזן וואַרטן, ווײַל איר זענט נישט קיין בן־יחיד בײַ מיר. איר פֿרעגט וואָס עס מיינט **מעגעגע**.

**מעגעגע** מיינט אַ תּם, אַ נאַר, וואָס ווייסט נישט ווער עס האָט אים געשלייערט. און פֿרעגט מיך נישט פֿון וואַנען עס שטאַמט, ווײַל אַז איר וועט מיך פֿרעגן פֿון וואַנען **מעגעגע** שטאַמט, קען נאָך אַנדערע ייִדן אײַנפֿאַלן צו פֿרעגן פֿון וואַנען שטאַמט **בײַדאָק, בויקע, בעדזשאָק, גאַווראָן, ליאָמפּע, מאָק, סטיידער, פּענטיוך, יאָנץ, יאָקטן, יאָלאָפּ, יאָלעך, יאָלאָפּאַטראָן, יאָקמעהון** – איר ווייסט דען וויפֿל נעמען ייִדן האָבן פֿאַר דעם איינעם באַגריף ״נאַר״? אין די הונדערטער!

## מענדל

אַ ייִדישע פֿרוי פֿון נואַרק, ניו־דזשוירזי, וויל וויסן דעם פּשט פֿון דעם ווערטל: **הייסט ער מענדל, מעג מען עסן פֿון זײַן פֿענדל.**

דער נאָמען **מענדל,** מײַן טײַערע, איז בלויז אַ גראַם צו **פֿענדל,** דער ייִד האָט געקענט הייסן כאַצקל און דאָס ווערטל זאָל האָבן דעם זעלבן מיין. דער פּשט איז אַ פּשוטער. ווען איינער הייסט **מענדל,** איז ער זיכער אַ ייִד, און אַז ער איז אַ ייִד, איז דאָך בײַ אים כּשר. נו, איז **מעג מען עסן פֿון זײַן פֿענדל.** ייִדן ליצנים לייגן נאָך צו: **און הייסט ער איוואַן, מעג מען אַ קוש טאָן זײַן טאָכטער.** פֿרעגט מען דאָך: וואָס הייסט? עס גראַמט זיך דאָך נישט, עס איז דאָך נישט גלײַך? ענטפֿערט מען: עס איז טאַקע נישט

גלײַך, אָבער ס'איז גוט.

## מערכה

צו מ"ר שלום גרובעטשעווסקי: איר פֿרעגט זײער אַ פּשוטע פֿראַגע, אויף וועלכער עס איז דאָ זײער אַ פּשוטער ענטפֿער, אַן דריידלעך און אָן פּשטלעך. "וואָס מיינט **מערכה**?" פֿרעגט איר.

**מערכה** מיינט פּראָסט און פּשוט: מזל. אַ פֿרוי קען האָבן בײַ איר מאַן אַ גוטע **מערכה**, אַ גוט מזל, און זי קען, חלילה, האָבן בײַ אים אַ שלעכטע **מערכה**, אַ שלעכט מזל. אַפֿילו אײַער משל וואָס איר ברענגט, "אַ **מערכה** וואָס איך האָב נישט צעבראָכן אַ האַנט", מיינט אויך דאָס זעלבע: מײַן מזל וואָס איך האָב נישט צעבראָכן אַ האַנט. וואָס שייך דעם וואָרט **מערכה** גופֿא, פֿון וואַנען עס שטאַמט, איז ווען איר וואָלט געהאַט אונטער דער האַנט אַ העברעיִשן ווערטערבוך, וואָלט איר פֿאַרשפּאָרט אָנקומען צו פּשטלעך און לײַכט געקענט אויסגעפֿינען, אַז "מערכה" אָדער "מערכת" מיינט: אָרדענונג, סדר, אין וועלכן זאַכן געפֿינען זיך. דאָס וואָרט ווערט גענוצט סײַ אין שײַכות מיט קרבנות, סײַ אין שײַכות מיט חיילות, סײַ אין שײַכות מיט די שטערן אין הימל ווי "מערכת־השמים" און "מערכת־המזלות". מיט איין וואָרט, **מערכה** איז אַקוראַט דאָס זעלבע וואָס מזל: אַ שטערן־גרופּע, אָדער קאָנסטעלאַציע, וואָס דאָס איז אייגנטלעך דער גרונטטײַטש פֿון מזל. נאָר אַזוי ווי מענטשן האָבן געגלייבט און גלייבן נאָך איצט, אַז דער שיקזאַל, דער גורל פֿון אַ מענטשן איז אָפּהענגיק אין דעם, אונטער וועלכן מזל אָדער קאָנסטעלאַציע ער איז געבוירן, האָט דאָס וואָרט **מזל** מיט דער צײַט אויך באַקומען דעם טײַטש פֿון גורל, באַשערטקייט – "דאָס איז מײַן **מזל**". און אויך דעם טײַטש פֿון גליק – "ער האָט **מזל**, אַ **מזל** פֿון אַ גוי". און די זעלבע טײַטשן האָט אויך דער סינאָנים פֿון **מזל** – **מערכה**.

## מעשׂה באָרד

אַ פֿרוי פֿון לאָנג־אײַלאַנד וויל וויסן פֿאַר וואָס מען זאָגט: **די מעשׂה האָט שוין אַ באָרד**.

זײער פּשוט. ווען איר הערט אַ מעשׂה און איר דערציילט זי איבער, דערציילט איר זי געוויינטלעך נישט אַקוראַט ווי איר האָט זי געהערט, נאָר איר לייגט צו אַ האָר. נו, ווען די מעשׂה איז אַן אַלטע און טויזנטער מענטשן האָבן זי שוין איבערדערציילט און יעדער איינער האָט צוגעלייגט צו איר אַ האָר, **האָט די מעשׂה אַ באָרד**.

## משל קאַבאַק

מ״ר וויליאַם מאיראָוו, אַ צוהערער מײַנער פֿון מאַנהעטן, האָט מיר צוגעשיקט אַ פֿײַנע עטימאָלאָגיע פֿון אַ יִידיש ווערטל, וואָס איך מוז אײַך איבערגעבן. דאָס ווערטל איז: **אַ משל קאַבאַק!** וואָס דאָס מיינט, ווייסט איר דאָך, מיר האָבן שוין עטלעכע מאָל גערעדט וועגן די דאָזיקע ווערטלעך. דאָס איז דאָס זעלבע ווי **אַ משל כחרס הנשבר, גראָם שטראָם מאַך מיר אַ ליעטניק** אאַז״וו.

פֿון וואַנען, אָבער, שטאַמט אָט דאָס ווערטל **אַ משל קאַבאַק?** לויט מ״ר מאיראָוו, און איך בין מיט אים מסכּים, שטאַמט דאָס ווערטל פֿון אַן אוקראַיִניש שפּריכוואָרט. אָבער צו ערשט מוז איך אײַך זאָגן וואָס דאָס מיינט אין אוקראַיִנישן ״קאַבאַק״. ״קאַבאַק״ איז אין יִדיש אַ קירבעס, דאָס זעלבע וואָס אין ענגלישן אַ ״פּאָמפּקין״. איז גייט אָט דאָס אוקראַיִנישע ווערטל אַזוי: ״קאַבאַק ראָסטע ראָסטע, פּאָקיל וויראָסטע, טאַק טשעלאָוויק, זשיווע, זשיווע פּאָקיל אומרע״. אין יִדיש מיינט עס: אַ קירבעס וואַקסט און וואַקסט ביז ער וואַקסט אויס, און אַ מענטש אויך אַזוי, לעבט און לעבט ביז ער שטאַרבט. פֿרעגט זיך דאָך אַ קשיא, ווי קומט אַ קאַבאַק, אַ קירבעס, צו אַ מענטשן? וואָס איז דאָס פֿאַר אַ משל, וואָס פֿאַר אַ שײַכות האָט איינס צום אַנדערן? נו, איז דערפֿאַר זאָגט מען טאַקע: הער אַ משל, **אַ משל קאַבאַק!**

דאָס דערמאָנט מיך, אַז די אוקראַיִנער זענען נישט די איינציקע וואָס האָבן אַזעלכע קלוגע משלים – מיר האָבן זיי אויך. בײַ אונדז, למשל, זאָגט מען: **אַ מענטש איז געגליכן צו אַ שנײַדער - אַ שנײַדער לעבט און לעבט און שטאַרבט און אַ מענטש לעבט אויך און שטאַרבט.** ווער האָט בײַ וועמען געגנבֿעט די חכמה, מיר בײַ זיי, צי זיי בײַ אונדז?

## ״ני בע ני מע״

אַ יִידיש מיידל, וואָס שרײַבט זיך אונטער ״אַ גוירל פֿראָם וויליאַמסבורג״, בעט, איך זאָל איר פֿאַרטײַטשן דעם אויסדרוק: **ני בע ני מע.**

לויט דײַן שרײַבן, טאָכטערשי, פֿאַרשטיי איך, אַז קיין גרויסע קענערין אין יִדיש ביסטו נישט, איז לאָמיך עס דיר צעלייגן אויף אַ טעלערל. ערשטנס, איז בײַ דיר אַ טייל פֿון דעם ווערטל פֿאַרלוירן געגאַנגען, דאָס גאַנצע ווערטל גייט: **ני בע ני מע ני קוקעריקו.** וואָס מיינט עס? אָט וואָס עס מיינט. יעדער לעבעדיקער נפֿש וואָס געפֿינט זיך אויף גאָטס ערד האָט זײַן קאָמוניקיר־מיטל, זײַן שפּראַך: אַ מענטש רעדט, אַ קאַץ מיאַוקעט, אַ הונט בילט, אַ פֿויגל צוויטשעט, אַ טויב טערקלט, אַ הון קוואָקעט, אַ גאַנדז גאָגערט, אַן אינדיק האָלדערט אאַז״וו. יאָ, אַ שעפּס בעקעט ״בע״, אַ קעלבל

מעקעט "מע" און אַ האָן מאַכט "קוקעריקו". דאָס הייסט, אַז יעדער בעל־חי קען ווערן אידענטיפֿיצירט לויט זײַן שפּראַך. פֿאַר, אָבער, אַזעלכע באַשעפֿענישן, וואָס מען רופֿט "גאָטס גאַשעכענישן", וואָס נישט זיי מאַכן "בע", נישט זיי מאַכן "מע" און נישט "קוקעריקו", זענען דאָס מאָדנע באַשעפֿענישן, וואָס דו ווייסט נישט, צו וועלכן מין זיי געהערן. איז אַזאַ באַשעפֿעניש הייסט אויף גויִיש "ני בע, ני מע, ני קוקעריקו". און געפֿינען געפֿינט מען זיי אָט די מאָדנע באַשעפֿענישן נאָר צווישן מענטשן. אַ ייִד, למשל, וואָס קיין ייִדישע אינטערעסן אינטערעסירן אים נישט, קיין גויִישע האָט ער נישט; ווען דו פֿרעגסט אים: "ווער ביסטו, פֿון וואַנען שטאַמסטו, ווּהין געהערסטו?" ווייסט ער דיר נישט וואָס צו ענטפֿערן. אַזאַ ייִד איז אַ **ני בע ני מע ני קוקעריקו**. צי, אַ שטייגער, איינער וואָס קיין אייגענעם פֿאַרשטאַנד האָט ער נישט, נאָר וואָס איינער זאָגט אים, באַמקעט ער צו; זאָגט איינער טאָג, איז טאָג, זאָגט דער צווייטער נאַכט, איז נאַכט אויך. אַזאַ איינער איז אַ **ני בע ני מע ני קוקעריקו**.

מיט איין וואָרט, אַ מענטש וואָס איז **נישט אַהין און נישט אַהער**, וואָס איז **האַלב יאָקיש און האַלב פֿײַוויש**, וואָס איז **נישט מילכיק און נישט פֿליישיק**, אַזאַ איינער איז אַ **ני בע ני מע ני קוקעריקו**.

## ניגלען

צו מ"ר שמואל גערטל פֿון די בראָנקס: אײַער באַמערקונג וועגן **ניגל**, האָט געבראַכט דערצו, אַז איך זאָל אָפּגעבן אויף דעם וואָרט אַ שטיקל צײַט און נאָכקוקן אין אַ פּאָר ווערטערביכער. ס'ערשטע, האָב איך אין מײַן "אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך" געפֿונען דאָס וואָרט **ניגל** צווישן די נודניקעס – אָט לייען איך פֿון דאָרטן: **נודניק, נודע, זאַנודע, מין, זאַקוציע, פּלאָג, פּליאַגע, פּגע־רע, פּגע פֿון פֿאַרן דאַווענען, אָנשיקעניש, משולחת, קלעק, קלעשטש, ניגל** אאַז"וו. אײַער באַמערקונג, אַז **ניגל** איז דײַטש און מיינט פּיאַווקע, איז נישט ריכטיק – **פּיאַווקע** אין דײַטש איז "בלוטעגעל". אײַער טעות נעמט זיך דערפֿון, וואָס **נודניק** און **פּיאַווקע** זענען סינאָנימיש – אַ **נודניק**, אַז ער טשעפּעט זיך אָן אין עמעצן, קען מען זיך פֿון אים נישט אָפּטשעפּען, און דאָס זעלבע איז מיט אַ **פּיאַווקע**.

איצט פֿרעגט זיך, פֿון וואַנען נעמט זיך צו אונדז אָט דאָס וואָרט **ניגל?** איז הערט זשע אַ טשיקאַוועס. עפֿן איך וועבסטערס ענגלישן ווערבערבוך און איך געפֿין שוואַרץ אויף ווײַס: "ניגל", אָפּשטאַם אַנגלאָ־סאַקסיש. דער טײַטש: **excessive attention to detail** –איבערגעטריבענע אויפֿמערקזאַמקייט צו איינצלהייטן. אין פּראָסט ייִדיש מיינט עס דאָס ווען אָפּצירקלען אַ זאַך און עס מאַכן מיט אַלע פּיטשעווקעס. און דאָס איז

אַקוראַט וואָס מען פֿלעגט מיינען בײַ אונדז אין וואַרשע ווען מען פֿלעגט זאָגן אויף איינעם, אַז ער האָט ליב **אָפּצוניגלען** אַ זאַך: זיצן איבער דעם שטונדן לאַנג און עס מאַכן אַקוראַט. אויף דעם זאָגן ייִדן אויך **נודזשען**: "ער האָט זיך ליב צו **נודזשען** איבער אַ זאַך". נו, אָט האָט איר עס – אויב **ניגלען** איז **נודזשען**, איז **ניגל** – **נודניק**. און דערפֿאַר זאָגט מען בײַ אײַך אין לאָדזש: "**ניגל**, דו וועסט זיך **אָפּניגלען** פֿון מיר?" ס'הייסט: **נודניק**, דו וועסט זיך אָפּשטעפּען פֿון מיר?

## ניכפּה

אַ ייִד פֿון ברוקלין וויל וויסן דעם טײַטש און דעם אָפּשטאַם פֿון דעם וואָרט **ניכפּה**.

**ניכפּה**, מײַן פֿרײַנד, שטאַמט פֿון העברעיִש און עס מיינט (מע זאָל נישט וויסן דערפֿון) **די פֿאַליקע, די שלעכטע זאַך, די שווערע קרענק, דער חולי־נופֿל**, אָדער וויסנשאַפֿטלעך – **די עפּילעפּסיע**, אַ קראַנקייט וואָס וואַרפֿט און שלײַדערט, נישטאָ געדאַכט, מיטן חולה. מייסטנס ווערט דאָס וואָרט גענוצט אין ייִדישע קללות: **אַ ניכפּה זאָל אים כאַפּן, די ניכפּה זאָל אים פֿאַרצאַפּלען** אאַז"וו. עס איז אָבער אויך אַן אָפּטער גאַסט אין דער ייִדישער פֿראַזעאָלאָגיע. אַזוי, למשל, זאָגט מען אויף אַ בייזן מענטשן, אַ כּעסן: **זע ווי עס וואַרפֿט זיך מיט אים די ניכפּה!** אויך וועגן אַ קאַפּריזניק, אַן אויסקלײַבער, וואָס קיין זאַך געפֿעלט אים נישט, וואָס אַ ליאַדע וואָס וואַרפֿט ער זיך און שלײַדערט זיך, זאָגט מען בלשון סגי־נהור: **דאָס איז אַ ניכפּהניק**. און אַ **ניכפּהניק** רופֿט מען בײַ ייִדן אויך גלאַט אַ לײַדאַק, אַ ניבֿזה, אַ וואָס אין דער קאָרט, ווײַל אַזאַ איינער האָט דאָך די **ניכפּה** כּשר פֿאַרדינט.

## משלחת

אַ יונג ייִדיש ווײַבל – קענטיק ערשט נאָך דער חתונה, ווײַל זי וווינט נאָך מיט דער שוויגער – שרײַבט צו מיר אין ענגליש און בעט, איך זאָל איר פֿאַרטײַטשן אַ ייִדיש וואָרט. די שוויגער האָט זי גערופֿן **משלחת**. "וואָס מיינט עס?" פֿרעגט זי.

איך האָב מורא, מאַמעלע, איך זאָל נישט אָנמאַכן קיין בייז לעבן צווישן אײַך. **משלחת** מיינט אַן אָנשיקעניש, אַ שלאַק, אַ צרה, אַן אומגליק, אַ שטראָף פֿון גאָט. אָבער ס'איז נישט געפֿערלעך, ס'ווענדט זיך אין וואָס פֿאַר אַ טאָן מע זאָגט עס. מײַן מאַמע ע"ה האָט מיך זייער ליב געהאַט און פֿונדעסטוועגן פֿלעגט זי מיך נישט איין מאָל רופֿן: "**משלחת**, דו וועסט זיך אָפּטשעפּען פֿון מיר".

שאַ! איך האָב אַ מעשׂה וועגן **משלחת**. אין די קליינע פּוילישע שטעטלעך איז געווען אַ מאָדע, אַז די מלמדים פֿלעגן שבת נאָכן שלאָף אַרומגיין צו די בעלי־בתּים אין די הײַזער און פֿאַרהערן די קינדער וואָס האָבן געלערנט בײַ זיי אין חדר, און זאָלן

די טאַטעס זען, אַז זיי נעמען נישט אומזיסט קיין געלט. געוועזן גוטע קינדער, וואָס האָבן געדענקט וואָס מע האָט מיט זיי געלערנט, און געוועזן קינדער מיט פֿאַרשטאָפּטע קעפּ, וואָס אַפֿילו אַזאַ וואָרט ווי "אם" – אַ מוטער, אָדער ווי די פּוילישע זאָגן, אַ "מיטער", איז זיי געוועזן שווער צו געדענקען. פֿאַרהערט דער מלמד אַזאַ גערעכטן יינגעלע וואָס האָט זיך, נעבעך, פֿאַהאַקט און קען נישט גיין ווייטער און ער וויל אים אַרויסהעלפֿן און מאַכט: "נו, כאַצקעלע, וואָס ביסטו שטיין געבליבן? אם – אַ מי..."

– "אַ מיל", זאָגט כאַצקעלע.

דעם אָרעמען מלמד באַגיסט נעבעך אַ קאַלטער שווייס, אָבער ער גיט זיך נישט אונטער און פּרוּווט ווײַטער: "נישט קיין מיל, כאַצקעלע, וואָס עפּעס אַ מיל? אַ מי..."

– "אַ מילגרוים", פּרוּווט כאַצקעלע ווײַטער טרעפֿן.

דער מלמד פֿילט, אַז אָט חלשט ער. אָבער ער גיט זיך נישט אונטער. און שוין מיט כּעס מאַכט: "וואָס פֿאַר אַ מילגרוים, וואָס פֿאַלט דיר עפּעס אײַן אַ מילגרוים? אם, אַ מי... אַ מי..."

– "אַ משלחת", שיסט כאַצקעלע אַרויס. און דער מלמד איז געפֿאַלן אין חלשות.

## נאַר פֿון באָד אַרויס

אַ ייִד פֿון מאַנהעטן וויל איך זאָל אים פֿאַרטײַטשן דעם אויסדרוק **נאַר פֿון באָד אַרויס**, וואָס עס מיינט און ווען מע זאָגט עס.

**נאַר פֿון באָד אַרויס** שטאַמט פֿון אַן אַנעקדאָט וואָס ייִדן דערציילן. אַ ייִד אַ לץ איז איין מאָל אַרײַנגעלאָפֿן פֿרײַטיק אין באָד אַרײַן, אין דער צײַט ווען די ייִדן פֿון שטעטל האָבן זיך געוואַשן און געצוואָגן לכּבֿוד שבת, און האָט אַ געשריי געטאָן "נאַר! פֿון באָד אַרויס". האָבן אַלע געשוויגן, ווײַל וועלכער ייִד האַלט זיך פֿאַר אַ נאַר? נאָר איינער האָט זיך אָנגערופֿן און געזאָגט "וואָס הייסט נאַר פֿון באָד אַרויס? וואָס איז מײַן דרײַער קיין דרײַער נישט?"

פֿון דעם איז קלאָר, אַז דאָס ווערטל געהערט צו דער קאַטעגאָריע וועגן וועלכע איך האָב שוין אַ מאָל גערעדט, צו די ווערטלעך וואָס מען זאָגט וועגן איינעם וואָס האָט אַ שלעכטן געוויסן. ווען איינער פֿילט זיך אין עפּעס שולדיק, רופֿט ער זיך אָפּ, ווען מען מיינט אים אַפֿילו נישט. **נאַר פֿון באָד אַרויס** מיינט פּונקט דאָס זעלבע ווי **אויפֿן גנבֿ ברענט דאָס היטל אָדער אַז מען גיט אַ קלאַפּ אין טיש, רופֿט זיך אָפּ די שער.**

## נישט געשטויגן

ייִדן פֿון אַרבע פּינות ניו־יאָרק פֿרעגן און האַלטן מיך אין איין פֿרעגן: פֿון וואַנען נעמט זיך דער אויסדרוק: **נישט געשטויגן און נישט געפֿלויגן**?

אויף וויפֿל איך ווייס איז דער אָפּשטאַם פֿון דעם אויסדרוק נאָך וויסנשאַפֿטלעך נישט פֿעסטגעשטעלט, אָבער עס זענען דאָ פֿאַרשיידענע סבֿרות. אָט איז איינע פֿון זיי, און איך בעט מײַנע שטאַרק פֿרומע צוהערער זאָלן אויף מיר קיין פֿאַראיבל נישט האָבן, טאָמער קלינגט זי אַ ביסל צו אַפּיקורסיש.

די סבֿרה זאָגט, אַז דער אויסדרוק שטאַמט פֿון אַ וויכּוח, וואָס איז אַ מאָל פֿאָרגעקומען צווישן אַ גלח און אַ ייִדן אַן אַפּיקורס וועגן דעם קריסטלעכן גלויבן, אַז דער נוצרי איז נישט געשטאָרבן, נאָר אַרויפֿגעפֿלויגן אין הימל אַרײַן. ווען דער אַפּיקורס האָט אָנגעהויבן טענהן "וואָס הייסט געפֿלויגן אין הימל אַרײַן?" האָט אים דער גלח איבערגעשלאָגן און געזאָגט: "וואָס איז? וואָס איז דאָס אַזוי שווער צו גלייבן – אַמער גלייבט איר ייִדן, אַז אליהו הנבֿיא איז אַרויפֿגעשטיגן אין הימל אַרײַן". ענטפֿערט אים דער אַפּיקורס: "פּאַניע גלח, בײַ מיר האָט איר געפּועלט, אַז נישט יענער איז געשטויגן און נישט דער איז געפֿלויגן".

געדאַרפֿט האָט ער זאָגן "געשטיגן", דעמאָלט וואָלט זיך עס, אָבער, נישט געגראַמט מיט "געפֿלויגן", און וואָס טוט נישט אַ ייִד צוליב אַ גראַם? איז פֿון דעמאָלט אָן גייט דאָס ווערטל אויף אַ זאַך, וואָס איז "לא היה ולא נבֿרא": **נישט געשטויגן און נישט געפֿלויגן**. אפֿשר ווייסט איר, ייִדן, פֿון אַ בעסערער סבֿרה? האַלט עס נישט בסוד.

## נישט פֿויגלדיק

אַ ייִד פֿון די בראָנקס וויל וויסן, פֿאַר וואָס מען זאָגט אויף איינעם, וועמען עס גייט נישט גוט: **עס גייט אים נישט פֿויגלדיק**.

ווײַל בײַ דער וועלט, מײַן פֿרײַנד, איז אָנגענומען, אַז פֿון אַלע בעלי־חיים האָבן פֿייגל דאָס לײַכטסטע לעבן. מיט ברויט, מיט אַ קערנדל, מיט אַ זערנע פֿאַרזאָרגט זיי דער פּויער אין פֿעלד. יענער אַקערט און זייט און דער קומט צום גרייטן. און ווילט זיך אים פֿאַרבײַסן מיט אַ ווערעמל, דאַרף ער עס אויך נישט גיין קויפֿן. קיין דירה־געלט דאַרף ער נישט צאָלן, ווו אַ בוים דאָרט קען ער בויען זײַן נעסט, און ווערט אים דערעסן אויף איין אָרט, איז ער אַ פֿרײַער פֿויגל, אַ פֿלאַטער מיט די פֿליגל און ער איז שוין אין בויבעריק. ווערט אים קאַלט אין ניו־יאָרק, דאַרף ער נישט מאַכן קיין רעזערוואַציעס אויף קיין עראָפּלאַן, ער האָט אַן אייגענעם. בײַם ערשטן קאַלטן ווינטל איז מיט דער כאַליאַסטרע – הײַדאַ קיין פֿלאָרידע! איז ווי לעבט זיך אים?

**פֿויגלדיק!**

אָבער אַ מענטש, מישטיינס געזאָגט, וואָס האָט אַ ווײַב וואָס וויל עסן, אַ "לענדלאָרד" וואָס וויל דירה־געלט און אַ טאָכטער וואָס וויל חתונה האָבן, און קיין פּרנסה איז נישטאָ – אים לעבט זיך שוין **גאָר נישט פֿויגלדיק**.

## נישט קיין היגער

אַ פֿרוי פֿון ברוקלין שרײַבט: "בײַ אונדז אין שטעטל, פֿון וואַנען איך קום, פֿלעגט מען אויף אַ צעדרייטן מענטשן זאָגן **ער איז נישט קיין היגער**. וואָס איז דער מיין דערפֿון?"

דער מיין איז אַ פּשוטער: וואָס איז דער עיקר אין אַ מענטשן, דער חומר זײַנער, דער גוף, צי זײַן גײַסט, זײַן נשמה? פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָס צווייטע. נו, ווען אַ מענטש איז אין ניו־יאָרק און דער קאָפּ זײַנער איז אין שיקאַגע, איז ער אַ **היגער**, אַ ניו־יאָרקער? אַוודאי נישט. איז דערפֿאַר זאָגט מען וועגן אַ צעדרייטן מענטשן, וואָס זײַן קערפּער איז אויף איין אָרט און דער געדאַנק זײַנער איז אויפֿן עולם־התּוהו אָדער ערגעץ ווו אין האָצעפּלאָץ צי אין בויבעריק: **ער איז נישט קיין היגער**.

## נעבעך

אַ ייִד פֿון ברוקלין פֿרעגט: "פֿון וואַנען נעמט זיך דאָס וואָרט **נעבעך** און וואָס איז דער ריכטיקער טײַטש פֿון דעם וואָרט?"

דאָס וואָרט **נעבעך**, זאָגן עטימאָלאָגן, נעמט זיך פֿון דעם טשעכישן וואָרט "נעבאָהי", וואָס עס מיינט אין טשעכיש: אַרט מיך נישט. אין ייִדיש איז דאָס אַ וואָרט, מיט וועלכן מען דריקט אויס רחמנות, מיטגעפֿיל צו עמעצן, באַדויערן. אַנשטאָט **נעבעך** קענט איר אויך זאָגן: **אַ שאָד! אַ רחמנות ,אַ צער־בעלי־חיים, ס'איז דעם ווייטאָג נישט צוצוזען** אאַז"וו. אָבער פֿון אַלע אויסדרוקן איז **נעבעך** דאָס לײַכטסטע און דאָס קירצסטע, דערפֿאַר ניצן מיר עס אַזוי אָפֿט. איך האָב אַפֿילו אַ מעשׂה וועגן **נעבעך**.

דורכן שטעטל גייט דורך אַן עטאַפּ. אויב איר האָט פֿאַרגעסן, וואָס עס מיינט **עטאַפּ**, וועל איך אײַך דערמאָנען – **עטאַפּ** מיינט אַ פּאַרטיע אַרעסטאַנטן, וואָס מע קלײַבט צוזאַמען פֿון פֿאַרשיידענע קלענערע תּפֿיסות און מע פֿירט זיי מיטן עטאַפּ אין דער באַגלייטונג פֿון זעלנערס ערגעץ אין אַ צענטראַלער תּפֿיסה, אין אויעזד, צי אין דער גובערניע, צי נאָך קיין סיביר רחמנא לצלן.

נו, איז פֿירט מען אַזאַ עטאַפּ דורכן שטעטל און ייִדן שטייען בײַ די טירן און די פֿענצטער און מע קוקט און מען שאָקלט מיט די קעפּ פֿול מיט באַדויערן. אַזוי ווי צווישן די אַרעסטאַנטן זעען זיך אויך אַ פּאָר ייִדן, וואָס האַלטן זיך, ווי דער שטייגער איז, צוזאַמען, איז אַ ייִדענע טשיקאַווע אויסצוגעפֿינען, ווער די ייִדן זענען און פֿאַר

וואָס מען פֿירט זיי. האָפּסלט זי נאָך, די ייִדענע, נאָכן עטאַפּ און הייבט זיך אָן אויספֿרעגן: "פֿאַר וואָס פֿירט מען אײַך, ר' ייִד?" פֿרעגט זי בײַ אַ ייִדן מיט אַ געלער באָרד. "ע", מאַכט ער, "אַ סך צו דערציילן. מע האָט מיך געמסרט, אַז איך האַנדל מיט בראָנפֿן". – "נעבעך", שאָקלט די ייִדענע מיטן קאָפּ, "נעבעך... און פֿאַר וואָס פֿירט מען דיך, קינד מײַנס?" פֿרעגט זי בײַ אַן אויסגעדייוועט בחורל, וואָס קוים וואָס ער שלעפּט די פֿיס. "מיך", ענטפֿערט דער בחור, "איך האָב געוואָלט גנבֿענען די גרענעץ און פֿאָרן צו מײַן טאַטן קיין אַמעריקע". – "נעבעך", שאָקלט די ייִדענע מיטן קאָפּ, "נעבעך... און פֿאַר וואָס פֿירט מען דיך, טײַערינקער?" פֿרעגט זי בײַ אַ יונגן־מאַן מיט אַ לעדערנעם דאַשיק און לאַקירטע שטיוועלעך. "וואָס האָסטו, נעבעך, אַזעלכעס געטאָן?" – "איך", ענטפֿערט דער יונגער־מאַן און גיט זיך נישט אַ קרום, "איך בין, נעבעך, אַ גנבֿ".

## "סאַם סאַפּאָזשניק"

מ"ר שפּיגל פֿון מאַנהעטן שרײַבט: "איך געדענק פֿון דער היים, אַז מען פֿלעגט וועלן אָפּלאַכן פֿון איינעם, וואָס האָט זיך אײַנגערעדט, אַז ער קען אַלץ, פֿלעגט מען זאָגן: **דער סאַם סאַפּאָזשניק!** פֿון וואַנען שטאַמט עס?"

דאָס שטאַמט אויך פֿון אַ מעשׂה, מײַן פֿרײַנד, וואָס ייִדן דערציילן אַזוי. אַ סאָלדאַט אַ יונג, וואָס איז געשטאַנען בײַ אַ ייִדן קוואַרטיר, האָט אַוועקגעלקחנט בײַ דעם ייִדן אַ פּאָר תּפֿילין. וואָס דאָס איז, ווייסט ער נישט, ער ווייסט נאָר, אַז ס'איז געמאַכט פֿון לעדער און אַז ייִדן נוצן עס ווען זיי מאָדליען זיך. געלט אויף מאַכאָרקע האָט ער געדאַרפֿט, נעמט ער און שטעלט זיך מיט זיי אַרויס אויפֿן מאַרק און טראַכט: וויפֿל מע וועט אים געבן פֿאַר זיי, וועט זײַן ווי געפֿונען. ייִדן אויפֿן מאַרק דערזעען תּפֿילין בײַ אַ יונג אין די הענט, ווערט אַ טומל און אין אַ ווײַלע ווערט אַרום דעם יונג אַ רעדל. און איינער אַ ייִד שטעלט אײַן דאָס לעבן און מאַכט צו דעם יונג: "היי, זאַמליק, ווו האָסטו דאָס גענומען?" ווערט דער יונג אַ צעטומלטער, ער פֿילט, אַז עפּעס איז דאָ נישט כשר, אָבער ער פֿאַלט בײַ זיך נישט אַראָפּ, נאָר מאַכט מיט אַ באַליידיקטער מינע, "וואָס הייסט גענומען?! איך האָב זיי אַליין געמאַכט! יאַ סאַם סאַפּאָזשניק!" – איך בין אַליין אַ שוסטער. פֿאַרשטאַנען?

## אַ סוד פֿאַר גאַנץ בראָד

מ"ר ראובֿן מאַרדער פֿון די בראָנקס פֿרעגט אַן אַלטע קשיא, וועלכע איך האָב שוין נישט איין מאָל פֿאַרענטפֿערט. "פֿאַר וואָס זאָגט מען", פֿרעגט ער, "**אַ סוד פֿאַר גאַנץ בראָד**?"

**אַ סוד פֿאַר גאַנץ בראָד** איז דער ייִדישער עקוויוואַלענט פֿון דעם העברעיִשן

אויסדרוק ״סוד בקהל״ – אַ סוד פֿאַר דער גאַנצער שטאָט. איז, פֿאַר וואָס איז עפּעס דער גורל אויסגעפֿאַלן אויף בראָד? איז דער טעם אַ פּשוטער, ווײַל **בראָד** גראַמט זיך מיט **סוד** און ייִדן האָבן ליב, אַז ווערטלעך זאָלן בײַ זיך גראַמען. אַקוראַט, אַ שטייגער, ווי ייִדן זאָגן **אַ מבֿין ווי אַ חזיר אויף הייוון** – דאָס מיינט נישט צו זאָגן, אַז אויף אַנדערע זאַכן אַחוץ הייוון איז דער דבֿר־אַחר אַ מבֿין. חלילה. איז, פֿאַר וואָס הייוון? ווײַל **הייוון** גראַמט זיך מיט **מבֿין**. זוכט נישט קיין סודות און קיין רמזים אין ווערטלעך וואָס גראַמען זיך. דער איינציקער סוד איז דער גראַם.

## סטײַען

אַ ייִד פֿון די בראָנקס וויל, אַז איך זאָל אים געבן אַן אַנדער וואָרט פֿאַר **סטײַען**.

מיטן גרעסטן פֿאַרגעניגן. קודם־כּל, קענט איר אַנשטאָט **עס וועט סטײַען** זאָגן: **עס וועט זײַן גענוג, עס וועט גלעניגן, עס וועט מספּיק זײַן.** דערנאָך קענט איר זאָגן: **עס וועט קלעקן, עס וועט כאַפּן, עס וועט טראָגן, עס וועט סטאַרטשען,** ווי די פּוילישע ייִדן פֿלעגן זאָגן. און טאָמער ווילט איר זאָגן, אַז איר האָט שוין מער ווי גענוג, קענט איר זאָגן: **איך האָב שוין אַריבער, איך האָב שוין אַריבער און אַריבער, איך האָב שוין איבערן קאָפּ, איבערן האַלדז, איבער די אויערן. איך האָב שוין גענוג און גענאָך, איך האָב שוין די־והותר, עס קריכט שוין פֿון האַלדז, עס רינט שוין איבער דער באָרד.** איך גלייב, אַז ס'וועט סטײַען.

## סמבטיון

איך האָב די וואָך געקראָגן זייער אַ טשיקאַווע בריוועלע פֿון אַ ייִדן אין די בראָנקס, וואָס איז זייער כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דעם קולטורשטאַנד פֿון דעם פּשוטן ייִדן אין אַמעריקע. איך גיב עס אײַך איבער מיט זײַנע ווערטער: ״צוהערנדיק זיך צו אײַער ׳מאַמע־לשון׳ האָב איך זיך דערמאָנט אין מײַן מאַמען, אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל זי האָבן. ווען מיר קינדער פֿלעגן שבת אַרומלויפֿן, ניט זיצן רויִק, פֿלעגט מײַן מאַמע זאָגן: ׳קינדער, קינדער, פֿאַר וואָס זאָלט איר ניט זײַן רויִק? עס איז שבת, שבת רוט דער סאַמבאַטיע אויך׳. עס איז שוין 50 יאָר אַריבער און ביז צום הײַנטיקן טאָג ווייס איך נישט, וואָס עס איז אַזוינס ׳סאַמבאַטיע׳״.

נו, איז נישט אַ גאָטס רחמנות אויף דעם ייִדן? שטעלט זיך פֿאָר, ווען בײַ אַ גוי טרעפֿט אַזאַ זאַך, ער ווייסט נישט דעם טײַטש פֿון אַ וואָרט, נעמט ער און מישט אויף אַ ווערטערבוך און גיט אַ קוק און ער איז געהאָלפֿן. און דאָ איז אַ ייִד אַרומגעגאַנגען 50 יאָר צײַט און געהאַלטן אין איין טראַכטן: וואָס איז אַזוינס ״סאַמבאַטיע״? און נישט געקענט זיך דערטראַכטן צו אַזאַ פּשוטער זאַך ווי נעמען און אַרײַנקוקן אין אַ ייִדישן בוך און אויסגעפֿינען וואָס דאָס מיינט. וועט איר דאָך זאָגן, ווי קומט צו אַ ייִדן אין

אַמעריקע אַ ייִדיש בוך? הערסטו, אויף דעם קלאָגט דאָך דער מקונן. וואָס פֿון אונדז איז דאָ געוואָרן? אַ מאָל האָבן מיר מיט שטאָלץ געטראָגן דעם טיטל "עם־הספֿר" – דאָס פֿאָלק פֿון דעם בוך. היַינט דאַרפֿן מיר אַרונטערלאָזן די קעפּ פֿאַר בושה, ווען מען זאָגט עס. אַ ייִדישע שטוב אין דער אַלטער היים איז נישט געווען קיין ייִדישע שטוב ווען דאָרטן האָט זיך נישט געפֿונען קיין ספֿרים־שענקל. וויפֿל ספֿרים־שענקלעך האָט איר איצט אין ייִדישע שטובן? אַ שאַנדע צו דערציילן. אַ ייִד וועט נישט זשאַלעווען אויסצוגעבן צוויי טויזנט דאָלאַר פֿאַר אַ "קאַר", 400 דאָלאַר פֿאַר אַ "טעלעוויזשן", 150 דאָלאַר פֿאַר אַ צעבראָכענעם שטול אַן אַנטיק, פֿון מלך סאָביעצקיס צייַטן. ער וועט אַפֿילו נישט זשאַלעווען צו פֿאַרשפּילן אַ פּופּציקער אין קאָרטן. אָבער קויפֿן אַ ייִדיש בוך פֿאַר אַ פּאָר דאָלאַר, צו דעם דערלאָזט אים נישט דאָס האַרץ.

דאָס מיינט, אַז איר דאַרפֿט זיך נישט שעמען, מ"ר גינסבורג, וואָס איר האָט פֿאַר די אַלע יאָרן אין אַמעריקע זיך נישט אַרויפֿגעאַרבעט צו אַ ייִדישן ווערטערבוך. איר זענט נישט איין זכר אין מאָסקווע, צו איַיך זענען דאָ נאָך אַ פּאָר מנינים ייִדן. איבער הויפּט איצט, ווען איר האָט ביַי וועמען צו פֿרעגן, דאַרפֿט איר דאָך עס אַוודאי נישט.

בקיצור, איר ווילט וויסן, וואָס עס איז אַזוינס "סאַמבאַטיע". ערשטנס, זאָגט מען נישט "סאַמבאַטיע", נאָר **סמבטיון**. דאָס איז דער נאָמען פֿון אַ לעגענדאַרישן טיַיך, וואָס געפֿינט זיך ערגעץ הינטער די הרי־חושך און לויט אַ ייִדישן גלויבן וווינען אויף איין זיַיט פֿון דעם טיַיך די עשׂרת־השבֿטים, אָדער די רויטע ייִדעלעך. און מע קען נישט צוקומען צו זיי אָט צוליב דעם טיַיך **סמבטיון**, וואָס טיילט אונדז אָפּ פֿון זיי. וויַיל דאָס איז נישט קיין געוויינטלעכער טיַיך, ווי דער בוג אָדער דער דניעפּער, נאָר אַ טיַיך אַ מזיק, וואָס וואַרפֿט אַ גאַנצע וואָך מיט שטיינער און יעדער שטיין קען דערהרגענען אַ מענטשן. בלויז איין טאָג, שבת, רוט ער, דער טיַיך **סמבטיון**. נו, איז דערפֿאַר פֿלעגט די מאַמע איַיערע, אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל זי האָבן, זאָגן "קינדער, פֿאַר וואָס זאָלט איר נישט רוען, עס איז שבת, שבת רוט דער **סמבטיון** אויך". פֿאַרשטאַנען?

אַ שאָד, מ"ר גינסבורג, וואָס איר האָט מיט 50 יאָר צוריק עס נישט געפֿרעגט ביַי איַיער מאַמען, זי וואָלט עס איַיך געקענט פֿאַרטיַיטשן ניט ערגער פֿון מיר. זי איז, שטעל איך זיך פֿאָר, געווען אַ גאַנץ פּשוטע ייִדענע, נישט קיין געבילדעטע, איר וואָלט זי געקענט פֿאַרקויפֿן, וואָלט זי נישט געוווּסט דעם אונטערשייד צווישן די "יענקיס" און די "דאַדזשערס", אָבער עפּעס האָט זי געוווּסט. וויַיל שבת האָט זי געלייענט דעם טיַיטש־חומש, נו, האָט זי געוווּסט אַ ביסעלע פֿון ייִדישער געשיכטע, פֿון ייִדישע לעגענדעס און פֿון ייִדישקייט בכלל. און איר – ווי לאַנג איז ווי איר האָט שוין נישט

אַרײַנגעקוקט אין קיין ייִדיש ספֿר, נישט געהאַלטן אין האַנט קיין ייִדיש ביכל? איר האָט געדאַרפֿט וואַרטן 50 יאָר ביז איר זענט געוווּיר געוואָרן וואָס דאָס איז אַזוינס **סמבטיון**.

## סעדעכע

מר״ס שוואַרצבערג פֿון ברוקלין – לויט איר פֿײַנעם ענגלישן בריוו קענטיק אַ יונג אַמעריקאַנער ווײַבל – שרײַבט, אַז אין דער ״גראָסערי״ ווו זי קויפֿט האָבן זיך צוויי ייִדישע פֿרויען צעבוצקעט און איינע האָט דער צווייטער גערופֿן **סעדעכע**, האָט איר די צווייטע געענטפֿערט: ״איר זענט אַליין אַ **סעדעכע**״. וויל זי וויסן וואָס מיינט **סעדעכע**.

**סעדעכע**, מײַן טײַערע, איז אַ קליינרוסיש, אוקראַיִניש וואָרט, וואָס מיר האָבן אַרײַנגענומען אין ייִדיש און עס מיינט זיצערקע, אַ ייִדענע וואָס זיצט אויפֿן מאַרק און פֿאַרקויפֿט בייגל, עפּל, פֿלוימען וכדומה פּראָדוקטן. אין פּוילן האָט מען אַזאַ ייִדענע גערופֿן **מאַרק־ייִדענע, מאַרק־זיצערקע, פּשעקופּקע**. אין דער ליטע האָט מען זי אויך גערופֿן **סעמערניצע** און **ראַדעניצע**. און אין אוקראַיִנע האָט מען זי גערופֿן **סעדעכע**.

די דאָזיקע מאַרק־ייִדענעס, נישט אויסגערעדט זאָל עס זײַן, זענען געווען געבענטשט מיט געשליפֿענע צינגלעך און מיט מענה־לשונס. אַז איר זענט אַרײַנגעפֿאַלן צו אַזאַ ייִדענע אין מויל אַרײַן, זענט איר שוין קיין טרוקענע נישט אַרויס, זענט איר שוין אַרויס אַן אָפּגעצוואָגענע און אַ באַוואַשענע, ווײַל די דאָזיקע ייִדענעס זענען געווען גרויסע ספּעציאַליסטקעס אויף שעלטן און זידלען און אויף מאַכן יענעם אויסצודרייען. נו, זענען די דאָזיקע ייִדענעס מיט דער צײַט געוואָרן סינאָנימען פֿאַר לויזע מײַלער, ווערעמדיקע פּיסקעס און ענלעכע שיינע אייגנשאַפֿטן.

## סקאָצל קומט

עטלעכע ייִדן פֿון פֿאַרשיידענע טיילן פֿון שטאָט ווילן וויסן פֿון וואַנען עס שטאַמט די באַגריסונג: **סקאָצל קומט**.

צו ערשט אַ קורצע הקדמה: די ייִדישע שפּראַך איז אַלט בערך טויזנט יאָר. די געשיכטע פֿון ייִדיש ווערט פֿון פֿילאָלאָגן געטיילט אין פֿיר פּעריאָדן: אָנהייב־ייִדיש, אַלט־ייִדיש, מיטל־ייִדיש און מאָדערן־ייִדיש. פֿון די ערשטע צוויי פּעריאָדן זענען אונדז געבליבן זייער ווייניק שפּראַכלעכע מאָנומענטן. דער מיין און די באַטײַטן פֿון אַ סך ווערטלעך און אויסדרוקן וואָס שטאַמען פֿון יענער אַלטער צײַט זענען דערפֿאַר ווויסנשאַפֿטלעך שווער פֿעסטצושטעלן און זיי טראָגן על־פּי רובֿ מער דעם כאַראַקטער פֿון השערות. צו די דאָזיקע אַלטע ייִדישע אויסדרוקן געהערט אַזאַ וואָרט ווי **קאַטאָוועס, סקאָצל קומט** און אַנדערע.

וועגן **סקאָצל קומט** זענען פֿאַראַן צוויי טעאָריעס. איינע זאָגט, אַז דער אויסדרוק שטאַמט פֿון אַן אַלטער דײַטשישער באַגריסונג: "גאָטס הײַל קאָמט". די צווייטע זאָגט, אַז זי שטאַמט פֿון אַן אַנדער באַגריסונג: "זײַ גאָטס ווילקאָמען". ווי אַזוי פֿון "גאָטס הײַל קאָמט" אָדער "זײַ גאָטס ווילקאָמען" איז געוואָרן **סקאָצל קומט** איז נישט שווער צו פֿאַרשטיין ווען מען נעמט אין אַכט, אַז אַזעלכע גילגולים קומען נישט פֿאָר איבער נאַכט, נאָר אַז עס נעמט צענדליקער און אַ מאָל הונדערטער יאָרן ביז איין וואָרט ווערט פֿאַרוואַנדלט אין אַ צווייטן, אַז מע קען דאָס אָריגינעלע וואָרט קוים דערקענען. אָט איז אַ גילגול פֿון אַ וואָרט וואָס אַלע זײַנע עטאַפּן און שינויים זענען נאָך אינעם פֿאָלקס מויל. דער זיידע פֿלעגט זאָגן און זאָגט נאָך איצט "אם־ירצה־השם". פֿאַר דער באָבען איז דאָס וואָרט געווען צו לאַנג, האָט זי אונטערגעקירצט אויף "מירצעשעם". אַן אַנדער באָבע וואָס האָט נישט געקענט אַרויסרעדן קיין שאַרפֿן צדיק האָט דערפֿון געמאַכט "מירטשעשעם". איז געקומען דער באָבעס אַ טאָכטער וואָס האָט גאָר געוואָלט האָבן אַ גרינג לעבן און האָט עס נאָך קירצער געמאַכט: "מירטשעם". האָט דאָס וואָרט איבערגעוואַנדערט אין אַ געגנט וווּ מע זאָגט אַנשטאָט **ליכט** – "לעכט", און אַנשטאָט **געדיכט** – "געדעכט", און פֿון "מירטשעשעם" איז געוואָרן "מערטשעשעם" און פֿון "מערטשעשעם" איז געוואָרן "מערטשעם", "**מערטשעם** בײַ אײַך", "**מערטשעם** בײַ אײַערע קינדער". אויפֿן זעלבן אופֿן איז "זײַ גאָטס ווילקאָמען" געוואָרן **סקאָצל קומט**. פֿון "זײַ גאָטס" איז געוואָרן "סקאָצ", פֿון "ווילקאָמען" איז געוואָרן "לקאָם", און צוזאַמען: **סקאָצל קומט**.

## עגל

צו מ"ר ראובֿן פֿאַגראַן: "וואָס מיינט עס", פֿרעגט איר, "**חוטא בייגל זײַן?**"

עס וווּנדערט מיך, אַז אַ ייִד ווי איר, וואָס שרײַבט אַזאַ פֿײַנעם ייִדיש, זאָל נישט וויסן פֿון דעם עגל הזהבֿ, פֿון דעם גאָלדענעם קאַלב, וואָס ייִדן האָבן געמאַכט אין דער מדבר און זיך געבוקט און דערמיט האָבן זיי **חוטא־בעגל געווען** – געזינדיקט מיטן עגל. פֿאַראַן אָבער בײַ ייִדן לצים, גלײַכווערטל־זאָגערס, האָבן זיי דערפֿון געמאַכט אַ שפּאַסיקע פּאַראָדיע **חוטא־בייגל**. און געניצט ווערט עס אויך אין שפּאַס, ווען אַ ייִד וויל מאַכן צו קליינגעלט אַן עבֿירה, אַ פֿאַרברעך אין ווען מען באַשולדיקט אים, זאָגט ער: איך זע נישט וואָס איך האָב דאָ אַזוי **חוטא־בייגל געווען**?!

## עוקץ

אַ פֿרוי פֿון ברוקלין שרײַבט: ״די וואָך קומט צו מיר אַרײַן אַ שכנה און מאַכט: 'איר האָט אפֿשר אַן **עוקץ** פֿעפֿער? מר״ס הורוויץ, ס'איז מיר אויסגעגאַנגען דער פֿעפֿער'. האָב איך אין אָנהייב נישט פֿאַרשטאַנען וואָס זי מיינט מיט אַן **עוקץ**, דערנאָך האָט זי מיר געגעבן צו פֿאַרשטיין, אַז דאָס מיינט זי אַ טראָפּן פֿעפֿער, אַז אין דער געגנט פֿון וואַנען זי קומט זאָגט מען אַזוי. איך הער דאָס וואָרט צום ערשטן מאָל. האָט איר עס געהערט?״

יע, איך האָב עס געהערט. דאָס וואָרט **עוקץ** איז אַ העברעיִש וואָרט און מיינט אַ שטעכעדיקע זאַך, אַ זאַך מיט אַ שפּיץ. **עוקץ** איז אַ דאָרן און **עוקץ** איז אויך אַ שפּיץ פֿון אַ נאָדל און אַן **עוקץ** פֿעפֿער אין ייִדיש מיינט אַזוי פֿיל פֿעפֿער וויפֿל עס קען אַרויף אויף אַ שפּיץ, ווי מיר זאָגן, למשל, **אויפֿן שפּיץ מעסער**. אָט זענען נאָך אויסדרוקן פֿון דעם מין, וואָס איר האָט אפֿשר אויך נישט געהערט: **אַ נעפּ, אַ ניאָפּ, אַ טאָלפּן, אַ דזשעבליע, אַ טרער, אַ ברייזעלע, אַ טשו־טשו** – און דאָס אַלץ מיינט: **אַ ביסעלע, אַ טראָפּן, אויף אַ רפֿואה, אויף אַ צאָן,** מיט איין וואָרט: **אַן עוקץ**.

## עליה

אַ ייִד פֿון ברוקלין פֿרעגט: ״פֿאַר וואָס זאָגט מען אויף איינעם, וואָס האָט געקראָגן אָנגעזידלט: **אײַ, האָט ער געקריגן אַן עליה!** וואָס פֿאַר אַ שײַכות האָט זידלען צו עליה?״

זייער אַ נאָענטע שײַכות. דאָס איז דער ייִדישער שטייגער פֿון רעדן בלושן סגי־נהור. ווי האָט שלום־עליכם געזאָגט? ייִדעלעך האָבן ליב צו רעדן פֿאַרשטעלט, אָנרופֿן איטלעכע זאַך קאַפּויער. למשל, אַ חכם איז אַ טיפּש, אַ וואָרטסמאַן איז אַ ליגנער, אַ בעל־לשון איז אַ זאַיִקע. ברענט ערגעץ אין שטעטל, וועט אַ ייִד ניט שרײַען ״ייִדן, עס ברענט!״ נאָר ״ייִדן, עס נעצט!״ און דאָס זעלבע איז מיט עליה. ווען מען רופֿט אויף אַ ייִדן צו אַן עליה, טוט מען אים אָן כּבֿוד. מעג ער זײַן אַ בעל־עגלה, וואָס קען קוים דאַווענען, רופֿט מען אים אויף מיט אַ טיטל: ״יעמוד מורנו רב שׂכר בן רב שמואל־דוד!״ און וואָס טוט איר, ווען איר זידלט יענעם? רופֿט איר אים אויך אויף צו אַן עליה, בלויז מיט אַנדערע טיטלען: ״אָ דו שמאַראַוואָז, דו ניבֿזיק איינער, דו פֿאַרך שבפֿאַרכעס, דו גאָרנישט שבגאָרנישט״. דערפֿאַר זאָגט מען אויך אויף זידלען: **אויפֿרופֿן צו שלישי, צו שישי, געבן מפֿטיר.**

## עמער – צעבער

מ״ר סאַפּירשטיין פֿון ברוקלין שרײַבט: ״קענט איר מיר זאָגן, פֿרײַנד סטוטשקאָוו, ווי עס האָט געהייסן אין דער אַלטער היים די כּלי, אין וועלכער מען פֿלעגט ברענגען וואַסער פֿון ברונעם, אַן **עמער** צי אַ **צעבער?** מײַן ווײַב זאָגט, אַז אַן **עמער**, אַז אַ **צעבער** איז גאָר עפּעס

אַנדערש, און מיר דאַכט זיך, אַז ס'איז די זעלבע זאַך".

איך האָב מורא, מ"ר סאַפּירשטיין, אַז אײַער ווײַב איז גערעכט. די כּלי אין וועלכער מען פֿלעגט ברענגען וואַסער האָט געהייסן אַן **עמער**. אין פּוילן האָט עס געהייסן אַ **קובעל**, אין אַנדערע מקומות – אַ **שעפֿ**, און אין גאָר אַנדערע פּשוט אַ **כּלי** – "ברענג אַרײַן אַ **כּלי** וואַסער". אַ **צעבער** איז אַ גרעסערע כּלי ווי אַן **עמער**, אין אַ **צעבער** פֿלעגט מען מאַכן פּאָילע פֿאַר דער בהמה. און אַנשטאָט **צעבער** פֿלעגט מען אויך זאָגן **שאַף** אָדער **שעפֿל**.

## עס הייבט זיך נישט אָן

איך מוז זאָגן, אַז ייִדן זענען לעצטנס געוואָרן זייער קריטיש צו ווערטער, יעדן פֿאַלס די וואָס הערן זיך צו צו "מאַמע־לשון". זיי ווילן דערגייַן דעם מיין פֿון די סאַמע פּשוטסטע אויסדרוקן. אָט פֿרעגט מיך, למשל, אַ ייִד פֿון מאַנהעטן: "וואָס מיינט עס ווען מען זאָגט: **עס הייבט זיך נישט אָן**?"

**עס הייבט זיך נישט אָן,** מײַן פֿרײַנד, ווערט געניצט ווי אַן אויסדרוק פֿון אומאײַנשטימיקייט אָדער נעגירונג. ווען איינער זאָגט אײַך עפּעס, אָדער דערציילט אײַך עפּעס, און איר זענט מיט אים נישט מסכּים אָדער איר לייקנט עס אָפּ, זאָגט איר: "ווייס איך, **עס הייבט זיך נישט אָן**". ריכטיק? נו, דאָס איז אַ פּשוטע פֿאַרקירצונג פֿון דעם לענגערן אויסדרוק: **עס הייבט זיך נישט אָן און עס לאָזט זיך נישט אויס**. אַ מעשׂה דאַרף האָבן אַן אָנהייב און אַ סוף, זי דאַרף זיך אָנהייבן און אויסלאָזן. אַ מעשׂה וואָס הייבט זיך נישט אָן און לאָזט זיך נישט אויס איז קיין מעשׂה נישט, איז אַ זאַך וואָס איז נישט בנימצא.

אונדזער מאַמע־לשון איז פֿול מיט אַזעלכע אָפּקירצונגען. אַ ייִד פֿאַרשטייט אויפֿן ווונק, אַ ייִדן דאַרף מען קיין פֿינגער אין מויל נישט אַרײַנלייגן, אַ ייִדן איז גענוג אַ שפּיץ פֿון אַ ווערטל און די רעשט וועט ער זיך שוין אָנשטויסן. אָט נעמט, למשל, אַזעלכע ווערטלעך ווי: **אַזוי לאַנג קרענקט ער! אַזוי לאַנג כאָליעט, לעבן זאָל ער אַזוי.** דאָס זענען נישט קיין גאַנצע פֿראַזעס, נאָר אָפּגעקירצטע, זיי האָבן נאָך אַ טייל. דאַרפֿן דאַרף עס זײַן: **אַזוי לאַנג קרענקט ער,** אָדער **אַזוי לאַנג כאָליעט,** אָדער **לעבן זאָל ער אַזוי, ווי דאָס איז אמת.** אָבער דעם צווייטן טייל שטויסן זיך שוין ייִדן אָן. צי ווען איין ייִד, למשל, שעלט דעם צווייטן און זאָגט: **נעם אײַן!** שטויסט זיך שוין דער אַנדערער ייִד אָן, אַז דאָס מיינט מען: **נעם אײַן אַ מיתה־משונה.** ער דאַרף עס אים נישט אַרויסלייגן אויפֿן טעלער.

דאָס דערמאָנט מיך אין אַ וויץ, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אין פּוילן אין דער צײַט

פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה. אַ דײַטש באַרימט זיך פֿאַר אַ ייִדן מיט די גבֿורות פֿון דער דײַטשישער אַרמיי, ווי זיי האַלטן אין איין אײַננעמען. זיי האָבן אײַנגענומען פּלאָצק, אײַנגענומען לאָמזשע, איצט האָבן זיי אײַנגענומען וואַרשע. פֿרעגט דער ייִד בײַם דײַטש זייער תּמימותדיק: "ווען נעמט איר אײַן אַ מיתה־משונה?" מיינט דער דײַטש, אַז דאָס איז דער נאָמען פֿון עפּעס אַ שטאָט און ענטפֿערט מיט דײַטשישער בראַוואַדע: "זײַען זי נור רוּיִק, וויר ווערדען שאָן די מיתה־משונה אַוך אײַננעמען".

## עס רײַסט מיר בײַ די פּיאַטעס

מ"ר ל. מעדאָוו פֿון די בראָנקס וויל וויסן וואָס אַ ייִד מיינט ווען ער זאָגט: **עס רײַסט מיר בײַ די פּיאַטעס**.

דער דאָזיקער אויסדרוק, מײַן פֿרײַנד, געהערט צו דער קאַטעגאָריע שפּאָטווערטער און שפּאָטאויסדרוקן, וואָס ייִדן האָבן געשאַפֿן אויף אויסצודריקן שפּאָט, פֿאַראַכטונג, איראָניע צו זאַכן, מענטשן און איבערלעבונגען. די וואָס האָבן דעם "אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך" קענען זיך אָנשטויסן אויף זיי אויף יעדער זײַט פֿון דעם בוך. פֿון משפּחה איז געוואָרן **משפּחטע**, פֿון ווילטאָג איז געוואָרן **שווילטאָג**, פֿון אשת־חיל איז געוואָרן **אשת־חלשות** אאַז"וו.

ווען איר דערציילט אַ ייִדן וועגן אַן אומגליק וואָס האָט געטראָפֿן מיט זײַנעם אַ באַקאַנטן און דער ייִד האָט דערפֿון עגמת־נפֿש, טרעפֿט, אַז ער דרייט אויס זײַן עגמת־נפֿש מיט די ווערטער "אײַ, עס רײַסט מיר דאָס האַרץ". דערציילט אָבער דעם זעלבן ייִדן, אַז די מר"ס גראָסמאַן קען, נעבעך, דאָס יאָר נישט פֿאָרן קיין פֿלאָרידע, ווײַל די טאָכטער ריכט זיך אין קימפּעט, איז אויב דער ייִד האָט אַ חוש פֿאַר הומאָר, וועט ער געבן אַ קאָמישן זיפֿץ און זאָגן: **אײַ, עס רײַסט מיר בײַ די פּיאַטעס**.

## עסיק און האָניק

אַ ייִד פֿון ברוקלין פֿרעגט: "ווי קומט עס וואָס מען זאָגט: **אויסגעפּוצט אין עסיק און אין האָניק** – וואָס פֿאַר אַ שײַכות האָט עסיק און האָניק צו פּוץ?"

צו פּוץ האָט עס נישט קיין שײַכות. עס האָט אָבער אַ שײַכות צו אַן אַנדער ענין, פֿון וועלכן דער אויסדרוק שטאַמט. כּידוע, האָט אַ ייִדישע בעל־הביתטע הײַנט צו טאָג קיין געדולד נישט זיך אָפּצוגעבן מיטן טאָפּ. זי גיט אַ לויף אַרײַן צום קצבֿ, אָדער ווי איר זאָגט – צום "בוטשער", גיט אַ כאַפּ אַ "סטייק", אַ "לעם־טשאַפּ", גיט עס אַ שמערגל צו און פֿאַרטיק אַ מאָלצײַט. אָבער אַ מאָל – אײַ, אַ מאָל – אַ מאָל האָט אַ ייִדישע בעל־הביתטע זיך נישט געפֿוילט אָפּצושטיין שעהען לאַנג אין קיך און מאַכן דאָס גוטע ראָסלפֿלייש, אַ האָניקפֿלייש, אַ זיס־און־זויערן, אַ געפֿילטע פּריפּלוע און

וואָס נישט. און אָט די עכט ייִדישע מאכלים האָבן געפּאָדערט, קודם־כּל, עסיק פֿאַר זויערקייט און האָניק פֿאַר זיסקייט און, פֿאַרשטייט זיך, אַ לעק זאַלץ, אַ דזשעבליע צימרינג, אַ טראָפּן פּעפּער, אַן עוקץ סענשקע, אַ פּאָר לאָרבערבלעטער. דאָס פֿלייש האָט געמעגט זײַן נישט אַזוי אײַ־אײַ־אײַ, אָבער ווען די בעל־הביתטע האָט געוווּסט ווי אַזוי עס אײַנצופּעקלען **אין עסיק און אין האָניק**, איז עס אַרויסגעקומען אַ מאכל נאָר פֿאַרן קיסר צו שטעלן.

נו, איז ווי אַ פֿאַרגלײַך, האָבן ייִדן דאָס אײַנפּעקלען מאכלים אַריבערגעטראָגן אויף אײַנפּעקלען זיך אין קליידער. אַ באַווײַז דערפֿאַר זענען אַ פּאָר ייִדישע שפּריכווערטער, וואָס ייִדן זאָגן וועגן פּוץ. ווען אַ ייִד וויל זאָגן, אַז די מאַדאַם איז נישט אַזאַ יפֿהפֿיה, נאָר דער פּוץ מאַכט זי שיין, זאָגט ער: "נו יאָ, **געפּרעגלט אין האָניק איז רעטעך אויך אַ מאכל**" אָדער: "**אַ פּאָדעשווע געקאָכט אין עסיק און אין האָניק האָט אויך אַ טעם**". און אָט איז נאָך אַ באַווײַז: מען זאָגט נישט בלויז **אויסגעפּוצט אין עסיק און אין האָניק**, נאָר מען זאָגט אויך: **אײַנגעמאַרינירט אין עסיק און אין האָניק**.

## עץ און ענק

אַ ייִד פֿון די בראָנקס וואָס שטאַמט, שרײַבט ער, פֿון נאַוואַרעדאָק, וויל וויסן פֿאַר וואָס וואַרשעווער ייִדן פֿלעגן אַנשטאָט "איר" און "אײַך" זאָגן **עץ** און **ענק**. "ווען גיט **עץ** מיר אָפּ דאָס דרײַערל וואָס יאַך האָב **ענק** געבאָרגט?" – אויף פּשוט ייִדיש הייסט עס: ווען גיט איר מיר אָפּ דאָס דרײַערל וואָס איך האָב אײַך געליִען?

איך פֿאַרזיכער אײַך, מײַן פֿרײַנד, אַז דאָס האָבן אײַך די וואַרשעווער ייִדן נישט געטאָן אויף צו להכעיס, אַז איר זאָלט נישט פֿאַרשטיין וואָס זיי רעדן, און זיי האָבן דעם **עץ** און **ענק** נישט אויסגעזויגן פֿון פֿינגער. געווען אַ דײַטש־בײַערישער דיאַלעקט אַזאַ, אין וועלכן מע האָט געזאָגט און מע זאָגט אפֿשר נאָך איצט **עץ** און **ענק** אַנשטאָט "איר" און "אײַך". און די עלטער־עלטער־זיידעס פֿון די וואַרשעווער ייִדן, וואָס האָבן אַריבערגעוואַנדערט פֿון דער בײַערישער פּראָווינץ קיין פּוילן, האָבן דעם **עץ** און **ענק** מיטגעבראַכט מיט זיך אין זייער שפּראַכלעכן באַגאַזש, און זיי האָבן זיך אײַנגעבירגערט אין דעם פּוילישן ייִדיש.

## עקסטרע

אַ ייִד פֿון ברוקלין פֿרעגט, צי מעג מען זאָגן: "איך בין **עקסטרע** געגאַנגען". ער געדענקט, שרײַבט ער, דעם אויסדרוק פֿון וואַרשע.

אמת, איך קען אויף דעם עדות זאָגן. געווען זייער אַ פּאָפּולערער אויסדרוק אין פּוילן. **עקסטרע** שטאַמט פֿון לאַטײַן און עס מיינט: מער ווי, אַ הוספֿה צו, איבער דער

נאָרמע. "איך בין **עקסטרע** געגאַנגען, איך האָב עס **עקסטרע** געטאָן", מיינט, אַז מיט מײַן גיין און טאָן האָב איך געהאַט אַ באַזונדערע כוונה, אַ באַזונדער ציל. **עקסטרע** איז אַן עקוויוואַלענט פֿון **אומיסטן**: איך בין **אומיסטן** געגאַנגען, איך האָב עס **אומיסטן** געטאָן.

אַן **עקסטרע** האָט אין וואַרשע אויך געהייסן אַ ספּעציעלע אויסגאַבע פֿון אַ צײַטונג, ווען ס'האָט עפּעס וויכטיקס פּאַסירט און זי האָט געוואָלט אָנזאָגן וועגן דעם דעם עולם. **עקסטרע** ווי אַ פּרעפֿיקס ווערט אויך באַנוצט אין אַ צאָל אינטערנאַציאָנאַלע ווערטער, וואָס זענען אָנגענומען אין ייִדיש, ווי: **עקסטראָרדינער, עקסטראַוואַגאַנץ**, און מע זאָגט אַפֿילו **עקסטרע גוט, עקסטרע פֿײַן**, וואָס מיינט: פּרימע, משופּרי־דשופּרי.

דער סך־הכּל איז, אַז איך זע נישט אײַן, פֿאַר וואָס מע זאָל נישט קענען זאָגן **עקסטרע**.

## ער זאָל זיך מינען

מ"ר זאַלצמאַן פֿון די בראָנקס וויל וויסן, פֿאַר וואָס מען זאָגט וועגן אַ פֿאַרשטאָרבענעם: **ער זאָל זיך מינען**.

זאָגן זאָגט מען **ער זאָל זיך מיִנען**, פֿון דעם וואָרט **מי** – טירחא. דאָס מיינט, ער זאָל זיך באַמיִען און גיין פֿאַרן כּסא־הכּבֿוד און בעטן פֿאַר אונדז, מיט אַנדערע ווערטער, ער זאָל זײַן פֿאַר אונדז אַ גוטער בעטער, אַ מליץ־יושר. אָבער אַזוי ווי איר זענט שוין דער דריטער וואָס שרײַבט, אַז ייִדן זאָגן וועגן אַ טויטן **ער זאָל זיך מינען**, שטעל איך זיך פֿאָר, אַז אין געוויסע מקומות האָבן ייִדן געהאַט אַ פּאַראָדיע אויף **ער זאָל זיך מיִען – ער זאָל זיך מינען** – ד"ה ער זאָל זיך בײַטן אין קאָליר. פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז אַן אַבסורד, ווען עס רעדט זיך וועגן אַ טויטן, אָבער ווי איך האָב שוין נישט איין מאָל געזאָגט, אויף קיין פּאַראָדיעס פֿרעגט מען קיין קשיות נישט, וואָס אַבסורדער, אַלץ שפּאַסיקער.

איך וויל דאָ נישט אַרײַנגיין אין קיין חקירות פֿאַר וואָס דאָס איז אַזוי, אָבער עס איז אַ פֿאַקט, אַז בײַ קיין אומה־ולשון וועט איר נישט געפֿינען אַזוי פֿיל אָפּלאַכערישע ווערטלעך וועגן טויט ווי בײַ אונדז ייִדן. אַנשטאָט **געשטאָרבן** קען זיך אַ ייִד פֿאַרגינען צו זאָגן: **ער האָט זיך אַוועקגערוקט, ער האָט זיך אַוועקגעפּעקלט, ער האָט זיך איבערגעפּעקלט אַהין פֿון וואַנען מען קען קיין בריוול נישט שרײַבן אָדער ווו מע עסט נישט קיין רעטעך מיט שמאַלץ, ער האָט אָפּגעדאַנקט, ער האָט געמאַכט דאָמינאָ, ער האָט אויסגעצויגן די פּאָדקעוועס, ער האָט אַוועקגעלייגט די לעפֿל, ער האָט שוין אָפּגעגעבן די קאַפּאָטע, ער ליגט שוין מיטן פּופּיק אַרויף.**

וואָס דאַרפֿט איר מער? אַפֿילו די העברעיִשע עפּיטעטן וואָס מען זאָגט וועגן אַ טויטן, אַ שוכן־עפֿר, ווערן פֿאַראָדירט און אָפּגעלאַכט. אַזוי, למשל, ווערט פֿון דעם באַקאַנטן ״עליו־השלום״: **עליו־השנאָבל, עליו־השאָלעבק, עליו־הפּאָקרישקע**. און פֿון ״זכותו יגן עלינו״ ווערט: **זכותו יגון ואנחה**. מאַלע וואָס ייִדן לצים זענען פּעיִק. דאָס זעלבע, אַ פּנים, איז געשען מיט **ער זאָל זיך מיִען** – געקומען אַ לץ און געמאַכט דערפֿון אַ טראַוועסטיע **ער זאָל זיך מינען**. ייִדן האָבן עס אָנגענומען און ס'איז אַוועק אַ גאַנג.

## ער רעדט מיט גאָט

מ״ר זוסקינד, אַ צוהערער פֿון ברוקלין, וויל, איך זאָל אים זאָגן פֿון וואַנען עס נעמט זיך דער אויסדרוק, וואָס מען זאָגט וועגן אַ פֿרומען מענטשן: **ער רעדט מיט גאָט**.

זאָגן זאָגט מען עס, מײַן פֿרײַנד, אין אָפּלאַכערישן זינען וועגן אַ מענטשן, וואָס מאַכט דעם אָנשטעל פֿון אַ פֿרומען, אָבער אין דער אמתן איז ער וואָס אין דער קאָרט. און זאָגן זאָגט מען עס דערפֿאַר, ווײַל געווען בײַ ייִדן גרויסע צדיקים, וואָס דאָס איז געווען זייער דרך, צו רעדן מיט גאָט כּדבר איש אל רעהו, דאָס הייסט, אין פּשוט מאַמע־לשון – ווי רבי לוי־יצחק מבאַרדיטשעוו, אַ שטייגער. ייִדן האָבן עס באַטראַכט פֿאַר אַ גרויסער מדרגה, וואָס נישט יעדער איינער איז ראָוי דערצו. אַ געשריי טאָן אין מיטן דאַווענען: ״טאַטע־פֿאָטער, האַרציקער געטרײַער!״ – דאָס קען זיך נאָך אַ ייִד פֿאַרגינען. אָבער רעדן צו אים, אויסטענהן זיך מיט אים אויף פּשוט ייִדיש – אַזאַ זאַך קענען זיך נאָר פֿאַרגינען אָדער גרויסע צדיקים אָדער ווײַבער, וואָס האָבן קיין אַנדער ברירה נישט.

נו, טאַקע, וואָס זאָל נעבעך טאָן אַן אָרעמע ייִדענע, וואָס וויל אויסגיסן דאָס האַרץ פֿאַרן בורא? דאַווענען? איז ערשטנס דאַרף מען קענען, און אַז מען קען, דאַרף מען פֿאַרשטיין וואָס מען זאָגט. פֿאַר דער געוויינטלעכער ייִדענע איז דאָך דאַווענען טערקיש. איז וואָס זשע, איז דאַווענען דאַוונט מען פֿון יוצא וועגן, ווײַל מען דאַרף דאַווענען, אָבער דאָס האַרץ־אויסגיסעניש קומט ערשט צו די תּחינות, ווען מען קען רעדן צו גאָט אויף פּשוט מאַמע־לשון און אים זאָגן וואָס סע ליגט אויפֿן האַרצן.

אין מײַן ״אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך״ זענען פֿאַרצייכנט אַ צאָל זייער טשיקאַווע זאָגעכצן, וואָס גייען אַרום צווישן פֿאָלק און וואָס כאַראַקטעריזירן דעם אופֿן, ווי אַזוי ייִדן טענהן זיך אויס מיט גאָט אויף ייִדיש. זאָגט איין ייִד: ״**רבונו־של־עולם, איך בעט דיך נאָר לחם לאכול ובגד ללבוש** – ברויט צו עסן און אַ קלייד אָנצוטאָן; **אַ טרונק בראָנפֿן וועל איך זיך שוין אַליין קויפֿן**״. אַן אַנדער ייִד זאָגט:

"**רבונו־של־עולם, גיב מיר ברויט, אַזוי לאַנג איך האָב צייין**". אַ דריטער ייִד זאָגט: "**רבונו־של־עולם, האַלט מיר נאָר דאָס שטריקל, דרייען וועל איך שוין אַליין**". איינע אַ ייִדענע סטראַשעט אים אַפֿילו: "**ווילסט מיר העלפֿן, גאָט, איז גוט. אַז נישט האָב איך אַ שוועסטער אין אַמעריקע**". אַן אַנדער ייִדענע לייגט אַוועק אַזאַ פּיזמון: "רבונו־של־עולם, האַרצעדיקער פֿאָטער, טאַטע געטרײַער, זע, אַז מײַן שוועגערין אין אַמעריקע זאָל ווערן דיק און פֿעט". פֿרעגט זי אַ שכנה, וואָס זיצט לעבן איר: "פֿייגעשי, וואָס בעט איר עפּעס, אַז אײַער שוועגערין זאָל ווערן דיק און פֿעט?" ענטפֿערט איר פֿייגע: "דערפֿאַר ווײַל זי שיקט מיר יעדעס יאָר אַ פּעקל אַלטע זאַכן, וואָס זענען אויף איר שמאָל און ענג". אָט דאָס, מײַן פֿרײַנד, הייסט **רעדן מיט גאָט**.

## פֿאַנטאָפּל־מאַן

אַ פֿרוי פֿון בראָנזוויל וויל וויסן וואָס עס מיינט אַ **פֿאַנטאָפּל־מאַן**.

שעמען זאָלט איר זיך! דאָס זאָלט איר נישט וויסן? אַ **פֿאַנטאָפּל־מאַן** איז אַ מאַן וואָס לאָזט זיך טרעטן פֿון אַ ווײַב מיט די פֿיס. געוויינטלעך הייבט זיך עס אָן גלײַך אין דער פֿרי, ווי זי קריכט נאָר אַראָפּ פֿון בעט און טוט אָן די פֿאַנטאָפּל, דאָס מיינט די שטעקשיך. נו? אַז זי טרעט אים מיט די פֿאַנטאָפּל און ער שווײַגט, וואָס איז ער? אַ **פֿאַנטאָפּל־מאַן**. דאַכט זיך, קלאָר, וואָס קלערער קען נישט זײַן.

## פּאַרעווע

מ"ר בערגער פֿון די בראָנקס שרײַבט: "אפֿשר קענט איר מיר זאָגן פֿון וואַנען עס נעמט זיך דאָס וואָרט **פּאַרעווע**? **מילכיק**, וויס איך, נעמט זיך פֿון וואָרט 'מילך', **פֿליישיק** – פֿון וואָרט 'פֿלייש', פֿון וואַנען נעמט זיך דאָס וואָרט **פּאַרעווע**?"

**פּאַרעווע**, מײַן פֿרײַנד, נעמט זיך פֿון דעם מיטל־הויכדײַטשישן וואָרט "פּאַר", וואָס מיינט: בלויז, נאַקעט.[146] און וואָס איז **פּאַרעווע**? נאַקעט, אויסגעטאָן פֿון יעדן טעם – נישט מילכיק און נישט פֿליישיק.

## פּויליש און ליטוואַקעס

אין מײַן קאַרטאָטעק, ווו איך פֿאַרצייכן די פֿראַגעס, וועלכע ייִדן פֿרעגן בײַ מיר, האָט זיך אָנגעקליבן אַ פּעקל פֿראַגעס, וואָס זענען אַלע פֿון איין מין. אַלע האָבן צו טאָן מיט אויסדרוקן און ווערטלעך וועגן ליטוואַקעס. און אַזוי ווי זיי זענען מערסנטנס פֿון אַ באַליידיקנדיקן כאַראַקטער און איך האָב תּמיד געהאַט צו זיי אַ פּערזענלעכן

---

146. מיטל־הויכדײַטש bar, פֿונעם זעלבן אַלט־גערמאַנישן שורש ווי ענגליש bare 'בלויז, נאַקעט'.

ווידערווילן, כאָטש איך בין אַ פּוילישער ייִד, האָב איך זיך לאַנג געשלאָגן מיט דער דעה, צי זאָל איך אויף זיי ענטפֿערן, צי ניין. אָבער סוף־כּל־סוף האָט דער פֿאָלקלאָריסט אין מיר גובֿר געווען – שיינע ווערטלעך, מיאוסע ווערטלעך, אַזוי לאַנג ווי זיי געהערן צו אונדזער מאַמע־לשון און ייִדן פֿרעגן וועגן זיי, דאַרף מען זיי איין מאָל פֿאַר אַלע מאָל דערקלערן און פֿאַרענטפֿערן און אַ סוף דערמיט.

צו ערשט, פֿון וואַנען נעמען זיך אָט די ווערטלעך און ווען זענען זיי אויפֿגעקומען? מיט יאָרן און יאָרן צוריק, ווען וואַרשע האָט אָנגעהויבן ווערן אַ גרויסע האַנדלסשטאָט און מקום־פּרנסה, האָבן אָנגעהויבן ציִען זיך אַהין ייִדן פֿון אַרבע פּינות אייראָפּע: ייִדן פֿון דײַטשלאַנד, ייִדן פֿון ביימען, אַפֿילו ייִדן פֿון פֿראַנקרײַך. און, פֿאַרשטייט זיך, ייִדן פֿון דער גרויסער פּוילישער פּראָווינץ, און ועל־כּולם ייִדן פֿון דעם אָרעמען ווײַסרוסלאַנד און פֿון דער נאָך אָרעמערער ליטע. זיי, די לעצטע, האָבן די פּוילישע ייִדן געקרוינט מיטן אַלגעמיינעם נאָמען **ליטוואַקעס**.

די וואַרשעווער תּושבֿים, די אײַנגעזעסענע ייִדן, זענען פֿון דער דאָזיקער אינוואַזיע פֿון די ווײַסרוסישע און ליטווישע ייִדן נישט געווען זייער שטאַרק צופֿרידן, און צוליב צוויי טעמים: ערשטנס, צוליב פּרנסה. דער ווײַסרוסישער און ליטווישער ייִד איז געקומען פֿון מקומות, ווו דער לעבנס־סטאַנדאַרד איז געווען אַ נידעריקער, ווו דאָס רובֿ מנין־ובנין פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג האָבן, אַזוי צו זאָגן, געשמייכלט צו אַ בולקע, ווו מע האָט קיין מאָל נישט געוווּסט פֿון אַזאַ זאַך ווי אָפּעסן צו דער זאַט, ווו אַ שטיקל פֿלייש האָט מען געקענט זען נאָר אין אַ שבת אָדער אַ יום־טובֿ, אַ גאַנצע וואָך איז מען אָפּגעקומען מיט אַ ביסל פּיסנעם קרופּניק. ווען אַזאַ איינער פֿאַלט אַרײַן אין אַ מקום, ווו דער לעבנס־סטאַנדאַרד איז אַ העכערער, ווו מען ווייסט שוין פֿון עסן אַ שטיקל פֿלייש אין דער וואָכן און אַ שטיקל גענדזנס אויף שבת, ווערט ער אַ קאָנקורענט צו דעם אײַנגעזעסענעם. דער פּוילישער ייִד, וואָס איז געוווינט צו אַ בעסער לעבן און דאַרף מער אויף דער הוצאה, ער וויל גרעסערע שׂכירות, ער וויל אַ גרעסערן רווח אויף זײַן סחורה. דער ווײַסרוסישער און ליטווישער ייִד, וואָס קען איבערקומען מיט אַ שטיקל ברויט מיט הערינג, ווײַל ער איז צו קיין בעסערס נישט געוווינט, ער קען זיך צופֿרידן שטעלן מיט קלענערע שׂכירות און מיט ווייניקער רווח. און דאָרטן ווו עס איז דאָ קאָנקורענץ, דאָרט וואַקסט שׂינאה צווישן די קאָנקורירנדיקע צדדים. דאָס איז ערשטנס. צווייטנס, זענען די פּוילישע און ליטווישע ייִדן געווען ווי פֿײַער און וואַסער בנוגע ייִדישקייט. די ליטווישע ייִדן, כאָטש ווילע ייִדן, פֿרומע ייִדן און אַ גרויסער טייל אויך למדנישע ייִדן, נאָר מתנגדים, האָבן אין די אויגן פֿון די

פוילישע ייִדן אויסגעזען ווי אַפּיקורסים, ווײַל זיי האָבן נישט געגלייבט אין קיין רביים, נישט געטאַנצט בײַם דאַווענען און פֿאַרשטעקט די ציצית אין די תּחתּונים. אָט דיביידע זאַכן, די קאָנקורענץ פֿון איין זײַט און דער ייִדישקייט־מאָטיוו פֿון דער צווייטער זײַט, האָבן גורם געווען, אַז צווישן די פוילישע און ליטווישע ייִדן זאָל הערשן אַ שׂינאה. און ווען מענטשן, וואָס האָבן זיך פֿײַנט, ווינען אונטער איין דאַך, קריגט מען זיך, באַליידיקט מען זיך, רופֿט מען זיך מיט די ערגסטע נעמען.

אָט איז איין גרופּע ווערטלעך און אויסדרוקן, וואָס ווײַזן אײַך בחוש די סיבה, וואָס האָט זיי געבוירן און צום לעבן אַרויסגערופֿן. דער פוילישער ייִד, וועלכער איז געווען בײַ זיך אין דער היים און דערצו פֿון אַ שיינער חסידישער פֿאַמיליע, ער איז געווען זייער איבערקלײַבעריש אין פּרט פֿון באַשעפֿטיקונג. דאָס וועט ער טאָן, און דאָס שטייט אים נישט אָן צו טאָן. אַ חסידישער ייִד, וואָס זאָל זײַנס אַ קינד אָפּגעבן פֿאַר אַ שוסטער, וואָלט מער אין שטיבל נישט געקענט קומען. סטײַטש, אַ בעל־מלאָכה! דער ליטוואַק, דער אײַנגעוואַנדערטער, וועלכער איז געקומען קיין וואַרשע זוכן אַ שטיקל ברויט און וועלכער האָט נאָך על־פּי רובֿ איבערגעלאָזט אין דער היים אַ ווײַב מיט קינדער, וואָס האָבן אויסגעקוקט אויף זײַנע פֿאַרדינסטן, ער קען נישט זײַן איבערקלײַבעריש – דאָס פּאַסט אים און דאָס שטייט אים נישט אָן (פּונקט ווי די ייִדישע אימיגראַנטן בײַ אונדז אין לאַנד זענען נישט געווען איבערקלײַבעריש). אַזעלכער כאַפּט זיך צו וואָס עס קומט אים אונטער דער האַנט, אַבי צו פֿאַרדינען אַ קערבל. פֿון דעם נעמט זיך דאָס ווערטל: **אַ ליטוואַק נעמט זיך אונטער אַפֿילו צו זײַן אַן אַם.** דאָס הייסט, ער וועט מיט קיין זאַך נישט בראַקירן אַבי עפּעס צו פֿאַרדינען.

דער ליטוואַק איז אין וואַרשע אַן אימיגראַנט און ווינט בײַ יענעם ווי אַ לאָקאַטאָר, ווי דאָ אַ מאָל אַ "באָרדער"; קיין אייגענע היים, און ווער עס זאָל אים אָפּקאָכן אַ ביסל געקעכטס. וועט ער נישט גיין אין אַ גאָרקיך און פּטרן אַ פֿערטעלע אָדער דרײַסיק קאָפּיקעס – דערלאָזט אים נישט דאָס האַרץ, ער וועט בעסער צולייגן נאָך אַ פֿערטעלע און שיקן דעם ווײַב, זי זאָל האָבן מיט וואָס אויסצוקומען די וואָך. איז וואָס זשע, קומט ער, נעבעך, אויס מיט טרוקנס. קויפֿט מען אין געוועלבל אַ האַלבזײַדן ברייטל, פֿאַר אַ קאָפּיקע הערינג. קיין וואַסער פֿעלט נישט, אַ טשײַניק האָט מען מיטגעבראַכט פֿון דער היים, קאָכט מען אויף אַ טשײַניק וואַסער און מען פֿאַרבריט אַ ביסעלע טיי און פֿאַרטיק די סעודה. אײַ, מע ווערט אויסגעסאָכניעט און אויסגעדאַרט פֿון אַזאַ עסן – איז ווו שטייט עס געשריבן, אַז אַ ייִד דאַרף זײַן פֿעט? אויף איינעם, וואָס לעבט אַזוי קאַרג און פֿאַרגינט זיך נישט אויסצוגעבן אַן איבעריקן גראָשן, אויף אַזעלכן זאָגן

ייִדן, אַז **ער לעבט ווי אַ חזיר**. אָט האָט איר דעם אָפּשטאַם פֿון נאָך אַ ווערטל: **ליטוואַק חזיר.** מײַנע צוהערערס, וואָס קומען פֿון פּוילן, וועלן זיך זיכער דערמאָנען אין דעם חנעוודיקן לידעלע, וואָס מיר חדר־ייִנגלעך פֿלעגן זינגען מיט אַזוי פֿיל גוסטאָ: **ליטוואַק חזיר טשו־טשו־טשו, לייג זיך אין דר׳ערד אַרײַן ליו־לי־לי־ליו.**

און פֿאַרשטייט זיך, אַז אין אַזאַ לאַגע, ווען דער פּוילישער ייִד קוקט אויף דעם ליטווישן ייִדן ווי אויף אַ קאָנקורענט, האָט ער צו אים זייער ווייניק צוטרויען און קוקט אים אויף דער האַנט ווי אַ גנבֿ. פֿון דעם נעמט זיך דאָס ווערטל: **אַ ליטוואַק איז אַ גנבֿ**. דאָס הייסט, מען טאָר אים נישט געטרויען. דער ליטוואַק צאָלט אָפּ מיט דער זעלבער מטבע: דו געטרויסט מיר נישט, געטרוי איך דיר נישט. דערפֿאַר פֿלעגן פּוילישע ייִדן זאָגן וועגן אַ ליטוואַק: **ווען געטרויט אַ ליטוואַק? ווען ער ציילט דרײַ מאָל איבער.** אָט די אַלע ווערטלעך, ווי געזאָגט, זענען אויפֿגעקומען אויפֿן באָדן פֿון קאָנקורענץ צווישן דיביידע סעקטאָרן פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג אין פּוילן, צווישן די אײַנגעזעסענע און אָנגעקומענע. אַן ענלעכע סיטואַציע קען מען לויט די צײַטונגס־באַריכטן אויך זען איצט אין ישׂראל, וווּ עס האָבן אײַנגעוואַנדערט ייִדן פֿון פֿאַרשיידענע גלותן, פֿון פֿאַרשיידענע קולטור־שטאַפּלען, מיט אַ פֿאַרשיידענעם לעבנס־סטאַנדאַרד. אַוודאי האָפֿן מיר, אַז אין משך פֿון יאָרן וועלן די דיפֿערענצן אויסגעגלײַכט ווערן און פֿון אַלע פֿאַרשיידענע מינים ייִדן וועט ווערן איין ברידערלעך פֿאָלק, אָבער לעת־עתּה הערשט אַ געוויסער אַנטאַגאָניזם און אָפּגעזונדערטקייט צווישן די אײַנגעזעסענע און די אָנגעקומענע ייִדן און מען רופֿט זיך מיט נעמען נישט קיין שענערע ווי די, מיט וועלכע די פּוילישע ייִדן פֿלעגן רופֿן די ליטוואַקעס. דער תּימנער ייִד, למשל, וואָס קען אַרבעטן פֿאַר ביליקער ווי דער אײַנגעזעסענער, ווײַל ער דאַרף ווייניקער, קען קיין שטאַרקע פֿרײַנדשאַפֿט צו זיך נישט אַרויסרופֿן, כאָטש ער איז אַן אייגענער ברודער. אַם בולטסטן קומט אָט דער קאָנקורענץ־מאָטיוו צום אויסדרוק אין אַ וויץ, וואָס צירקולירט אין ישׂראל:

אַ ייִד, אַן אונדזעריקער, קומט אַרײַן אין אַ גאַלאַנטעריע־קראָם אין תּל־אָבֿיבֿ און בעט, מען זאָל אים ווײַזן אַ פּאָר שעלקעס, אָדער שלייקעס, ווײַזט מען אים. באַטראַכט ער און מאַכט צום קרעמער: "מה יקר, וואָס קאָסטן די שעלקעס?" – "אַ פֿונט", ענטפֿערט אים דער קרעמער. "אַ פֿונט?" מאַכט דער ייִד אַ דערשטוינטער, "פֿאַר אַ פֿונט קען איך דאָך דינגען אַ תּימנער פֿאַר אַ יאָר, ער זאָל מיר צוהאַלטן די הויזן!"

אָבער איך בין פֿאַרקראָכן אין אַ זײַט. מיר האַלטן איצט נישט בײַ די תּימנער, נאָר בײַ די ליטוואַקעס. ווי פֿריִער דערמאָנט, פֿלעגן די פּוילישע ייִדן, די חסידים, קוקן אויף

די ליטוואַקעס ווי אויף גוים, משומדים, טרייפֿניאַקעס. אויף דעם באָדן זענען אויפֿגעקומען אַזעלכע ווערטלעך ווי: **ווו אַ ליטוואַק איז געזעסן, זאָל מען אויסברענען דאָס אָרט.** דאָס מיינט צו זאָגן, אַז דאָס אָרט איז אַזוי טרייף, אַז אַפֿילו קיין וואַשן און קיין שײַערן וועט עס נישט העלפֿן, מען מוז עס אויסברענען! **אַ ליטוואַק האָט אַ צלם אין קאָפּ** – עס זענען פֿאַראַן פֿאַרשיידענע פּשטלעך וועגן דעם ווערטל, אָבער איך האַלט, אַז דער זינען איז זייער אַ פּשוטער. אַ ליטוואַק איז בבֿחינת גוי, האָט ער זיך נישט געשמדט, וועט ער זיך שמדן און אָנטאָן אַ צלם. דערווײַל האָט ער בלויז אין קאָפּ דעם צלם. און אָט איז נאָך אַ ווערטל פֿון דעם מין: **אַ ליטוואַק שטאַרבט נישט.** אויך וועגן דעם ווערטל דרשנען ייִדן פֿאַרשיידענע פּשטלעך, אָבער נאָך מײַן מיינונג מיינט דאָס ווערטל גאַנץ פּשוט: אַ ליטוואַק שטאַרבט נישט, ווײַל אַ ליטוואַק איז אַ גוי און אַ גוי שטאַרבט נישט – אַ גוי ציט אויס די פֿיס, נעמט אײַן אָדער נאָך עפּעס ערגערס.

פֿאַרשטייט זיך, אַז מיט די יאָרן איז די קינאה־שׂינאה צווישן די פּוילישע און די ליטווישע ייִדן אָפּגעווישט און פֿאַרשוווּנדן געוואָרן, און די ווערטלעך זענען בלויז געבליבן ווי אַ טרויעריקער זכר פֿון אַ טרויעריקער עפּאָכע אין דעם לעבן פֿון אונדזער פֿאָלק. ווען צוליב דער ביטערער פּרנסה האָבן זיך ייִדן געדאַרפֿט באַציִען איינער צום אַנדערן מיט אַזאַ שׂינאה. און דאָס איז וואָס איך שטרײַך תּמיד אונטער בײַ יעדער געלעגנהייט, אַז ייִדישע ווערטער, ייִדישע אויסדרוקן זענען מער ווי טויטע ווערטער, זיי זענען היסטאָרישע דאָקומענטן, אין וועלכע עס זענען פֿאַרשריבן שטיקער פֿון אונדזער געשיכטע, שטיקער פֿון אונדזער שטייגער לעבן. קענען ייִדיש מיינט קענען ייִדן. רעדן ייִדיש מיינט המשך, קאָנטיניִטעט פֿון אונדזער לעבן ווי אַ פֿאָלק.

## פּויליׁשע דריפּקע

מ"ר האַך פֿון מאַנהעטן וויל וויסן, פֿאַר וואָס מען רופֿט די פּוילישע ייִדן: **פּוילישע דריפּקעס.**

צו ערשט וועגן דעם וואָרט **דריפּקע,** און זײַן אָפּשטאַם. האָט איר אַ מאָל געהערט, מ"ר האַך, פֿון דעם ענגלישן וואָרט "דראַפּ" – "איי דראַפּ אָוו וואָטער", אָדער "דריפּ" – "דהי וואָטער דריפּס"? מסתּמא יאָ. אָט די ענגלישע ווערטער "דראַפּ" און "דריפּ" זענען נאָענטע מחותּנים מיט די ייִדישע ווערטער **טראָפּ, טראָפּן** און **טריפֿן,** ווײַל זיי אַלע האָבן געהאַט איין זיידן: אַלט־גערמאַניש. און **פֿאַרדריפּען** אין ייִדיש מיינט פֿאַרטראָפּענען, פֿאַרגיסן מיט טראָפּנס. פֿון קלאָרקייט וועגן נאָט אײַך אַ משל. איר האָט דעם דאָנערשטיק אָנגעטאָן אַ נײַעם מלבוש, אַ נײַעם "סוט", הייסט עס. איז

גלײַך דאָנערשטיק האָט איר געגעסן אַן איי און אַ טראָפּן, אַ "דריפּ" פֿון דעם איי איז אַרונטערגעפֿאַלן אויפֿן מלבוש. אָבער אַזוי ווי איר זענט, זאָלט איר מיר מוחל זײַן, אַן אָפּגעלאָזענער ייִד, האָט איר זיך דערפֿון צום האַרצן נישט גענומען. פֿרײַטיק צו נאַכטס האָט אײַך אײַער פּלוניתטע דערלאַנגט לאָקשן מיט יויך און אַ פּאָר טראָפּנס פֿון דער יויך זענען אַרונטערגעפֿאַלן אויף אײַער מלבוש און געמאַכט אַ נײַעם פֿלעק. הײַנט האָט דאָס ווײַב בײַ אײַך געבעטן אַ טשעק, האָט איר אַ שאָקל געטאָן מיט דער "פֿאַונטען פּען" זען, צי ס'איז דאָ טינט און איר האָט שוין אַ פּאָר טראָפּנס טינט אויך אויפֿן מלבוש. איז וואָס איז אײַער מלבוש איצט? אַ **פֿאַרדריפּעטער**. און אַז איר זענט אַן אָפּגעלאָזענער און אײַך אַרט נישט וואָס אײַער מלבוש איז **פֿאַרדריפּעט**, זענט איר אַ **דריפּקע**, אַ שליאָך, אַ ניעראַכע.

איצט וועגן **פּוילישע דריפּקעס**. כאָטש איך האַלט, אַז נישט בלויז פּוילישע האָט מען גערופֿן **דריפּקעס** – בײַ מיר זענען פֿאַרצייכנט אַ סך ליטווישע שטעטלעך, וואָס האָבן געהאַט דעם צונאָמען **דריפּקעס**– אָבער לאָמיר אָננעמען, אַז איר זענט גערעכט, איז אויך דאָ אַ טעם דערבײַ.

אין די ייִדישע שטעט און שטעטלעך פֿון אונדזערע אַלטע היימען זענען די גאַסן על־פּי רובֿ נישט געווען ברוקירטע ווי דאָ. דאָרטן, אַז ס'איז אַראָפּגעפֿאַלן אַ רעגן אָדער אַ שניי, איז געוואָרן אַ בלאָטע. און אַז מע טשאַפּעט אין אַ בלאָטע, ווערט מען **פֿאַרדריפּעט**. איז מילא מיט ליטווישע און רוסישע ייִדן איז נאָך געווען אַ האַלבע צרה, זיי פֿלעגן טראָגן קורצע סערדאַקעס, צו וועלכע די בלאָטע האָט אַזוי לײַכט נישט געקענט צוקומען, בײַ זיי פֿלעגן בלויז די הויזן ווערן **פֿאַרדריפּעט**. אָבער פּוילישע ייִדן, וואָס פֿלעגן טראָגן לאַנגע קאַפּאָטעס ביז צו די קנעכל, צי פּוילישע ייִדענעס, וואָס האָבן מורא געהאַט אויפֿצוהייבן די ספּאָדניצע, מען זאָל, חלילה, די זאָקן נישט אַרויסזען, זיי זענען, נעבעך, נישט איין מאָל געווען **פֿאַרדריפּעט** ביזן האַלדז. איז דערפֿאַר האָט מען זיי געקרוינט מיט דעם שיינעם נאָמען: **פּוילישע דריפּקעס**.

## פּויק – פּויקן

צוויי ייִדן, איינער פֿון ברוקלין און דער צווייטער פֿון די בראָנקס, ביידע געזונט זאָלן זײַן, האָבן זיך אײַנגעשאַפֿט דעם "אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך", און יעדער פֿון זיי פֿרעגט אַן אַנדער פֿראַגע. אָבער אַזוי ווי ביידע פֿראַגעס זײַנען געקניפּט און געבונדן, וועל איך זיי פֿאַראייניקן און געבן אַ געקניפּט־און־געבונדענעם ענטפֿער. דעם ייִד פֿון ברוקלין איז קשה אַן אויסדרוק וואָס ער האָט געפֿונען אין "אוצר": **פֿאַרקויפֿן מיט דער פּויק**. "וואָס מיינט עס", פֿרעגט ער, "**פֿאַרקויפֿן מיט דער פּויק?**" דער צווייטער ייִד, פֿון די בראָנקס, ווידער, האָט

דאָרטן באַגעגנט אַ ווערטל וואָס איז אים נישט פֿאַרשטענדלעך: **אַז מען פּויקט, זאָל מען ווײַטער פּויקן**. "וואָס מיינט דאָס?" פֿרעגט ער.

אַזוי ווי איר זעט, מײַנע ליבע ייִדן, רעדט זיך אין ביידע ווערטלעך וועגן פּויק און פּויקן. איז לאָמיך אײַך צו ערשט דערקלערן דעם ענין "פּויק" און "פּויקן" בכלל.

אַמאָליקע צײַטן האָט די פּויק און דאָס פּויקן פֿאַרנומען דעם זעלבן פּלאַץ ווי עס פֿאַרנעמען איצט די צײַטונגען און דער ראַדיאָ. ווען עפּעס איז געשען אין שטאָט, אַ וויכטיקע זאַך, וואָס איז נייטיק געווען, אַז אַלע זאָלן דערפֿון וויסן, האָט אַ שטאָטדינער וואָס איז געווען ממונה דערויף זיך אַוועקגעשטעלט אין מיטן מאַרק מיט אַ פּויק און אָנגעהויבן פּויקן, און דאָס איז געווען אַ סיגנאַל, אַז עפּעס נײַעס איז זיך פֿאַרלאָפֿן, און מע דאַרף גיין הערן. פֿון דעם נעמט זיך דער אויסדרוק וואָס מען זאָגט צו איינעם וואָס האָט ליב פֿונאַנדערצוטראָגן אַ נײַעס, צי מע דאַרף צי מען דאַרף נישט: **וואָס האָסטו עס גערדאַרפֿט אַזוי פֿונאַנדערפּויקן?** דאָס איז אַ זכר פֿון די אַמאָליקע צײַטן ווען מען האָט נײַעס **צעפּויקט** און **אויסגעפּויקט**. איצט קענען מיר צוגיין צום עצם הענין.

אויב איר זענט געווען אַ מאָל אויף אַ ליציטאַציע, האָט איר אַוודאי געזען ווי דער אויקציאָנער באַנוצט זיך מיט אַ האַמער ווען ער רופֿט אויס די פּרײַזן. אַ מאָל ווען איינער האָט אָנגעזעצט, געבליבן שולדיק געלט און מע האָט אים אויספֿאַרקויפֿט זײַנע בעבעכעס אויף צו באַצאָלן די בעלי־חובֿות, האָט דער אויקציאָנער, דער אויספֿאַרקויפֿער אַנשטאָט אַ האַמער גענוצט די פּויק. **פֿאַרקויפֿן מיט דער פּויק** מיינט עס שטעלן אויף ליציטאַציע אָדער אַוועקלאָזן מיטן האַמער. איצט גייען מיר ווײַטער.

איידער מע האָט דעם אָנזעצער **פֿאַרקויפֿט מיט דער פּויק**, האָט מען וועגן זײַן אָנזעצער געלאָזט וויסן מיט דער פּויק. דאָס הייסט, דער פּויקער האָט זיך אַוועקגעשטעלט פֿאַר דעם אָנזעצערס טיר און גענומען פּויקן, און אַז דער עולם איז זיך צוזאַמענגעקומען האָט ער געמאָלדן, אַז דער און דער האָט אָנגעזעצט און וועמען עס קומט געלט זאָל ער זיך מעלדן אין מאַגיסטראַט. מאַכט זיך אַ מעשׂה און אַ סוחר וואָס האָט נישט אָנגעזעצט און וועלכער האָט הײַנט־מאָרגן געוואָלט אָנזעצן הערט פּלוצעם ווי מען פּויקט פֿאַר דער טיר. ווערט ער אַ צעטומלטער: וואָס איז דאָס? איך טראַכט ערשט דערפֿון, און זיי פּויקן שוין! און ער זאָגט צו דעם ווײַב: "זײַ אַזוי גוט, שׂרה־גיטל, גיי נאָר אַרויס, זע וואָס איז דאָרטן". עס נעמט אַ מינוט און שׂרה־גיטל איז דאָ צוריק: "שרעק זיך נישט", זאָגט זי, "ס'איז גאָרנישט. דאָס מיינט מען נישט דיך, דאָס מיינט מען חיים־יאָסלען דעם לעדער־סוחר פֿון קעגנאיבער". פֿאַרטראַכט ער זיך אַ

ווײַלע דער סוחר און איז זיך מישבֿ און גייט צו צום פֿענצטער און שטעקט אַרויס דעם קאָפּ און מאַכט: "היי דו, פויקער, אַז דו פויקסט שוין פֿאַר חיים־יאָסלען, פויק שוין פֿאַר מיר אויך!"

די מעשׂה איז פֿאַרגעסן געוואָרן, אָבער דאָס ווערטל איז געבליבן, און עס זאָגט זיך ווענן איינעם וואָס די געשעפֿטן זײַנע גייען גאַנץ גוט, אַז ער דאַרף גאָר נישט אָנזעצן, נאָר ער זעט, אַז אַלע זעצן אָן, טראַכט ער: לאָמיך אויך זײַן אין מיטן – **אַז מען פויקט, זאָל מען ווײַטער פויקן.**

## פּוסט־און־פּאַסניק

אַ ייִד פֿון נוואַרק, ניו־דזשוירזי, וויל וויסן דעם אָפּשטאַם פֿון דעם וואָרט **פּוסט־און־פּאַסניק**, וואָס מען זאָגט וועגן אַ ליידיק־גייער, וואָס גייט אַרום די הענט אין די קעשענעס און טוט נישט אַ פֿינגער אין קאַלט וואַסער.

דער אויסדרוק, זאָגן פֿילאָלאָגן, שטאַמט פֿון דעם קליינרוסישן וואָרט "פּוסטאָפּאַש", וואָס מיינט אַ בהמה, וואָס פּאַשעט זיך אַליין אין פֿעלד אָן אַ פּאַסטעך, אָן אַ בעל־הבית איבער זיך. און דאָס איז אַקוראַט וואָס אַ **פּוסט־און־פּאַסניק** איז: אַ מענטש אָן אַ בעל־הבית איבער זיך, אָן אַן עול אויפֿן קאָפּ, ווײַל ווען ער זאָל האָבן אַן עול, וואָלט ער דאָך נישט אַרומגעגאַנגען ליידיק.

## פּיטש־פּאַטש

אַ יונגע פֿרוי פֿון ברוקלין שרײַבט: "גאָט האָט מיר געהאָלפֿן מיט אַ שוויגער, וואָס וואָס איך טו געפֿעלט איר נישט. אַנומלטן זעט זי ווי איך פֿאַרמיש מעל פֿאַר אַ 'קייק', גיט זי מיר אַ ריס אַרויס די שיסל פֿון האַנט און מאַכט: 'גיב אַהער, איך קען נישט זען ווי דו טוסט **פּיטש־פּאַטש**!' פֿרעג איך זי: 'וואָס מיינט איר **פּיטש־פּאַטש**?' ענטפֿערט זי מיר מיט אַ גיפֿטעלע: 'אַז דו וועסט אַלץ וויסן, וועסטו גיך אַלט ווערן'. און בײַ דעם איז דאָס געבליבן, און וואָס **פּיטש־פּאַטש** איז ווייס איך נאָך אַלץ נישט".

איך וועל אײַך זאָגן, טײַערע. איר מאַכט דאָך קאָטלעטן, אַיאָ? וואָס טוט איר ווען דאָס פֿלייש איז שוין צעהאַקט און איר ווילט דאָס צעהאַקטע פֿלייש פֿאַרוואַנדלען אין קאָטלעטן? נעמט איר אַ זשמעניע פֿלייש אין האַנט און הייבט עס אָן אײַנפּאַטשן. איז האָט איר געדולד און איר ווילט, אַז די קאָטלעטן זאָלן האָבן אַ צורה, זײַן שיין אויסגערונדיקט, אויסגעאַרבעט, פּאַטשט איר זיי לאַנגזאַם, מיט כוונה. האָט איר אָבער נישט קיין געדולד און איר ווילט די אַרבעט אָפּטאָן אויף גיך, מאַכט איר פּאַטש־פּאַטש, פּיטש־פּאַטש און איר זענט פֿאַרטיק. איר פֿאַרשטייט? **פּיטש־פּאַטש** זאָגט מען ווען איינער טוט עפּעס אָפּ אויף גיך, **אויף טאַנדעט, איינס און צוויי, קורץ און שאַרף,**

**אומר־וועושׂה, כאַפּ־לאַפּ, אַ רענדל אַ מינוט, גוט־מאָרגן, גוט־יאָר, אַ גוטן טאָג. אָט דאָס איז דאָס.**

## פּיים

אַ וואַרשעווער ייִד האָט זיך דערמאָנט אין אַ היימישן אויסדרוק: **עס איז נישט ווערט קיין צוויי פּיים.** "וואָס מיינט עס", פֿרעגט ער, "**צוויי פּיים?**"

פּונקט ווי עס איז אַ מאָל געווען אַ טײַטשער גראָשן און אַ פּוילישער גראָשן, אַזוי איז אויך געווען אַ ביימישער גראָשן. ייִדן האָבן עס ביסלעכווײַז פֿאַרקירצט און פֿון ביימישן גראָשן איז געוואָרן **פּיים.** וויפֿל אַ **פּיים** איז ווערט געווען קען איך אײַך אויף ריכטיק נישט זאָגן – דאַכט זיך, אַז דרײַ פּוילישע גראָשן. יעדן פֿאַלס, נישט קיין גרויסער מאַיאָנטיק. ווען אַ ייִד וויל זאָגן אויף אַ זאַך, אַז ס'איז קיין סך נישט ווערט, נעמט ער ווי אַ פֿאַרגלײַך די קלענסטע מטבע אין זײַן געגנט. דערפֿאַר פֿלעגן ליטווישע און רוסישע ייִדן זאָגן: **עס איז ווערט אַ דיטקע, אַ פּיאַטאַק.** די פּוילישע, די גאַליציאַנער און די ביימישע ייִדן פֿלעגן זאָגן: **עס איז ווערט אַ גראָשן, עס איז ווערט אַ גרײַצער, עס איז ווערט אַ פּיים.** פּונקט ווי מיר אין אַמעריקע זאָגן: **עס איז ווערט אַ "סענט" אָדער ס'איז קיין "סענט" נישט ווערט.**

## פּעטריקעוו

אַ ייִד פֿון לאָנג־אײַלאַנד שרײַבט: "בײַ אונדז אין דער היים, אַז מען פֿלעגט וועלן זאָגן עמעצן, אַז ער איז אַ קריכער, אַז ער האָט נאָך נישט אָנגעהויבן טאָן די זאַך וואָס ער דאַרף טאָן, האָט מען געזאָגט: **ער האַלט נאָך בײַ פּעטריקעוו.** וואָס מיינט עס?"

אין פּעטריקעוו, פּוילן, איז געווען אַ ייִדישע דרוקערײַ, וווּ מע האָט געדרוקט חומשים, מחזורים, סידורים אאַז"וו. דער נאָמען פּעטריקעוו איז געווען געדרוקט אויף דער ערשטער זײַט, אויפֿן שער־בלאַט פֿון דעם מחזור אָדער סידור. איז דערפֿאַר, ווען מען פֿלעגט וועלן זאָגן אויף איינעם, אַז ער האַלט נאָך בײַם אָנהייב, אַז ער האָט נאָך נישט אײַנגעפֿעדעמט, האָט מען געזאָגט, אַז **ער האַלט נאָך בײַ פּעטריקעוו,** בײַם ערשטן זײַטל, אַז ער האָט נאָך דעם סידור אַפֿילו נישט אויפֿגעמישט. מען זאָגט אויך: **ער האַלט נאָך בײַם אַלף־בית, בײַ מה־טובֿו, בײַ בראשית, בײַ ברוך שאָמר און בײַ אחד מי יודע.** דאָס הייסט, ער איז נאָך גאָר־גאָר בײַם אָנהייב. ער האָט נאָך אַ סך צו לערנען און אַ סך צו זאָגן.

## פּלאָנכּענען

אַ ייִד פֿון די בראָנקס שרײַבט: "די וואָך האָט זיך אַ קינד בײַ מיר אַזוי צעוויינט, אַז מע האָט עס נישט געקענט אײַננעמען. מאַכט די שוויגער מײַנע: 'לאָזט מיך צו, איך וועל אײַך באַלד זאָגן וואָס ער האָט זיך אַזוי **צעפּלאָנכּעט**'". דער קיצור, דער ייִד וויל וויסן, צי ס'איז דאָ אַזאַ וואָרט אין ייִדיש ווי **פּלאָנכּענען**, צי ס'איז דער שוויגערס אַן אויסטראַכטעניש, ווי אַ סך פֿון אירע אויסטראַכטענישן.

ס'איז דאָ אַזאַ וואָרט אין ייִדיש, מײַן פֿרײַנד. און סע שטאַמט פֿון דעם לאַטײַנישן "פּלאַנגערע" – זיפֿצן, אָבער ייִדן ניצן עס אין דעם באַטײַט פֿון וויינען. אויף פֿאַרגיסן טרערן זענען מיר ייִדן פֿון אייביק אָן געווען גרויסע ספּעציאַליסטן, ווײַל מיר האָבן געהאַט אַ סך פּראַקטיק דערבײַ. דערפֿאַר איז אונדזער וואָקאַבולאַר פֿאַר דער עובֿדה אַזאַ גרויסער. ייִדן טוען נישט בלויז **וויינען**, זיי טוען אויך **קלאָגן**, **יאָמערן**, **כליפּען**, **שלוכצן**, **שלאָכן**, **העשען**, **יאָפּען**, **פּלאַנכּענען**, **כניקען**, **פּכיקען**, **רעווען**, **ווימערן**, **ווינזען**, **וויזגען** **אאַז"וו**. ייִדן **פֿאַרגיסן טײַכן טרערן** **אָדער** **באַכן טרערן**, ייִדן **באָדן זיך אין טרערן** און זיי **שווימען אין טרערן**. אַ ייִדיש קינד וויינט נישט גלאַט אַזוי, נאָר ער **פֿאַרגייט זיך** און **פֿאַרקײַכט זיך**. אַ ייִד קען **וויינען און קלאָגן ווי אַ ביבער**, **ווי אַ כּלה צו באַדעקנס**, **ווי אַ ייִדענע צו ונתנה־תּוקף** **אָדער** **ווי אַן אַלטער חזן צו די ערשטע סליחות**.

## פּלוניתטע

מ"ר דעלמאַן פֿון מאַנהעטן וויל וויסן פֿאַר וואָס זאָגט אַ ייִד וועגן זײַן ווײַב: **מײַן פּלוניתטע**. וואָס איז דאָס פֿאַר אַ וואָרט **פּלוניתטע?**

לשון־זכר איז דאָס וואָרט "פּלוני", און עס מיינט: דער־און־דער. דאָס איז אַן אַנאָנימע באַצייכענונג פֿאַר אַ נאָמען, וואָס מען וויל נישט אָנרופֿן צוליב דעם אָדער יענעם טעם. דער לשון־נקבֿה פֿון "פּלוני" איז "פּלונית", אָבער פּונקט ווי אַ סך ווערטער פֿון העברעיִש האָבן אין ייִדיש פֿאַר לשון־נקבֿה דעם סופֿיקס "טע": **בחור** – **בחורטע**, **יחסן** – **יחסנטע**, **פּריץ** – **פּריצטע** אאַז"וו, האָבן מיר צו "פּלונית" אויך צוגעלייגט אַ "טע" און ס'איז געוואָרן **פּלוניתטע**.

אויב "פּלוני" מיינט דער־און־דער, מיינט **פּלוניתטע** די־און־די. ס'הייסט, אַ זי אָן אַ נאָמען. איצט קומען מיר צום ענין. אונדזערע פֿרומע טאַטעס און זיידעס זענען אין דער באַציִונג צו זייערע ווײַבער געווען אַ ביסעלע צניעותדיקער ווי מיר. אונטער פֿיר אויגן האָט זיך אַ פֿרומער ייִד אפֿשר אַ מאָל געקענט פֿאַרגינען זי צו רופֿן בײַם נאָמען – חיהלע, שׂרהלע, באַשעלע. אָבער צווישן מענטשן וועט אַ פֿרומער, גאָטספֿאָרכטיקער ייִד רעדן וועגן זײַן ווײַב אַזוי אינטים – מײַן חיהלע, מײַן שׂרהלע?

חיות נישט זיכער, אַפּילו זאָגן "מײַן װײַב" האָט פּאַר אַזאַ ייִדן אויסגעזען צו אינטים. וואָס זשע פּלעגט אַזאַ ייִד טאָן? פּלעגט ער זי רופֿן מיט דעם פֿאַרשטעלטן נאָמען, וואָס קלינגט אַ ביסעלע איידעלער און ער פּלעגט זאָגן **מײַן זוגתי** אָדער **מײַן פלוניתטע**. און אַ מאָל פּלעגט טרעפֿן, אַז ער פּלעגט אין גאַנצן אויסלאָזן דעם **זוגתי** מיט דער **פלוניתטע** און זאָגן **מײַנע זאָל זײַן געזונט** – און נישקשה. ווען אַזאַ ייִד האָט געזאָגט **מײַנע זאָל געזונט זײַן**, האָט מען געוווּסט וועמען ער מיינט.

דאָס איז געווען בײַ איידעלע ייִדן, דאָס פּשוטע פֿאָלק האָט אויך געהאַט פֿאַרשטעלטע נעמען, אמת – אַ ביסעלע גרעבערע. אַ ייִד פֿון פֿאָלק, פֿון עמך, פּלעגט זאָגן: **מײַן אשה, מײַן ייִדענע**. און האָט געטראָפֿן, אַז דער שלום־בית צווישן אים און דעם ווײַב איז נישט געווען אַזוי אײַ־אײַ־אײַ, פּלעגט ער זי רופֿן מיט אַזעלכע צערטלעכע נעמען ווי: **מײַן קליפּה, מײַן שלאַק, מײַן אומגליק, מײַן צרה**. און ייִדן האָבן געוווּסט וועמען ער מיינט, כאָטש ער האָט זי בײַם נאָמען נישט אָנגערופֿן.

## פּנים

אַ ייִד פֿון ברוקלין שרײַבט: "מײַן טאַטע ע"ה פֿלעגט זייער אָפֿט ניצן דעם אויסדרוק: **עס האָט נישט קיין פּנים**. פֿלעג איך, אָדער עמעצער פֿון מײַנע ברידער, וועלן טאָן עפּעס וואָס איז אים נישט געפֿעלן, פֿלעגט ער זיך צעבייזערן: 'איר זענט פֿון זינען געריירט. וואָס הייסט, ווער טוט עס אַזאַ זאַך, **וואָס פֿאַר אַ פּנים האָט עס?**'" בקיצור, דער ייִד וויל איך זאָל אים אויסטײַטשן אָט דעם זייער פּאָפּולערן אויסדרוק.

**פּנים**, מײַן ליבער ייִד, האָט צוויי טײַטשן, אַ מאַטעריעלן טײַטש און אַן אַבסטראַקטן טײַטש. דער מאַטעריעלער טײַטש פֿון **פּנים** איז דער פֿאָדערשטער טייל פֿון אונדזער קאָפּ, אויף וועלכן עס געפֿינט זיך די נאָז, די אויגן, דאָס מויל, די קינבאַקן אאַז"וו. אָן דעם **פּנים** וואָלט מען נישט געקענט אונטערשיידן פֿון איין מענטשן צום אַנדערן. דאָס **פּנים** גיט דעם מענטשן זײַן באַזונדער אויסזען. פֿון דעם נעמט זיך, אַז דאָס **פּנים** מיינט אויך אין אַבסטראַקט דאָס דרויסנדיקע פֿראָנטאַלע אויסזען פֿון אַ זאַך. אַפּילו אַ טיש האָט אַ **פּנים**, דורך וועלכן מען קען אים אונטערשיידן פֿון אַ לאָקשנברעט, למשל. אַ זאַך, וואָס האָט קיין **פּנים** נישט, איז אַ פֿאַרזעעניש, און אַ פֿאַרזעעניש איז אַ מיאוסקייט. נימצא, אַז דער אויסדרוק **עס האָט קיין פּנים נישט** מיינט מיט אַנדערע ווערטער: עס איז ניט שיין, עס איז מיאוס. איר האָט דאָך אַוודאי געהערט די מעשׂה מיט דעם שנײַדער. אַ ייִד האָט באַשטעלט בײַ אַ שנײַדער אַ פּאָר הויזן. גייט אַוועק אַ וואָך, דער ייִד קומט נאָך די הויזן – די הויזן זענען נאָך נישט פֿאַרטיק. אַ צווייטע וואָך – די הויזן זענען נאָך נישט פֿאַרטיק. אויף דער דריטער

וואָך – גאָט צו דאַנקען, פּאַרטיק די הויזן! חכמהט זיך דער ייִד און מאַכט צום שנײַדער: "גיט אַ קוק, וואָס פֿאַר אַ בעל־מלאָכה איר זענט. גאָט האָט באַשאַפֿן אַזאַ וועלט אין זעקס טעג, און בײַ אײַך האָט אַ פּאָר הויזן אויפֿנייען גענומען דרײַ וואָכן!" איז דער שנײַדער אויך נישט פֿון הינטערן אויוון און ער ענטפֿערט דעם ייִדן: "יאָ? איז גיט זשע אַ קוק, וואָס פֿאַר אַ **פּנים** די וועלט האָט, און וואָס פֿאַר אַ **פּנים** די הויזן האָבן". אַז איר וועט אָנטאָן אַ פּאָר הויזן, וואָס האָבן קיין **פּנים** נישט, וועט מען לאַכן פֿון אײַך.

## אַ פּסוק מיט אַ שטעקן

אַ ייִד פֿון ברוקלין פֿרעגט: "וואָס מיינט עס: **אַ פּסוק מיט אַ שטעקן**? ווען ווערט אָט דאָס ווערטל געברויכט?"

דאָס ווערטל באַציט זיך אויף אַ ייִדישער סגולה. ווען מען גייט אין וועג און מען באַגעגנט אַ בייזן הונט און מען וויל, אַז ער זאָל קיין שלעכטס נישט טאָן, זאָל מען זאָגן דעם פּסוק "לא יחרץ כלבֿ לשונו". נו, געווען ייִדן סקעפּטיקער, וואָס האָבן זיך נישט געוואָלט פֿאַרלאָזן בלויז אויפֿן פּסוק און ווען זיי האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן, האָבן זיי ליתר־תּוקף אויך מיטגענומען אַ שטעקן, טראַכטנדיק: ממה־נפֿשך, וועט העלפֿן דער פּסוק – איז אַוודאי גוט; ווען נישט – וועט העלפֿן דער שטעקן. **אַ פּסוק מיט אַ שטעקן** ווערט דערפֿאַר גענוצט אין ייִדיש, ווען מען וויל זאָגן: זיכער מיטל, אַ סגולה מיט אַ פּאָדשעווקע.

## פּריזבע

מר"ס יאַסעס פֿון ברוקלין שרײַבט: "איך געדענק, אין דער אַלטער היים פֿלעגן ייִדישע ווײַבער שבת נאָכן טשאָלנט אַרויסגיין און זיך אַוועקזעצן פֿאַרברענגען אויף די פּריזבעס. וואָס איז דאָס פֿאַר אַ וואָרט **פּריזבעס**?"

**פּריזבע**, מר"ס יאַסעס, איז אַ גויִיש וואָרט, וואָס מיר האָבן אַרײַנגענומען אין ייִדיש און עס מיינט דער אַרומשיט אַרום הויז. עס נעמט זיך, אַ פּנים, פֿון צוויי ווערטער "פּרי איזבאַ" – בײַ דער שטוב. די דאָרפֿישע און קליין־שטעטלדיקע שטיבער אָדער כאַטעס פֿלעגן פֿון אַלע זײַטן זײַן הויך אַרומגעשאָטן מיט ערד, און כּדי די ערד זאָל זיך נישט פֿונאַנדערשיטן, זענען די אָנשיטן אַרום הויז געווען פֿאַרשטאַרקט מיט ברעטער. אָט די דאָזיקע אָנשיטן, די עלעוואַציעס האָבן געהייסן **פּריזבעס** און אויף די **פּריזבעס** פֿלעגן אין די פֿאַרנאַכטן זיצן די דאָרפֿישע באָבעס, די קליין־שטעטלדיקע ייִדענעס און טאָן דאָס זעלבע וואָס זייערע שוועסטער אין אַמעריקע טוען אויף די "סטופּס" און פֿאַרן הויז: פּלוידערן, מאָטלען, פּליאָטקעווען און באַרעדן די וועלט.

## פֿאָלג מיך אַ גאַנג

אַ ייִד פֿרעגט וואָס עס מיינט דער אויסדרוק: **פֿאָלג מיך אַ גאַנג.**

דאָס איז אַן אויסדרוק פֿון איראָניע, ווען יענער בעט איַיך עפּעס טאָן אַ זאַך, וואָס טוט זיך נישט אַזוי לײַכט. מיט אַנדערע ווערטער, מיינט עס: עס טוט זיך נישט אַזוי ווי עס רעדט זיך, עס איז גרינג צו זאָגן, אָבער שווער צו טראָגן.

## פֿאַנאַבעריע

אַ ייִד פֿון די בראָנקס שרײַבט: "איך לייען איצט מענדעלע מוכר־ספֿרימס ווערק, באַגעגן איך דאָרטן זייער אָפֿט דאָס וואָרט **פֿאַנאַבעריע**. פֿרעג איך בײַ מײַנעם אַ פֿרײַנד, וואָס האַלט זיך פֿאַר אַ קענער פֿון ייִדיש, וואָס דאָס מיינט **פֿאַנאַבעריע**, זאָגט ער, אַז דאָס איז אַ פֿאַרגרײַזונג פֿון 'פֿײַנע בריה', וואָס מיינט אַ יחסן. אָבער מיר לייגט זיך עס נישט אויפֿן שׂכל".

אײַער פֿרײַנד האָט אַ טעות. עס איז פּונקט פֿאַרקערט – "פֿײַנע בריה" איז אַ פֿאַרייִדישונג פֿון **פֿאַנאַבעריע**, און **פֿאַנאַבעריע** קומט צו אונדז פֿון פּויליש און מיינט: פּוץ. מענדעלע באַניצט דאָס וואָרט **פֿאַנאַבעריע** אין דעם באַטײַט פֿון ייִחוס, ווײַל פּוץ און ייִחוס זענען סינאָנימיש. איר קענט עס זען אין אַנדערע ווערטער. אויף אַ גרויסן מענטשן אָדער אַ בעל־מיוחס זאָגט מען: **דאָס שײַנדל, די צאַצקע, דער אבֿן־טובֿ, די צירונג, דער תּכשיט אאַז"וו** – אַלץ ווערטער, וואָס געהערן צו דער קאַטעגאָריע "פּוץ". און דאָס זעלבע איז מיט **פֿאַנאַבעריע**.

## פֿאָניע

עטלעכע ייִדן האָבן מיך לעצטנס געפֿרעגט, פֿון וואַנען עס נעמט זיך דאָס וואָרט **פֿאָניע**, אַ באַצייכענונג פֿאַר אַ רוס, אַ קאַצאַפּ.

פֿאַראַן פֿאַרשיידענע סבֿרות וועגן דעם אָפּשטאַם פֿון דעם וואָרט. די וואָס לייגט זיך צום בעסטן אויפֿן שׂכל איז, אַז דאָס וואָרט שטאַמט פֿון דעם רוסישן נאָמען "אַפֿאַנאַסיע", וואָס זײַן צערטל־פֿאָרעם איז "פֿאָניע". מע זאָגט אויך **פֿאָניע גנבֿ** און **פֿאָניע קוואַס**.

## פֿאען

אַ ייִד פֿון די בראָנקס פֿרעגט: "ווען עס רעדט זיך וועגן אַ שלעכטן חובֿ, זאָגט מען: **מעגסט שטעלן דערויף צוויי פֿאען**. וואָס מיינט עס?"

דאָס ווייסט איר נישט? איר מעגט זיך שעמען! **צוויי פֿאען** מיינט פֿאַרפֿאַלן, ווײַל דאָס וואָרט **פֿאַרפֿאַלן** שרײַבט זיך מיט צוויי פֿאען. מען זאָגט אויך **שרײַב דערויף דרײַ פֿאען** – דאָס באַציט זיך שוין אויף די דרײַ פֿאען, וואָס שטייען אין חומש צום סוף פֿון יעדער סדרה, וואָס האָט אַ פּרשה פּתוחה. און לצים זאָגן, אַז דאָס מאַכט: פּעוונע

פֿאַרפֿאַלן.

## פֿאַרקאָכן אַ קאַשע

מ"ר הימלפֿאַרב פֿון די בראָנקס וויל, איך זאָל אים דערקלערן דעם פּשט פֿון דעם אויסדרוק: **פֿאַרקאָכן אַ קאַשע** – "אוי, האָט ער פֿאַרקאָכט אַ קאַשע".

איר האָט אַ ווײַב, מ"ר הימלפֿאַרב? מסתּמא יאָ. איז קוקט זיך צו אַ מאָל ווי זי פֿאַרקאָכט אַ קאַשע, וועט איר וויסן וואָס דאָס מיינט. פֿאַרקאָכן איז אייגנטלעך דאָס זעלבע וואָס קאָכן, דער אונטערשייד איז בלויז אינעם מאכל וואָס מען קאָכט. פֿלייש קאָכט מען, ווײַל עס דאַרף זיך לאַנג קאָכן, האַרט פֿלייש איז ווייניק ווען מען קאָכט, מען דאַרף עס אויסקאָכן, עס זאָל ווערן ווייך. קאַשע דאַרף זיך לאַנג נישט קאָכן, איז גענוג ווען מען פֿאַרקאָכט זי.

בקיצור, ווען איר פֿאַרקאָכט אַ קאַשע און איר ווילט, אַז זי זאָל נישט צוברענען צום דעק פֿונעם טעפּל, וואָס טוט איר? איר נעמט אַ לעפֿל און איר מישט. ווער שמועסט, ווען די קאַשע וואָס איר פֿאַרקאָכט איז פֿון עטלעכע מינים גרויפּן, דאַרפֿט איר טאָפּל מישן – מישן, אַז די גרויפּן זאָלן זיך אויסמישן און מישן דאָס געמישעכץ, עס זאָל זיך נישט צוברענען צום דעק. מיט איין וואָרט, פֿאַרקאָכן אַ קאַשע מיינט מישן און מישן מיינט מאַכן אַן אומאָרדענונג. באַרעכנט, די קאַשע אין טאָפּ ליגט זיך רויִק, במנוחה און טשעפּעט קיינעם נישט, קריכט איר אַרײַן מיטן לעפֿל און קערט אַלץ איבער מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פֿיס אַרויף און מאַכט אָן אַ צעמישעניש, אַ מישמאַש, אַ כאַאָס, אַ תּוהו־ובֿוהו, אַיאָ? איצט שטעלט זיך פֿאָר אַזאַ סיטואַציע: לעבט זיך אין די בראָנקס אַ ייִדיש פּאָרפֿאָלק שטיל, רויִק, אין שלום־ושלווה, איינער דעם צווייטן זאָגט נישט אַ קרום וואָרט. רוקט זיך אונטער אַ ייִדענע מיט אַ לויזער צונג און דערציילט דער פֿרוי, אַז זי האָט געזען איר מאַן אויף בראָדוויי גיין מיט אַ בלאָנד ווײַבל, און דאָס בלאָנדע ווײַבל האָט צו אים געשמייכלט, און ער האָט צוריקגעשמייכלט. צום אומגליק איז די פֿרוי אַן אייפֿערזיכטיקע און זי נעמט דעם מאַן אויפֿן פֿאַרהער. פֿאַרדריסט עס אים און ער ענטפֿערט איר אָפּ מיט אַ וואָרט, וואָס איז נישט אַזוי איידל, ווערט זי אַ צעקאָכטע און זי ענטפֿערט אים מיט דער זעלבער מטבע, אַ וואָרט פֿאַר אַ וואָרט, מען צעקריגט זיך און עס ווערט אַן איבערקערעניש, אַ צערודערניש, אַ צעשטערט לעבן. איז וואָס האָט די ייִדענע, די פּליאָטקע־מאַכערין, געטאָן? זי האָט **פֿאַרקאָכט אַ קאַשע!** דאָס הייסט, זי האָט אָנגעמאַכט אַ צעמישעניש. דאָרט ווו ס'האָט פֿריִער געהערשט שלום־בית, אָרדענונג, הערשט איצט אומאָרדענונג. אָט דאָס, מײַן פֿרײַנד, מיינט בלשון־מליצה: **פֿאַרקאָכן אַ קאַשע.**

## פֿאַררעדן די ציין

אַ ייִד פֿון די בראָנקס וויל, איך זאָל אים פֿאַרטײַטשן דעם אויסדרוק **פֿאַררעד מיר נישט די ציין**, און זאָגן פֿון וואַנען ער נעמט זיך.

אײַך, ר׳ ייִד, האָט מען אַ מאָל אָפּגעשפּראָכן אַן עין־הרע? מסתּמא יאָ. אָבער אײַך האָט מען אַ מאָל **פֿאַררעדט די ציין?** מיר יאָ. איך בין דעמאָלט אַלט געווען אַ יאָר פֿינף־זעקס, אָבער איך געדענק עס אַזוי ווי עס וואָלט הײַנט געווען. ס׳איז געווען חמישה־עשׂר בשבֿט, ווען ס׳איז אַ מיצווה צו עסן באָקסער. האָב איך אַ ביס געטאָן אין אַ האַרט שטיקל באָקסער און ס׳האָט מיר אָנגעכאַפּט, אָבער וואָס הייסט אָנגעכאַפּט? איך האָב זיך געריסן אויף די גלײַכע ווענט. פֿון גיין צו אַ דענטיסט האָט מען דעמאָלט נישט געוווּסט, און ווּ איז געווען אין אַ קליין שטעטל אַ דענטיסט? אָבער סגולות צו ציינווייטאָג זענען געווען אַ סך, למשל: עסן אַ זאַך, וואָס איז אָנגעביסן געוואָרן פֿון אַ מויז, באַשמירן די יאַסלעס מיטן סאָק פֿון אַ ליולקע, קײַען טאַביק און ענלעכע סגולות. אָבער אַ פּנים, אַז קיין איינע פֿון די סגולות האָבן נישט געהאָלפֿן און איך הער זיך נישט אויף רײַסן אויף די ציין. קומט אַרײַן אַן עלטערע ייִדענע אַ שכנה און זעט, וואָס סע טוט זיך, מאַכט זי צו דער מאַמען ע״ה: ״האָסט אַ שטיקל צוקער, שׂרה־ביילע? גיב מיר אַ שטיקל צוקער, ער וועט באַלד בײַ מיר אויפֿהערן צו שרײַען״. גיט איר די מאַמע אַ שטיקל צוקער, צעברעכט זי עס אויף דער העלפֿט און באַשפּײַט עס דרײַ מאָל פּוי־פּוי־פּוי און זאָגט עפּעס איבער דעם אַן אָפּשפּרעכניש האַלב אין ייִדיש און האַלב אין לשון־קודש און לייגט עס מיר אַוועק אויפֿן קראַנקן צאָן.

פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָס האָט געהאָלפֿן פּונקט ווי די אַנדערע רפֿואות, אָבער דאָס, מײַן פֿרײַנד, הייסט **פֿאַררעדן די ציין**, אַ סגולה אַזאַ צו ציינווייטאָג. און פֿון דאַנען איז דער אויסדרוק איבערגעגאַנגען אין מאַמע־לשון מיט דעם באַטײַט פֿון זאָגן עפּעס, וואָס האָט נישט קיין ווערט. געוויינטלעך ווערט עס גענוצט אין שײַכות מיט אַ פּוילן תּירוץ, וואָס קיינער גלייבט עס סײַ ווי נישט. איר זוכט אַ תּירוץ, און קיין תּירוץ איז נישטאָ, זאָגט איר, וואָס עס קומט אײַך אין מויל אַרײַן און איר **פֿאַררעדט** יענעם **די ציין**. איר ווילט הערן אַ מעשׂה, ווי אַזוי אַ ייִד אַן אַפּיקורס האָט אַ מאָל דעם רבֿ פֿון שטעטל געוואָלט **פֿאַררעדן די ציין?** נאָט זי אײַך.

יום־כּיפּור צום לייענען גייט צו אַ ייִד צום רבֿ פֿון שטעטל און רוימט אים אײַן אַ סוד, אַז דאָס מיידל זײַנס איז נאָר וואָס געווען בײַ חיים־דודן, האָט זי געזען, ווי ער זיצט בײַם טיש און פֿרעסט אויף ביידע באַקן. ווערט דער רבֿ בלאַס ווי קאַלך און טוט אויס דעם תּלית און כאַפּט אַרויף אויף זיך דעם טיזליק און מאַכט, אַן אויפֿגערעגטער:

"איך גיי אומישנע זען, צי דאָס איז אמת. אויב דאָס איז אמת, וועל איך אים אויפֿרײַסן". בקיצור, ער גיט אָן עפֿן די טיר פֿון חיים־דודס דירה – עס איז אמת. ער זיצט איבער אַ פּולקע פֿון אַ כּפּרה און רײַבט די סעודה. ווערט דער רבֿ אַ צעקאָכטער: "סטײַטש, פּושע־עוכר־ישׂראל, ווי דערוועגט זיך עס אַ ייִד צו עסן אום יום־כּיפּור?" ענטפֿערט אים חיים־דוד גאַנץ קאַלט: "זאָגט מיר, רבי, ווי איז דאָס דער דין, ווען איך בין אַ חולה מעג איך עסן אום יום־כּיפּור?" – "ס'ווענדט זיך", זאָגט דער רבֿ. "וואָס פֿאַר אַ חולה, גלאַט אַ חולה צי אַ חולה־מסוכּן?" – "נו, לאָמיר זאָגן", מאַכט חיים־דוד, "אַז איך בין אַ חולה־מסוכּן. מעג איך עסן אום יום־כּיפּור צי ניין?" – "אַוודאי מעגסטו", ענטפֿערט דער רבֿ, "דו ביסט דאָך אָבער נישט קיין חולה־מסוכּן, דו ביסט דאָך געזונט ווי אַן אָקס". – "דאָס הייסט", זאָגט חיים־דוד, "אַז עסן מעג איך, נישט מער עס אַרט אײַך, וואָס איך בין געזונט. נו, איז פֿרעג איך אײַך, רבי, איז דאָס שיין אַזוי, אַז איין ייִד זאָל ניט פֿאַרגינען דעם צווייטן דאָס געזונט?"

## פֿאַרשטונקענע פֿיש

מ"ר חיים גורמאַן פֿון מאַנהעטן־ביטש וויל, איך זאָל אים זאָגן, פֿון וואַנען עס נעמט זיך דאָס טשיקאַווע ווערטל בײַ ייִדן: **אי פֿאַרשטונקענע פֿיש געגעסן, אי שמיץ געקראָגן, אי פֿון שטעטל אַרויסגעטריבן.**

אַזוי ווי איר האָט דעם "אוצר", מ"ר גורמאַן, איז מישט אויף, זײַט מוחל, זײַט 699, וועט איר עס געפֿינען אָט דאָס ווערטל אין דער גרופּע "באַשטראָפֿונג". ווײַל דאָס זאָגט זיך וועגן איינעם, וואָס האָט געקראָגן אַ דרײַפֿאַכע שטראָף. און נעמען נעמט זיך עס פֿון אַ מעשׂה־שהיה, וואָס ייִדן דערציילן אויף פֿאַרשיידענע אופֿנים און וואָס איך האָב געהערט אויף אַזאַ אופֿן.

מעשׂה־שהיה כּך היה. דער פּריץ פֿון שטעטל האָט זיך געריכט אויף געהויבענע געסט און געהויבענע געסט דאַרף מען שיין אויפֿנעמען. שיקט דער פּריץ די דינסט אין שטעטל אַרײַן, זי זאָל אײַנקויפֿן גוטע זאַכן, און צווישן אַלע גוטע זאַכן הייסט ער זי קויפֿן פֿיש. צען פֿונט פֿיש, ווײַל ער האָט זיך געריכט אויף אַ סך געסט, ס'איז דעם ווײַבס אימענינעס (געבוירן־טאָג). ווו קויפֿט מען פֿיש אין שטעטל? בײַ חיים דעם פֿישער. בקיצור, מע האָט אָפּגעקאָכט די פֿיש, די פּריצטע פֿאַרזוכט און עס ווערט איר פֿינצטער פֿאַר די אויגן: "וואָס איז דאָס? דאָס איז דאָך סם־המוות – ס'איז דאָך פֿאַרשטונקענע פֿיש!" אויף דער פּריצטעס געוואַלדן קומט אָן דער פּריץ און דערהערנדיק וואָס דאָ טוט זיך, גיט ער אַ געשריי: "שוין זאָל מען אַהער ברענגען דעם ייִדן בײַ וועמען מע האָט געקויפֿט די פֿיש". און וואָס קלערט איר? מיט 15 מינוט

שפעטער שטייט שוין חיים דער פֿישער פֿאַרן פריץ. ״דו אַזוינער און אַזוינער״, מאַכט דער פריץ און די אויגן שיסן מיט פֿײַער, ״וואָס הייסט, דו שיקסט מיר פֿאַרשטונקענע פֿיש?״ חיים דער פֿישער ציטערט ווי אַ פֿיש און ענטפֿערט דעם פריץ: ״פריץ־לעבן, וואָס רעדסטו? וואָס הייסט פֿאַרשטונקענע פֿיש, מע האָט זיי מסתּמא שלעכט געקאָכט, נישט אַרײַנגעטאָן וואָס מען דאַרף. די פֿיש זענען פֿריש ווי נאָר וואָס פֿון טײַך״. – ״אויב זיי זענען פֿריש״, מאַכט דער פריץ, ״וועסטו זיי עסן״. און מיט די ווערטער כאַפּט ער אים אָן פֿאַרן גאָרדזשאָל און שלעפּט אים אין קיך אַרײַן. ״נאַ״, זאָגט ער, ״אָט שטייען דײַנע פֿיש – עס! אָבער קיין פּיצל זאָל מיר פֿון זיי נישט בלײַבן!״ – ״וואָס הייסט?״ מאַכט חיים און טרייסלט זיך אין גאַנצן, ״ווי קען איך אויפֿעסן אַזאַ טאָפּ מיט פֿיש?״ – ״אויב דו וועסט נישט אויפֿעסן די פֿיש״, מאַכט דער פריץ, ״איז איינס פֿון די ביידע: אָדער דו קריגסט 50 שמיץ אָדער איך טרײַב דיך אַרויס פֿון שטעטל״. – ״גוט, גוט״, זאָגט חיים אַ דערשראָקענער, ״איך וועל עסן די פֿיש״, און הייבט אָן עסן די פֿיש. אָבער וויפֿל פֿיש קען אַ ייִד עסן, ווען נאָך פֿאַרשטונקענע דערצו? בײַם דריטן שטיקל פֿיש ווערגט זיך חיים: ״ניין, פריץ־לעבן, מער קען איך נישט. בעסער גיב מיר שמיץ״. – ״גוט״, מאַכט דער פריץ, ״אַ וואָרט איז אַ וואָרט. דערלאַנגט מיר די נאַגײַקע. לייג זיך, זשיד!״ חיים לייגט זיך און דער פריץ נעמט אַרײַנצײלן: ״איינס, צוויי, דרײַ, פֿיר...״ ווען עס האָט געהאַלטן בײַ 15 דרייט חיים אויס דעם קאָפּ און מאַכט, מער טויט ווי לעבעדיק: ״גענוג, פריץ־לעבן, מער קען איך נישט. בעסער טרײַב מיך אַרויס פֿון שטעטל״. אויף צו מאָרגנס האָבן דעם פריצס קאָזאַקלעך חיימען אַרויסגעטריבן פֿון שטעטל. און ווען די שכנים האָבן זיך געזעגנט מיט אים און אים אַרויסבאַגלייט, האָבן זיי געשאָקלט מיט די קעפּ און געזאָגט: ״אַ פֿינצטער מזל – **אי פֿאַרשטונקענע פֿיש געגעסן, אי שמיץ געקראָגן, אי פֿון שטעטל אַרויסגעטריבן**״.

## פֿאַרשרײַבן מיט אַ קויל אין קוימען

אַ ייִד פֿון מאַנהעטן פֿרעגט: ״וואָס מיינט עס: **מען מעג עס שוין פֿאַרשרײַבן מיט אַ קויל אין קוימען**?״

דאָס ווערט געניצט ווען מען רעדט וועגן אַ שלעכטן חובֿ. ווען מען פֿאַרשרײַבט מיט אַ קויל אין קוימען, האָט עס עפּעס אַ ווערט? אַז די קויל איז שוואַרץ און דער קוימען איז שוואַרץ. אַזוי האָט אַ ווערט, ווען איר פֿאַרשרײַבט בײַ זיך אין ביכעלע, אַז יאַנקל־דוד דער אָנזעצער איז אײַך שולדיק געלט. און אַזוי ווי קיין יאַנקל־דודס, קיין שלעכטע צאָלערס האָבן בײַ ייִדן נישט געפֿעלט, פֿעלן אויך נישט קיין ווערטלעך וועגן זיי. אָט זענען אַ פּאָר: **מעגסט זיך נייען אַ בײַטעלע! פֿאַרפֿאַלן די קו מיטן שטריקל! הלכה**

**חמורך טרפֿון! עס איז, ייִדל, אַ גוטן טאָג מיט דער קאַפּאָטע! מעגסט שוין נאָך דעם שטעלן אַ מצבֿה (אַ גראָשן ליכטל, אַ יאָרצײַט); מעגסט שוין נאָך דעם זאָגן אַ רבנן־קדיש.**

## פֿאַרתּכלעווען

צו מ״ר יעקבֿ סאָבאָל פֿון ברוקלין. איר פֿרעגט פֿון וואַנען עס נעמט זיך דאָס וואָרט **פֿאַרתּכלעווען**, מיטן טײַטש פֿאַרשווענדן.

עס נעמט זיך פֿון דעם וואָרט **תּכלית**, וואָס האָט אין ייִדיש דעם באַטײַט פֿון ציל, צוועק – ״ער זוכט אַ תּכלית אין לעבן״. דאָס וואָרט **תּכלית** ווערט אָבער גאָר אָפֿט פֿון ייִדן באַנוצט אין איראָנישן זינען און מיינט פּונקט פֿאַרקערט. ווען מען זאָגט אויף איינעם ״יאָשקע בעל־תּכלית״, מיינט עס פּונקט פֿאַרקערט, אַז דער מענטש איז נישט קיין בעל־תּכלית. איז אין אָט דעם איראָנישן זינען געשאַפֿן געוואָרן אַ וואָרט **פֿאַרתּכלעווען**, דאָס הייסט, מאַכן אַ תּל, פֿאַרשווענדן.

## פֿון דער העלער הויט

מ״ר שוואַרצמאַן פֿון ברוקלין שרײַבט: ״קענט איר מיר דערקלערן, פֿרײַנד סטוטשקאָוו, דעם אויסדרוק **פֿון דער העלער הויט**, וואָס ייִדן זאָגן אַנשטאָט **פּלוצעם**, אָדער צוזאַמען מיט **פּלוצעם** – '**פּלוצעם, פֿון דער העלער הויט**'. וואָס מיינט דאָס **פֿון דער העלער הויט**?״

דער אויסדרוק **העל** אין דעם ווערטל איז נישט העל – ליכטיק אין קאָנטראַסט צו טונקל, נאָר דער דײַטשישער ״הײַל״, וואָס מיינט געזונט, אומבאַשעדיקט, פֿרײַ פֿון קראַנקייטן, פֿון ווּנדן. דאָס איז דער ״הײַל״, מיט וועלכן עמלק פֿלעגט באַגריסן זײַן פֿאַרפֿירער ימח־שמו, ״הײַל היטלער״. אָט דער ״הײַל״ איז אין ייִדיש געוואָרן **העל**, אָבער דער טײַטש איז געבליבן דער זעלבער: אין דײַטש הייסט עס ״אַוס הײַלער האַוט שטערבן״, און אין ייִדיש **שטאַרבן פֿון העלער הויט**. ס׳הייסט געזונט אויף אַלע אבֿרים, די הויט גאַנץ, אָן מכּות און אָן ווּנדן און זיך אַוועקגעלייגט. אַן אַנאַלאָגיע צו דעם קענט איר געפֿינען אין אַן אַנדער ייִדיש ווערטל: **פֿריש און געזונט און משוגע**. ס׳הייסט, פֿריש און געזונט אין אַלע אבֿרים און פּלוצלינג – משוגע, כאָטש נעם און בינד אים.

## פֿון כמעלניצקעס צײַטן

אַ פֿרוי פֿון באָראָ־פּאַרק וויל וויסן פֿאַר וואָס מען זאָגט: **פֿון כמעלניצקעס צײַטן**.

דערפֿאַר, מײַן ליבע פֿרוי, ווײַל כמעלניצקעס צײַטן איז אַ באַרימטע היסטאָרישע דאַטע בײַ ייִדן. אַ צײַט ווען ייִדיש בלוט האָט זיך געגאָסן אין די גאַסן און ייִדישע ייִשובֿים זײַנען חרובֿ־ונחרבֿ געוואָרן און די דאַטע האָט זיך גוט אײַנגעקריצט אין פֿאָלקס זכּרון. ווען ייִדן רעדן וועגן פּאַסירונגען און זאַכן וואָס זײַנען שוין זייער אַלט, מאַכן זיי פֿאַרגלײַכונגען מיט אַלטע ייִדישע געשעענישן, וואָס האָבן געלאָזט שפּורן

אין דער יִידישער געשיכטע. מען זאָגט נישט בלויז **פֿון כמעלניצקעס צײַטן**, מען זאָגט אויך: **פֿון אָדם הראשונס צײַטן, פֿון מתושלחס צײַטן, פֿון נאַפּאָלעאָנס צײַטן, פֿון מלך סאָביעצקיס צײַטן**. מען זאָגט אויך: **פֿון פֿאַרן מבול, פֿון פֿאַר מתּן־תּורה**. און שפּאָטיש זאָגט מען אויך: **פֿון באָבע יאַכנעס צײַטן, פֿון חיים־יואלס צײַטן, ווען קאַטערינע איז נאָך געווען אַ מיידל, נאָך דער ערשטער שׂרפֿה, פֿאַר דער כאָלערע אָדער ווען די באָבע איז געלעגן געוואָרן מיטן ערשטן יִינגל.**

## פֿײַער און וואַסער

מ״ר שמערלין פֿון ברוקלין פֿרעגט פֿאַר וואָס מען זאָגט: **ער רעדט פֿאַר פֿײַער און פֿאַר וואַסער.**

אין דעם ״אוצר פֿון דער יִידישער שפּראַך״ וועט איר געפֿינען אין דער גרופּע ״היפוך״ אַזעלכע אויסדרוקן ווי: **טאָג און נאַכט, פֿײַער און וואַסער, זומער און ווינטער, מילכיקס און פֿליישיקס, שבת־הגדול און קורץ־פֿרײַטיק** אאַז״וו. וואָס מיינען אָט די אַלע אויסדרוקן? די אַלע אויסדרוקן מיינען היפּוכים, קאָנטראַסטן, זאַכן וואָס איינס איז פונקט דער היפּוך פֿון דעם אַנדערן. ווען איר רעדט וועגן צוויי מענטשן, מאַן־און־ווײַב, לאָמיר זאָגן, וואָס קענען נישט הויזן צווישן זיך, וואָס האַלטן זיך אין איין אַרומקריגן צווישן זיך, ווײַל זייערע כאַראַקטערן זענען פֿאַרשיידן, וואָס זאָגט איר וועגן זיי? איר זאָגט: זיי זענען **ווי טאָג און נאַכט, ווי פֿײַער און וואַסער**. ווען אַן אַלטער יִיד טוט אָפּ אַ נאַרישקייט און האָט חתונה מיט אַ יונג מיידל, זענען זיי **ווי זומער און ווינטער**. ווען אַ קליין, דאַר יִידעלע גייט שפּאַצירן מיט זײַן פלוניתטע, וואָס איז ברייט און צעגאָסן ווי אַ פֿאַס און איז דרײַ מאָל אַזוי די גרייס ווי ער, וואָס זאָגן די יִידענעס אויף די פּריזבעס ווען זיי גייען פֿאַרבײַ? זיי זאָגן: ״ווי געפֿעלט אײַך דאָס פּאָרל? **שבת־הגדול און קורץ־פֿרײַטיק**״.[147]

פֿון דעם, מײַן פֿרײַנד, איז קלאָר, אַז ווען איינער רעדט און איין וואָרט קלעפּט זיך נישט צום צווייטן, אָט זאָגט ער איין זאַך און אין אַ מינוט אַרום זאָגט ער אַן אַנדער זאַך, וואָס איז פונקט דער היפּוך פֿון דעם פֿריִערדיקן – דאָס מיינט, זײַנע רייד זענען פֿול מיט סתּירות, מיט קאָנטראַסטן, איז **רעדט ער פֿאַר פֿײַער און פֿאַר וואַסער**.[148]

---

147. וועגן **שבת־הגדול און קורץ־פֿרײַטיק** (ווײַנרײַך 1973, באַהד 1, ז׳ 239).

148. חווה לאַפּין פֿאַרשטייט דעם אויסדרוק אַזוי: ער האַלט אין איין רעדן – ס׳וועט אים נישט אָפּשטעלן נישט קיין פֿײַער, נישט קיין וואַסער.

## פֿירן אין באָד אַרײַן

מ"ר בעריש זיסקינד פֿון לאָנג־אײַלאַנד וויל, איך זאָל אים פֿאַרטײַטשן דעם באַקאַנטן ייִדישן אויסדרוק, וואָס ווערט געניצט ווען עס רעדט זיך וועגן אָפּנאַרן און באַשווינדלען יענעם. ווען אַ ייִד וויל זאָגן: דער און דער האָט מיך באַשווינדלט, זאָגט ער: **ער האָט מיך געפֿירט אין באָד אַרײַן**. וואָס עפּעס **געפֿירט אין באָד אַרײַן?**

אַ סך ייִדישע ווערטלעך זענען געבויט אויף אַלטע ייִדישע מינהגים און אײַנפֿירן, וואָס די מינהגים זענען אונטערגעגאַנגען און פֿאַרגעסן געוואָרן און די ווערטלעך זענען געבליבן. **פֿירן אין באָד אַרײַן** איז איינס פֿון זיי. עס זעט אויס, אַז ס'איז געווען אַ מאָל אַ מינהג בײַ ייִדן אײַנצוהייצן די באָד אין אַ באַשטימטן טאָג און פֿירן די נאַראָנים אין באָד אַרײַן. אויפֿן פֿאַקט גופֿא, אַז ס'איז געווען אַ מאָל אַזאַ טשיקאַווער אײַנפֿיר בײַ ייִדן זאָגן עדות די ווערטלעך, וואָס זענען געבליבן פֿון אים לזכר אין דער פֿאָלקסשפּראַך. אין דער גרופּע "נאַרישקייט" פֿון דעם "אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך" געפֿין איך פֿאַרצייכנט די ווײַטערדיקע ווערטלעך און שפּריכווערטער: **נאַר פֿון באָד אַרויס** (ענטפֿער) **וואָס איז מײַן גראָשן קיין גראָשן נישט? אַלע נאַראָנים אין באָד אַרײַן** (ענטפֿער) **איך בין אָבער נישט קיין נאַר; אַ נאַר נאַרט מען אַפֿילו פֿון באָד אַרויס, אַ נאַר גייט אין באָד אַרײַן און פֿאַרגעסט זיך דאָס פּנים אָפּצוואַשן** אאַז"וו. פֿון דעם איז קלאָר דער זינען פֿון דעם אויסדרוק **פֿירן אין באָד אַרײַן**. וועמען פֿירט מען אין באָד אַרײַן? אַ נאַר. און אויב איר לאָזט זיך אָפּנאַרן און באַשווינדלען, און איר בלײַבט דער נאַר, **פֿירט מען אײַך אין באָד אַרײַן**.

## פֿליאַסקעדריגע

אַ ייִד מיטן נאָמען יונה שאַפּיראָ וויל וויסן נישט מער און נישט ווייניקער נאָר פֿון וואַנען עס נעמט זיך דאָס וואָרט **פֿליאַסקעדריגע**.

איר האָט קיין מאָל נישט געהערט פֿון דעם וואָרט – ווי קומט עס? בײַ אונדז אין פּוילן זייער אַ באַקאַנטס: "ער איז אַ חסיד, אַ **פֿליאַסקעדריגע**". איך קען אײַך נישט גאַראַנטירן, ר' יונה, אַז ס'איז אַקוראַט ווי איך זאָג, אָבער בײַ מיר איז אַ סבֿרה, אַז **פֿליאַסקעדריגע** איז אַ צונויפֿשמעלץ פֿון צוויי ווערטער, **פֿליאַסקען** און **דריגען**. **פֿליאַסקען** מיינט פּאַטשן – "איך האָב אים **צעפֿליאַסקעט** די צורה". און **דריגען** מיינט וואַרפֿן זיך – "ער **דריגעט** מיט די פֿיס". און די מעשׂה פֿון דער געשיכטע איז אַזעלכע. אויב איר זענט אַ מאָל געווען אין אַ חסידים־שטיבל אין דער אַלטער היים ווייסט איר אַוודאי, אַז חסידים, הייסע חסידים פֿלעגן נישט קענען אײַנשטיין אויף אַן אָרט בײַם דאַווענען. דאָס פֿײַער, דער ברען, די התלהבֿות וואָס זיי פֿלעגן אַרײַנלייגן אין זייער

דאַווענען האָט זיי נישט געלאָזט שטיין אויף אַן אָרט ווי די טאָקן. זיי האָבן זיך געמוזט באַוועגן, שאָקלען זיך, וואַרפֿן זיך, אַפֿילו אַרומלויפֿן איבערן שטיבל און פֿון גרויס באַגײַסטערונג אַ מאָל אויך פּאַטשן מיט די הענט.

נו, מתנגדים איז אַזאַ מין סאָרט דאַווענען נישט געווען צום האַרצן און ליצנים צווישן זיי פֿלעגן אָפּלאַכן פֿון אַזאַ מין דאַווענען, און אַ הייסער חסיד, וואָס פֿלעגט בײַם דאַווענען **פֿליאַסקען** און **דריגען**, האָט בײַ זיי געקריגן אַ צונאָמען: **פֿליאַסקעדריגע**.

## פֿליישבאַנק

צו מ״ר גליקסמאַן פֿון ברוקלין. איר פֿרעגט וואָס עס מיינט: **לאָזן זיצן אויף דער פֿליישבאַנק**.

עס מיינט פּשוט לאָזן זיצן. פֿאַר וואָס עפּעס **פֿליישבאַנק?** איז אַזוי די געשיכטע. ייִדן זענען אַ מאָל געווען זייער אָפּגעהיט בנוגע מילכיקס און פֿליישיקס. אין זייער פֿרומע הײַזער איז אין אַ ייִדישער קיך געווען צוויי באַזונדערע בענק: אַ מילכיקע באַנק און אַ פֿליישיקע באַנק. אויף דער פֿליישיקער באַנק איז געווען באַקוועמער צו זיצן, ערשטנס, ווײַל זי איז געווען ברייטער ווי די מילכיקע און צווייטנס, ווײַל מען איז אויף איר מער געזעסן איז זי געווען אויסגעריבענער, גלאַטער. בקיצור, איר זענט אַ ייִד אַן אָרעמאַן און איר דאַרפֿט עפּעס האָבן אַ טובֿה פֿון אַ רײַכן ייִדן. קלינגט איר אָן צו אים און די בעל־הביתטע עפֿנט אײַך די טיר: ״וואָס האָט איר געוואָלט, ר׳ משה?״ – ״איך האָב געוואָלט זען ר׳ צדוק״. – ״ר׳ צדוק איז נישטאָ אין דער היים, ער איז געגאַנגען צום רבֿ וועגן אַ דין־תּורה״. – ״איך האָב צײַט״, זאָגט איר, ״איך וועל צוּוואַרטן״. – ״איר ווילט וואַרטן״, ענטפֿערט אײַך די בעל־הביתטע, ״וואַרט!״ און מיט די ווערטער פֿירט זי אײַך אַרײַן – נישט, חלילה, אין סאַליע, ווײַל איר זענט אַ ייִד אַ קבצן, נאָר אין קיך, און זי ווײַזט אײַך אָן אויף דער פֿליישיקער באַנק. ״זיצט, ר׳ משה״. זיצט איר אין געהאַקטע ווונדן אַ שעה, צוויי – נישטאָ ר׳ צדוק. הייבט איר זיך אויף און איר גייט אַהיים און וואָס איר ווינטשט אים בעת מעשׂה זאָל עס אויסגיין צו אַלע וויסטע וועלדער. וואָס האָט איר צו אים? איר האָט צו אים אַן עוולה: **ער האָט אײַך געלאָזט זיצן אויף דער פֿליישבאַנק**.

## פֿעטער, מע קען אײַך

מ״ר יאַקובאָוויטש פֿון ברוקלין וויל איך זאָל אים אויסטײַטשן דעם באַקאַנטן ייִדישן אויסדרוק: **פֿעטער, מע קען אײַך!** ״פֿאַר וואָס עפּעס **פֿעטער**?״ פֿרעגט ער.

**פֿעטער** אין ייִדיש מיינט ״אָנקל״, דעם טאַטנס אָדער דער מאַמעס ברודער, אָבער

נישט אַלע מאָל ווען איר רופֿט אַ ייִדן **פֿעטער** מיינט עס, אַז דער ייִד איז אײַערער אַ קרובֿ. איר גייט, למשל, אין גאַס און איר זעט, אַז עמעצער וואָס גייט פֿאַר אײַך האָט עפּעס אַרונטערגעלאָזן, עפּעס פֿאַרלוירן און נישט באַמערקט. שרײַט איר צו דעם ייִדן: "היי מיסטער, היי ר' ייִד! איר האָט עפּעס פֿאַרלוירן". וואָלט איר געקענט דעם ייִדן און געוווּסט ווי ער הייסט, וואָלט איר אים מסתּמא אָנגערופֿן בײַם נאָמען: "היי מ"ר גרינבערג, היי ר' כאַצקל!" קענט איר אים אָבער נישט, רופֿט איר אים מיט אַן אַנאָנים, וואָס פֿאַרבײַט אַ נאָמען – "היי מיסטער" און "היי ר' ייִד". צו די דאָזיקע אַנאָנימען אין ייִדיש געהערט אויך דאָס וואָרט **פֿעטער** – "היי פֿעטער!" און ווען איר זאָגט צו אַ ייִדן **פֿעטער, מע קען אײַך**, מיינט עס נישט **פֿעטער** –"אָנקל", נאָר **פֿעטער** *אַנאָנימיש*, ווי אין "היי פֿעטער".

ווען ניצט מען אָט דעם אויסדרוק? געוויינטלעך, ווען עס רעדט זיך וועגן איינעם, וואָס שפּילט אַ ראָלע, וואָס טראָגט אַ מאַסקע, וואָס באַהאַלט זײַן אמתע כּוונה אונטער אַ פֿאַלשן אָנשטעל. וועגן אַזאַ איינעם, וועגן וועלכן ייִדן זאָגן, אַז **ער מיינט נישט די הגדה נאָר די קניידלעך, אַז ער מיינט נישט די חרוסת, נאָר די אַרבע כּוסות** אָדער אַז **ער קוקט אויף די גרויפּן און מיינט די פֿאַסאָליעס** – נו, מיט איין וואָרט, וועגן אַ צבֿועק, אַ היפּאָקריט, וואָס זאָגן זאָגט ער איינס און מיינען מיינט ער עפּעס אַנדערש. צו אַזאַ איינעם זאָגט מען **פֿעטער, מע קען אײַך**. ס'הייסט, אומזיסט אײַערע פֿוילע שטיק, מען קען אײַך, מען ווייסט ווער איר זענט און וואָס איר זענט אויסן.

## פֿערדס פּאָדקעווע

אַ פֿרוי פֿון ברוקלין וויל, איך זאָל איר פֿאַרטײַטשן דעם אויסדרוק: **פֿערדס פּאָדקעווע**.

דאָס איז איינע פֿון די שפּאַסיקע אויסדרוקן, מײַן טײַערע, וואָס ווערט געניצט וועגן אַ ווײַטן קרובֿ. אַ ייִד, למשל, זאָגט אײַך, אַז ער איז אײַערער אַן אייגענער, אַ קרובֿ, פֿרעגט איר אים: "ווי אַזוי?" ענטפֿערט ער אײַך: "וואָס הייסט ווי אַזוי? אײַער זיידנס פּלימעניצע האָט געהאַט אַ קוזינע ברכה, איז אָט די קוזינע האָט געהאַט אַן איידעם שלמה. שלמה האָט געהאַט אַ ברודער זלמן און איך בין זלמנס אַן אייניקל". און איר זענט אַ חכמה און רעכנט אויס וואָס פֿאַר אַ קרובֿ דער ייִד קער זיך מיט אײַך אָן.

וועגן אָט אַזאַ מין קרובֿ זאָגט מען: **ער איז פֿערדס פֿוס פּאָדקעוועס אַן אייניקל**. דאָס מיינט, דאָס פֿערד האָט געהאַט אַ פֿוס, דער פֿוס האָט געהאַט אַ פּאָדקעווע, די פּאָדקעווע האָט געהאַט אַן אייניקל און דאָס אייניקל – דאָס איז ער. ייִדן מאַכן עס נאָך לענגער: **פֿערדס פֿוס פּאָדקעוועס טשוועקלס קעפּל**. אָדער: **מײַן פֿערדס בײַטשס שטעקעלע איז געווען בײַ זײַן זיידנס וואָגן אַ פֿלעקעלע**. אָדער: **מײַן זיידנס האָן האָט**

**אַרײַנגעקרייט אין זײַן באָבעס הויף.** און ווי אַ פֿאַרבײַסן נאַט אײַך אַ קינדעריש ווערטל וועגן קרובֿישאַפֿט: **מײַן באָבע און זײַן זיידע ליגן אין דר'ערד אַלע ביידע.**

## פֿרעגן בחרם

דרײַ ייִדן און צוויי ייִדענעס ווילן וויסן וואָס עס מיינט: **פֿרעגט מיך בחרם.**

וואָס **חרם** איז ווייסט איר מסתּמא. פֿאַר אַ גרויסער זינד פֿלעגט מען אַ מאָל בײַ ייִדן אַרײַנלייגן אין **חרם** אַרײַן. דאָס מיינט, מען האָט דעם זינדיקן אויסגעשלאָסן פֿון דער ייִדישער עדה און קיינער האָט מיט אים נישט געטאָרט האָבן קיין באַריר, קיין מגע־ומשׂא.

ווען ייִדן פֿלעגן אַ מאָל האָבן אַ דין־תּורה בײַם רבֿ און יעדער פֿון די צדדים פֿלעגט ברענגען זײַנע עדות, פֿלעגט דער רבֿ באַשווערן די עדות מיט אַ חרם־שבֿועה, אַז זיי וועלן זאָגן דעם אמת. דאָס הייסט, ער פֿלעגט זיי סטראַשען מיט חרם, אויב זיי וועלן נישט זאָגן דעם אמת, אַזוי ווי עס שטייט: ואם לוא יגיד ונשׂא עונו. אָט דאָס אויספֿרעגן אַן עדות אונטערן שרעק פֿון חרם האָט געהייסן **פֿרעגן בחרם.** ווען איר פֿרעגט עפּעס אַ ייִדן און דער ייִד ענטפֿערט אײַך **פֿרעגט מיך בחרם,** מיינט ער דערמיט צו זאָגן: מעגסט מיך אַפֿילו פֿרעגן און שרעקן מיט חרם, וועל איך דיר אויך נישט זאָגן, ווײַל איך ווייס נישט.

דאָס איז איינער פֿון די ענטפֿערס, וואָס אַ ייִד גיט, ווען מען פֿרעגט אים עפּעס און ער וויל זאָגן "איך ווייס נישט": **פֿרעג מיך בחרם, פֿרעג מיך עפּעס גרינגערס, פֿרעג מיך אַ גרינגערע זאַך** אָדער **זאָל איך אַזוי וויסן פֿון צרות, פֿון בייז, פֿון שלעכטס, פֿון אומגליק** אָדער **זאָל איך אַזוי וויסן פֿון אַ בייזער וועטשערע, פֿון בייזע לאָקשן, פֿון אַ בייז שטערנטיכל.** און **אַזוי ווי איך ווייס נישט, אַזוי זאָל מיר ניט שאַטן.**

## אַ צדיק אין פּעלץ

אַ ייִד פֿון די בראָנקס פֿרעגט מיך: "פֿון וואַנען נעמט זיך דאָס ווערטל: **אַ צדיק אין פּעלץ**?"

דאָס דאָזיקע ווערטל, מײַן פֿרײַנד, ווערט געטײַטשט בײַ ייִדן על־פּי פּשט, על־פּי רמז, על־פּי דרוש און על־פּי סוד. איך וועל אײַך געבן דעם פּשוטן פּשט דערפֿון. אין ייִדישן אַלף־בית, ווי איר ווייסט, האָבן מיר צוויי צדיקן – דעם פּשוטן צדיק און דעם שלוס־צדיק, וועלכער ווערט גערופֿן **לאַנגער צדיק** אָדער **שלעכטער צדיק.** אין דעם וואָרט **פּעלץ** איז, ווי איר ווייסט, דאָ בלויז איין צדיק, דער **שלעכטער צדיק.** איז ווען מען וויל אויף איינעם זאָגן, אַז ער איז אַ היפּאָקריט, אַ צבֿועק, וואָס מאַכט נאָר דעם אָנשטעל פֿון אַ צדיק, אָבער אין דער אמתן איז ער אַ וואָס אין דער קאָרט, זאָגט מען:

**ער איז אַ צדיק אין פעלץ** – דאָס מיינט: **אַ שלעכטער צדיק**. און אַז ס'איז שוין דאָ **אַ צדיק אין פעלץ**, האָבן שוין לצים צוגעטראַכט אַ פּאַראָדיע דערויף און געשאַפֿן אַן אויסדרוק: **אַ צדיק אין לאַפּטשעס**. עס זענען, פֿאַרשטייט זיך, פֿאַראַן נאָך אויסדרוקן, מיט וועלכע מען באַצייכנט אַ צבֿועק, ווי למשל: **אַ וצדקתך, אַ גאָטס־גנבֿ, אַ יצוווי־ספּאָדיק** אאַז"וו אָבער וועגן זיי וועלן מיר אַן אַנדערש מאָל רעדן.

## צו אַ טאָפּ לינדזן

מ"ר ש. זילבערמאַן פֿון די בראָנקס וויל וויסן, פֿאַר וואָס מען זאָגט: **ער האָט זיך צוגעכאַפּט דערצו ווי צו אַ טאָפּ לינדזן**.

איר האָט אַ מאָל געלערנט חומש? אויב יאָ, דאַרפֿט איר געדענקען די מעשׂה ווי טאַטע יעקבֿ האָט אויסגענאַרט בײַם פֿעטער עשׂו די בכורה פֿאַר אַ טאָפּ לינדזן. ווען עשׂו וואָלט נישט געווען אַזאַ פֿרעסער און אַזוי להוט נאָך דער אַכילה, וואָלט יעקבֿ בײַ אים געקראָגן אַ פֿײַג, נישט קיין בכורה. איז ער דאָך אָבער געווען אַ זולל־וסובֿא.

דערבײַ וויל איך אײַך באַמערקן, אַז נישט אַלע מאָל באַציט זיך דער אויסדרוק אויף אַ פֿרעסער, וואָס כאַפּט זיך צו צו דער אַכילה. צום גרעסטן טייל ווערט דער אויסדרוק גענוצט סתּם אויף איינעם, וואָס האָט אַ שטאַרקן חשק, אַ שטאַרקע תּשוקה צו אַ זאַך און כאַפּט זיך צו דערצו. און נישט אַלע מאָל דינען די לינדזן ווי אַ משל. אָט האָב איך אין דעם "אוצר" אַ שפּאָר ביסל אויסדרוקן, אַזעלכע אָן לינדזן, למשל: **ער האָט זיך צוגעכאַפּט דערצו ווי צו הייסע לאָקשן, ווי צו אַ הייסן פּאָפּעלניק, ווי צו אַ הייסן פֿלאָדן, ער האָט זיך צוגעכאַפּט דערצו ווי אַ חסיד צו אַ ביסל בראָנפֿן, ווי אַ שיכּור צום פֿלעשל, ווי אַן אָרעם־בחור צו לאַטקעס, ווי אַן אורח צו יויך, ווי אַ כניאָק צום קליידל, ווי אַ קאַץ צו סמעטענע** – און איך האָב נאָך.

## צו דער פּגירה

אַ ייִד פֿון ברוקלין שרײַבט: "איך בין אַרײַן צו אַ שכן, עפּעס געדאַרפֿט פֿון אים. דער דאָזיקער שכן האָט אַ ווײַב נישט פֿון די זיסע מקומות. פֿרעג איך זי: 'ווו איז הערי?' ענטפֿערט זי מיר אַ זויערע: 'פֿון זײַן קאָפּ זאָל איך אַזוי וויסן. ער האָט זיך אויסגעפּוצט ווי אַ פּגירה און איז אַוועק'. איך האָב נישט געוואָלט מיט איר פֿאַרפֿירן קיין טענות און פֿרעגן וואָס זי מיינט. אָבער אײַך קען איך דאָך פֿרעגן. וואָס האָט זי געמיינט 'אויסגעפּוצט ווי אַ פּגירה'?"

איר האָט געהערט, מײַן פֿרײַנד, אָבער נישט דערהערט. די ייִדענע האָט אַוודאי געזאָגט: **ער האָט זיך אויסגעפּוצט ווי צו דער פּגירה**, און מיינען מיינט עס אָט וואָס. אין דער אַלטער היים האָבן מיר געלעבט ווי ייִדן און, נישט אויסגערעדט זאָל עס זײַן, געשטאָרבן ווי ייִדן. אַ ייִדישן בר־מינן האָט מען נישט אויסגעפּוצט, נאָר אָנגעטאָן

תּכריכים מיט אַ טלית פֿון אויבן. בלויז גויים פֿלעגט מען אויספוצן צו דער פּגירה. דערפֿאַר פֿלעגט מען זאָגן: **ער האָט זיך אויסגעפּוצט ווי אַ פּגר** אָדער **ער האָט זיך אויסגעפּוצט ווי צו דער פּגירה.** איצט בעוונותינו־הרבים ווען מען פּוצט שוין יעדן אויך אין פֿרעק און "טאָקסידאָס", איז אַוודאי דאָס ווערטל שוין אָפּגעלעבט.

## צוויי וואַנט

"וואָס מיינט עס", פֿרעגט אַ ייד פֿון ברוקלין, "**ער קען צונויפֿפֿירן אַ וואַנט מיט אַ וואַנט?**"

דאָס מיינט, מײַן פֿרײַנד, אַז ער איז אַ גרויסער בריה, אַז ער קען צונויפֿפֿירן צוויי זאַכן, וואָס זענען דער היפּוך איינס פֿון דאָס אַנדערע. די פֿראַזע ווערט געוויינטלעך באַנוצט וועגן שדכנים, וואָס קענען צונויפֿפֿירן שידוכים, וואָס פּאַסן איינער צום אַנדערן ווי אַ פּאַטש צו גוט־שבת. אָבער איר קענט זי אויך באַנוצן גלאַט וועגן אַ ייִדן אַ דרייקאָפּ, וואָס איז פֿעיִק אויף די אויסטערלישסטע קאָמבינאַציעס. אַנשטאָט **אַ וואַנט מיט אַ וואַנט** קענט איר אויך זאָגן: **ער קען צונויפֿפֿירן פֿײַער מיט וואַסער, בוידעם מיט בוידעם, קאָטשערע מיט לאָפּעטע, הודו מיט כּוש, זומער מיט ווינטער,** און אַזוי ווײַטער.

## צוויי מתים

מ"ר בעקערמאַן פֿון בראָנזוויל שרײַבט: "פֿאַראַן אַ ווערטל: **צוויי מתים גייען טאַנצן.** וואָס מיינט עס און ווען זאָגט מען עס?"

מיט צוויי מתים, מײַן פֿרײַנד, מיינט מען צוויי קבצנים, צוויי אָרעמע־לײַט, ווײַל "עני חשוב כּמת" – אַן אָרעמאַן איז געגליכן צו אַ טויטן. ווען צוויי אָרעמע־לײַט פֿאַראייניקן זייער דלות און גייען בשותּפֿות אין "ביזנעס", הייסט עס בדרך־מליצה: **צוויי מתים גייען טאַנצן.** יעדן האַלטן בכלל נישט פֿון קיין שותּפֿות, אַפֿילו ווען די שותּפֿים זענען נישט קיין אָרעמע־לײַט. אויף דעם זאָגן עדות די ווערטלעך, וואָס ייִדן האָבן געשאַפֿן וועגן שותּפֿות, אָדער ווי איר רופֿט עס דאָ, "פּאַרטנערשיפּ": **אַליין איז די נשמה ריין; שותּפֿות איז נאָר גוט מיטן ווײַב; שותּפֿות איז גוט – אַ מכּה; אַ סך בעלי־בתּים – וויניק מזל־ברכה; וווּ עס זענען דאָ אַ סך בעל־הביתטעס איז די שטוב נישט אויסגעקערט; בײַ אַ סך ניאַנקעס ווערט דאָס קינד דערשטיקט; פֿון צוויי קעבינס קומט אַרויס דאָס עסן אָדער געזאַלצן, אָדער גאָר אָן זאַלץ.**

## צימעס

מ"ר שוסטעראָוו פֿון די בראָנקס בעט, איך זאָל אים פֿאַרטײַטשן דעם אויסדרוק: **איך מאַך נישט קיין צימעס.**

כּדי צו פֿאַרשטיין דעם דאָזיקן אויסדרוק דאַרף מען זײַן אַ געבוירענער אין דער אַלטער, איצט חרובֿער היים און זײַן באַקאַנט מיטן אַלטן ייִדישן לעבנס־שטייגער און

פֿאַרשטייִן, וואָס עס האָט געמיינט אַ מאָל אָט דער מאכל צימעס. הײַנט, גאָט צו דאַנקען, עסן מיר צימעס ווען מיר ווילן, דאָס ווײַב דאַרף אים נאָר ווען קאָכן. הײַנט קריגט זיך מיט מיר מײַן פֿלוניתטע טאָמער וויל איך אין אַ פּשוטן מיטוואָך נישט עסן איר צימעס. אָבער אַ מאָל האָט מען געדאַרפֿט וואַרטן אויף דעם מאכל אַ גאַנצעלענקע וואָך. און פֿרײַטיק צו נאַכטס, ווען די מאַמע האָט דערלאַנגט צום טיש דעם הייסן פֿאַרעדיקן צימעס, פֿון די אײַנגעפּרעגטע מייערלעך און אַ מאָל נאָך מיט אַ פֿעט קניידעלע אין מיטן, פֿלעגן די אויגן איבערגיין מיט פֿרייד. און טאָמער איז געבליבן אַ ביסל אויף מאָרגן, מיט וואָס פֿאַר אַן אַפּעטיט פֿלעגט מען עס אויפֿעסן שבת נאָכן דאַווענען? איך ווייס נישט ווי בײַ אײַך, בײַ אונדז פֿלעגט מען דעם קאַלטן, פֿאַרשטאַנענעם צימעס עסן גלײַך נאָכן קומען פֿון שול, נאָך איידער מען פֿלעגט זיך וואַשן צום עסן. מען פֿלעגט זיך שלאָגן איבער אים. אַ קלייניקייט קאַלטער צימעס, ס'איז דען געווען אַ מאכל בײַ ייִדן, וואָס האָט זיך געקענט פֿאַרגלײַכן אין חשיבֿות צו צימעס?!

און אָט דאָ ליגט דער שליסל צום וואָרט **צימעס**. דער מאכל צימעס איז געווען אַזאַ וויכטיקער, חשובֿער מאכל בײַם שבתדיקן און יום־טובֿדיקן טיש, אַז דאָס וואָרט **צימעס** איז געוואָרן אַ סינאָנים פֿאַר וויכטיקייט און חשיבֿות. ווען אַ ייִד זאָגט: **וואָס מאַכסטו דערפֿון אַזאַ צימעס?** מיינט ער צו זאָגן: וואָס מאַכסטו דערפֿון אַזאַ וועזן, אַזאַ וויכטיקע זאַך. און פֿאַרקערט, ווען ער זאָגט: **איך מאַך נישט דערפֿון קיין צימעס**, מיינט ער צו זאָגן: איך מאַך נישט דערפֿון קיין וועזן, די זאַך האָט בײַ מיר אַ קליינעם ווערט. און האָט איר געהערט אַזאַ אויסדרוק: **שפּילסט זיך מיט אים? ער איז פֿון סאַמע צימעס!** דאָס מיינט: ער איז פֿון די יחסנים, פֿון די פּני, פֿון די "פֿיר הונדערט", פֿון די חשובֿי־העיר.

## קאַטאָוועס

אַ ייִד פֿון נואַרק, ניו־דזשוירזי, וויל וויסן דעם אָפּשטאַם פֿון דעם וואָרט **קאַטאָוועס**.

וועגן דעם דאָזיקן וואָרט, מײַן פֿרײַנד, איז שוין באַלד דאָ אַ גאַנצע ליטעראַטור. דער באַוווּסטער פֿילאָלאָג יודאַ יאָפֿע האָט אַ גאַנצע אָפּהאַנדלונג וועגן דעם וואָרט אין דעם אַמעריקאַנער "פּינקס" פֿון דעם ייִוואָ, וווּ ער רעכנט אויס די פֿאַרשיידענע ווערסיעס וועגן דעם אָפּשטאַם פֿון דעם וואָרט, אַז עס שטאַמט, למשל, פֿון דעם העברעיִשן "גידף" – לעסטערן, פֿון דעם כאַלדייִשן "קטב" – שנײַדן אאַז"וו, און גיט אויך זײַן אייגענע ווערסיע, אַז דאָס וואָרט **קאַטאָוועס** שטאַמט גאָר פֿון דעם אַלט־סלאַווישן катавасия. אָבער די סבֿרה וואָס לייגט זיך אַממערסטן אויפֿן שׂכל

איז די וואָס ד״ר מאַקס ווײַנרײַך ברענגט אין זײַן בוך ״שטאַפּלען״, אַז **קאַטאָוועס** שטאַמט פֿון דעם העברעיִשן וואָרט ״כתב״ – שרײַבן, וואָס ווערט לויט דער ספֿרדישער הבֿרה אויסגערעדט ״כּתֿבֿ״ און ״קאַטאָוועס״ מיינט שרײַבעכצן. אליהו בחור, דער מחבר פֿון דעם ״בבֿא־בוך״, וואָס דער דערמאָנטער פּראָפֿעסאָר יאָפֿע האָט נאָר וואָס אַרויסגעגעבן, וואָס האָט געלעבט מיט פֿיר הונדערט יאָר צוריק און ווערט פֿאַררעכנט פֿאַר דעם ערשטן ייִדישן דיכטער און נאָוועליסט, דערקלערט דאָס וואָרט אַזוי: פֿאַר צײַטנס, ווען די ליצנים, די עפּיגראַמען־מאַכערס האָבן זיך געוואָלט אָפּרעכענען מיט די רײַכע לײַט, אויף וועמען זיי האָבן געטראָגן אַ כּעס, פֿלעגן זיי בײַ נאַכט, ווען קיינער האָט נישט געזען, אויפֿשרײַבן אויף די טירן פֿון זייערע הײַזער שפּאַסיקע אויפֿשריפֿטן, סאַטירישע לידער אאַז״וו, אַזוי אַז דער פֿאַרבײַגייענדיקער עולם וועט זיי אויף מאָרגן איבערלייענען, זאָלן זיי האָבן פֿון וואָס צו לאַכן. אָט די אויפֿשריפֿטן האָבן געהייסן **קאַטאָוועס** – שרײַבעכצן. ביסלעכווײַז האָט עס אין מאַמע־לשון אָנגענומען דעם ברייטערן באַטײַט פֿון שפּאַס און לצנות בכלל און ייִדן האָבן אָנגעהויבן זאָגן: **טרײַבן קאַטאָוועס, מאַכן קאַטאָוועס, אָפּשפּילן אַ קאַטאָוועס** אאַז״וו.

## קאַפּעליוש־מאַכער

מײַנער אַ נאָענטער פֿרײַנד, וואָס פֿילט זיך צו שרײַבן, איז אָבער נישט פֿויל מיך אָפּצורופֿן אויפֿן טעלעפֿאָן און זאָגן, אַז עס גייט אים ממש אין לעבן, ער מוז וויסן פֿאַר וואָס מען זאָגט: **ער איז געוואָרן אויס קאַפּעליוש־מאַכער.**

איך וועל אײַך צו ליב טאָן, מײַן פֿרײַנד, אָבער איך זאָג אײַך אין פֿאָרויס, אַז איך קען אײַך נישט קאַווירן, אַז מײַן פּירוש איז הונדערט פּראָצענט קאָרעקט. עס איז בלויז מײַן השערה, אַז דאָס ווערטל איז אויפֿגעקומען אין דער צײַט ווען ייִדן האָבן אָנגעהויבן בײַטן זייער טראַדיציאָנעלע ירושה־הלבשה און זיך אָנגעהויבן קליידן ״דײַטש״.

פֿון די גרויסע שטעט ווייס איך נישט. אין דעם קליינעם שטעטל, וווּ איך בין געבוירן געוואָרן, ווייס איך, אַז די ערשטע וואָס האָבן זיך געשיידט מיט דער לאַנגער קאַפּאָטע און מיטן קײַלעכיקן היטעלע זענען געווען די בחורים וואָס האָבן זיך אַוועקגעלאָזט קיין וואַרשע ווערן מענטשן. דאָס מיינט, ווערן פּריקאַשטשיקעס, סוביעקטן אויף די נאַלעווקעס און גענשע. אויף יום־טובֿ פֿלעגט מען קומען צו טאַטע־מאַמע אין שטעטל שוין אויסגעמענטשלטע – דאָס מיינט, אין קורצע מאַרינאַרקעס, מיט לאַנגע הויזן איבער די קאַמאַשן, מיט קעלנער און שניפּסלעך, און

ועל־כּולם מיט קאַפּעליושן אויף די געקרײַזלטע טשופּרינעס.

פֿריִער האָט זיך קיינער אין שטעטל אויף זיי נישט אומגעקוקט, אין דער נײַער הלבשה זייערער זענען זיי געוואָרן די אַריסטאָקראַטן פֿון שטעטל און די שטעטלשע מיידלעך האָבן אָנגעהויבן קלעפּן אַרום זיי ווי בינען אַרום האָניק. נו, האָט עס די שטעטלשע בחורים פֿאַרדראָסן. זע נאָר, גאַנצע מענטשן געוואָרן! און זיי האָבן זיך מישבֿ געווען, אַז זיי קענען אויך די זעלבע קונץ. די קאַפּאָטע קען מען אַליין אונטערשנײַדן, די הויזן איבער די שטיוול איז אויך נישט שווער אַרונטערצולאָזן, איז אַלץ וואָס עס פֿעלט איז אַ קאַפּעליוש. נו, איז דאָך דאָ כאַצקל בעל־עגלה, וואָס פֿאָרט יעדע וואָך נאָך סחורה קיין וואַרשע, וועט מען אים מיטגעבן אַ מאָס און אַ פּאָר רובל און ער וועט ברענגען אַ קאַפּעליוש.

אַז דער עולם האָט אָנגעהויבן טראָגן קאַפּעליושן, זענען די שטעטלשע היטל־מאַכערס געבליבן אָן פּרנסה. איז זיך מישבֿ איינער אַ היטל־מאַכער, אַ ייִד נישט קיין פֿאַרשלאָפֿענער – לאָמיר אים רופֿן יצחק־משה – און ער טראַכט בײַ זיך אַזוי: "וואָס טוט זיך דאָ? וואַרשע וועט בײַ מיר צונעמען די פּרנסה און איך וועל שווײַגן? נישט יצחק־משה!" און יצחק־משה נעמט און פֿאָרט אַראָפּ קיין וואַרשע און לאָזט זיך קאָסטן אַ פּאָר רובל און לערנט זיך אויס די מלאָכה און קומט צוריק אַ קאַפּעליוש־מאַכער. און אויס וואַרשע! מע שיקט שוין נישט קיין וואַרשע נאָך קאַפּעליושן. יצחק־משה באַזאָרגט שוין די שטעטלשע יונגע־לײַט מיט קאַפּעליושן.

און יצחק־משה ווערט אַ גרויסער מענטש אין שטעטל, אַ יחסן. אַ קלייניקייט! אַ קאַפּעליוש־מאַכער! ער ווערט אַזוי גרויס, אַז נישט מיט אַלעמען שטייט אים שוין אָן צו רעדן. אַז כאָטש נעם און קלײַב אים אויס פֿאַר גבאי אין בית־מדרש אָדער מאַך אים פֿאַר דאָזאָר.

איז דאָך אָבער דאָ קהל און אַ חסידישער רבֿ אין שטעטל, אַ גערער חסיד. אַז דער רבֿ מיט די שיינע ייִדן האָבן דערזען, אַז זינט יצחק־משה האָט אָנגעהויבן מאַכן קאַפּעליושן, פֿאַרשפּרייט זיך די קאַפּעליוש־מגפֿה אַזוי ווי אַ פֿײַער רחמנא־לצלן, אַז "אין בית אַשר אין שם מת" – אַז נישטאָ שוין באַלד קיין יונגער־מאַן אין שטעטל אָן אַ קאַפּעליוש – האָט מען זיך גענומען צו זײַנע ביינער. דאָס ערשטע, האָט מען בײַ אים צוגענומען די חזקה פֿון דאַוונען שבת און מנחה פֿאַרן עמוד, און דאָס איז געווען בײַ אים ערגער ווי מען וואָלט אים געשאָכטן. דאָס צווייטע, האָט מען אים אויפֿגעהערט צו געבן עליות. און האָט מען אים שוין געגעבן אַן עליה, איז דאָס געווען די תּוכחה. מיט איין וואָרט, מע האָט אים אָנגעהויבן אָנטאָן אַזעלכע נגישות, אַז כאָטש נעם און

אַנטלויף פֿון שטעטל. צו מאַכן אַ לאַנגע געשיכטע קורץ, קהל האָט אויסגעפֿירט. אין איין שיינעם טאָג האָט יצחק־משה געדאַרפֿט געבן דעם רבֿ אַ האַנט תּקיעת־כּף, אַז ער ווערט אויס קאַפּעליוש־מאַכער.

און פֿון דעמאָלט אָן, ווען מען וויל זאָגן אויף איינעם, אַז ער איז אַרונטער פֿון זײַן גדולה, אַז ער איז אויס יחסן, זאָגט מען: **ער איז געוואָרן אויס קאַפּעליוש־מאַכער. אָבער** ווי געזאָגט, דאָס איז נישט מער ווי מײַנע אַ סבֿרה.

## אַ קאַץ אין סמעטענע

נאָך אַ ייִד פֿון ברוקלין פֿרעגט פֿאַר וואָס מען זאָגט: **ער פֿילט זיך ווי אַ קאַץ אין סמעטענע.**

זייער פּשוט. אַ קאַץ האָט ליב סמעטענע, און זי איז צופֿרידן ווען זי קען זיך אונטערגנבֿענען צו דער סמעטענע און געבן אַ לעק, הײַנט ווי גוט איז איר, ווען זי פֿאַלט אַרײַן אין אַ גאַנצער שיסל מיט סמעטענע? איז דערפֿאַר, ווען איינעם איז גוט אויפֿן האַרצן, זאָגט מען: **ער פֿילט זיך אָדער ער איז אַרײַנגעפֿאַלן ווי אַ קאַץ אין סמעטענע.** דאָס מיינט דאָס זעלבע וואָס מען זאָגט וועגן איינעם: **ער איז אַרײַנגעפֿאַלן אין אַ שמאַלצגרוב.** שמאַלץ איז אין דער אַלטער היים געווען אַ וואַזשנער מין, אַ קליינינקייט אַ טעפּעלע שמאַלץ אויף יום־טובֿ. הײַנט ווען איינער פֿאַלט נאָך אַרײַן אין אַ גאַנצער גרוב מיט שמאַלץ – ווי גוט איז אים? אָט זײַנען ענלעכע אויסדרוקן וואָס מיר האָבן אין ייִדיש פֿאַר מענטשן וואָס ס'איז זיי גוט אויפֿן האַרצן: **ער פֿילט זיך ווי אַ מויז אין זויערמילך, ווי אַ פֿיש אין וואַסער, ווי אַ גאַנדז אין האָבער אָדער ווי פֿאָניע אין אַ זאַק באָרשט.**

## אַ קאַץ קען אויך קאַליע מאַכן

אַ ייִד פֿון ברוקלין פֿרעגט אַ פּשוטע פֿראַגע, וואָס איז שוין גאָר נישט אַזוי פּשוט. "פֿון וואַנען נעמט זיך", פֿרעגט ער, "דאָס ווערטל: **אַ קאַץ קען אויך קאַליע מאַכן**? פֿאַר וואָס עפּעס אַ קאַץ, פֿאַר וואָס נישט אַ הונט, אַ פֿליג צי אַן אַנדער באַשעפֿעניש? ווען אַ פֿליג פֿאַלט אַרײַן אין זופּ, ווערט זי קאַליע און מען דאַרף זי אויסגיסן. איז פֿאַר וואָס עפּעס גראָד אַ קאַץ?"

ווייסט איר, מײַן פֿרײַנד, פֿון וואַנען עס נעמט זיך דער ייִדישער פֿאַמיליע־נאָמען **כּ"ץ? כּ"ץ** זענען די ראָשי־תּיבֿות, די איניציאַלן פֿון די צוויי העברעיִשע ווערטער "כּהן צדק". גיט אַ נישטער צווישן אײַערע פֿרײַנד וואָס הייסן קאַץ, וועט איר אויסגעפֿינען, אַז מיט קליינע אויסנאַמען זענען זיי אַלע כּהנים, אַז זיי דאַרפֿן דוכענען, אַז מע קען זיי נוצן צו פּדיון־הבנס, און אַז זיי טאָרן נישט חתונה האָבן מיט קיין גרושות.

נו, איז אַ סבֿרה, אַז דער לכתּחילהדיקער טײַטש פֿון **אַ קאַץ קען אויך קאַליע מאַכן**

איז געוועז, אַז אַ כ״ץ, אַ כּהן, קען אויך זײַן אַ שטער צו אַ שידוך, ווען די כּלה איז אַ גרושה. ביסלעכווײַז האָט דער עולם פֿאַרגעסן דעם אָריגינעלן טײַטש און אָנגעהויבן ניצן דאָס ווערטל אין דעם אַלגעמיינעם זינען: אַז די קלענסטע אומוויכטיקע זאַך, אַפֿילו אַ קאַץ, קען זײַן אַ שטער, קען קאַליע מאַכן דעם גרעסטן ענין. ווי ייִדן, למשל, זאָגן נאָך אויף אַנדערע אופֿנים: **איבער אַ צוויקל ווערט דער באָרשט קאַליע, מיט אַ קליין בײנדל קען מען זיך אויך דערווערגן, בײַם ברעג טײַך קען מען זיך אויך דערטרינקען,** צי ווי די חכמי־התּלמוד האָבן געזאָגט: **אַתּרנגולא ואַתּרנגולתּא חרובֿ טור־מלכּא, אַשקה דריספק חרובֿ ביתּר.**[149] די אַלע ווערטער מיינען איין זאַך, אַז **אַ קאַץ קען אויך קאַליע מאַכן.**

## קאַצעלאַפּ

אַ ייִד פֿון ברוקלין שרײַבט: ״מײַן שוויגער, אַן עלטערע פֿרוי, כאַפּט זיך אַ מאָל אויס מיט ווערטער, וואָס איך האָב אויף מײַן לעבן נישט געהערט. אַנומלטן האָב איך זיך פֿאַרטשעפּעט אין עפּעס און שיִער ניט געפֿאַלן, מאַכט זי: ׳נו? האָסט געזען אַ גאַנג, גייט ווי אַ **קאַצעלאַפּ**׳. פֿרעג איך זי: ׳שוויגער, וואָס מיינט עס **קאַצעלאַפּ**?׳ זאָגט זי: ׳וואָס הייסט? **קאַצעלאַפּ** מיינט **קאַצעלאַפּ**׳. נו, טראַכט איך, לאָמיך שוין בעסער אײַך פֿרעגן. האָט איר אַ מאָל געהערט פֿון אַ וואָרט **קאַצעלאַפּ**?״

אַוודאי האָב איך געהערט. דער אייגנטלעכער באַטײַט פֿון **קאַצעלאַפּ** מיינט איינער וואָס כאַפּט קעץ אויף אָפּצושינדן פֿון זיי די פֿעל. נישט זייער קיין איידעלע פּראָפֿעסיע, אַ פּראָפֿעסיע וואָס שטייט נאָך אויף אַ נידעריקערער מדרגה ווי זײַן אַ היצעל און כאַפּן הינט.

אין די ייִדישע שטעט און שטעטלעך פֿון דער אַלטער היים פֿלעגן זיך דערמיט פֿאַרנעמען פֿאַרוואָרלאָזטע פּאַרשוינען, וואָס זייערע פּראָטאָטיפּן באַגעגנט איר דאָ אויף דער ״באַוערי״: צעשויבערטע נפֿשות מיט לאַנגזאַמע באַוועגונגען און שלעפּעדיקע טריט. איז ווען מען וויל זאָגן אויף איינעם, אַז ער איז אַן אומגעלומפּערטער, אַ נישט־זגראַבנער, פֿאַרגלײַכט מען אים צו אַ **קאַצעלאַפּ. קאַצעלאַפּ** איז דאָס זעלבע וואָס **אַ בלײַענער פֿויגל, אַ ליימענער גולם, אַ טשערעפּאַכע, אַ טשמײַע, אַ שמענדערהאָץ, אַ מעגעגע, אַ למך, אַ באַכמאַטש.**

---

149. פֿון מסכת גיטין דף נה עמוד ב: ״צוליב אַ האָן און אַ הינדל איז טור־מלכּא חרובֿ געוואָרן און איבער אַ טשוואָק פֿון אַ קאַרעטע איז ביתּר געגאַנגען אַ גאַנג״.

## קאַץ עק

אַ פֿרוי פֿון די בראָנקס וויל וויסן פֿאַר וואָס מען זאָגט אויף אַ שלימזל, אויף אַ לא־יוצלח: **ער קען קיין קאַץ קיין עק נישט פֿאַרבינדן**.

גערעדנקט איר, מײַן ליבע פֿרוי, די אַמאָליקע קינדערישע שפּילערײַען? דאָ אין אַמעריקע, ווען ס'איז דאָ אַ קינד אין הויז, איז דאָס הויז פֿול מיט די שענסטע שפּילצײַג. דער זיידע ברענגט אַ "טעדי־בער", די באָבע – אַ פֿערדעלע, די מומע – אַ "טשו־טשו־טריין". דאָס קינד האָט אַזוי פֿיל שפּילצײַג, אַז עס ווייסט נישט צו וואָס זיך פֿריִער צו נעמען. מיט וואָס פֿלעגן זיך ייִדישע קינדער שפּילן אַ מאָל? מיט אויסגראָבן אַ גריבעלע אין דער ערד און אָנגיסן וואַסער, מיט מאַכן חלהלעך פֿון בלאָטע אָדער גאָר זיך שפּילן מיט דער קאַץ. און האָט די קאַץ געהאַט קעצעלעך, איז דען געווען אַ גרעסערע פֿאַטיעכע ווי זיי פֿאַרבינדן די עקעלעך?

אָט דאָס איז דאָס, מײַן ליבע פֿרוי. ווען מען זאָגט אויף אַ שלימזל, אַז **ער קען קיין קאַץ קיין עק נישט פֿאַרבינדן**, מיינט עס, אַז ער קען אַפֿילו נישט טאָן דאָס, וואָס אַ קינד קען טאָן.

אַן ענלעכע פֿראַגע פֿרעגט אַן אַנדער פֿרוי: פֿאַר וואָס מען זאָגט **ער טויג נישט, נישט צו קידוש און נישט צו הבֿדלה**. צום באַדויערן אָבער קען איך דעם ענטפֿער אויף דער פֿראַגע דורכן ראַדיאָ נישט געבן. והמבֿין יבֿין.

## קבצן אין זיבן פּאָלעס

אַ ייִד פֿרעגט: "פֿאַר וואָס זאָגט מען **אַ קבצן אין זיבן פּאָלעס**?"

איך בין נישט זיכער, צי מײַן ענטפֿער איז אַ ריכטיקער. אַ סך ייִדישע ווערטלעך וואַרטן נאָך אויף דעם פֿילאָלאָג, וואָס זאָל זיי דערקלערן, אָבער איך בין זיך משער, אַז דאָס באַציט זיך אויף דער הלבשה.

געדענקט איר, פֿעטערשי, ווי ייִדן פֿלעגן זיך אַ מאָל קלײַבן אויף אַ יריד אין די גרויסע ווינטערדיקע פֿרעסט? דער גבֿיר, ר' משה־נתן, פֿלעגט אָנטאָן דאָס טכוירענע טולעפּל, פֿאַרבינדן מיט אַ גאַרטל און ער איז פֿאַרטיק – דער שטאַרקסטער פֿראָסט וועט אים שוין נישט נעמען. דאָדיע דער קבצן האָט אָבער נישט קיין וואַרעם טולעפּל, שלעפּט ער אַרויף אויף זיך דער ווײַבס אויסגעריבענעם שפּענצער, אויפֿן שפּענצער שלעפּט ער אַרויף איין קאַפּאָטע, נאָך אַ קאַפּאָטע, יעדע קאַפּאָטע איז דין ווי אַ שפּינוועבס. זיבן קאַפּאָטעס שלעפּט ער אויף זיך אַרויף און מיט אַלע זיבן קאַפּאָטעס וואַרפֿט אים נעבעך דאָס קדחת פֿאַר קעלט. דערפֿאַר, אַ פּנים, זאָגט מען: **אַ קבצן אין זיבן פּאָלעס**.

## אַ קו איז געפֿלויגן

אַ ייִד פֿון די בראָנקס בעט איך זאָל אים זאָגן בײַ וועלכער געלעגנהייט עס ווערט געניצט דער אויסדרוק: **אַ קו איז געפֿלויגן איבערן דאַך.**

מיינען מיינט עס אַקוראַט דאָס וואָס עס זאָגט: אַ קו איז געפֿלויגן איבערן דאַך. דאָס קען נישט זײַן, זאָגט איר? הערסטו, דערפֿאַר זאָגט מען דאָך עס, ווײַל עס קען נישט זײַן. ווען עמעצער דערציילט אײַך אַ מעשׂה וואָס עס איז אוממעגלעך, אַז דאָס זאָל האָבן פּאַסירט און איר ווילט נישט זאָגן דירעקט "די מעשׂה איז אַ ליגן", זאָגט איר עס אויף אַן איידעלן אופֿן: **די קו איז געפֿלויגן איבערן דאַך און געלייגט אַן איי** אָדער **די קו איז געפֿלויגן איבערן דאַך און פֿאַרלוירן דעם עק.** פֿאַראַן אויך אַנדערע ווערטלעך מיטן זעלבן פּשט, ווי למשל: **עס האָט געזאָלט ווערן אַ מיידל – האָט דער האָן אַ קריי געטאָן, איז געוואָרן אַ ייִנגל.** אָדער **דער טויבער האָט געהערט, ווי דער שטומער האָט געזאָגט צום בלינדן: "זע נאָר ווי דער הינקעדיקער לויפֿט".** דאָס זענען אַלץ מעשׂיות וואָס זענען נישט געשטויגן און נישט געפֿלויגן און ווערן געניצט אויף צו כאַראַקטעריזירן אַ ליגן.[150]

## קוועלן

מ"ר זינגער פֿון די בראָנקס וויל איך זאָל אים דערקלערן אַ זאַך וואָס איז אים ניט פֿאַרשטענדלעך. "ווען איינער", שרײַבט ער, "איז אין אַ שלעכטער לאַגע, זאָגט מען: **ער קוועלט זיך**, און פֿאַרקערט, ווען איינער איז אין אַ גוטער שטימונג און אים איז פֿריילעך אויפֿן האַרצן, זאָגט מען אויך **ער קוועלט**. ווי קומט עס", פֿרעגט ער, "אַז מען זאָל דאָס זעלבע וואָרט נוצן פֿאַר צוויי באַגריפֿן וואָס זענען זיך סותר איינס דאָס אַנדערע?"

צום באַדויערן, האָט איר אַ טעות, מײַן פֿרײַנד. כאָטש די ווערטער זענען ענלעך אין קלאַנג, האָבן זיי איינס מיטן אַנדערן קיין שײַכות נישט. איין וואָרט איז **קוועלן** – מאַטערן, מוטשען, פּלאָגן און ווערט אַרויסגערעדט אין דרום און צענטראַל־ייִדיש ווי מיט אַ צירה **קוועלן**, אין דײַטש ווערט דאָס וואָרט געשריבן מיט אַן אומלאַוט (quälen). דאָס צווייטע וואָרט איז בײַ אַלעמען **קוועלן** (quellen), פֿון דעם וואָרט **קוועל** אָדער **קוואַל** און עס מיינט: אויפֿבלאָזן זיך, אָנגעשוואָלן ווערן. ווען איר זאָגט "ער קוועלט פֿאַר נחת", מיינט עס: ער ווערט אָנגעבלאָזן פֿאַר נחת, ער ווערט גראָב פֿאַר נחת, ער ווערט ברייטער ווי לענגער. דערפֿאַר זאָגט מען אויך: **ער קוועלט ווי אַ באָק־**

---

150. חווה לאַפּין ברענגט אַ ציטאַט, וואָס באַשטעטיקט סטוטשקאָווס אויסטײַטשונג פֿון דעם אויסדרוק: דאָס פּאָפּולערע ליד פֿון נחום יוד "ניט־געשטויגן – ניט־געפֿלויגן": הערט אַ מעשׂה, קינדערלעך, / הערט מיט נאָז און אויגן; / איבער באָבע יאַכנעס דאַך / איז אַ קו געפֿלויגן.

סער אָדער **ער קווועלט ווי אַ בולקע אין מילך**. געדענקט עס, דאָס זענען צוויי פֿאַרשיידענע ווערטער: דאָס ערשטע איז **קווועלן זיך** – מאַטערן זיך, מוטשען זיך, און דאָס צווייטע איז **קווועלן** – ווערן אויפֿגעבלאָזן, אויפֿגעיוירן, געשוואָלן.

## קוועלן ווי אַ באָקסער

מר"ס טווין פֿון די בראָנקס פֿרעגט וואָס עס מיינט **ער קווועלט ווי אַ באָקסער** – "ווי קען אַ באָקסער קווועלן?"

דאָס וואָרט **קווועלן** נעמט זיך פֿון **קוואַל** – אַ קוואַל וואַסער. **קווועלן** מיינט: שוועלן, געשוואָלן ווערן, אויפֿלויפֿן, אויפֿיוירן, אָנגעבלאָזן ווערן, אויפֿגיין ווי אַ ראָשטשינע. ווען איר מאַכט אַ קוגל און איר נעמט און איר לייגט אַרײַן אין אַ שיסל וואַסער אַלטע שטיקלעך חלה אָנצווּווייקן – ווי זעען אויס די פֿאַרדאַרטע שטיקלעך חלה ווען איר נעמט זיי אַרויס פֿון דער שיסל? זענען זיי נישט דרײַ מאָל אַזוי גרויס ווי ווען איר האָט זיי אַרײַנגעלייגט? ווייסט איר פֿאַר וואָס זיי זענען אַזוי גרויס געוואָרן? ווײַל זיי האָבן **אָנגעקוואָלן** פֿון דעם וואַסערקוואַל, וואָס זיי האָבן אַרײַנגענומען אין זייערע געדערעם.

פּונקט ווי אַלטע חלה **קווועלט אָן** פֿון וואַסער, אַזוי **קווועלט אָן** אַ מענטשלעך האַרץ פֿון אַ ביסעלע נחת. ווען איר זאָגט "דאָס האַרץ וואַקסט אין מיר פֿאַר נחת" צי איר זאָגט "דאָס האַרץ **קווועלט** אין מיר פֿאַר נחת", זאָגט איר איין און די זעלבע זאַך – אַז דאָס האַרץ איז אײַך גרעסער געוואָרן פֿאַר נחת. אַ מאָל טרעפֿט, אַז דער נחת איז אַזוי גרויס, אַז נישט נאָר דאָס האַרץ **קווועלט**, נאָר אַלע אבֿרים אין אײַך **קווועלן** – דעמאָלט ווערט איר גראָב פֿאַר נחת אָדער איר ווערט גרעבער ווי לענגער פֿאַר נחת.

מיט דער צײַט איז דער גרונטבאַטײַט פֿון דעם וואָרט **קווועלן** פֿאַרווישט געוואָרן און פֿון **קווועלן** איז געוואָרן אַ סינאָנים – אַן אַנדער וואָרט, הייסט עס – פֿאַר קלײַבן נחת, פֿאַר האָבן פֿאַרגעניגן. אָבער ווען עס קומט צו פֿאַרגלײַכונגען, מוזט איר תּמיד געדענקען, אַז דער טײַטש פֿון דעם וואָרט **קווועלן** איז שוועלן, גרעסער ווערן – ווען נישט, האָט דער פֿאַרגלײַך נישט קיין זינען. איצט קומען מיר צו דעם וואָס איר פֿרעגט: **ער קווועלט ווי אַ באָקסער**. ווען די מאַמע פֿלעגט קויפֿן פֿאַר די קינדער באָקסער פֿאַר חמישה־עשׂר, פֿלעגט זי דעם באָקסער פֿריִער אַרײַנלייגן אין אַ שיסל וואַסער, ער זאָל זיך אויסווייקן און ווערן אַ ביסל ווייכער. ווײַל פֿון האַרטן באָקסער האָט נישט איין ייִדיש קינד אַ ציינדל פֿאַרלוירן. און ווונדער איבער ווונדער, ווען דער באָקסער האָט זיך געווייקט אַ ווײַלע און די מאַמע האָט אים אַרויסגענומען פֿון דער שיסל, איז ער נישט נאָר ווייכער געוואָרן, נאָר אויך גרעסער געוואָרן, ווײַל געשען איז מיט אים

דאָס זעלבע, וואָס מיט אײַער פֿאַרדאַרטער חלה: ער האָט **אָנגעקוואָלן**, ער איז אויפֿגעשוואָלן געוואָרן. פֿון אָט אָ דער באַאָבאַכטונג איז עס געוואָרן אַ ווערטל בײַ ייִדן: **ער קוועלט ווי אַ באָקסער.** דער אויסדרוק, אַגבֿ, האָט אַן איראָנישן בײַטעם – ס'איז ווי איר וואָלט זאָגן: זע אַ קוועלעניש אויף אים! וואָס איז אויף אים די גדולה, ווייס איך נישט. קוועלט ווי אַ באָקסער!

## קונדס

אַ ייִד פֿון די בראָנקס שרײַבט: "מיר זענען געזעסן, אַ גרופּע פֿרײַנד, און גערעדט וועגן דעם נאָר וואָס פֿאַרשטאָרבענעם ייִדישן הומאָריסט יוסף טונקל ע"ה, דערבײַ זענען דערמאָנט געוואָרן די אַ מאָל זייער פּאָפּולערע הומאָריסטישע וואָכנבלעטער ווי 'דער קיביצער', 'דער קונדס'. רופֿט זיך אָן איינער: 'פֿון וואַנען נעמט זיך דאָס וואָרט **קונדס**?' 'וואָס הייסט', ענטפֿערט אים אַ צווייטער, '**קונדס** איז אַ העברעיִש וואָרט. זעסט נישט אין אויסלייגן, אַז ס'איז העברעיִש? ק־ו־נ־ד־ס'. 'איך קען גאַנץ גוט העברעיִש', ענטפֿערט אים יענער צוריק, 'און איך האָב דאָס וואָרט **קונדס** קיין מאָל ניט באַגעגנט אין העברעיִש'. בקיצור, עס איז אַוועק אַ שפּאַרעניש און אַ דינגעניש און מיר האָבן באַשלאָסן אײַך צו פֿרעגן: פֿון וואַנען נעמט זיך דאָס וואָרט **קונדס**, וואָס איז זײַן שורש?"

**קונדס**, מײַן פֿרײַנד, איז איינע פֿון די טשיקאַווסטע ווערטער אין ייִדיש. כאָטש עס שרײַבט זיך ווי אַ העברעיִש וואָרט און אַלע זענען אונטער דעם אײַנדרוק, אַז עס שטאַמט פֿון העברעיִש, שטאַמט עס גאָר פֿון פּויליש. "קונדיס" אין פּויליש איז אַ קליין שטיפֿעריש הינטל אָדער, ווי מיר זאָגן אין ייִדיש, אַ צוציק, אַ הינטל אַ פֿאַרשײַטס, וואָס נאָר עס מאַכט זיך געקוליעט, מיט איין וואָרט, אַ שטיפֿער, אַ **קונדס**.

פֿאַר וואָס מען לייגט עס אויס ווי עס וואָלט געווען אַ העברעיִש וואָרט, נעמט זיך, אַ פּנים, דערפֿון, וואָס מיר האָבן עס באַשאָנקען מיט דער העברעיִשער פּלוראַלער פֿאָרעם: "ים", **קונדס** – **קונדסים**, פּונקט ווי מיר האָבן עס געטאָן מיט אַ סך אַנדערע ווערטער פֿון ניט העברעיִשן אָפּשטאַם: **דאָקטער** – **דאָקטוירים**, **פֿאַקטאָר** – **פֿאַקטוירים**, **רעדאַקטאָר** – **רעדאַקטוירים**, **ווונדער** – **ווונדיירים** און אַ סך אַנדערע. אָט די העברעיִשע פּלוראַלע ענדונג האָט גורם געווען, אַז מען זאָל אָנהייבן טראַכטן פֿון **קונדס** ווי פֿון אַ העברעיִש וואָרט און עס שרײַבן ווי אַ העברעיִש וואָרט. אָבער פֿאַר אַ טשיקאַווער, גיט אַ זוך אין אַ העברעיִשן ווערטערבוך און זעט, צי איר וועט געפֿינען דאָס וואָרט **קונדס**.[151]

---

151. מאַקס ווײַנרײַך באַשטעטיקט אין זײַן "געשיכטע פֿון דער ייִדישער שפּראַך", אַז **קונדס**

## קײַ־און־שפּײַ

אַ פֿרוי פֿון די בראָנקס פֿרעגט מיך: „פֿון וואַנען נעמט זיך בײַ אונדז דער אויסדרוק **קײַ־און־שפּײַ**?"

איר האָט אַ מאָל געגעסן, מומעשי, די קליינע פֿישעלעך, וואָס אין דער היים האָט מען זיי גערופֿן „סטינקעס" און דאָ רופֿט מען זיי „סמעלטס"? איז, אַז איר צעהאַקט זיי און איר מאַכט פֿון זיי האַלקעס אָדער קײַקעלעך, איז נאָך נישקשה – איז נאָך דאָ וואָס צו עסן. אָבער איר קאָכט זיי גאַנצערהייט – איז וואָס טוט איר ווען איר עסט זיי? טוט איר אַ קײַ און אַ שפּײַ, אַ קײַ דאָס פֿלייש און אַ שפּײַ די ביינדלעך. דערפֿאַר, ווען ייִדן ווילן זאָגן אויף אַ זאַך, אַז דאָס איז אַ קלייניקייט, אַז ס'איז נישטאָ וואָס אין האַנט צו נעמען און נישטאָ וואָס אין מויל צו נעמען, זאָגן זיי: ע! דאָס איז **קײַ־און־שפּײַ!** דאָס איז אַקוראַט ווי איר וואָלט געזאָגט: **אַ טראָפּן, אַ דזשעבליע, אַן עוקץ, אַ ביסן, אַ זופּ, אַ לעפֿל, אַ פֿינגערהוט, אַ לעק, אַ שמעק, אַ שפּריץ, אַ שמיץ, אַ שהי־פּהי, אַבי אָט, אַ שמיר איבער די ליפּן, אַ לעק פֿון געדיכטן, אויפֿן שפּיץ מעסער, אויף אַ צאָן, אויף אַ רפֿואה, אַ סך מיט נאָך! אַ קאַץ קען עס פֿאַרטראָגן אויפֿן עק.**

## קײַמא־לן

מ"ר יצחק עדעלמאַן פֿון ברוקלין פֿרעגט וואָס עס מיינט: „עס איז שוין אַ **קײַמא־לן** פֿון אַזוי פֿיל יאָרן".

**קײַמא־לן** איז אַן אַראַמישער אויסדרוק געניצט אין תּלמוד און ווערטערלעך איבערגעזעצט מיינט עס: אונדז איז באַשטימט. מיט אַנדערע ווערטער, מיינט עס אַ זאַך וועגן וועלכער עס קענען נישט זײַן קיין צוויי מיינונגען. אונדזערע זיידעס און טאַטעס האָבן עס געניצט אין לערנען ווי אַ סינאָנים פֿאַר דאָס וואָס מיר רופֿן איצט **הנחה**. פֿון לערנען זיי עס איבערגעטראָגן אין מיסחר ווי אַ סינאָנים פֿאַר אַ באַשטימטער סומע, פֿאַר דעם באַטרעף פֿון אַ זאַך. און **האָבן מיר אַ קײַמא־לן** איז אַקוראַט ווי איר וואָלט געזאָגט „האָבן מיר אַזוי גרויס ווי".

---

**שטאַמט טאַקע פֿון פּויליש, ניט פֿון לשון־קודש, פֿונעם וואָרט kundys – „ניט קיין לײַט" (באַנד 2, ז' 284). „קונדס, אויף וויפֿל איך זע, באַווײַזט זיך בכתבֿ צום ערשטן מאָל אין ספֿר הקונדס, ווילנע, 1824" (באַנד 3, ז' 322).**

# קיין טאָטער

אַ ייִד פֿון ברוקלין פֿרעגט: "וואָס מיינט דער אויסדרוק: **עס וועט שוין קיין טאָטער נישט העלפֿן**?"

פֿון וואַנען זענט איר, ר' ייִד? נישט אַנדערש פֿאַר פֿון הינטער די הרי־חושך, אויב איר ווייסט נישט דעם טײַטש פֿון דעם אויסדרוק. אין די קליינע שטעטלעך פֿון רוסלאַנד, פּוילן און גאַליציע, ווו ייִדן האָבן מערסטנס געוווינט, איז רופֿן אַ דאָקטער צו אַ חולה געווען אַ גרויסער לוקסוס, וואָס נאָר אַ גבֿיר האָט זיך עס געקענט פֿאַרגינען. דאָס געמיינע פֿאָלק, עמך, פֿלעגט רופֿן אַ דאָקטער ערשט דעמאָלט, ווען ס'איז שוין געווען בלית־ברירה, ווען דער חולה האָט שוין געפּאָכעט מיט דער נשמה. ווען עמעצער אין דער משפּחה פֿלעגט, חלילה, פֿאַרשלאַפֿט ווערן, פֿלעגט מען דאָס ערשטע שיקן נאָך דער באָבען. און ווען דער באָבעס סגולות האָבן נישט געהאָלפֿן, פֿלעגט מען שיקן נאָכן פֿעלדשער. און אַז דעם פֿעלדשערס באַנקעס און קליזע־פּאָמפּע האָבן אויך נישט געהאָלפֿן, איז אָדער מען פֿלעגט שיקן אַ קוויטל צום רבין אָדער מע פֿלעגט, להבֿדיל, אַראָפּפֿאָרן אין דאָרף און ברענגען דעם **טאָטער**, וואָס פֿלעגט פּרוּוון זײַן מזל מיט קרײַטעכצער. ייִדן פֿלעגן אים אויך רופֿן דער **קדר** [קיידער]. און אַז דער **טאָטער** מיט זײַנע קרײַטעכצער האָט שוין נישט געקענט העלפֿן, ערשט דעמאָלט פֿלעגט מען אַראָפּנעמען די האַנט פֿון האַרצן און שיקן נאָך אַ דאָקטער. דערפֿאַר, מײַן פֿרײַנד, זאָגט מען ביז הײַנטיקן טאָג וועגן אַ זאַך, צו וועלכער עס איז שוין קיין תּרופֿה נישטאָ, אַז **דערצו וועט שוין קיין טאָטער נישט העלפֿן.**

עס גייט אַפֿילו אַרום וועגן דעם אַ וויץ בײַ ייִדן. בײַם בעט פֿון דעם חולה האָבן זיך פֿאַרזאַמלט פֿיר מומעס און יעדע מומע גיט איר עצה, וואָס מע דאַרף טאָן. זאָגט איין מומע: "איך זאָג, אַז מע זאָל זיך נישט פֿאַרדרייען קיין קאָפּ מיט קיין נאַרישקייטן, נאָר שיקן נאָכן דאָקטער". זאָגט די צווייטע מומע: "אפֿשר יאָ, אָבער איך וואָלט געהייסן, אַז ביז וואָס ווען זאָל מען דערווײַל שיקן אַ קוויטל צום רבין". זאָגט די דריטע: "מיט דעם האָבן מיר נאָך צײַט, ס'ערשטע דאַרף מען אַראָפּפֿאָרן אין דאָרף אַרײַן און ברענגען דעם טאָטער. מײַן שמואל־זײַנוול האָט געהאַט די זעלבע חתונה און דער טאָטער האָט אים געגעבן צו טרינקען אַזלעכע קרײַטעכצער, וואָס האָבן זיי אים צוגענומען דאָס חלאַת ווי מיט דער האַנט". רופֿט זיך אָן די פֿערטע מומע, זייער אַ פֿרומע און גאָטספֿאָרכטיקע ייִדענע: "אָט האָסטו דיר אַ נײַעס. דעם טאָטער! מען דאַרף נישט דעם טאָטער, מען דאַרף צולויפֿן אין בית־מדרש און הייסן אַ מנין ייִדן זאָגן תּהילים. גאָט איז דער בעסטער טאָטער!"

## קיין מעשׂה ניט

אַ ייִד פֿון די בראָנקס שרײַבט: "איך האָב אַ שווער אַ ליטוואַק, זייער אַ ווילער ייִד. כאָטש נישט קיין גרויסער בעל־פּרנסה, איז ער תּמיד מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן און שטענדיק צופֿרידן מיט זיך. די וואָך פֿרעג איך אים: 'וואָס מאַכט איר, שווער?' (ער האָט פֿײַנט, אַז מע רופֿט אים 'פּאַפּ'.) ענטפֿערט ער מיר: 'קיין מעשׂה ניט'. זאָג איך: 'וואָס מיינט איר **קיין מעשׂה ניט**?' זאָגט ער: 'איך מיין: נישקשה, גאָט צו דאַנקען'. אפֿשר קענט איר מיר דערקלערן, פֿרײַנד סטוטשקאָוו, דעם זינען פֿון אַזאַ מין אויסדרוק?"

**איך קען. ווי איך האָב שוין נישט איין מאָל דערקלערט און באַוויזן מיט בײַשפּילן, האָבן ייִדן אַ נייגונג צו פֿאַרקירצן ווערטלעך. געווען אַן אויסדרוק, און ער איז נאָך איצט אויך דאָ: קיין מעשׂה־רע ניט. דאָס מיינט, קיין אומגליק נישט. האָט זיך ייִדן אויסגעוויזן, אַז דער "רע" שלעפּט זיך נאָך, האָבן זיי אים באַזײַטיקט און פֿון קיין מעשׂה־רע ניט איז געוואָרן: קיין מעשׂה ניט. און דער טײַטש איז אַקוראַט ווי אײַער שווער זאָגט: נישקשה, קיין בייזס ניט, ס'איז מיט חסד, נישטאָ וואָס צו זינדיקן. עס גייט אַפֿילו אַרום אַ קאַלאַמבור בײַ ייִדן וועגן קיין מעשׂה ניט, אָבער כּדי איר זאָלט אים פֿאַרשטיין, און אים ניט שלעכט אויסטײַטשן, דאַרפֿט איר געדענקען צוויי זאַכן. ערשטנס, אַז די אַלטע ייִדישע מעשׂיות וואָס די באָבעס אונדזערע פֿלעגן אונדז דערציילן שבת־צו־נאַכטס פֿאַר "גאָט פֿון אַבֿרהם" האָבן זיך אַלע אָנגעהויבן מיט "אַ מאָל איז געווען אַ מעשׂה, אַ מעשׂה פֿון אַ רבֿ מיט אַ רביצין..." צווייטנס, אַז כאָטש די היימישע רביצינס זענען געגאַנגען אין קאָפּקעס, פֿלעגן אַ סך פֿון זיי אַרויסשײַנען פֿון אונטער די קאָפּקעס, דאָס הייסט, זיי זענען געווען קיין מעשׂה ניט, גאַנץ נישקשהדיקע ייִדענעס. איז גייט דער קאַלאַמבור אַזוי: אַ רבֿ מיט אַ רביצין איז אַ גאַנצע מעשׂה, אַ רבֿ אָן אַ רביצין איז אַ האַלבע מעשׂה, די רביצין אַליין איז שוין גאָר קיין מעשׂה ניט.**

## קינד־און־קייט

מר"ס דוואָסין פֿון ברוקלין און אַ פּאָר ייִדן פֿון אַנדערע געגנטן בעטן, איך זאָל זיי געבן דעם טײַטש פֿון דעם אויסדרוק: **קינד און קייט**.

**איך שטעל זיך פֿאָר, אַז דעם טײַטש ווייסט איר. קינד־און־קייט מיינט אַלע. ווען דער רבי איז אַרײַנגעפֿאָרן אין שטעטל, זענען אים קינד־און־קייט אַרויס באַגעגענען. וואָס איר ווילט, אַ פּנים, וויסן איז נישט דעם טײַטש, נאָר דעם אָפּשטאַם פֿון דעם אויסדרוק. מילא, קינד ווייסט מען וואָס דאָס איז, אָבער וואָס איז דאָס פֿאַר אַ קייט אין מיטן דערינען? איז זײַט זשע וויסן, ייִדן, אַז דאָס איז נישט די קייט, מיט וועלכער מען בינדט צו אַ הונט אָדער מען שמידט אַרעסטאַנטן, נאָר אַן אַנדער סאָרט קייט. דאָס איז**

דאָס אַלט־גערמאַנישע וואָרט "קעט", וואָס שרײַבט זיך köt און מיינט: הויז און הויזגעזינט, קרובֿים, משפּחה. ווען איר זאָגט "**קינד־און־קייט** זענען אַרויסגעגאַנגען באַגעגענען דעם רבין", מיינט עס: אַלע זענען אַרויסגעגאַנגען, סײַ קינדער און סײַ דערוואַקסענע, די גאַנצע משפּחה, ס'גאַנצע בני־בית, אויפֿן שטייגער ווי מען זאָגט: **יונג און אַלט, קליין און גרויס, מנער ועד זקן.** דערבײַ וועט אײַך אויך זײַן אינטערעסאַנט צו וויסן, אַז דער זעלבער גערמאַנישער שורש köt געפֿינט זיך אין דעם אויסדרוק פֿון דער ענגלישער שפּראַך **kith and kin** וואָס מיינט אַקוראַט דאָס זעלבע וואָס אונדזער **קינד־און־קייט.** מיט איין וואָרט, **קינד־און־קייט** איז איינער פֿון די עלטסטע ייִדישע אויסדרוקן און אויף וויפֿל איך קען זיך דערמאָנען, איז דאָס דער איינציקער ייִדישער אויסדרוק מיט דעם אַלט־גערמאַנישן שורש köt – הויז.

## קליעפּקע

אַ פֿרוי פֿון מאַנהעטן וויל וויסן וואָס מען מיינט מיט דעם אויסדרוק: **עס פֿעלט אים אַ קליעפּקע אין קאָפּ.**

**קליעפּקעס,** מײַן טײַערע, רופֿט מען די ברעטלעך פֿון וועלכע עס ווערט צונויפֿגעשטעלט אַ פֿאַס. אַ פֿאַס אין וועלכער עס פֿעלט אַ **קליעפּקע** איז אַ שבֿרי־כּלי, וואָס קען מער צו גאָרנישט ניצן. ווען מען וויל זאָגן וועגן אַ מענטשן, אַז עפּעס איז בײַ אים אין מוח נישט אין אָרדענונג, פֿאַרגלײַכט מען זײַן קאָפּ צו אַ פֿאַס און מען זאָגט, אַז עס פֿעלט דאָרט אַ **קליעפּקע.** מען זאָגט אויך: **עס פֿעלט אים אַ שרײַפֿל אין קאָפּ** אָדער **אַ שרײַפֿל איז בײַ אים לויז געוואָרן; ער איז גערירט אויפֿן קאַסטן, עס איז בײַ אים נישט אין אָרדענונג אין אייבערשטיבל אאַז"וו.**

## קנאַקניסל

מר"ס קירשנבוים און צו איר נאָך אַ פּאָר ייִדן וואָלטן גערן וועלן וויסן דעם טײַטש פֿון דעם אויסדרוק: **רוף מיך קנאַקניסל.**

ס'ערשטע, לאָמיר קלאָר ווערן ווען דאָס ווערטל ווערט געניצט, דאָס וועט אײַך העלפֿן פֿאַרשטיין וואָס דאָס מיינט. אין דעם "אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך" וועט איר דאָס ווערטל געפֿינען אין דער גרופּע "אַרויסרוף", אין ענגליש – "טשאַלענדזש". ווען יענער "טשאַלענדזשד" אײַך און איר זאָגט, אַז איר האָט קיין מורא נישט פֿאַר אים, וואָס זאָגט איר? איר זאָגט: **איך פֿײַף אויף דיר! איך לאַך פֿון דײַן באָבען! איך האָב דיך אין לויוויטשו! איך האָב דיך אין באָד! קענסט מיר שיטן זאַלץ אויפֿן עק! קענסט מיך רופֿן** – דאָ קומט אַ וואָרט וואָס איז נישט שיין צו זאָגן אויפֿן ראַדיאָ [פּישער] – **אָדער דו קענסט מיך רופֿן קנאַקניסל.** און פּונקט אַזוי ווי דאָס וואָרט וואָס איז נישט שיין צו

זאָגן אויפֿן ראַדיאָ איז אַ באַליידיקונג־וואָרט, אַזוי איז **קנאַקניסל**. פֿרעגט זיך: סטײַטש, מיט וואָס איז **קנאַקניסל** אַ באַליידיקונג־וואָרט? איז דער תּירוץ, אַז **קנאַקניסל** איז טאַקע נישט קיין באַליידיקונג־וואָרט, אָבער דאָס וואָרט וואָס באַהאַלט זיך אונטער **קנאַקניסל** איז אַ וואָרט, וואָס מע רעדט נישט אַרויס אין אָנשטענדיקער געזעלשאַפֿט. בקיצור, **קנאַקניסל** איז אַן אײפֿעמיזם פֿאַר... שטויסט זיך אָן.

## קעלבערנע יוצרות

"וואָס מיינט **קעלבערנע יוצרות**?" פֿרעגט אַ ייִד פֿון די בראָנקס.

**קעלבערנע יוצרות** איז אַ שפּאַסיקע קאָרופּציע פֿון "כּל־בו יוצרות" – דאָס זענען די יוצרות, וואָס שטייען אין מחזור מיט קליינע אותיעלעך און וואָס ס'איז נישט קיין אומגליק, אַז מע היפּערט זיי איבער. פֿון "כּל־בו" איז געוואָרן **קעלבערנע**.

## קענען ווי אַ וואַסער

מ"ר יצחק עדעלמאַן וויל וויסן וואָס עס מיינט: **ער קען דעם חומש ווי אַ וואַסער**.

מענטשן וואָס האָבן אַן אויער פֿאַר קלאַנג ווייסן, אַז וואַסער איז נישט קיין שטום באַשעפֿעניש, אַז אַ לויפֿנדיק וואַסער רעדט. אַ גרויס וואַסער ווי אַ וואַסערפֿאַל, למשל, ווי די "ניאַגראַ־פֿאַלס", רעדט הויך, שרײַט און טומלט מיט אַזעלכע קולות, אַז מען קען טויב ווערן. אַ קליין וואַסערל פֿון אַ לויפֿנדיק ריטשקעלע רעדט שטיל, אײַנגעהאַלטן, בנימוסדיק, אָבער עס רעדט. און ווען אַ לויפֿנדיק וואַסער רעדט, רעדט עס אָן אויפֿהער און אָן אָפּהאַלט, ווײַל קיין זאַך שטייט אים נישט אין וועג. עס איז אַ פֿליסיק גערעדעכץ, דערפֿאַר זאָגט מען אויף אַ גוטן רעדנער מיט אַ געשליפֿענעם צונג **ער רעדט פֿליסיק** אָדער **ער איז אַ פֿליסיקער רעדנער**. און דערפֿאַר זאָגט מען אויף אַ ייִנגעלע וואָס קען די פּרשה חומש ווי עס באַדאַרף צו זײַן **ער זאָגט ווי אַ וואַסער** אָדער **ער קען ווי אַ וואַסער**. עס מיינט, ער זאָגט פֿליסיק, ער פֿאַרהאַקט זיך נישט אין מיטן.

דערקעגן, ווען אַ ייִנגעלע קען נישט די פּרשה פֿליסיק, ער פֿאַרהאַקט זיך אויף יעדן פּסוק, פֿאַרגלײַכט מען אים צו אַ האָלצהעקער און מען זאָגט: **ער האַקט האָלץ**. ווײַל פּונקט ווען מען האַקט האָלץ פֿאַרטשעפּעט מען זיך אַלע מאָל אין סענק, אַזוי פֿאַרטשעפּעט ער זיך אַלע מאָל אין אַ שווער וואָרט און בלײַבט שטיין און קען נישט גיין ווײַטער. וועגן אַזאַ ייִנגעלע איז דאָ זייער אַ שיינער קאַלאַמבור אין ייִדיש: **ער זאָגט עבֿרי ווי אַ וואַסער, נאָר דאָס וואַסער לויפֿט און ער שטייט.**

## קערמעשל

מ"ר גרינשטיין פֿון מאַנהעטן וויל וויסן, וואָס עס מיינט און פֿון וואַנען עס שטאַמט דער אויסדרוק: **מאַכן אַ קערמעשל**.

מיינען מיינט עס: מאַכן אַ סעודה, אַ הוליאַנקע, אַ לעב טאָג. און שטאַמען שטאַמט דאָס וואָרט **קערמעשל** אָדער פֿון פּוילישן "קיערמאַזש" אָדער פֿון דײַטשישן "קירמעס" [פֿון "קירך־מעס"], וואָס ביידע מיינען אַ יריד, און נישט סתּם אַ יריד, נאָר אַ יריד אויף וועלכן די פּויערים פֿון די דערפֿער קומען זיך צוזאַמען אין שטעטל נישט נאָר האַנדלען, נאָר אויך אײַנהייליקן אַ נײַעם אָדער באַנײַטן קלויסטער. און ווי דער שטייגער איז בײַ אַזאַ יום־טובֿ, לאָזט מען זיך נאָך דער צערעמאָניע וווילגיין. און דאָס איז אַקוראַט וואָס עס מיינט אין ייִדישן **מאַכן אַ קערמעשל** – זיך לאָזן ווילגיין. היימישע בונדיסטן האָבן געהאַט דערפֿאַר אַן אַנדער וואָרט, זיי פֿלעגן זאָגן: **מאַכן אַ ליאַמע**. פֿרעגט מיך נישט פֿון וואַנען עס שטאַמט דאָס וואָרט **ליאַמע**, ווײַל איך ווייס נישט.

## קרענק

מ"ר בערגער פֿון די בראָנקס בעט, איך זאָל אים פֿאַרטײַטשן דעם אויסדרוק: **כאָטש גיב אים אַ קרענק**.

דער אויסדרוק ווערט געניצט ווען עס רעדט זיך וועגן אַן עקשן, אַן אײַנגעשפּאַרטן מענטשן וואָס וואָס פֿאַר אַ מיטלען איר זאָלט נישט אָנווענדן קעגן אים, האַלט ער זיך בײַ זײַנס און וויל זיך נישט אונטערגעבן. נו, איז רעכענען ייִדן אויס אַ פּעקל מיטלען, וואָס וואָלטן אפֿשר יאָ געווירקט אויף אײַנצוברעכן זײַן עקשנות, למשל: **כאָטש נעם און האַק אים אַראָפּ דעם קאָפּ, כאָטש האַק אים און בראָק אים, כאָטש בראָק אים און שנײַד אים אויף צען שטיקער, כאָטש ברען אים און בראָט אים, כאָטש טעסע אין אים פֿלעקער, כאָטש שיס אין אים מיט האַרמאַטן, כאָטש גיב אים אַ קרענק.** געדאַרפֿט האָט עס אייגנטלעך זײַן: **כאָטש גיב אים איך ווייס נישט וואָס, כאָטש גיב אים דאָס טעלערל פֿון הימל**, אָבער אַזוי ווי איר זענט אין כּעס אויף אים, וואָס ער איז אַן אײַנגעשפּאַרטער אָקס, זענט איר אים שוין אין איין וועגס מכבד מיט אַ קללה און איר פֿאַרבײַט דאָס טעלערל פֿון הימל מיט אַ קרענק. ס'איז ווי אַן אַנדער ייִדיש ווערטל: **דו ווילסט? אַ מכּה פֿאַרן וועלן.**

## קרעפּלעך זאָלסטו עסן

מ"ר זאַלצמאַן פֿון ברוקלין וויל וויסן דעם טײַטש פֿון דעם אויסדרוק: **קרעפּלעך זאָלסטו עסן!**

דער אויסדרוק, מײַן פֿרײַנד, געהערט צו דעם קלאַס גוטמוטיקע קללות, און לאָמיך אײַך דערקלערן וואָס איך מיין מיט גוטמוטיקע קללות. פֿאַראַן אַ ווערטל בײַ ייִדן וועגן חזנים: **ווי דער חזן זאָל נישט זינגען, קריגט ער אַלץ אין טאַטן אַרײַן.** וואָס מיינט עס? עס מיינט, זינגט ער שלעכט, זאָגן ייִדן: "אַ רוח אין זײַן טאַטן אַרײַן, ווי ער האָט עס הײַנט צעהרגעט אַ דאַווענען". זינגט ער גוט, זאָגן זיי אויך: "האָט ער הײַנט דערלאַנגט אַ קדושה, זאָל נאָר אַ רוח אין זײַן טאַטן". דאַכט זיך, אין זעלבן טאַטן אַרײַן, אָבער וואָס פֿאַר אַן אונטערשייד – דער ערשטער **אין טאַטן אַרײַן** איז אַ קללה, דער צווייטער איז כּמעט אַ ברכה, אַ קאָמפּלימענט פֿאַר זײַן דאַווענען. און חזנים וואָלטן זיך געוווּנטשן דאָס צו הערן פֿון זייערע בעלי־בתּים כאָטש יעדן שבת. צי נעמט, אַ שטייגער, אַזאַ אויסדרוק: **ווער געהרגעט** – אַ קללה, אַיאָ? אָבער ווען איינער דערציילט אײַך אַ גוטן פֿעפֿערדיקן וויץ און איר פֿאַרגייט זיך אין געלעכטער און איר זאָגט "נו, ווער שוין געהרגעט", מיינט איר אים צו שעלטן? ס'הייבט זיך נישט אָן, פֿאַרקערט, איר מיינט אים גאָר דערמיט צו מאַכן אַ קאָמפּלימענט.

אינעם "אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך" האָב איך פֿאַרשריבן בערך זיבן הונדערט ייִדישע קללות, אויך אַ שפּאָר ביסל פֿון אָט די גוטמוטיקע קללות, ווי אַ שטייגער: **געשעדיקט זאָלסטו ווערן, קיין גוטער־ייִד זאָל דיך נישט קענען, גיי צו אַל די גוטע־יאָר, לאָז דיך אַראָפּ פֿאָר בליאַכאָן, וועסטו אַרויסקומען פֿאָר מאָסטעם.** און צווישן זיי געפֿינט זיך אויך אײַער **קרעפּלעך זאָלסטו עסן.** ווײַל וואָס דען זאָלט איר ווינטשן אַ ייִדן אין גוטן מוט – ער זאָל עסן מכּות, קדחת? פֿאַרשטייט זיך, נישט.

## ר' שבתי

מ"ר איזידאָר גאָלדמאַן פֿון ברוקלין שרײַבט, אַז בײַ זיי אין שטעטל ווען מען פֿלעגט בײַ עמעצן בעטן און יענער האָט די בקשה נישט געוואָלט דערפֿילן, פֿלעגט ער זאָגן: **איך וועל עס דיר אַהיים שיקן מיט ר' שבתין.** וואָס מיינט עס **מיט ר' שבתין?**

איך נעם אָן, מ"ר גאָלדמאַן, אַז ווען איר זענט געקומען קיין אַמעריקע, זענט איר שוין געווען אַ דערוואַקסענער מענטש און איר געדענקט נאָך דעם שמשׂ פֿון אײַער שטעטל. דאָ אין אַמעריקע, הער איך, זענען פֿאַראַנען שמשׂים, וואָס האַלטן די "מאָגעדזשעס" [היפּאָטעקן] אויף די שולן, און וועלכע זיי דינען. אין דער אַלטער היים זענען זיי על־פּי רובֿ געווען ביטערע קבצנים, וואָס אַחוץ זייערע געוויינטלעכע

פֿונקציעס פֿאַרבונדן מיט דער שול פֿלעגן זיי טאָן אַלץ אין דער וועלט, אַבי צו ציִען די בידנע חיונה. אין די מערבֿ־לענדער, למשל, אין די אַלט־דײַטשישע קהילות, פֿלעגט דער שמשׂ האָבן אַ זײַטיקע הכנסה פֿון פֿונאַנדערטראָגן די טשאָלנטער איבער די בעל־הבתּישע הײַזער יעדן שבת, און ווי אַ זכר פֿון יענער צײַט איז אונדז פֿאַרבליבן אין ייִדיש דער אויסדרוק **שאַלאַטן־שמשׂ**, וואָס עס מיינט דער שמשׂ פֿון די טשאָלנטער.

פֿון די פּוילישע שטעטלעך איז אָפּגערעדט. וואָס האָט דאָרטן דער שמשׂ נישט געטאָן? איז בײַ אַ רײַכן ייִדן געווען אַ שׂימחה, ווער איז געגאַנגען מיטן צעטל אײַנלאַדן די געסט צו דער שׂימחה? דער שמשׂ. חלילה, פֿאַרקערט, האָט בײַ אַ ייִדן געטראָפֿן אַן אומגליק, עמעצער אַוועקגעקומען רחמנא־לצלן, ווער קומט דער ערשטער? דער שמשׂ. עס איז ממש נישט אויסצורעכענען די פֿונקציעס, וואָס דער שמשׂ פֿלעגט אויספֿירן אין שטעטלשן לעבן. אָבער איינע פֿון די סאַמע וויכטיקסטע פֿונקציעס זײַנע איז געווען זײַן אַ משרת פֿאַר די רײַכע בעלי־בתּים, גיין אַ גאַנג: ר׳ שבתי, זײַט אַזוי גוט, גיט אַ לויף צו צו מיר אַהיים, איך האָב פֿאַרגעסן דאָס טאַביק־פּושקעלע. ר׳ שבתי, איך לאָז איבער דעם טלית, איר וועט מיר אים מאָרגן צוברענגען. און ווען איר האָט געבעטן בײַ אַזאַ ייִדן אַ פּאַרך אַ גמילות־חסד און ער האָט אָפּגעזאָגט, איז זאָגן ניין איז אים געווען ווייניק, ער האָט נאָך געדאַרפֿט מאַכן אַ וויצעלע. און וואָס איז געווען זײַן וויצעלע? **איך וועל דיר אַהיים שיקן מיט ר׳ שבתין.**

פֿאַרשטאַנען, מ״ר גאָלדמאַן? דאָס איז נישט גלאַט אַ ר׳ שבתי, דאָס איז ר׳ שבתי דער שמשׂ. ווען איר האָט אין אײַער ביכערשענקל דעם ״אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך״, וואָלט איר אויף זײַט 481 אין דער גרופּע ״אָפּזאָג״ געפֿונען אַ ים מיט אַזעלכע ווערטלעך, וואָס ייִדן פֿלעגן זאָגן אין שײַכות מיט אָפּזאָגן, למשל: **איך וועל דיר אַרײַנשיקן מיטן אָזשיאָרער שמשׂ, מיטן בראָדער שמשׂ, מיט ר׳ שבתין, מיט שעפּסל משרת, מיט הערשקען, מיט האָצמאַכן, מיט מאיר מלמד, מיט דער קאַזיאָנער פּאָסט** אאַז״וו. און די אַלע ווערטלעך האָבן איין מיין: אָט באַלד טראָג איך דיר אונטער. און געווען בײַ אונדז אין שטעטל אַ רײַכער ייִד, וואָס אַז מען פֿלעגט קומען צו אים נאָך אַ טובֿה, פֿלעגט ער עפֿענען די טיר און זאָגן: ״איר וועט אַזוי גוט זײַן קומען שבֿועות צו די בלינצעס״.

## רבי־געלט

מ״ר פֿעלדמאַן פֿון ברוקלין בעט איך זאָל אים אויסטײַטשן דעם זייער פּאָפּולערן אויסדרוק: **ער האָט באַצאָלט רבי־געלט.** ״וואָס מיינט עס **רבי־געלט** און וואָס מיינט דער אויסדרוק בכלל?״

**רבי־געלט** אין ייִדיש מיינט דאָס זעלבע וואָס "טיוּישן פּי" אין ענגליש. אַ מלמד בײַ ייִדן האָט געהייסן "רבי" און דאָס געצאָלטס, וואָס ער האָט געקראָגן פֿאַר לערנען מיט אַ ייִנגל, האָט געהייסן **שׂכר־לימוד** אָדער **רבי־געלט**. אָנגענומען אין חדר, איז דאָס ייִנגל אַ נאַריש קעלבל, אָן שׂכל, אָן פֿאַרשטאַנד, און אַרויסגעקומען פֿון חדר איז עס אַ פֿאָלנער מענטש, פֿול מיט תּורה און פֿול מיט חכמה. אמת, אַז פֿאַר דער חכמה, וואָס ער האָט זיך אײַנגעשאַפֿט אין חדר, האָט דער טאַטע געדאַרפֿט באַצאָלן **רבי־געלט**, אָבער אויף דעם איז מען דאָך אַ טאַטע. דאָס ייִנגל איז אויסגעוואַקסן, מיט מזל אַ חתן געוואָרן, נדן געקראָגן, חתונה געהאַט, און מען דאַרף אָנהייבן געבן אַ ווײַב פּרנסה. און דאָ ווײַזט זיך אַרויס, אַז דעם רבינס תּורה און דעם רבינס חכמה, וואָס ער האָט זיך אײַנגעשאַפֿט אין חדר, איז ווייניק אויף צו קענען געבן אַ ווײַב פּרנסה, און דאָס יונגער־מאַנטשיקל הייבט אויף ס'נײַ אָן צו גיין אין חדר – אין דעם חדר פֿון לעבן. ער נעמט דעם נדן, וואָס דער שווער האָט אים געגעבן, און לייגט אַרײַן אין איין מיסחר און דערלייגט, אין אַ צווייטן מיסחר און דערלייגט ווײַטער, אין דעם דריטן מיסחר דערלייגט ער שוין נישט. פֿאַר וואָס? ווײַל די ערשטע צוויי מיסחרים האָבן אים געמאַכט קליגער און דערפֿאַרענער. אמת, אַז פֿאַר דער קלוגשאַפֿט און דערפֿאַרונג האָט ער באַצאָלט **רבי־געלט** – אַ שיינע פּאָר הונדערט קערבלעך. אָבער ס'איז ווערט געווען. איצט איז ער אַ סוחר מיט סוחרים גלײַך.

אָט דאָס, מײַן פֿרײַנד, הייסט בײַ ייִדן **רבי־געלט**. ווען איר נעמט עפּעס אונטער אַ זאַך און עס געלינגט אײַך נישט, האָט איר אַ טרייסט, אַז דאָס צווייטע מאָל וועט איר שוין זײַן קליגער, ווײַל איר האָט עפּעס געלערנט דערפֿון. אײַ, דאָס לערנען האָט אײַך געקאָסט געלט און האַרצווייטיק און עגמת־נפֿש? נו, איז וואָס האָט איר געוואָלט, לערנען אומזיסט? אַז מען וויל לערנען דאַרף מען צאָלן **רבי־געלט!**

## דער רוח דעם מלמד

אַ ייִדישע פֿרוי פֿון ברוקלין וויל וויסן, פֿון וואַנען עס שטאַמט דאָס ווערטל: **כאַפּן ווי דער רוח דעם מלמד.**

דאָס ווערטל, מײַן ליבע פֿרוי, שטאַמט פֿון אַ ייִדיש פֿאָלקס־מעשׂהלע, וואָס ווערט דערציילט אין פֿאַרשיידענע ווערסיעס און איינע פֿון זיי גייט אַזוי. אַ מלמד, וואָס האָט געהאַט אַ קנעלונג אין דער פֿרעמד, איז געפֿאָרן אַהיים צום ווײַב אויף יום־טובֿ. אַן אַנדער מלמד, דו לאָזסט זיך אין אַזאַ ווײַטן וועג אַרײַן, דאַרפֿסט דורכפֿאָרן פֿאַרבײַ פּוסטע קרעטשמעס, ווו עס האַלטן זיך אויף שדים און רוחות, קוק איבער די ציצית און זע, צי זיי זענען כּשר. האָט ער נישט איבערגעקוקט. נו, איז זאָל עס נישט

טרעפֿן וואָס מיט אים האָט געטראָפֿן. דורכגעפֿאָרן פֿאַרבײַ אַ פּוסטע קרעטשמע, ווּ ס'איז גראָד פֿאָרגעקומען אַ חתונה פֿון די נישט־גוטע, איז אַרויסגעלאָפֿן אַ רוח, אַ שד, און האָט אַ כאַפּ געטאָן דעם מלמד און אים פֿאַרטראָגן אין אַ פּאַלאַץ, ווּ עס האָט געוווינט איינע פֿון זייערע, אַ שדיכע אין דעם געשטאַלט פֿון אַ יונגער, שיינער פּריצה. און וואָס זאָלט איר קלערן, צי דער מלמד איז געוואָרן אויס מלמד?

אָט אַזוי דערציילט מען די מעשׂה און דערפֿאַר זאָגט מען: **ער האָט אים געגעבן אַ כאַפּ ווי דער רוח דעם מלמד.**

## רויט הינטער די אויערן

אַ פֿרוי פֿון ברוקלין שרײַבט: "רעדנדיק מיט מײַנער אַ פֿרײַנדין וועגן אַן עלטערן מענטשן, אַן אַלמן, וואָס וויל נאָך, אַז מען זאָל אים רעדן אַ שידוך, מאַכט זי: 'וואָס איז דאָ אַזוינס? ער איז נאָך אַ גאַנץ קרעפּטיק ייִדל, ער איז נאָך **רויט הינטער די אויערן**. פֿרעג איך זי, וואָס מיינט זי מיט **רויט הינטער די אויערן**? זאָגט זי: 'אַזוי גייט אַ ווערטל'". און די פֿרוי פֿרעגט: "איז דאָ אַזאַ ווערטל בײַ ייִדן?"

עס איז דאָ אַזאַ ווערטל בײַ ייִדן און עס שטאַמט פֿון דעם, וואָס ווען ייִדישע פֿרויען פֿלעגן גיין פֿאַר טאָג אין מאַרק אַרײַן קויפֿן פֿיש אויף שבת און געוואָלט וויסן, צי די פֿיש זענען פֿריש, איז די ערשטע זאַך וואָס זיי פֿלעגן טאָן איז זען וואָס ס'הערט זיך בײַם פֿישל הינטער די אויערן. אויב עס איז נאָך **רויט הינטער די אויערן**, איז נאָך נישקשה. טאָמער נישט, טויג עס אויף צרות. דערפֿאַר, ווען מען רעדט וועגן אַן עלטערן מענטשן, וואָס האָט נאָך אין זיך אַ ביסל פֿרישקייט, וואָס טויג נאָך אי צו קידוש אי צו הבֿדלה, זאָגט מען: **ער איז נאָך רויט הינטער די אויערן.**

## רויך

אַ פֿרוי פֿון לאָנג־אײַלאַנד שרײַבט: "איך געדענק אַן אויסדרוק פֿון דער אַלטער היים, וואָס מען פֿלעגט זאָגן אויף אַ מענטשן אַ שלימזל: **ער שמעקט מיט רויך**. וואָס מיינט עס?"

איך שעם זיך נישט מודה צו זײַן, מײַן ליבע פֿרוי, אַז איך האָב פֿון דעם אויסדרוק נישט געהערט. אָבער איך האָב אַ חשד, אַז דאָס איז אַן אָפּשניצל פֿון אַ ייִדיש שפּריכוואָרט, וואָס גייט אַזוי: **בעסער אַז דער מאַן שמעקט מיט ווינט ווי מיט רויך**. און מיינען מיינט עס, אַז בעסער, דער מאַן זאָל אַרומפֿאָרן איבער דער וועלט און שמעקן מיט ווינט און זוכן פּרנסה פֿאַר ווײַב און קינד, איידער דאָס ווײַב זאָל זײַן די פּרנסה־געבערין און ער זאָל זיצן אין שטוב און קאָכן וועטשערע און שמעקן מיט רויך. אויב איר קענט זיך דערמאָנען, האָט מען זיך אין דער אַלטער היים געניוג אָנגעגעסן מיט רויך ביז מע האָט אָפּגעקאָכט אַ וועטשערע.

אָט דאָס, אַ פּנים, מיינט עס **ער שמעקט מיט רויך**. ער דאַרף גראָד נישט זײַן קיין שלימזל, ער קען זײַן אַ גאַנץ פֿעיִקער, נאָר אַ ליידיקער, וואָס וויל נישט אַרבעטן. דאָס ווײַב האַלט אַ קראָם און ברענגט אַרײַן די פּרנסה און ער זיצט אין דער היים, שלאָגט בײַדעקעס. און אַז דאָס ווײַב לויפֿט אַרײַן אין קראָם און שטעלט צו דאָס טעפּל, טוט ער איר די טובֿה און בלאָזט אונטער דאָס פֿײַער און מאַכט אָן אַ רויך אין שטוב. אַזאַ מאַן מוז **שמעקן מיט רויך**.

## רומל

אַ ייִד פֿון די בראָנקס וויל וויסן, פֿאַר וואָס מען זאָגט **ספֿרי־רומל**.

דאָס וואָרט **רומל**, מײַן פֿרײַנד, שטאַמט פֿון דעם דײַטשישן וואָרט "רומעל", וואָס מיינט אַלטוואַרג, אָדער ווי מיר רופֿן עס דאָ אין אַמעריקע – "דזשאָנק". מיר ייִדן האָבן דעם וואָרט צוגעגעבן נאָך אַ בײַבאַטײַט: אַ קאָלעקציע, אַ זאַמלונג פֿון פֿאַרשיידענע זאַכן. ווען אַ "דזשאָנקפּעדלער", אַ שמאַטעלייניק, ווי עס הייסט בײַ אונדז, ליידיקט אויס זײַן זאַק, קענט איר דאָרטן בײַ אים געפֿינען סחורה פֿון כּל־המינים: אַן אַלטן שוך, אַן אַלטן זייגער, אַ פֿאַרזשאַווערטן טשוואָק, אַ ליידיקן טינטער און אַפֿילו אַ פֿאַראַיאָריקן קאַלענדאַר. אָט דאָס הייסט **רומל**. געווען בײַ ייִדן אַן אינסטיטוציע – פּאַקן־טרעגערײַ. דאָס זענען געווען וואַנדערנדיקע מוכרי־ספֿרים, וואָס פֿלעגן אַרומפֿאָרן פֿון שטעטל צו שטעטל און באַזאָרגן ייִדן מיט גײַסטיקער שפּײַז. ווען אַזאַ פּאַקן־טרעגער פֿלעגט זיך צעלייגן פֿאַר מנחה מיט זײַן קראָם אין בית־מדרש, פֿלעגט איר דאָרטן געפֿינען וואָס אײַער האַרץ גלוסט זיך: אַ גאַנג חומשים און אַ גאַנג מחזורים, אַ סידורל און אַ בענטשערל, אַ תּחינה און אַ סליחה, און טאָמער האָט איר געוואָלט שמרס צי עוזר בלאָשטיינס אַ ראָמאַן, האָט איר עס בײַ אים אויך געפֿונען. אָט אַזאַ קראָם האָט געהייסן **ספֿרי־רומל**.

## רוף מיך נאַר און גיב מיר לעקעך

מר"ס לינאַ טווין פֿון די בראָנקס וויל וויסן פֿון וואַנען עס נעמט זיך דאָס ווערטל: **רוף מיך נאַר און גיב מיר לעקעך**.

ווען עס פֿלעגט זײַן אַ שׂימחה בײַ ייִדן, ווי אַ תּנאָים, למשל, אָדער אַ חתונה, פֿלעגן אַחוץ די געבעטענע געסט קומען אויך אומגעבעטענע געסט. די געבעטענע פֿלעגן, ווי דער שטייגער, זיצן בײַם טיש, און די אומגעבעטענע פֿלעגן שטיין בײַ דער טיר אָדער אַרום די אָפֿענע פֿענצטער און וואַרטן ביז דער מחותּן אָדער די מחותּנתטע וועט צוקומען זיי דערלאַנגען אַ שטיקל לעקעך און זאָגן: "נאַ און גיי געזונטערהייט". ווער זענען זיי געווען, אָט די אומגעבעטענע געסט? זעלדע־באַשע די צעדרייטע, רייצע די

משוגענע, זלמן־דוד דער מטורף, אַבֿרהמעלע נאַר און נאָך אַזעלכע פֿאַרשוינען. האָט געטראָפֿן, אַז צווישן אָט דער חבֿרה האָט זיך אַרײַנגערוקט איינער וואָס האָט נישט קיין שײַכות צו דעם געזינדל, נאָר גלאַט אַ לץ וואָס איז אַ בעלן אויף אַ שטיקל לעקעך. און ווען דער מחותּן איז צוגעקומען מיט דער טאַץ און אָנגעהויבן אויסטיילן לעקעך – ער איז אויך דאָ, ער שטרעקט אויך אויס די האַנט. קען ער אים, אָבער, דער מחותּן, און ער מאַכט צו אים: "פֿאַר וואָס קומט דיר לעקעך?" ענטפֿערט אים דער לץ: "פֿאַר וואָס קומט אַבֿרהמלען לעקעך?" – "ווײַל אַבֿרהמעלע איז אַ נאַר", ענטפֿערט אים דער מחותּן. איז דער לץ נישט קיין נאַר און האָט גלײַך אַן ענטפֿער דערויף: "נו, האָב איך אַן עצה – **רוף מיך נאַר און גיב מיר לעקעך**".

איך קען אײַך נישט קאַווירן, אַז דאָס איז פֿאָרגעקומען אַקוראַט ווי איך דערצייל אײַך, אָבער איך שטעל עס זיך אַזוי פֿאָר. דער מוסר־השׂכּל פֿון דעם און ענלעכע ווערטלעך איז: באַליידיק מיך, רוף מיך נאַר, אַבי גיב לעקעך, אַבי פּאָדאָווי.

## רײַסן אַ פּאָלע

אַ פֿרוי פֿון די בראָנקס וויל וויסן פֿאַר וואָס מען זאָגט וועגן אַ טײַערן סוחר, וועלכער לאָזט זיך באַצאָלן, וועלכער וויל, אַז מען זאָל אפּגילטן פֿאַר זײַן סחורה: **ער רײַסט אַ פּאָלע**.

אויב איר זענט געבוירן געוואָרן, מאַדאַם, אויף יענער זײַט ים, ווייסט איר אַוודאי, אַז ייִדן האָבן אַ מאָל געטראָגן לאַנגע קאַפּאָטעס, נישט אַזעלכע קורצע ווייטיקלעך ווי איצט, און קאַפּאָטעס האָבן פּאָלעס. איר ווייסט אַוודאי אויך, אַז די גוייִשע הינט אין די קליינע שטעטלעך האָבן זייער ליב געהאַט ייִדישע קאַפּאָטעס. אָפּרײַסן בײַ אַ ייִדן אַ פּאָלע איז געווען איינער פֿון זייערע גרעסטע הינטישע פֿאַרגעניגנס. נו, איז ווען ייִדן האָבן געזוכט אַ פֿאַרגלײַך פֿאַר אַ יקרותניק, פֿאַר איינעם וואָס באַנוגנט זיך נישט מיט אַן אָנשטענדיקן רווח, נאָר ווען איר גייט אַרײַן צו אים עפּעס קויפֿן, וואָלט ער אײַך אָפּגעשונדן און אויסגעטאָן נאַקעט, האָבן זיי אים פֿאַרגליכן צו אַ הונט וואָס רײַסט אַ פּאָלע.

## ריפּקוכן

מ"ר גרינבערג פֿון ברוקלין שרײַבט: "איך האָב געהערט ווי איר האָט מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק דערקלערט פֿון וואַנען עס שטאַמט דער אויסדרוק **האַק מיר נישט קיין טשײַניק**. אין דעם שטעטל פֿון וואַנען איך קום פֿלעגט מען אָבער אויך זאָגן: **האַק נישט קיין ריפּקוכן**. אפֿשר ווייסט איר אויך פֿון וואַנען דער אויסדרוק שטאַמט?"

דער אמת איז, אַז איך הער דעם אויסדרוק צום ערשטן מאָל, אָבער איך שטויס זיך אָן פֿון וואַנען ער נעמט זיך. געווען בײַ ייִדן אַ סגולה, אַ באַבסקע רפֿואה צו **ריפּקוכן**.

אפֿשר ווייסט איר נישט וואָס פֿאַר אַ חלאַת דאָס איז, וועל איך אײַך איבערראַשן און זאָגן, אַז **ריפּקוכן** איז אַן אַלט ייִדיש וואָרט פֿאַר דער **ענגלישער קרענק** אָדער **ראַכיט**, מען זאָל נישט וויסן דערפֿון, פֿון וועלכע ייִדישע קינדער פֿלעגן זייער אָפֿט לײַדן. ווען אַ קינד האָט רחמנא־לצלן געליטן אויף **ריפּקוכן**, פֿלעגט מען נעמען דאָס קראַנקע קינד, אַוועקלייגן אויף דער שוועל, אויפֿן קינדס בײַכל אַרויפֿלייגן אַ ברעטל און האַקן אויפֿן ברעטל מיט אַ קיאַנקע, אַזאַ שמאָל ברעטל מיט וועלכן מע קלאַפּט אויס וועש בײַם טײַך. דערבײַ פֿלעגט פֿאָרקומען אַזאַ צערעמאָניע. איין ייִדענע פֿלעגט שטיין אויף איין זײַט שוועל און אַ צווייטע ייִדענע – אויף דער אַנדערער זײַט שוועל, און צווישן ביידע ייִדענעס פֿלעגט פֿאָרקומען אַ דיאַלאָג, און דווקא אויף פּויליש. איינע זאָגט "צאָ ראָמבאַעש?" – דאָס הייסט: וואָס האַקסטו? ענטפֿערט איר די וואָס האַקט: "קראַ!" ענטפֿערט איר יענע צוריק: "ראָמבטשע טאַק נאַ דראָבני מאַק" – דאָס הייסט: גוט אַזוי, צעהאַק עס אויף דראָבנעם מאָן. און אַזוי דרײַ מאָל, און נאָכן דריטן מאָל, אויב דאָס קינד איז געבליבן אַ לעבעדיקס, איז דער **ריפּקוכן** אַוועק. אָט די באַבסקע רפֿואה האָט געהייסן: **האַקן דעם ריפּקוכן**. האָט זיך מסתּמא געפֿונען בײַ אײַך אַ לץ אין שטעטל, וואָס האָט ליב געהאַט פּאַראָדיעס און אַנשטאָט זאָגן **האַק מיר נישט קיין טשײַניק**, האָט ער געזאָגט **האַק נישט קיין ריפּקוכן**.

## רעד צו דער וואַנט

אַ ייִד פֿון די בראָנקס וויל וויסן ווען מען זאָגט און פֿאַר וואָס מען זאָגט: **רעד צו דער וואַנט**.

די אַלטע געשיכטע – איר האָט פֿאַרגעסן דעם צוזאַמענהאַנג. ווען איר זאָלט וויסן דעם ווען, וואָלט איר געוווּסט דעם פֿאַרוואָס.

דעם אויסדרוק נוצט מען ווען מען וויל זאָגן אויף אַ געוויסער טאַט, אויף אַ געוויסער אַקציע, אַז זי איז אומניצלעך, אַז זי וועט נישט ברענגען קיין רעזולטאַטן, מיט איין וואָרט, אַז ס'איז אַן עבֿירה די אַרבעט. **רעד צו דער וואַנט** פֿון הײַנט ביז מאָרגן, וועט זי אײַך ענטפֿערן? איז צו וואָס זשע איז דאָס רעדן? מען זאָגט אויך: **רעדן צום ווינט, דבר אל העצים ואל האבֿנים**. מען זאָגט אויך: **זוך דעם נעכטיקן טאָג, זוך אַ שפּילקע אין אַ וואָגן היי, זוך אַ גרויפּ אין שיטערער זופּ, לערן אַ פֿלאָקן טאַנצן, לערן די באָבע זינגען, מעלק אויס דעם באָק, און גיי צום וואָכערניק נאָך אַ גמילות־חסד**.

## רעד צום דאַשיק

צו דעם קלאַס פֿון קאָמישע רעפּאַרטיס געהערט אויך דאָס ווערטל, וועגן וועלכן עס פֿרעגט אַ ייִד פֿון די בראָנקס: **רעד צום דאַשיק.**

די היטלען, וואָס ייִדן האָבן אַ מאָל געטראָגן און קיין מאָל פֿון קאָפּ נישט אויסגעטאָן, סײַדן צום שלאָפֿן, האָבן, ווי איר ווייסט, געהאַט דאַשיקעס. איז ווען צוויי ייִדן האָבן זיך געקריגט, איז איינער געווען אַ באַרעדעוודיקער, וואָס האָט געשאָטן פּעך און שוועבל, און דער צווייטער איז געווען אַ קאַלטע נשמה, אַ שווײַגער, וואָס יענער האָט אַפֿילו געמעגט צעזעצט ווערן רעדנדיק, האָט ער נישט געענטפֿערט. און טאָמער האָט ער שוין געענטפֿערט, האָט ער געקענט געבן אַ זאָג: **רעד צום דאַשיק** – דאָס מיינט: רעד, רעד, דער דאַשיק וועט דיר ענטפֿערן, אַזוי וועל איך דיר ענטפֿערן. אַנדערע ייִדן, קאַלטע נשמות, פֿלעגן האָבן אַנדערע ענטפֿערס, ווי למשל: **רעד צו דער וואַנט, רעד צום ווינט, רעד צום גרעק, רעד צום לאָמפּ אָדער גאַדאַי דאָ לאַמפּי.** מיינען מיינען זיי אַלע איינס: **דבר אל העצים ואל האבנים.**

## שאַכער־מאַכער

אַ ייִד פֿון די בראָנקס פֿרעגט, פֿון וואַנען עס נעמט זיך דער אויסדרוק: **שאַכער־מאַכער.**

**שאַכער** נעמט זיך פֿון דעם פּוילישן וואָרט "שאַכרײַ" – שווינדלער, און **מאַכער** איז כּדי דער אויסדרוק זאָל זיך גראַמען: **שאַכער־מאַכער.** ס'איז אָבער אויך פֿאַראַן אַ יש־אומרים, אַז **שאַכער** שטאַמט פֿון דעם העברעיִשן "סוחר" אָדער "סחר" – האַנדלען. קלײַבט זיך אויס וואָס עס געפֿעלט אײַך בעסער. אַגבֿ, **שאַכער** אַליין אָן **מאַכער** האָט בײַ אונדז אין פּוילן געהייסן אַ הענדלער פֿון אַלטע זאַכן, וואָס פֿלעגט אַרומגיין איבער די הויפֿן און שרײַען: "אַלטוואַרג קויף איך! אַלטע קליידער, אַלטע שיך, אַלטע קאַלאָשן". אַ שטאַרק פֿאַרשפּרייטע פּרנסה איז געווען אין וואַרשע אָט דאָס דאָזיקע **שאַכערײַ.** די פּרנסה איז אונטערגעגאַנגען צוזאַמען מיט דער ייִדישער וואַרשע, בלויז דאָס וואָרט איז אונדז געבליבן.

## שאַנדער־באַנדער

מ"ר געלמאַן פֿון ברוקלין וויל וויסן דעם מיין פֿון דעם ווערטל: **שאַנדער־באַנדער, אַ כּפּרה איינס פֿאַר דאָס אַנדער.**

**שאַנדער,** ר' ייִד, מיינט זשאַנדאַר, און **פאַנדער** מיינט "פּאַנדור", אַן אונגערישער פּאָליציי־זעלנער. עסטרײַכישע ייִדן האָבן פֿון זייביידן קיין האָניק נישט געלעקט און ביידן קיין גוטס נישט געוווּנטשן, און וועלנדיק זאָגן, אַז איינער איז נישט בעסער פֿאַרן אַנדערן און אַז ביידע פֿאַרדינען דעם זעלבן סוף, האָבן זיי עס געמאַכט קורץ:

**שאַנדער־באַנדער, אַ כפּרה איינס פֿאַר דאָס אַנדער.** דאָס איז, אַזוי צו זאָגן, דער אָריגינעלער מיין פֿון דעם אויסדרוק. ביסלעכווײַז איז דער אָריגינעלער מיין פֿאַרגעסן געוואָרן און מע האָט אים אָנגעהויבן נוצן אין אַלגעמיין ווי אַ קללה אויף צוויי חבֿרים, אויף שותּפֿים וואָס ביידע זײַנען נישט ווערט וואָס די ערד טראָגט זיי.

ייִדן זאָגן אויך: **שני** (אָדער **שתּי**) **כּפּרות ביום אחד** אָדער: **זאָלן זיי איינער דעם אַנדערן איַינשלינגען און זיך איינער מיטן אַנדערן דערווערגן** אָדער נאָך שפּאַסיקער: **ווערן זאָל פֿון דיר אַ בלינטשיק און פֿון אים אַ קאַץ, ער זאָל דיך אויפֿעסן און זיך מיט דיר דערווערגן, וועלן מיר פֿון אײַך ביידן פּטור ווערן.**

## שבת נאָכן קוגל

אַ ייִד פֿון נואַרק, ניו־דזשוירזי, שרײַבט: "אין דער היים, געדענק איך, פֿלעגט זײַן זייער פּאָפּולער דאָס ווערטל **שבת נאָכן קוגל**. האָט עמעצער בײַ אײַך עפּעס געבעטן, האָט איר געענטפֿערט: 'וועסט עס קריגן **שבת נאָכן קוגל**'. וואָס האָט עס אייגנטלעך געמיינט?"

איידער איך ענטפֿער אײַך, מײַן פֿרײַנד, וויל איך בעטן, אַז מײַנע צוהערער זאָלן מיר געבן נאָך אַ וואָרט פֿאַר **קיין מאָל נישט**. אין מײַן "אוצר" האָב איך פֿאַרן וואָרט **שלאָגן** 300 ווערטער, פֿאַרן וואָרט **נאַר** – 200, פֿאַר אַנדערע האָב איך 50, 40, 20, 5, 3, 2, אָבער פֿאַרן וואָרט **קיין מאָל נישט** האָב איך בלויז איין וואָרט: **קיין מאָל נישט**, און גאָר – אַ יתום. אָ יע, הלמאַי זאָל איך זאָגן, איך האָב יאָ: פֿראַזעס, ווערטלעך, אָבער נישט קיין ווערטער. איך האָב, למשל: **אין קיין שום צײַט נישט, שבת נאָכן קוגל, חול־המועד פּורים, ווען עס וועט זײַן דרײַ טעג ראָש־חודש, ווען טשוועקעס וועלן בלײַען, ווען בײַ מיר וועט אויסוואַקסן האָר אויף דער דלאָניע** וכּדומה, וואָס מיינט אַלץ: **קיין מאָל נישט**. אָבער אַ וואָרט, אַ פּשוט וואָרט, וואָס מיינט **קיין מאָל נישט** האָב איך נישט, כאָטש צערײַס זיך.

אָט דאָס איז דאָס, מײַן ליבער פֿרײַנד. **שבת נאָכן קוגל** מיינט **קיין מאָל נישט**. פֿון וואַנען נעמט זיך דער אויסדרוק און פֿאַר וואָס מיינט עס **קיין מאָל נישט?** ניצט אַ ביסעלע פֿאַנטאַזיע און איר וועט זען ווי אַזוי אויסדרוקן ווערן געבוירן. שטעלט זיך פֿאָר איין וואַרשעווער ייִד האָט דעם צווייטן וואַרשעווער ייִדן געגעבן אַ 25ער אַ גמילות־חסד. מאָנט דער ייִד בײַ אים דאָס געלט און זאָגט: "בעריש, ווען קריג איך דעם 25ער?" ענטפֿערט בעריש: "**שבת נאָכן קוגל**". מיינט עס בעריש ערנסט צי ער שפּאַסט? אַוודאי שפּאַסט ער, ווײַל ווי קען ער אים שבת נאָכן קוגל געבן דעם 25ער, אַז מע טאָר שבת קיין געלט ניט האַלטן, וואָס זשע מיינט ער מיט **שבת נאָכן קוגל – קיין מאָל נישט**.

פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָס רעדט זיך וועגן אַ מאָל, ווען ייִדן זענען געווען ייִדן און שבת איז געווען שבת. ווען בעריש, וועלכער זיצט אין אַמעריקע, זאָל איצט זאָגן **שבת נאָכן קוגל**, קען גרינגלעך זײַן, אַז ער מיינט עס. אַ ייִד איז ער, שבת עסט ער, אָבער פֿון דעסט וועגן קענט איר בײַ אים שבת קריגן אַ 25ער. אָט קען איך, למשל, אַ ייִדן אַ ביזנעסמאַן, אַ שומר־שבת, וואָס וועט נישט טאָן קיין "ביזנעס" אום שבת ווען איר הרגעט אים. נו, בין איך איין מאָל געווען בײַ אים שבת און בײַגעווווינט אַזאַ סצענע. דער טעלעפֿאָן קלינגט, גייט ער צו: "העלאָו? אָ, דאָס ביסטו, וואָלפֿסאָן? איך האָב שוין לאַנג נישט געהערט פֿון דיר? יע, יע. וואָלפֿסאָן, דו האָסט, אַ פּנים, פֿאַרגעסן, אַז איך טו נישט קיין 'ביזנעס' אום שבת. יע, יע. וויפֿל, 3 דאָלאַר אַ פּאָר? 'אײַ עם סאָרי', אַפֿילו נישט קיין 3.25, אַז איך טו נישט קיין 'ביזנעס' אום שבת. 3.50? אָלרײַט, וויפֿל 'דאָזן' דאַרפֿסטו?" אָט דאָס איז אַמעריקע. טאַקע שבת, אָבער 3.50 איז "אָלרײַט".

## שהי־פּהי

צו מ"ר קיי פֿון ניו־דזשוירזי: ווען איר וואָלט נאָכגעקוקט בײַ אַלכּסנדר האַרקאַווי, וואָלט איר פֿאַרשפּאָרט שרײַבן. ער זאָגט אַקוראַט דאָס זעלבע וואָס איר, אַז **שהי־פּהי** איז לויט רש"ין די ראָשי־תּבֿות פֿון "שבת היום פּסח היום", און מיינען מיינט עס: אַ תּירוץ פֿאַר די בענטשליכט. ער ברענגט אָבער נאָך אַ סבֿרה, אַז דאָס זענען צוויי אַראַמעיִשע ווערטער "שהאָ" – זאַמען זיך, און "פּהאָ" – אַרומבלאָנקען זיך.

## שוואַרץ־יאָר

אַ ייִד פֿון די בראָנקס וויל וויסן, וואָס עס מיינט און פֿון וואַנען עס שטאַמט דער אויסדרוק: **שוואַרץ־יאָר**.

**שוואַרץ־יאָר** מיינט פּראָסט און פּשוט דער טײַוול. **דער שוואַרץ־יאָר זאָל אים נעמען** מיינט: דער טײַוול זאָל אים נעמען. שטאַמען שטאַמט דער אויסדרוק פֿון דעם דײַטשישן וואָרט "דער שוואַרצע", וואָס מיינט אייפֿעמיסטיש טײַוול. ווי אַזוי עס איז פֿון "דער שוואַרצע" געוואָרן דער **שוואַרץ־יאָר**, דאָס וועלן מיר לאָזן פֿאַר דעם קומענדיקן עטימאָלאָג. איין זאַך איז זיכער, אַז סײַ בײַ ייִדן, סײַ בײַ נישט־ייִדן איז דער טײַוול אידענטיפֿיצירט מיט שוואַרצקייט. אויב איר האָט אַ מאָל געזען אַ טײַוול אויף דער בינע, ווייסט איר, אַז ער איז שוואַרץ – דערפֿאַר זאָגט מען: **דער טײַוול איז נישט אַזוי שוואַרץ ווי מען מאָלט אים** אָדער **ער זעט אויס שוואַרץ ווי דער טײַוול**. און וואָס מיינט: **ער האָט אַ שוואַרצע גבֿורה?** – ער האָט אַ טײַוולשע גבֿורה. און **שוואַרץ־מזל?** – דאָס מזל פֿון אַ טײַוול. און **שוואַרץ־צקינטסלערײַ** וואָס מיינט? – כּישוף, אַן עסק מיט שדים, מיט טײַוואָלים. און אויב דער זכּרון דינט אײַך ווייסט איר מסתּמא, אַז ווען די

שדים און רוחות וואָס האָבן זיך אויפֿגעהאַלטן אין דער פּוסטער קרעטשמע האָבן זיך צעהוליעט און עס האָט זיך געטאָן אויף טיש און אויף בענק, האָט אָט די טײַוולשע שׂימחה געהייסן בײַ ייִדן: **שוואַרץ־שבת**. בקיצור, שוואַרץ איז דער טײַוולשער קאָליר און **שוואַרץ־יאָר** איז דער טײַוול. **גיי צו אַל די שוואַרץ־יאָר** מיינט: גיי צו אַל די טײַוול. וויל מען עס מאַכן ווייכער, זאָגט מען עס בלשון סגי־נהור: **גיי צו אַל די גוטע־יאָר**, אָבער מיינען מיינט עס דאָס זעלבע.

## שווימען

אַ ייִד פֿון ברוקלין וויל וויסן, וואָס עס מיינט **שווימען נאַזנדיק**.

דאָס מיינט שווימען אויף דער פּלייצע, אָבער פֿאַר וואָס מען רופֿט עס **נאַזנדיק** איז מיר נישט קלאָר. בײַ מיר זענען פֿאַרצייכנט אַ ריי ווערטער, וואָס האָבן צו טאָן מיט שווימען: **שווימען נאַזנדיק, שווימען אַ בענקעלע, שווימען זיצנדיק, גיין שטילע טריט, גיין טריטוואַסער, גיין פֿראָש־פֿראָשע, גיין קוממיות, לייגן קלאַפּטער, לייגן לאַבעס**. אונטערטונקען זיך מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פֿיס אַרויף האָט געהייסן **נורקעווען** אָדער **מאַכן אַ נאָרקע**. יענעם אונטערטונקען, אַז יענער זאָל זיך פֿאַרכליניען און נישט קענען דעם אָטעם כאַפּן, האָט געהייסן **געבן אַ קעפּל**. דאָס איז אַלץ וואָס איך האָב און וואָס איך ווייס וועגן שווימען. אפֿשר וואָלט איך געוווּסט מער, ווען איך בין אַ שווימער, איז מיר אָבער נישט באַשערט געווען. דאָס ערשטע מאָל, ווען איך האָב זיך געוואָלט לערנען שווימען אין בוג, האָט מען בײַ מיר צוגעגנבֿעט דאָס אָנטועכץ און פֿון דעמאָלט אָן שווים איך נישט מער.

## שווער, שוויגער, איידעם

אַ ייִדישע פֿרוי פֿון ברוקלין איז נײַגעריק צו וויסן, פֿון וואַנען עס נעמט זיך דאָס וואָרט **שווער** אין ייִדיש.

פֿאַר וואָס רופֿט מען אַ שווער **שווער?** אַ לץ האָט געענטפֿערט: ווײַל אַ גוטן שווער איז שווער צו קריגן און פֿון אַ שלעכטן שווער איז שווער פּטור צו ווערן. [אָדער: **אַ גוטן שווער איז שווער צו האָבן, אַ שלעכטן שווער איז שווער צו באַגראָבן**.]

סײַ **שווער**, סײַ **שוויגער**, מײַן טײַערע, נעמען זיך פֿון מיטל־הויכדײַטש "סוועהער" און "סוויגער". אין ייִדיש איז דער סמך איבערגעגאַנגען אין אַ שין, אָבער נישט אומעטום. פֿאַראַן ייִדן וואָס זאָגן נאָך איצט אויך "סווער" און "סוויגער". פֿון דעם זעלבן מקור שטאַמען אויך **שנור** און **איידעם**. אָבער דאָס ווערטל **ביידע איידעם שדים**, דאָס איז שוין אין גאַנצן אונדזער אויפֿטו.

און דאָס ברענגט מיך צו אַ פֿראַגע, וואָס אַ ייִד פֿון די בראָנקס פֿרעגט: "מײַן טאָכטער",

שרײַבט ער, ״געזונט און שטאַרק זאָל זי זײַן, האָט מיר געקויפּט צו מײַן געבורטסטאָג אײַער 'אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך'. איך וויל אײַך נישט זאָגן קיין שבֿחים, גרעסערע פֿון מיר זאָגן עס אײַך שוין. איך וויל אײַך בלויז זאָגן, אַזוי שוין צוויי זאַכן. ווי איך קום פֿאַר דער אַרבעט און עס אָפּ, איז אַנשטאָט ווי אַ מאָל זיך זעצן צום ראַדיאָ, זעץ איך זיך צו אײַער 'אוצר' און דעם פֿאַרגעניגן וואָס איך האָב איז נישט צו באַשרײַבן. אָבער איך זאָג אײַך פֿריִער, אַז איר וועט פֿון מיר האָבן צרות. וואָס איך פֿאַרשטיי נישט פֿאַרשרײַב איך און איר וועט מיר אַלץ מוזן דערקלערן. אָט, למשל, האָב איך צווישן די פֿײַנע ווערטלעך וועגן **שווער** און **שוויגער** געפֿונען אַזאַ ווערטל: **אַן איידעם ווי אַ טשאָלנט**. וואָס מיינט עס?״

עס מיינט גאָר פּשוט, מײַן פֿרײַנד, פּונקט ווי מיט אַ טשאָלנט קען מען קיין מאָל נישט זײַן זיכער, צי ער וועט געראָטן צי ניין, אַזוי איז מיט אַן איידעם. איר פֿאַרשטייט, ר׳ ייִד, איצט איז אַן איידעם נישט אַזאַ גרויסע פּראָבלעם, ווײַל ווען זעט מען אים אין די אויגן? ווען ער קומט צו שווער־און־שוויגער אויף פֿיש. אָבער אַ מאָל, ווען מע האָט אים געדאַרפֿט אויסהאַלטן אַ פּאָר יאָר מיט קעסט, איז אַז גאָט האָט צוגעשיקט אַ ניט־געראָטענעם איידעם, איז טאַקע געווען גרויסע צרות. מיט אַ פּאָר שורות ווײַטער וועט איר אין דעם ״אוצר״ געפֿינען אַ ווערטל וואָס דערציילט וואָס שווער־און־שוויגער פֿלעגן זאָגן וועגן אַזאַ נישט־געראָטענעם איידעם: **ער עסט נישט, נאָר ער פֿרעסט, ער טרינקט נישט, נאָר ער זויפֿט, ער שלאָפֿט נישט, נאָר ער פּאָפּט.** מען דערציילט, אַז אַ שווער וואָס האָט געהאַט אַן איידעם אויף קעסט, וואָס האָט געהייסן ניסן, האָט זיך איין מאָל אויסגערעדט דאָס האַרץ פֿאַר אַ פֿרײַנד און אַזוי געזאָגט: ״הערסטו, בערל, איך האָב שוין געזען אין מײַן לעבן פֿרעסט: כסלו־פֿרעסט, טבֿת־פֿרעסט, שבֿט־פֿרעסט, אָדר־פֿרעסט, אָבער ניסן פֿרעסט – דאָס איז שוין נישט אויסצוהאַלטן״.

## שול און קלויז

אַ ייִד פֿון ברוקלין פֿרעגט, צי ס׳איז דאָ אַן אונטערשייד צווישן **שול** און **קלויז**.

עס איז דאָ. אונטער **שול** מיינט מען בלויז אַ מקום־קדוש, אַ מקום־תּפֿילה, וווּ ייִדן דאַוונען. **קלויז, בית־מדרש, שטיבל** איז סײַ אַן אָרט אויף צום דאַוונען און סײַ אַן אָרט אויף צום לערנען. מען זאָגט: ער דאַוונט אין שול, אין בית־מדרש, אין קלויז, אין שטיבל. מען זאָגט אויך: ער לערנט אין בית־מדרש, אין קלויז, אין שטיבל. מען זאָגט אָבער קיין מאָל נישט: ער לערנט אין שול. ווען מען זאָגט דאָס, מיינט מען נישט קיין מקום־קדוש, נאָר מען מיינט אַ וועלטלעכן לערן־אַנשטאַלט, וואָס הייסט אויך **שול**.

## שוסטער

אַ ייִד פֿון די בראָנקס, גראַד, דאַכט זיך, אַן "אינשורענס"־אַגענט, נעמט זיך אָן די קריוודע פֿון שוסטערס. "פֿאַר וואָס", פֿרעגט ער, "זאָגט מען אויף אַ פּאַרטאַטש, אויף איינעם, וואָס קען נישט קיין מלאָכה, וואָס הרגעט אָפּ אַ שטיקל: **ע, ביסט אַ שוסטער!**"

דאָס איז דערפֿאַר, מײַן פֿרײַנד, וואָס שוסטערײַ איז אין דער אַלטער היים געווען פֿאַררעכנט פֿאַר דער נידעריקסטער מלאָכה, צו וועלכער מע האָט נישט געדאַרפֿט זײַן קיין גרויסער בריה. ווען אַ ייִדיש ייִנגל האָט נישט געהאַט קיין חשק צו לערנען, פֿלעגט אים דער טאַטע סטראַשען: "אַז דו וועסט נישט וועלן לערנען, וועל איך דיך אָפּגעבן פֿאַר אַ שוסטער!" פֿאַר וואָס האָט ער נישט געזאָגט: איך וועל דיך אָפּגעבן פֿאַר אַ זייגער־מאַכער, צי פֿאַר אַ שנײַדער? ווײַל זייגער־מאַכערײַ איז אַן איידעלע מלאָכה, צו וועלכער מען דאַרף האָבן קאָפּ, און צו שנײַדערײַ דאַרף מען אויך האָבן אַ שטיקל סמיקאַלקע, אָבער צו זײַן אַ שוסטער איז אַ פֿאַרשטאָפּטער קאָפּ אויך גוט. ווײַל, מישטיינס געזאָגט, די חכמה וואָס מען דאַרף האָבן צו לייגן אַ לאַטע אויף אַ פּאָר אַלטע טשאָבעטעס... און דאָס זענען געווען דאָס רובֿ היימישע שוסטערס, לאַטוטניקעס, ווײַל ווען האָט מען געמאַכט אַ פּאָר נײַע שיך אָדער שטיוול? איין מאָל אין אַ יובֿל און צוויי מאָל אין אַ שמיטה, און איינעם פֿון הונדערט פֿלעגט מען פֿאַרטרויען אַ נײַ שטיקל אַרבעט. איז אָט די לאַטוטניקעס האָבן עס גורם געווען, אַז דאָס וואָרט **שוסטער** זאָל ווערן אַ סינאָנים פֿאַר פּאַרטאַטש. עס גייט אַפֿילו אַרום אַן אַנעקדאָט וועגן דעם.

קיין יאַלטע איז אַ מאָל געקומען שפּילן אַ ייִדישע טרופּע. נאָך דער ערשטער פֿאָרשטעלונג קומט אָן אַ פּריקאַז פֿון גובערנאַטאָר, אַז אין פֿיר און צוואַנציק שעה מוז די טרופּע זיך פֿאַרנעמען פֿון יאַלטע. זיי האָבן נישט קיין "פּראַוואַזשיטעלסטווע" – וווינרעכט.

טוט דער דירעקטאָר אָן זײַן שלוסראָק מיטן צילינדער און לויפֿט צום גובערנאַטאָר אָפּשרײַען די גזרה: "סטײַטש, פֿאַר וואָס קומט עס אונדז?"

הערט אים דער גובערנאַטאָר אויס און מאַכט צו אים קאַלט: "נעטשעוואָ גאַוואַריט" –נישטאָ וואָס צו רעדן. "איר מוזט אײַך פֿאַרנעמען פֿון יאַלטע. אין יאַלטע האָבן וווינרעכט נאָר ייִדישע בעל־מלאָכות – שנײַדערס, שוסטערס, אָבער נישט קיין אַרטיסטן".

צעשײַנט זיך בײַם טעאַטער־דירעקטאָר דאָס פּנים און ער מאַכט: "אַרטיסטן זאָגסטו – ווען דו זעסט ווי זיי האָבן נעכטן אַוועקגעהרגעט אַ פֿאָרשטעלונג,

וואָלטסטו נישט געזאָגט, אַז זיי זענען אַרטיסטן. שוסטערס! שוסטערס איינער בײַ איינער און זיי האָבן אַ רעכט צו זײַן אין יאַלטע!״

## שטאַרקער פֿון אַן אייער־בייגל

מ״ר אַבאַש פֿון די בראָנקס וויל וויסן דעם פּשט פֿון דעם ווערטל: **שטאַרקער פֿון אַן אייער־בייגעלע בין איך נישט.**

געדענקט איר, מײַן טײַערער, די חסידישע אייער־בייגל, ווי איידל און קרוכלע זיי זענען געווען? אַזאַ אייער־בייגל האָט זיך ממש געבעטן בײַ אײַך: ״קוק מיך אָן און ריר נישט אָן, ווײַל ווי דו רירסט מיך אָן צעפֿאַלט איך זיך גלײַך״. דאָס מיינט, אַז אַן אייער־בייגל איז ווי אַ שוואַכע זאַך, אָן האַפּט, אַיאָ? וואָס איז אַ שטאַרקע זאַך? אײַזן. דערפֿאַר זאָגן ייִדן: **ער איז שטאַרק ווי אײַזן, מען דאַרף זײַן שטאַרקער פֿון אײַזן, אַז מען זאָל עס אויסהאַלטן.** און ווען איינער פֿאַרענטפֿערט זיך פֿאַר וואָס ער קען נישט אויסהאַלטן, זאָגט ער: **שטאַרקער פֿון אײַזן בין איך נישט.** נו, איז געקומען עמעצער מיט אַ חוש פֿאַר הומאָר און האָט דערויף געמאַכט אַ פּאַראָדיע: **שטאַרקער פֿון אַן אייער־בייגעלע בין איך נישט.** מען זאָגט נאָך אַנדערש: **שטאַרקער פֿון אַ לאָקשן־קוגל בין איך נישט.**

## שטויסן וואַסער

מ״ר גרינשטיין פֿון לאָנג־אײַלאַנד שרײַבט: ״איך בין אַנומלטן געווען אויף אַ מיטינג, איז איינער אַרויף אויף דער עסטראַדע און האָט זיך אַװעקגעשטעלט רעדן וועגן אַ זאַך וואָס מע האָט שוין גערעדט, אַז ס׳איז שוין מיאוס הערנדיק, מאַכט צו מיר מײַן שכן וואָס זיצט לעבן מיר: ׳**ער שטויסט וואַסער**׳. זאָג איך: ׳וואָס מיינט איר **ער שטויסט וואַסער**?׳ זאָגט ער: ׳נו, **ער שטויסט וואַסער**׳״. בקיצור, מ״ר גרינשטיין וויל וויסן, צי ס׳איז דאָ אַזאַ אויסדרוק **ער שטויסט וואַסער**, און וואָס ער מיינט.

עס איז דאָ, מײַן פֿרײַנד. דאָס איז איינער פֿון די צענדליקער אויסדרוקן וואָס מיר האָבן אין ייִדיש פֿאַר אומנוציקער, אומזיסטיקער אַרבעט. פּשוטו־כּמשמעו קען דער אויסדרוק **שטויסן וואַסער** מיינען צוויי זאַכן: שטופּן וואַסער און שטויסן, צעברעקלען (אַרײַנגיסן וואַסער) אין אַ שטייסל און שטויסן. קענט איר **שטויסן וואַסער**, אָפּשטופּן דאָס וואַסער אין אַ טײַך אָדער ים? איר קענט, אָבער וואָס וועט איר האָבן דערפֿון? וויפֿל איר וועט נישט שטויסן וועט עס אַלץ צוריקקומען אויפֿן זעלבן פּלאַץ. האָט אַ זינען צו נעמען און אַרײַנגיסן וואַסער אין אַ שטייסל און שטויסן? אַוודאי נישט. עס וועט שיטערער ניט ווערן. נימצא, אַז ביידע זאַכן זײַנען אַרויסגעוואָרפֿענע אַרבעט, און דאָס איז אַקוראַט וואָס עס מיינט בדרך־מליצה **שטויסן וואַסער**: טאָן אַן אַרבעט

וואָס ברענגט נישט קיין שום נוצן. ווען איינער רעדט אַבי צו רעדן און די רייד זײַנע ברענגען נישט קיין נוצן, **שטויסט ער וואַסער**. ווען איינער טוט עפּעס אַ זאַך און דאָס טאָן פֿירט נישט צו קיין רעזולטאַטן, **שטויסט ער וואַסער**.

אַגבֿ, איז עס נישט דאָס איינציקע ווערטל וואָס מאַמע־לשון פֿאַרמאָגט אין שײַכות מיט אומנוציקע טוּונגען. מיר האָבן נאָך שענערע, למשל: **אַרויסנעמען אַ שויב פֿון איין פֿענצטער און אַרײַנשטעלן אין אַ צווייטן**; אָדער ווי ווילנער ייִדן פֿלעגן זאָגן: **אַרויסנעמען אַ שויב אויף אַנטאַקאָליע און אײַנשטעלן אין שניפּישאָק**. און וואָס מיינט: **זוכן דעם נעכטיקן טאָג, זוכן אַ שפּילקע אין אַ וואָגן היי, זוכן אַ גרויפּ אין אַ שיטערער זופּ?** אויך דאָס זעלבע: טאָן אַן אומנוציקע אַרבעט. צי אַ שטייגער אַזעלכע אויסדרוקן ווי: **לערנען אַ פֿלאָקן טאַנצן, לערנען די באָבע זינגען, אויסמאָלן אַ טעם פֿון סמעטענע, פֿאַרשפּאַרן מיט אַ שפּענדל די ווילִיע, מעלקן דעם באָק, זוכן יושר בײַם פּריסטאַוו, סטראַשען אַ קאָזאַק מיט מחצית־השקל**. דאָס אַלץ און נאָך, וואָס איך האָב נישט קיין צײַט אויסצורעכענען, מיינט אַקוראַט דאָס זעלבע וואָס **שטויסן וואַסער**: טאָן אַן אַרבעט וואָס וועט קיין נוצן נישט ברענגען.

## אַ שייגעץ אָן אַ פּײַפֿל

אַ ייִד פֿון די בראָנקס שרײַבט: "קענט איר מיר זאָגן, פֿרײַנד סטוטשקאָוו, ווען מען ניצט דאָס ווערטל **אַ שייגעץ אָן אַ פּײַפֿל**? און אַז איר זאָגט שוין, זאָגט שוין אויך וואָס דאָס מיינט".

איך וועל אײַך ביידע זאַכן צו ליב טאָן. שטעלט זיך פֿאָר, אַ ייִד האָט אָפּגעלעבט מיט אַ ווײַב אַ יאָר 25־30, און אָפּגעלעבט אַ גוט לעבן, געווען איין לײַב און איין נשמה, איינס אָן אַנדערן קיין מאָל אַ טראָט נישט געטאָן. פּלוצלינג הייבט זי זיך אויף די ייִדענע זײַנע און פֿאָרט אַוועק צו איר שוועסטער אין ראַטשעסטער – ווי פֿילט זיך דער ייִד? אַ האַלבער מענטש! ווײַל עס פֿעלט אים די בעסטע העלפֿט זײַנע. אַן אַנדער ייִד, נישט אַזאַ געטרײַען מאַן, וועט אפֿשר נישט פֿעלן קיין העלפֿט, וועט אים פֿעלן אַ דריטל, אַ פֿערטל, עפּעס וועט אים פֿעלן, אין גאַנצן וועט ער נישט זײַן.

אַ שייגעץ אָדער אַ פּאַסטעך איז אַ גאַנצער מענטש נאָר דעמאָלט, ווען ער האָט מיט זיך דאָס פּײַפֿל. אָן דעם איז ער נישט קיין גאַנצער מענטש, ווײַל עס פֿעלט אים עפּעס. דערפֿאַר ווען בײַ אַ ייִדן פֿאָרט אַוועק דאָס ווײַב קיין ראַטשעסטער, בלײַבט ער – **ווי אַ שייגעץ אָן אַ פּײַפֿל**, ד"ה נישט פֿול, נישט אין גאַנצן, נישט קאָמפּלעט. ער קען אויך בלײַבן **ווי אַ שטוב אָן אַ דאַך, ווי אַ טיר אָן אַ קליאַמקע, ווי אַ רבֿ אָן אַ רביצין, ווי אַ קלעזמער אָן אַ סמיטשיק, ווי אַ חזן אָן אַ קאַמערטאָן, ווי אַ ייִדענע אָן אַ צאינה־וראינה** און

נאָך און נאָך, אָבער פֿאַר מער האָב איך קיין צײַט נישט.

## שיינער ייִד און זײַדענער מענטש

אַ ייִד פֿון ברוקלין שרײַבט מיר: "איך שפּאַר זיך מיט מײַנעם אַ פֿרײַנד וועגן דעם אויסדרוק: **אַ זײַדענער מענטש**. ער זאָגט, אַז דאָס מיינט אַ גוטער מענטש, אָבער מיר שײַנט, אַז דאָס מיינט אַן איידעלער מענטש, אַ מענטש אַן אָנגענומענער, אַ מענטש וואָס קען לערנען אאַז"וו".

איר זענט ביידע גערעכט. **אַ זײַדענער מענטש** מיינט אַ גוטער מענטש, אַ מענטש מיט אַ זײַדן האַרץ, אַ האַרץ צאַרט און ווייך ווי זײַד. און **אַ זײַדענער מענטש** מיינט אויך דאָס וואָס איר זאָגט – אַן איידעלער מענטש, אַ בעל־מידות, אַ בן־טובֿים, אַ מורנו, מיט איין וואָרט, ווי מען פֿלעגט זאָגן אין פּוילן: **אַ שיינער ייִד**. איר האָט דאָך געהערט די מעשׂה וועגן דעם שיינעם ייִד צי איר האָט נישט געהערט?

אַ וואַרשעווער ייִד באַגעגנט זיך מיט אַ ייִדן פֿון דער פּראָווינץ. דערהערנדיק, אַז דער ייִד איז פֿון מאַקעווע, מאַכט ער צו אים: "אויב איר זענט אַ מאַקעווער, דאַרפֿט איר אַוודאי קענען ר' שמואל־זײַוועלען". – "שמואל־זײַוועלען?" מאַכט דער מאַקעווער. "מיר האָבן עטלעכע שמואל־זײַוולס, וועלכן מיינט איר?" – "נו", מאַכט דער וואַרשעווער, "דער וואָס האָט, נישט פֿאַר מיר גערעדט, קאַליע אויגן". – "איך ווייס נישט", מאַכט דער מאַקעווער, "וועמען איר מיינט". – "אָ, רבונו־של־עולם", ווערט שוין דער וואַרשעווער אומגעדולדיק, "וואָס, איר ווייסט נישט, איר מוזט אים קענען. ער האָט אַ ביסל אַן אײַנגעבויגענע פּלייצע". – "רעדט זשע אַזוי", שרײַט אויס דער מאַקעווער ייִד, "איר זאָגט קאַליע אויגן, גיי ווייס ווער דאָס איז, איר מיינט דעם סליעפּאַק מיטן אויסגעקראָכענעם קאָפּ, מיט אַ שטיקל הויקער, נישט אין מײַן מאָס גערעדט. אַ שאלה צי איך קען אים – ער דאַוונט מיט מיר אין שטיבל! אַ שיינער ייִד!"

## שיקן נאָכן מלאך־המוות

אַ ייִדישע פֿרוי פֿרעגט פֿאַר וואָס מען זאָגט: **מען דאַרף אים שיקן נאָכן מלאך־המוות**.

דאָס זאָגט מען וועגן איינעם וואָס, אַז מע שיקט אים ערגעץ, פֿאַרגעסט ער צו קומען. נו, אַזאַ איינעם איז זייער גוט צו שיקן נאָכן מלאך־המוות, ווײַל ער וועט קיין מאָל נישט קומען מיט אים.

## שלאָפֿן אין שלייער

אַ פֿרוי פֿון לאָנג־אײַלאַנד שרײַבט: "אין אײַערע אַנאָנסן, פֿרײַנד סטוטשקאָוו, באַנוצט איר זייער אָפֿט דעם אויסדרוק: **שלאָפֿט נישט אין שלייער**. פֿון וואַנען נעמט זיך דער אויסדרוק און וואָס מיינט איר מיט אים ווען איר זאָגט אים?"

נעמען נעמט זיך דער אויסדרוק פֿון אַ מעשׂה מיט אַ געראָטענער כּלה, וואָס האָט אין דער חופּה־נאַכט זיך געלייגט שלאָפֿן אין שלייער און... מער קען איך אײַך נישט דערציילן. איז אָט דער געראָטענער כּלה האָבן מיר צו פֿאַרדאַנקען אַ ייִדיש שפּריכוואָרט, וואָס זאָגט: **אַ שלימזלניצע שלאָפֿט אין שלייער**. און ווען איך זאָג **שלאָפֿט נישט אין שלייער**, מיין איך: זײַט נישט קיין שלימזלניצע, קיין פֿוילע. איר דאַרפֿט עפּעס טאָן? טוט עס אָפּ און לייגט נישט אָפּ אויף שפּעטער.

## שלימזל

אָט בעט מען מיך זײַן אַ בורר. אַ ייִד פֿון קאָראָנע שרײַבט: "איך שפּאַר זיך מיט מײַן אָנקל וועגן דעם וואָרט **שלימזל**. ער זאָגט, אַז **שלימזל** מיינט אַ מענטש וואָס האָט נישט קיין מזל, וואָס עס גייט אים נישט. און איך זאָג, אַז **שלימזל** מיינט אַזעלכער וואָס טויג נישט אַ קאַץ אַן עק צו פֿאַרבינדן. וואָס זאָגט איר – ווער איז גערעכט?"

איך זאָג, אַז איר זענט ביידע גערעכט. דאָס וואָרט **שלימזל** האָט ביידע טײַטשן. איינער וואָס האָט נישט קיין מזל הייסט: **שלימזל, שלומיאל, שלמה־זלמן, לא־יוצלח, שמעיה בעל־פּרנסה**. און דער וואָס טויג נישט צו קיין זאַך הייסט אויך: **שלימזל, שלימזלניק, לא יוצלח**. ער הייסט אָבער אויך: **טויגענישט, קאַליקע, פּאַרטאַטש, פּאָקראַקע, פּורצע, באָנדער, קאָוואַל**. איר ווילט נאָך? נאַט אײַך נאָך: **מלמד, קלויזניק, שלאַק, צרה, כאָלעריע, קאַליע־מאַכער, אַ בריה מיט דער צונג, אַ מזיק צו די קאַווענעס, אַ גרויסער פֿאַרדינער, [אַ פֿאַרצעדינער], ליימענער דישעל, ליימענע געטשקע, גלעזערנער בער, גולם, למך**.

און אַז איך האַלט שוין בײַ דעם ענין, לאָמיך אײַך זאָגן, מײַנע פֿרײַנד, געוויינט זיך אָפּ צו טראַכטן, אַז אויב אַ וואָרט האָט איין באַטײַט, קען עס נישט האָבן אַ צווייטן און אַ דריטן און אַ פֿערטן. אין דעם פּרט קען זיך ייִדיש פֿאַרגלײַכן מיט ענגליש, די רײַכסטע שפּראַך אין דער וועלט.

## שלימזל מיט עסיק

אַ ייִד פֿון די בראָנקס, וואָס האָט פֿאַרגעסן אָדער נישט געוואָלט אונטערשרײַבן זײַן נאָמען, וויל וויסן פֿאַר וואָס מען זאָגט: **ער איז אַ שלימזל מיט עסיק**.

זאָגן אײַך דעם אמת, ר' ייִד, ווייס איך נישט פֿאַר וואָס מען זאָגט עס, אָבער איך האָב געהערט אַ מעשׂה וועגן אַ ייִדן מיט עסיק, וואָס אַז מען וויל, קען מען לערנען דעם פּשט, אַז פֿון אָט דער מעשׂה שטאַמט עס. ומעשׂה־שהיה כּך היה. איר ווייסט דאָך מסתּמא, אַז אין די צאַרישע צײַטן האָבן ייִדן נישט געטאָרט וווינען אין קיִעוו. עס זענען אָבער געווען אויסנאַמען. ווען אַ ייִד, למשל, האָט געקענט אָנווײַזן, אַז ער האָט

אַ "רעמעסלאָ", אַ פֿאַך אין דער האַנט, האָט ער געקענט אויספּועלן אַ "פּאַרוואַזשיטעלסטווע". אָבער נישט אַלע ייִדן האָבן דאָך "רעמעסלאָס" – אַ ייִד וויל דאָך האַנדלען אויך. נו, איז האַנדלט מען אַ גאַנצן טאָג אין קיִעוו און בײַ נאַכט פֿאַררוקט מען זיך ערגעץ אין אַ לאָך און מען שטופּט די צײַט מיטן ביסל יאָרן. היה היום, אין דער צײַט פֿון אַן אָבלאַווע שטעלט אַ גאָראָדאָוואָי אָפּ אַ ייִדן און בעט בײַ אים, ער זאָל אים ווײַזן דעם פּראַשפּאָרט. קען מען דאָך קיין חזיר נישט זײַן און מען דאַרף געבן. לייענט דער ערל איבער דעם פּראַשפּאָרט און זעט, אַז דער ייִד האָט קיין "פּראַוואַזשיטעלסטווע", און וויל אים נעמען אין "אוטשאַסטאָק". ווייסט דער ייִד, אַז דער פּריסטאַוו פֿון "אוטשאַסטאָק" איז אַ הונט מיט אויערן און אַ שׂונא־ישׂראל, בעט ער זיך בײַם פּאָליציסטן, ער זאָל אים בעסער נעמען צום פּאָליצמײַסטער, ווײַל ער האָט געהערט יאַקבע, אַז דער פּאָליצמײַסטער איז נישט קיין שלעכטער גוי, וואָס לאָזט זיך רעדן. מען פֿירט אַרײַן דעם ייִדן צום פּאָליצמײַסטער און ער באַטראַכט דעם ייִדנס פּראַשפּאָרט. פֿרעגט ער אים היתּכן: "ווייסטו נישט, אַז ייִדן האָבן נישט קיין רעכט צו וווינען אין קיִעוו?" ענטפֿערט דער ייִד: "איך, וואַשע וויסאָקע בלאַגאַראָדיע, האָב אַ רעכט צו וווינען אין קיִעוו – איך בין אַ רעמעסלעניק, איך האָב אַ 'רעמעסלאָ', אַ פֿאַך אין האַנט". פֿרעגט ער אים דער פּאָליצמײַסטער: "וואָס איז דײַן 'רעמעסלאָ'?" ענטפֿערט דער ייִד: "איך בין אַן עסיק־מאַכער, איך מאַך עסיק". צעשמייכלט זיך דער פּאָליצמײַסטער: "עסיק? דאָס ערשטע מאָל הער איך פֿון אַזאַ פּראָפֿעסיע. דו מאַכסט עסיק, הע? ווי אַזוי מאַכסטו עסיק?" – "וואָס הייסט, ווי אַזוי?" מאַכט דער ייִד, "ווי אַלע מאַכן. איך נעם זויערזאַלץ און צעלאָז אין וואַסער, ווערט עסיק". צעלאַכט זיך דער פּאָליצמײַסטער און מאַכט: "דאָס אַלץ אין וואָס עס באַשטייט דײַן מלאָכה? נעמסט זויערזאַלץ און צעלאָזסט אין וואַסער? דאָס קען איך דאָך אויך". – "וואָס זשע מיינסטו?" ענטפֿערט דער ייִד, "מעגסטו טאַקע אויך וווינען אין קיִעוו".

ווען מע האָט דעם ייִדן מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער געבראַכט מיטן עטאַפּ פֿון קיִעוו אין זײַן שטעטל אין וואָלינער גובערניע און געוווּיר געוואָרן פֿאַר וואָס מע האָט אים אַרויסגעשיקט פֿון קיִעוו, האָבן זיי געלאַכט אין די פֿויסטן: "הער אַ שלימזל, **אַ שלימזל מיט עסיק**".

## שלימזלניק

אַ ייִד פֿון די בראָנקס בעט מיך, איך זאָל זײַן דער בורר צווישן אים און זײַנעם אַ פֿרײַנד אין אַ מחלוקת, וואָס גייט אָן צווישן זיי וועגן דעם וואָרט **שלימזלניק**. זײַן פֿרײַנד, שרײַבט ער, זאָגט, אַז בײַ זיי פֿלעגט מען זאָגן **שלימעזאַרניק**, מיט אַ ריש. ווי קען דאָס זײַן, שרײַבט דער

ייִד, אַז דאָס שטאַמט פֿון **שלימזל**, וואָס איז מיט אַ למד צום סוף?

ערגערט זיך נישט, מײַן פֿרײַנד. איר זענט ביידע גערעכט. **שלימזלניק** שטאַמט טאַקע פֿון **שלימזל**, וואָס מיינט צוויי זאַכן: איינער וואָס האָט נישט קיין מזל און איינער וואָס טויג צו גאָרנישט, וואָס קען אַ קאַץ אַן עק נישט פֿאַרבינדן. עס איז אָבער אויך פֿאַראַן אַ וואָרט **שלימעזאַרניק**, וואָס האָט גאָרנישט צו טאָן מיט **שלימזל** און וואָס שטאַמט גאָר פֿון דעם פּוילישן "שליאַמאַזאַרניק" – אַן אָפּגעלאָזענער, אַ ניעראַכע, אַ קויטיקער. אָבער אַזוי ווי **שלימזלניק** און **שלימעזאַרניק** זענען זייער ענלעך איינס צום אַנדערן, פֿאַרבײַט מען זיי.

## שמאָל

מ"ר ז. לעוו פֿון ברוקלין וויל וויסן פֿאַר וואָס מען זאָגט וועגן אַ מענטשן, וועמען עס גייט נישט גוט: **עס האַלט מיט אים שמאָל.**

ווי פֿילט איר, מײַן פֿרײַנד, ווען איר טוט אָן אַ מלבוש, וואָס איז ענג, וואָס איז שמאָל – נישט גוט, האַ? איר פֿילט זיך ווי געפּענטעט און איר קענט זיך נישט אַ קער טאָן. דאָס זעלבע איז מיט אַ מענטשן, וואָס געפֿינט זיך, נישט פֿאַר קיינעם געדאַכט, אין שלעכטע אומשטאַנדן, אין אַ שלעכטער לאַגע. אויף אַזאַ מענטשן זאָגט מען: **ער איז געדריקט, ער איז אין אַ קלעם, ער איז געענגט** אָדער **ער האַלט שמאָל**, וואָס איז דאָס זעלבע וואָס זײַן געענגט. מיט איין וואָרט, ער איז אין וואָס נישט אַהער און נישט אַהין, ס'איז אים נישט גוט און פּטור.

## שמאָנצע

מ"ר ד. פּערלמוטער באַקלאָגט זיך אין אַ בריוו צו מיר אויף אַ ייִדישן קאָמענטאַטאָר, וואָס איך שטעל פֿאָר, אַז ער באַניצט אין זײַנע קאָמענטאַרן נישט זייער קיין פּאַסיקע ווערטער, ווערטער וועלכע קלינגען ווולגאַר, ווי, למשל, אַזאַ וואָרט ווי **שמאָנצעס**.

איז ערשטנס, פֿרײַנד פּערלמוטער, וואָס האָט עס צו מיר? איך האָב שוין, דאַכט זיך, ניט איין מאָל דערקלערט, אַז צווישן מײַנע פֿונקציעס אין WEVD איז נישטאָ די פֿונקציע פֿון זײַן אַ משגיח איבער טהרת־הלשון. יעדער אַנאָנסירער און קאָמענטאַטאָר אויף אונדזער סטאַנציע טראָגט זײַן אייגענע אַחריות פֿאַר זײַנע זאָגענישן און רעדעכצן.

אָבער אַזוי ווי דער באַטרעפֿנדיקער קאָמענטאַטאָר, וועגן וועלכן איר שרײַבט, איז גאָר אַ ייִד וואָס קען ייִדיש, איז לאָמיך אים פֿאַרענטפֿערן. מיט וואָס, זאָלט איר מיר געזונט און שטאַרק זײַן, איז **שמאָנצעס** ערגער ווי **שמאָכטעס**, וואָס **שמאָכטעס** געפֿעלט אײַך און **שמאָנצעס** נישט? לויט מײַן מיינונג שטייען ביידע אויף איין מדרגה,

ביידע זענען פֿאָלקסווערטער, וואָס מיינען איין און די זעלבע זאַך, נעמלעך: נאַרישקייטן, שטותים, אומוויכטיקייטן. אין מײַן "אוצר" האָב איך צונויפֿגעקליבן חמרים גאַנצע פֿון אָט די פֿאָלקסאויסדרוקן. אַחוץ **שמאָכטעס** און **שמאָנצעס** איז נאָך דאָ **שמאָכנעס** און **לאָבזעס** און **שמינדריקעס** און **דראַזגעס** און **כאַנדראָניעס** און **לאַכמאַנדראָניעס** און **שאַלעמויזן** און צענדליקער אַנדערע. צי מע דאַרף אַזעלכע ווערטער ניצן אין נײַעס־קאָמענטאַרן, דאָס איז שוין אַן אַנדער פֿראַגע, אין וועלכער איך וויל זיך נישט מישן.

## די שמד

מ"ר זעלווין פֿון די בראָנקס שרײַבט: "די וואָך רעד איך מיט דער מאַמען מײַנער וועגן מײַן קדיש, וואָס איז זייער אַ צעלאָזן קינד, זאָגט די מאַמע: 'ביסט אַליין שולדיק אין דעם, דו צעפּיעשטשעסט אים צו פֿיל, **דו גיסט אים נאָך די שמד**'. זינט איך האָב זיך אָנגעהויבן צוהערן צו אײַער 'מאַמע־לשון' לאָז איך נישט פֿאַרבײַ קיין ייִדישן אויסדרוק, וואָס איז פֿאַר מיר נישט קלאָר. פֿרעג איך די מאַמע: 'קענסט מיר אפֿשר זאָגן, וואָס עס מיינט **איך גיב אים נאָך די שמד**?' מאַכט זי צו מיר אַ ברוגז: 'שוין? גייסט מיך שוין פֿאַרהערן?' בקיצור, פֿרײַנד סטוטשקאָוו, נישט איך און נישט די מאַמע וייסן, וואָס עס מיינט **נאָכגעבן די שמד**".

אַן עוולה, מ"ר זעלווין. ווען איר אָדער די מאַמע אײַערע וואָלט געגעבן אַ ביסעלע אַ טראַכט וואָלט איר געוווּסט, וואָס עס מיינט. שמד, שמדן זיך, פֿאַרלאָזן דעם ייִדישן גלויבן און איבערגיין צו אַן אַנדערן איז בײַ ייִדן פֿאַררעכנט ווי די ערגסטע זינד, וואָס קיין ערגערס איז שוין נישטאָ. נאָך אַ משומד זיצט מען שיבֿעה בײַ ייִדן ווי נאָך אַ געשטאָרבענעם. און אַזוי ווי שמד איז דאָס ערגסטע בײַ ייִדן, איז דאָס וואָרט **שמד** געוואָרן דער סינאָנים פֿאַר דאָס ערגסטע. שטעלט זיך פֿאָר אַ מאַמען אָדער אַ טאַטן, וואָס דאָס קינד זייערס איז אַזוי צעפּיעשטשעט, אַז וואָס דאָס מויל זײַנס רעדט אַרויס גיבן זיי נאָך. ווילסט אַ "בײַסיקל" – נאַ דיר אַ "בײַסיקל", ווילסט קריכן אויפֿן דאַך, אַראָפּפֿאַלן און צעממיתן זיך – קריך אויפֿן דאַך. אַפֿילו ווען ער וויל דאָס ערגסטע, ווען ער זאָגט: "מאַמע, איך וויל זיך שמדן!" ענטפֿערט אים די געטרײַע מאַמע: "ווילסט זיך שמדן? גיי, מײַן קינד, און שמד זיך, אַבי הער מיך אויף צו מאַטערן".

פֿאַרשטאַנען? מיט דעם אויסדרוק כאַראַקטעריזירן ייִדן דעם סופּערגעטרײַען טאַטן אָדער מאַמע, וואָס גיבן אַ קינד אַלץ נאָך, אַפֿילו דאָס ערגסטע: שמד. און דערפֿאַר הייסט עס: **מען גיט אים נאָך די שמד.** דער אויסדרוק ווערט אויך געניצט, ווען מען רעדט וועגן אַ מענשטן אַ בעל־תּאווה, וואָס גיט זיך נאָך די תּאוות, וואָס קיין זאַך איז פֿאַר אים נישט קיין אָפּהאַלט, ווען אים פֿאַרגלוסט זיך עפּעס. זאָל אים פלוצלינג

איַינפֿאַלן, ער גייט זיך שמדן, גיט ער זיך אַפֿילו דאָס נאָך – דאָס הייסט, **ער גיט זיך נאָך די שמד.**

## שמײַע

אַ ייִד פֿון די בראָנקס וויל וויסן דעם טײַטש און דעם אָפּשטאַם פֿון דעם וואָרט **פֿאַרשמײַעט** – "ער לויפֿט אַרום **פֿאַרשמײַעט**".

דער טײַטש פֿון **פֿאַרשמײַעט** איז שטאַרק פֿאַרנומען, שטאַרק באַשעפֿטיקט מיט אַ זאַך, דאָס זעלבע וואָס אין ענגליש "ביזי", שטאַרק "ביזי", און דאָס זעלבע וואָס אין ייִדיש **פֿאַרהאַוועט, פֿאַריאַכמערט, פֿאַרטראַסקעט, צעטראָגן, צעפֿלאָכטן, פֿאַרהאָרעוועט, פֿאַרפּראַצעוועט** אאַז"וו. **פֿאַרשמײַעט** מיינט, אַז ער איז אַזוי צעפֿלאַמט, אַזוי צעהיצט, אַז די **שמײַע**, דאָס הייסט, די סלינע רינט אים אַזש פֿון מויל. דאָס וואָרט **שמײַע** שטאַמט פֿון דעם רוסישן "סמאַגאַ" – שוים אויף די ליפּן.[152]

## שנעק

אַ ייִד פֿון ברוקלין פֿרעגט: "פֿאַר וואָס זאָגט מען אויף אַ קליין ייִנגל **שנעק**? וואָס מיינט עס?"

**שנעק**, מײַן פֿרײַנד, איז דער נאָמען פֿון אַ בעל־חי, אַ שרץ פֿון דעם טיפּ מאָלוסקן אָדער ווייכלײַביקע. ער הייסט אויך: **שלימאַק** אָדער **שליאָמאַק, קלעצעלע, ראָליע** אָדער **פּוילע־רוילע**. דאָס איז אַזאַ מין קליין ווייך שרצל וואָס קריכט אויפֿן בײַכל ווי אַ שלענגעלע. איר האָט עס מסתּמא נישט איין מאָל געזען. לכתּחילה האָט עס מסתּמא געמיינט אַ פּיצל קינד וואָס קען נאָך אויף די פֿיס ניט שטיין און קאַראַבקעט זיך אויף אַלע פֿיר ווי אַ שנעק, אָבער ביסלעכווײַז האָט מען עס אָנגעהויבן נוצן פֿאַר נישט־דערוואַקסענע בכלל. אָט האָב איך, למשל, אַנומלטן געהערט פֿון אַ ייִדן אַזאַ פֿראַזע: "נו, ווי געפֿעלט עס דיר? אַ מאָל אַ זיידע איז געווען אַ זיידע, אַ ייִד מיט אַ באָרד, מיט אַן אײַנגעבויגענעם רוקן, מיט אַ שטעקן. און איצט יעדער שנעק אַ זיידע".

## שעמען זיך אין ווײַטן האַלדז

מ"ר ליאַכאָוויצקי וויל איך זאָל אים פֿאַרטײַטשן דעם אויסדרוק: **מעגסט זיך שעמען אין דײַן ווײַטן האַלדז.**

ווען אַ מענטש טוט עפּעס אָפּ אַ מיאוסע זאַך, וואָס ער האָט נישט געדאַרפֿט טאָן, איז אויב ער האָט בושה, קומט אים דאָס בלוט אַרײַן און ער ווערט רויט. איז אַזוי די

---

152. אין "אוצר" אַליין ווערט אָנגענומען אַ לשון־קודשדיקער אָפּשטאַם, ווערט דאָס וואָרט אויסגעלייגט **פֿאַרשמעיהט** (ז' 404).

געשיכטע, איז די זאַך, ד"ה די עבֵירה וואס ער האָט אָפּגעטאָן, נישט קיין געפֿערלעכע, איז פֿאַררייטלט ער זיך, דאָס הייסט ער ווערט רויט, אָבער די רויטקייט זעט זיך ווייניק אָן. איז די זאַך אַ מער ערנסטע, ברענט אים דאָס פּנים פֿאַר שאַנד, ווערט ער רויט ווי אַ בוריק. איז די עבֵירה גאָר־גאָר אַן ערנסטע, ווערט ער רויט ביז איבער די אויערן. דאָס מיינט, אַז די רויטקייט פֿאַרכאַפּט אַזש דעם האַלדז.

איז ווען איינער טוט אָפּ זייער אַ מיאוסע זאַך, מוסרט מען אים דערפֿאַר און מען זאָגט: **דו האָסט זיך געמעגט שעמען** – ד"ה, רויט ווערן – **אין דײַן וויַיטן האַלדז אַרײַן.** און אַז דו ביסט נישט רויט געוואָרן איז אַ סימן, אַז דו ביסט **אַ בעזחרפּהניק, אַ בעזבושניק,** אַז דו האָסט **פֿאַרשטאָכענע אויגן, פֿאַרהאַרטעוועטע לעדלעך, אַ פֿאַרוואַשן פּנים, אַ קופּערנעם שטערן, אַ מצח אשה זונה,** אַז דו ביסט **אַ שקאָץ, אַ יונגאַטש, אַ משומד, אַן עזות־מחוצף־אַרצע־פּיאַסקע** און מען טאָר ניט שטיין אין דײַנע דלד אַמות.

## שפּיַיען אין דער קאַשע

אַ ייִד פֿון מאַנהעטן בעט, איך זאָל אים זאָגן פֿון וואַנען עס נעמט זיך דער אויסדרוק: **ער לאָזט זיך נישט שפּיַיען אין דער קאַשע.**

איך ווייס נישט ווי אַלט איר זענט, ר' ייִד, אָבער ווי אַלט איר זאָלט נישט זײַן, דאַרפֿט איר געדענקען ווי אַזוי די מאַמע אײַערע פֿלעגט אײַך קאָרמענען ווען איר זענט געווען אַ קינד. אַזעלכע זאַכן פֿאַרגעסן זיך נישט. ווען זי האָט פֿאַרטיק געמאַכט פֿאַר אײַך די קאַשע – און קאַשע האָט געהייסן אַלץ וואָס קינדער האָבן געגעסן – פֿלעגט זי אײַך נעמען אויפֿן שויס, אָננעמען אַ לעפֿעלע קאַשע פֿון שעלעכל פֿון דער ספּאָדקע און נעמען עס צו זיך אין מויל אַרײַן, זען צי ס'איז נישט הייס, איר זאָלט זיך, חלילה, נישט אָפּבריִען און בלײַבן אַ שטשיפּעליאַווער. אַזוי איין מאָל און נאָך אַ מאָל און אַ דריט מאָל, און אַז זי האָט זיך איבערצײַגט מיט דער צונג, אַז שוין, איר מעגט שוין עסן, ערשט דעמאָלט האָט זי אײַך אַרײַנגעשטופּט דאָס לעפֿעלע מיט דער קאַשע אין מײַלעכל אַרײַן. איז גוט, אַז איר זענט געווען אַ גוט קינד און זיך געלאָזט קאָרמענען. האָט אָבער געטראָפֿן אַ קינד וואָס האָט נישט געוואָלט, אַז די מאַמע זאָל אים קאָרמענען, אַז די מאַמע זאָל אים **שפּיַיען אין דער קאַשע,** נאָר האָט געוואָלט עסן אַליין און זיך פֿאַרגיסן און פֿאַרפֿאַטשקען – איז געווען הימל עפֿן זיך!

אָט דאָס איז דאָס, מײַן פֿרײַנד. ווען איינער ווײַזט אַרויס זײַן זעלבשטענדיקייט, ער לאָזט זיך נישט באַהערשן, ער לאָזט נישט איבער זיך רעגירן, הייסט עס, אַז **ער לאָזט זיך נישט שפּיַיען אין דער קאַשע.**

## שרײַ חי־וקים

עטלעכע ייִדן פֿון אַרבע־כּנפֿות ניו־יאָרק פֿרעגן, וואָס מיינט און פֿון וואַנען נעמט זיך דער אויסדרוק: **גיי שרײַ חי־וקים**.

צו ערשט לאָמיר אויסגעפֿינען וואָס עס מיינט, וועט אונדז דאַן לײַכטער זײַן צו פֿאַרשטיין, פֿון וואַנען עס שטאַמט. **גיי שרײַ חי־וקים** איז אַן אויסדרוק, וואָס ווערט באַנוצט ווענן אַן אַרבעט, וועגן אַן עובֿדה, וואָס ברענגט נישט קיין רעזולאַטן, קיין נוצן, קיין טובֿת־הנאָה. ווי למשל: **שרײַ הײַנט, שרײַ מאָרגן, רעד טאָטעריש, רעד טערקיש, רעד צום לאָמפּ, גאַדאַי דאָ לאַמפּי, רעד צום ווינט, רעד צום גרעק, רעד צום דאַשיק, רעד צו דער וואַנט, דבר אל העצים ואל האבֿנים, שרײַ חי־וקים**. דאָס הייסט, ס'איז אַ ברכה־לבֿטלה. אָט דאָס איז דער באַטײַט. פֿון וואַנען שטאַמט דער אויסדרוק?

דאָס וואָרט **חי־קים** איז איינער פֿון די טיטלען, מיט וועלכן מען באַטיטלט דעם בורא־עולם, פּונקט ווי מען זאָגט **דער שוכן־שחקים, דער טובֿ־ומטיבֿ, דער כּל־יכול**, אַזוי זאָגט מען אויך **דער חי־וקים** – דער וואָס לעבט אייביק. און **גיי שרײַ חי־וקים** מיינט פּשוט: גיי שרײַ צו גאָט. אַן איראָנישער – און אַפּיקורסישער – אויסדרוק.

## שרעטעלע – און די סיטרא־אַחרא

מ"ר שנײַדער פֿון ברוקלין שרײַבט: "די וואָך איז געווען בײַ מיר צו גאַסט מײַן שוויגער. דערציילט זי די נסים פֿון איר ייִנגסטן אייניקל און זי מאַכט: 'איר זאָלט זען ווי ער לויפֿט שוין אַרום ווי אַ **שרעטעלע**'. מאַך איך 'ווי וואָס?' 'ווי אַ **שרעטעלע**', זאָגט זי. 'וואָס איז אַ **שרעטעלע**?' פֿרעג איך, 'איך הער דאָס ערשטע מאָל פֿון אַזאַ וואָרט'. פֿאַרטראַכט זי זיך און זאָגט: 'זאָל איך אַזוי וויסן פֿון צרות, אַזוי זאָגט מען בײַ אונדז'. איז דאָ אַזאַ וואָרט, פֿרײַנד סטוטשקאָוו, און אויב עס איז דאָ, וואָס מיינט עס?"

עס איז דאָ אַזאַ וואָרט. **שרעטעלע** מיינט קליינער שד, קליינער טײַוול. נעמען נעמט זיך עס פֿון דעם דײַטשישן וואָרט "שראַט" – טײַוול. אין ייִדיש ווערט עס בלויז גענוצט אין דער פֿאַרקלענער־פֿאָרעם **שרעטעלע**, און מערסטנס ווי אַ צערטלעכער אויסדרוק וועגן אַ זשוואַווע, באַוועגלעך קינד, וואָס קען נישט אײַנזיצן אויף אַן אָרט, וואָס וואָלט נאָר געלאָפֿן און נאָר געלאָפֿן און נאָר געקראָכן אויף די גלײַכע ווענט. עס איז אַקוראַט ווי איר וואָלט געזאָגט: עס איז נישט קיין קינד, נאָר אַ טײַוול. **שרעטעלע** ווערט אויך גענוצט וועגן סתּם אַ קליין קינד און איז אַ סינאָנים צו **פּיצל, ברעקל, ברויז, מאָנק, שנעק, וועוועריק, קאַראַפּוזיק, צוציק, פּינדיוריק, באַנעמעניש** וכּדומה.

***

מײַנעם אַ צוהערער מיטן נאָמען זוסמער איז נישט צום האַרצן מײַן פֿאַראַכטאָגיקע דערלקערונג, אַז **שרעטעלע** מיינט שד. ער שרײַבט: "קיין יידישע מאַמע וועט נישט פֿאַרגלײַכן איר קינד צו אַ טײַוול, צו אַ שד".

איר זענט זיכער אין דעם, מײַן פֿרײַנד? אָט האָב איך אויך געהאַט אַ יידישע מאַמע און אַ פֿרומע מאַמע און אַ גוטע מאַמע און אַז זי פֿלעגט מיר פֿרײַטיק פֿאַר נאַכט צוואָגן דעם קאָפּ, אַז איך זאָל נישט קריגן קיין קאָלטענעס, און איך פֿלעג זיך דרייען איבער דער שיסל, פֿלעגט זי נישט איין מאָל אַ געשריי טאָן: "שד, דו וועסט אײַנשטיין אויף אַן אָרט, צי דו ווילסט, אַז איך זאָל אַרײַנרופֿן דעם טאַטן?" און איר ווייסט נאָך, ווי זי פֿלעגט מיך רופֿן? **זמאָרע**. און איר ווייסט וואָס **זמאָרע** מיינט? דאָס זעלבע וואָס **שרעטעלע**, אַ קליינער שד.

און כּדי איין מאָל פֿאַר אַלע מאָל צו פֿאַרענדיקן מיט די שדים און טײַוואָלים, איז לאָמיך אײַך איבערלייענען אַן אויסצוג פֿון מײַן "אוצר", ווו איך האָב צונויפֿגעקליבן אַלע נעמען וואָס יידן ניצן פֿאַר יענע לײַט, פֿאַר **די יענעדיקע**, פֿאַר דער **סיטרא־אַחרא** רחמנא־לצלן.

צו ערשט קומען די העכט, די גדולים פֿון **סיטרא־דמסאָבֿותא**. דער **נחש־הקדמוני, דער שׂטן**, אָדער ווי מען רופֿט אים – **דער שׂטן־המשחית**. און ווען יידן ווילן נישט אַרויסרעדן דאָס וואָרט **שׂטן**, זאָגן זיי עס אין ראָשי־תּבֿות: **דער שין טית, דער שינטעסט**. דערנאָך קומט **עזאָזל, טײַוול, דעמאָן, שוואַרץ־יאָר**. בלשון סגי־נהור זאָגן יידן: **דער גוטער־יאָר**. רוסישע יידן פֿלעגן אויך זאָגן: **דער טשאָרט, דער קאַדיק**. נו, איצט גייט **דער נישט־גוטער, מחבל, מזיק, בעל־דבֿר, קליפּה**. און פֿון דעם קעניג פֿון די שדים, דעם **אַשמדאַי**, האָט איר דאָך מסתּמא געהערט. ער ווערט אויך אָנגערופֿן **דער שׂר־השחור** און **סמאל** אָדער פֿאַרקירצט **ס"מ** און **סמך מם**. די גויים רופֿן אים **לוציפֿער** און **מעפֿיסטאָ** אָדער **מעפֿיסטאָפֿעלעס**. און אַז זײַן פֿלוניתטע הייסט **לילית** ווייסט איר מסתּמא אויך. אַז ער וויל פֿאַרפֿירן אַ צדיק, שיקט ער זי אַ מאָל אַרונטער און זי קען די מלאָכה.

איצט קומט די קליינע גוואַרדיע, דאָס דראָביאַזג: **שד** און **שדיכע**, ווײַל ווי בײַ אונדז אַזוי, להבֿדיל, בײַ זיי, זענען דאָ זכרים און נקבֿות און זיי האָבן חתונה און זיי האָבן קליינע שדימלעך. איצט איז דאָ אַ **רוח** און אַ **לץ**, וואָס אין לשון־רבים הייסן זיי **רוחות, ליצנים, כּת ליצנים** אָדער **כּת־ליצן**. איצט קומען די פֿאַרשיידענע שדים לויט זייערע פּראָפֿעסיעס, ווײַל יעדער שד ספּעציאַליזירט זיך אין עפּעס אַנדערש. עס איז דאָ אַ **וואָלקולאַק** אָדער **וואָלפּקעלאַק** אָדער גאָר **וואָווקעלאַקע** – איינזאַמע שדים, וואָס

האָבן ליב צו זײַן אַליין. דערפֿאַר, ווען אַ ייִד דרייט זיך אַרום איינער אַליין און האָט נישט מיט קיינעם אַ וואָרט אויסצורעדן, זאָגן ייִדן, אַז **ער דרייט זיך אַרום ווי אַ וואָלקולאַק**. עס איז אויך דאָ **אַ שלאַק, אַן אָנשיקעניש, אַ גאָטס געזעגנס, אַ שרעטעלע, אַ סטרי, אַ דאַמאָוויק** אָדער **דאָמאָניק**, און ס'איז דאָ אויך אַ שד וואָס זײַן עובֿדה איז איבערצושרעקן מענטשן און ער רופֿט זיך **סטראַש** אָדער **סטראַשידלע**.

און איך בין נאָך נישט פֿאַרטיק, איך וואָלט אײַך געקענט אויסרעכענען אַ ריזיקן צעטל פֿון זייער חבֿרה, ס'מיינט פֿון די **נישט־גוטע**, וואָס זיי, די נישט־ייִדן, פֿאַרמאָגן – די פֿאַרשיידענע **נימפֿעס, עלפֿן, פֿייעס, וואַסער־מיידלעך, איידיניעס, איימענידעס, האַרפּיעס, פֿוריעס, וואַמפּירן, באַקכאַנטקעס**, וואָס געהערן צו זייער סיטרא־אַחרא. אָבער נאָך וואָס אײַך איבערשרעקן, אַז איר זאָלט מורא האָבן צו גיין בײַ נאַכט? אַ מאָל האָבן ייִדן געטראָגן ציצית, פֿאַר וועלכע די לײַט פֿלעגן מורא האָבן און אַנטלויפֿן, אָבער הײַנט בעוונותינו־הרבים שפּאַצירן זיי דאָך אַרום פֿראַנק־און־פֿרײַ, איז לאָמיר עס בעסער לאָזן.

## תּורת־לאָקשן

אַ פֿרוי פֿון די בראָנקס וויל וויסן, וואָס עס מיינט און פֿאַר וואָס מען זאָגט **תּורת־לאָקשן**.

**תּורת־לאָקשן** איז אַ פֿאַראָדישער אויסדרוק אויף **תּורת־משה**. ווען אַ ייִד זאָגט "דאָס איז תּורת־משה", מיינט ער צו זאָגן: דאָס איז אַן אמת, אויף וועלכן מען קען שטעלן, אויף וועלכן מען קען בויען ווי אויף משה רבנוס תּורה. ווען אַ ייִד וויל איראָניזירן איבער אַ זאַך, וואָס איז נישט אמת, נאָר מענטשן האָבן זיך אײַנגערעדט, אַז ס'איז אמת, זאָגט ער: **דאָס איז תּורת־לאָקשן**.

פֿרעגט זיך אַ קשיא, פֿאַר וואָס עפּעס לאָקשן און נישט קיין פֿאַרפֿל? איז אַ סבֿרה, אַז די לאָקשן זענען געבאָרגט פֿון אַן אַנדער פֿאַראָדישן אויסדרוק, וואָס ייִדן נוצן: **לאָקשן־קודש**, אַנשטאָט **לשון־קודש**. און אַזוי ווי תּורת־משה איז געשריבן אויף לשון־קודש, האָט מען די לאָקשן פֿאַרשלעפּט צו תּורת־משה און עס איז געוואָרן **תּורת־לאָקשן**.

## תּכשיט

מ"ר יאַקובאָוויטש פֿון לאָנג־אײַלאַנד וויל וויסן, פֿאַר וואָס מען זאָגט אויף אַ ייִנגל אַ שטיפֿער, וואָס קערט איבער די וועלט: **אײַ איז דאָס אַ תּכשיט!** "וואָס איז דאָס פֿאַר אַ וואָרט", פֿרעגט ער, "**תּכשיט**, און פֿון וואַנען נעמט זיך עס?"

דאָס איז אַ העברעיִש וואָרט, מײַן פֿרײַנד, און עס מיינט: צירונג. אין ייִדיש ווערט עס מערסטנס געניצט אין פֿאַרקערטן זינען, בלשון סגי־נהור. ס'הייסט, ווען איר זאָגט

וועגן אַן אויסגעלאַסן יינגל: **איי איז דאָס אַ תּכשיט**, מיינט איר, אַז ער איז שוין גאָר נישט קיין צירונג, אַז ער איז שוין גאָר נישט קיין צאַצקע. פּונקט ווי איר זאָגט וועגן אַ ייִדן אַ שוטה: **איי איז דאָס אַ חכם!**

## אַ תּירוץ פֿאַר די בענטשליכט

אַ ייִד מיטן נאָמען יוסף זיסקינד האָט מיר צוגעשיקט אַ פּשוטע סבָרה וועגן דעם אויסדרוק **אַ תּירוץ פֿאַר די בענטשליכט**, וואָס לייגט זיך אויפֿן שׂכל, ווײַל עס האָט אַן אָנהאַלט אין ייִדישן שטייגער לעבן – דער מקור און דער קוואַל פֿון 99% ייִדישע פֿאָלקסווערטלעך. אָט איז מ"ר זיסקינדס סבָרה – אין מײַן הסברה.

די צײַט פֿאַר ליכטבענטשן איז געווען אַ זייער וויכטיקער מאָמענט אין דעם לעבן פֿון דער ייִדישער פֿרוי. די שבת־ליכט, אָדער די בענטשליכט, פֿלעגן אַרײַנגעשטעקט ווערן אין די לײַכטערס פּונקט צו דער מינוט, ווען מע האָט געגרייט דעם שבתדיקן טיש, ווען מע האָט פֿאַרשפּרייט דעם ווײַסן טישטעך, אַוועקגעלייגט די חלות, אַוועקגעשטעלט דאָס זאַלצמעסטל, דאָס פֿלעשל ווײַן. די ייִדענע האָט זיך נאָך געקענט פֿאָרען אַרום קוימען אַ שעה צײַט, אָבער די בענטשליכט זענען שוין געשטאַנען אויפֿן טיש גרייט אָנצוצינדן.

נו, געווען פֿרויען בריות, וואָס זענען פֿאַרטיק געוואָרן מיטן שבת־מאַכן אין צײַט און געקענט בענטשן ליכט אין צײַט. און געווען פֿרויען שלימזלניצעס, וואָס אַ האַלבן טאָג האָבן זיי פֿאַרבראַכט מיט גאָרנישט, מיט שטיין און רעדן מיט די ווײַבער און ערשט אַ פּאָר שעה פֿאַר ליכטבענטשן האָבן זיי זיך גענומען צו דער אַרבעט און געוואָרן פֿאַרהאַוועט. איצט שטעלט זיך פֿאָר ווי אַזאַ ייִדענע פֿילט זיך פֿאַר ליכטבענטשן, ווען זי גיט אַ קוק דורכן פֿענצטער און זי זעט, אַז בײַ זלאַטע ביילע־גיטלס האָט מען שוין געבענטשט ליכט, בײַ חיה־שׂרהן אויך, און ביי פֿייגע־מלכּהן אויך. נאָר בײַ איר שטייען נאָך די בענטשליכט נישט קיין אָנגעצונדענע, ווײַל זי האָט נאָך דעם צימעס נישט אַראָפּגענומען און האָט נאָך דעם קוימען נישט פֿאַררוקט. אַזאַ ייִדענע הייבט זיך אָן אַזוי ווי פֿאַרענטפֿערן פֿאַר די בענטשליכט, פֿאַר וואָס זי האָט זיך אַזוי פֿאַרשפּעטיקט און זאָגט צו זיך אַליין, אָדער צו אַ קינד: "אַוודאי, אַז איך בין איינע אַליין, אַז ס'איז נישטאָ ווער עס זאָל מיר העלפֿן פֿון דאַנען ביז אַהין. איך האָב געבעטן דעם פֿאַרדינער מײַנעם, ער זאָל מיר אַרײַנברענגען אַ פּאָר טרוקענע שטיקלעך האָלץ, האָט ער מיר אַרײַנגעבראַכט האָלץ פֿיטש נאַס, וואָס עס האָט גענומען אַ שעה צײַט ביז זיי האָבן זיך צעברענט". אָדער: "אַז אָנצינדן זאָל זיך בערל דער קצבֿ, ווען נישט ער וואָלט איך שוין לאַנג געווען פֿאַרטיק, אַ שעה צײַט האָב איך געדאַרפֿט

שטיין ביז ער האָט מיר געגעבן דאָס שטיקל פֿלייש" – און נאָך אַזעלכע תּירוצים. נו, תּירוצים זענען זיי, אמת, אַ ביזל צוגעלעגענע, פֿוילע, אויף צו באַרויִקן דאָס געוויסן און צו פֿאַרענטפֿערן זיך פֿאַר די בענטשליכט.

***

עס איז פֿאַראַן אַן ענלעכער אויסדרוק: **אַ תּירוץ פֿאַר דער באָבען.** נו, פֿאַרשטיי איך וואָס מען וויל דאָ פֿון דער באָבען – די באָבע איז אַן אַלטע ייִדענע, אַ פֿרוי פֿון דער אַלטער וועלט, שוין ווי מען זאָגט אַ ביסל אויסגעוועבט, נאַיִוו. איז זי וועט אַפֿילו אַ פֿוילן תּירוץ אָננעמען פֿאַר אַ גוטער מטבע, ווײַל איר קען מען אײַנרעדן אַ לונג־און־לעבער אונטער דער נאָז און זי וועט גלייבן.

## תּענית

אַ ייִד וואָס שרײַבט זיך אונטער מנחם ווינדל שרײַבט: "איך בין אַנומלטן געזעסן אין 'ראַטנערס' [רעסטאָראַן]. לעבן מיר זײַנען געזעסן צוויי עלטערע ייִדן און געשמועסט. הער איך ווי איינער זאָגט צום צווייטן מיט אַ געלעכטערל: 'כע־כע, פֿאַר וואָס זאָל ער אויסזען שלעכט, ער פֿאַסט, חלילה, תּעניתים? ער עסט גוט, זעט ער אויס גוט'. מאַכט דער צווייטער: 'דו פֿאַסט, חלילה, אויך ניט קיין הפּסקות. פֿון דעסט וועגן זעסטו אויס, אַז...'" דער קיצור, דער ייִד וויל וויסן וואָס עס מיינט **פֿאַסטן הפּסקות**.

געוועזן, מײַן ליבער פֿרײַנד, אין דער אַלטער היים פֿרומע ייִדן, צדיקים, וואָס פֿלעגן זיך נישט באַנוגענען מיט די געבאָטענע תּעניתים ווי יום־כּיפּור, תּשעה־באָבֿ, שיבֿעה־עשׂר־בתּמוז אאַז"וו, נאָר זיי פֿלעגן פֿאַסטן יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק, אָדער ווי עס האָט געהייסן "שני חמישי ושני", אָדער פֿאַרקירצט: בה"ב. און ווײַל עס זײַנען געוועזן אויך אַזעלכע ייִדן וואָס פֿלעגן פֿאַסטן אויך אָן הפּסקות, ד"ה אָן איבעררײַסן, נאָר יעדן טאָג פֿון דער וואָך, איז די וואָס האָבן געפֿאַסט בלויז מאָנטיק און דאָנערשטיק, בײַ זיי האָט עס געהייסן: **פֿאַסטן הפּסקות.** פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָס זײַנען געוועזן אויסנעמען, יחידי־סגולה. פּשוטע ייִדן האָבן זיך אַזאַ לוקסוס נישט געקענט פֿאַרגינען, ווער שמועסט נישט זייער קיין פֿרומע – בײַ זיי איז געוועזן רעכט אַפֿילו צו פֿאַרקנייטשן אַזאַ תּענית ווי צום־גדליה. שאַט, איך האָב זיך דערמאָנט וועגן אַן אַפּיקורס און צום־גדליה.

געוועזן אין שטעטל אַן אַפּיקורס מיטן נאָמען ברוך־מענדל, אויף וועלכן מע האָט אונטערגעמורמלט, אַז ער כאַפּט זיך אַרײַן פֿון צײַט צו צײַט צום קאָלבאַסניק און לענט זיך אונטער דאָס האַרץ מיט אַ שטיק קאָלבאַס, כאָטש קיינער האָט עס נישט געגלייבט. מאַכט זיך אַ מעשׂה און דער רבֿ פֿון שטעטל גייט פֿאַרבײַ ברוך־מענדלס שטוב און

זעט דורכן פֿענצטער ווי דער תּכשיט זיצט איבער אַ שיסל קאַשע און רײַבט די הענט, און דאָס איז געווען, מוז איך אײַך זאָגן, צום־גדליה, ווען אַלע ייִדן פֿון שטעטל פֿאַסטן. האָט עס דעם רבֿ געגעבן אַ קאָך און ער גייט אַרײַן צו אים און מאַכט אַן אויפֿגערעגטער: "סטײַטש, ברוך־מענדל – צום־גדליה! און דו זיצסט און פֿרעסט". ענטפֿערט אים ברוך־מענדל גאַנץ געלאַסן: "איך האַלט נישט, רבי, פֿון צום־גדליה". – "וואָס הייסט", מאַכט דער רבֿ, "דו האַלטסט נישט פֿון צום־גדליה? פֿאַר וואָס האַלטסטו נישט?" – "איך האַלט נישט", ענטפֿערט ברוך־מענדל, "צוליב פֿיר טעמים: ערשטנס, ווען גדליה וואָלט בײַם ערשטן חורבן נישט געהרגעט געוואָרן, וואָלט ער שוין איצט סײַ ווי סײַ נישט געלעבט. צווייטנס, ווען מען וואָלט מיך דערהרגעט, וואָלט גדליה אויך נישט געפֿאַסט. דריטנס, פֿיל איך זיך עפּעס הײַנט לאַ־עליכמדיק, און איך קען נישט פֿאַסטן. און פֿערטנס, וואָס איז עפּעס צום־גדליה מער ייִחוס ווי יום־כּיפּור? יום־כּיפּור פֿאַסט איך דען יאָ?"